# Our Chassidik Treasuries

**Comments and thoughts of our great Chassidik Rabbis concerning the weekly portions of the Torah**

Selected and Arranged
by
**RABBI DAVID KIRSHENBAUM**
London, Canada

*Author of "The Spiritual Depth of Our Great Sages", "Ships on The Open Sea", "What is General Zionism."*



PARDES PUBLISHING HOUSE, Inc.
U. Z. Bookbinder, Pres.
28 Canal St., New Yorfk, N. Y.

# פון די חסידישע אוצרות

אַ זאַמלונג פון רבי'שע תורה־ווערטלאַך, מעשהלאך,
משלים און גלאַט „מלי דבדיחותא"

סטיליזירט און צוזאַמענגעשטעלט
## אויף חמשה חומשי תורה און ימים טובים

פון


## הרב דוד קירשענבוים

מחבר „פון אונזערע גייסטיגע חריפות", „שיפען אויפ'ן ים",
„וואָס איז אַלגעמיינער ציוניזם?"



ניו־יאָרק, 1948





בהוצאת
בית מסחר ספרים „פרדס"
י. ז. בוכבינדר, נשיא
28 רחוב קאנאל, ניו יאָרק

מוקדש

לאבי מורי, חסיד נלהב, גדול בתורה וביראה,
כש"מ יוסף יהודה ז"ל קירשנבוים
מקוריב אשר בפולניה

נפטר ט"ז אייר תש"ב בטורונטו, קנדה

# כלו בדמעות עיני...

עדיין לא נוצרה הדמעה הגדולה והכבדה, שתהא ראויה להישפך לתוך נאד הדמעות החדש שלנו. עדיין לא נבראה הקינה הנוקבת שתהא ראויה לספוג לתוכה את נהי אלה הנשארים בחיים במדינות האסון הגדול על אבדן משפחותיהם היקרות.

גם שברנו גדול מני ים וצערנו עמוק מני תהום, בהלקח מאתנו על־ידי המרצחים הטמאים, שכיבו את עטרת האור שזרחה על ראש האדם —

הורינו היקרים

**יחזקאל ואשתו רחל רוזנסון**

ובניהם

**חיים, חוה, שמואל, רבקה, וגיטל**

ואחי היקר בלתי נשכח

**אשר ואשתו רחל לאה קירשנבוים**

השם ינקם דמם.

בימות השחיטות הארץ לא רגזה והשמים לא רעשו. השמש והירח לא קדרו והכוכבים לא אספו נגהם. נשכחים מכול הובלו היקרים למיתות משונות. תהו ובוהו פערו את פיותיהם ויבלעו לתוכם את כל היקר לנו. — ואנחנו הנשארים בחיים נסתום אותם בשארית כחותינו. נמלא את החלל הריק באיכות ישראלית ונכוון את עינינו לקראת קרן אור אחת הבוקעת אלינו באיזו פינה נעלמה — אור התקוה הגדולה של עם ישראל חי!

**ה מ ח ב ר**



לזכר נשמת

הישר והתמים אוהב נאמן

**שבתי ב״ר חנוך אַלפערט ע״ה.**

ששבק לן חיים בדמי ימיו, ברביעי לחול המועד חג הפסח תש״ד

**ה מ ח ב ר**

# אינהאַלט

# ארײַנפיר

ווען איך האָב אינמיטען 1939טען יאָר, אונטער דער השפעה פון מײַן פאָטער ר׳ יוסף יהודה ז״ל, אָנגעהויבען זאַמלען, צונויפשטעלען און סטיליזירען די חסיד׳ישע תורה־ווערטלאַך און חסיד׳ישע מעשה׳־לאַך, געטײלט לויט די סדרות פון דער וואָך — האָט נאָך קרעפטיג געבליט דאָס אידישע לעבען אין אײראָפּע.

שוואַרצע וואָלקענס האָבען אין יענער צײַט געהאַלטען אין אויס־שפּרײטען זײער חשכות׳דיגקײט און באַדראָט די ליכטיגקײט פון דער זון. די גאַנצע וועלט איז פאַרכאַפּט געווען פון מלחמה־שטימונג. געציטערט אימה׳דיג האָט די וועלט פאַר דעם שרעקליכען שטורעם וואָס האָט געהאַנגען אין דער לופטען. האָט דער בלוטיגער שטורעם זיך דורכגעטראָגען אויף דער ערד און פעלקער האָבען אָנגעהויבען צײלען זײערע פאַרלוסטען . . . און פאַרפינסטערט איז געבליבען אונזער הימעל. אונזערע קרבנות זײנען ניט אָפּצושאַצען. אונזער בראָך איז גרעסער ווי פון אַלע אַנדערע פעלקער צוזאַמענגענומען. נאָך קײנמאָל ניט אין אונזער געשיכטע איז אַזוי גרויס געווען אונזער אומגליק.

זעקס מיליאָן אידען זײנען אויסגעמאָרדעט געוואָרען! דאָס אײ־ראָפּײאישע אידענטום — דער רעזערוואַר און דאָס האַרץ פון דעם אידישען פאָלק, די גרויסע און מעכטיגע פעסטונגען פון תורה און „חכמת ישראל״ זײנען אין בערג אַש פאַרוואַנדעלט געוואָרען.

דאָס דינאַמישע, שעפערישסטע פוילישע אידענטום, דער צענטער פון תורה, פון קדושה, יראת ה׳ און חסידות איז פאַרגאַזט און אין די קאַלך־אויוועס פון מאַידאַנעק, טרעבלינקע און אָשוויענטשים פאַרברענט געוואָרען!

דער רויך פון די קרעמאַטאָריומס הענגט נאָך אין דער לופטען און די רוצחים, דאָס דײַטשע פאָלק — קומען זאָל אויף זײ דער „יום קראת ויהיו כמוני״ — וואַשען נאָך זײערע טמא׳דיגע הענט מיט׳ן זײף וואָס זײ האָבען געמאַכט פון די הײליגע אידישע גופים.

די תורה־ווערטלאַך און חסידישע מעשה׳לאַך זײנען דעריבער ווי אויפשריפטען אויף די מצבות וואָס דערצעהלען וועגען דעם לעבען

פון די פאַרברענטע און אויסגעמאָרדעטע מיליאָנען אידען. איז דאָך דער תוך, דער תמצית, פונ'ם אידישען לעבען אין גאַליציע, אוקראַינע און איבערהויפּט — פּוילען געווען חסידיש. דאָס רוב אידען אין די מדינות זיינען געווען תמימות'דיגע מאמינים, וואָס האָבען געגלויבט באמונה שלמה „בה' ובמשה עבדו" — אין אויבערשטען און אינ'ם רבי'ן.

נישט בלויז איז דעם רבינ'ס וואָרט געווען הייליג ביי די חסידים מאמינים, נאָר זיי האָבען דעם רבי'ן באַטראַכט ווי אַ טאַטע'ן, צו וועמען זיי פלעגען ווי קינדער קומען נאָך אַן עצה וועגען פּרנסה און מסחר, וועגען אַ שידוך, שלום־בית, צער גידול בנים און אַזוי ווייטער. איז דאָס האַרץ געווען פאַרביטערט, זיי האָבען דערפילט דעם „דאגה בלב איש ישיחנה", אַז זיי מוזען זיך אויסוויינען, זיינען זיי געפאָרען צום רבי'ן. ווי אַ געטרייער פאָטער האָט זיי דער רבי אויסגעהערט, האָט איינגעלעבט זיך אין זייער צער, האָט בחוש דורכגעלעבט זייערע יסורים, האָט זיי אַן עצה געגעבען, האָט זיי געטרייסט, געמונטערט, געגעבען האָפענונגען, אַריינגעגעבען זיי אַ רוח חיים אין זייער שווער פאַראָרימט לעבען.

און אַזוי ווי נישט אַלע חסידים זיינען גייסטיג געשטאַנען אויף אַ גלייכער מדרגה און דער רבי, האָבענדיג אַ שאַרפען טביעת־עין, ווי רבי ברוך מעזשיבוזשער האָט געטייטשט „הראני את מראיך" — „ווייז מיר דיין פּנים, וועל איך דיר זאָגען ווער און וואָס דו ביזט", האָט דאָרום דער רבי לויט דעם פאַרשטאַנד און מהות פונ'ם חסיד גערעדט צו איהם. דעם למדן האָט ער על־פּי דרך חסידות אויסגעטייטשט אַן אומפאַרשטענדליך אַלעגאָרישען מאמר חז"ל אָדער געזאָגט אַ שאַרף תורה־וואָרט. דעם סתם איד — אויסגעטייטשט אַ פּסוק על דרך הפשט, אָדער אַ מוח'שע המצאה, דעם ישוב'ניק דער־צעהלט אַ מעשה'לע וואָס דער מוסר־השכל איז געווען פאַר איהם קלאָר, אַז קלאָרער קען נישט זיין.

אויסגעצייכענט האָט זיך אויף דעם געביט מער פון אַנדערע דער רבי ר' מאיר'ל — ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער. צו איהם פלעגען אָפט קומען אידישע ישוב'ניקעס. אָהן שהיות וואָס ס'איז איהם גע־קומען אונטער'ן האַנט, אַ חומש, אַ סידור, אַ מחזור, האָט ער אויפגע־מישט, אויסגעטייטשט אַ פּסוק וואָס פלעגט תמיד זיין דער טרעפליכס־טער צוגעפּאַסטער ענטפער פאַר דעם שווערען געמיט פונ'ם איד אין דער שפּראַך וואָס דער ישוב'ניק האָט אַמבעסטען פאַרשטאַנען — אין פּויליש אָדער אוקראַיניש.

בליקט מען טיפער אַריין אין'ם אויסטייטש פון אַ פּסוק אָדער אַ רבי'ש מעשה'לע, קען מען זיך גרינג אָנשטויסען וועגען דער צייט און די אומשטענדען פון'ם עקאָנאָמישען אידישען לעבען אין די מקומות, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט.

אין די צונויפגעזאַמעלטע מאמרים, ווערטלאַך, מעשה'לאַך, איז אויך דאָ דער יסוד פון דער חסידישער שיטה, וועלכען דער בעל־שם־טוב, דער גרינדער פון חסידות, האָט אויף אַ פראַגע פון אַ מתנגד וואָס איז דער דרך־החסידות? — קורץ און שאַרף דעפינירט: „אהבת ה', אהבת ישראל און אהבת תורה".

די חסיד'ישע תורה שבכתב (תורה ספרים) און די חסיד'ישע תורה שבעל־פּה (ווערטלאַך, שיחות חולין פון רביים וואָס האָבען צירקולירט צווישען חסידים) זיינען באַגרינדעט אויף די דאָזיגע „שלשה דברים שהחסידות עומדת עליהם": צו זיין אַן אמת'ער חסיד דאַרף מען ניט זיין קיין למדן, קיין עושר. יעדער פשוט'ער איד קען עס זיין, אויב ער האָט נאָר דעם רצון מקיים צו זיין די דאָזיגע דריי זאַכען. אדרבה, אין חסידות איז למדנות, עשירות גאָר אָפט צוליב גאות פון „אני ואפסי עוד" גורם אַ דערוויטערונג פון די דאָזיגע דריי הויפּט־עיקרים, וואָס זיינען על פּי דרך החסידות כולל כל התורה כולה.

די מערסטע תורה־ווערטלאַך, משלים און מעשה'לאַך פון די חסיד'ישע רביים זיינען געזאָגט געוואָרען וועגען גאות, צדקה, אחדות ישראל און עבודת השם. אפילו די חסיד'ישע תורה־ספרים וואָס די מערסטע פון זיי זיינען געשריבען על פּי נוסח הזוהר, קבלה'יסטיש, געפינט מען דורכגעדרונגען אין יעדען מאמר די דאָזיגע געדאַנקען און זיי זיינען גאָר אָפט דער חומר, אויף וועלכען גאַנצע סדרות און גאַנצע ספרים זיינען באַגרינדעט.

וועגען גאות איבערהויפּט, האָבען אונזערע רביים גערעדט מיט גאָר באַזונדערע שאַרפקייט. ניטאָ כמעט קיין איינציגע סדרה, וואו עס זאָל ניט זיין אַ מאמר אָדער אַ שאַרף ווערטעל געגען גאות. דאָס גאות, האַלט חסידות, איז אַן אַרטיקעל וואָס וואַלגערט זיך אויפ'ן מיסט און איז די מיאוס'קייט אַליין. רביים אַדמו"רים זיינען אפילו געווען געגען דעם באַנוצען אַ „שמינית שבשמינית גאוה", וואָס די חז"ל האָבען געזאָגט אַז אַ תלמיד־חכם מעג דאָס האָבען. מיט די שאַרפסטע ווערטער האָבען זיי פאַרדאַמט די בעלי־גאווה. דער בעל־גאווה האָט אפילו געמעגט זיין אַ בן־תורה און אַן עושר, האָבען זיי איהם געטריבען פון זיך. אינ'ם בעל־גאווה האָבען זיי ממש געזעהן דעם עובד עבודה־זרה, אַ בעל־גאווה, לויט זייער בליק, קען ניט זיין קיין אמת'ער עובד ה'.

פונקט אַזוי שאַרף האָבען זיי געררעדט געגען עשירים קמצנים. צדקה האָבען זיי געהאַלטען פאַר איינער פון די גרעסטע מצוות. אין ענין צדקה — האָט ר׳ יצחק וואָרקער געזאָגט — „מעג אַ איד אפילו זיין אַן אַפּיקורוס און זאָל זיך ניט סומך זיין אַז דער רבונו של עולם וועט העלפען דעם נויטבאַדערפטיגען, נאָר ער זאָל איהם תיכף ומיד אַליין העלפען״. אהבת ישראל קומט אַממערסטען צום אויסדרוק דורך געבען צדקה. — ווען איין איד העלפט דעם צווייטען בשעת דחקו. די איבריגע מאמרים, זיינען באַגרינדעט אויף „עבודת השם״ און „אהבת תורה״.

ווי געזאָגט, באַשטעהט די זאַמלונג פון חסיד׳ישע „תורה שבכתב״ און חסיד׳ישע „תורה שבעל־פה״. פון די חסיד׳ישע תורה שבכתב ווייסט מען באַשטימט דעם נאָמען פונ׳ם בעל־המאמר. דאָס ספר אויף תורה איז דאָך פון דעם און דעם רבי׳ן און טאָמער טרעפט מען אַ מאמר פון אַן אַנדערען רבי׳ן, זיינען די מחברים זעהר נזהר געוועזען און האָבען אָנגעגעבען דעם נאָמען פונ׳ם בעל־המאמר. דאָס רוב ברענגט אַ דבי אַ רעיון, אַ שאַרף וואָרט פון אַ רבי׳ן, וועלכער איז געוועזען זיין רבי.

דאַגעגען חסיד׳ישע „תורה שבעל־פה״, וואָס האָט צירקולירט צווישען חסידים מפה אל פה און איז פון אַ חסיד׳ישען מלקט צונויפ־געזאַמעלט געוואָרען על פי רוב נאָך יענעם רבינ׳ס פטירה, הערשט גרויסער כאַאָס, אומבאַשטימטקייט און אומאָרדענונג. וויפיל מ׳זאָל זיך נישט באַמיהען פעסטצושטעלען ווער ס׳האָט געזאָגט דאָס וואָרט, דעם מאמר, אָדער דערצעהלט דאָס פאַלקסטימליכע מעשה׳לע און משל, איז עס פון די אוממעגליכקייטען. אפילו דער גרויסער אויטאָריטעט פון חסידות, ר׳ צבי יחזקאל מיכעלזאָהן זצ״ל (געוועזענער פלונסקער רב און שפּעטער וואַרשעווער מורה־הוראה), מיט וועמעס מיינונג און הערות יעדער חסיד׳ישער מלקט האָט זיך גערעכענט, אין פעסטשטעלען די אָריגינעלקייט פונ׳ם חסיד׳ישען וואָרט — אפילו ער, איז ניט פריי געוועזען פון טעות׳ן. אויך איהם איז ניט געלונגען מיט גענויער באַשטימטקייט צו זאָגען, ווער איז ווער, און פעסטצושטעלען דעם אמת׳ן ערשטען בעל־המאמר.

זאָגענדיג שבת תורה ביים טיש, אויסטייטשענדיג אַ מאמר חז״ל פון אַ גדול, האָט דער רבי נאָכגעזאָגט אַ שאַרף תורה־ווערטל פון אַ גאון. דער רבי האָט דאָס אַוודאי געזאָגט „בשם אומרו״, חסידים וואָס האָבען דאָס געהערט, האָבען בכוונה, אָדער שלא בכוונה דאָס אָנגענומען פאַר׳ן רבינ׳ס ווערטל. דערנאָך האָבען חסיד׳ישע מלקטים דאָס אַזוי פאַרשריבען אין נאָמען פון זייער רבי׳ן.

חסידים האָבען געהאַט אַזאַ אמונה אין זייער רבי'ן, אַז יעדע זאַך וואָס דער רבי האָט געזאָגט, איז ביי זיי געווען זיין אייגענס. זיי האָבען בכלל ניט געגוג זיך צוגעהערט צו די שאַרפזיניגע תורה־ווערטער, וואָס דער רבי האָט געזאָגט, צו וויסען צי דאָס וואָס דער רבי זאָגט איז אין נאָמען פון אַן אַנדערען. די תורה, אויב זי איז נאָר אַרויסגעקומען פון זייער רבינ'ס מויל, האָבען זיי דאָס אָנגענומען פאַר תורת רבם. מ'טרעפט אויך גאָר אָפט צווישען חסיד'ישע תורה־שרייבער וואָס האָבען גענומען אַ שאַרף תורה־וואָרט וואָס איז געזאָגט און פאַרשריבען געווען אויף'ן נאָמען פון אַן אַנדערען רבי'ן, האָבען זיי דאָס צוגעשריבען אויף'ן נאָמען פון זייער רבי'ן.

איך האָב געמאַכט אַ פאַרזוך פעסטצושטעלען דעם אָריגינעלען שאַפער פון יעדען מאמר, אויסטייטשער פון פסוק אָדער ווערטעל. אַ סך ווערטלאַך זיינען אפילו קענטיג לויט דעם נוסח און סגנון וועך ס'איז דער אָריגינעלער „מאן דאָמר". דאָך בין איך מסופק צי דאָס איז מיר, צוליב די אויבענדערמאָנטע סיבות געלונגען. עס איז ניט אויסגעשלאָסען, אַז דער זעלבער מאמר, דאָס זעלבע ווערטל, דערזעלבער משל, אָדער מעשה'לע זאָל ערגעץ אַנדערש אָנגעגעבען ווערען אויף אַן אַנדערען אופן און אין אַן אַנדערען רבינ'ס נאָמען.

פאַראַן אפילו ווערטלאַך, מעשה'לאַך, אויסטייטשונגען פון אַ פסוק, וואָס דער נוסח, דער אופן זאָגען, איז כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר דעם רבי'ן. ווייל אַ סך רביים האָבען געהאַט זייער אייגענאַרטיגען דרך אין חסידות און ממילא אַ ספּעציפישען גאַנג אינ'ם אויסטייטש פון אַ פסוק און אין זאָגען אַ מילתא דבדיחותא. ס'איז למשל גרינג אונטערצושיידען פון אַ ווערטל, אויסטייטש פון אַ פסוק פון ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער, ר' לוי יצחק באַרדיטשיווער, ר' אהרן קאַרלינער, ר' משה'לע קאָזשעניצער, ר' נפתלי ראָפּשיצער, רמ"ל לענטשנער א. א. וו. צי אַ שאַרף תורה־וואָרט פון רבי'ן ר' בונם, ר' מענדעלע קאָצקער, ר' שניאור זלמן, חידושי הרי"ם, שפת אמת, א. א. וו. פונדעסטוועגען צווייפלען מיר, אויב ס'איז פאַרט מעגליך, באַשטימט צו זאָגען, ווער ס'איז דער אמת'ער באַשאַפער פון אַ ווערטל, ווייל גאַנץ אָפט טרעפט מען ווערטלאַך וואָס פאַסען געזאָגט צו ווערען פאַר'ן חידושי הרי"ם, שפת אמת, און קאָצקער, און זיי זיינען פאַרצייכענט אויפ'ן נאָמען פון פרעמישלאַנער, בערדיטשיווער און אַזוי אויך פאַרקערט.

פאַרטיפט מען זיך אין די חסיד'ישע ספרים, זעהט מען, אַז חסידיזם דורך זיינע מנהיגים, רביים, האָבען דורך שריפט און וואָרט געזוכט אַרויסצוברענגען בולט דעם געדאַנק, אַז ראַציאָנאַליזם און

אמונה קענען פולשטענדיג געהן האַנט אין האַנט, קענען זיך צוזאַ־מענגיסען אין איין פילאָזאָפיש רעליגיעזער שיטה.

מיט זייער קורצקייט האָבען אונזערע רביים אַרויסגעזאָגט שאַרפ־זיניגע געדאַנקען וועגען וועלט, מענשליך לעבען, וועגען איד אין זיין באַציאונג צו גאָט און צו זיין חבר. זיי האָבען דאָס געזאָגט מיט גרויס צמצום, ס'ליגט אָבער אין זיי אַ פולשטענדיגע פילאָזאָפישע שיטה.

ס'איז ממש צו שטוינען ווי דורכגעדרונגען־טיף עס זיינען פילע ווערטער, אויסטייטשונגען, פאַראויסזאָגונגען, וועגען אחרית־הימים, בעוקבתא דמשיחא, וואָס ווייזען אויף זייער בליק אין דער צוקונפט, זייער וויזיאָנערישקייט פון נביאים.

זיי באַנוצען זיך מיט קבלה'יסטישע און זוהר'יסטישע טערמינען אַרויסצוברענגען זייערע רעיונות. די ווערטער זיינען בלויז דער לבוש פון טיפען רעיון, דער ציל איז דער רעיון.

האָב איך ווי וויט מעגליך זיך באַמיהט אַרויסצוברענגען און איבערצוגעבען דעם אויסטייטש פונ'ם פסוק, דאָס כלאחר־יד'יגע ווערטל, דאָס מעשה'לע, ווי דער רבי האָט עס געזאָגט. איך האָב אויך צונויפגעבונדען און צונויפגעפלאָכטען צאַלזאַזע ראיות, פסוקים, מאמרי חז"ל, רעיונות און איבערגעגעבען דעם תוכן, דאָס קווינטעסענציעלע, אַמאָל אין עטליכע שורות און אַמאָל אין עטליכע קאָנדענסירטע פאַראַ־גראַפען.

אין אָנגעבען די נעמען פון די רביים ביים סוף פון יעדען מאמר, האָב איך באַנוצט די נעמען זייערע, אונטער וועלכע זיי זיינען באַוואוסט אין דער חסיד'ישער וועלט. טייל מיט די אייגענע נעמען ווי דער רבי ר' בונם, רבי אלימלך, רבי ר' העשל, א. א. וו. טייל אויפ'ן נאָ־מען פון דער שטאָט, וואָס זיי האָבען באַריהמט געמאַכט, קאָצקער (רבי ר' מענדעלע), סאַסעווער (ר' משה לייב), צאַנזער (רבי ר' חיים), בערדיטשיווער (ר' לוי יצחק) א. א. וו. טייל אויפ'ן נאָמען פון די ספרים וואָס זיי האָבען מחבר געווען און זייערע נעמען זיינען פאַר־ביטען געוואָרען אויף די ספרים: „חידושי הרי"ם", „שפת אמת", „תולדות", „משמרת איתמר", א. א. וו. ביים סוף פון דער זאַמלונג גיב איך די רשימה פון ספרים, וואָס איך האָב באַנוצט פאַר דער אַרבייט.

פאָלקלאָר איז דער טייערסטער נאַציאָנאַלער אוצר וואָס אַ פאָלק פאַרמאָגט. אַזאַ שפע פון הייליגע גייסטיגע פאָלקלאָר ווי דער חסיד'ישער געשאַפען על טהרת־הקודש, מיט אמונה, יראה, בטחון, אהבה, און צניעות פאַרמאָגט ניט קיין אומה ולשון אין דער וועלט.

צום סוף וויל איך אויסדריקען מיין דאַנק צו די רבנים, וועלכע האָבען מיר אויסגעבאָרגט ספרים פאַר דער זאַמלונג. זכרה להם אלוה לטובה: האדמו"ר ר' משה לאַנגער שליט"א מסטרעטין, זיינע צוויי זיהן רבנים ר' שלמה און ר' אברהם לאַנגער און הרה"ג ר' אברהם שמואל צבי זילבערשטיין שליט"א. מיינע חשוב'ע חברים שריפט־שטעלער נ. שמן, הרב ר' יעקב יצחק וואָלגעלערנטער פון טאָראָנטאָ. הרב ר' מאיר שוואַרצמאַן פון וויניפעג. שמחה שלמה גראָפּשטיין, נחום בריקמאַן פון לאָנדאָן, אָנטאַריאָ.

ב' דראש חודש מרחשון, התש"ח.

# בראשית

בראשית, מאַכט „באַ־תשרי״ — און אַז מען ווייסט דאָס, קען מען בעסער פערשטיין, וואָס רש״י זאָגט: „לא היה צריך להתחיל את התורה מבראשית, פון בריאת העולם, אלא מהחודש הזה לכם שהיא מצווה ראשונה שנצטוו בה ישראל״. זאָגט אונז דאָס וואָרט „בראשית״, אַז מען דאַרף אָנהויבען די תורה אום תשרי. (ר׳ אברהם יעקב סאַדיגורער.)

---

בראשית. דורך צוויי בחינות האָט גאָט באַשאַפן הימעל און ערד. ראשית חכמה, והשנית יראת ה׳. (משמרת איתמר.)

---

בראשית — אַזוי ווי דער רבש״ע איז יעדען טאָג מחדש מעשה בראשית, אַזוי איז דער מענש מחויב יעדען טאָג עפּעס מחדש צו זיין. (ר׳ אהרן קארלינער.)

---

דעריבער זאָגען מיר „יוצר אור ובורא חשך״ בלשון הוה, ניט „יצר אור וברא חשך״ בלשון עבר, ווייל דער פּראָצעס פון דער וועלט־באַשאַפונג האָט זינט מעשה בראשית ניט אויפגעהערט, נאָר עס האַלט כסדר, יעדע מינוט און יעדע רגע אין פאָרטגעזעצט ווערען. ווי מיר זאָגען „המחדש בטובו בכל יום תמיד מעשה בראשית.״ (באַרדיטשעווער.)

---

בראשית — אויב דער מענש געדענקט באַלד אין אָנהויב פון׳ם טאָג, אַז „ברא אלהים את השמים ואת הארץ״ — והאָרץ, זיינען ביי אים אַלע ערדישע זאַכען ניט מעהר ווי „תהו ובהו.״ (רמ״ל לענטשנער.)

---

די גאַנצע תורה איז נכלל אינ׳ם ספר בראשית און דער ספר בראשית איז נכלל אינ׳ם ערשטען פסוק און דער דאָזיגער גאַנצער פסוק איז נכלל אינ׳ם וואָרט בראשית. דאָס וואָרט בראשית איז נכלל אינ׳ם אות „ב.״ דער אות „ב״ איז נכלל אין די מיטעלסטע נקודה פון

דער „ב״ — און דער „צדיק הדור״ איז די נקודה פון דער גאַנצער תורה. (ר׳ ישראל ריזשנער.)

---

בראשית — דאָס ערשטע דאַרף אַ איד וויסען, אַז דער רבונו של עולם איז אחד, יחיד ומיוחד. (ר׳ הירשעל זידיטשויווער).

---

ווען דאָס האַרץ פון אַ איד ווערט אָנגעפילט מיט צער און יאוש, זאָל ער געדענקען, אַז ב„יוד״ מאמרות נברא העולם — צוליב אים, צוליב דעם „יוד״ האָט גאָט די וועלט באַשאַפען, וועט דאָס פאַרלייכ־טערען זיינע ליידען און פאַרגרינגערען זיינע דאגות. (יוד הקדוש).

---

דער בורא האָט אַלצדינג באַשאַפען און ער איז אַלצדינג. זיין השפעה ווערט קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט און וועט קיינמאָל ניט אָפּ־געשטעלט ווערען, ווייל אין יעדער רגע איז ער משפיע פאַר זיינע באַשעפענישען אין דער גאַנצער וועלט וואָס ער האָט באַשאַפען. (בער־דיטשעווער.)

---

רבונו של עולם — האָט ר׳ שניאור זלמן איינמאָל מיט התלהבות אויסגעשריען — איך בין דיר מוחל דיין וועלט, איך וויל ניט דיין גן־עדן, אַלץ וואָס איך וויל, איז דיך אַליין אין דיין הייליגקייט און אין דיר צוזאַמענגעגאָסען ווערען.

---

לעושה שמים בתבונה — לויבט מען דעם שניידער וואָס נייט בגדים מיט נאָדעל און פאָדעם, מיט וואָס דען זאָל ער נייען? פאַר וואָס לויבט דוד המלך דעם רבש״ע דערפאַר וואָס ער האָט די הימלען געמאַכט מיט „תבונה״? — קומט דאָס אונז זאָגען, אַז כביכול האָט ביי בריאת שמים אַריינגעגעבען אין די הימלען אַזאַ תבונה, אַז מענשען זאָלען פאַרשטיין ווער עס האָט הימעל און ערד באַשאַפען. (רבי ר׳ בונם).

---

לעולם ה׳ דברך נצב — דעם דיבור מיט וועלכען השי״ת האָט באַשאַפען די וועלט, איז געבליבען שטעהן און מיט אים האַלט די וועלט אויף איר עקזיסטענץ. (בעש״ט.)

---

„כי הוא אמר ויהי״ — דעם ויהי, וואָס השי״ת האָט געזאָגט בעת בריאת העולם, הוא צוה, אויף דעם דאָזיגען ציווי ויעמוד שטעהט די וועלט. (ישמח משה.)

---

ווען איך בליק טיף אריין אין דער וועלט, זעהט זי אין מיינע אויגען אויס ווי אן אונענדליכער מדבר. די מענשען ווי בוימער אין א גרויסען וואלד. דעם איינציגען וואס איך זעה און קען זיך ווענדען צו אים, איז דער בעל־הבית פונ׳ם מדבר און וואלד, — דער רבונו של עולם. (רבי ר׳ בונם.)

---

וואס פאר א טייערע ליכטיגע און גוטע וועלט זי איז, ווען מען טראכט זיך נישט אריין אין איר. און וואס פאר א פינסטערע חושב׳דיגע וועלט זי איז, אז מען טראכט זיך יא אריין אין איר. (ר׳ ברוך מעזשיביזשער.)

---

די גאנצע וועלט האט נישט די ווערט, מען זאל אויף איר א קרעכץ טהון. (קאצקער.)

---

ויהי ערב, איז א רמז אויפן פינסטערען אידישען גלות. ויהי בקר, איז א רמז אויף דער גאולה וואס וועט קומען. יום אחד, ווען צווישען אידען וועט הערשען שלום און אחדות. (ר׳ וואלף סטריקאווער.)

---

עושה שלום ובורא את הכל — אזוי גרויס און וויכטיג איז שלום אויף דער וועלט, ווי די גאנצע וועלט באשאפונג אין איינעם. (שפת אמת.)

---

א קראנקער מענש איז בטבע תמיד אן אויפגערעגטער, א בייזער און א כעסן. צוליב די מינדסטע קלייניגקייט איז ער גרייט זיך צו קריגען. דערפאר בעטען מיר „ה׳ עוז לעמו יתן״, גאט זאל געבען די אידען געזונט, „ה׳ יברך את עמו בשלום,״ וועלען אידען ממילא פון גאט געבענטשט זיין מיט שלום. (רמ״ל סאסיווער).

---

ווען אידען טרינקען בראנפען און איינער גיט דעם צווייטען די האנט לחיים, איז דאס א „תקיעת כף,״ צו פארבלייבען גוטע פריינד. (חידושי הרי״ם.)

---

ווען א איד טרינקט „לחיים״ צום צווייטען, זאל ער אים ניט אפענטפערען „לחיים טובים,״ ווייל „לחיים טובים״ באטרעפט „קללה,״ נאר ער זאל אפענטפערען „לחיים טובים ולשלום.״ (רבי ר׳ אלימלך.)

---

דערפאַר זענען חסידים זיך נוהג, אַז ווען איינער דאַרף אַ ישועה אָדער אַ רפואה, צו טרינקען „לחיים,״ ווייל „לחיים״ באַטרעפט אַזוי פיל ווי דאָס וואָרט „מנהג״ — אַכט און ניינציג — און עס איז אַ דבר ידוע, אַז אַ מנהג ברעכט אַ דין. (רבי ר׳ בונם).

---

באַגלייט פון זיינע מקורבים, איז דער רבי ר׳ בונם איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ פּלאַץ, וואו מ׳האָט געהאַלטען אין אויפבויען אַ הויז. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מיט אויפמערקזאַמקייט נאָכגע־פאָלגט אַן אַרבייטער וואָס האָט געזוכט עצות צוזאַמענצופאַסען צוויי קלעצלאַך און האָט ניט געקאָנט, ווייל פון איין קלעצעל האָט אַרויס־געסטאַרטשעט אַן אַרויסגעוואַקסענער „סענק״. דער אַרבייטער האָט גענומען אַ דלאָטע, אינ׳ם צווייטען קלעצעל אויסגעשניטען אַ טיפען שניט און האָט אַזוי אַרום אַריינגעפּאַסט דעם „סענק״ אינ׳ם צווייטען קלעצעל.

— אָט זעהט, ווי מ׳דאַרף שליסען שלום צווישען צוויי קריגערישע צדדים — האָט דער רבי ר׳ בונם געוויזען זיינע מקורבים — מען דאַרף ניט צווינגען דעם צד, וואָס איז איינגעשפּאַרט, ער זאָל אויסוואָרצלען זיין עקשנות, ער זאָל זיך אונטערגעבען דעם צווייטען צד, נאָר דוקא דער ווייכערער צד דאַרף זיך אונטערגעבען, מאַכען פּלאַץ ביי זיך, אַז דער איינגעשפּאַרטער עקשן, וואָס איז פונקט ווי דער „סענק״ אין האָלץ, זאָל זיך אין אים אַריינפּאַסען און פונקט ווי ביי די צוויי קלעצ־לאַך האָלץ, פאַרפעסטיגט אַזאַ צוזאַמענפּאַסונג דעם עקזיסטענץ פונ׳ם בנין, אַזוי איז דאָס מיט אַזאַ געשלאָסענעם שלום, פאַרבלייבט אויף אימער שטאַרק, האַרמאָניש און דויערהאַפט.

---

## ויהי מבדיל בין מים למים (א. ו.)

כידוע, ווערט די תורה באַצייכענט אַלס „מים״, ווי דער פסוק זאָגט: „הוי כל צמא לכו למים.״ איז פון דעם פסוק אַ רמז, אַז מען דאַרף מאַכען אַ הבדל בין מים למים, צווישען איין תורה און אַ צווייטער. (ר׳ אהרן קאַרלינער.)

---

לעולם יכנס אדם בכי טוב. אַן אויסנאַם איז מאָנטאָג. ווייל ביי דעם טאָג בעת בריאת העולם שטעהט ניט כי טוב. (ר׳ ברוך קאַסאָווער.)

---

## ועץ עושה פרי (א. יב.)

דורך דער פרי, דורך די תולדה, איז צו דערקענען דער בוים. פון די התנהגות פון אַ קינד איז קענטיג דער כאַראַקטער און אויפפירונג פונ׳ם פאָטער. — ברא כרעא דאבוה. (ר׳ אשר הורוויץ.)

---

פאַראַן צוויי מדרגות בעבודת השם. איינע מחמת יראה, און איינע מחמת אהבה.ביידע זענען „מאורות הגדולים.״ דער אָבער וואָס איז אַן עובד ה׳ מחמת אהבה, שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה, און דאָס איז דער „המאור הגדול.״ (רבי מלובלין.)

---

יראת ד׳ טהורה — אויב די יראה איז אַן אמת ריינע, ניט קיין געמאַכטע, נאָר קומט פון טיפסטען האַרצען, אַזאַ יראה איז עומדת לעד. (אַלכסנדרער רבי.)

---

אַ חסיד האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַר׳ן „חידושי הרי״ם״ — צוויי צעהנדליג יאָרען ווי ער האָט בכל לבבו ובכל נפשו איבערגעגעבען זיך צו עבודת הבורא און האָט ביז היינט ניט דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַן איינפאַכען אַרבייטער. אַ בעל מלאכה, אַז ער אַרבייט צוואַנציג יאָר ביי זיין פאַך, מאַכט ער פראָגרעס אין זיין אַרבייט. די אַרבייט קומט ביי אים אַרויס שענער, ער אַרבייט שנעלער און בעסער און ער, צוואַנציג יאָר ווי ער דאַווענט און שטעהט אַלץ אויף דערזעלבער מדרגה.

— זאָלסט וויסען — האָט אים דער חידושי הרי״ם אָפּגעענטפערט — אין ענין עבודת הבורא דאַרף דער מענש זיין כשור לעול, כחמור למשא. דער אייזל און אָקס געהען יעדן פרימאָרגען פון שטאָל אין פעלד צום אָקער. נאָכ׳ן אָקערען געהען זיי צוריק אין שטאָל. דאָס זענען זייערע מעשים בכל יום ויום און אַזוי אַרום ווערט דאָס פעלד צעאָקערט און באַאַרבייט, עס וואַקסען פירות און תבואות. כך, פונקט אַזוי דאַרף דער מענש דערפילען זיינע פליכטען צום בורא עולם — געהן אין שפּאַן און ניט פרעגען קיין קשיות. זאָלסטו וויסען, דורך דעם וואָס דו דינסט דעם רבונו של עולם, האָסטו פרנסה און דו מיט דיינע בני בית זענען געזונט.

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געבעטען ביי ר׳ נתן דוד שידלאָווצער, ער זאָל אים לערנען דרכי השם, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין, ער זאָל ניט געשטרויכעלט ווערען מיט אַן עברה.

— זאָלסט האָבען אַ כלל, אַז דאָס וואָס מען טאָר ניט, טאָר מען ניט, אָבער אַפּילו דאָס וואָס מען מעג, יאָג זיך ניט צו טוען.

---

אַ יונגערמאַן איז אַמאָל געקומען צו ר' ישראל ריזשינער, ער זאָל אים העלפען גובר זיין זיינע שלעכטע מדות.

— וואָס קען איך דיר העלפען? דאַווען און לערן בכוונה, טראַכט ניט קיין שלעכטע מחשבות, וועסטו ניט האָבען קיין שלעכטע מדות!

---

ר' אורי סטרעליסקער, באַוואוסט אין דער חסידישער וועלט אַלס דער „שרף," איידער ער איז נתגלה געוואָרען, האָט ער אַ שטיקעל צייט געוואוינט אין לעמבערג. געווען איז ער אַ גרויסער עני ואביון. צוליב זיין חסידישער התנהגות אין עבודת השם האָט זיך פאַראינטערעסירט אין אים ר' ליב מומעלעס, אַ שוואָגער פונ'ם רבי'ן מלובלין — אַ איד, אַ חסיד און אַ גרויסער עושר.

איינמאָל האָט אים ר' ליב מומעלעס געפרעגט פון וואַנען ער ציהט פרנסה פאַר זיין בני בית.

— איך האָב צוויי קיהעלאַך — האָט אים דער סטרעליסקער כלאחר יד אָפּגעענטפערט.

האָט ר' ליב פאַרשטאַנען, אַז ר' אורי איז זיך מתפּרנס פון פאַרקויפען מילך פון זיינע צוויי קיהעלאַך. האָט ער אָנגעזאָגט צו זיין פרוי, אַז מהיום והלאה זאָל מען קויפען מילך ביים יונגענמאַן ר' אורי און מען זאָל אים צאָלען אַ טייערען מקח ווי די אַנדערע.

אַז ר' ליב מומעלעס דינסט איז געקומען מיט אַ קריגעל צו ר' אורי אין שטוב און געבעטען מילך, האָט ר' אורי'ס פרוי אויסגעלאַזט צו איר דאָס פאַרביטערטע האַרץ פאַר אָפּ'חוזק'ן פון איר און האָט זי אַרויסגעטריבען פון שטוב.

האָט דאָס ר' ליב מומעלעס שטאַרק פאַרדראָסען. — אַזאַ פרומער יונגערמאַן זאָל טרייבען מיט אים ליצנות! און ער האָט דאָס מיט פאַרדראָס פאַרגעוואָרפען דעם סטרעליסקער.

— חס וחלילה — האָט אים ר' אורי אָפּגעענטפערט. — ווי קום איך חוזק צו מאַכען פון אייך, ובפרט נאָך זאָגען שקר? איך האָב אייך געזאָגט דעם גאַנצען אמת. איך האָב צוויי קיהעלאַך וואָס פון זיי ציה איך חיונה, און זיי זענען „כי בו ישמח לבנו." „כי בשם קדשו בטחנו."...

---

אין ענין עבודת הבורא — האָט דער רבי ר' בונם געזאָגט — דאַרף אַ מענש זיך אָפּלערנען דריי זאַכען פון אַ קינד און זיבען זאַכען פון אַ גנב:

אַ קינד איז תמיד פריילך, זיצט קיין רגע נישט ליידיג, און וויינט פאַר יעדער זאַך וואָס ער וויל. און

אַ גנב — א) באַשעפטיגט זיך בלויז ביינאַכט; ב) געלינגט אים ניט איין נאַכט, ווערט ער ניט אַנטמוטיגט, נאָר ער פּרובירט עס די צווייטע נאַכט; ג) ער איז זיך מוסר נפש פאַר דער קלענסטער זאַך; ד) דאָס ווערטפולסטע גנב'ישע אַרטיקעל האָט ביי אים אַ קליינעם ווערט. ער פאַרקויפט דאָס פאַר'ן נישטיגסטען פּרייז; ה) איז תמיד גרייט מקבל צו זיין קלעפּ, פּייניגונגען און פאַרשוואַרצט צו ווערען; ו) צווישען גנבים הערשט אחדות, חבר'שאַפט, ליבשאַפט, איבערגעבענהייט; ז) זייער מלאכה געפעלט זיי, זי איז אַ שטיק פון זייער אייגענעם איך, און זיי קענען ניט און ווילען ניט זייער באַשעפטיגונג איבערבייטען.

---

דער קאָצקער האָט אַמאָל געפרעגט אַ חסיד:

— האָסטו אַ מאָל געזען אַ לעבעדיגען וואָלף?

— איך האָב געזען.

— האָסטו פאַר אים מורא געהאַט?

— אודאי האָב איך פאַר אים מורא געהאַט.

— בשעת דו האָסט מורא געהאַט, האָסטו געוואוסט, אַז דו האָסט מורא?

— ניין, פון גרויס שרעק האָב איך לגמרי ניט געטראַכט וועגען מורא.

— אָט אַזוי דאַרף זיין אמת'ע „יראת שמים.“ מורא האָבען פאַר'ן רבונו של עולם און גאָר ניט וויסען און פילען, אַז מען האָט מורא.

---

## ולהבדיל בין האור ובין החשך (א. יח.)

אַזוי ווי ס'איז דאָ ליכט און פינסטערניש אויף דער וועלט, אַזוי איז דאָ ליכט און פינסטערניש אין מענשליכען לעבען און אין מענשליכען שכל. (רבי ר' בונם).

---

ר' נחום דעם ריזשינער'ס זוהן האָט געזאָגט: ווען מ'זאָל אויפהענגען יעדענס פּעקעל צרות אויף אַ טשוואָק, וואָלט יעדער געכאַפּט זיין אייגען פּעקעל, ווייל יעדער וואָלט דערזען, אַז יענעמ'ס פּעקעל צרות איז גרעסער און ערגער ווי זיינס.

---

אַ מענש דאַרף זיין פונקט ווי אַ כלי, וואָס דער בעל־הבית גיסט אין איר אַריין, ווײַן אָדער עסיג, אַזוי דאַרף דער מענש מקבל באהבה זיין אַלעס וואָס גאָט גיט אים — גוטס אָדער שלעכטס. (אוהב ישראל.)

---

דאָס לעבען פון מענשען אויף דער וועלט איז גלייך צו דער שאַרף פון אַ מעסער. פון רעכטס און לינקס איז דער שאול, אינמיטן אין דער דרך־החיים. (רמ״ל סאַסיווער.)

---

אויב דער מלאך המות איז פול מיט אויגען, טאָ וויפיל אויגען דאַרף אַ מענש האָבען, זיך צו באַשיצען פאַר אים?... (ר׳ הירש מלך די־נאָווער.)

---

וואָס די גמרא זאָגט: „האי עלמא כבי הילולא דמיא,״ האָט דער אַלכסנדרער רבי דערקלערט מיט אַ משל צו אַ פּראָווינציעלען איד, וואָס איז געקומען אין אַ גרויסער שטאָט אַריין. ביינאַכט האָט ער פון אַ שכנות׳דיגען הויז געהערט שפּילען, טאַנצען און זינגען, ווי אויף אַ חתונה. האָט ער געטראַכט, מסתמא מאַכט דער שכן חתונה זיין זוהן אָדער טאָכטער. די צווייטע נאַכט ווידער דאָס זעלבע. אַזוי האָט ער אונאויפהערליך כמעט יעדע נאַכט געהערט שפּילען און טאַנצען. האָט ער איינמאָל געפרעגט ביי אַ צווייטען שכן:

— דערקלערט מיר, וואָס עס טוט זיך אין שכנות׳דיגען הויז. האָט דער בעל־הבית פון׳ם הויז אַזוי פיל זיהן און טעכטער ווי די צאָל טעג פון יאָר, וואָס ער פּראָוועט יעדע נאַכט אַן אַנדערע חתונה?...

— קליינשטעטעלדיגער שוטה! — האָט דער שכן געלאַכט פון אים — די חתונות אינ׳ם שכנות׳דיגען הויז זענען ניט פון איין בעל־הבית, וואָס האָט אַזוי פיל קינדער. דאָרט איז אַ גרויסער פּרעכטיגער זאַל, און ווער עס מאַכט חתונה אַ קינד, דינגט דאָרט דעם זאַל, טאַנצט, שפּילט, זינגט און איז זיך משמח. די אַלע ביינאַכטיגע שמחות זענען ניט פון איין מענשען, יעדע נאַכט איז דאָרט אַן אַנדערע חתונה און יעדע נאַכט טאַנצט, זינגט און שפּילט אַן אַנדער מחותן.

דאָס איז דער טייטש „האי עלמא כבי הילולא דמיא,״ די וועלט איז גלייך ווי אַ חתונה־שטוב. שמחות, פריילעכקייט, לוסטיגקייט, און טאַנצען איז אויף דער וועלט תמיד פאַראַן. אָבער ניט איינער טאַנצט שטענדיג. היינט טאַנצט דער, מאָרגען טאַנצט אַן אַנדערער, און ווער עס וועט זיין דער קומענדער טענצער, שפּילער און זינגער, ווייסט קיינער נישט...

---

„שכר מצוה בהאי עלמא ליכא," אָבער שכר שמחה של מצוה, איז אויף דער וועלט יאָ פאַראַנען. לויט דעם ערך פון דער חתונה און לויט דער שמחה של מצוה. (ר' ישראל מאדזשיצער.)

## ויאמר אלהים נעשה אדם (א. כו.)

בשעה שבא הקב"ה לבראות את האדם, חסד אמר יברא, ואמת אמר אל יברא. צדק אמר יברא, שלום אמר אל יברא. מה עשה הקב"ה? נטל אמת והשליכו לארץ! (מדרש.)

איז דאָך באמת קשה, דער „שלום" האָט דאָך אויך געזאָגט אל יברא, פאַר וואָס האָט דער רבש"ע אַרונטערגעוואָרפן צו דער ערד נאָר דעם „אמת"?

פון דאַנען איז אַ ראיה, אַז מען וואַרפט אַוועק דעם „אמת" איז דאָ „שלום," ווייל כידוע ווערען די מערסטע מחלוקת'ן געפירט לשם „שלום." די בעלי מריבה האַלטן אַז זיי קעמפען נאָר פאַר'ן „אמת." פאַרקוקט מען אָבער די „אמת'ן," הערען ממילא אויף די קריגערייען און דער שלום האָט שוין ניט וואָס מקטרג צו זיין... (קאָצקער.)

די חתימה פון הקב"ה איז ניט געמאָלט נאָכצומאַכען, ווייל „חותמו של הקב"ה הוא אמת" — אַז אויב נאָכגעמאַכט, איז שוין ניט אמת. (יוד הקדוש.)

אַ חסיד האָט אַ מאָל געפרעגט דעם חידושי הרי"ם: „אמת מארץ תצמח," וואָס פאַר אַ זריעה פאַרפלאַנצט מען אין דער ערד, אַז ס'זאָל אַרויסוואַקסען אַן „אמת"?

— אַז מען באַגראָבט דעם שקר, וואַקסט אַרויס דער אמת! — האָט דער רי"ם געענטפערט.

„השליך משמים ארץ" — דאָס הימלישקייט, דאָס רוחניות'דיגקייט, די אידישע גייסטיגקייט, האָבען די אידען אַוועקגעוואָרפען. דאָס ערד'דיגקייט, די גשמיות'דיגקייט, די תענוגי הגוף, די תפארת ישראל, דאָס איז צו אונזער חרפה געוואָרען אידישע שעהנקייט. (חידושי הרי"ם.)

ווען דער רבונו של עולם איז געגאַנגען באַשאַפען דעם מענש, זאָגט דער מדרש, „נעשו מלאכי השרת כתות," טייל האָבען געזאָגט, מען זאָל יאָ באַשאַפען דעם מענשען און טייל האָבען געזאָגט מען זאָל

אים ניט באַשאַפען. „אמר להם הקב״ה: מה אתם מדיינים? כבר נעשה אדם!״

די גרעסערקייט פון מלאכים איבער׳ן מענש באַשטייט אין דעם, וואָס בעת צווישען מענשען זענען פאַראַן פאַרשידענע חלוקי דעות, ווייל דער מענש האָט אַ בחירה צו טוען גוטס, אָדער שלעכטס, דאַגעגען מלאכים האָבען ניט קיין בחירה, האָבען זיי ממילא אַלע איין דעה.

אַז צווישען די מלאכים האָט אויסגעבראָכען אַ חלוקי־דעות וועגען דער באַשאַפונג פונ׳ם מענשען, האָבען זיך איינגעשטעלט אין גרופען און אָנגעהויבען זיך קריגען, האָט גאָט געזאָגט, מה אתם מדיינים? אויב אויך איר קריגט זיך, זענט איר דאָך אויס יחסנים, זענט איר דאָך גלייך ווי מענשען, אם כן, כבר נעשה אדם. (חידושי הרי״ם.)

---

„אם הראשונים כמלאכים, אנו כבני אדם,״ האָט דער אלכסנדערער רבי געטייטשט דעם מאמר חז״ל — אויב די וואָס פערשטעהן לויט זייער שכל אַז די ראשונים זענען געווען כמלאכים, איז דאָס אַ סימן, אַז זיי אַליין זענען מענשען. די משכילים אָבער וואָס גיבען צו פערשטעהן מיט זייער שכל, אַז די ראשונים זענען געווען פשוט׳ע מענשען, זענען זיי אַליין אודאי „כחמורים.״

---

פאַראַן אַ גרויסער חילוק צווישען די פאַרצייטיגע חוקרים אין משכילים און די היינטיגע. די פאַרצייטיגע משכילים, נאָך דעם ווי זיי האָבען געלערענט, איינגעזאַפּט אין זיך תורת משה, די רייד פון אונזערע נביאים, די לערע פון אונזערע חכמים און רעליגיעז אידיש וויסען, זייער יסוד איז געווען אמת׳דיג, ערליך, ריינער אידישער לימוד. שפּעטער, אַז זיי האָבען אָנגעהויבען לייענען און לערנען פרעמדע תורות און וויסנשאַפטען, האָבען זיי געזוכט ראיות, געבראַכט באַווייזען פון אונזער תורה און חכמים, אַז די פרעמדע לערע איז אמת. אַז זיי האָבען אַזעלכע ראיות און באַווייזען געפונען אין דער תורה, איז דאָס פאַר זיי געווען אַ באַשטעטיגונג, אַז זייער שכל און די פרעמדע וויסענשאַפטען זיינען אויך אמת.

היינטיגע חוקרים און משכילים לערנען ניט די אידישע תורה, די אידישע נביאים. אידיש וויסען איז ביי זיי בטלנות. זייער וויסען באַשטעהט בלויז פון לערנען פרעמדע תורות, זוכען זיי צו ברענגען ראיות צו דער תורה פון זייער שכל און פרעמדען וויסען. דעריבער איז דאָס וואָס זיי פאַרשטעהען ניט אין דער תורה מיט זייער אָרימען שכל, לייקענען זיי די אידישע תורה. (חידושי הרי״ם).

---

„היש משכיל דורש אלהים?" — האָט דער קאַצקער געפרעגט בלשון תמיה. — קען דער משכיל פערשטעהן די השגחה, אַז זיין גאַנ־צע חכמה איז זיין אייגענער שכל און ווי ווייט גרייכט דאָס זיין שכל?...

---

צו רבי גרשון העניך ראדזינער איז אַ מאָל אַריינגעקומען אַ יונגער־מאַן, אַ משכיל, און האָט געזאָגט צו אים: — היות ער איז אַן אַפּיקורס, גלויבט ניט אין אידישקייט, ס'איז אים אָבער שווער צו פערשטעהן אַ געוויסען אידישען ענין, אַזוי ווי די וועלט האַלט דעם ראדזינער פאַר אַ גרויסען חכם, וויל ער זיך מיט אים וועגען דעם ענין דורכשמועסען.

— אדרבה ואדרבה! — האָט אים ר' גרשון העניך אָפּגעענטפערט — זעצט זיך, זייט מוחל, פריער אָבער מוזט איר מיר זאָגען, אויב איר האָט געלערענט ש"ס ופוסקים.

— ניין, רבי, דאָס איז בטלנישער לימוד!

— און תנ"ך האָט איהר געלערנט, לפּחות זענט איהר אַ בקי אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור?

— כ'וועל זיין מיט אייך אָפּענהאַרציג — האָט דער יונגערמאַן געענטפערט — כ'האָב זיך אין די אַלטע ספרים ניט געגריבעלט, ווייסט איר דאָך, ס'איז אַ צייט פון מאָדערניזם, דאָס רוב לייען איך די נייעסטע וויסענשאַפטליכע און פילאָזאָפישע ביכער.

— נו, אויב אַזוי — האָט אים דער ראדזינער שאַרף אָפּגעענט־פערט — האָב איך לגמרי ניט וואָס מיט אייך צו שמועסען, מחמת איר זענט ניט קיין אַפּיקורס, נאָר אַ פּראָסט־פּשוט'ער גוי...

---

„ויאמר אלהים נעשה אָדם" — איידער נאָך השי"ת האָט באַשאַפען דעם מענש, האָט ער געלערענט אים איינע פון די גרעסטע מדות טובות מיט וועלכער ער האָט שפּעטער געלויבט משה רבינו, די מדה פון ענוה — שהגדול נמלך בקטן. (ישמח משה.)

---

כל המתגאה כאלו עובד עבודה זרה — פאַר וואָס איז גסות הרוח גלייך צו עבודה זרה?

אויפן פסוק נעשה אדם, זאָגט רש"י, מלמד שנתייעץ הקב"ה עם המלאכים, ומכאן יש ללמוד, שהגדול בל יתגאה את עצמו, ויטול עצה מן הקטן ממנו. נמצא, אַז דער וואָס האַלט זיך גרויס גלויבט ניט אין פירוש פון פסוק. לויט די האַלטונג פונ'ם בעל־גאוה קומט אויס, אַז מען קען חס ושלום מאַכען אַ טעות לשתי רשויות. אויב אַזוי, איז

שוין רעכט דער מאמר חז״ל, „כל המתגאה כאלו עובד עבודה זרה.״ (רבי ר׳ העשל.)

---

אַ רב, אַ גרויסער למדן, אַ בקי בש״ס ופוסקים, אָבער אַ גרויסער בעל גאוה, איז אַ מאָל פאַר אַ שבת געקומען צום רבי׳ן ר׳ אלימלך. ווען דער רב איז פרייטאָג געקומען צום רבין נעמען שלום, האָט אים דער רבי איגנאָרירט און געזאָגט צו אים: „אייך וויל גאָט ניט זעהן!״

דעם רב האָט דעם רבינס האַנדלונג שטאַרק פאַרדראָסען. צוליב דער חרפה פאַר די אַרומשטעהענדע חסידים האָט ער פאַרלאָרען דאָס לשון און האָט דעם רבין גאָר ניט געקאָנט אָפּענטפערען.

פאַרן אַוועקפאָרען איז דער רב געגאַנגען זיך געזעגענען מיט׳ן רבי׳ן. אַז דער רבי האָט אים ווידערהאָלט דאָס זעלבע ווי בשעת שלום געבען — אייך וויל גאָט ניט זעהן! — דאָס דער רב אַ צאָרענדיגער גע־פרעגט דעם רבי׳ן ר׳ אלימלך:

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַזוי, אַז גאָט וויל מיך ניט זעהן?

— עס איז אַ בפירושער פסוק: „אם יסתר איש במסתרים, אויב אַ מענש פאַרבאָרגט זיך, זיצט יומם ולילה און לערענט תורה און דינט השם יתברך, נו, מהיכא תיתא, איז אודאי גאַנץ גוט. אשרי חלקו. אויב אָבער דער מענש זאָגט: ואני! איך בין אַ למדן, איך בין אַ גאון, האַלט זיך גאוה׳דיג שטאָלץ — איז „לא אראנו, נאום ה׳״ — דעם זאָגט גאָט, אַז ער וויל אים ניט זעהן.

---

„יברך יראי ה׳ הקטנים עם הגדולים״ — מיר בעטען ביים רבש״ע, אַז די יראי ה׳, די גאָטספאָרכטיגע פרומע אידען זאָלען זיך ניט גרויס האַלטען, זאָלען ניט געשטרויכעלט ווערען מיט גאוות, זאָלען זיך האַל־טען ווי קטנים, ווי פּראָסטע איינפאַכע אידען. (ר׳ שלמה ליב לענטשנער.)

---

אדם ביקר ולא יבין — אַ מענש וואָס מען טיילט צו גרויס כבוד (יקר — וגדולה) ולא יבין, און ער פאַרשטעהט זיך נישט. ער טראַכט זיך, ס׳קומט אים אַזוי, אַז ער איז טאַקע אַזאַ גרויסער מענש און האַלט זיך דאַרום גאוה׳דיג, בלאָזט פון זיך, אָט אַזאַ מענש — נמשל כבהמות נדמו, איז גאָר נישט קיין מענש, איז גלייך ווי אַ בהמה... (ר׳ מאירל פרימישלאנער.)

---

אתם קרויין אדם — בלויז דער מענש וואָס ווייסט זיין אָפּשטאַם פון וואַנען ער איז געקומען און וואוהין ער וועט זיך צוריק קערען, דער מענש ווערט גערופען אדם. (ר׳ ברוך מעזשביזשער.)

בלויז דריי זאַכען פאַרלאַנג איך פון אייך — האָט דער קאָצקער אַ מאָל געזאָגט צו זיינע חסידים — פון זיך ניט אַרויסצוקוקען, אין יענעם בישט אַריינצוקוקען, און זיך ניט אין זיגען צו האָבען.

„אדם” מאַכען די ביטרוקין, מקרא, משנה, דרך ארץ. דער מענש וועלכער פאַרמאָגט די דאָזיגע דריי זאַכען, באַזיצט ער דעם צלם אלהים. (ר׳ אָשר הורוויץ).

„דרך ארץ קדמה לתורה” — אַזוי ווי דורך דער הקדמה פון אַ ספר קריגט מען אָפּט אַ באַגריף וועגען תוכן פונ׳ם ספר, אַזוי איז קענטיג פון די התנהגות און דרך ארץ פון מענשען, דער מהות און תוכן פון זיין תורה. (קאָצקער.)

דער וואָס באַזיצט ניט קיין מענשליכקייט און טאָלעראַנץ בין אדם לחברו, איז אַ רשע. זיינע אונמענשליכע האַנדלונגען זענען פעטע, גראָבע עבירות. (חידושי הרי״ם.)

„טוב תורה עם דרך ארץ.” די תורה ביים מענשען איז נאָר דעמאָלט גוט, ווען דער מענש פירט זיך אויפ׳ן זעלבען דרך ווי די ערד.

אַלע מיני מאכלים, געטראַנקען, מלבושים, קריגען מיר פון דער ערד. יעדער לעבעדיגער נפש ווערט געשפייזט, ציט זיין יניקה, זיין חיות פון דער ערד און טוט וואָס עס וויל אויף דער ערד. מען טרעט, מען אַקערט, מען גראָבט, מען רייסט, מען שפייט אויף דער ערד. פונדעסטוועגען האָט נאָך די ערד פון איר באַשאַפונג ביז היינט ניט רעוואָלוטירט. זי זאָל מיט שטאָלץ זיך אויפהויבען און אַ זאָג געבען: — איך וויל דאָס ניט פאַרטראָגען, איך וויל דאָס ניט דולדען; נאָך דעם ווי איר אַלע ווערט געשפייזט פון מיר, זאָלט איר מיך אַזוי געמיין און שענדליך באַהאַנדלען. אָט אויף אַזאַ דרך דאַרף זיך נוהג זיין אַ איד, אַ בן תורה. הגם אַלע לערנען פון אים, ווערען געשפייזט פון זיין תורה, דאַרף ער פונדעסטוועגען אַלעמען קענען סובל זיין. זיך ניט גרויס האַלטען, אַרומגעהן מיט גאות, נאָר האַלטען זיך אַזוי בידריג ווי די ערד. (ר׳ מענדעלע קאָסיוועך.)

## ויכל אלהים ביום השביעי (ב. ב.)

דעם זיבעטען טאָג איז די וועלט באַשאַפונג געווען פאַרענדיגט. געפעלט האָט דער וועלט מנוחה. האָט השי״ת געגעבען שבת —

אַ טאָג פון רוה און אַ סימן, אַז פון תהו ובהו האָט כביכול באַשאַפען די וועלט. דאָרום ווערט דער איד וואָס אַרבייט שבת גערופען מחלל שבת, ווייל ער פאַרשוועכט די מנוחה וואָס גאָט האָט די וועלט געגעבען און זיין אַרבייט זעהט אויס ווי קיינמאָל ניט פאַרענדיגט ווייל ער לעבט נאָך ווי פאַר בריאת עולם אַ לעבען פון תהו ובהו. (שפת אמת.)

---

שבת איז דער חותם בטבעת המלך אויף די זעקס טעג וואָס גאָט האָט באַשאַפען. (שפת אמת.)

---

שבת זענען די אידען עדות אַז השי"ת האָט באַשאַפען די וועלט. (שפת אמת.)

---

די זעקס מאָל ישועות וואָס מיר זאָגען אין דער הבדלה, מוצאי שבת קודש, באַצוועקען ממשיך צו זיין ישועות אויף די אידען על כל ששת ימי המעשה. (ר' אברהמעלע לובלינער.)

---

אַז ס'קומט שבת קודש און אַ איד פאַרטראַכט זיך, מאַכט אַ חשבון הנפש וואָס ער האָט די גאַנצע וואָך געטאָן און קומט צום שלוס, אַז עס איז ניט ווי ס'באַדאַרף צו זיין, זאָל ער חלילה ביי זיך ניט אַראָפּפאַלען, נאָר זאָל זאָגען: מילא, מה דהוה הוה, מהיום והלאה, וועל איך זיך מיט פרישער ענערגיע נעמען צו עבודת הבורא. (חידושי הרי"ם.)

---

— איך ווייס באמת ניט וואָס זיי ווילען האָבען פון מיר — האָט דער קאָצקער אַ מאָל געקלאָגט זיך פאַר זיינע מקורבים אויף די חסידים זיינע — אַ גאַנצע וואָך טוט יעדער וואָס ער וויל און וואָס אים געפעלט, ס'קומט שבת קודש טוט מען זיך אָן די אַטלאַסענע זופּעצע, מיט'ן שוואַרצען הויך־האָריגען שטריימעל און מען ווערט אַ גאַנצער מחותן מיט'ן „לכה דודי." מיר איז אַזאַ התנהגות פרעמד. איך זאָג: „כמעשהו בחול, כך מעשהו בשבת!"

---

ויכל אלהים ביום השביעי, וישבת ביום השביעי, ויברך אלהים את יום השביעי — זענען א רמז אויף די שלש סעודות בשבת. (שפת אמת.)

---

דער חידושי הרי"ם, אַריינקומענדיג איינמאָל שבת אין בית־המדרש, האָט ער געטראָפען חסידים זיצען און לערנען פאַרן דאַווענען. האָט ער געזאָגט צו זיי:

— אויב איר לערענט בכוונה לשמה, כדי מקיים צו זיין „ומלתם

את ערלת לבבכם," מעגט איר לערנען פארן דאווענען. ווייל מילה איז דוחה שבת. אויב איר לערענט אָבער שלא לשמה, שלא בכוונה, נאָר כדי צו ווייזען, אַז איר זיצט און לערענט, איז גלייכער איר זאָלט דאַ־ווענען שבת בהשכמה, אַהיים געהן עסען סעודת שבת און בעסער מקוים זיין די מצוה פון עונג שבת.

---

דער וואָס באַטראַכט סעודת שבת מיט מגושמ'דיגע אויגען, דוכט זיך אים אַז סעודת שבת איז גראָב מגושמ'דיג. (חידושי הרי"ם).

---

דאָס וואָס די חז"ל זאָגען, שבת הוא מלזעוק והפואה קרובה לבא איז מרומז פון וואָרט בראשית.

אין די אותיות פון בראשית איז דאָ דאָס וואָרט שבת. אין די איבעריגע אותיות זיינען דאָ די ראשי תיבות פון אני ד' רופאך. (ר' אשר הורוויץ.)

---

דער אלכסנדרער רבי איז אַמאָל קראַנק געוואָרען. האָבען חסידים כסדר געהאַלטען אין קומען דעם רבין מבקר חולה זיין און האָבען אים ניט געגעבען קיין מנוחה. איינמאָל האָט דער רבי געפילט עפּעס טועם צו זיין נאָר צוליב די אָרומשטעהענדע חסידים האָט ער זיך גע־פיהלט אומבאַקוועם. האָט ער אַ צייכען געגעבען מיט'ן האַנט, אַז ער וויל עפּעס זאָגען. דער עולם זאָל זיך פאַרהאַלטען שטיל. האָט ער מיט אַ שוואַכער שטימע און קוים באַמערקבאַרען שמייכעל אַזוי געזאָגט:

פרייטאָג צו נאַכט, ווען מיר קומען אַ היים פון שוהל, זאָגען מיר צו די מלאכים וואָס באַגלייטען אונז, שלום עליכם, ברכוני לשלום, בואכם לשלום, מיט שמחה און פרייד באַגריסען מיר און בענשען די מלאכי השרת, מלאכי עליון. צום סוף גאָר, זאָגען מיר צו די מלאכים: צאתכם לשלום — געהט אייך געזונטערהייט. באַווייזט דאָס, ווען מען איז גרייט צום עסען, אויב עס זענען דאָ אורחים, מעגען זיי אַפילו זיין מלאכים, זאָגט מען זיי „צאתכם לשלום" — געהט אייך געזונטערהייד...

---

צאתכם לשלום — וואָס וואָלט אונז למשל געקימערט, ווען די מלאכים בלייבען צום עסען?

— אַז עסען קענען זיי נישט, טאָ ווער דאַרף זיי זאָלען אונז קוקען אין מויל אַריין ווען מיר עסען? (ר' חיים צאַנזער).

---

## ואדם אין לעבד את האדמה (ב. ה.)

לכתחילה איז דער מענש געווען „אין" — גאָרנישט. ואד יעלה מן הארץ, ער איז בלויז געווען אַן „אד" — אינגאַנצען ערד און חומר. זיין באַשעפטיגונג איז באַשטאַנען פון באַוואַסערען און בעאַרבייטען די ערד. ערשט נאָך דעם אַז דער בורא האָט אין אים אַריינגעבלאָזען אַ נשמת רוח חיים, אַ גייסטיג נשמה'דיג לעבען, ויהי, איז פון „אד" געוואָרען „אדם" — אַ מענש. (ר' אברהמעלע מלאך.)

---

שבת ביים טיש, האָט דער חידושי הרי"ם געזאָגט — איך האָב זייער ליב דעם מין פיש „שלאַיען." זיי האַלטען זיך ניט גאוה'דיג, קריכען ניט אין די טיפע אָדער הויכע וואַסערען, ליגען תמיד אין דער בלאָטע, האַלטען זיך פאַר גאָר ניט, זייער נאָמען „של־אין" — מיינט „גאָר נישט." . . .

---

יעדער טאָג ווען איך דערוואַך פון שלאָף און איך דעראינער זיך וועגען די שלעכטע מעשים וואָס מיין גוף האָט די פאַרגאנגענע טעג באַגאַנגען און אַז אויך היינט גרייט זיך מיין גוף צו דיזעלבע מעשים ווידערצוהאָלען, קען איך בשום אופן ניט אויפשטעהן פון בעט. דערמאָן איך זיך אָבער, אַז מיין גוף איז גרייט צוריק צו קערען זיך צו די ערד און דאָרטען פוילען, האָב איך נקמה אין מיין גוף, שטאַרק איך זיך ווי אַ לייב און הויב זיך אויף פון בעט. (רבי ר' אלימלך.)

---

ווען איך שטעה אויף אין פריהמאָרגען און איך קען מיט די אויגען זעהן, מיט די הענט רירען און מיט די פיס געהן, מאַך איך אַ ברכה „ברוך מחיה מתים." (קאָצקער.)

---

„איזהו שוטה? זה המאבד מה שנותנים לו" — כידוע איז דער עיקר דער צלם דמות האדם. היות די חז"ל זאָגען, אַז קיין מענש טוט ניט קיין עבירה, אלא אם כן נכנס בו רוח שטות, דערפאַר ווערט דער מענש אָנגערופען אַ שוטה, ווייל דורך די עבירה האָט ער פאַלאָרען דעם „מה" וואָס באַטרעפט ווי „אדם" — 45, דעם צלם דמות האדם, מה שנותנים לו, וואָס מען האָט אים פון די עולמות העליונים געגעבען. (רבי ר' בער.)

---

„ויחכם שלמה מכל האדם, אפילו מהשוטה" (מדרש) — וואָס פאַר

אַ רבותא איז דאָס צו זאָגען אויף אַ מענש וואָס איז געווען אַ חכם מכל האדם ?

— דעם שוטה דוכט זיך תמיד, אַז אַזאַ חכם ווי ער, איז ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט און קיינער קען דעם שוטה ניט איבער־ צייגען אַז דאָס וואָס ער רעדט און דאָס וואָס ער טוט איז כלו שטות. זאָגט אונז דער מדרש, אַז שלמה׳ס חכמה איז אַזוי גרויס געווען, אַז ניט בלויז האָט ער מיט זיין חכמה געקאָנט איבערצייגען דעם שוטה, אַז ער איז אַ שוטה, נאָר דער שוטה אַליין האָט מודה געווען אַז שלמה איז אַ חכם און ער איז אַ שוטה. (באַרדיטשעווער.)

---

## על כן יעזב איש את אָביו ואת אמו (ב. כד.)

דער וואָס האַלט זיך פאַר אַ מענש פון בלויז מעלות, גלויבט, אַז ער איז פאָלקאָם און האַלט זיך דערפאַר שטאָלץ — אַזאַ מענש פאַר־ לאָזט סוף כל סוף די וועגען פון זיין פאָטער און מוטער, באַהעפט זיך צום שלעכטען און קערט אָפּ פון דרך ד׳. אויף דעם „כן" האָט די תורה שפּעטער מזהיר געווען, לא תעשו כן — אַזאַ „כן" זאָלסטו ניט טוען לד׳ אלקיכם. (משמרת איתמר.)

---

אַ פּאָר פאָלק זיינען אַמאָל געקומען צו ר׳ מאיר פּרעמישלאַנער זיך גט׳ן. אויסהערענדיג די טענות פוןביידע, האָט זיי ר׳ מאירל אַזוי געזאָגט:

— שולדיג זייט איר ביידע. אַזוי האָט דוד המלך בפירוש געזאָגט. אין שלום בעצמי — די פרוי איז דאָך אַן עצם מעצמיו של האדם, אויב ס׳איז קיין שלום נישטאָ צווישן מאַן און ווייב, איז דאָס פּונקט ווי ס׳וואָלט ניט געווען קיין שלום צווישען די איברים פון מענשען. אויב דאָס איז אַזוי, איז דאָס נאָר, ווייל ביידע זיינען שולדיג.

---

## אף כי אמר אלהים לא תאכלו מכל עץ הגן (ג. א.)

די שלאַנג האָט געטענה׳ט צו חוה׳ן: גאָט האָט טאַקע אַזוי געזאָגט, ווי דו זאָגסט, אַז זאָלסט ניט עסען פון עץ־הגן, טאָ איז וואָס? אַז מען פאָלגט ניט אַ מאָל, אַז מען איז ניט אַזוי פרום?

— מיט אַזאַ ביטול, לויט דעם דרך פון ערשטען נחש, רעדען ביז׳ן היינטיגען טאָג אַלע ווען זיי ווילען אָפּשוואַכען און צונישט מאַכען די באַדייטונג פון א מצוה. (חידושי הרי״ם.)

---

משנאיך ד׳ — די וואָס זייער תכלית און שטרעבונג איז נאָר שנאת ד׳, פלאַנצען שנאה געגען אידישען דת. תכלית שנאה שנאתים, זיי זענען מיינע ערגסטע שונאים און איך האָב זיי פיינט בתכלית השנאה. (ר׳ שלמה סאסעווער).

---

אַפּיקורסות און שנאה זענען כידוע צוויי שלעכטע מדות. פונדעסט־וועגען פאַרמאָגען זיי אין זיך אויך גוטסקייטען.

אפיקורסות — אַז אַן אָרימאַן בעט ביי אַן אַפּיקורס הילף, מוז ער אים העלפען, ווייל ער גלויבט דאָך ניט אַז גאָט וועט אים העלפען און האָט אויך ניט קיין בטחון. און שנאה — פיינט צו האָבען די שונאי השם, די אַפּיקורסים. (יוד הקדוש.)

---

## ויעשו להם חגרות (ג. ז.)

אַ מתנגד האָט אַ מאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונם, פאַר וואָס געהען חסידים אַרומגעבונדען דעם גוף מיט אַ גאַרטעל?

— דאָס האָבען זיי אָפּגעלערענט פון אָדם הראשון. איידער אדם הראשון איז געגאַנגען אין אַ גאַרטעל איז זיין תאוה געווען אונבאַ־גרעניצט, צוליב דעם טאַקע איז ער נכשל געוואָרען און האָט געגעסען פון עץ־הדעת. אַז ער האָט זיך געמאַכט אַ גאַרטעל, האָט ער עס גע־מאַכט פון פייגענבלעטער, געבענדיג דורך דעם אָנצוהערען דעם יצר הרע, איצט, אַז ער געהט אין אַ גאַרטעל, קען ער אים שוין ווייזען אַ פייג. דאַרום טראָגען חסידים גאַרטלען, צו צוימען זייערע תאוות און צו ווייזען דעם יצר הרע אַ פייג.

---

ווען ר׳ מאירל פּרעמישלאנער איז געווען אַ קינד, פלעגט ער זיך פוילען אויפצושטעהן גאַנץ פרי צו געהן אין חדר. האָט אים איינמאָל דער מלמד שטאַרק געמוסר׳ט: „מעגסט זיך אָפּלערנען פון יצר הרע.״ גאָט האָט באַשאַפען דעם יצר הרע אַרונטערצופירען דעם מענש פון דרך הישר, אָנרעדען אים צו זינדיגען, און זעה נאָר מיט וואָס פאַר אַ זריזות, חכמה און געשיקטקייט ער באנוצט זיך דורכצופירען זיין עובדה בשלימות! על אחת כמה וכמה, איז דיין חוב צו זיין זריז אויפ־צושטעהן גאַנץ פרי לעשות רצון הבורא.

— אייער משל איז אָבער ניט גלייך צום נמשל — האָט אים דער קליינער מאירל אָפּגעענטפערט — דער יצר הרע, האָט ניט קיין יצר הרע וואָס זאָל אים שטערען אין זיין עבודת ד׳. איך, אָבער, פאַר ווע־מען דער יצר הרע האָט אויסגעשפרייט זיין נעץ גלייך ביי מיין געבורט,

ווי די תורה זאָגט, „לפתח חטאת רובץ," דאַרף איך גאָר ניט זיין קיין פלא פאַר וואָס איך פויל זיך אויפצושטעהן גאַנץ פרי צו עבודת הבורא...

---

ווען דער רבי ר' העשל איז געוואָרען בר מצוה, האָט מען אים געפרעגט: די תורה זאָגט „לפתח חטאת רובץ" — צוזאַמען מיט'ן מענש ווערט געבוירען דער יצר הרע, וואָס פאַרפאָלגט דעם מענש כסדר צו טוען שלעכטס און דער יצר טוב קומט ערשט צום מענש, ווען ער ווערט בר־מצוה, טאָ מיט וואָס פאַר אַ מיטלען האָסטו זיך באַנוצט געגען יצר־הרע ביז דיין בר־מצוה?

— איך האָב זיך נוהג געווען ווי די חז"ל זאָגען אויף דעם פסוק „שמוע בין אחיכם ושפטתם צדק," אַז מ'טאָר זיך ניט צוהערען צו די טענות פון איין בעל־דין, ביז זיין חבר, דער צווייטער בעל־דין קומט נישט...

---

פאַרשטעהער פון אַ קהלה זענען אַ מאָל געקומען צום קאָצקער און געקלאָגט זיך פאַר אים, אַז זיינע חסידים זענען גרויסע עזות־פנימער, דערלאָזען ניט צו קיין אחדות אין דער קהלה.

— איר זייט מיר דאָ גאָר ניט מחדש — האָט זיי דער קאָצקער אָפּגעענטפערט — אַז מיינע חסידים זענען עזות־פנימער ווייס איך שוין פון לאַנג. כידוע, ווערט דער יצר הרע אָנגערופען מלך־זקן און מיינע חסידים זענען אַזעלכע חוצפה'ניקעס, האָבען לחלוטין ניט קיין דרך ארץ פאַר דעם אַלטען קעניג און טוען פונקט להיפוך, ווי ער וויל זיי זאָלען טוען און איר, ווי איך פאַרשטעה, זייט אוודאי מתנגדים, האָט איר מסתמא גרויס דרך ארץ און אַכטונג פאַר די רייד פונ'ם מלך־זקן און וואָלט חלילה ניט ווידערשפעניגען די רייד פון אַזאַ אַלטען מלך פון פאַר שלמה המלך'ס צייטען, דערפאַר זענען מיינע חסידים פאַררעכנט ביי אייך ווי עזות־פנימער. זאָלט איר וויסען, אַז אַזעלכע עזות־פנימער לערן איך זיי צו זיין...

---

דער יצר הרע איז גלייך צו איינעם, וואָס בעט רשות ביי איין בעל־הבית צו וואוינען צוזאַמען מיט אים אין איין הויז. וויל אים ניט דער בעל־הבית. בעט ער זיך ביים בעל־הבית, ער זאָל מיט אים טוען אַ חסד און דערלויבען אים אַריינצוקלאַפּען אַ נאָגעל אין אַ וואַנט פונ'ם הויז. אַז דער בעל־הבית דערלויבט דאָס, צעלעכערט ער און אונטערמינעוועט מיט דעם נאָגעל די וואַנט פונ'ם הויז, ביז ער ציט זיך ביסלעכווייז אַריין אין הויז און דעם בעל־הבית פון הויז פאַרשפאַרט ער אין אַן ענג ווינקעלע. (בעש"ט.)

„אם פגע בך מנוול זה משכהו לבית־המדרש.״ דאָס וואָרט „זה״ איז דאָך איבעריג ?

— „זה,״ מיינט מען ניט דעם מנוול מחוץ לבית המדרש, נאָר זאָלסט פאַרזיכטיג זיין מיט דעם מנוול וואָס באַגעגענט דיך אינ׳ם בית־המדרש. (קאָצקער.)

---

צום קאָזשניצער מגיד איז אַ מאָל געקומען אַן אויסגע׳חושכ׳טער איד און האָט אים דערצעהלט, אַז ער קלאָגט אויף גלות השכינה, פאַסט משבת לשבת און טראָגט אַ זאַק אויפ׳ן הוילען גוף.

— דער יצר הרע איז ניט קיין שוטה — האָט אים דער מגיד מיט ביטול אָפּגעענטפערט — ער האָט דיך נישקשה׳דיג אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין . . .

---

„רשעים מלאים חכמה,״ ווייל תיכף נאָך דעם ווי זיי דערפילען זייער תאוה און דאָס פייער פונ׳ם יצר הרע ווערט ביי זיי אָפּגעקילט, האָבען זיי מאָמענטאַן חרטה אויף זייערע באַגאַנגענע חטאים (ר׳ ישראל ריזשנער.)

---

אַ דאַמסקע שניידער האָט אַ מאָל געבעטען ביים קאָזשניצער מגיד אַ סגולה ער זאָל ניט האָבען קיין „הרהורים״ בעת׳ן נייען און אָנמעסטען די מלבושים אויף פרויען.

— האָב תמיד אין מחשבה דאָס וואָרט „סוף,״ וועט דער יצר הרע דיך צורוה לאָזען.

— וואָס באַטייט דאָס וואָרט „סוף״ ? — האָט דער שניידער תמימות׳דיג איבערגעפרעגט.

— „סוף אדם למות״ — האָט דער מגיד געענטפערט.

---

קודם חטאו של אדם הראשון, איידער ער האָט געגעסען פונ׳ם עץ־הדעת, האָט גוף און נשמה געהאַט איין מחשבה, איין תשוקה, און איין שטרעבונג צו עבודת השם. אָבער נאָכ׳ן חטא, האָט זיך די נשמה אָפּגעטיילט פון גוף. געבליבען איז נשמה ביי איר גייסטיגער שטרע־בונג צו יראת ד׳. דאַגעגען איז די שטרעבונג אין מחשבה פון גוף אינגאַנצען באַהערשט געוואָרען פונ׳ם חומר — צו געניסען וואָס מער קערפּערליכען תענוג, זעטיגען זיך מערער מיט ערדישער הנאה און זיין גאַנצער שטרעבונג און ציל איז אויסשליסליך פאַר זיך, הנאה צו האָבען פון דאָס ערדישע. איז דאַריבער דער סוף פונ׳ם גוף באַגראָבען צו ווערען דאָרטען וואו ס׳איז געווען זיין שטרעבונג, מחשבה, תאווה,

הנאה — אין דער ערד און די נשמה דערגרייכט איר שטרעבונג אין ציל — צו די עולמות העליונים. (באַרדיטשעווער.)

---

דעם מאמר חז"ל „המת מתוך שחוק סימן יפה לו, מת מתוך בכיה סימן רע לו," האָט דער ראַדישיצער אַזוי אויסגעטייטשט:

מת מתוך שחוק — אַ מענש וועלכער האָט דאָס גאַנצע לעבן באַטראַכט פאַר אַ געלעכטער, אַזאַ מענש האָט גאָר ניט געפעלט אויף דער וועלט. וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער זיך באַנוגענט און אויב ער שטעהט אויף אַזאַ מדרגה עד יום מותו, סימן יפה לו — שטאַרבט ער אַ צופרידענער, די וועלט און דאָס לעבן איז ביי אים סיי־ווי געווען אַ חוזק, אַ געלעכטער.

דער מענש, אָבער, וואָס עולם־הזה איז ביי אים דער עיקר, אַזאַ מענש לעבט כל ימיו בצער. קיינמאָל האָט ער ניט גענוג. יש לו מנה רוצה מאתים. תמיד פעהלט אים. רק ער האָט ניט גענוג. אַזאַ מענש שטאַרבט מתוך בכיה, ווייל „אין אדם מת וחצי תאותו בידו". וסימן רע לו — אַזאַ מענש איז אַ שאָד די וועלט, די תענוגי עולם הזה, שטאַרבט ער דערפאַר אַן אומצופרידענער, אַ וויינענדיגער און אַ קלאָגענדיגער.

---

## ויאמר לו, איכה (ג. ט.)

ויאמר, האָט אדם אָפּגעענטפערט גאָט, נאָך דעם ווי איך האָב געגעסען פון עץ־הדעת, ואירא, האָב איך דערזעהן, כי ערום אנכי, אַז איך בין נאַקעט פון אנכי, אַז איך האָב עובר געווען אויף דיין געבאָט — ואחבא. (ר' מ"ל לענטשנער.)

---

דער רבי ר' אלימלך פון ליזענסק האָט אַמאָל זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט'ן רבין ר' זושא. האָט דער רבי ר' אלימלך געפרעגט דעם רבין ר' זושא:

— כידוע, איז אדם הראשון געווען די פאַרקערפערונג פון אַלע נשמות וואָס וועלען געבוירען ווערען אויף דער וועלט, הייסט דאָס, בעת אדם הראשון האָט געגעסען פון עץ־הדעת, איז דאָס געווען מיט אייער הסכמה. היתכן, ווי קומט דאָס וואָס איר ר' זושא האָט אים געלאָזט עסען פונ'ם עץ־הדעת?

האָט אים דער רבי ר' זושא מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט:

— ווען איך וואָלט געווען געשטערט אדם הראשון צו עסען פון עץ־הדעת, וואָלט ער תמיד געווען אין ספק, אַז ווען ער וואָלט געגעסען

וואָלט ער געוואָרען אַ גאָט, האָב איך אים געלאָזט עסען, אדרבא, עס און זע, אַז דו ביזט אַ גאָר־נישט...

---

## ואל אישך תשוקתך והוא ימשל בך (ג. טז.)

הכל ממנו ולא ממך (רש"י).

וואָס באַצוועקט דאָ רש"י מיט די ווערטער?

— השי"ת האָט געזאָגט צו דער אשה, שטענדיג וועט דאַרפן זיין והוא ימשל בך. נאָר טאָמער טרעפט, אַז דו וועסט ווערען דער מושל איבערן מאַן — „ממנו," איז דאָס נאָר דעם מאַנס שולד. איז דאָס נאָר אַ סימן אַז דער מאַן איז ניט קיין לייט, דעריבער קאָנסטו איבער אים הערשען, „ולא ממך" אָבער ניט צוליב דיינע כחות און דיין השפעה. דער מאַן, דער טויגעניכטס איז זיך אַליין שולדיג. (רבי ר' בונם).

---

אַ יונגערמאַן האָט אַ מאָל זיך מתנצל געווען פאַר'ן קאָצקער, אַז זיין פרוי הערשט איבער אים.

— מסתמא דאַרף עס אַזוי זיין. ס'איז געוויס דיין שולד. אין דער תורה שטעהט „ואל אישך תשוקתך והוא ימשל בך." אויב די ערשטע דריי ווערטער זענען להיפוך, דו האָסט דיין פרוי ליבער ווי זי דיך, זיינען ממילא די אַנדערע דריי ווערטער אויך פאַרקערט. אַנשטאָט דו זאָלסט זיין דער אויבערהאַר איבער דיין פרוי, הערשט זי איבער דיר...

---

## בזעת אפיך תאכל לחם (ג. יט.)

צום ניסכיזער איז איינמאָל געקומען אַ איד און געקלאָגט זיך אויף זיין שלעכט מזל. ער אַרבייט מיט שוויס פאַר זיין שטיקעל ברויט און האָט בצמצום חיונה פאַר זיין פרוי און קינדער.

— וואָס פאַרלאַנגסטו, פרנסה זאָל דיר גרינג אָנקומען? ס'איז דאָך אַ בפירוש'ער פסוק אין דער תורה, „בזעת אפיך תאכל לחם."

— אמת, איך ווייס דאָס — האָט דער איד געהאַלטען זיך אין קלאָגען — וואָלט איך כאָטש נאָך מיין שווייסיגען אַרבייטס־טאָג געהאַט ברויט בריוח.

— די וועלט זאָגט אָבער — האָט אים דער ניסכיזער אָפּגעענטפערט — אַז נאָך אַ שווייסיגען אַרבייטס־טאָג איז אומגעזונט צופיעל צו עסען...

---

„יגיע כפיך כי תאכל,״ אַז דו וועסט עסען פון דער אַרבייט פון דיינע הענט, אַז וואויל און גוט וועט עס זיין צו דיר. פונקט פאַר־קערט וועט זיין, ווען דיין עסען וועסטו פאַרדינען — מיגיע מחשבותיך... (קאָצקער.)

---

יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך. אַז אַ מענש אַרבייט, איז באַ־שעפטיגט ביי זיין גשמיות׳דיגער מלאכה, בלויז מיט די הענט, זיין קאָפּ, זיינע מחשבות, זענען אָבער פאַרנומען מיט העכערע רעיונות, די הענט אַרבייטען און דער קאָפּ איז אין הימעל, אַזאַ מענש איז „אַשרי וטוב לו.״ (אלכסנדר רבי.)

---

## ויהי הבל רעה צאן, וקין היה עבד אדמה (ד. ב.)

אין ויהי אלא לשון צער. הבל האָט געהאַט גרויס עגמת נפש און צער, וואָס ער דאַרף באַשעפטיגען זיך מיט אַזאַ מלאכה גשמית, און האָט ניט קיין צייט אָפּצוגעבען זיך מיט דברים של רוחניות. דאַגעגען קין, היה עבד אדמה — והיה לשון שמחה. קין האָט זיך געפרייט וואָס ער באַשעפטיגט זיך בדברים גשמיים און האָט וועגען רוחניות אַפילו ניט געטראַכט. דערפאַר איז „וישע אל הבל ואל מנחתו, ואל קין ואל מנחתו לא שעה.״ (ר׳ משה צבי סאווראנער.)

---

„ויהי מקץ ימים״ — השי״ת האָט איגנאָרירט קינ׳ס מנחה, ווייל ער האָט זי געבראַכט ביים סוף פון זיינע טעג, אויף די עלטערע יאָרען. (רבי ר׳ בונם.)

## והבל הביא גם הוא (ד. ד.)

הבל האָט אינגאַנצען זיך מבטל געמאַכט פאַר השי״ת. ער איז גרייט געוועזען זיך אַליין מקריב צו זיין. (קאָצקער.)

---

„למה חרה לך״ — אַז דו וועסט אין דיר אַריינקוקען — האָט השי״ת געזאָגט צו קין — וועסטו זעהן, אַז דיין פאַרדראָס קומט לחלוטין נישט וואָס איך האָב ניט דיין קרבן מקבל געוועזן, נאָר דער עיקר איז דיין קנאה, וואָס דו ביזט מקנא דיין ברודער הבל, וואָס זיין קרבן האָב איך יאָ צוגענומען. (חידושי הרי״ם.)

---

דער „חידושי הרי״ם,״ געהענדיג איינמאָל שפּאַצירען מיט זיינע חסידים, האָט באַמערקט ווי אַ מאַן שטעהט צווישען עופות, וואַרפענדיג

זיי ברעקלעך ברויט און אין וועלכער זייט ער האָט די ברעקלעך געוואָרפען, זענען דאָרט די עופות געלאָפען כאַפּען.

— איהר זעהט וואָס עס מיינט קנאה — האָט דער „חידושי הרי״ם" געזאָגט צו זיינע חסידים — די עופות האָבען דאָך אויף איין אָרט געגוג צום עסען, פונדעסטוועגען, אַז זיי זעהן אַז מ׳וואָרפט ברויט אויף אַ צווייטען פּלאַץ, לויפען זיי דאָרט אויסכאַפּען דאָס ברעקעל פון מויל ביים צווייטען עוף... — אַט אַזוי זענען אויך די מענשען!...

---

יעדער מענש האָט אין זיין נאַטור און כאַראַקטער עפּעס פון די אוראַלטע ערשטע פאַרצייטיגע דורות. קנאה פון קין און הבל, תאווה פונ׳ם דור המבול, און דעם פאַרלאַנג פאַר כבוד פונ׳ם דור הפלגה. (קאזשניצער מגיד.)

---

## למה חרה לך, ולמה נפלו פניך (ד. ז.)

השי״ת האָט געפרעגט קינ׳ן, וואָס באַשטעהט דיין פאַרדראָס ? פאַרדריסט דיך, מחמת דו האָסט חרטה אויף דיין ביז איצטיגע התנהגות, אָדער פיהלסטו זיך נידערגעשלאָגען מחמת סתם עצבות. וואָס קומט נאַטירליך נאָך דעם ווען אַ מענש באַגעהט אַ פאַרברעכען ? אויב דיין נפילת הפנים און טרויער קומט פון סתם עצבות, איז דאָס פּשוט׳ע מעלאַנכאָליע, וואָס באַפאַלט אַ מענש נאָך אַ באַגאַנגענע עברה און איז באין אופן נישט קיין תשובה מן הלב. (קאָצקער).

---

דער אמת׳ער חסיד איז נאָר דער, וואָס איז אין דער בחינה פון אַ קינד, לאַכט און וויינט אין איין צייט. בלויז איינע פון די מדות טויג נישט. בלויז עצבות, ברענגט צו יאוש, מרה שחורה און פינסטערן פעסימיזם. בלויז שמחה ברענגט צו פריקת עול, הפקר׳דיגקייט און פאַרגעסן אין בורא־עולם. אָבער דורךביידע צוזאַמען קען מען דערגרייכן די מדרגה פון יראה און אהבת ה׳. (לובלינער רבי.)

---

הגם מיר הערען ניט דעם „בת־קול שיוצאת מהר חורב בכל יום", דרינגט דאָס אָבער טיף אַריין אין אידישע הערצער און דערוועקט הרהורי תשובה. שוטים, וואָס האַלטען זיך פאַר חכמים, האַלטען אָבער, אַז דאָס איז „באַפאַלענע מרה שחורה," זוכען זיי אָפּצושווענקען די מרה־שחורה פונ׳ם האַרץ מיט בראַנפען טרינקען און טומעלדיגע פרייד. (ר׳ וואָלף סטריקאָווער.)

---

די צייט פון עסען זיינען די יוגענד יאָרען. די צייט פון שלאָפען איז אין קבר — און דאָס וואָס די וועלט רופט עצבות, אומעטיגקייט און איך רוף דאָס „פריקת עול", דאָס האָט אין ערגעץ קיין אָרט ניט. (קאָצקער.)

## הלא אם תיטיב שאת (ד. ז.)

רבונו של עולם, אויב די אידען געהן בדרך הטוב והישר — שאת, ביסטו דאָך אודאי מחויב זיי צו פאַרגעבען זייערע חטאים. ואם לא תיטיב, אַפילו ווען די אידען געהן ניט בדרך הישר והטוב, ווייסטו דאָך רבונו של עולם, אז דאָס איז ניט די אידען'ס שולד, „לפתח חטאת רובץ," וואָס זאָלען זיי טוען, אַז דער יצר הרע ליגט ביים שוועל פון זייער טיר און מאַכט זיי בעל כרחם זינדיגען? באמת אָבער, אליך תשוקתו איז זייער גאַנצע תשוקה נאָר צו דיר, „לעשות רצון אָבינו שבשמים", ואתה תמשל בו — סוף כל סוף האַלטען זיי דיך פאַר'ן מושל און ניט דעם יצר־הרע. (ר' מאירל פרעמישלאנער.)

„הלא אם תיטיב" — פאַרנעמסטו זיך אויפן גוטען וועג, אליך תשוקתו, וועט דער יצר־הרע תיכף דיך פאַרפאָלגען, אַרונטערצופירען פונ'ם דרך הישר. ואתה תמשול בו און ביי דיר וועט זיין אבהענגיג אין דיין כאַראַקטער און אין דיין נאַטור דעם יצר־הרע גובר צו זיין. (ר' יהושעלע פראַגער.)

דער יצר־הרע איז אַמאָל געקומען צו מיר — האָט דער זלאטשיווער מגיד איינמאָל דערציילט צו זיינע חסידים — פונקט אינמיטען דאַווענען און געוואָלט מיט מיר פאַרפירען חשבונות, האָב איך אים אַזוי געזאָגט: בשעת־התפלה פיר איך מיט קיינעם ניט קיין חשבונות, נאָר אויב ער וויל דוקא זיך מיט מיר רעכענען, האָב איך אים ווי אַ גאַסט איינ־געלאַדען צום עסען.

## ויאמר ה' אל קין אי הבל אחיך, ויאמר לא ידעתי. השומר אחי אנכי (ד. ט.)

איז דאָך אין פלוג קשה, ווי איז שייך דער רבש"ע, וואָס איז אַ יודע־הכל, זאָל פרעגען ביי קינ'ען: „אי הבל אחיך?" און קין זאָל זיך אויסבאַהאַלטען מיט אַזאַ כלומרשטען תירוץ — „השומר אחי אנכי"?

— דאָס איז דאָך גלוי וידוע לכל, אַז דער רבש"ע איז אַ משגיח לכל בריה, יעדע קלייניגקייט וואָס פּאַסירט מיט אַ מענש, ווערט פריער באַשטימט פון דער השגחה. קין זאָל הרג'נען הבל'ען איז פון דער השגחה ניט אָנגעצייכענט געוואָרען, דערפאַר האָט דער רבש"ע גע־פרעגט ביי קין „אי הבל אחיך?"

קין, דאַגעגען, האָט גערעכענט, אַז דער גאַנצער קאָנפליקט צווישען אים מיט זיין ברודער וואָס האָט דערפירט, ער זאָל איהם הרג'ענען, איז מן־הסתם פון פריער באַשטימט געוואָרען פון דער השגחה. ווייל בדרך הטבע האָט קין אַליין ניט געקאָנט משיג זיין, ווי אַזוי איז דאָס מעגליך געוועזן, אַז איין ברודער זאָל הרג'ענען אַ צווייטען? דער־פאַר האָט קין מיט גרויס פאַרוואונדערונג איבערגעפרעגט דעם רבש"ע „השומר אחי אנכי?" — דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, וואָס איך האָב גע־טאָן, בודאי איז דאָס געווען לויט דיין רצון, באַשטימט פון פריער פון דער השגחה, ואם לאו, איז דאָך מיר אַליין אויך קשה, ווי קומט דאָס איך זאָל הרג'ענען מיין אייגענעם ברודער? ווייל „השומר אחי אנכי?" בין איך דען פון דיר באַשטימט געוואָרען, צו זיין דער היטער פון מיין ברודער? (רבי ר' בונם.)

---

## ויאמר לא ידעתי

נעשה כגונב דעת העליונה (רש"י)

איז דאָך באמת קשה, האָט קין ניט געוואוסט, אַז פאַר'ן רבונו של עולם איז קיין זאַך ניט פאַרבאָרגען און ס'איז ניט געמאָלט צו גנב'ענען דעם דעת המקום?

אין דער מכילתא ווערט געבראַכט, ווען דער רבש"ע האָט משה'ן געגעבען די עשרת־הדברות, זיינען זיי צוטיילט געוואָרען אין צוויי טיילען, „חמשה דברות כנגד חמשה דברות. איז ממילא אויסגעקומען דער זעקסטער געבאָט „לא תרצח", אַנטקעגען דעם ערשטען געבאָט „אנכי", וואָס דאָס איז מרמז, אַז ווער עס הרג'עט אַ מענשען, פאַרמינערט ער דעם ערשטען געבאָט „אנכי." מחמת דער גע'הרג'עטער דינט דאָך ניט מעהר דעם בורא־עולם. אָט דאָס האָט השי"ת געפרעגט קינ'ען.

— אי הבל אחיך? — וואו איז דאָס עבדות, דאָס דינען דעם „אנכי" פון דיין ברודער הבל? דורך דעם וואָס דו האָסט גע'הרג'עט דיין ברו־דער, האָסטו דאָך גורם געווען צו פאַרמינערען דאָס עבדות פון „אנכי."

אויף דעם האָט קין געענטפערט: לא ידעתי, אָט דאָס טאַקע האָב איך ניט געוואוסט, אַז „השומר אחי אנכי," אַז איך בין פאַראַנטוואָרט־

ליך פאַר דעם „אנכי״ פון מיין ברודער, אַז דורך דעם וואָס איך האָב גע׳הרג׳עט מיין ברודער הבל, האָב איך פאַרקלענערט דעם אנכי — לא ידעתי, דאָס האָב איך ניט געוואוסט. (ר׳ אברהמ׳על׳ע פאַריסאָווער).

## והיה כל מוצאי יהרגני (ד. יד.)

והיה, איז דאָך כידוע א לשון שמחה, וואָס פאַר אַ שמחה איז דאָס געווען ביי קינ׳ען ?

— ווען קין האָט געהערט זיין גזר־דין, אַז ער וועט זיין גאַנץ לעבען דאַרפען זיין נע־ונד, האָט ער שטאַרק מתרעם געווען און געקלאָגט זיך פאַר׳ן רבש״ע. קין האָט גע׳טענה׳ט, „והיה״ איך וואָלט ליבערשט מיט שמחה אויפגענומען דעם פסק־דין, אז „כל מוצאי יהרגני״, איידער אַרומ־צובלאָנקען זיך איבער דער וועלט און זיין נע־ונד. (ר׳ ישראל ריזשנער.)

## זה ספר תולדות אדם (ה. א.)

„ספר״ באַטרעפט ווי דאָס וואָרט „שם,״ 340. איז דאָס מרמז, אַז דער נאָמען וואָס דער מענש דערווערבט זיך ביים לעבען, פאַרבלייבט דאָס „ספר״ פון זיין לעבען. (ר׳ ישראל ריזשנער.)

## ויקרא את שמו נח, לאמר, זה ינחמנו ממעשנו ומעצבון ידינו. (ה. כ״ט)

כל הנולדים קודם נח היו ידיהם אדוקות — נח נולד עם חתוך אצבעות. (מדרש.)

אַלע מענשען וואָס זיינען געבוירען געוואָרען פאַר נח׳ן, זיינען די פינגער ביי זיי געווען צוזאַמענבאַהעפט. נח איז געווען דער ערשטער, וואָס איז געבוירען געוואָרען מיט צוטיילטע פינגער.

לכתחילה האָט גאָט באַשאַפען די מענשען מיט באַהעפטע פינגער, אַז דער מענש איז אָבער געוואָרען געלד־גייציג, עגאָאיסטיש, האָט אָנגעהויבען פאַרכאַפּען אַלעס פאַר זיך, האָט גאָט תיכף געמאַכט אַ שנוי אין דער בריאה און פון נח׳ן אָן זיינען די מענשען שוין געבוירען געוואָרען מיט צעטיילטע פינגער. ווייל דער אויבערשטער וויל, אַפילו דער מענש וואָס זוכט צו פאַרכאַפּען גאַנצע הויפענס עשירות און שפע פאַר זיך, זאָל דאָך, אַפילו ניט ווילנדיג לאָזען דורכרינען צווישען זיינע פינגער עפּעס כאָטש פאַר דעם אָרימאַן, דעם נויטבאַדערפטיגען. (ר׳ חיים צאנזער.)

## וירא ה׳ כי רבה רעת האדם (ו. ה.)

דאָס שלעכטע, וואָס דער מענש טוט, איז אַזוי גרויס, אַז ער איז דורך דעם פוגם אַלע עולמות העליונים. (ישמח משה.)

---

## ונח מצא חן בעיני ה׳ (ו. ח.)

נח האָט געפונען חן בעיני ה׳, אָבער ניט בעיני אדם? — בעטען מיר דאָך „ויתננו לחן ולחסד בעיניך ובעיני כל רואינו״.

ווי די תורה זאָגט אונז עדות, איז נח געווען אַ צדיק תמים. ער פלעגט אָפט שטראָפען די מענשען פון זיין דור פאַר זייערע פאַרדאָרבענע מעשים און ווי עס איז דער שטייגער, אַז מענשען האָבען פיינט ווען מען מוסר׳ט זיי, בפרט נאָך די מענשען, וועלכע פיהלען אַז זיי זיינען שולדיג. זאָגט אונז די תורה, אַז נח האָט געפונען חן בעיני ה׳, אָבער די מענשען אין זיין דור האָבען אים פיינט געהאַט, האָבען איהם ניט געקאָנט סובל זיין. (ר׳ איטשע בידיס.)

---

ונח מצא חן בעיני ה׳ — צוליב וועלכען זכות און מעשים טובים? — צוליב דעם זכות פון אלה תולדות נח. (ר׳ יעקב ישראל טשער־קאַסער.)

# נח

## אלה תולדות נח (ו. ט.)

דאָס זיינען די מעשים פון נח. נח איש צדיק, נח האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה אין צדקות. תמים היה בדורותיו, כאָטש דער דור אין זיין צייט איז געווען אַ פאַרדאָרבענער און אַ דעגענערירטער, האָט ער פון דעסטוועגן געלעבט מיט זיי בשלום. (ר' אשר הורוויץ.)

---

## אלה תולדות נח

נח איז געווען אַן איש צדיק אין זיין מענשליכער אויפפירונג און אין זיין באַציאונג צו מענשען. (חדושי הרי"ם.)

---

אלה תולדות נח — „נח לשמים, נח לבריות." נח איז געווען אַ ירא־שמים און אַ צדיק תמים. נח איז אָבער אויך געווען אַ „נח לבריות", האָט געלעבט בשלום מיט זיין דור, האָט מצדיק געווען זייערע מעשים, דערפאַר יש דורשים אותו לשבח ויש דורשים אותו לגנאי. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער.)

---

דער אמת'ער צדיק, וואָס באַזיצט אין זיך נישט קיין שלעכטס, נאָר בלויז גוטס, זעהט ניט קיין שלעכטס אויף קיין אידען, אַפילו אויף דעם ערגסטען. (בעש"ט.)

---

ר' דוד לעליוער האָט געזאָגט: אַ שלעכטער איד איז גאָר ניט בנמצא. אויב מיר זעהן דאָך אַ שלעכטען אידען, איז דאָס לחלוטין ניט זיין שולד, דאָס שלעכטע איז ניט זיינס, נאָר פרעמדס, וואָס האָט זיך אין איהם אַריינגעכאַפּט געגען זיין רצון. אָבער באמת איז אַ שלעכטער איד גאָר נישטאָ...

---

יעדער איד באַזיצט אין זיך אַ הייליגען ניצוץ, וואָס לייכט אין איהם ווי אַ טייערער אבן־טוב, פונקט ווי אַ בריליאַנט, איידער ער

בלישטשעט, מוז מען איהם גוט אַרומרייניגען און אַרומפּוצען, ערשט נאָכדעם לייכט ער, אַזוי דאַרף מען זיך באַציען צו יעדען איד. און גאַנץ אָפט פּאַסירט, אַז דער ניצוץ הקדוש ביי אַ פּראָסטען איד, נאָכדעם ווי ער ווערט אַרומגערייניגט צעליכט ער זיך מיט אַזאַ געטליכער ליכטיגקייט וואָס פאַרטונקעלט די ליכטיגקייט פון'ם צדיק. (ר' ישראל ריזשנער.)

---

## אלה תולדות נח

פאַראַן צוויערליי צדיקים אויף דער וועלט. איינער, וועלכער איז אַן עובד ה' בפני עצמו, לעבט זיין וועלטעל אין די אייגענע ד' אמות, זוכט ניט אויסצונוצען זיין השפעה, מקרב צו זיין אַז אויך אַנדערע זאָלען ווי ער זיין עובדי ה'. און איינער, וואָס אויסער עבודת הבורא זוכט ער מקרב צו זיין אַנדערע, איבט אויס זיין איינפלוס, אַז אויך זיי זאָלן זיך דערנענטערן צום דרך ה'.

נח איז געווען אַ צדיק פון ערשטען קלאַס. דער דור אין זיין צייט האָט אים לחלוטין ניט פאַראינטערעסירט, ער איז געווען אַ צדיק פאַר זיך. זאָגט אונז דאַרויף די תורה, „ונח מצא חן בעיני ה'" — בלויז אין די אויגען פון גאָט האָט נח געפונען חן, אָבער ניט אין די אויגען פון מענשען. (באַרדיטשעווער.)

---

„ונח מצא חן" — אָט דאָס איז דער צוועק און די גאַנצע אַרבייט פון מענשען בעולם הזה, למצוא חן בעיני ה' ואדם. געפינט מען דעם חן, איז מען אַ צדיק און אַ תמים. (שפת אמת.)

---

„צדיק כתמר יפרח, כארז בלבנון ישגה" — צוויערליי צדיקים זיינען פאַראַן אין דער וועלט. איינער וועלכער איז אין שטענדיגער דביקות צו השם־יתברך. ער איז אַ צדיק נאָר פאַר זיך און איז ניט משפיע פון זיין צדקות אויף אַנדערע. אַזאַ צדיק איז געגליכען צו אַן „ארז," וואָס טראָגט ניט קיין פירות, ער זאָל קענען אויך אַנדערע מחזיר למוטב זיין.

דער צווייטער צדיק וואָס איז געגליכען צו אַ „תמר", אַ טייטעלבוים, וואָס מאַכט וואַקסען פרוכט, איז אַ „מוציא יקר מזולל." ער מאַכט בליען און פאַרגרעסערען דאָס גוטע אויף דער וועלט און זיין שכר איז כפל כפליים, אַ סך מער פון'ם ערשטען צדיק — כאָטש דער ערשטער איז אויך אַ צדיק גמור. (בעש"ט.)

---

אַזוי ווי בעולם הזה קען אַ מענש געפינען אַ מציאה, אַ הון־רב, זיין אַ זוכה־בגורל און גאָר פּלוצים ווערען אַ גרויסער עושר, אַזוי איז אויך מעגליך אין קנין עולם הבא. ווי די תורה זאָגט אונז, „ונח מצא חן בעיני ה׳״ — נח האָט אומגעריכט, בלי שום יגיעה, געפונען חן אין גאָט׳ס אויגען און ווערט גערופען נח איש צדיק. (ר׳ צדוק הכהן.)

---

„בכה רבי, יש קונה עולמו בשעה אחת!״ — אויף דעם האָט רבי געוויינט, אדרבה, ער האָט געדאַרפט גאָר זיין פון דעם צופרידען.

— רבי האָט געוויינט אויף די מענשען וואָס זייער גאַנץ לעבען זיינען זיי חוטאים, נאָר צוליב איין גרויסער מצוה קויפען זיי זיך עולם־הבא. אַזעלכע מענשען קענען ניט האָבען קיין הרגשה און קיין תענוג פון עולם הבא. (קאָצקער.)

---

## אלה תולדות נח, נח איש צדיק

עס איז דער דרך־הטבע פון עלטערען, אַז יעדער פאָטער, מיט גאָר ווייניג אויסנאַמען, דאגה׳ט, האָרעוועט און יאָגט זיין גאַנץ לעבען, פאַר זיינע קינדער׳ס וועגען, פאַר זיך אַליין דאגה׳ט ניט און דאַרף גאָר נישט דער טאַטע. אדרבה, שטעלט אַפּ וועלכען פאָטער אין גאַס און פרעגט אים: „וואָס אַרבייסטו? וואוהין לויפסטו? פאַר וועמעס וועגען?״ וועט ער אייך באַלד ענטפערען: „פאַר די קינדער!״ אַזוי איז שוין דער דרך העולם, אַ דור נאָך אַ דור.

עד־היום איז אָבער נאָך ניט געווען קיין איינציג קינד וואָס זאָל האָבען פולשטענדיג צופרידענגעשטעלט דעם פאַר־דאגה׳טען און פאַר־האָרעוועטען טאַטען. דאָס קינד זאָל זיין דאָס וואָס דער פאָטער האָט געשטרעבט און זיך געוואונשען. זאָגט דערפאַר די תורה וועגען נח׳ן, אַז ער איז אַנדערש געווען. ער האָט זיך ניט פאַרנאַכלעסיגט. זיין גאַנץ לעבען האָט ער נישט אַוועקגעגעבען פאַר די קינדער וועגען. נח האָט גע׳דאגה׳ט פאַר זיך גופא, פאַר׳ן אייגענעם גוף און נשמה.

אלה תולדות נח — נח אַליין איז געווען אַן איש צדיק, אַ תמים. ער האָט זיין לעבען ניט אָפּגע׳פטר׳ט מיט׳ן תירוץ „פאַר די קינדערס וועגען.״ נח האָט ניט געלעבט אין עולם־התוהו, ווי דער שטייגער פון רוב עלטערן, נח האָט געזאָרגט, געאַרבייט פאַר זיך זעלבסט. ער איז אַליין געווען פאַר זיך דער זוהן פון האָפענונג, פון פאַלקאָמענ־הייט, פון צדקות. דרש׳ענען דעריבער מאַנכע חכמים זיינע מעשים לגנאי, קריטיקירען זיין לעבענס־שטייגער, האַלטען זיין דרך פאַר עגאָ־איסטיש, און מאַנכע חכמים דרש׳ענען אים לשבח — האַלטען זיין דרך

פאַר לויבענסווערט און ריכטיג. דעריבער זאָגט די תורה תיכף אין דער התחלה:

„אלה תולדות נח" — נח׳ס דרך, זיך אַליין צו פאַרזאָרגען, איז געווען דער ריכטיגער. אַנשטאָט צו דאגה׳ן און אַרבייטען פאַר זיינע קינדער, ווי עס איז דער שטייגער פון דאָס רוב עלטערען, האָט נח געזאָרגט פאַר זיך אַליין, נח איש צדיק. (יוד הקדוש.)

---

„נח איש צדיק, תמים היה בדורותיו" — זיין דור האָט געהאַלטען נח׳ן פאַר אַ צדיק, ווייל „את האלהים התהלך נח", די מענשען אין זיין צייט האָבען אים לחלוטין ניט פאַראינטערעסירט. ער האָט זיי ניט גע׳מוסר׳ט, האָט זיי ניט געזוכט מחזיר למוטב צו זיין, ער האָט געלעבט, גע׳דאגה׳ט פאַר זיך, — אַזאַ צדיק האָט דאָס פאָלק ליב און אַזאַ צדיק איז נח געווען אין זיין צייט. (מהר"מ אמשינאָווער.)

---

„את האלהים התהלך נח" — אַלץ וואָס גאָט האָט געטאָן, האָט נח מסכים געווען. אַז השי"ת האָט אים געזאָגט, „אמחה את האדם מעל פני האדמה," האָט נח ווי אַ צדיק הדור, ווי אברהם אָבינו האָט געטאָן ביי סדום, באַדאַרפט זיך געגענשטעלען גאָט׳ס משפט און גזר־דין, אָפּצושרייען די גזרה, אָדער ווי אַ צדיק זי בטל מאַכען, איז אָבער נח געגאַנגען מיט גאָט, וואָס גאָט האָט געטאָן, האָט נח מסכים געווען. דעריבער „יש דורשין אותו לגנאי". (ישמח משה).

---

נח איז לשון ניחא, געלאַסענקייט, רוהיגקייט, ניט איבערגעאיילט, אַזאַ מענש „את האלהים התהלך," ווערט תמיד באַגלייט פון גאָט. (רבי מלובלין.)

---

דער חילוק צווישען אַן עצל און אַ געלאַסענעם איז קענטיג לויט זייערע האַנדלונגען. דער געלאַסענער טוט אַלץ מיט ישוב־הדעת און דער עצל פוילט זיך צו טראַכטען און טוט דערפאַר אַלץ אָן ישוב־הדעת. (קאָצקער.)

---

צו זיין אַ סבלן, דאַרף אַ מענש זיך אָפּלערנען פון אַ בהמה. די בהמה זעהט אַלץ, פיהלט דעם עול, איז אַ סבלן און פאַרטראָגט אַלץ. (משמרת איתמר.)

---

„אלה תולדות נח, נח איש צדיק," — דאָס רוב איז פון די תולדות,

די קינדער, קענטיג דער כאַראַקטער און די התנהגות פונ׳ם פאָטער. (ר׳ חיים צאנזער.)

---

„כל מה דעביד רחמנא,״ אַלץ וואָס דער רבש״ע טוט מיט׳ן מענש, לטב עביד, איז דאָס פאַר׳ן מענשענס טובה וועגען, כדי ער זאָל בעסער ווערען. (מהר״מ אַמשינאָווער).

---

ר׳ הירש מלך דינאָווער פלעגט אָפט בייטען זיין דירה. האָט מען אים איינמאָל געפרעגט: וואָס איז די סבה וואָס דער רבי באַזעצט זיך נישט אויף שטענדיג אויף איין אָרט?

— ווען אַ בעל־הבית האָט אַ פאָס, שטעלט ער דאָס אַלע מאָל אין אַן אַנדער ווינקעל, וועט ווער האָבען די העזה צו פרעגען דעם בעל־הבית, פאַר וואָס ער טוט דאָס אַזוי. מסתמא ווייסט דער בעל־הבית פאַר וואָס און ווייסט געוויס ווי צו האַלטען זיינע כלים.

---

„ודורשי ה׳ לא יחסרו כל טוב״ — די דורשי ה׳ פעלט קיינמאָל גאָר נישט. ווייל אַלעס איז ביי זיי גוט, אַלעס זיינען זיי מקבל באהבה. (ר׳ ישראל ריזשנער.)

---

וועלכע איז אַ גרעסערע מדרגה, אַ „תמים״ אָדער אַ „גדול״?

— א תמים. לאָמיר זעהן. מ׳לייגט צוויי חלות צום טיש, איינע אַ גרויסע אָבער אַן אָנגעהויבענע, די צווייטע אַ קלענערע אָבער אַ גאַנצע, איבער וועלכער חלה מאַכט מען „המוציא״? — אוודאי איבער דער גאַנצער חלה, כאָטש זי איז קליין. פון דעם זעהן מיר, אַז תמים איז גרעסער און חשובער ווי אַ גדול . . . (רבי מלובלין.)

---

„צדיק באמונתו יחיה״ — אַפילו דער צדיק צדיק הדור זעהט אויך ניט קיין התגלות אלקים, נאָר ער לעבט תמיד מיט דער אייגענער אמונה שלימה בחיי עולמים. (טשאָרטקאָווער).

---

דריי מדרגות זיינען פאַראַן אין עבודת־השם. א) דער וואָס איז תמיד עוסק אין מצוות ומעשים טובים און האַלט אַז דאָס וואָס ער האָט געטאָן און טוט, איז ניט פון גרויסען ערך — אָט דאָס איז אַ גאָר גרויסע מדרגה.

ב) דער וואָס האָט נישט קיין סך מצוות און מעשים טובים געטאָן, און ווייסט, אַז ער האָט ניט געטאָן, אָט דאָס איז אַ מיטעלע מדרגה.

אַזאַ מענש איז פאַראַן אַ האַפּענונג אַז מיט דער צייט וועט ער זיך נעמען עוסק זיין אין מצוות.

ג) דער וואָס איז אַ צדיק און ווייסט ביי זיך, אַז ער איז אַ צדיק, דאָס איז די קלענסטע מדרגה. צו קיין הויכער מדרגה וועט אַזאַ מענש קיינמאָל ניט דערגרייכען . . . (יוד הקדוש).

---

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט דעם באַרדיטשעווער — פאַרוואָס זיינען קלענערע גוטע אידען פאַר איהם עשירים און ער אַן עני ואביון?

— ווייל צו מיר קומען בלויז חסידים יראים ותמימים און פאַר־לאַנגען פון מיר איך זאָל פאַר זיי מתפלל זיין, זיי זאָלן זיין ערליכע אידען און יראי־שמים, פון עשירות דערמאָנען זיי לחלוטין נישט. בעט איך פאַר זיי ביים רבש״ע „חיים של יראת שמים.״ חיים של עושר וכבוד דערמאָן איך גאָר נישט. היות די גמרא זאָגט, „המתפלל בעד חברו, הוא נענה תחלה,״ האַלט איך דאָרום אין ווערען אַלץ אַ גרע־סערער צדיק און ירא־שמים.

צו די קלענערע גוטע אידען, דאַגעגען, קומען פשוטע אידען סוחרים, וואָס בעטען ביי זיי „חיים של עושר וכבוד,״ בעטען זיי ביים רבש״ע פאַר זייערע חסידים עושר וכבוד, אַזוי ווי מיר האָבען געזאָגט „המתפלל בעד חברו, הוא נענה תחלה,״ ווערען זיי פריער געהאָלפען מיט עשירות. זיינען זיי דערפאַר קליינע צדיקים און עשירים און איך בין מיר אַ „תמים עם ה׳״ און אַ גרויסער אָרימאַן.

---

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט דעם קאָצקער רבי׳ן: ווי קומט דאָס, וואָס מ׳טרעפט אָפט אַ פרומען אידען, אַ צדיק און אַ גרויסער טפש?

— חכמה און טפשות — האָט דער קאָצקער מיט אַ שמייכעל אָפּ־געענטפערט — ווערט דעם מענשען צוגעטיילט פון דער השגחה. צו זיין אַ צדיק אָדער רשע איז אָפּהענגיג אין דער בחירה פון מענשען. אויב די השגחה האָט באַשטימט אַז דער מענש זאָל זיין אַ טפש און דער זעלבער מענש מאַכט זיין בחירה צו לעבען אַ פרום לעבען, צו זיין אַ צדיק, איז ער אַ צדיק לויט זיין בחירה און אַ באַשטימטער טפש מן השמים. טרעפט מען דערפאַר אַ פרומען, אַ צדיק און איינצייטיג אַ גרויסער טפש.

---

אַ חסיד האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַרן פאַריסאָווער רבי׳ן, אַז דאָס איינציגסטע וואָס ער בעט ביי גאָט איז, ער זאָל זיין אַן ערלי־כער איד.

— אַזוי ווילסטו? פון וואַנען ווייסטו צי השי״ת וויל אויך אַזוי?

אַז אַלע וועלען זיין צדיקים און גדולים, וועט דאָך גאָר קיין אנשים פשוטים ניט זיין און השי״ת וועט זיין אַ מלך פון בלויזע פּאָלקאָווניקעס און גענעראַלען. טאָ, זאָג מיר, וואו האָסטו געהערט, אַז אַ מלך זאָל האָבען בלויז שרים און ניט קיין אנשים פשוטים — פּראָסט מיליטער? דו ווילסט טאַקע זיין אַ יחסן, אַ צדיק, השי״ת וויל אָבער דו זאָלסט זיין אַ פּראָסטער סאָלדאַט.

---

אַרומגערינגעלט פון רבנים, לומדים, חסידים, און בעלי בתים האָט איינמאָל ר' נפתלי ראָפּשיצער דערציילט פאַר זיי זיין יחוס.

— רבי! — האָט אַ איד פון צווישען עולם אויסגעשריען, — איך בין אַ גרעסערער יחסן פאַר אייך.

אַז מען האָט אויפ'ן פאַרלאַנג פון ראָפּשיצער דעם איד נעהענטער צוגערופען צום טיש און דער רבי האָט אים געפרעגט, פון וואָס באַשטעהט זיין יחוס, האָט דער איד אָפּגעענטפערט:

— איך בין דער איינציג פאַרבליבענער אין מיין גאַנצער משפחה וואָס לייג יעדען טאָג טלית ותפילין און וואַש זיך צו „שאו ידיכם" פאַרן עסען.

— ביזט גערעכט, מיין זוהן — האָט אים ר' נפתלי אָפּגעענטפערט — דו ביזט ווירקליך אַ גרעסערער יחסן פאַר מיר!

---

ר' אליעזר פון קאָזניץ, אַן אייניקעל פונ'ם קאָזשניצער מגיד, האָט ניט געוואָלט נעמען קיין קוויטלאַך פון זיינע חסידים. איינמאָל האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט ר' חיים צאַנזער, האָט אים ר' חיים פאָרגעוואָרפען אויף זיין מאָדנע התנהגות וואָס איז להיפוך פון אַנדערע רביים.

— איר אַ בן גדולים וקדושים, אַן אייניקעל פון דעם הייליקען קאָזשניצער מגיד, אַ זוהן פון ר' משה'לען, זאָל זיך אַנדערש נוהג זיין, ווי זיינע אָבות? — האָט ר' חיים געטענה'ט צו אים.

— דאָס איז דערפאַר — האָט אים ר' אליעזר אָפּגעענטפערט — ווייל איך האַלט פון דער גמרא „הקורא למפרע לא יצא," דער וואָס פאַררופט זיך אויפ'ן זכות אין יחוס פון זיינע עלטערן איז ניט קיין גענוגענדע באַשטעטיגונג, אַז ער איז ראוי צו נעמען קוויטלאַך.

---

„אַל תפרוש מן הצבור, ואַל תאמין בעצמך עד יום מותך!" — וואָס פאַר אַ שייכות האָבען די צוויי מימרות איינע מיט דער אַנדערער?

אל תפרוש מן הצבור — פּראָווען התבודדות, דאַווענען, עסען ביחידות, לעבען אָפּגעזונדערט, ווייל דאָס איז עצת יצר־הרע. ואל

תאמין בעצמך, זאָלסט ניט זיין איינגעגלויבט אין דיר אַז דו ביזט פאָלקאָם, אַן איש נאמן, אַ צדיק וקדוש, ווייל אויך דאָס איז עצת יצר־הרע. עד יום מותך — ביז דו וועסט באמת זיין איבערצייגט, אַז דער יצר־הרע איז אין דיר פולשטענדיג אָפּגעטויט. (ר' נתן דוד שידלאָווצער.)

---

„נח היה צריך סעד" (רש"י) — יעדער מענש דאַרף האָבען אַן עזר. דער חילוק איז וואָס איינער האָט אַן עזר פון זיינע אייגענע מעשים טובים, ווי אברהם אָבינו, און איינער דאַרף האָבען אַן עזר און התעוררות מן השמים, ווי נח. (שפת אמת.)

---

„נח מקטני אמנה היה" — בעת מאַכען די תיבה, האָט נח אַליין ניט געגלויבט, צי דאָס וואָס ער טוט, איז כדי מקיים צו זיין דעם רצון פון רבש"ע, אָדער מחמת נגיעה עצמית, פשוט כדי צו ראַטעווען דאָס אייגענע נפש און דאָס לעבען פון זיין משפחה. (מ"מ רימאנאָווער.)

---

אַ צדיק דאַרף זיך אַליין ניט ליב האָבען, אַ בעל־תשובה דאַרף זיך אַליין פיינט האָבען. (רבי מלובלין.)

---

„אם יסתר איש במסתרים" — די מענשען וואָס שטעלען זיך עפּענטליך פאַר אַלס צדיקים און בסתר זיינען זיי פאַרדאָרבען, באַגעהן די גרעסטע פאַרברעכענס. אויף אַזעלכע מענשען זאָגט גאָט, אני לא אראנו, ווייל איך ניט זעהן, אָבער זייערע פאַרבאָרגענע פאַרברעכענס וועל איך אויפדעקען און אַרונטעררייסען דעם שלייער פון זייער געמאַכטער צדקות. (קאָצקער.)

---

## ותמלא הארץ חמס (ו. יא.)

אַמאָל האָבען די ראשי תיבות פון „חכמה" געמאַכט „חילו מלפניו כל הארץ" — וואָס גרעסער איינער איז געווען אין תורה, יראה, מדות און מעשים טובים, איז דאָס אים פאַררעכענט געוואָרען פאַר חכמה און אַלע האָבען פאַר אים גרויס דרך־ארץ געהאַט. היינט מאַכט דאָס וואָרט „חכמה"; „כי מלאה הארץ חמס", וואָס אַ גרעסערער שווינדלער, כיטראַק, פאַלשער און רויבער איינער איז, אַפּצונאַרען דעם אנדערען, באַטריגען און באַרויבען זיין חבר, ווערט ער פאַררעכענט פאַר אַ חכם און מענשען האָבען פאַר אַזעלכען דרך־ארץ. (ר' חיים קראסנער.)

---

אין פלוג איז קשה, האָט דען דער רבש"ע ניט געהאַט קיין אַנ־דערען וועג ווי צו ראַטעווען נח'ן פון מבול ווי הייסען איהם מאַכען אַ תיבה ?

— באמת האָט נח און זיינע זיהן געדאַרפט אונטערגעהן אינ'ם מבול ווי דער גאַנצער דור אין יענער צייט, דערפאַר „יש דורשין אותו לגנאי." ניט מעהר ונח מצא חן בעיני ד', האָט אים גאָט געהייסען מאַכען א תיבה און פאַרשליסען זיך דאָרט, כדי ער זאָל ביחידות קענען מתקן זיין זיינע אייגענע מעשים. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

## צוהר תעשה לתיבה (ו. טז.)

אַ ליכטיגקייט זאָלסטו מאַכען צום וואָרט. דאָס וואָרט פון דער תורה אָדער תפלה וואָס דו זאָגסט זאָל זיין ליכטיג און קלאָר. (שפת אמת.)

---

„צהר תעשה לתיבה" — די ווערטער וואָס דו ברענגסט פון דיין מויל אַרויס זאָלסטו זעהן, זיי זאָלען לייכטען. ווייל דער דיבור איז דאָס חיות פון מענשען און דאָס חיות איז פון השם־יתברך. רעדט דער מענש אַ דבור־טוב, געהט דער דאָזיגער דבור אַרויף אין הימעל און איז מעורר דעם דבור־העליון צום גוטען. רעדט דער מענש אַ דבור־רע, געהט פון אים אַרויס דאָס חיות, אין הימעל געהט עס ניט אַרויף און איז אַזוי ארום גורם חלילה שלעכטס. (בעש"ט).

---

## ואתה קח לך מכל מאכל אשר יאכל (ו. כ"א)

פון דאַנען איז אַ רמז, אַז יעדער מין עסענוואַרג האָט אַ ספּעציעלען חן און געשמאַק, באַשאַנקען פון דער השגחה, ווי די אותיות „אתה" מאַכען „אשר תנה הודך." (ר' משהלע קאזשניצער.)

---

אַ מאכל וואָס מען עסט און מ'האָט דערפון ניט קיין הנאה, טאָר מען ניט זאָגען, ס'טויג נישט, נאָר מ'דאַרף זאָגען, אויף דעם עסען ביך איך ניט קיין מבין, ווייל עסן פונקט ווי מענשען, טאָר מען ניט מבזה זיין. (קאזשניצער מגיד.)

---

יעדע זאַך וואָס אַ מענש באַנוצט פאַר זיין גוף, למשל אַ מלבוש, עסען, אַ כלי, וכדומה, פאַרמאָגט אין זיך חיות. די הנאה וואָס דער מענש האָט בעת'ן באַנוצען זיך מיט די זאַכען לטובת־הגוף, איז פון

דעם חיות וואָס ער אָבסאָרבירט פון די זאַכען, וואָס ער האָט באַנוצט לטובת זיין גוף. (בעש"ט.)

---

„ואתה קח לך מכל מאכל אשר יאכל" — השי"ת האָט נח'ן אָנגעזאָגט ער זאָל זיך אויפפירען בדרך הרחבה, ניט לעבען בצמצום, והיה לך ולהם לאכלה, כדי ער זאָל משפיע זיין אַז זיינע קינדער זאָלען אויך לעבען בהרחבה. (ר' ישראל ריזשענער.)

---

צווישן די חסידים פון קאָזשעניצער מגיד, איז געווען אַ איד, אַן עושר, וועלכער איז געווען אַ גרויסער קמצן. איינמאָל ווען דער גביר איז געקומען צום מגיד, פרעגט אים דער מגיד:

— וואָס עסטו יעדען טאָג?

— מיין עסען יעדען טאָג באַשטעהט פון אָרימסטען און מאָגערסטען.

האָט דער מגיד זיך גוט אָנגעבייזערט אויפ'ן גביר און פאַרזאָגט אים, אַז מהיום והלאה זאָל ער געדענקען יעדען טאָג צו עסען פלייש און פאַרטרינקען מיט אַ גוט גלעזעל משקה און זאָל בכלל זיך אויפפירען לויט דעם מצב פון אַ גביר.

ווען דער גביר האָט פאַרלאָזט דעם מגיד'ס חדר, האָבען די מקורבים געפרעגט אים: — דערקלערט אונז, רבי, וואָס איז דער שכל וואָס איר האָט געהייסען דעם גביר עסען גוטע מאכלים?

— וואָס פאַרשטעהט איר ניט — האָט זיי דער מגיד אָפגעענטפערט — אויב דער גביר וועט עסען יעדען טאָג פלייש און פאַרטרינקען מיט וויין, וועט ער על כל פנים וויסען, אַז אַן אָרימאַן דאַרף עסען ברויט מיט זאַלץ. ווען ער אָבער עסט ברויט מיט זאַלץ, דענקט ער אַז אָרימעלייט דאַרפען עסען שטיינער.

---

## שנים איש ואשתו באו אל התיבה (ז. ג.)

יעדע תיבה, יעדעס וואָרט אין דער תורה, האָט צוויי פרושים. (בעש"ט).

---

## ויבא נח ובניו אל התיבה מפני מי המבול (ז. ז.)

„נח מקטני אמנה היה. מאמין ואינו מאמין שיבא המבול, ולא נכנס לתיבה עד שדחקוהו המים." (רש"י.)

עס איז קיין ספק נישט, אַז נח, אויף וועמען די תורה זאָגט עדות, נח איש צדיק, אַז ער איז געווען אַ מאמין. נאָר נח האָט מורא גע־

האָט צו שטאַרק צו גלויבען, אַז עס וועט קומען אַ מבול, כדי ער זאָל ניט דורך זיין אמונה גורם זיין דאָס דער מבול זאָל טאַקע קומען. ווייל כידוע פאַרמאָגט אמונה אַזאַ כח, אַז זי איז ביכולת ממשיך צו זיין זאַכען זאָלען רעאַליזירט ווערען. האָט דאַרום נח זיך ניט געקאָנט קיין עצה געבען — „מאמין ואינו מאמין,״ כאָטש ער האָט געגלויבט, אַז השי״ת וועט ברענגען אַ מבול, האָט ער אָבער מורא געהאַט צו שטאַרק צו גלויבען, „עד שדחקוהו המים.״ אַז ער האָט געזעהן, אַז דער מבול איז סיי ווי דאָ און זיין אמונה וועט שוין ניט מכריע זיין צום שלעכטען. (אוהב ישראל.)

---

מיר איז תמיד קשה געווען — האָט ר׳ דוד דינאָווער געזאָגט — דער מאמר חז״ל, שחמי טבריה נשארו מן המבול (סנהדרין ק״ח ע״א), צו וואָס האָט דער רבש״ע דוקא איבערגעלאָזט די חמי טבריה פאַר אַ זכר למבול?

פאַרברענגענדיג עטליכע זומער וואָכען אין אַ וואַרים באָד, איז מיר דער מאמר חז״ל געוואָרען קלאָר און פאַרשטענדליך.

כדי די קומענדע דורות זאָלען אין האַרצען ניט מתרעם זיין אויף השי״ת, פאַר וואָס ער האָט אַזוי שווער באַשטראָפט די מענשען אין נח׳ס צייטען מיט אַ מבול, האָט השי״ת עקסטרע איבערגעלאָזט די וואַרים בעדער און זומער פלעצער פאַר זכר צו ווייזען די מענשען אין אַלע צייטען, ווי פאַרדאָרבען, הפקר׳דיג פריי מיט עזות און חוצפה די מענשען פון דור־המבול האָבען זיך אין נח׳ס צייטען אויפגעפירט...

---

## שנים באו אל נח, אל התיבה (ז. ט.)

דער יצר־הרע מיט׳ן יצר־טוב קומען צוזאַמען צום מענש. „צהר״ תעשה לתיבה״. לכתחילה קריכט דער „צר הצורר את האדם,״ דער יצר־הרע דורך אַ פענסטער, ולבסוף ווערט ער דער גאַנצער בעל־הבית. (ישמח משה.)

---

„מלך זקן וכסיל, זה יצר־הרע״ — איז דאָך קשה, ווי זאָגען דאָס די חז״ל: געקענט זאָגען אויפ׳ן יצר־הרע, אַז ער איז אַ כסיל, להיפוך דער יצר־הרע מאַכט דאָך צו נאַרען די גרעסטע חכמים, פאַרבלענדט זייערע אויגען און פירט זיי אַרונטער פונ׳ם דרך־הישר, איז ער דאָך גאָר אַ חכם?

— גאָר גלייך ווי אַ סוחר, מעג ער זיין אַ חכם, אויב ער האַנדעלט מיט סמאָלע, רופט מען אים ביים נאָמען פון זיין מסחר „סמאָלע הענד־

לער,״ אַזוי רופען די חז״ל דעם יצר־הרע. הגם ער אַליין איז טאַקע אַ חכם, היות זיין באַשעפטיגונג איז מיט טפשות, ווי די חכמים זאָגען — „אין אדם חוטא אלא אם כן נכנס בו רוח שטות,״ — רופען אים דאַרום די חז״ל ביים נאָמען פון זיין מסחר — זקן וכסיל. (חידושי הרי״ם.)

---

ר׳ ישראל ריזשענער שמועסענדיג אַמאָל מיט זיינע חסידים, האָט געזאָגט וועגען זיך, אַז ער איז א „גראַביאַן״. האָבען חסידים געפרעגט אים דעם רעיון פון דעם וואָרט.

— ס׳איז גאר פשוט — האט ער זיי געזאגט — דער דרך העולם איז אנצורופען א מענש מיטן נאָמען פון זיין מלאכה אדער מסחר וואס ער באשעפטיגט זיך. למשל איינער האט א מיהל, רופט מען אים מילנער, אַרבייט איינער ביי בלעך, רופט מען אים בלעכער, א. ז. וו. היות איך בין עוסק צו לערנען די מענשען מאַכען פון דברים גשמיים, דברים רוחניים, לערען זיי אוועקצורייסען זיך פון זייערע מעשים גשמיים, זיי זאָלען בלב ונפש דינען צו השם יתברך, הייסט דאָס, אַז איך באַשעפטיג זיך מיט גראבע גשמיות׳דיגע ענינים וואס לויט מיין מלאכה דאַרף איך גערופען ווערען „גראַביאַן״...

---

## מכל אשר בחרבה מתו (ז. כ״ב)

איז דאָס אַ רמז אַז צו עסען פיש איז געזונט און איז מסוגל לחיים טובים. (ר׳ אברהמ׳לע לובלינער).

---

דערפאַר האָבען פיש זוכה געווען צו פאַרבלייבען אַ מאכל מלכים און זאלען תמיד זיין פון די מאכלים חשובים אויפן טיש, ווייל די פיש האבען פאר דער צייט פון מבול ניט פאַרדאַרבען זייער וועג, האבען אָרענטליך און אנשטענדיג געפירט זייער לעבען. (רבי ר׳ בונם).

---

דער טעם פאר וואס מען איז זיך נוהג שבת צו עסען דאס ערשטע מאכל פיש, ווייל פיש זיינען געווען די ערשטע בעלי־חיים, באשאפען צו ווערען בששת ימי בראשית. (רמ״מ ווארקער).

---

## עלה־זית טרף בפיה (ח. י״א)

אמרה יהיו מזונותי מרורין כזית בידו של הקב״ה ולא מתוקין כדבש בידי בשר ודם (רש״י)

אנקומען נאך הילף צו אַ מענש איז פונקט ווי אנקומען נאך האָניג

צו די ביהן. ביים קריגן פון דער ביהן דאָס ביסעל האָניג, איז מען אויסגעשטעלט צו ווערן פון איר געביסען, צו ליידען צער און יסורים. (ר׳ נפתלי ראפשיצער).

---

דאָס וואָס די חז״ל זאָגען: „כיון שצריך אדם לבריות משתנים פניו ככרום״ און זאגען נישט, כיון שצריך „אדם לאדם״, ווייל „אדם לאדם״, אַ מענש זאָל אנקומען צו אַ מענש, דאס איז נאטירליך. ביטער איז אָבער דעם אדם, וואָס דאַרף אנקומען לבריות — צו אַ נידריג מענשליך באַשעפעניש... (קאזשעניצער מגיד).

---

## וקור וחום וקיץ וחורף לא ישבותו (ח. כ״ב)

ווען צייטען זענען ניט נאָרמאלע ווען עס דאַרף זיין קאָלט איז ווארעם, אָדער פארקערט, עס דארף זיין ווארעם און עס איז קאָלט, אָדער קור מיט חום, קיץ מיט חורף ווערען צוזאמענגעמישט, איז דאס צוליב „לא ישבותו״, ווייל אידען היטען ניט אָפּ דעם שבת, קומט דערפאר די שטראָף, אַז די צייטען זאָלען זיין ניט נאָרמאַלע. (קאזשעניצער מגיד).

---

## מיד איש אחיו (ט. ה.)

מיינט דאס ניט דוקא, אז ווען איינער הרג׳ט דעם צווייטען, „אדרוש את נפש האדם״, וועט גאָט אין דעם מענש זיך נוקם זיין, נאָר עס מיינט אז אויב איינער נעמט אוועק פון צווייטען זיין פרנסה אדער איז משיג גבול זיין חבר און דער חבר בלייבט אָן פרנסה, איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט בפועל ממש זיין ברודער גע׳הרג׳ט און גאָט וועט דעם מענש דאָס ניט פאַרשווייגען. (קאמארנער).

---

א בהמה סוחר ווען׳מען ס׳איז געגאנגען שלעכט אין מסחר, האט אַ מאָל געבעטען ביי ר׳ נפתלי ראפשיצער אַ סגולה פאר פרנסה. האָט אים דער ראפשיצער געהייסען יעדען טאָג זאָגען געוויסע עטליכע קאפיטלאך תהלים און ס׳האט געהאלפען, דער סוחר האָט מצליח געווען און איז נתעשר געוואָרען.

האָט דער בהמה־סוחר געהאט אַ נאָהנטען פריינד אויך אינ׳ם זעלבען מסחר, וואָס האָט ווי ער פריער געהאט א שלעכטע מערכה. אז ער האָט איינמאל זיך מתנצל געווען פאר זיין בעל־מוצלח׳דיגען פריינד, האָט ער אים איבערגעגעבען די סגולה פונעם ראפשיצער.

זענען פאראיבער עטליכע וואכען און די סגולה האט ניט געהאלפען,

ס׳איז אים ניט געגאנגען אין מסחר. זענען ביידע געקומען צום ראפשיצער און דער בעל־מוצלח האט געפרעגט דעם ראפשיצער:

— רבי, ווי קומט דאס, וואס מיר העלפט אייער סגולה און מיין חבר נישט?

— זאלסט וויסען, אז מיין פרנסה האט מיר השי״ת געגעבען, איך זאל העלפען אידען, קומסטו און ווילסט מיר משיג־גבול זיין, זאלסטו וויסען, אז אין הימעל האט מען פיינט א אידען, וואס איז משיג־גבול א צווייטען.

---

## שופך דם האדם (ט. ו.)

פארגיסען מענשליך בלוט, פארשעמען א מענש, ווי די חז״ל זאגען „כל המלבין פני חברו ברבים כאילו שופך דמים״, מעג מען נאר „באדם״ — אזא מענש וואס מען איז זיכער, אז דורך עפענטליכע פארשעמונג, וועט ער חרטה האבען אויף זיינע שלעכטע מעשים און וועט חוזר למוטב זיין. באם אבער, מען איז דאס ניט זיכער, איז אן עפענטליכע פארשעמונג פון א מענשען, ווי פארגיסען מענשליך בלוט! (יוד הקדוש).

---

דער רבי מלובלין האט אמאל מיט הארבע שטראף־רייד גע׳מוסר׳ט זיינעם א חסיד. שטארק געקרענקט פון רבינ׳ס מוסר, האט דער חסיד פארדראסיג געפרעגט דעם רבי׳ן:

— ווי קומט דאס, אז דער רבי זאל א אידען אזוי שטארק מבייש זיין?

— ביזט גערעכט, מיין זוהן, זיי מיר מוחל! — האט דער רבי מלובלין געבעטען — כ׳האב געמיינט, אז מיין מוסר וועט זיין א צוטרעפליכע רפואה פאר דיין קרענקליכע נשמה, דו וועסט ברצון מיט אהבה ארונטערשלינגען די הארבע מעדיצינישע שטראף־רייד און וועסט קורירט ווערען, לסוף ווייזט אויס, אז דו האלטסט מיך ניט פאר קיין דאקטאר, ווייס איך דאך טאקע נישט דיין חולאות, איז די מעדיצין ממילא פאר דיר נישט צוגעפאפט און איך האב דיך בחנם מבייש געווען, בין איך דיך דערפאר מפייס און בעט דיר מיט׳ן גאנצען הארצען, דו זאלסט מיר מוחל זיין.

---

## ארור כנען עבד עבדים יהיה (ט. כ״ה)

די גרעסטע קללה איז עבדות, די גרעסטע ברכה איז חירות. (שפת אמת).

# לך־לך

## לך לך מארצך (י״ב א.) להנאתך ולטובתך (רש״י)

אויב להנאתו ולטובתו, וואָס פאַר אַ גרויסער נסיון איז דאס געייען פאַר אברהם ?

— היות אברהם האט זיין גאַנץ לעבען און טעטיגקייט אויסשליסליך געווידעמט פארן רבש״ע, זענען נאטירליך אלע זיינע מעשים געווען בזהירות ובשלימות, רק צו טוען דעם רצון הבורא. האט השי״ת באפוילען אים ארויסצוגעהן פון זיין געבורטס־לאנד, לטובתו ולהנאתו כדי דאן צו זעהן אויב אלע זיינע מעשים און מחשבות וועגען זיין טובה און הנאה, וועלען אויך זיין לשם שמים. און דאָס ווייזט אויס, איז אפילו פאר אברהמ׳ן געווען אַ גרויסער נסיון... (ר׳ אלימלך גראָדזיסקער).

---

— „וכל מעשיך יהיו לשם שמים״ — אפילו דער שם שמים אליין, זאָל אויך זיין לשם שמים. (חידושי הרי״ם).

---

די גאנצע פילפאכיגקייט וואָס אין דער וועלט, די גאנצע פּאַנאָראַמע פון דענקען, נשמה, שכל, גוטסקייט, שלעכטיגקייט — אלע זאכען וואָס שטעלען צוזאַמען דעם מענש און דעם גאנצען אוניווערזום זיינען בלויזע אויסשטראַלונגען פון דער געטליכער איינהייטליכקייט, זיי זענען אלא מאניפעסטאציעס פון יחיד ומיוחד, פון וועמען אלעס פלוסט ארויס און אלעס קערט זיך צוריק אויפן זעלבען פלאץ, ווייל יעדע זאך און יעדע נפש ווערט צום סוף איינס מיט דעם אחד. פונקט ווי דער פלאם איז איינס מיט דעם ליכט, פון וועלכען עס קומט אַרויס. (ר׳ שניאור זלמן).

---

„לך לך מארצך״, איז אַ גרויסער און אייביגער כלל פארן מענשען, וואוהין ער זאל נאר געהן, געהט ער אלץ צו זיין שורש — אל הארץ. (באַרדיטשיווער).

---

ערד, ערד — האָט דער רבי ר׳ זושא איינמאל געזאָגט צו דער ערד — דו ביסט דאך בעסער פון מיר. פריער אָדער שפּעטער וועט דאך קומען די צייט, ווען איך וועל ליגען אונטער דיר!...

---

„לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך״ — געה דיר דיין אייגענעם דרך, טרעט אויס פאר דיר אַ וועג, זאָלסט האבען מיט וואָס זיך צו ריהמען און ניט ארומגעהן גרויסען זיך מיט יחוס אבות, מיט די מצוות ומעשים טובים פון דיינע עלטערען (נועם אלימלך).

---

דער חידושי הרי״ם האָט אמאָל צוגערופען זיין אייניקעל שמעון און אים אזוי געזאָגט:

— געדענקט, מיין קינד, זאָלסט זיך ניט גרויס האלטען און שטאָלצירען מיט דייך יחוס, וואָס איך בין דיין זיידע. אין געגענטייל, זאָלסט וויסען, אז אַ בן־מלך קומט אין שטאָדט אריין, זאָגט אדער טוט אַ דבר חכמה כאטש ווען אן אנדער מענש, אן איש פשוט, וואלט דאס געזאָגט אָדער געטאָן, וואָלט דעם וודאי אַריבער אומבאַמערט, וואָלט דאָס פאר קיין חכמה ניט פאררעכענט געוואָרען, אבער אז דער בן־מלך האָט דאָס געזאָגט אדער געטוען, זאָגען אַלע אין שטאָדט, דער חכם און געלערנטער איז דער זוהן פונ׳ם מלך.

להיפך, אז דער בן־מלך זאגט א נארישקייט אדער טוט אן אומווירדיגקייט כאָטש ווען אַן אדם פשוט וואָלט דאָס נאַרישקייט געזאָגט אדער די אומווירדיגקייט געטוען, וואלט דאס אים פאררעכענט געווארען פאר נישטיג און אומבאדייטענד, אבער אז דער בן־מלך האט דאס געזאָגט אָדער געטאָן, זאָגען אַלע מענשען: „ווי נאַריש, געמיין און אומווירדיג איז דער זוהן פונ׳ם מלך״. געדענקזשע דעריבער, מיין קינד, זיי פאַרזיכטיג מערער פון אנדערע מענשען, זיי געוואָרענט אפילו אויף דער קלענסטער זאַך...

---

לך לך, להנאתך ולטובתך (רש״י)

מערסטענס איז נישט אַלץ וואָס אַ מענש טוט און פון וועלכען ער האָט הנאה, באמת פאַר איהם אַ טובה. (רבי העניך מאלכסנדר).

---

לך־לך — אט דאָס דארף זיין די שטענדיגע אויפגאבע פון מענשען, אומאויפהערליך האלטען און געהן און שטייגען ממדרגה למדרגה. (שפת אמת).

---

„לך־לך", דאס איז אן אנזאג אויפ'ן „הסתכל בשלשה דברים", מארצך, מאין באת, וממולדתך, לאן אתה הולך, ומבית אביך, לפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון. (משמרת איתמר).

---

צום רבי'ן מלובלין איז אמאל געקומען א חסיד א גביר, א גרויסער בעל גאוה און זיך פאר אים מתנצל געווען, אז לעצטענס פילט ער ניט מיט אלעמען און געבעטען, דער רבי זאל אים געבען א רפואה.

— לערן די משנה אין אבות, פרק שלישי, פארטיף זיך גוט צו באנעמען דעם אנפאנג משנה, וועסטו אריינטראכטען זיך אין דעם „הסתכל בשלשה דברים" פון עקביא בן מהללאל, וועסטו דארט געפונען דיין רפואה צו דיין חולאת.

— איך פארשטעה ניט! — האט דער חסיד גביריש גאוה'דיג געפרעגט דעם רבי'ן מלובלין — וואס פאר א שייכות האט דער „הסתכל בשלשה דברים" פון עקביא בן מהללאל צו מיין חולאת?

— איך וועל דיר דאס דערקלערן — האט אים דער רבי מלובלין געלאסען אפגעענטפערט — כידוע זיינען דאס רוב רפואות וואס רופאים גיבען צו חולאים פאר קוראציע, געמאכט און צוזאמענגעשטעלט פון פארשיידענערליי קרייטיכער און ערדישע זרעים. איז דאך אין פלוג קשה, היות דער מענש ווערט לויט די חז"ל אנגערופען אן עולם קטן, פארמאגט ער דאך ממילא איז זיך די אלע זרעים און קרייטיכער, וואס וואקסען אין דער ערד, טא פאר וואס זאל א קראנקער מענש אליין אין זיך ניט אויסמישען און צוזאמענשטעלען די אין אים באהאלטענע כוחות פאר זיין מעדיצין, וואס זאל אים אויסהיילען פון זיין קראנקהייט?

איז דער תירוץ — דער שטאלץ, די גאוה, דאס גדלות פונ'ם מענש דערלאזט ניט צו דעם געדאנק, צו דערנידריגען זיך, אז אזעלכע ביליגע און נידריגע זאכען וואס מ'געפינט אין דער ערד, וואס אלע טרעטען און באשמוצען, געפינט זיך אין מענשען. קומט דארום אויס, אז א מענש פילט קראנק, ווייסט ניט וואס אים פעלט, לויפט ער צו דאקטוירים בעת די רפואה פאר איהם טראגט ער אין זיך גופא. דעריבער זאג איך דיר, אז דו וועסט זך גוט אריינטראכטען אין די רייד פון עקביא בן מהללאל, וועסטו קומען צו עניוות, וועסטו דאן האבען א רפואה שלמה צו דיין חולאת אין אלע רמ"ח אברים...

---

ר' אליעזר ליזעווסקער האט אמאל מיט'ן ערשטען פסוק „לך לך" אזוי גע'מוסר'ט א חסיד זיינעם;

„לך לך מארצך" — זיי זיך ניט סומך אויף דיין עשירות, וואָס דו פאַרמאָגסט פעלדער, גערטענער, הייזער און שלעסער, „ממולדתך", אפילו ווען דו שטאַמסט פון עשירים און דו ביזט רייך געוואָרען תיכף ווי דו ביזט געבוירען געוואָרען, „מבית אביך", אפילו ווען דו ביזט אַ יחסן, דיין טאַטע איז געווען אַ חסיד, אַ בעל־מדות. „לך לך", געה אַוועק פון דעם, זיי דיך אויף דעם אַלץ ניט סומך. „אל הארץ אשר אראך", אַליין, בידים זאָלסטו זיך אַרויפאַרבייטען און פאַר־דינען, ווייל „יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך!".

„לך לך מארצך", — פאַראַן מענשען וואָס ווילען ניט שטיצען דעם ארץ־ישראל ישוב מיט'ן תירוץ, „עניי עירך קודמין", אָדער זייערע אָרימע קרובים זיינען בילייכער. איז דאָ אונז די תורה מרמז אויפ'ן טעות, וואָס די מענשען מאַכען.

„לך לך" באַטרעפט הונדערט, איז דאָס אַ רמז צו געבען צדקה, ווי די חז"ל זאָגען, „נתון תתן אפילו מאה פעמים". לך לך, זאָלסט אַוועקגעהן פון דעם תירוץ, אַז דער עיקר צדקה און שטיצע דאַרף זיין מארצך, פאַר די „עניי עירך", אָדער ממולדתך ומבית אביך, פאַר דיינע אָרימע קרובים. וויסען זאָלסטו, אַז דער עיקר צדקה באַשטעהט אין געבען „אל הארץ אשר אראך", צו שטאַרקען דעם אידישען ישוב אין ארץ־ישראל, וואָס וועט סוף כל סוף זיין להנאתך ולטובתך. (ר' יהושע זשוקאָווער).

לך לך — דער וואָס געהט קיין ארץ־ישראל געהט ער צו זיך זעלבסט. (עוללות אפרים).

נאָר דער איד וואָס וואוינט אין ארץ־ישראל, איז אַ גאַנצער איד. (ר' נחמן האָראָדענקער).

דער איד, וואָס שטרעבט צו פאָרען קיין ארץ־ישראל בהרחבה, זאָל אויפ'ן וועג האָבען אַלע באַקוועמליכקייטען, איז זיין שטרעבונג ניט ערנסט. ווייל דער וואָס שטרעבט באמת בכל לבבו ובכל נפשו צו קומען אין ארץ־ישראל, וועט אפילו געהן צו־פוס. (ר' נחמן האָרידענקער).

אַ חסיד האָט דערציילט דעם קאָצקער, אַז ער האָט בדעה צו פאָהרען קיין ארץ־ישראל.

— וואָס איז אייגענטליך דער צוועק פון דיין פאָרען?

— איך וויל שטאַרבען און באַגראָבען ווערען אין ארץ־ישראל, כדי אויסצומיידען „גלגול מחילות״.

— אָט דאָס הייסט דער אמת׳ער בעל־גוף — האָט אים דער קאָצקער שאַרף אָבגעענטפערט — אפילו נאָכ׳ן טויט האָט ער מורא, אַז דער גוף זיינער וועט חלילה ליידען יסורים.

---

„לך לך״, — דער איד, וואָס איז ביי זיך אין דער היים אַ גאַנצער איד, פאָרט ער נאָר אַרויס אונטערוועגנס ווערט ער אַ האַלבער איד, און דער איד וואָס איז אין דער היים אַ האַלבער איד, ווערט אונטער־וועגענס אַ פערטעל איד. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

## אל הארץ אשר אראך (י״ב א.)

פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם תיכף ניט מגלה געווען אברהמ׳ן דאָס לאַנד?

— כדי אברהם אבינו זאָל האָבען דאָס פאַרגעניגען פון דער שטרעבונג און האָפענונג, וואָס דער מענש האָט, דערוואַרטענדיג עפּעס צו דערגרייכען אין זיין לעבען. (שפת אמת).

---

## והיה ברכה (יב. ב.)

יכול יהיו חותמין בכולן ת״ל והיה ברכה. בך חותמין ולא בהם. (רש״י).

כידוע איז די טבע פון מענש מתקנא צו זיין אין יעדען אַנדערען מענש, חוץ אין זיין זוהן און אין זיין תלמיד. אם־כן, וואָס וואָלט אברהם געאַרט אַז „בכולם חותמין״, מען זאָל זאָגען „מגן אברהם יצחק ויעקב״?

איז דער תירוץ: „על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים״. דער עיקר מדה פון אברהם אבינו איז געווען גמילות־חסדים. דער עיקר מדה פון יצחק איז געווען עבודה. יעקב׳ס עיקר מדה איז געווען תורה. האָט גאָט מבטיח געווען אברהם אבינו, אפילו ווען די אידען וועלען ניט האָבען די מדות פון יצחק און יעקב, זיי וועלען ניט מקיים זיין נישט תורה און ניט קיין עבודה, נאָר וועלען אָפּהיטען בלויז די מדה פון אברהם אבינו גמילות חסדים, וועלען זיי קענען זאָגען „מגן אברהם״, וועט זיי גאָט היטען און באַשיצען. (קאָצקער).

## „בך יהיו חותמין ולא בהם" (רש"י)

אברהם האָט געדאַווענט בהשכמה, שחרית, און דעם גאַנצען טאָג איז ער געווען באַשעפטיגט מיט דער מצוה פון הכנסת־אורחים. יצחק האָט דעם גאַנצען טאָג ביז מנחה געדאַווענט און די מצוה פון הכנסת־אורחים האָט ער מקיים געווען דורך שלוחים. יעקב האָט דעם גאַנצען טאָג ביז מעריב געדאַווענט און האָט די מצוה פון הכנסת־אורחים ווי זיין פאָטער יצחק מקיים געווען דורך שלוחים. האָט הקב"ה געזאָגט צו אברהם'ן „ווייל די מצוה פון הכנסת־אורחים איז ביי דיר אַזוי ליב, וואָס דורך איר האָסטו מיין נאָמען באַוואוסט געמאַכט אויף דער וועלט און דו אַליין האָסט זיך מיט איר באַשעפטיגט, ניט דורך קיין שלוחים, דערפאַר איז „אנכי מגן לך, ובך חותמין ולא בהם". (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

---

## ואברכה (י"ב ג.)

— דער מענש וואָס וועט בלויז האָבען אין מחשבה דיך צו בענשען, מברכיך — וועל איך אים תיכף בענשען. ומקללך, דער וואָס וועט דיך מיטן מויל שעלטען ניט במחשבה, אָאור, וועל איך אים ערשט נאָך דעם שעלטען. (באַרדיטשעווער).

---

## ונברכו בך כל משפחות האדמה (י"ב ג.)

ווען אַלע וועלען זיך בענשען מיט אברהמען, איז דאָך ניט שייך צו זאָגען „ומקללך אָאור"?

איז דער פשט, אַז אפילו „מקללך", אברהמ'ס געגענער וואָס וועלען אים שעלטען, וועלען פונדעסטוועגען ווינשען זיך, אַז זייערע קינדער זאָלען זיין אַזוי ווי אברהם. פונקט ווי מתנגדים, וואָס רעדען אויף חסידישער רביים ווינשען זיך פונדעסטוועגען מיטן גאַנצען האַרצען, אַז זיי זאָלען האָבען אַזעלכע קינדער ווי די חסיד'ישע רביים. (שפת אמת).

---

## ואת הנפש אשר עשו בחרן (י"ב ה.)

אברהם מגייר אנשים (רש"י)

וואו זיינען די גרים וואָס אברהם האָט מגייר געווען. אין ערגעץ געפינט מען דאָך ניט דערמאָנט זייערע נעמען?

איז דער תירוץ, אַז נאָך אברהמ׳ס פּטירה האָבען זיי ניט געוואָלט צושטעהן צום נייעם רבין, צו יצחקן, נאָך אברהמ׳ען, האָבען זיי גע׳טענה׳ט, איז פאַר זיי שוין מעהר ניטאָ קיין רבי, זיינען זיי ביסלעכווייז זיך צעפּאַלען און צוריק געוואָרען ווי פריער. (ר׳ העניך מאלכסנדר).

---

— מיינט ניט, אַז אַ דור גדול דאַרף אַ גרויסען רבי׳ן און אַ דור קטן — אַ קלענערען רבי׳ן. דאָס איז פּונקט להיפך, וואָס קלענער און שפּל׳דיגער אַ דור איז, אַלץ אַ גרעסערען רבי׳ן דאַרפען זיי. פּונקט ווי אַ קראַנקער, וואָס מסוכנ׳דיגער ער איז, אַלץ אַ גרעסערען דאָקטאָר דאַרף ער האָבען צו קורירען אים. (חידושי הרי״ם).

---

חסידים טאָרען ניט זאָגען, אַז זייער רבי, צו וועמען זיי פאָרען, איז דער גרעסטער צדיק אויף דער וועלט. יעדער רבי איז גוט פאַר זיינע חסידים און די חסידים וואָס זאָגען, אַז צו זייער רבי׳ן איז ניטאָ קיין גלייכען, דינען עבודה זרה. (ר׳ הירש זידיטשויווער).

---

אַלס אַ יונגערמאַן איז ר׳ הירש זידיטשויווער געפאָרען צו ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער. איז איינמאָל, ווען דער זידיטשויווער האָט זיך געזעגענט מיט׳ן פּרעמישלאַנער, האָט איהם ר׳ מאיר׳ל געפרעגט:

— אַ פּלא דו בעטסט ביי מיר קיינמאָל ניט פאַר פּרנסה, האָסטו כאָטש פון וואַנען צו ציען חיונה?

— לעת־עתה האָב איך ניט קיין פּרנסה, כ׳בין אָבער אַ בקי אין די ארבעה שולחן ערוך׳ס און איך האָב אויסזיכטען צו קריגען אַ שטעלע אין אַ קליין שטעטעל אַלס רב.

— אַלס רב? — האָט אים דער רבי ר׳ מאיר׳ל איבערגעפרעגט — ווייסטו דאָך אַוודאי פון מאמר חז״ל „אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות״.

— אוודאי ווייס איך — האָט אים דער זידיטשויווער מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — נאָר איך טייטש מיר דעם מאמר חז״ל, אהוב את המלאכה, צו זיין אַ רב אין אַ קליין שטעטעל, מדריך צו זיין די קהלה בדרך הישר, ושנא את „הרבנות״, צו זיין „אַ גוטער איד״.

דערפאַר ווערט אַ רבי גערופען „גוטער איד״, ווייל אַ רבי דאַרף ליב האָבען יעדען איד אהבת נפש און אויף יעדען איד זוכען אַ זכות צום גוטען. (רבי ר׳ בונם).

---

דער ענין רבנישקייט איז אַ תאווה גלייך ווי אַלע אַנדערע מענש־ליכע תאוות. צו דערגרייכען אָבער צו דער מדרגה פון דער דאָזיגער

תאווה, מוז מען פריער גובר זיין אַלע אַנדערע תאוות. (קאָזשעניצער מגיד).

---

## ויצו עליו פרעה אנשים וישלחו אותו (י״ב כ.)

פון דעם פסוק איז אַ ראיה אויב דו אַליין קאָנסט ניט באַגלייטען דיין גאַסט, זאָלסטו שיקען דיינע שליחים, איהם צו באַגלייטען. (רמ״מ רימאַנאָווער).

---

אַן אורח, וואָס מען באַגלייט, זאָל ער די באַגלייטער קיינמאָל ניט הייסען זיך צוריקקערען, כל־זמן זיי געהען אַליין ניט צוריק, ווייל די ראשי תיבות פון „לויה" מאַכען „לחיים ולשלום ילך האורח", און צוריק מאַכען זיי: „המלוה ישוב וילך לחיים" — די באַגלייטער זאָלען זיך אומקערען ווען זיי ווילען, אָבער דער אורח זאָל דאָס זיי קיינמאָל ניט זאָגען. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

ר' אלימלך ליזענסקער, אַרויספאָרענדיג אַמאָל פון שאָטאָ, האָבען זיינע פילע אָנהענגער באַגלייט אים אַ שטיקוועגס אונטערן שטאָט. אַרויסקומענדיג מחוץ־לעיר, איז דער רבי ר' אלימלך אַרונטערגע־שפּרונגען פון וואָגען און צוזאַמען געגאַנגען מיט זיינע באַגלייטער. האָבען חסידים געפרעגט אים:

— פאַר וואָס פאָרט דער רבי ניט אויפן וואָגען?

— אויב די מצוה פון באַגלייטען איז באמת אַזוי גרויס — האָט ער זיי מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — וויל איך אויך האָבען אַ חלק אין דער מצוה!

---

„אל יפטר מחבירו אלא מתוך דבר הלכה", האָבען די חכמים געלערנט דרך־ארץ, ווען איינער וויל פטור ווערען פון זיין חבר, זאָל ער אים ניט פאַרשעמען און הייסען געהן, נאָר זאָל מיט אים פאַרפירען אַ שמועס וועגען „הליכה", שמתוך כך, פון דעם שמועס, זוכרהו, וועט דער חבר זיך דערמאָנען, אַז עס איז שוין צייט אַוועקצוגעהן (תולדות).

---

## אל נא תהי מריבה ביני ובינך (י״ג ח.)

אברהם האָט געטענה'ט צו לוט'ן, לאָמיר זיך ניט אַרומקריגן, ווייל דו זעהסט דאָך, אַז דער כנעני והפריזי איז יושב בארץ און זאָלסט האָבען אַ כלל, ווען צוויי צדדים קריגען זיך, געווינט שטענדיג דערפון אַ דריטער צד. (עוללות אפרים).

אברהם האָט געזאָגט צו לוט'ן: זאָלסט וויסען, אַז דער דרך פון יעדער מחלוקה איז, אַז זי הויבט זיך אָן ביי די אָנהענגער און כאַפּט דערנאָך אַרום די אייגענע סביבה און די אָנפירער. אָנהויבען וועט עס זיך ביי די פּאַסטוכער, אָבער ענדיגען וועט עס זיך „ביני ובינך", צווישען מיר און דיר. (רמ"ל לענטשנער).

---

## ומלכי צדק מלך שלם הוציא לחם ויין (י"ד, י"ח)

דער בערדיטשיווער איז אַמאָל אַרומגעפאָרען זאַמלען געלד פאַר הכנסת־כלה. אויפן וועג איז אים אויסגעקומען אָפּצושטעלען זיך ביי אַ רבי'ן. דערוויסענדיג זיך דעם צוועק פון דעם בערדיטשיווער'ס נסיעה, האָט איהם דער רבי אָנגעוואונשען, ער זאָל מצליח זיין און דער נצרך זאָל קענען חתונה מאַכען זיין טאָכטער מתוך הרחבה. האָט אים דער בערדיטשיווער געזאָגט:

— אייער התנהגות איז אַנדערש ווי די תורה דערציילט אונז וועגען די התנהגות פון מלכי צדק. קודם־כל איז ביי איהם געווען „הוציא לחם ויין", צום ערשט האָט ער געגעבען און ערשט דערנאָך „ויברכהו", האָט ער געגעבען אַ ברכה...

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט דעם קאָצקער, צווישען די דברים שאָדם אוכל פּרותיהם בעולם הזה, והקרן קימת לו לעולם הבא, רעכע־נען די חז"ל בקור־חולים, הכנסת כלה והלוית המת, היתכן, ווי קומט דאָס די חז"ל זאָלען אַוועקשטעלען „הכנסת כלה" צווישען „בקור חולים" און „הלוית המת"?

— פאַר וואָס פאַרשטעהסטו ניט דעם רמז פון די חז"ל? — האָט אים דער קאָצקער אָפּגעענטפערט — אויב איינער האָט אַ חולה אין שטוב, איז אַ סגולה צו געבען צדקה פאַר „הכנסת כלה", אַז אין זכות פון דער צדקה פאַר הכנסת כלה, וועט ער ניצול ווערען פון הלוית־המת.

---

## אנכי מגן לך (ט"ו, א.)

צוליב דעם, וואָס דו האָסט די וועלט געבראַכט דעם רעיון פון אמונה אין „אנכי" מגן לך, וועל איך דיך תמיד באַשיצען און באַ־שירעמען אין די קאַטאַסטראָפאַלסטע און טראַגישסטע מאָמענטען. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

„ואמונתך בלילות", ווען אידען איז זייער לעבען פינסטער ווי די נאַכט, דעמאָלט איז דאָ ביי זיי אמונה. (ר' ישראל ריזשינער).

---

„עזרת אבותינו אתה הוא מעולם" — דאָס וואָס דו, רבש"ע, ביסט באַוואוסט געוואָרען אויף דער וועלט, איז דאָס נאָר אַ דאַנק „עזרת אבותינו", וואָס דו ביסט שטענדיג געווען די הילף פון אונזערע אָבות, אברהם, יצחק ויעקב. (ר' משה לעליווער).

---

אנכי מגן לך — פאַראַן אַ נקודה אין יעדען אידישען האַרץ, וואָס די השגחה שיצט, אַז עס זאָל ניט פאַרלאָרען און אויסגעלאָשען ווערען. (יוד הקדוש).

---

## ויוצא אותו החוצה (ט"ו ה.)

דער רבונו של עולם האָט געוויזען אַברהמ'ען אין דרויסען, אַז די הנהגה און קיום פון זיינע קינדער, וועלען זיין שלא כדרך הטבע. (שפת אמת).

---

## הבט־נא השמימה — כה יהיה זרעך (ט"ו ה.)

השי"ת האָט געזאָגט צו אברהמ'ען, „פונקט ווי איך האָב דיך געשטעלט העכער פון דער טבע,העכער פונ'ם מזל, ווייל לויט דיין נאַטור, ביסטו ניט ראוי צו האָבען קינדער, כה יהיה זרעך, וועל איך זיי שטעלען העכער פון דער נאַטור, און די הנהגה וועט מיט זיי זיין חוץ לדרך הטבע, בהשגחה פרטית, בדרך נס, ווי די חז"ל זאָגען „אין מזל לישראל". (חידושי הרי"ם).

---

## והאמין בה (ט"ו ו.)

די אמונה וואָס אברהם אבינו האָט געבראַכט אויף דער וועלט אינ'ם בורא עולם, אַט דאָס, „ויחשבה לו צדקה", איז אים פאַררעכענט געוואָרען פאַר צדקה. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

ויחשבה לו צדקה — אברהם אבינו איז געווען העכסט דאַנקבאַר דעם רבש"ע, ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ געטליכע צדקה וואָס ער

האָט זוכה געווען צו זיין אַ „והאמין בה׳״ — דערגרייכען פולשטענדיגע שלמות אין אמונה. (ר׳ משה קאָברינער).

---

ויחשבה לו צדקה — אברהם אבינו האָט גערעכנט דעם רבונו של עולם פאַר אַ צדקה, דאָס וואָס ער האָט אים געגעבען שכל, והאמין בד׳, צו גלויבען אין גאָט. (קאָזשעניצער מגיד).

---

## במה אדע כי אירשנה (טו. ח.)

— היתכן, פריער זאָגט די תורה „והאמין בה׳״, אברהם האָט געהאט אמונה אין גאָט און דאָ גאָר פרעגט אברהם מיט צווייפעל: „במה אדע?״

איז דער תירוץ: אברהם אָבינו איז געווען אַ מאמין באמונה שלמה, ער איז אָבער געווען אין ספק מיט זיינע קינדער, אויב זיי וועלען פונקט ווי ער, האָבען אמונה, און דאָ, האָט אברהם געפרעגט: במה אדע, פון וואַנען ווייס איך, כי אירשנה, אז מיינע קינדער, די צוקונפטיגע דורות, אַז זיי וועלען ירש׳ענען מיין אמונה. (ר׳ אלימלך גראָדזיסקער).

---

## קחה לי עגלה משולשת (טו. ט.)

ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער איז געווען אַ גרויסער געגנער פון די רבי׳שע קינדער און אייניקלאַך, וואָס זייגען אַרומגעפאָרען איבער די אידישע ישובים און געלעבט אין זכות אָבות, וואָס זייערע עלטערען אָדער זיידעס זיינען געווען צדיקים. איינמאָל איז געקומען צו אים אַזאַ רבי׳ש אייניקעל און געבעטען פון אים אַ כתב צו די אידען אין די קליינע מקומות, זיי זאָלען אים געבען פדיונות.

— צו וואָס טויג דיר אַ כתב פון מיר? — האָט אים ר׳ מאיר׳ל געזאָגט — קחה לך עגלה משולשת — נעם דיר אַ וואָגען מיט דריי פערד, ועז משולש, מיט אַ גבאי אַן עז־פּנים, ותור, פאַר אַרום און זאָג תורה אין דיין טאַטענס אָדער זיידענס נאָמען, וגוזל און באַ׳גזל אידען! ...

---

„פשוט נבילה בשוק״, זאָלסט בעסער פושט זיין די דינים פון נבילות וטריפות, בעסער זאָלסטו פסק׳ענען שאלות, זיין אַ רב, ואל תצטרך לבריות, איידער זאָלסט זיין אַ רבי און אָנקומען צו מענשען, זיי זאָלען דיר געבען פדיונות. (ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער).

## כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם (טו. יג.)

ס'איז וועה צו זאָגען, אַז ס'איז געוואונשענער אידען זאָלען שטענדיג פיהלען, אַז זיי זיינען „בארץ לא להם", גרים אין אַ פרעמד לאַנד. איידער זיי זאָלען פיהלען, אַז זיי זיינען עמאַנציפּירטע, גלייכבאַרעכטיגטע, בירגער מיט די ניט אידישע פעלקער, ווייל דערפיהלען זיי נאָר, אַז זיי האָבען גלייכע פרייהייט, פאַרגעסען זיי שוין, אַז זיי זיינען אידען... (קאָצקער).

---

דער שפּאָלער זיידע האָט אַמאָל אַזוי גע'טענה'עט צום רבש"ע: „רבונו של עולם, צוליב אַזאַ קליינע קריגעריי צווישען דיר און די אידען ביסטו מעכב די גאולה. די אידען טענה'ען, השיבנו אליך ונשובה, טענה'סטו „שובו אלי ואשובה אליכם". פּירסטו צוליב דעם מיט די אידען נצחונות און דו וואַרטסט, ביז די אידען וועלען תשובה טאָן. שווער איך דיר ביי אַלע הייליגקייטען, אַז די אידען וועלען ניט קיין תשובה טאָן פאַר דער גאולה".

דערויף האָט ר' ישראל ריזשינער געזאָגט: אויך איך קען דיר מבטיח זיין, רבש"ע, אַז די אידען וועלען נאָר דעמאָלט תשובה טאָן, ווען דער מלך המשיח וועט קומען, ווייל די אידען האָבען אַ גערעכטע טענה. „מפני חטאינו", נאָך איידער מיר האָבען געזינדיגט, גלינו מארצנו, האָסטו שוין בברית בין הבתרים מיט אונזער טאַטען אברהם, פאַראורטיילט אונז צו גלות, דערפאַר מוזטו פריער אונז אויסלייזען פון גלות, איידער מיר וועלען תשובה טאָן".

---

## התהלך לפני והיה תמים (יז. א.)

צו זיין אַ תמים קען מען נאָר מיטן רבונו של עולם, מיט מענשען דאַגעגען איז זייער שווער אויסצוקומען מיט בלויזער תמימות. (רבי וואָלף סטריקאָווער).

---

## וערל זכר אשר לא־ימול (יז. יד.)

אַ ניט־איד זאָל אפילו הונדערט מאָל זיך מל זיין, בלייבט ער אַלץ אַן ערל, ווייל ערלות איז ביי אים אַ מום קבוע פון דור דורות, מען קען דאָס ביי איהם קיינמאָל ניט אַוועק־שניידען. (שפת אמת).

---

## לו ישמעאל יחיה לפניך (יז. יח.)

אברהם אָבינו האָט גאָט געבעטען, אַז ישמעאל זאָל לעבען, כדי יצחק זאָל ניט בלייבען קיין בן־יחיד... (חידושי הרי"ם).

# וירא

## וירא אליו ה׳ (יח. א.)

יעדע זאַך אין דער וועלט פאַרמאָגט אין זיך אַ נקודה חיות פון השי״ת, מען דאַרף בלויז אַרונטערנעמען די קליפה, דאָס חומר׳דיגע און די געטליכע נקודה באַווייזט זיך בולט. (שפת אמת).

---

ווען אַ מענש טהוט אָן אַ מלבוש, אָדער באַנוצט זיך מיט אַ כלי ביים עסען און האָט פון דעם הנאה, האָט ער הנאה פון דעם חיות, וואָס געפינט זיך אין מלבוש אָדער כלי. ווייל ווען ניט יענע רוחניות וואָס געפינט זיך אין מלבוש אָדער כלי, וואָלטען זיי קיין קיום נישט געהאָט. (בעש״ט).

---

## וירא אליו ה׳

גאָט האָט זיך שטענדיג באַוויזען צו אברהם אָבינו. אברהם איז אָבער ביי זיך געווען אַזוי שפל׳דיג, אַז אים האָט זיך תמיד אויסגע־דאַכט, והוא יושב פתח האהל — אַז ער זיצט ביים טיר און איז ווייט פון אוהל ה׳. (קאָצקער).

---

## והוא יושב פתח האהל (יח. ב.)

כאָטש אברהם האָט זוכה געווען צו אַזאַ הויכער מדרגה, — וירא אליו ה׳, האָט ער פונדעסטוועגען זיך ניט גרויס געהאַלטען. והוא יושב פתח האהל כחום היום, נאָך דער גאַנצער התלהבות און רעלי־גיעזען עקסטאַז אין דעם טאָג וואָס גאָט האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט, האָט ער דאָך געהאַלטען זיך כעני בפתח, און געוואוסט ביי זיך „אָנכי עפר ואפר״. (שפת אמת).

---

## פתח האהל. לראות אם יש עובר ושב, ויכניסם בביתו (רש״י)

אברהם אבינו זיצט ביים טיר פון גן־עדן, צו זעהן אויב דער וואָס האָט עובר געווען אויף דער תורה, און האָט שפּעטער תשובה געטאָן, ויכניסם בביתו, אַריינצוברענגען זיי אין גן־עדן. (ר׳ שלום בעלזער).

---

רבונו של עולם — האָט דער ליזענסקער אַמאָל גע׳טענה׳עט צו גאָט — איך ווייס אַז איך האָב ניט קיין זכות צו זיין אין גן־עדן און זיצען צווישען די צדיקים. ווטסטו מיך געוויס אַריינברענגען אין גיהנם צווישען רשעים, ווייסטו דאָך ווי פיינט איך האָב בתכלית השנאה די מענשען וואָס זיינען עובר אויף דיינע געבאָטען — ווי אַזוי וועל איך קענען זיין צווישען זיי? בעט איך דיך דאַרום, נעם אַרויס די רשעים פון גיהנם, כדי איך זאָל דאָרט קענען זיין...

---

דער „חידושי הרי״ם" האָט אַמאָל געזאָגט, אויב מ׳וועט איהם אויפן עולם העליון פאַר׳משפּט׳ן אין גיהנם אַריין, וועט ער אַרויפ־קריכען אויפן דאַך פונ׳ם גיהנם און וועט דאָרטען אָנהויבען זאָגען תורה, וועלען אַלע צדיקים פון גן־עדן קומען אַרויפצולויפען אויפן דאַך הערען זיין תורה, וועט אויפן דאַך פון גיהנם ווערען אַ גן־עדן.

---

## כחום היום. הוציא הקב״ה חמה מנרתיקה שלא להטריחו באורחים. ולפי שראהו מצטער, שלא היו אורחים באים, הביא המלאכים עליו בדמות אנשים. (רש״י)

דער גאַנצער ענין איז דאָ קשה. אַז השי״ת האָט דוקא געוואָלט מהנה זיין אַברהמ׳ען מיט אורחים, האָט ער באַדאַרפט מלאכים פאַר־שטעלען פאַר מענשען, ער האָט דאָך געקאָנט אַריינלייגען די זון אין איר שייד, מאַכען אין דרויסען קילער און אורחים וואָלטען ווי פריער גע־קומען צו אַברהמ׳ען?

איז דער תירוץ: אברהם איז געווען קראַנק. האָט השי״ת גע־וואָלט אַז אברהם זאָל איינמאָל האָבען אורחים, פריילי̇כע, צופרידענע, וועלכע זאָלען זיך אויף קיין זאַך ניט האָבען, וואָס צו באַקלאָגען, כדי זיי זאָלען אים ניט פאַרשאַפען קיין עגמת־נפש. אַזעלכע אורחים האָט השי״ת געוואוסט, וועט ער צווישען מענשען ניט געפינען, ווייל צופרידענע גליקליכע מענשען זיינען אויף דער וועלט גאָר נישט

בנמצא. האָט ער דערפאַר געמוזט שיקען מלאכים אין געשטאַלט פון מענשען. וישא עיניו וירא, והנה שלשה אנשים — אברהם האָט דערזעהן שטעהן דריי מענשען, פריילעכע, זאָרגלאָזע, גליקליכע און צופרידענע וירא, אברהם האָט דערזעהן אַזעלכע מענשען, זיינען זיי געווען פאַר אים אַזאַ איבערראַשונג, אַז אים אַליין האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ פרייד, אַז ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו וואַרטען, ביז זיי וועלען צו אים קומען, „וירץ לקראתם" — איז ער מיט גרויס שמחה זיי אַנטקעגען געלאָפען. (ר' אליעזר סאסיווער).

---

פון אברהם אָבינו, דאַרף יעדער איד זיך אָפּלערנען שטענדיג אין אַלע צייטען און אונטער אַלע אומשטענדען, מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת־אורחים.

געוועזן איז אברהם, אַ מלך, אַ נביא, אַ זקן. בן מאה שנים, אַ חולה, יום שלישי למילתו, האָט נאָך פאַרדעכטיגט, אַז די דריי אָנגעקומענע אורחים זיינען אַראַבער, געצענדינער, פונדעסטוועגען איז ער אַליין, נישט דורך קיין שליח געלאָפען מקבל פנים זיין די דריי אורחים בסבר פנים יפות. (חידושי הרי"ם).

---

וירא — ווען אברהם האָט דערזעהען די אורחים, וירץ לקראתם, כאָטש ער האָט גערעדט מיט גאָט, האָבען זיינע פיס ניט געוואָלט איינשטעהן, נאָר האָבען זיך געריסען זיי אַנטקעגען צו לויפען, האָט פון דעם אַברהם פאַרשטאַנען, אַז „גדולה הכנסת אורחים יותר מהקבלת פני השכינה". (ר' מאיר'ל פרעמישליאנער).

---

מ'האָט אַמאָל געפרעגט דעם אַמשינאָווער, די חז"ל זאָגען „גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה", אויב די מצוה איז פון אַזאַ הויכער מדרגה, פאַר וואָס האָט די תורה ניט געשריבען קיין ציווי די דאָזיגע מצוה מקיים צו זיין?

איז דער תירוץ — אַז ווען הכנסת אורחים זאָל זיין אַ מצות עשה מן התורה, וואָלטען אידען וואָס יאָגען זיך נאָך מצוות אַרומגעריסען זיך איבער אַרימעלייט און די לעצטע, וואָלטען תמיד אַרומגעגאַנגען אָנגעגעסענע, אויסגעשלאָפענע און אַמאָל גאָר שיכור — אָ קליינינקייט, אַזאַ מצוה מקיים צו זיין, ווי איז מען דאָס נישט דעם אורח מכבד מיט אַ גלעזעל משקה? האָט דאַרום די תורה בלויז באַנוגענט זיך מיטן מרמז זיין די מצוה, דורך לויבען די האַנדלונג פון אברהם אָבינו — ניט מער...

---

ווען ר׳ לוי יצחק האָט אָנגענומען דעם כסא־הרבנות אין בערדיטשעוו, האָט ער אויסגערעדט אַ תנאי מיט די גבאים און ראשי־הקהל, מ׳זאָל אים ניט באַלעסטיגען צו רופען צו אַלע שטאָטישע אסיפות, סיידען ס׳וועט זיך האַנדלען וועגען איינפיהרען אַ נייע תקנה.

האָבען איינמאָל די בערדיטשיוועד קהלה־מנהיגים באַשלאָסען, היות איבער די הייזער געהען אַרום בעטלער און אַרימעלייט וואָס נעמען אַוועק אַ סך צייט פון די בעלי־בתּים, לכן וועלען זיי שאַפען אַ ספּעציעלע קהלה־פּושקע, וואָס וועט יעדען אָרימאַן וואָס וועט קומען אין שטאָט געבען עטליכע גולדען מקופּת הקהל. דאָס וועט פאַרמיידען דאָס אומזיסטע באַלעסטיגען פון די שטאָט בעלי־בתים און פאַרשפּאָרען די אָרימעלייט קלאַפּען טירען און בעטלען נדבות.

היות די גבאים און ראשי־הקהל האָבען געהאַלטען, אַז די תקנה איז אַ נייע, האָבען זיי לויטן תנאי פון זייער רב, געשיקט נאָך אים.

ר׳ לוי יצחק, הערענדיג וועגען וואָס ס׳האַנדעלט זיך, האָט זיי מיט גרויס פאַרוואונדערונג געפרעגט:

— וואָס האָט איר מיך גערופען, דאָס איז דאָך געגען אונזער תנאי, אַז איר דאַרפט מיך בלויז רופען מתקן צו זיין אַ נייע תקנה!

— זייט מוחל, רבי! — האָבען די גבאים און ראשי־הקהל בפה־אחד אָפּגעענטפערט — די תקנה איז אַ נייע, אַזאַ תקנה האָט פריער ניט עקזיסטירט...

— איר מאַכט אַ טעות — האָט זיי דער בערדיטשיווער געלאָסען אָפּגעענטפערט — די תקנה איז שוין אַ גאָר אַלטע. ניט אַריינצולאָזען אַן אָרימאַן אין שטוב שטאַמט נאָך פון די אַנשי סדום. אַוודאי געדענקט איר די מעשה פון דער מיידעל שהרגוה במיתה משונה, מחמת שנתנה מזון לעני — די אַנשי סדום ועמורה האָבען גע׳הרג׳עט אַ מיידעל ווייל זי האָט געגעבען עסען אַן אָרימאַן, וואָס איז געקומען צו איר טיר בעטען אַ נדבה, מסתמא איז אויך דאָרט געווען אַ קהלה־קאַסע, איז דאָך די תקנה אַן אַלטע סדומ׳ער תקנה, און אַזוי ווי די תקנה איז אַן אַלטע, האָב איך לויט אונזער תנאי דאָ גאָר ניט וואָס צו טאָן...

---

ר׳ יצחק וואָרקער איז איינמאָל אונטערוועגנס אויסגעקומען איינצושטעהן אין אַ באַצאָלטער אַכסניא. נאָכן אָפּצאָלן פאַר דער אַכסניא, האָט דער וואָרקער שטאַרק געדאַנקט דעם בעל־אַכסניא פאַר זיין גוטער באַהאַנדלונג, הויפּטזעכליך פאַר מקיים זיין די גרויסע מצוה פון „הכנסת אורחים".

— מיר קומט ניט קיין דאַנק, איך טו דאָס פאַר געלד, דאָס איז מיין פּרנסה — האָט דער בעל־אכסניא געענטפערט דעם וואָרקער.

— ווי איך פאַרשטעה אָבער, נעמסטו דאָס געלד, כדי זאָלסט קענען אָנהאַלטען און מקיים זיין די מצוה. וואָלסטו קיין געלד ניט גענומען, וואָלסטו דאָך ניט געקאָנט מקיים זיין מצות הכנסת־אורחים, אָט דערפאַר קומט דיר אַ דאַנק.

---

— איך האָב אַ צייט לאַנג ניט פאַרשטאַנען דעם פירוש פון מאמר חז״ל, גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה — האָט דער טריסקער מגיד געזאָגט. — ביז מיר איז איינמאָל אויסגעקומען צו זיין ווינטער אונטערוועגנס.

עס איז אינדרויסען געווען אַ בייסענדער פראָסט, איך האָב קוים דערצויגען צו אַ אידישער קרעטשמע. אַז מיר האָבען אָנגעקלאַפּט אין קרעטשמער׳ס טיר, האָט ער ניט געוואָלט עפענען ביז דער גבאי האָט אים בפרטיות מיט אַלע סימנים געמוזט איבערגעבען, ווער עס איז הינטער דער טיר. אַז איך בין אַריינגעקומען אין דער וואַרימער שטוב, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען דעם פירוש פון מאמר חז״ל „גדולה הכנסת אורחים״ — גרעסער איז די מצוה פון הכנסת אורחים, וואָס דורך איר קען מען ראַטעווען אַ מענש פון סכנת־נפשות, ער זאָל ניט פאַרפרוירען ווערען, יותר מקבלת פני השכינה, ווייל די שכינה איז קיינמאָל ניט אין קיין סכנה פאַרפרוירען צו ווערן.

---

דער בערדיטשעווער האָט זעהר טייער געהאַלטען די מצוה פון הכנסת־אורחים. ווען ער האָט געגעסען קעסט ביים שווער, פלעגט ער אַליין משמש זיין די אורחים, ברענגען זיי בונטען שטרוי און מאַכען פאַר זיי געלעגערס. האָט דאָס פאַרדראָסען דעם שווער זיינעם, און ער האָט איינמאָל, צוזעהענדיג ווי זיין חשוב׳ער איידעם איז זיך מתעסק מיט אַזאַ מלאכה בזויה אים פאַרגעוואָרפען:

— לוי יצחק, קאָנסטו ניט געבען דעם שטוב־ערל עטליכע גראָשען, ער זאָל אַריבערברענגען די בונטען שטרוי און מאַכען פאַר די אָרימעלייט די געלעגערס.

— זעהסטו, דאָס הייסט אַן המצאה — האָט איהם ר׳ לוי יצחק אָפּגעענטפערט — מכבד זיין דעם ערל מיט אַזאַ גרויסער מצוה פון הכנסת־אורחים און אים נאָך צוגעבען געלד.

---

להלכה, וואָס איז אייגענטליך אונז די נפקא־מינה, דאָס וואָס די חז״ל זאָגען גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה?

— עס איז שוין גאָר אַ נפקא־מינה, וואָס מיר לערנען פון דעם מאמר חז״ל, הגם טיילמאָל איז הכנסת־אורחים פאַרבונדן מיט ביטול־

תורה אָדער מיט לשון־הרע, זאָל מען פונדעסטוועגן ניט קוקן דערויף און מקיים זיין מצות הכנסת־אורחים יותר מקבלת פני השכינה. (בעש"ט).

---

צום קאָזשעניצער מגיד איז איינמאָל געקומען אַ דאָרפס־איד און זיך פאַר אים מתנצל געווען, היות ער איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח, האָט יעדען דורכרייזענדען איד אויפגענומען העכסט גאַסט־פריינדלעך, בסבר פנים יפות. לסוף האָט אים גאָט געשטראָפט, אַ פייער האָט אויסגעבראָכען און זיין הויז איז ביזן גרונד פאַרניכטעט געוואָרען און זיין גאַנץ האָב און גוטס איז אויך אומגעקומען אין דער שריפה. האָט אים דער קאָזשעניצער מגיד אויסגעהערט און אים אַזוי אָפּגעענטפערט :

— כידוע איז אונזער פאָטער אברהם געווען אַ גרויסער מכניס־אורח. אויף דעם פסוק אין דער תורה, „ויטע אשל בבאר שבע", זאָגען אונזערע חכמים, אַז די נוטריקון פון וואָרט „אשל" מאַכען „אכילה" „שתיה" „לינה". אַזוי אַרום האָט אונזער פאָטער אברהם מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים און אַזוי איז דער חוב פון יעדען איד די מצוה מקיים צו זיין. דו אָבער האָסט בלויז מקיים געווען אכילה ושתיה — האָסט אָרימעלייט געגעבען, צו עסען און צו טרינ־קען, אָבער ניט קיין נאַכטלעגער. די „ל" „לינה" האָסטו ניט מקיים געווען, איז פון וואָרט „אשל" געוואָרען „אש", איז געקומען אַ פייער און האָט ביי דיר אַלץ פאַרברענט.

---

ווען דער רבי ר' בונם איז געווען אַ קינד, איז איינמאָל צו זיינע עלטערען געקומען צו גאַסט אַ באַוואוסטער גאון. דער קליינער בונם האָט שוין דעמאָלט גע'שמ'ט פאַר אַן עילוי, האָט איהם דער גאון געבעטען, ער זאָל פאַר איהם זאָגען עפּעס אַ דבר חידוש אין לערנען. האָט דער קליינער בונם גערן מסכים געווען, ער האָט בלויז געבעטען דערלויבעניש פון פאָטער און פון גאון אַריינצוגעהן אינ'ם חדר־מיוחד, וואָס פלעגט תמיד שטעהן גרייט פאַר אורחים, מעיין צו זיין אין וועל־כען ענין, ער זאָל זיך פאַרטראַכטען און עפּעס מחדש זיין.

אַז ס'איז פאַראיבער אַ שטיקעל צייט און דער יונגער בונם איז נאָך אַלץ פון חדר ניט אַרויסגעקומען, זיינען ביידע, דער פאָטער און דער גאון אַריינגעגאַנגען אין יענעם צימער, האָבען זיי געטראָפען דעם קליינעם בונם שטעהן אַ פאַרשמייעטען מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבעל, מאַכענדיג צורעכט דאָס בעט וואו דער גאון האָט באַדאַרפט די נאַכט איבערנעכטיגען, און רייניגען און לופטערען דאָס חדר.

— אָט־דאָס איז דיין חידוש ? — האָט דער פאָטער פאַרדראָסיג זיך אויף אים אָנגעבייזערט.

— אָט־דאָ איז טאַקע מיין חידוש ! — האָט דער קליינער בונם תמימות׳דיג אָפּגעענטפערט — מיין חידוש איז בענין „הכנסת־אורחים״. ווען אַן אורח קומט אין שטוב אַריין, דאַרף ראשית־כל פאַר אים צוגעגרייט ווערען אַ מקום־ללון, אַ נאַכטלעגער נאָך פריער פאַרן גע־בען אים עסען, כדי דער גאַסט זאָל קענען עסען במנוחה ובישוב־הדעת און הנאה האָבען פון עסען און אָט־דאָס — האָט ער אָנגעוויזען אויף דעם אויפגעראַמטען און גוט דורכגעלופטערטען צימער — האָב איך געמאַכט פאַר אונזער חשוב׳ען אורח.

---

דער בערדיטשיווער דורכפאָרענדיג אַמאָל לעמבערג, איז אַריינגע־גאַנגען צו אַ גביר מפורסם און געבעטען ער זאָל אים לאָזען אַ נאַכט איבערנעכטיגען. דער גביר האָט ניט געוואוסט, ווער ער איז, האָט ער איהם געזאָגט, אַז אין לעמבערג זיינען פאַראַן גענוג אַכסניות, גאַסט־הייזער.

— מיין קעשענע דערלויבט מיר אָבער ניט צו נעכטיגען אין אַן אַכסניא !

— איז דאָ אין שטאָט אַ מלמד, וואו אַלע דורכגעהער נעכטיגען !
— האָט איהם דער גביר מיט ביטול אָפּגעענטפערט.

צומאָרגענס, אַז מ׳האָט זיך דערוואוסט אין שטאָדט, אַז דער בער־דיטשיווער איז דאָ, זיינען מאַסען מענשען, צווישען זיי אויך יענער גביר, געקומען געבען דעם בערדיטשיווער שלום. נאָכן שלום־געבען האָט דער גביר געזאָגט צו אים :

— איר זאָלט וויסען, רבי, אַז אַלע גדולים און צדיקים, וואָס קומען קיין לעמבערג, קוואַרטירען זיי ביי מיר, אַלזאָ בעט איך אייך איר זאָלט מיר צוטיילען דעם כבוד און זיך אַריבערציען אין מיין וואוינונג.

האָט אים דער בערדיטשיווער געענטפערט :

— די וועלט פרעגט, וואָס איז דער חילוק אין ענין הכנסת־אורחים צווישען אברהם אבינו און לוט׳ן ? פאַר וואָס איז די וועלט מרעיש־עולם מיט דעם חסד וואָס אברהם האָט געטאָן מיט די דריי מלאכים, וואָס ער האָט זיי מכבד געווען מיט פוטער, מילך און פלייש, בעת לוט האָט כמעט אויך דאָס זעלבע געטאָן. האָט פאַר די צוויי מלאכים געמאַכט אַ מאָלצייט, האָט ספּעציעל פאַר זיי געבאַקען מצות, האָט זיי באַשירעמט פון די רשעים פון סדום, טאָ פאַר וואָס איז

אַברהם אבינו פאַרבליבען דער גרויסער מכניס־אורח און לוט נישט?

דער תירוץ איז: ביי לוט'ן זאָגט דער פסוק „ויבואו שני המל־אכים סדומה", אַז לוט האָט דערזעהן מלאכים, אַזעלכע גרויסע פּער־זענליכקייטען, אַזעלכע גדולים און צדיקים, ויפצר בם מאד, האָט ער זיי איינגעלאַדען און שטאַרק געבעטען, זיי זאָלען אַריינגעהן צו איהם אין שטוב, ויעש להם משתה, ומצות אָפה, האָט ער פאַר זיי געמאַכט אַ מאָלצייט מיט כל־טוב, אפילו פאַר זייערטוועגען ספּעציעל געבאַקען מצות. ביי אברהמ'ען זאָגט דער פסוק: „וירא, והנה שלשה אנשים נצבים עליו", דריי פּראָסטע מענשען, נישט קיין יחסנים, נישט קיין גדולים און צדיקים, נאָר איינפאַכע מענשען. וירא וירץ לקראתם, פונדעסט־וועגען איז ער זיי אַנקעגענגעלאָפען, האָט זיי אויפגענומען בסבר פנים יפות און געמאַכט פאַר זיי אַ סעודה. אָט צוליב דעם איז אַברהם פאַרבליבען דער גרויסער מכניס אורח און ניט לוט.

און מיט אייך, לעמבערגער גביר, איז אויך דאָסזעלבע. נעכטען ביינאַכט בין איך געווען ביי אייך, האָט איר מיך אָפּגעשיקט אין אַן אַכסניא, שפּעטער צום מלמד, איצט אַז איר זעהט מיך אַלס דער בערדיטשיווער רב, ווילט איר מיך האָבען פאַר אַן אורח. דאָס איז לוט'ס דרך אין מקיים זיין די מצוה פון „הכנסת־אורחים" און איך וועל אַוודאי צו אייך נישט געהן.

---

מ'האָט אַמאָל געפרעגט דעם אלכסנדרער רבי'ן ר' יחיאל: די תורה דערצעהלט אַז אויך לוט איז געווען אַ מכניס־אורח, טאָ פאַר וואָס ווערט די מצוה אויסשליסלאַך קרעדיטירט אויפן נאָמען פון אברהמ'ען?

— טאַקע פון דעם לערנען מיר, אַז ס'איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק אין מקיים זיין די מצוה הכנסת־אורחים, דורך דעם אופן ווי אַזוי מען לאַדט איין די אורחים.

אברהם, אַז ער האָט איינגעלאַדען אורחים, האָט ער ניט דערמאָנט, אַז ער איז דער בעל־הבית, דער מכניס־אורח. אין געגענטייל, ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי זייער באַדינער, „אל נא תעבור מעל עבדך, כי על כן עברתם על עבדכם". אָבער לוט אַז ער האָט אַיינגעדאַדען אורחים, האָט ער תיכף זיי אָנגעזאָגט, אַז ער איז דער בעל־הבית און זיי, די אורחים: „סורו נא אל בית עבדכם!"

---

## ואקחה פת־לחם (יח. ה.)

דאָס איז אַ רמז פאַר פרנסה בריוח, וסעדו לבכם, צו האָבען אַלע הצטרכות'ן, וואָס דאָס האַרץ גלוסט, אָבער ניט קיין עשירות. ווייל

גרויס איז דער נסיון פון עשירות, וואָס דערפירט אָפט צום „אחר תעבורו" אָוועקצוגעהן ווייט פון רבש"ע. פונקט ווי עס האָט פאַר־פירט די אידען אין דער מדבר דער „ודי־זהב", צו מאַכען דאָס עגל. אַזוי איז ביז היינט עשירות בכח אַרונטערצופיהרען יעדען איד פון'ם דרך־הישר. (ר' יהושעלע דזשיקאָווער).

---

„פת לחם" — „פת" באַטרעפט ווי דאָס וואָרט „תלמוד" — 480. (קאָזשניצער מגיד).

---

דאָס וואָס די חז"ל זאָגען, אַז אַ מענש דאַרף עסען פת־שחרית, האָבען זיי געמיינט לערנען יעדען פרימאָרגען אַ בלאַט גמרא, ווי דאָס וואָרט „פת" באַטרעפט אַזויפיל ווי דאָס וואָרט „תלמוד". (רבי ר' בונם).

---

## שלש סאים קמח סולת (יח. ו.)

אָמר רבי יצחק מכאן שהאשה עיניה צרות באורחים. (ב"מ פ"ז).

היתכן, ווי זאָגען דאָס די חז"ל אויף אונזער מוטער שרה „שעיניה צרות באורחים", אדרבא, אונזער מוטער שרה'ס האַנדלונג איז דאַך פונקט פאַרקערט פון וואָס די חז"ל דרינגען אַרויס. וואָרום אברהם אבינו, האָט פאַר די מלאכים געהייסען נעהמען געבעקס פון קמח־סתם מעהל און שרה האָט געקנאָטען פון סולת, דאָס פיינסטע מעהל, איז דאַך שרה געוועזען גאַסטפריינדליכער און מילדער ווי אברהם אָבינו?

דער רמב"ם זאָגט, אַז אַ מענש דאַרף אין אַלע זיינע מידות זיך נוהג זיין מיטעלמעסיג, טאָר אויף קיין געביט ניט זיין צו עקסטרעם. דער מענש וואָס איז אָבער בטבע און אין זיין כאַראַקטער צו עקס־טרעם אין איינער פון זיינע מידות, דאַרף ער זיך אַזוי נוהג זיין, אַז שטופענווייז זאָל ער קומען צום מיטעל־פונקט. למשל, דער קמצן, דאַרף מיט זיינע האַנדלונגען שטרעבען צו זיין אַ פזרן — געבען מערער, וויפיל ער דענקט אַז ער דאַרף געבען, וועט ער אַזוי אַרום געבען דאָס וואָס ער דאַרף באמת געבען און ממילא קומען צום מיטעל־פונקט. און דער וואָס איז בטבע אין זיין כאַראַקטער אַ פזרן, דאַרף ער געבען איינגעהאַלטען, פרואווען זיין אַביסעל קמצנ'יש, כדי אַזוי אַרום צו דער־גרייכען צום מיטעל־פונקט פון נאַטירליכער מיטעלמעסיגקייט.

אַברהם אָבינו האָט ביי זיך געענוי געוואוסט זיין מידה פון הכנסת־אורחים, אז ער איז זיך נוהג מיטעלמעסיג, אַז ער שטעהט ביים מי־טעל־פונקט. דעריבער האָט ער פאַר די מלאכים געהייסען צוגרייטען

געבעקס פון קמח — געוועגליך מעהל וואָס אַלע מענשען עסען.

אונזער מוטער שרה אָבער, האָט געוואוסט „שהאשה עיניה צרות באורחים", האָט זי דערפאַר געפּרוואווט צו זיין אַ „פּזרנית", געבען מעהרער וויפיל מ'דאַרף, דעריבער ווען אברהם האָט איר געהייסען נעמען קמח, האָט זי גענומען סולת, ווייל זי האָט פּראַקטיצירט פּזרנות, כדי אַזוי אַרום צו גרייכען די מידה פון הכנסת־אורחים צום מיטעל־פּונקט און זיך נוהג זיין מיטעלמעסיג, ווי דער רמב"ם זאָגט. (רבי מלובלין).

---

„ואַל תרבה שיחה עם האשה", עס איז די פרוי'ס נאַטור, ווען זי דערזעט אורחים, אַריינקומען אין שטוב, וויפיל זי האָט אָנגעגרייט שרעקט זי זיך אַז ס'וועט אַלץ זיין ווייניג. זאָלסטו דעריבער רעדען מיט דיין פרוי, ווען דו וועסט אַריינברענגען אָרימעלייט אין דיין שטוב „ואַל תרבה", זי זאָל ניט מערען אָנצוגרייטען, וויפיל ס'איז דאָ צוגע־גרייט, וועט זיין גענוג. (רמ"ל סאַסיווער).

---

„ואַל תרבה שיחה עם האשה", אַז דו וועסט צופיל ניט אָנפרעגען זיך ביי דיין ווייב וועגען אַריינברענגען אורחים אין שטוב, „ויהיו עניים בני ביתך", וועסטו שטענדיג קענען אַרייננעמען אורחים צו דיר אין שטוב. (רמ"מ וואָרקער).

---

ר' מענדעלע קאָצקער מיט ר' יצחק'ל וואָרקער זיינען איינמאָל געגאַנגען צוזאַמען קיין פּשיסכע. אויף'ן וועג האָבען זיי אָנגעטראָפען אַ פרוי פאַרקויפען מעסערליך. האָט דער וואָרקער געפרעגט איר, וויפיעל זי וויל פאַר אַ מעסערעל.

— פיר גראָשען.

האָט דער וואָרקער זיך געדונגען מיט איהר און ניט געוואָלט גע־בען מער פון דריי גראָשען. האָט דער קאָצקער צו אים אויסגעשריען:

— איטשע, גיב איר די פיר גראָשען, ווייל „אַל תרבה שיחה עם האשה" האָט אויך די ווערט אַ גראָשען...

---

## ויאמרו אליו איה שרה אשתך (יח. ט.)

אין הימעל האָבען די מלאכים געהערט, אַז אברהם אָבינו איז אַ גדול וחשוב, אַז זיי זיינען אַריינגעקומען צו אים אין שטוב און האָבען קיין אויסערגעוועהנליכעס ניט באַמערקט, האָבען זיי פאַרשטאַנען, אַז אברהם באַהאַלט פון זיי זיין צידקות, האָבען זיי געטראַכט, אפשר וועלען

זיי עפּעס דערוויסען זיך פון שרה׳ן, האָבען זיי דאַרום געפרעגט אברהמ׳ען: „איה שרה אשתך?״

אברהם וועלכער האָט תיכף פאַרשטאַנען זייער כוונה האָט זיי אָפּגעענטפערט „הנה באהל״, אויך שרה איז אַ צנועה, און איר וועט זיך גאָר נישט דערוויסען פון איר. (הר״ם מזלאָטשאָוו).

---

## וה׳ אמר המכסה אני מאברהם אשר אני עושה (יח. יז.)

די חז״ל זאָגען, „הקב״ה גוזר והצדיק מבטל״, האָט דאַרום השי״ת פריער מודיע געווען גזירת סדום ועמורה צו אברהם אבינו, כדי ער זאָל שפּעטער די גזרה נישט קענען בטל מאַכען. (ר׳ משהלע קאָזשניצער).

---

## כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו (יח. יט.)

אַז זיי זאָלען זיך נישט גרויס האַלטען, זאָלען האַלטען זיך במדת ענוה אין דער בחינה פון אברהם אָבינו, ואָנכי עפר ואפר. (ר׳ שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

## ואנכי עפר ואפר (יח. כז.)

אברהם אָבינו איז געווען אַן עניו, האָט ער געזאָגט „ואנכי עפר ואפר״, משה מיט אהרנ׳ען זיינען געווען גרעסערע ענוים, האָבען זיי געזאָגט „ונחנו מה״. דוד המלך איז געווען נאָך אַ גרעסערער עניו, האָט ער געזאָגט „ואנכי תולעת ולא איש״. עס איז אָבער פאַראַן נאָך אַ גרעסערע מדרגה אין עניוות, ווען דער מענש זאָגט וועגען זיך גאָר נישט. (רבי מלובלין).

---

אַ מענש דאַרף שטענדיג האָבען ביי זיך צוויי קעשענעס, צו באַנוצען זיך מיט זיי ווען ס׳איז פאַר אים נויטיג. איין קעשענע זאָל ער האַלטען „בשבילי נברא העולם״, די צווייטע קעשענע זאָל ער האַלטען „ואָנכי עפר ואפר״. (ר׳ העניך מאלכסנדר).

---

דער לובלינער רב ר׳ עזריאל הורוויץ, באַוואוסט אין דער אידישער וועלט אונטערן נאָמען „דער אייזערנער קאָפּ״, איז געווען אַ מתנגד, און פלעגט אָפט פייניגען דעם חוזה מלובלין מיט שאלות וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צום דרך חסידות.

איינמאָל האָט ער געזאָגט צו אים:

אַז איהר ווייסט ביי זיך, לובלינער רבי, אַז איהר זייט ניט קיין רבי, פאַרוואָס זייט איר מדריך אייערע נאָכפאָלגער, זאָלען געהן אין אייערע דרכים.

— נו, וואָס זאָל איך טאָן — האָט דער חוזה זיך פאַרטיידיקט — אַז מענשען האָבען זיך אָנגעהאַנגען אין מיר און טרעטען ניט אָפּ?

— ערקלערט זיי דעם קומענדען שבת זייער טעות אין אייך אַלס מנהיג, אַז איהר זייט ניט קיין רבי.

— איך האָב שוין געפּרואווט אויספאָלגען אייער עצה, איז די ווירקונג אָבער געווען פונקט אַ פאַרקערטע.

— דאָס איז דערפאַר, מחמת חסידות איז צו ליבען דעם עניו און זיך מתרחק צו זיין פון גאווה. פּרואווט, זייט מוחל, דעם צווייטען דרך — האָט אים דער גאון גע'עצה'ט — דערצעהלט אייערע חסידים, אַז איהר זייט אַ צדיק יסוד־עולם, וועלען זיי בודאי אַלע זיך מתרחק זיין פון אייך.

— דאָס פאַרלאַנגט איר שוין צופיעל, ווייל כאָטש איך בין ניט קיין רבי, קיין שקרן בין איך אָבער אַוודאי ניט! — האָט אים דער חוזה אָפּגעענטפערט.

---

„שיר למעלות אשא עיני אל ההרים". ההרים, דרשנ'ען די חז"ל, מיינט מען די אָבות הקדושים, אַז איך הויב אויף מיינע אויגען צו די אָבות און באַגרייף זייער גדלות, דערפיל איך ערשט מיין שפלות. „מאַין יבוא עזרי", — ברמ"ח איברי דערפיל איך דעם „מאַין", מיין אייגענע נישטיגקייט און שפל'דיגקייט, אַז „אָנכי עפר ואפר". דעמאָלט בעט איך בלב נשבר צום רבש"ע, „עזרי מעם ה'", אַז השי"ת זאָל מיר שיקען זיין הילף. (ר' ישראל ריזשינער).

---

## האחד בא־לגור וישפט שפוט (יט. ט.)

וואָס פאַר אַ שאלה, אין סדום איז דאָך אַלעס געווען פאַרקערט, דאַרף דאָך טאַקע אַזוי זיין, אַז דער תושב זאָל קיין דעה נישט האָבען, נאָר דער פרעמדער זאָל זיין דער גאַנצער בעל־דעה.

אַזוי ווי דער פרעגער איז אַליין געווען אַ סדום'ער, האָט ער, פאַרשטעהט זיך, געפרעגט טאַקע פאַרקערט. (ר' גרשון העניך ראַדזי־נער).

---

## רק אין־יראת אלקים (כ. יא.)

אַ איד אַ חלוש, איז איינמאָל געקומען צום ראַדזינער רבי'ן, ר' גרשון העניך און געבעטען אַ רפואה פאַר אַ ראַק.

— וואָס פאַר אַ רפואה קען איך דיר געבען — האָט אים דער ראַדזינער געענטפערט — אַז איך זעה אין דיר, רק אין יראַת אלקים במקום הזה.

---

## ויהי רובה קשת (כא. כ.)

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' דוד אַמשינאָווער: די תורה זאָגט אויף ישמעאל'ן ויהי ד' עמו ויגדל, ויהי רובה קשת. איז דאָך קשה, אַז גאָט איז געווען מיט אים, פאַר וואָס איז ער געוואָרען אַ רובה קשת, אַ מגושמ'דיגער מענש, אַ פרא אָדם?

— טאַקע אין דעם זעלבען פסוק איז פאַראַן דער תירוץ — האָט אים דער אַמשינאָווער געענטפערט — ויהי ד' עמו, גאָט איז געווען מיט ישמעאל'ן. ויגדל, איז ער צוליב דעם ביי זיך גרויס געוואָרען און האָט אָנגעהויבען בלאָזען פון זיך, האָט אים דעריבער גאָט דערני־דעריגט צו אַזאַ שפל'דיגען מצב, אַז ער איז געוואָרען אַ גראָבער מגו־שמ'דיגער נפש — אַ רובה קשת.

---

## ויאמר אברהם אנכי אשבע (כא. כד.)

ווען אבימלך איז געקומען צו אברהמ'ען, ער זאָל איהם צו־שווערען אַז ער וועט ניט טאָן קיין שלעכטס צו אים, צו זיינע קינדער און אייניקלאַך, ויאמר אברהם אָנכי אשבע.

ווי אבימלך האָט דערהערט אברהמ'ס שבועה האָט ער אָנגע־הויבען אינגאַנצען צו ציטערען; האָט איהם אברהם געפרעגט — וואָס ציטערסטו אַזוי?

ויאמר אבימלך לא ידעתי — איך אַליין וויס אויך נישט, מי עשה את הדבר הזה, פאַר וואָס איך ציטער אַזוי. וגם אתה לא הגדת לי, דו האָסט דאָך מיר קיין זאַך ניט געזאָגט, וואָס איך זאָל זיך שרע־קען. וגם „אָנכי", אָבער דאָס וואָרט „אָנכי" לא שמעתי, האָב איך ניט געהערט, בלתי היום און אָט פאַר דעם וואָרט האָט מיך אָרומגע־כאַפּט אַזאַ ציטער. (ר' שלמה קאַרלינער).

---

## ויכרתו שניהם ברית (כא. כז.)

דאָס וואָרט „שניהם" איז דאָך אינגאַנצען איבעריג. קיין אַנדע־רער ווי אַברהם און אבימלך זיינען ניט געווען, האָט באַדאַרפט שטעהן ויכרתו ברית.

— אברהם אָבינו האָט פאָראויסגעזעהן, אַז אין דער צוקונפט וועט דאָס אידישע פאָלק זיין צעזייט און צעשפּרייט צווישען די פעלקער. האָט ער מורא געהאַט, אַז די אידען זאָלען אַמאָל זיך ניט אָפּלערנען די מעשים פון די פעלקער און ווערען גלייך ווי זיי. האָט ער דערי־בער געמאַכט מיט אבימלכ'ן בלויז אַ פּאָליטישען בונד, אָבער אינער־ליך, גייסטיג, זאָלען די אידען און די פעלקער תמיד פאַרבלייבען „צוויי" ניט „איינער". צווישען די אידען און די אומות־העולם זאָל בלויז זיין „פּאָליטישע התחברות", אָבער גייסטיג זאָלען די אידען אימער פאַרבלייבען אָפּגעזונדערט, אייגנאַרטיג — „שניהם" צוויי און ניט „איינער". (רבי ר' בונם).

---

## ויגר אברהם (כא. לד.)

ויגר אברהם בארץ פלשתים ימים רבים. כל מקום שנאמר ימים רבים, הם של צער. (מדרש).

דורך דעם בונד וואָס אברהם אָבינו האָט געשלאָסען מיט אבימלכ'ן האָבען די אידען שפּעטער געהאַט גענוג צער פון די פלשתים. (שפת אמת).

---

## ויאמר קח־נא את בנך וגו' (כב. ב.)

השי"ת האָט ניט באַפוילען אברהמ'ען בלשון ציווי, ער זאָל פירען יצחק'ן צו דער „עקדה", נאָר בלשון בקשה. קח נא, נעם איך בעט דיך, את בנך, את יחידך. קיין אַנדערען זוהן ווי יצחק'ן וועסטו שוין ניט האָבען. והעלהו, דורך דעם וואָס דו וועסט ברצון און שמחה אויפּברענ־גען אים פאַר מיר אַן עולה, וועלען שפּעטער דיינע קינדער זיך מקריב זיין פאַר מיר ברצון ובשמחה. (שפת אמת).

---

## את־בנך את יחידך אשר אהבת (כב. ב.)

מיט דיין גאַנצער ליבשאַפט וואָס דו האָסט צו דיין איין און איינציגען זוהן, זאָלסטו אים פאַר מיר אויפברענגען פאַר אַן עולה. אָט דאָס איז געווען די גרויסקייט פון נסיון. (חידושי הרי"ם).

## ביום השלישי וישא אברהם את־עיניו וירא את המקום מרחוק (כב. ד.)

ויאמר אברהם אל נעריו — איהר זעהט דאָס פּלאַץ אשר אמר האלקים ?

האָבען די יונגען זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען און האָבען אַברהמ׳ען געענטפערט :

— ניין, מיר זעהען דאָס ניט.

— אויב אַזוי — האָט אברהם זיי געזאָגט — זענט איהר דאָך גלייך ווי דאָס אייזעל, דעריבער שבו־לכם פה עם החמור, זיצט איהר דאָ מיטן אייזעל. ואני והנער, איך מיט יצחק׳ן נלכה עד כה, וועלען דאָרט אַהין צוגעהן. (ר׳ צבי זאַלישיצער).

---

## וילכו שניהם יחדו (כב. ז.)

אין פּלוג איז דאָך דאָס וואָרט „יחדיו" אינגאַנצען איבריג ?

בעת יצחק איז געגאַנגען מיט אַברהמ׳ען צו דער עקדה, איז יצחק׳ס נסיון געווען גרעסער ווי זיין פאָטער׳ס. אברהם האָט אַליין געהערט פון השי״ת, ער זאָל מקריב זיין דעם זוהן. יצחק, דאַגעגען, האָט דאָס געהערט פון אַ מענשען, פון זיין פאָטער. אברהם איז גע־גאַנגען שעכטען און יצחק איז געגאַנגען צו דער שחיטה. געהענדיג צוזאַמען מיט זיין זוהן, האָט אברהם דערפילט, אַז יצחק׳ס גרויסקייט און אָפּפערוויליגקייט פאַר׳ן רבש״ע שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה ווי זיין נסיון. האָט אַברהם אָנגעהויבען טראַכטען, פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ גרויסער כח נסיון צו זיין זוהן, וואָס איז גרעסער ווי זיינער? אפשר דערפאַר ווייל יצחק איז יונגער, קרעפטיגער, איז דעריבער אויך זיין כח־נסיון שטאַרקער און גרעסער. לכן, ויקח את שני (שני מיינט יאָרען) נעריו אתו — האָט אברהם דערמאָנט זיך דעם כח פון זיינע יונגע יאָרען און האָט דעם דאָזיגען דערוועקטען כח גענומען אינמיטען וועג מיט זיך, וילכו שניהם יחדו — ערשט איצט זיינען זייביידע — דער טאַטע מיטן זוהן, גלייך געגאַנגען, מיט גלייכע כוחות און גלייכע נסיונות. (רבי ר׳ בונם).

---

## ויאמר יצחק אל־אברהם אביו ויאמר אבי (כב. ז.)

צו וואָס דאָס טאָפּעלטע לשון ?

— אונז, זאָגט די גמרא, איז פסול לעבודה. האָט דאָס יצחק גע־

פרעגט זיין פאטער אברהם. ויאמר אבי — דו טאטע, אז דו ווערסט מיך שעכטען פאר א קרבן, ווערסטו דאך תיכף ומיד זיין אן אונן און ווערסט מאמענטאן זיין פסול לעבודה און איך זעה דאך „הנה האש והעצים״, אז דו גרייטסט זיך מקריב צו זיין א קרבן, מוז דאך אוודאי זיין דיין דעה ניט מיך אויפצובריינגען פאר א קרבן, אם־כן — „ואיה השה לעולה?״ (רבי ר׳ העשיל).

---

## ויאמר אבי (כב. ז.)

„אבי באטרעפט י״ג. ווען אברהם האט געזאגט יצחק׳ן, אלקים יראה לו השה לעולה בני — ויאמר, האט יצחק אנגעהויבען זאגען די י״ג מדות: ה׳ ה׳ אל רחום וחנון. (ר׳ אשר ראפשיצער).

---

## עתה ידעתי (כב. יב.)

איצט ווייס איך, אז דו דארפסט ניט איבערזאלן קיין צוואה פאר דיינע קינדער, אנצוזאגען זיי ווי זיך אויפצופירען. כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו. ווי דער טאטע, אזוי וועלען זיין די קינדער גרייט זיך מקריב צו זיין פאר דעם דרך ה׳, פאר צדקה ומשפט. (שפת אמת).

---

ווען ר׳ ישראל ריזשינער האט געבענשט זיין זוהן ר׳ אברהם יעקב, קודם החופה, האט ער אזוי געזאגט:

— דער טאטע ז״ל, ר׳ שלום שכנא, דער זוהן פון ר׳ אברהם המלאך האט געזאגט, אז פון זיינע קינדער וועט מען זעהן ווער ער איז געווען און איך זאג, אז פון מיינע קינדער וועט מען זעהן ווער גאט איז.

---

## וירש זרעך (כב. יז.)

אזוי ווי דו ביסט ביישטאנען דעם נסיון און ביסט גרייט געווען דיין זוהן מקריב צו זיין פאר מיר, אזוי וועט די דאזיגע ירושה איבערגעהן צו דיינע קינדער, עד סוף כל הדורות. (שפת אמת).

---

## וישב אברהם אל נעריו (כב. יט.)

ווען אברהם אבינו האט געזעהן די גרויסע כחות פון יונגען יצחק מיט וואס פאר א פלינקייט און זריזות ער איז געלאפען צו דער

עקדה „וישב אברהם אל נעריו״, האָט אברהם געזאָגט: — מען מוז זיך אָנהויבען חבר'ן מיט די יונגעלייט. (קאָצקער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' חיים צאַנזער: פאַר וואָס איז דאָס בית־המקדש ניט געבויט געוואָרען אויפן באַרג סיני, וואָס אויף אים איז געגעבען געוואָרען די תורה, נאָר אויפן הר־המוריה, וואו אברהם האָט יצחק'ן געבראַכט צו דער עקדה.

— ווייל דאָס אָרט וואו אַ איד שטרעקט אויס דעם האַלז און איז זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר גאָט איז ביים רבש״ע טייערער ווי דאָס אָרט, וואו מען האָט געגעבען די תורה.

---

## ופילגשו ושמה ראומה (כב. כד.)

פונקט ווי אַ פלגש איז אַ נאָכגעמאַכט ווייב, אַזוי איז פאַראַן אַ נאָכגעמאַכטע ענוה. ווען איינער ריהמט זיך, אַז ער איז אַן עניו, „ראו־מה״ — גערט אַרום און זאָגט, זעהט נאָר וואָס פאַר אַן עניו איך בין — אָט־דאָס איז פסול, פאַלש, נאָכגעמאַכטע ענוה, פונקט ווי אַ פלגש... (ר' ברוך מעזשבישער).

---

ר' גרשון העניך ראַדזינער האָט געזאָגט: „איך האָב ליבער אַ אידען וואָס זיינע חסרונות ווערען פאַררעכענט, דאָס וואָס ער רעדט בשעת חזרת הש״ץ, בעת קריאת־התורה און אַז ער געהט ניט אין מקוה אַריין. ווי אַ אידען, וואָס מען דערציילט וועגען זיינע שבחים און מעלות, אַז ער לייגט תפלין, דאַווענט יעדען טאָג, זיין הויז פירט זיך כשר און ער האָט מזוזות אויף זיינע טירען״...

---

## את תחש ואת מעכה (כב. כד.)

פון דעם פסוק איז אַ רמז, אַז די דאָזיגע פרשה וועט מען לייענען אום ראש־השנה. „תחש״ מאַכען די ראשי־תיבות, „תקעו חודש שופר״, „מעכה״ מאַכט „מלך על כל הארץ״. (אוהב ישראל).

---

# חיי שרה

## ויהיו (כג. א.)

דאָס וואָרט „ויהיו" באַטרעפט 37, ווי די ראשי־תיבות פון „זכרונו לברכה", וואָס מען זאָגט נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם צדיק אָדער צדקת בעת מ'דערמאָנט זייער נאָמען. (קאָזשניצער מגיד).

---

„ויהיו" באַטרעפט 37. שרה האָט גערעכענט איהר לעבען זייט די לעצטע 37 יאָהר, ווען זי האָט געבוירען יצחק'ן. איז פון דאַנען אַ רמז, אַז „מי שאין לו בנים חשוב כמת". (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

## שני חיי שרה (כג. א.)

כידוע, איז אינ'ם מענשליכען לעבען דאָ פאַרשידענע שינויים, גוטע און שלעכטע, וואָס לאָזען זייער חותם אויף דעם מענש, אויף זיין כאַראַקטער און התנהגות.

אויך שרה האָט דורכגעלעבט גוטע און שלעכטע צייטען. טעג פון הונגער, צרות, יסורים אוןליידען. ביי פרעה'ן און אבימלכ'ן און צום סוף האָט זי געלעבט אין כבוד און עשירות. דאָך האָבען די אַלע שינויים אין איהר לעבען לחלוטין קיין ווירקונג ניט געהאַט, צו ענדערען איהר כאַראַקטער און התנהגות. „כולן שוין לטובה" (רש"י) — אַלע יאָהרען, די גוטע און שלעכטע, זיינען ביי איהר געווען גלייך. אין די שלעכטע יאָהרען האָט זי ניט פאַרצווייפעלט און אין די גוטע יאָהרען האָט זי זיך ניט גרויס געהאַלטען. (שפת אמת).

---

„כולן שוין לטובה" (רש"י), ווייניג עגמת־נפש, דאגות, צרות, איז שרה דורכגעגאַנגען אין איהר לעבען. היינט ווי זאָגט דאָס רש"י „כולן שוין לטובה"?

דער פשט איז, ווי אַן אמתע צדקת, האָט שרה אַלץ וואָס האָט

געטראָפפען אין איהר לעבען געגומען פאַר גוט און האָט שטענדיג גע־זאָגט „גם זו לטובה". (רבי זושע האַניפּאָליער).

---

## וידבר אל בני חת (כג. ג.)

אברהם אָבינו האָט געלערענט די בני חת, אַז אַ מענש דאַרף אַלץ וואָס קומט אויף איהם מקבל זיין באהבה און דאַרף שטענדיג גע־דענקען, אַז דער מענש אויף דער וועלט איז יעדע רגע, יעדע שעה, בבחינת „גר". (משמרת איתמר).

---

„פעם אחת נכנסתי לחורבה, ובא אליהו הנביא ושמר לי על הפתח עד שסיימתי תפלתי" (ברכות). פאַר וואָס האָט אים אליהו הנביא ניט געוואָרענט, איידער ער איז אַריינגעגאַנגען אין דער חורבה?

— אַזוי איז שוין די הנהגה העליונה זיך נוהג מיטן מענשען. מען שיקט דעם מענש אַרונטער אויף דער וועלט און מ'גיט איהם די בחירה, אויפצופיהרען זיך לויט זיין רצון — איז אַז ער געהט אַרויס פון דער וועלט, פרעגט מען אים — וואָס האָסטו דאָרט געטאָן?... (קאָצקער).

---

## ויקם אברהם וישתחו לעם הארץ (כג. ז.)

— היתכן, ווי קומט דאָס צו אברהמ'ען, וואָס האָט געזאָגט אויף זיך „ואנכי עפר ואפר", אַ לשון גאות פון „ויקם"?

— דאָס רוב ווען עמי־הארצים זיינען די מנהיגים, זיינען זיי די עזי־פנים שבדור און אַנטקעגען זיי טאָר אַ תלמיד־חכם זיך ניט דערנידעריגען, ער דאַרף זיך האַלטען בבחינת „קומה זקופה". (משמרת איתמר).

---

דעם באַקאַנטען מאמר אין סוף אָבות, פרק ששי פון רבי יוסי בן קסמא — האָט ר' אלעזר סאַסאָווער געזאָגט — איז אין פלוג שווער צו פאַרשטעהן.

ראשית, פון וואַנען האָט דאָס רבי יוסי בן־קסמא געוואוסט, אַז פון דעם אָרט פון וואַנען דער „אָדם אחד" קומט, זיינען ניטאָ קיין בני־תורה. והשנית, צו וואָס האָט ער געברענגט דעם פסוק „טוב לי תורת פיך מאלפי זהב וכסף", אויב רבי יוסי האָט געמיינט נאָר דאָס לערנען תורה, האָט ער דאָך געקאָנט זיצען במנוחה ובהרחבה און לערנען תורה און קריגען אַ גוטען שכר.

ווי ס׳ווייזט אויס האָט ר׳ יוסי פאַרמאָגט אַ דורכדרינגענדען בליק צו דערקענען אַ מענש און ער האָט אין דעם אדם אחד מאָמענטאַל דערקענט, אַז ער איז אַן עם־הארץ. ווייל אַזוי איז דער שטייגער פון יעדען עם־הארץ, זעהט ער אַ איד געקליידט ווי אַ רב אָדער רבי, פרעגט ער זיך גאָר נישט און רופט אים גלייך רבי. ער האָט אין אים אויך דערקענט אַז ער מוז זיין דער פרנס, דער ראש הקהל פון דער שטאָט, ווייל דאָס וואָס ער האָט איהם אַזוי שנעל מבטיח געווען, ואני אתן לך אלף אלפים דינרי זהב, ואבנים טובות ומרגליות, האָט ער פאַרשטאַנען אַז דאָס מיינט ער פון קופת הקהל, ווייל פון זיין קעשענע וועט ער ניט זיין אַזוי פרייגעביג און ברייטהאַרציג.

ווען זייערע אַ קהלה האָט אַזאַ פאַרשוין אויסדערוועהלט פאַר אַ פרנס מן־הסתם זיינען אַלע איינוואוינער אַזעלכע עמי־הארצים ווי ער. דעריבער האָט ער ניט געוואָלט געהן וואוינען אין אַזאַ קהלה, ווייל היינט געפעלט זיי דער רב און שפעטער וועט אַן אַנדערער נושא־חן זיין ביי זיי. דאָס האָט ער געמיינט „טוב לי תורת פיך", ס׳איז פאַר מיר בעסער צו וואוינען צווישען לומדי תורה, ווי מ׳הערט דאָס קול יעקב, איידער די „אלף אלפים דינרי זהב".

ולא עוד, אלא שבשעת פטירתו של אדם, איבער הונדערט און 20 יאָהר, איז קיין תכלית ניט איבערצולאָזען קינדער וואוינען אין אַזאַ קהלה, ווייל די כסף וזהב, די עשירים עמי־הארצים וואָס שטאָלצירען מיט זייער געלד און פאַרמעגענס אין מלוים לו לאדם, פאַרגעסען באַלד אין די פאַר׳יתומ׳טע איבערגעבליבענע משפחה. זיי זיינען ניט קיין מכירי־טובה בשעת דער רב לעבט, מכל שכן ווען ער איז שוין נישטאָ.

---

## ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר (כג. טז.)

די תורה דערצעהלט אונז די ביטערקייט פון עפרון, אַז נאָך אַזוי פיל דינגעניש מיט אברהם, האָט עפרון געשעמט זיך צו מאָנען געלד פון איהם, האָט ער געקויפט סחורה ביי אַ פרעמדען סוחר פאַר פיר־הונדערט שקלים און געהייסען דעם סוחר אויפמאָנען די אַרבע מאות שקל כסף פון אַברהמ׳ען. (ר׳ ברוך קאָסאָווער).

---

## ואברהם זקן בא בימים (כד. א.)

אברהם איז אַלט געוואָרען. בא בימים, האָט ער געמאַכט אַ חשבון פון די פאַרגאַנגענע טעג פון זיין לעבען, און האָט זיך איבער־צייגט, אַז דער סך־הכל איז „הבל־הבלים". האָט ער געווידמעט זיינע

לעצטע יאָהרען צו תפילה ותשובה. וה׳ ברך את אברהם בכל, איז אַט־דאָס אויף די עלטערע יאָהרען געווען פאַר אברהמ׳ען אַ ברכה. (ר׳ אברהמ׳על׳ע איגר לובלינער).

---

אַן עלטערער איד האָט אַמאָל זיך באַקלאָגט פאַרן „שפת אמת״, אַז ער ליידט פון אַ שוואַכען זכרון.

— דאַרפסט דאַנקען השי״ת וואָס אויף די עלטערע יאָרען איז דיין זכרון געוואָרען שוואַכער און דו קאָנסט פאַרגעסען אַלע צרות און ליידען וואָס דו ביסט אַלע דיינע טעג דורכגעגאַנגען ביז די „ימי־הזקנה״.

---

## וה׳ ברך את אברהם בכל (כד. א.)

גאָט האָט געבענשט אַברהמ׳ען דערמיט וואָס ער האָט אַלעמען געבענשט. די ברכה פאַר אַנדערע איז ביי אברהמ׳ען פאַררעכענט געווען ווי די ברכה פאַר אים אַליין. (בערדיטשיווער).

---

## והאיש משתאה (כד. כא.)

אליעזר האָט רבקה׳ן באַלד ניט געגעבען די נזמים און צמידים, ווייל ער האָט ניט געוואָלט שטערען איהר אין מקיים זיין דעם גמילות־חסד פון אָנטרינקען די גמלים. (שפת אמת).

---

## ואנכי פניתי הבית ומקום לגמלים (כד. לא.)

כידוע, האָבען די צווי באַריהמטע ברידער, דער רבי ר׳ זושא און דער רבי אלימלך פאַרן נתגלה ווערען אָפּגעריכט גלות. נע־ונד, פאַר־שטעלט ווי פשוט׳ע אָרימעלייט האָבען זיי צופוס געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט. אָנקומענדיג אין דער שטאָט לודמיר, האָבען זיי זיך קוואַרטירט ביי אַן אָרימען חסיד.

נאָכדעם ווי זיי זיינען נתגלה געוואָרען, זיינען באַריהמט געוואָרען — איז זיי איינמאָל אויסגעקומען דורכצופאָרען לודמיר. עטליכע וויאָרסט פאַרן אַריינפאָרען אין שטאָט, איז זיי אַנטקעגען געפאָרען דער שטאָטישער גביר און זיי פאַרבעטען זיי זאָלען זיך ביי איהם אָנקוואַרטירען. — איך האָב אַ שיינע מעבלירטע היים מיט אַלע באַ־קוועמליכקייטען פאַר אַזעלכע אורחים ווי איהר, צדיקים, זיך אויס־צורוען נאָך אַ ווייטער נסיעה.

— פאַרט אין שטאָט, מאַכט גרייט אייער שטוב — האָבעןביידע ברודער אים געהייסען.

אָנקומענדיג אין לודמיר, זיינען זיי גלייך פאַרפאָרען צו זייער אַלטער אַכסניא, צום אָרימען חסיד.

דער גביר איז אויסער זיך געוואָרען פון פאַרדראָס, ער איז תיכף געקומען צולויפען צו די צוויי ברידער און האָט גע׳טענה׳עט צו זיי:

— מיך האָט איר געהייסען צוגרייטען די שטוב, ואנכי פניתי הבית, לסוף זייט איהר פאַרפאָהרען צו דער אכסניא ווי אָרימע לייט?

— דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר האָבען זיך דאָ איינקוואַרטירט — האָט איהם דער רבי ר׳ זושא אויפגעקלערט — וויסען זאָלסטו אַז מיר זיינען דיזעלבע אָרימעלייט וואָס פלעגען אָפט קומען אין שטאָט און דיר איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלען אונז איינצולאַדען צו דיר אין שטוב. דיין טעות, ווי ס׳ווייזט אויס, באַשטעהט, וואָס גראָד היינט זיינען מיר געקומען קיין לודמיר, מיט אַ שיינעם עקיפאַזש און פריצישע פערד און צוליב דעם וואָגען און פערד ביזטו דאָס אַזוי נייגעריג, מיר זאָלען ביי דיר האָבען אַכסניא, דאָס הייסט, אַז די פערד זיינען ביי דיר זעהר חשוב׳ע אורחים, האָסטו צוגעגרייט דיין שטוב ניט פאַר אונז, נאָר געמאַכט אַ „מקום לגמלים", אויב אַזוי, וועלען מיר איינשטעהן ביי דעם אָרימען חסיד און דו נעם דיר די פערד, זאָלען זיי זיין דיינע אורחים...

---

## ויישם לפניו לאכל (כד. לג.)

פון אליעזר׳ס התנהגות, דאַרף מען זיך אָפלערנען אין ערגעץ ניט צו עסען, ביז מ׳ווייסט געוויס אַז דאָס עסען איז צוגעגרייט בתכלית הכשרות.

ווען אליעזר איז געקומען צו בתואל און לבן, האָבען זיי איהם העכסט גאַסטפריינדליך אויפגענומען, האָבען צוגעגרייט אַ טיש מיט מאכלים פון כל־טוב. אליעזר האָט באַלד זיך ניט געכאַפּט צום עסען. ויאמר לא אוכל, איך וועל ניט עסען, עד אם דברתי דברי, ביז איך וועל עפּעס פרעגען. ויאמר דבר, אדרבה, פרעג. האָבען זיי איהם געבעטען — דערוואַרטענדיג פון גאַסט צו הערען עפּעס גאָר וויכטיגס. ויאמר האָט אליעזר געזאָגט, עבד אברהם אנכי — איהר זאָלט וויסען אַז איך בין אַברהם׳ס קנעכט און איידער איך געה עסען, וויל איך פריער וויסען צי די אַלע מאכלים זיינען צוגעגרייט געוואָרען בתכלית הכשרות. (רבי ר׳ אלימלך).

---

## אלי לא תלך האשה אחרי (כד. לט.)

„אלי" כתיב, זאגט רש"י, דאס ווארט „אולי" שטייט אהן א „וואוו", איז פון דאנען געדרונגען אז אליעזר עבד אברהם האט געהאט א טאכטער און ער האט דערוואַרט, אז יצחק זאל חתונה האבען מיט זיין טאכטער, האט איהם אברהם געזאגט: „בני ברוך, ואתה ארור, ואין ארור מתדבק בברוך".

האט דאך אייגענטליך באדארפט שטעהן פארקערט, „ואין ברוך מתדבק בארור". נאר אזוי ווייזט אויס איז דאס שטענדיג. ווייל זיך „ברוך" אמאל מדבק זיין מיט „ארור", ווערט גאר „ארור" ביי זיך א גרויסער יחסן און עס פאסט איהם נישט דער שידוך מיט „ברוך". (חידושי הרי"ם).

---

## ויאמרו נקרא לנערה ונשאלה את פיה (כד. נז.)

ווי ס'ווייזט אויס, האבען זיי געהאלטען, אז רבקה האט נאך נישט קיין דעה שלמה, איז נאך א קינד, זיי האבען געפרעגט איהר אויף טשיקאווע'ס, ניט דערווארטענדיג, אז זי זאל קורץ און אנטשלאסען ענטפערען — „אלך". (שפת אמת).

---

א ראדזינער חסיד, אן עושר, האט איינמאל געפרעגט אן עצה ביי זיין רבי'ן, ר' גרשון העניך. מען רעדט א שידוך זיין בן־יחיד, וואס געפעלט אים, דער איינציגסטער חסרון איז וואס דער מחותן, הגם איצט אן עושר, איז פריער געווען א מלמד תינוקות.

—א העזה און א חוצפה פון דיר צו רעדען אזוי וועגען א מלמד — האט ר' גרשון העניך פארדראסיג אויף איהם אנגעשריען — אט־דאס הייסט ביי דיר א חסרון, וואס בין איך? וואס זיינען געווען מיינע עלטערען? וואס זיינען געווען אונזערע אבות־אבותינו, אויב ניט מלמדים?

---

דער אוהב ישראל האט איינמאל געווארענט זיינע חסידים, אויב אייך טרעפט א שידוך, א תלמיד חכם, א קמצן און אן עם־הארץ א פזרן, זאלט איר גיכער זיך משדך זיין מיטן עם־הארץ דעם פזרן, ווייל א איד א קמצן, מעג ער זיין דער גרעסטער תלמיד־חכם, איז ער אין אלע היגזיכטען ערגער ווי אן עם־הארץ א בעל־צדקה, ווייל די חז"ל זאגען: „כל המעלים עיניו מן הצדקה הוא כעובדי־עבודה זרה".

---

אַרבעים יום קודם יצירת הולד בת־קול יוצאת ואומרת „בת פלוני לפלוני", איז אַ קשיא: פאַר וואָס ניט „בת־פלוני לבן־פלוני", אָדער „פלונית לפלוני"? איז דער תירוץ:

— וועגן אַ טאָכטער דאַרף מען וויסען, אויב איהר פאָטער איז אַ תלמיד חכם, ווי די חז"ל זאָגען, ישא בת תלמיד חכם. אָבער וועגען אַ זוהן, איז דער־עיקר, אויב ער אַליין איז אַ תלמיד חכם. (קאָצקער).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט דעם ראַדאָמסקער וועגען אַ שידוך, וואָס מען רעדט זיין זוהן פון אַ ווייטען געגענד.

— איך בין ניט מסכים צום שידוך, — האָט דער ראַדאָמסקער געזאָגט.

— זאָגען דאָך די חז"ל, ארבעים יום קודם יצירת הולד, בת־קול יוצאת ואומרת „בת־פלוני לפלוני", קען דאָך זיין, אַז דאָס איז דער אמת'ער זיווג?

— ווי אַזוי האָט דער מלאך געקענט אויסרופען, דו זאָלסט אַ שידוך טאָן פון אַזוי ווייט, ווען ער האָט געוואוסט, אַז דו פאַרמאָגסט ניט אויף הוצאַת־הדרך.

---

צוויי מחותנים, קאָזמירער חסידים, איינער אַן עושר, דער צווייטער אַן אָרימאַן, זיינען געקומען צו זייער רבי'ן ר' יחזקאל'ע זיך שואל עצה צו זיין, דער אָרימער מחותן האָט גע'טענה'ט, אַז ער וויל חתונה מאַכען זיין טאָכטער, ער איז אָבער אַ גרויסער אָרימאַן, וויל ער דאַרום, אַז דער מחותן, דער עושר, זאָל אויסשטעהן די הוצאות החתונה.

— ביזט זעהר גערעכט — האָט אים ר' יחזקאל'ע אָפּגעענטפערט — הכנסת כלה איז אַ גרויסע מצוה.

— אמת הכנסת־כלה איז אַ גרויסע מצוה — האָט גע'טענה'ט דער מחותן דער עושר — אָבער די מצוה איז חל אויף אַלע אידען און אַלע אידען זיינען מחויב די מצוה מקיים צו זיין.

— אַוודאי ביזטו גערעכט! — האָט איהם ר' יחזקאל'ע אָפּגעענטפערט — די מצוה זיינען טאַקע אַלע אידען מחויב מקיים צו זיין. איך וויל דיך אָבער פרעגען: ווען ס'ברעכט אויס אַ פייער ביי דיר אין שטוב און ביי דיין טיר שטעהט אַ פעסעל וואַסער, וועסטו לויפען צו די שכנים נאָך וואַסער צו לעשען דאָס פייער, אָדער קודם־כל וועסטו כאַפּען דאָס וואַסער פון דיין שטוב? אמת איז, אַז אַלע אידען זיינען מחויב מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת־כלה, דערווייל איז אָבער די מצוה ביי דיר אין שטוב, דאַרפסטו באַצאָלען די צרכי הנשואין און זאָל זיין „בשעה מוצלחת".

וועגען רבי'ן ר' העשעל דערצעהלט מען, אַז ווען ער איז געווען נאָך גאָר יונג, האָט דער פּאָטער זיינער מיט אים אַ שידוך געטאָן, מיט אַ פּראָמינענטען גביר און דער חתן האָט די כלה מיט די מחותנים ניט געקענט. ווען דער פאָטער מיטן חתן זיינען געקומען צו די תנאים אין שטוב פונ'ם מחותן, איז שוין געווען פאַרזאַמעלט אַ גרויסער עולם מקורבים און געסט.

נאָך די שלום־עליכם'ס פון די פאַרזאַמעלטע, האָט ר' העשעל'ס פּאָטער פאַר טשיקאַווע, אַ זאָג געטאָן צום חתן:

מ'זאָגט אויף דיר, העשעל, אַז דו ביסט אַ חכם. טאָ ווייז מיר אָן ווער פון צווישען עולם איז דער מחותן, דער כלה'ס פּאָטער!

מיט דורכדרינגענדיגע בליקען האָט דער קליינער העשעל אויפ־מערקזאַם באַטראַכט אַלעמענס פנים'ער און האָט מיטן פינגער אָנגע־וויזען אויף איינעם פון דעם פאַרזאַמעלטען עולם — טאַקע אויף דעם אמת'ן מחותן, דער כלה'ס פּאָטער.

ווי אַזוי און פון וועלכען סימן האָסטו דאָס אים דערקענט? — האָט דער פאָטער אָן איבערראַשטער געפרעגט.

— דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז ער איז דער מחותן.

— וואָס האָסטו דערזעהן אין אים?

— ס'איז דער דרך־העולם — האָט דער קליינער העשעל תמימות'־דיג אָפּגעענטפערט — אַז אַ חתן האָט נאָך דער חתונה פיינט דעם שווער. דעם אידען, ווי איך האָב נאָר אָנגעקוקט, האָב איך איהם באַלד פיינד געקראָגען און אַז איך האָב איהם שוין איצט פיינד, מוז ער אַוודאי זיין דער מחותן, דער כלה'ס פאָטער...

---

דער טעם פאַרוואָס די וועלט זאָגט, אַז ס'איז גלייכער חתונה צו האָבען און זיך צו גט'ען, איידער אָפּלאָזען אַ שידוך און צעררייסען תנאים — האָט דער בעש"ט דערקלערט — נעמט זיך דערפון וואָס ביי תנאים צעברעכט מען טעלער (כלי־חרס). בשעת ביי נישואין צע־ברעכט מען גלאָז (כלי־זכוכית). איז אַזוי ווי גלעזערנע כלים, צע־בראָכענע, קען מען מתקן זיין, כך, אַזוי איז מיט אַ חתונה, אויב דאָס פּאָרפאָלק קען צווישען זיך ניט האַרמאָנירען מעגען זיי זיך גט'ען. כלי־חרס אָבער, צעבראָכענע ערדענע כלים קען מען ניט מתקן זיין, זאָגט דערפאַר די וועלט, אַז תנאים טאָר מען ניט צערייסען און ס'איז גלייכער זיך צו גט'ען איידער אָפּצולאָזען אַ שידוך.

---

כידוע האָט דער קאָצקער חתונה געהאַט מיט דער שוועגערין

פונ׳ם „חידושי הרי״ם״. אינ׳ם טאָג פון דער חתונה, האָט דער קאָצקער געפרעגט ביי ר׳ יצחק מאיר׳ן.

די גמרא זאָגט: האומר לאשה התקדשי לי על מנת שאני צדיק, אפילו רשע גמור מקודשת, שמא הרהר תשובה בלבו. מילא איז דאָס נאָר שייך ביי סתם אידען, ווי איז אָבער, אַז די פרוי וואָס דער מאַן געהט מקדש זיין, רעכענט אַז איהר מאַן איז אַ רבי און זי געפינט שפּע־טער אויס, אַז דער מאַן איז דאָס נישט. דאָ איז דאָך ניט שייך „שמא הרהר בתשובה״, ווייל אפילו ער זאָל תשובה טאָן, ווערט ער נאָך אַלץ ניט צוליב דעם קיין רבי, אם כן, זיינען דאָך די קידושין קיין קידושין נישט.

— לדעתי — האָט אים דער חידושי הרי״ם מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — איז דאָ לחלוטין ניטאָ קיין שום חשש לקידושין, ווייל פאַר וואָס האַלט די פרוי דעם מאַן פאַר אַ רבי׳ן? ווייל די וועלט האָט איהם אָנערקענט פאַר אַ מורה־דרך און רבי און איהר מעגט זיכער זיין אַז די וועלט מאַכט ניט קיין טעות׳ן און זי וועט אייך שטענדיג האַלטען פאַר אַ מנהיג און אַ רבי...

---

צו ר׳ שלמה ראַדאָמסקער איז אַמאָל געקומען זיינער אַ חסיד פרעגען אַן עצה. מ׳רעדט זיין טאָכטער אַ שידוך מיט אַ בחור, אַ בן־יקיר, חריף ובקי, ויראַ־שמים.

— נו, וואָס־זשע פרעגסטו? קיין בעסערען שידוך קאָנסטו ניט דערוואַרטען!

דעם חתנ׳ס פאָטער, אויך אַ ראַדאָמסקער חסיד, איז אויך געקומען צום רבי׳ן פאַר אַן עצה. ווען ער האָט איהם דערציילט אַז ער האָט אַ בחור, אַ מצוין, אַ מתמיד, וואָס זיצט יומם ולילה און לערענט און מ׳רעדט איהם אַ שידוך, מיט אַן אָרימער מיידעל, האָט איהם דער ראַדאָמסקער געענטפערט:

— דער שידוך איז ניט פאַר דיר.

ביידע מחותנים זייענדיג פריינד האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען און איינער האָט דעם צווייטען דערצעהלט דעם רבינ׳ס ענטפער. האָבען זיי באַשלאָסען צוזאַמען צו פאָרען צום רבי׳ן, פרעגען איהם די כוונה פון זיינע פאַרקערטע ענטפערס. האָט זיי דער ראַדאָמסקער אַזוי אָפּגעענטפערט:

— וואָס פאַרשטעהט איהר דאָ ניט? יעדער באַזונדער איז געקומען מיך פרעגען אַן עצה פאַר זיך און ניט פאַרן צווייטען. ווי איהר האָט מיך באַזונדער געפרעגט. דו האָסט אַ טאָכטער, ביסט אַן אָרימאַן, רעדט מען דיר אַ שידוך מיט אַ בחור מיט אַלע מעלות —

דאַרפסטו אַ בעסערען שידוך? — האָב איך דיר אַזוי געענטפערט: קיין בעסערען שידוך דאַרפסטו נישט.

דו האָסט אַ בחור אַ מושלם בכל המעלות, רעדט מען דיר אַ שידוך מיט אַ מיידעל, וואָס איהר פאָטער איז אַן אָרימאַן און קען דעם בחור גאָר ניט געבען בעת דער בחור קען טאָן אַ שידוך מיט אַ טאָכטער פון אַ גביר, האָבען אויסשטייער, חתן מתנות, עטליכע יאָהר קעסט — איז דער שידוך נישט פאַר דיר, נאָר אויב איהר מיינט אַז דער שידוך איז גוט פאַר ביידע, אַדרבה ואדרבה. זאָל דער שידוך עולה יפה זיין און זאָל זיין בשעה מוצלחת.

---

„תשב אנוש עד דכא", מאַכען די ראשי־תיבות פון „דכא" „דירה", „כלים", „אשה". ווי די חז"ל זאָגען. דירה נאה, אשה נאָה, כלים נאים מרחיבין דעתו של אָדם. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

---

„שקר החן והבל היופי", אין משיח'ס צייטען וועט דער שקר האָבען חן, הבל, וועט זיין יופי, אשה יראת ד' היא תתהלל (לשון הוללות — אָפשפאָטונג), אַ פרומע אידישע פרוי וועט אויסגעלאַכט און אָפגע־שפאָט ווערען. (ר' הירשעל זידיטשוויווער).

---

צום רבי'ן ר' אלימלך איז אַמאָל געקומען אַ פּראָפעסיאָנעלער שדכן און אָנגעשלאָגען איהם אַ שידוך פאַר זיין נאָך גאָר יונגען זוהן אליעזר, וועלכער האָט שוין גע'שמ'ט פאַר אַ חכם, עילוי און גרויסער ירא־שמים, מיט דער טאָכטער פון אַ פּראָסטען בעל־מלאכה, אַ גאָר־בער.

האָבען די חסידים דערוואַרט, אַז דער רבי וועט דעם שדכן מיט כעס מדחה זיין פאַר אַזאַ עזות און חוצפּה, לסוף האָט ער דעם שדכן מקרב געווען, געהייסען דערלאַנגען לעקאַך מיט בראַנפען, האָט מיט איהם געשמועסט וועגען שידוך און באַגלייט איהם צו דער טיר און צוגעוואונשען איהם „לך לשלום".

אַז דער רבי האָט באַמערקט, אַז די חסידים זיינען נתפעל פון זיין האַנדלונג, האָט ער זיי אַזוי געזאָגט:

— איהר זאָלט וויסען, אַז יעדער מענש וואָס ווערט געבוירען, ווערט פון דער השגחה באַשטימט עטליכע זיווגים, אָבער ניט אַלע זיי־ווגים זיינען גלייך. פאַראַן אַ זיווג אויף אַ שעה, אויף אַ האַלב און אויף אַ גאַנץ יאָהר. ווען דער מענש געהט פאַרביי די אַלע זיווגים, מ'רעדט איהם מיט זיי שידוכים, הגם ער ווייסט אַז די שידוכים זיינען פאַר איהם ניט פאַסיג, זאָל דאָס איהם ניט פאַרדריסען. אין געגענ־

טייל, ער דאַרף דעם שדכן אויפנעהמען בסבר פנים יפות, ווייל דורכן רעדען דעם פאַר איהם ניט־פּאַסיגען שידוך, דערנעענטערט ער דאָס קומען פונ׳ם אמת׳ן זיווג. בכן, איז דאָך דער שדכן געקומען דערנעענ־טערען דעם אמת׳ן זיווג פאַר מיין זוהן, האָב איך איהם דאַרום אויפגענו־מען בכבוד גדול.

---

## ויצחק בא מבוא (כד. סב.)

פראַוועגדיג יחידות אין פעלד, איז יצחק געקומען צו דער מדרגה פון פאַרשטעהן „מבא״, ד. ה. „מי ברא אלה״. (רמ״ל לענטשינער).

---

## ויצא יצחק לשוח בשדה לפנות ערב (כד. סג.)

לפנות־ערב, קודם ביאת המשיח, ווען ס׳וועט אויסברעכען די וועלט־מלחמה און די אידען וועלען קעמפען אויפן שלאַכטפעלד, האָט יצחק אָבינו פאַר זיי געבעטען „והנה גמלים באים״, אַז דער רבש״ע זאָל גומל חסד זיין מיט זיי, האָבען אויף זיי רחמנות, באַשיצען זיי פון געפאַר און לויערנדיגער סכנה. (ר׳ אלעזר סאַסיווער).

---

## ויצא יצחק לשוח בשדה לפנות ערב

אַריינבליקענדיג אין דער צוקונפט פאַר ביאת־המשיח, האָט יצחק אָבינו זיך געוואונדערט, פון וועלכען זכות וועלען די אידען אין די קלענערע ישובים עקזיסטירען. וירא, האָט ער געזעהן, „והנה גמלים באים״, אַז זיי וועלען אין זכות פון גמילות־חסדים און הכנסת־אורחים עקזיסטירען. (ר׳ שלמה ראַדאָמסקער).

---

אַ בעל־עגלה האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַרן בערדיטשיווער, אַז זיין פרנסה איז איהם מבטל צו דאַווענען בציבור און ער האָט דערפאַר בדעה צו נעמען זיך צו אַן אַנדערער פרנסה.

— נעמסטו אַמאָל אויף דיין וואָגען אַן אָרימאַן בחנם?

— זעהר אָפט.

— זאָלסטו וויסען מיין זוהן, די תורה דערצעהלט אונז, ויצא יצחק לשוח בשדה, זאָלסט ניט מיינען, אַז יצחק אָבינו איז פון פאַרגע־ניגען וועגען געגאַנגען אין פעלד שפּאַצירען, די תורה איז אונז מרמז, אַז יצחק האָט אַריינגעטראַכט זיך אין דעם ענין פרנסה. צו וואָס זאָלען מענשען דאַרפען פאַרען אונטערוועגנס, זיין נע־ונד, זוכען פרנסה,

קען דען נישט דער בורא יתברך שמו, דער מפרנס לכל, שפייזען זיי במקום שהם?

—וירא והנה גמלים באים — יצחק האָט דערזעהן אַ קאַראַוואַן קעמלען קומען, האָט ער פאַרשטאַנען, אויב יעדער זאָל האָבען פרנסה אויף זיין אָרט, וועלען די וועגען פוסטעווען, וועלען ניט זיין קיין רייזענדע. און אויב ס'איז דאָ רייזענדע, מוז זיין ווער ס'זאָל זיי פירען. איז אויב ווי דו זאָגסט, אַז דו נעמסט נאָך אויף דיין וואָגען אַ איד, אַן אָרימאַן בחנם, זאָלסטו וויסען, אַז דיין פרנסה איז באַשטימט מן־השמים, אַז דו מוזט זיין אַ בעל־עגלה און דו טאָרסט דיין מלאכה ניט אויפגעבען.

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער: די תורה דערצעהלט אונז, אַז ווען יצחק איז אַנטקעגען געגאַנגען אליעזר'ן, וישא עיניו וירא והנה גמלים באים. פאַר וואָס זאָגט ניט די תורה יצחק האָט געזעהן והנה רבקה באָה?

— אַוודאי איז אין דעם דאָ אַ כוונה, וישא עיניו וירא — יצחק אָבינו האָט מיט זיין טיפען בליק אין דער אידישער צוקונפט געזעהן, אַז די קינדער וואָס וועלען אַרויסקומען פון רבקה'ן, וועלען האָבען אַ סך גוטע מידות. די שענסטע מידה זייערע וועט זיין „והנה גמלים באים", זיי וועלען זיין גומלי חסדים, איין איד וועט דעם צווייטען אַרויסהעלפען בשעת דחקו, אין צייט פון נויט, איז ער דערפון געווען צופרידען.

---

## ותקח הצעיף ותתכס (כד. סה.)

דאָס וואָרט „צעיף" מאַכט „עמך ישראל צריכין פרנסה", איז פון דאַנען אַ רמז, אַז רבקה האָט געבעטען רחמים ביים אויבערשטען, אַז אידען זאָלען האָבען פרנסה. (ר' צבי ראַדזינער).

---

## ומשמע ודומה ומשא (כה. טו.)

אַ מענש דאַרף אַמאָל הערען ווי מ'באַליידיגט אים, ודומה, און ער זאָל פאַרשווייגען, גאָר ניט אָפּצוענטפערען, ומשא, דאָס געדולדיג פאַר־טראָגען. (רבי ר' בונם).

# תולדות

## ואלה תולדות יצחק (כה. יט.)

איזהו חכם? הרואה את הנולד. פון דעם נולד, פונ'ם קינד, דער־קענט מען דעם טאַטען. אברהם הוליד את יצחק. (רבי ר' בונם).

---

## ואלה תולדות יצחק

די תורה דערצעהלט אונז, אַז די מעשים־טובים פון יצחק'ן האָבען זיך דערנומען צו אים, אברהם הוליד את יצחק, וואָס יצחק האָט תמיד געדענקט, אַז זיין טאַטע איז געווען אברהם. (מהר"ם מאַמשינאָווע).

---

כידוע, איז ר' נפתלי ראָפּשיצער אַרויסגעקומען פון גרויס יחוס. דרייסיג דורות משפחה פאַר אים זענען אַלע געווען רבנים, גדולי תורה וחכמה. ווען דער ראָפּשיצער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צום רבי'ן ר' אלימלך מליזענסק, האָט אים דער ליזענסקער מדחה געווען.

— נאָך אַ יחסן פעלט מיר אויס. איך וויל ניט קיין יחסנים!

— האָט ר' אלימלך געזאָגט.

— וואָס בין איך שולדיג — האָט איהם דער ראָפּשיצער אָפּגעענטפערט — אַז איך האָב געהאָט אַ גוטען טאַטען?

— אויב אַזוי, אַז דו פאַרשטעהסט, אַז דיין יחוס איז ניט דיינער, נאָר פון דיין טאַטען, ביסטו מיין חסיד!...

---

פאַרוואָס זאָגט די תורה „תרח הוליד את אברהם" און זאָגט ניט אַברהם בן תרח, ווי ס'ווערט געזאָגט ביי יצחק'ן, יצחק בן אברהם?

— פון דעם לערנען מיר, אַז נאָר דער זוהן וואָס פאָלגט נאָך די דרכים פון זיין פאָטער, כאָטש ער איז ניט ממלא מקום אבא, האַלט זיך אָבער פעסט אין די פּרינציפּען און התנהגות פון זיין טאַטען, דער ווערט אָנגערופען, דער זוהן פון דעם טאַטען.

דער זוהן וואָס פיהרט זיך להיפוך צו די דרכים און אויפפיהרונ־

געגן פון זיין טאַטען, ווי אַברהם מיט תרח׳ן, עשו מיט יצחק׳ן, זיי ווערען ניט באַצייכענט ווי קינדער פון זייער טאַטען, ווייל דאָס התנהגות זייערס איז אין געגענזאַץ צו זייער פאָטער׳ס. דאָס וואָס די תורה דערמאָנט ואלה תולדות ישמעאל בן אברהם, זאָגען טאַקע די חז״ל, לפי שעשה תשובה בסוף ימיו. (ישמח משה).

---

## ויתרוצצו הבנים בקרבה (כה. כב.)

רבקה האָט זיך דערשראָקען. זי האָט דערפילט איהר טראָגען איז אין סכנה. ותאמר, האָט רבקה געזאָגט, אם כן, אויב איך זאָל מפּיל זיין, למה זה אנכי, וואָס וועט זיין מיט די עשרת הדברות, מיט דעם „אָנכי״, וואָס יעקב דאַרף מקבל זיין — ותלך לדרוש את ה׳. (ר׳ אלעזר סאסאָווער).

---

„עוברת על פתחי תורה של שם ועבר, יעקב רץ ומפרכס לצאת, עוברת על פתחי עבודה זרה, עשו מפרכס לצאת״ (רש״י).

דער פירוש רש״י איז אין פלוג אומפאַרשטענדליך. צו וואָס האָט יעקב אַזוי געצאַפּעלט אַרויסצוגעהן פון זיין מוטערס בויך, ווען רבקה איז פאַרבייגעגאַנגען די פתחי תורה? זאָגען דאָך די חז״ל, אַז בשעת דאָס קינד געפינט זיך במעי אמו, לערענט מיט איהם אַ מלאך תורה?

— ווייזט פון דאַנען אויס, אַז מיט עשיו׳ן אין איין חדר, מעג אפילו דער מלמד זיין אַ מלאך, איז געפערליך צו לערנען צוזאַמען. (רבי ר׳ בונם).

---

## למה זה אנכי (כב. כב.)

רבקה האָט ניט געוואוסט, אַז זי איז מעוברת מיט אַ צווילינג, דערפאַר איז איהר געווען קשה. היות די בחירה האָט השי״ת געגעבען צום מענש אויסצוקלייבען דעם גוטען אָדער שלעכטען וועג, ווי קומט דאָס, וואָס דאָס ולד אין איהרע געדערים האָט ניט קיין געשטעלטע בחירה? — „כשהיא עוברת על פתחי תורה יעקב מפרכס לצאת, כשהיא עוברת על פתחי עבודה זרה עשו מפרכס לצאת״. אָט דס האָט געפרעגט אין בית־המדרש של שם ועבר. למה זה אנכי? — וואו איז די בחירה פון דעם „אנכי״, פונ׳ם מענשליכען איך, פונ׳ם „ולד״?

דערויף האָט איהר דער רוח־הקודש פון שם ועבר געענטפערט: „שני גויים בבטנך״, אַז זי איז מעוברת מיט אַ צווילינג און ביידע

האָבען אויסגעקליבען באַזונדערע בחירות — אחד בטוב, ואחד ברע. (אוהב ישראל).

---

## ויקראו שמו עשו (כה. כה.)

הכל קראו לו כן (רש"י), אַלע האָבען איהם גערופען עשו. ויקרא שמו יעקב. אָביו קרא לו יעקב (רש"י), בלויז זיין פאָטער האָט איהם גערופען יעקב. איז דאָך קשה פאַרוואָס זיינען אַלע פאַראינטערעסירט געווען אין עשו׳ס נאָמען און אין יעקב׳ס נאָמען איז קיינער נישט פאַראינטערעסירט געווען, נאָר בלויז זיין פאָטער יצחק?

— דאָס איז דערפאַר ווייל שקר האָט אַ גרויסען כח המושך. ווען עשו איז געבוירען געוואָרען, האָבען אַלע דערקענט אין איהם אַן אייגענעם, אַ קינד פון עולם השקר. האָבען דערפאַר אַלע געוואוסט זיין נאָמען און האָבען גערופען אים עשו.

אויף אַן אמת, זעט איר, דאַרף מען שוין האָבען מבינים. דער איינציגער מבין וואָס האָט דערקאָנט דעם אמת, איז געווען יצחק. דערפאַר איז ער געווען דער איינציגער, וואָס האָט איהם גערופען יעקב. (רבי ר׳ בונם).

---

אין אַפּט האָט איינמאָל אויסגעבראָכען אַ מחלוקת צווישען די „פּני" פון שטאָט מיט די בעלי מלאכות. האָבעןביידע צדדים געבראַכט זייערע טענות פאַרן „אוהב ישראל". נאָכן אויסהערען די בעלי־דינים, האָט דער „אוהב ישראל" גע׳פּסקנ׳ט, אַז די שטאָטישע „פּני" זיינען די גערעכטע.

האָט דאָס די שטאָטישע בעלי־מלאכות שטאַרק פאַרדראָסען. זיי האָבען געגלויבט אַז דער אמת אין משפּט איז אויף זייער צד. ווען זיי האָבען פאַרלאָזט דעם רב׳ס בית־דין שטוב האָבען זיי מיט פאַר־דראָס צווישען זיך געמורמעלט: „אבי מיר האָבען געמיינט, אַז ביים רב געפינט זיך דער אמת. איצט זעהען מיר, אַז ביים רב איז ניטאָ קיין אָרט פאַרן אמת".

האָט דער אַפּטער רב אויפגעכאַפּט זייער מורמלען און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— איהר זייט ניט די ערשטע צו מאַכען אַזאַ טעות, אַז דווקא ביי דעם וואָס מ׳דערוואַרט אַז ביי איהם געפינט זיך דער אמת, איז דער אמת ביי איהם נישטאָ. און פונקט אַזוי איז פאַרקערט. אַ ראיה האָבען מיר פון אונזערע אָבות. אברהם אבינו, דער ראש המאמינים וועלכער

איז פון גאָט געפּרואווט געוואָרען מיט עשרה נסיונות, ווערט ניט געלויבט מיט דער מידה פון אמת.

יצחק אָבינו, וועלכער איז גרייט געווען זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר גאָט, ווערט אויך ניט געלויבט מיט דער מידה פון אמת.

דווקא יעקב אָבינו, וואָס האָט אויסגענאַרט די בכורה און די ברכות פון עשו'ן, האָט איבערגעקליגט לבנ'ען, דווקא ער ווערט געלויבט מיט דער מידה פון אמת — „תתן אמת ליעקב" — נו, קען מען וויסען וואו דער אמת געפינט זיך?...

## ויאהב יצחק את עשו כי ציד בפיו (כה. כח.)

די תורה דערצעהלט אונז, אַז די אהבה, וואָס יצחק האָט געהאַט צו עשו'ן, איז ניט געווען אויפריכטיג, ניט פאַטערליך, פון טיפסטען האַרצען. די אהבה איז געווען תלויה בדבר — כי ציד בפיו. לכן בטל דבר, בטלה אהבה. (שפת אמת).

## כי ציד בפיו

די תורה דערצעהלט אונז אַ זכות אויף עשו'ן, כאָטש זיין פאָטער יצחק איז געווען אַ גרויסער עושר, פונדעסטוועגען האָט עשו זיך ניט סומך געווען אויף זיין פאָטערס עשירות, נאָר „כי ציד בפיו", ער האָט זיך אַליין געשפּייזט, האָט אַליין פאַרדינט. (טריסקער מגיד).

## ורבקה אוהבת את יעקב (כה. כח.)

פון דאַנען קען מען זעהן, הגם תמימות איז איינע פון די וויכטיגסטע מידות, אָבער תמימות אַליין טויג נישט.

יצחק איז געווען אַן עולה תמימה און ער האָט גאָר נישט פאַר־שטאַנען אַז מען קען אָפּנאַרען. דערפאַר, ווען עשו האָט איהם געפרעגט: „אבא האיך מעשרין את המלח ואת התבן?" האָט ער געמיינט ס'איז ערליך און האָט איהם דערפאַר ליב געהאַט.

רבקה אָבער זייענדיג די טאָכטער פון בתואל־הארמי און די שוועסטער פון לבן־הארמי, זי איז שוין געווען אַ מבין אויף די שמד־שטיק פון די רמאים. זי האָט געוואוסט, אַז מ'קען פרעגען שאלות ווי אַ מדקדק במצוות און זיין אַ רשע, דעריבער איז „ורבקה אוהבת את יעקב". (ר' נפתלי ראָפּשיצער).

זאָגט דער פסוק „ואוהב את יעקב ואת עשו שנאתי" — ניט מחמת יעקב׳ס מעשים טובים האָב איך איהם ליב, נאָר צוליב די מעשים רעים פון עשו׳ן האָב איך יעקב׳ן ליב. (ר׳ שמעון יאראָסלאַ־ווער).

---

לעתיד, זאָגען די חז"ל, וועט השי"ת פאָרוואָרפען יעדען פון די אָבות, „בניך חטאו". אברהם און יעקב וועלען זאָגען „ימחו על קדושת שמך", — זיי האָבען געזינדיגט, באַשטראָף זיי. יצחק אָבער וועט מאַ־כען חשבונות מיט׳ן רבש"ע און ממליץ זיין פאַר די אידען (שבת פ"ט ע"ב). יצחק וועט טענה׳ען: אָט האָב איך אויך געהאַט אַ שלעכט קינד, עשו׳ן, און איך בין נאָר אַ בשר־ודם, פונדעסטוועגען האָב איך איהם ליב געהאַט און פאַרטראָגען זיינע שלעכטע התנהגות, און דו, וואָס דו ביסט אַ מוחל וסולח, דיינע קינדער, די אידען, האָסטו אוודאי ליב, דאַרפסטו דאָך געוויס זיי מוחל זיין זייערע חטאים.

דאָס איז דער פשט פון „ויאהב יצחק את עשו". יצחק האָט ליב געהאַט עשו׳ן כי ציד בפיו. כדי ער זאָל קענען לעתיד האָבען אין מויל אַ טענה אָפּצוענטפערען דעם רבש"ע, ווען ער וועט איהם פאַר־וואָרפען „בניך חטאו" — אַז אפילו אַ שלעכט קינד, דאַרף אַ פאָטער אויך ליב האָבען און מוחל זיין זיינע חטאים. (ר׳ מאיר׳ל פרעמיש־ליאַנער).

---

## ויאמר יעקב: מכרה כיום את־בכורתך לי (כה. לא.)

יעקב מיט עשו׳ן האָבען זיך איינגעטיילט מיטביידע וועלטען. יעקב האָט זיך גענומען עולם הבא און עשו — עולם הזה. יעקב אבינו האָט אָבער איינגעזעהן, אַז פאַר אַ אידען איז ניט מעגליך צו האָבען אַ חלק עולם־הבא ביז ער איז ניט מקיים עפּעס פון די מצוות התלויות בארץ, וואָס האָבען אַ שייכות מיט עולם־הזה. האָט דעריבער יעקב גע־זאָגט צו עשו׳ן: מכרה לי כיום, די ראשי תיבות פון „כיום" מאַכען „כולם ישבעו ויתענגו מטובך", פאַרקויף מיר אַביסעל עולם־הזה׳דיגע גוטסקייט, וואָס איך דאַרף פאַר מיין עולם הבא. (ר׳ נפתלי ראָפּשיצער).

---

## וכל הבארות אשר חפרו עבדי אביו בימי אברהם אביו סתמום פלשתים (כו. טז.)

אברהמ׳ס קנעכט האָבען געזוכט, געפאָרשט, פאַרטיפט זיך אינ׳ם נייעם קוואל אמונה וואָס אברהם האָט זיי געלערענט. זיינען געקומען

די פּלישתים, האָבען דאָס אַלעס געמאַכט צו גאָרנישט און די אַלע טיפע געדאַנקען און הויכע רעיונות פון דער נייער אמונה האָבען זיי פאַרשאָטען מיט ערד — פשוט באַגראָבען. (יוד הקדוש).

---

## ויחפרו עבדי יצחק בנחל וימצאו שם מים חיים (כו. יט.)

די תורה, וואָס ווערט גערופען מים, געפינט זיך איבעראַל אויף דער גאַנצער ערד אונטערען הימעל. עס ווענדט זיך נאָר ווי טיף מען גראָבט און ווי אומדערמידלאַך מען זוכט צו געניסען די תורה, וואָס איז פּונקט ווי דאָס וואַסער, דאָס חיות פונ׳ם מענשליכען לעבען. (שפת אמת).

---

## ויעש להם משתה (כו. ל.)

פון דעם פּסוק איז אַ רמז, אַז דער וואָס מאַכט אַ סעודה בעת ער מאַכט חתונה זיינע קינדער ויאכלו וישתו — וועלען זיי האָבען פּרנסה, צו עסען און צו טרינקען. (ר׳ ברוך מעזשביזשער).

---

## ויאכלו וישתו (כו. ל.)

קומען צו יצחק׳ן צו אַ משתה, עסען, טרינקען און פאַרברענגען און אַוועקגעהן בשלום. רוהיג, צופרידען, גלייך ווי גאָר נישט, אפילו קיין טראַכט ניט געבען, צו וועלכען גאָט דינט דאָס דער דאָזיגער יצחק? פאַר וואָס האָט ער זיך געוואַשען פאַר׳ן עסען? ווער מען האָט ער געבענשט? גאָר נישט — וילכו מאתו בשלום, דאָס קען טאַקע נאָר אַ גוי... (רבי ר׳ בונם).

---

אַ בעל־עגלה האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַר רבי העניך מאַלכסנדרה, אַז זיין פערד, זיין פּרנסה־געבער איז קראַנק געוואָרען, האָט אויפגעהערט צו עסען ווי אַ פערד און עסט אַזוי ווייניג ווי אַ מענש.

— זאָג מיר דעם אמת — האָט איהם דער אַלכסנדערער רבי געפרעגט — וואַשסטו דיין פּנים און הענט יעדען פרימאָרגען?

— איך בין מודה, אַז נישט!

— ווי אַזוי דאַווענסטו יעדען טאָג?

— אַז איך האָב צייט, דאַווען איך אין שטוב, מיט טלית און תפילין, האָב איך אָבער ניט קיין צייט, דאַווען איך אויפן וועג בלויז אין תפילין.

— וואַשסטו זיך פאַר׳ן עסען, בענטשסטו נאָכן עסען?

אַ פאַרשעמטער האָט דער בעל־עגלה אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און גאָר נישט געענטפערט.

— וואָסזשע ווילסטו האָבען פונ'ם פערד, אַז דו פיהרסט זיך ווי אַ פערד, עסט דיין פערד ווי אַ מענש. אַז דו וועסט אויף דיר מקבל זיין מהיום והלאה אויפצופיהרען זיך ווי אַ מענש, וועט דיין פערד צוריק אָנהויבען עסען ווי אַ פערד.

---

## ורבקה אמרה אל יעקב בנה לאמר (כז. ו.)

ווי קומט עס וואָס אונזער מוטער רבקה זאָל מגלה סוד זיין יעקב'ן, וואָס יצחק האָט גערעדט צו עשו'ן?

— רבקה האָט אַזוי געזאָגט צו יעקב'ן: פונדערוויטענס האָב איך געזען ווי דיין טאַטע, יצחק, שושקעט עפּעס שטיל אין אויער אַריין דיין ברודער עשו. הנה שמעתי און אַט פון אַזוי וויט, האָב איך געהערט גאַנץ הויך און קלאָר, את אביך מדבר, דיין טאַטען רעדען. דאַרום איז ביי מיר קיין ספק נישט אַז מן־השמים הייסט מען מיך דעם סוד דיר מגלה זיין, דעריבער מיין זוהן, הער דיין מאַמע, וואַרט ניט, לך נא אל הצאן, בעבור אשר יברכך לפני מותו. (ר' אליעזר סטריזיווער).

---

## ורבקה אמרה אל יעקב בנה לאמר. הנה שמעתי את אביך מדבר אל עשו אחיך לאמר (כז. ו.)

פאַר וואָס שטעהט צוויי מאָל לאמר אינ'ם זעלבען פסוק?

— ניט בלויז זענען די התנהגות און דרכים פון יעקב און עשו געווען אין קאָנטראַסט נאָר אויך זייער חתוך הדיבור, זייער לשון איז געווען אַנדערש. יעקב'ס שטימע איז געווען איידעל, צאַרט און ער האָט גערעדט געלאַסען, שטיל, בלשון רכה, כדרך הצדיקים — דברי חכמים בנחת נשמעים. עשו דאַגעגען האָט געהאַט אַ גראָב קול, האָט גערעדט הויך און עזות'דיג.

עשו מורא האָבענדיג טאָמער וועט יעקב אויסנאַרען פון איהם דעם טאַטען יצחק'ס ברכות, האָט אָפּגערעדט מיט יצחק'ן, היות ער זעהט נישט, קען דאָך זיין, אַז יעקב וועלענדיג אויסנאַרען פון איהם די ברכות, וועט אימיטירען זיין גראָב הויך קול, כדי יצחק זאָל איהם ניט דערקענען, זאָל ער דאַרום וויסען, אַז דער וואָס וועט איהם ברענגען די שפּייז און וועט רעדען ווי ער — הויך און גראָב איז ער יעקב און ער, עשו, ווען ער וועט ברענגען די שפּייז, וועט דערפאַר רעדען שטיל, בנעימות'דיג, ווי יעקב רעדט.

אַט דעם דאָזיגען שמועס צווישען יצחק'ן און עשו'ן, האָט רבקה זיך איינגעהערט. ורבקה אמרה אל יעקב בנה — ווען דו וועסט ברענגען די שפּייז צום טאַטען, כדי ער זאָל דיך בענשען, זאָלסטו ניט אימיטירען עשו'ס קול און דיבור. נאָר ריידען ווי דו רעדסט, בלשון רכה ותחנונים. מחמת הנה שמעתי את אָביך מדבר עם עשו אחיך, אַז ווען ער, עשו, וועט ברענגען די שפּייז צום טאַטען, כדי ער זאָל איהם בענשען, לאמר — וועט ער רעדען ווי דו רעדסט און באַנוצען דיין לשון, כדי יצחק זאָל איהם דערקענען. דעריבער זאָלסטו רעדען אין דיין לשון, כדי יצחק זאָל מיינען, אַז דאָס רעדט דיין ברודער עשו און דו וועסט מקבל זיין די ברכות. (ר' נחמן קאָסאָווער).

---

## לך נא אל הצאן וקח לי משם שני גדיי עזים טובים (כז. ט.)

שכך כתב לה יצחק בכתובה ליטול שני גדיי עזים (רש"י)

פון וואַנען נעמט דאָס רש"י, שכך כתב לה יצחק בכתובה און וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס מיט די ברכות?

— יצחק'ס אמת'ע כוונה איז געווען, צו בענשען יעקב'ן, שכך כתוב לה בכתובה. „גדי" באַטרעפט "17", וויפיעל עס באַטרעפט „טוב". „עז" באַטרעפט „77" וויפיעל עס עס באַטרעפט „מזל". צוזאַמען מאַכט דאָס „מזל־טוב". דאָס איז די כתובה. צוויי מאָל „גדי" און „עז" באַטרעפען „188", וויפיל עס באַטרעפט דער נאָמען „יעקב". אַט דאָס איז מרמז רש"י, שכך כתב לה יצחק בכתובה, אַז יצחק דאַרף בענשען יעקב'ן ניט עשו'ן. (ר' יהושעלע דזשיקאָווער).

---

## בגדי עשו (כז. טז.)

אַ איד אַ משכיל, האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' שלום בעלזער. ווי קומט דאָס וואָס די מערסטע אידען וואָס געהען מאָדערנע געקליידעט, האָבען גיכער הצלחה אין מסחר?

— דאָס שטאַמט פון יעקב אָבינו — האָט דער בעלזער געענטפערט — ווען יעקב איז געגאַנגען מקבל זיין די ברכות פון זיין פאָטער יצחק, האָט ער זיך אָנגעטאָן „בגדי עשו" — גוי'אישע קליידער.

---

## הקול קול יעקב והידים ידי עשו (כז. כב.)

והידים ידי עשו, ניט בלויז צו שלאָגען יעקב'ן, נאָר אויך צו נעמען פון איהם שוחד. (רבי מלובלין).

אפילו אין געוויסע מאָמענטען און צייטען האַנדעלט אַ איד, אומ־טאַקטיש, גראָב און ברוטאַל, איז דאָך הקול, דאָס אינערליכסטע און פנימיות׳דיגע אין איהם, קול יעקב. דאַגעגען עשו, אפילו ער האַנדעלט טאָלעראַנט, הומאַניטאַר און איידעל, קען ער דאָך זיך ניט באַ־פרייען פון די ידים ידי עשו. (שפת אמת).

---

והידים ידי עשו. — צוויי הענט האָט עשו. מיט איינער איז ער אַ יודע־ציד, ווייסט ווי צו פאַזירען און פאַרשטעלען זיך פאַר אַ פריינד, אַפּצונאַרען און פייניגען, כדי ער זאָל מיט דער צווייטער האַנט, וואָס איז פול מיט רציחה און בלוט, דערשלאָגען און דערמאָרדען. (משמרת איתמר).

---

## וירח את ריח בגדיו (כז. כז.)

די מעשים פון מענשען, דאָס זיינען זיינע בגדים. פון זייער ריח, פון זיינע מעשים, פילט מען אָפּט די התנהגות און עס איז ניכר דער כאַראַקטער אין נאַטור פון מענשען. (בערדיטשיוער).

---

## ויתן לך האלהים (כז. כח.)

צוליב רבקה׳ס איינפאַל אָוועקצונעמען די ברכות פון עשו׳ן פאַר יעקב׳ן, האָט יצחק געבענשט יעקב׳ן מיט „ויתן לך האלהים מטל השמים ומשמני הארץ״ און עשו׳ן האָט ער געבענשט, „והיה כאשר תריד ופרקת עלו מעל צוארך״ — וועט עשו האָבען אַלע ברכות. וואָלט אָבער יצחק טאַקע געבענשט עשו׳ן מיטן ויתן לך און יעקב׳ן מיטן „והיה כאשר תריד״, וואָלט יעקב געהאַט אַלע ברכות, ווייל עשו וואָלט אפילו קיין איין רגע ניט געהיט די תורה. (קאָזשעניצער מגיד).

---

געוואָלט האָט יצחק בענשן יעקב׳ן מיט עולם־הבא און עשו׳ן מיט עולם־הזה, היות אָבער אַזוי ווי יעקב האָט געוואוסט, אַז די וועלט איז אַן „עלמא דשקרא״, אַ וועלט פון ליגען, פאַלשקייט און באַטרוג, האָט דערפאַר יעקב באַנוצט זיך ביים אַוועקנעמען די ברכות פון עולם הזה פון עשו׳ן, ווי די וועלט איז — במרמה. (שפת אמת).

---

## ויהי אך יצא יצא יעקב (כז. ל.)

ווען יעקב נויגט אָפּ פון דרך־הישר און פון דרך התורה, ועשיו בא מצידו, קומט עשו באַלד פון דער זייט (אַל תקרי מצידו, אלא

מצדו) און שלעפט איהם מיט אַלע זיינע כחות צו זיך. (ר׳ יחזקאל׳ע קוזמירער).

---

די השגחה האָט בכיוון אַזוי געפיהרט, אַז יעקב זאָל קריגען די ברכות פון יצחק׳ן ניט אויפן גלייכען וועג, נאָר בדרך רמאות, כדי די ברכות זאָלען חל זיין אויף די אידען אויך דעמאָלט, ווען זיי וועלען זיין זינדיג און ניט געהן בדרך התורה. וואָרים בשעת יצחק האָט געבענשט יעקב׳ן, האָט ער דאָך געמיינט אַז ער בענשט עשו׳ן, דעריבער ווי זינדיג מיר זאָלען ניט זיין, זיינען מיר נאָך אַלץ ניט זינדיגער אַלץ נישט ערגער פון עשו הרשע. (רבי ר׳ בונם).

---

דער רבי ר׳ זושא פלעגט אָפט בענשען די, וואָס זיינען געקומען צו איהם נאָך אַ ברכה: זאָלסט זיין געזונט און שטאַרק ווי אַ גוי.

האָט מען איהם אַמאָל איבערגעפרעגט דעם טעם פון דער ברכה, האָט ער אַזוי געזאָגט:

— הגם דער וואָס קומט צו מיר נאָך אַ ברכה, האָט ניט די ווערט קיין ברכה, איז ער דאָך לכל הפחות נישט ערגער פון אַ גוי. און אויב אַ גוי וואָס טוט קיין שום מצוה ניט, איז געזונט און שטאַרק, מכל שכן אַ איד, אפילו אַ רשע, האָט דאָך געוויס וועלכע ס׳איז מצוה מקיים געוועזן, פאַר וואָס זאָל ער ניט זיין געזונט און שטאַרק ווי אַ גוי ?...

---

## גם ברוך יהיה (כז. לג.)

יעקב, ביי ווענען די ברכות זיינען געווען דער עיקר, האָט איהם יצחק געבענשט מיטן גאַנצען האַרצען און פולען מויל, עשו׳ן דאַגעגען, איז ניט אַזוי געגאַנגען אין די ברכות ווי אין דעם ויעקבני פעמים — דאָס וואָס יעקב האָט איהם אָפגענאַרט, די ברכות זיינען געווען ביי איהם אַ טפל, די לעצטע דאגה, האָט איהם דעריבער יצחק געזאָגט, וואָס שייך די ברכות קימערט דיך ווייניג, דיך פאַרדריסט דער עיקר, וואָס יעקב האָט דיך אָפגענאַרט, „גם ברוך יהיה", זאָל ער שוין זיין געבענשט, זאָל ער שוין האָבען די ברכות. (ישמח משה).

---

## גם ברוך יהיה

די תורה דערצעהלט, ויאהב יצחק את עשו, כי ציד בפיו. זאָגט רש"י, עשו האָט געוואוסט ווי צו פאַנגען און אָפנאַרען זיין פאָטער מיטן

מויל. ער האָט איהם געפרעגט „אבא היאך מעשרין את המלח ואת התבן ? האָט יצחק געמיינט, אַז עשו איז אַ מדקדק במצוות.

איז דאָך באמת קשה, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט אַזאַ עבודה, מעשר'ן זאַלץ און שטרוי, לגבי די עבודה פון יעקב, וואָס איז געווען אַן איש תם, יושב אהלים, געזעסען יומם ולילה און געלערענט תורה ?

איז דער תירוץ : יצחק האָט געמיינט, אַז יעקב איז אַ גרויסער בטלן. די וועלט, דאָס לעבען איז איהם אינגאַנצען פרעמד, האָט קיין דערפאַהרונג נישט אין וועלטליכע ענינים און אוודאי ניט ברמאות. אויב אַזוי האָט יצחק געטראַכט, וואָס איז דער חידוש, וואָס יעקב דער „איש תם" זיצט על התורה ועל העבודה ? וואָס דען זאָל ער טאָן ? — ער קען דאָך ניט עפּעס אַנדערש.

עשו דאַגעגען, איז געווען אַן איש שדה, אַ וועלטס־מענש, פונ־דעסטוועגען איז ער אַ מדקדק במצוות, פרעגט אפילו זיך ווי צו מעשר'ן זאַלץ און שטרוי, האָט דאַרום יצחק אָבינו געהאַלטען פון עשו'ס צדקות אַ סך מערער ווי פון יעקב'ס.

ווען עשו איז אָבער געקומען און דערצעהלט זיין פאָטער, אַז יעקב, דער איש תם, האָט איהם, דעם וועלט־מענטש אָפּגענאַרט, האָט דורך רמאות אָוועקגענומען פון איהם די ברכות, האָט איהם יצחק געזאָגט : איצט זע איך אַז איך האָב געלעבט אין טעות, ווי ס'ווייזט אויס איז יעקב אַ גרעסערער וועלטס־מענטש, פאַר דיר, פונדעסטוועגען זיצט ער יומם ולילה און לערענט תורה, איז ער פון איצט אָן אין מיינע אויגען מערער חשוב און געשעצט פון דיר — גם ברוך יהיה, קומט איהם טאַקע די ברכות און ניט דיר. (רבי ר' בונם).

---

## עד אשר תשוב חמת אחיך, עד שוב אף־אחיך (כז. מד.)

פאַר וואָס דאָס טאָפּעלטע לשון ?

— רבקה האָט אָנגעזאָגט יעקב'ן, אַ סימן וועסטו האָבען, אַז דיין ברודער עשו טראָגט אויף דיר מעהר ניט קיין שנאה, ווען דו וועסט אין דיין האַרץ מעהר ניט פילען קיין פאַרדרוס אויף איהם. (רי"ד אַמשינאָווער).

---

## למה אשכל גם שניכם יום אחד (כז. מה.)

אין מאָמענט וואָס עשו וועט דיך דער'הרג'ענען, איז ער דאָך גלייך פאַרשטעלט פאַר אַ רוצח, ווען ס'קומט מיתה. (ישמח משה).

---

## אם לוקח יעקב אשה מבנות חת כאלה (כז. מו.)

דער חילוק צווישען וואָרט „נשים" און „נחשים" איז די „ח". די פרויען וואָס פיהרען זיך בדרכי ד', זיי ווערען גערופען „נשים". די פרויען וואָס פיהרען זיך ניט אָנשטענדיג און עהרליך ווערען גערופען נחשים... (ר"מ מקרעמעניץ).

---

## מחלת בת ישמעאל (כח. ט.)

דאָס איז נעבאָך געווען אַזאַ מחלה, אַזאַ קראַנקהייט ביי ישמעאל'ס טאָכטער, וואָס זי אַליין און איהר פאָטער זיינען געווען צוויי־לדעוועטע גראָבע נפשות, זי האָט אָבער שטאָלצירט, איז אַרומגעגאַנגען מיט גרויס גאווה, וואָס איהר פאָטער ישמעאל, איז אברהמ'ס זוהן. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

---

אַ חתן איז אין זיין חופה־טאָג אַן אויסגעפוצטער און קורץ גע־קליידעטער געקומען צו ר' יחזקאל'ע קוזמירער, ער זאָל איהם בענשען. האָט ר' יחזקאל'ע באַטראַכט די חוצפה'דיגע האַלטונג פונ'ם חתן און האָט צו די אַרומשטעהענדע חסידים אַזוי געזאָגט:

— אויפן פסוק ויקח את מחלת בת ישמעאל פרעגען די חז"ל — וכי מחלת שמה, והלא בשמת שמה? — אלא מלמד שנמחלו לו כל עוונותיו. מכאן לחתן שמוחלין לו עוונותיו ביום חופתו.

איז דאָך אין פלוג קשה, וואָס פאַר אַ שייכות האָט עשו'ס חתונה מיט מחלת, די חז"ל זאָלען אַרויסלערנען, אַז אַ חתן ווערט פאַרגעבען זיינע חטאים ביום חופתו.

נאָר זעענדיג איצט דעם חתן, פאַרשטעה איך דעם רעיון פון די חז"ל. אפילו דער חתן איז ווי אַן עשו און די כלה ווי מחלת בת ישמעאל, פונדעסטוועגען אויב ביידע טוען תשובה, ווערען זייערע זינד פאַרגעבען אין זייער חופה־טאָג.

# ויצא

## וילך חרנה (כח. י.)

עס האָט געדאַרפט שטעהן וילך לחרן.

— נאָר די תורה איז דאָ מרמז, אַז יעקב־אבינו איז געגאַנגען אויפן וועג מיט גרויס פאַרדראָס אויף זיך זעלבסט. (חרן, חרה פאַרדרוס) פאַרוואָס ער האָט אַזוי דערפיהרט, אַז ער זאָל דאַרפען אַנטלויפען פון טאַטע־מאַמע. (ישמח משה).

---

## ויפגע במקום (כח. יא.)

„ויפגע, לשון תפלה." יעקב־אבינו האָט גאָט געבעטען, אַז אויף יעדען אָרט און אויף יעדען פּלאַץ, וואו מען וועט איהם בעטען, זאָל ער זיך צוהערען צו די תפילות דערפאַר איז אויב מענשען זאָגען, אַז זיי קענען נישט גאָט דינען, ווייל „המקום גורם" אָבער במקום אחר וואָלטען זיי געווען עובדי ה׳, איז דאָס אַ פוסטער תירוץ. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

דערפאַר ווערט „תפלה" גערופען דאַווענען, ווייל עס קומט פון „דאבהנן", די אָבות־הקדושים האָבען דאָס מתקן געווען, און האָבען אַריינגעגעבען אַזאַ כח בתפילה, אַז יעדער מענש געפינט אַן אויסדרוק פאַר זיין בקשה. (רבי ירחמיאל פשיסכער).

---

אַ קאָצקער האָט בעתן דאַווענען אונאויפהערליך געהאַלטען און רופען דעם רבונו של עולם — „טאַטע!" האָט אַן אַנדערער חסיד זיך אויף אים אָנגעבייזערט: טאָמער איז דער רבש"ע גאָר ניט דיין טאַטע, ווי די חז"ל זאָגען. „בזמן שישראל אין עושין רצונו של מקום נקראים עבדים, ולא בנים".

ר׳ מענדעלע קאָצקער דערהערענדיג דעם בייזען פאָרוואורף פון זיין חסיד האָט אים אָנגעשריגען און געזאָגט:

— שטער איהם נישט, זאָל ער שרייען „טאַטע". מ'שרייט אַזוי לאַנג טאַטע, ביז ער ווערט אַ טאַטע...

---

ר' לוי יצחק בערדיטשיווער איז איינמאָל אונטערוועגנס אויסגע־קומען איבערצונעכטיגען אין אַן אַכסניא, וואו מ'האָט איהם ניט געקאַנט, צוזאַמען מיט עטליכע סוחרים וואָס זיינען געפאָרען אין אַ דערבייאיג שטעטעל אויף יאַריד. כעלות השחר זיינען די סוחרים אויפגעשטאַנען, אַזוי ווי ס'איז ניט געווען מעהר ווי איין פּאָר תפילין, האָט איינער געמוזט וואַרטען ביז דער צווייטער וועט אָפּדאַווענען, האָבען זיי דאַרום שנעל בחפזונדיג אָפּגעכאַפּט דאָס דאַווענען. נאָכן דאַווענען האָט ר' לוי יצחק צוגערופען צוויי יונגעלייט און אָנגעהויבען שטאַמלענדיג באַוועגען מיט זיינע הענט אַרויסברענגענדיג האַלבע אומפאַרשטענדליכע קלאַנגען — מאַ־באַ־בלע, בלי, קיד, בלאָ־מאַ־וואַר.

דערשראָקענע זיינען די יונגעלייט געוואָרען. אָט ערשט האָט דער איד גערעדט כאחד־האָדם און פּלוצלונג רחמנא־לצלן, האָט ער פאַרלאָרען דאָס לשון. האָבען זיי איהם אַרויסגעוויזען גרויס מיטלייד. געבעטען איהם ער זאָל ווייזען מיט די הענט וואָס ער פאַרלאַנגט. דער בערדיטשיווער האָט אָבער ניט אויפגעהערט שנעל שטאַמלענדיג צו רעדען, דיזעלבע אָפּגעהאַקטע אומפאַרשטענדליכע ווערטער.

— ניט אַנדערש, אַז דער איד איז נעבאַך משוגע! — האָט איין יונגערמאַן געזאָגט צום צווייטען.

— איך בין שוין גאָר ניט משוגע, — האָט דער בערדיטשיווער פאַרדראָסיג מיט קלאָר־לשון אָפּגעענטפערט — ווי קומט דאָס וואָס איהר פאַרשטעהט נישט דאָס שטאַמלענדיגע לשון. מיט דיזעלבע צעבראָקעלטע, אָפּגעהאַקטע ווערטער, האָט איהר דאָך נאָר וואָס גערעדט צום בורא כל עולמים.

— וואָס מיינט איהר? — האָבען די צוויי יונגעלייט, פאַרשטעה־ענדיג דעם בערדיטשיווערס פאַרוואורף איהם אָפּגעענטפערט — אַז דער רבונו של עולם האָט אונז ניט פאַרשטאַנען? האָט איהר געזעהן אַ קליין קינד וואָס ליגט אין וויגעלע און קען ניט רעדען, נאָר שרייט מיט אומפאַרשטענדליכע קלאַנגען — „מאַ־באַ־ראַ־גאַ", די גרעסטע חכמים און געלערנטע וועלען ניט פאַרשטעהן וואָס דאָס קינד פאַר־לאַנגט — וואָס ער וויל, וואַסער אָדער מילך, פאָטער און מוטער וועלען נאָר צוגעהן, וועלען זיי תיכף וויסען פונ'ם קינד'ס תנועות וואָס דאָס קינד וויל. כך, אַזוי איז מיט אונז. מיר זיינען גאָט'ס קינדער, גאָט איז אונזער פאָטער. איהר האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס מיר האָבען געדאַווענט, גאָט פאַרשטעהט אָבער זיינע קינדער, ניט

בלויז דורך זייערע תנועות, נאָר ווייסט זייערע בקשות אפילו ווען מיר בעטען צו איהם אין אזא אָפגעהאַקטער שטאַמלענדיגער שפּראַך.

ווען דער בערדיטשיווער האָט געהערט דעם ענטפער פון די יונגע־לייט וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש לויט זיין שטענדיגען נוסח — מלמד־זכות צו זיין אויף אידען, האָט ער זיי אַרומגענומען, גע־קושט און געהאַלדזט פאַר גרויס שמחה און פרייד.

---

„כי אתה שומע תפלת כל פה" — דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז ווען אַ מענש רעדט מיאוס'ע רייד אין געזעלשאַפט, ווערען די צוהערער אויפגעבראַכט און שרייען צו דעם מענש — „פע!, מיאוס!" זאָגען מיר צו גאָט: דו ביסט אַזוי רחמנות'דיג, כי אתה שומע דו הערסט די תפילות וואָס קומען פון מענשען וואָס אפילו אין דער געזעלשאַפט ווען זיי רעדען, שרייט מען צו זיי — „פע"! (ר' משה'לע סאַמבורער).

---

## וישכב במקום ההוא (כח. יא.)

יעקב האָט זיך פאַרלייגט אויף דעם דאָזיגען אָרט, ביז גאָט האָט איהם געמוזט מבטיח זיין, „הארץ אשר אתה שוכב עליה, אויף דעם לאַנד וואָס דו האָסט זיך אַזוי פאַרלייגט, לך אתננה, וועל איך דיר דאָס געבען!" (קאָצקער).

---

## סלם מוצב ארצה (כח. יב.)

דער מענשליכער גוף, מוצב אַרצה. וראשו, די נשמה פון מענשען, מגיע השמימה. (שפת אמת).

---

„סלם". מאַכען די ראשי תיבות 'סעודת 'לוה 'מלכה, מוצב אַרצה, כאָטש מען איז מקיים די סעודה בארציות, מיט עסען און טרינקען. וראשו מגיע השמימה, דערגרייכט אָבער די מצוה, צו די עולמות העליונים. והנה מלאכי אלהים עולים ויורדים. די מלאכים וואָס נידערען אַרונטער פרייטאָג פאַר נאַכט צו קבלת שבת, געהען צוריק אַרויף אין הימעל דורך מקיים זיין מצות מלוה מלכה. (ר' ישראל ריזשינער).

---

## והנה סלם מצב ארצה וראשו מגיע השמימה

„סולם״ בגמטריא „ממון״ (בעה״ט), הגם געלד קומט פון אַ מדרגה התחתונה, פון דער ערד און עס דוכט זיך אַז ס׳קען קיין ווירקונג נישט האָבען וואָס שייך צו הימלישע זאַכען, זאָגט אונז די תורה, „וראשו מגיע השמימה.״ דורך דער לייטער פון געלד, דורך געבען צדקה, ומעשים טובים, קען מען דערגרייכען די העכסטע הימלישע מדרגה. (דגל מחנה אפרים).

---

צדיקים חביב עליהם ממונם יותר מגופם — ווייל זיי ווייסען וויפיעל גוטס מען קען אויפטאָן מיט געלד, וואָס מיטן גוף קען מען דאָס ניט טאָן. (רמ״ל לענטשנער).

---

ווען אַ איד ווייסט ביי זיך זיכער, אַז „מוצב ארצה״, וועט ער מיט דער צייט זיין „מגיע השמימה״. (ר׳ ברוך מעזשבוזשער).

---

פון די חלומות פון מענשען איז ניכר זיינע מעלות. אויב אַ מענש איז אַ בעל־מדרגה, זיינע רעיונות זיינען הייליגע, זיינען זיינע חלומות, „והנה ה׳ נצב עליו״. (ר׳ צדוק הכהן).

---

## הארץ אשר אתה שוכב עליה (כח. יג.)

דאָס לאַנד ארץ־ישראל, וואָס דו האָסט זיך אַזוי פאַרלייגט דאַרויף, לך אתננה, וועל איך דיר עס געבען. האָסטו זיך אַזוי פאַרלייגט דאָס לאַנד צו באַקומען, וועסטו דאָס באַקומען. (קאָזשעניצער מגיד).

---

## והיה זרעך כעפר הארץ (כח. יד.)

עס וועלען זיי צייטען, ווען דיינע קינדער וועלען זיין בשפל המצב, כעפר הארץ. זיי וועלען ביי די אומות־העולם פאַררעכענט ווערען פאַר גאָר־נישט. (ר׳ זאב צבי זבאַרישער).

---

## ויקץ יעקב משנתו (כב. טז.)

דערצעהלט אונז די תורה דאָס עניוות פון יעקב׳ן. ווען אַן אַנדע־רען מענש חלומ׳ט אַזאַ חלום, אַז גאָט האָט זיך באַוויזען צו איהם, וואָלט ער געוויס זיך גרויס געהאַלטען. יעקב אָבער, אַנשטאָט זיך גרויס צו האַלטען, ויירא מאד, איז איהם גאָר באַפאַלען אַ פחד. (שפת אמת).

## ויקץ יעקב משנתו

יעדער מענש, אַז ער שלאָפט בײנאַכט, װעקט זיך איבער. דער חילוק איז בלויז, אויב דער מענש איז אַ פרומער, אַ „ירא־שמים", אַז ער װעקט זיך איבער, װאַשט ער תיכף די הענט און זאָגט „אָכן יש ה׳ במקום הזה", הויבט זיך אויף, זעצט זיך לערנען און דאַװענען. איז דער מענש אַ פּראָסטער, אַז ער װעקט זיך איבער אינמיטען נאַכט, דרעהט ער זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט און שלאָפט ערשט געשמאַקער... (ר׳ מאיר׳ל פּרימישלאַנער).

## ויקץ יעקב משנתו ויאמר

מאַכען די סופי־תיבות „צבור". לערנען מיר פון דעם, װען אַ מענש דערװאַכט פון שלאָף און װיל זיך מתגבר זיין בעבודת־הבורא, זאָל ער מתפלל זיין בציבור. (ר׳ שמואל שמריה אָסטראָװצער).

ויקץ יעקב משנתו — די גאַנצע פערצען יאָהר װאָס יעקב האָט געלערענט אין בית־המדרש של שם ועבר, איז ער ניט געשלאָפען, כדי ניט מפסיק צו זיין אין עבודת השי״ת. אַז יעקב איז געקומען במקום ההוא און איז אַנטשלאָפען געװאָרען און האָט אין חלום געזעהן, מלאכי אלהים עולים ויורדים. ויקץ יעקב משנתו, האָט יעקב ערשט דערװאַכט פון שלאָף, ויאמר און ער האָט געזאָגט, אָכן יש ה׳ במקום הזה, — הייסט דאָס, אַז אויך אין שלאָף קען מען דינען דעם רבש״ע, ואנכי לא ידעתי, און פון דעם האָב איך גאָר נישט געװאוסט די גאַנצע פערצען יאָהר װאָס איך האָב פאַרבראַכט בבית המדרש של שם ועבר. (אוהב ישראל).

## וידר יעקב נדר לאמר (כח. כ.)

יעקב האָט אָנגעזאָגט לדורות, אַז װען אַ מענש װעט זיך געפינען אין אַ צרה, זאָל ער בשעת תפילה נדר׳ן צדקה. (שפת אמת).

## ונתן לי לחם לאכל ובגד ללבש (כח. כ.)

פאַרװאָס האָט יעקב אָבינו ניט געבעטען אַ הויז װאו צו װאוינען? איז דער תירוץ, אַז יעקב׳ס װאוינונגען זיינען די בתי כנסיות ובתי מדרשות. (קאָזשניצער מגיד).

## ונתן לי לחם לאכל ובגד ללבש

יעקב אבינו האָט געבעטען, אַז די אידען זאָלען זיין געזונט און זאָלען קענען עסען ברויט און זאָלען האָבען קליידער אָנצוקליידען. זאָלען זיי ניט דאַרפען פאַר'משכונ'ען. (רמ"ל לענטשנער).

---

לחם לאכל — יעקב אָבינו האָט געבעטען ברויט פאַר היינט און ניט פאַר מאָרגען, ווייל דער וואָס זאָרגט היינט פאַרן מאָרגען, איז „מקטני אמנה". (שפת אמת).

---

„ורבו עצבותם אחר מהרו" (תהלים ט"ז ד') די מענשען וואָס האָבען פרנסה בריוח און פונדעסטוועגען האַלטען זיי תמיד אין דאגה'ען אַחר מהרו — פאַרן מאָרגען, פאַרן שפּעטער, פאַרן עתיד, אַזעלכע מענ־שען האָבען ניט קיין בטחון אין רבונו של עולם. (ר' ישראל ריזשינער).

---

## ונתן לי לחם לאכל ובגד ללבש

ווען די צוויי ווערטער, לאכל — ללבש, זאָלען ניט שטעהן, וואָל־טען מיר אַליין ניט געוואוסט, אַז ברויט איז צום עסען און אַ בגד איז אָנצוקליידען?

—פאַראַן מענשען וואָס האָבען פון כל־טוב, ס'פעהלט זיי גאָר נישט, זיינען אָבער קראַנק, האָבען ניט קיין אַפּעטיט און קענען ניט עסען. אַזוי זיינען פאַראַן קראַנקע און צעבראָכענע מענשען, וואָס פאַר־ברענגען מערסטענס אין בעט און זייערע קליידער הענגען אויף די ווענט. האָט דאַרום יעקב אָבינו געבעטען ביי גאָט ער זאָל איהם געבען ברויט, ער זאָל געזונט זיין און האָבען אַן אַפּעטיט צום עסען און זאָל איהם געבען אַ בגד, ער זאָל זיין געזונט און קענען דעם בגד טראָגען. (ר' יצחק בידים).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַר ר' גרשון העניך ראַדזינער, אַז ער האָט ניט קיין פרנסה.

— נו, געזונט ביסטו?

— אַ דאַנק צו השי"ת.

— אַפּעטיט צום עסען האָסטו?

— ב"ה. ניט צו פאַרזינדיגען.

— ביסטו דאָך ניט קיין אָרימאַן. פאַרמאָגסטו דאָך 600 רובעל.

— סטייטש, ווי אַזוי? פון וואַנען? — האָט דער חסיד מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט.

— הערסט דאָך, נעכטען איז דאָ ביי מיר געווען אַ איד און האָט מיר דערצעהלט, אַז זיין פרוי, לא עלינו, האָט ניט קיין אַפּעטיט צום עסען ס׳האָט איהם שוין אָפּגעקאָסט דאָקטוירים מיט רפואות גאַנט פון 600 רובעל און זי האָט נאָך אַלץ ניט קיין אַפּעטיט צום עסען. אַז דו האָסט ב״ה אַפּעטיט צום עסען, פאַרמאָגסטו דאָך די 600 רובעל וואָס דו וואָלסט באַדאַרפט באַצאָלען פאַר אַן אַפּעטיט.

---

יעקב אָבינו האָט גאָט געבעטען: לחם לאכל, ובגד ללבש, לויט זיינע הצטרכות׳ן — ניט מעהר. (ר׳ דוד לעלעווער).

---

## ונתן לי לחם לאכל ובגד ללבש

ווער ווייסט דאָס נישט, אַז ברויט איז צום עסען און אַ קלייד איז אָנצוקליידען?

— יעקב אָבינו האָט געבעטען ביים רבש״ע, ונתן לי לחם, זאָלסט מיר געבען ברויט, לאכל, איך זאָל האָבען גענוג אויך אַנדערע צו געבען צום עסען, ובגד — און אַ מלבוש זאָלסטו מיר געבען, ללבש, איך זאָל האָבען גענוג אויך אַנדערע צו געבען אָנצוקליידען. (רמ״ל סאַסאָ־ווער).

---

„האָדם יראה לעינים וה׳ יראה ללבב״ (שמואל). די ראשי תיבות פון „לבב״ מאַכען „לחם״ „בגד״ „בית״. אויב דער מענש וואָס האָט זיינע אויגען ניט צו גלוסטען צו יענעמ׳ס און ניט פאַרלאַנגען צופיעל, וועט איהם השי״ת געבען די דריי אויבענדעמאָנטע זאַכען, וואָס זיינען די נויטיגסטע באַדערפעגישען פאַרן מענש. (ר׳ ישראל מאָדזשיצער).

---

כידוע, זיינען אונזערע אָבות געווען נביאים. זיי האָבען פאָראויס־געזעהן די צוקונפט ביז׳ן לעצטען דור. בנבואה האָט יעקב אָבינו געזעהן, אַז ס׳וועט זיין אַ מאָל אַזאַ ביטערע צייט, אַז צו האָבען ברויט צום עסען און אַ מלבוש אָנצוקליידען, וועט זיין פון די גאָר גרויסע זאַכען און אָט פאַר יענער צייט האָט ער געבעטען — לחם לאכל ובגד ללבש. (יוד הקדוש).

---

## ושבתי בשלום (כח. כא.)

די אותיות „בשלום״ מאַכען „מלבוש״. יעקב אָבינו האָט גאָט געבעטען ניט בלויז פאַר אַ מלבוש של קדושה, נאָר אויך פאַר אַ מלבוש של כבוד. (ר׳ משה׳לע קאָזשניצער).

## ושבתי בשלום אל בית אבי

פאַר וואָס אל בית אָבי, ולא אל בית אמי?

— יעקב האָט געוואוסט, אַז רוב בנים הולכים אחרי אחי האם, האָט ער דערפאַר גאָט געבעטען, ער זאָל בשלום זיך צוריקקערען צו זיין פאָטערס הויז און ניט זיך אָפּלערנען פון די מעשים פון זיין מוטערס ברודער לבן. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

ושבתי בשלום אל בית אָבי — קיין ארץ ישראל. והיה ה' לי לאלהים, וועל איך האָבען אַ גאָט. ווייל כל הדר בחוץ לאָרץ, דומה כמי שאין לו אלוה. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

## מן הבאר ההוא ישקו העדרים (כט. ב.)

מיט זיין דורכדרינגענדיקן בליק אין דער וויטער צוקונפט, האָט יעקב אָבינו אָנגעזאָגט, אַז אין אַלע דורות און אין אַלע צייטען, זאָלען די רועי ישראל, די מנהיגי הדור אָנטרינקען די צאן ישראל מן הבאר ההוא — פונ'ם אונערשעפּליכען באר התורה. ((דגל מחנה אפרים).

---

## והאבן גדולה על־פי הבאר (כט. ב.)

אַ שטיין ליגט אויפן מענשליכען מויל, ווען ס'קומט צום דאַווענען. עס פעלט כוונה, עבודה שבלב. בעטען מיר דערפאַר פאַר שמונה־עשרה: אדני שפתי תפתח — רבונו של עולם, עפען מיינע ליפּען, נעם אַרונטער דעם שטיין פון מויל, ופי יגיד תהלתך, אַז מיין מויל זאָל קענען בכוונה זאָגען דיין לויב. (שפת אמת).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל באַקלאָגט זיך פאַרן חידושי הרי"ם אַז בעת'ן דאַווענען איז איהם שווער צו קאָנצענטרירען זיינע רעיונות. מחשבות זרות זיינען מבלבל זיין מח, דערלאָזען ניט ער זאָל מתפלל זיין בכוונה.

— וואָס ווילסטו? — האָט איהם דער חידושי הרי"ם פאַרדראָסיג אָפּגעענטפערט — דעם גאַנצען פריהמאָרגען טראַכסטו וועגען כלערליי שטותים, דיין קאָפּ איז פאַרנומען מיט קינדערשע נאַרישקייטען, אַז אָנשטאָט וואָס דער רבש"ע זאָל האָבען טענות צו דיר פאַר דיינע מחשבות זרות און שטות'ערייען, האָסטו נאָך טענות צו גאָט!...

---

## לא עת האסף המקנה (כט. ז.)

רבונו של עולם, אויב ס׳איז נאָך ניט געקומען די צייט, דו זאָלסט די אידען איינזאַמלען פון גלות און זיי אויסלייזען, השקו הצאן ולכו רעו — טאָ גיב זיי כאָטש דערווייל פּרנסה בריווח. (ר׳ מאיר׳ל פּרע־מישליאַנער).

---

## ויגד יעקב לרחל כי אחי אביה הוא (כט. יב.)

יעקב האָט רחל׳ען געגעבען אָנצוהערען, היות די חז״ל זאָגען, רוב בנים הולכים אחר אחי האם, זאָל זי דעריבער וויסען, הגם ער איז אַן איש תם, פאַרמאָגט ער אָבער אין זיך אַ חלק רמאות פון דער מוטערס ברודער — לבן. (קאָזשעניצער מגיד).

---

## אך עצמי ובשרי אתה (כט. יד.)

נאָך דעם ווי יעקב האָט דערצעהלט לבנ׳ען, אַז ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון זיין ברודער עשו, ווייל ער האָט פון איהם אויסגעגאַרט די בכורה, האָט איהם לבן געענטפערט: אַך, אַזוי גאָר, געהערט האָב איך פון דיר, אַז דו ביסט אַ איד א תם, אַ יושב אוהל, לסוף עצמי ובשרי אתה. ביסטו גאָר אַזעלכער ווי איך! (ר׳ ברוך קאָסאָווער).

---

## ועיני לאה רכות (כט. יז.)

ניט דערפאַר ווייל „עיני לאה רכות", האָט יעקב נישט ליב געהאָט לאה׳ן, נאָר ווייל זי האָט זיך באַטייליגט אין לבנ׳ס רמאות. (ר׳ ישעיה׳לע פּרעזשבאָרדזשער).

---

## יפת תאר ויפת מראה (כט. יז.)

מאַכען די ראשי תיבות „יתומה". איז פון דאַנען אַ ראיה, אַז רחל איז געווען אַ יתומה מאם — איהר מוטער האָט ניט געלעבט. (קאָזשניצער מגיד).

---

## טוב תתי אותה לך, מתתי אותה לאיש אחר (כט. יח.)

אַ צדקת אַז זי האָט חתונה מיט אַ רשע, איז זי בכח אים מחזיר למוטב צו זיין. פאַרקערט, ווען דער מאַן איז אַ צדיק און זי אַ מרשעת

איז ער ביכולת צו מאַכען זי פאַר אַ צדקת. ווען לבן האָט געזעהן אַז יעקב איז אַ צדיק און ער האָט פון פריער געוואוסט, אַז רחל איז אַ צדקת, האָט ער געזאָגט: טוב תתי אתה לך, ס'איז שוין גלייכער אַז איהר זאָלט ביידע חתונה האָבען, מתתי אותה לאיש אחר, איידער זי זאָל חתונה האָבען מיט אַ רשע און מאַכען איהם פאַר אַ צדיק און דו זאָלסט חתונה האָבען מיט אַ מרשעת, און מאַכען זי פאַר אַ צדקת, ווייל דעמאָלט קען דאָך נאָך חלילה אַרויסקומען פון אייך ביידע באַזונדער אַ וועלט מיט צדיקים. (רבי ר' בונם).

---

## ויהיו בעיניו כימים אחדים באהבתו אותה (כט. ב.)

פון דאַנען קען מען זעהן דעם חילוק, צווישען גשמיות'דיגע און רוחניות'דיגע אהבה. ווייל באמת האָט דאָך באַדאַרפט זיין פאַרקערט, צוליב דער אהבה פון יעקב צו רחל'ען, האָט אַ טאָג באַדאַרפט ביי איהם אויסזעהן ווי אַ יאָהר, ניט די זיבען יאָהר ווי זיבען איינציגע טעג. (אוהב ישראל).

---

## וירא ה' כי שנואה לאה (כט. לא.)

זעהען מיר פון דאַנען אַז אהבה, וואָס איז כלו־גשמיות'דיג מיט פערזענליכער תאווה איז טאַקע אַ טאָג ווי אַ יאָהר, די אהבה אָבער וואָס איז אַ רוחניות'דיגע, אַ גייסטיגע שטרעבט ניט צו קיין אייגענ־נוציגקייט, צו זעטיגען די פיזישע תאווה, אַזאַ אהבה איז הייליג און טייער אין דער געזעלשאַפט פון דער פערזאָן וואָס מ'האָט אמת'דיג, גייסטיג ליב און אַנשטאָט די טעג זאָלען ווי ביי די גשמיות'דיגע תאווה אויסזעהן ווי יאָהרען, זעהען די יאָהרען אויס ווי טעג. און אָט אַזאַ אויפריכטיגע גייסטיגע תאווה האָט פאַרבונדען יעקב'ן מיט רחל'ען, דעריבער זיינען די זיבען יאָהר ביי איהם געווען ווי ימים אחדים. (אוהב ישראל).

---

היתכן, ווי קומט דאָס, אַזאַ צדיק ווי יעקב אָבינו, זאָל וואַרפען אַזאַ אומ'חן אויף זיין פרוי, זי פיינט צו האָבען?

— כידוע, איז יעדער צדיק וואָס איז אַן עובד ה' אַליין זיך אַ שונא. תמיד געפינט ער ביי זיך חסרונות און ס'דוכט זיך איהם שטענדיג, אַז ער איז ניט יוצא זיין חוב לעבודת־השם. אָט אַזאַ צדקנית איז געווען לאה. איז דאָס דער פירוש פון פסוק: וירא ד', גאָט האָט געזעהן, כי שנואה לאה, אַז לאה איז אַ גרויסע צדקנית, זי איז זיך אַליין מבטל, זי האָט זיך אַליין פיינט, ויפתח את רחמה. (ר' הירש רימאַנאָווער).

## כי־שנואה אנכי (כט. לג.)

וועלכע פרוי וועט זיך באַריהמען אַז מען האָט זי פיינט?

— אויפן פסוק „ועיני לאה רכות" מאַכט דער תרגום, „ועיני לאה יאין", דאָס וואָס לאה האָט געהאַלטען אין איין וויינען, כדי זי זאָל ניט געפעלען ווערען עשו'ן, האָט די טריבקייט פון איהרע אויגען צוגענומען איהר שיינקייט און באַזונדערען חן. און אַט דאָס האָט לאה מפרסם געמאַכט, כדי אידישע טעכטער זאָלען זיך אָפּלערנען, זיך מוסר־נפש צו זיין, אַליין זיך מיאוס מאַכען, אַבי ניט אַריינצופאַלען צו אַ שלעכטען און פאַרדאַרבענעם מאַן. (ר' מאיר'ל פּרעמישליאַנער).

---

## ויחר אף־יעקב ברחל (ל. ב.)

ביי קיינעם פון די אָבות געפינט מען ניט, זיי זאָלען האָבען וועץ זיך געבייזערט. בלויז ביי יעקב'ן געפינט מען „ויחר אף־יעקב ברחל", „ויחר ליעקב וירב בלבן". ווייזט אויס, אַז בייזערען זיך דאַרף מען קענען. בלויז יעקב וועלכער האָט אין זיך כולל געווען די מדה פון אמת (תתן אמת ליעקב) ער האָט געמעגט זיך בייזערען. ווייל דעם איש־האמת, דעם ערליך און אויפריכטיגען מענש איז שווער צו זעהן אַלעס וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט און בלייבען גלייכגילטיג, באַהערשען זיך און נישט בייזערען זיך. (חידושי הרי"ם).

---

דער רבי אלימלך האָט אַמאָל געוואָלט גאַנץ פרי אויפשטעהן. האָט ער געבעטען זיין בני בית, מ'זאָל צוגרייטען וועטשערע פריער ווי אַלע מאָל, מחמת ר'ווייל געהן שלאָפען פריה. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז די וועטשערע איז פאַרטיג געוואָרען שפּעטער ווי אַלע מאָל. איז דער רבי אַריינגעגאַנגען אין קיך און געזאָגט צו זיין בני־בית:

— באמת, דאַרף איך שטאַרק זיין אין כעס און זיך אָנבייזערען אויף אייך, וואָס איהר האָט ניט דערפילט מיין בקשה. וואָס איז דען געווען מיין כוונה, אויפצושטעהן פריה, כדי צו טאָן דעם רצון הבורא, זאָל איך איצט טאָן פונקט פאַרקערט פון אויבערשטענס רצון, וואָס הייסט ניט אין כעס זיין? — בין איך ניט אין כעס, נאָר אפשר האָט איהר שוין פאָרט פאַרטיג די וועטשערע?...

---

ר' יצחק וואָרקער אַז ער איז אין כעס געוואָרען, איידער ער האָט אָנגעהויבן זיך בייזערען, האָט ער באַפעלעריש געהייסען דערלאַנגען זיך אַן אַנדער מלבוש. אַז זיין כעס איז פאַראיבער, האָט ער אויסגעטאָן

דאָס מלבוש, האָט מען געפרעגט איהם די כוונה פון זיין האַנדלונג, האָט ער אַזוי געענטפערט:

— אַז דער מענש ווערט אין כעס, איז ער ניט דער אייגענער מענש. ער ווערט אינגאַנצען אַן אַנדערער מענש און אַן אַנדערער מענש, פאַרשטעהט זיך, דאַרף האָבען אַן אַנדערען מלבוש, אַז דער כעס געהט פאַראיבער, בלייבט מען דאָך צוריק דערזעלבער מענש וואָס פריער און דער זעלבער מענש טראָגט דאָך זיין מלבוש.

---

איינהאַלטען כעס און זיך ניט בייזערען, איז גרעסער ווי איינער פאַסט טויזענט תעניתים. פאַרשווייגען און גאָר נישט אָפּענטפערען ווען איינער באַליידיגט דיך, איז גרעסער ווי טויזענט קערפּערליכע עינויים. (רמ"ל סאַסיווער).

---

אַ מענש אַ כעסן, דאַרף ניט האָבען קיין סבה פאַר וואָס אין כעס צו ווערען און פאַר וואָס צו בייזערען זיך. תיכף ווי ער שטעהט אויף אין דער פריה איז ער אין כעס. דעם גאַנצען טאָג זוכט ער אויף וועמען אויסצולאָזען זיין כעס און ווי דער שטייגער איז, אַז מען זוכט — געפינט מען. (ר' גרשון הענוך ראַדזינער).

---

## למה נחבאת לברח, ואשלחך בשמחה, ובשירים בתוף ובכנור (לא. כז.)

וואָס איז עפּעס לבן פלוצים געוואָרען אַזאַ גוטהערציגער, אַז ער איז גרייט געווען אָפּצושיקען יעקב'ן, בשמחה ובשירים?

— יעקב האָט געהאַלטען אַלע זיינע וועגען פאַרבאָרגען. לבן האָט געהאַלטען אַז יעקב איז כאחד מהם, ניט אַנדערש פון איהם. ווען גאָט האָט אָבער אָנגעזאָגט לבן'ען השמר לך מדבר עם יעקב מטוב ועד רע, האָט לבן שוין פאַרשטאַנען, אַז יעקב איז אַן עובד ה' אין אַלע זיינע דרכים און התנהגות'ן, האָט ער פאַר איהם געהאַלטען בסוד, האָט לבן גע'טענה'ט צו יעקב'ן:

„למה נחבאת — פאַר וואָס האָסטו געהאַלטען דיינע דרכים און מעשים באַהאַלטען ולא הגדת לי, און דו האָסט מיר ניט געזאָגט, אַז דו ביסט אַן עובד ה'. ווען איך וייס דאָס, וואָלסטו פאַרשפּאָרט פון מיר צו אַנטלויפען, ואשלחך בשמחה, איך וואָלט דיך אָוועקגעשיקט בשמחה, בשירים, בתוף ובכנור, איך וואָלט צופרידען געווען פון דיר פּטור צו ווערען. ווייל וואָס האָט אַן עובד ה' צו טהון אין הויז ביי אַ לבן?... (רמ"ל סאַסאָווער).

## ואשלחך בשירים (לא. כז.)

נאכאלעמען האט דאך לבן גע'טענה'ט צו יעקב'ן ווי אן אייגענער, ווי א קרוב מיט ליבע און פריינדשאפט, טא פאר וואס האט יעקב אזוי בייז קריגעריש און פארדראסיג איהם אפגעענטפערט — מה־פשעי ומה־חטאתי כי דלקת אחרי?

— דאס וואס לבן הרשע, האט אזוי, ליבליך, פריינדליך, קרוב'יש גערעדט צו יעקב'ן ווי צו זיינס גלייכען, האט יעקב'ן מעהר געשראקען, האט איהם שטארקער וועה געטאן, ווי ער וואלט גערעדט צו איהם שטרענג מיט דראאונג. און דאס האט טאקע יעקב פארדראסיג מיט פארוואונדערונג געפרעגט לבנ'ען:

— מה פשעי ומה חטאתי, וואס פאר א חטא און זינד בין איך באגאנגען וואס דו האלטסט מיך פאר דיין גלייכען, פאר דיין חבר און קרוב, אז דו האסט געהאט בדעה, אזוי גוטהארציג, חבר'יש און פריינדלעך מיך צו באהאנדלען אוועקצושיקען מיך בשירים ובתוף ובכנור. (ר' יהושע'לע בעלזער).

---

## עם אשר תמצא את־אלהיך לא יחיה (לא. לב.)

יעקב האט גע־טענה'ט צו לבנ'ען, אויב זאלסט אפילו געפינען דיין גאט, וואס ווערסטו האבען פון איהם, „לא יחיה", דיין גאט לעבט דאך סיי־ווי נישט, ער איז דאך א טויטער גאט. נגד אחינו הכר־לך מה עמדי, אין געגענטייל, ווען דו זאלסט אנערקענען אונזער אמונה וואס איך האב אין זיך, וקח לך, אט די אמונה ווען דו נעמסט אן, וואלסטו דאך געהאט א לעבעדיגע אמונה, מיט א לעבעדיגען גאט. (הח"ק איזש־ביצער).

---

## מה פשעי מה חטאתי כי דלקת אחרי (לא. לו)

בידוע אנטלויפט טומאה פאר קדושה. דא האט יעקב געזעהן אז לבן וועלכער איז מלא־טומאה קען זיך גאר ניט שיידען פון איהם. רק ער וויל זיך מיט איהם מתדבק זיין. האט דאס יעקב געפרעגט לבנ'ען: מה־פשעי ומה חטאתי, וואס פאר א חטא און זינד בין איך באגאנגען, כי דלקת אחרי, וואס דו האסט צו מיר אזא הדלקה, אזא התלהבות, וואס דו ווילסט דווקא זיך מיט מיר מתחבר זיין? (ר' חיים צאנזער).

---

## ויקרא לו לבן יגר שהדותא, ויעקב קרא לו גלעד (לא. מז.)

פון דעם פסוק איז געדרונגען, אַז דינען דעם רבש"ע מתוך הדחק איז די אַרבייט פון דער סטרא־אחרא אָבער דינען דעם רבש"ע מתוך הרחבה, ווערט פון דער סטרא דקדושה.

„יגר" איז אַ לשון מורא און צמצום, פחד און דחקות — אַזוי האָט לבן, די סטרא אחרא גערופען דאָס אָרט. „גלעד" איז אַ לשון גאולה, שמחה בהרחבה, — אַזוי האָט יעקב, די סטרא דקדושה דאָס אָרט גע־רופען. (ר' ישראל ריזשינער).

---

## ויפגעו־בו מלאכי אלהים (לב. ב.)

דער וואָס געהט בדרך־התורה איז אפילו מלאכי־דין בעטען פאַר איהם רחמים, בשעת ער איז אין אַן עת־צרה. (קאָצקער).

# וישלח

## וישלח יעקב מלאכים (לב. ד.)

יעקב האָט אָוועקגעשיקט די מלאָכים, ער האָט ניט באַדאַרפט זייער הילף, ער האָט געקאָנט אויסקומען אָהן זיי. (קאָצקער).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ ברוך מעזשיבושער: פאַר וואָס האָט יעקב געשיקט צו עשו׳ן מלאָכים ממש און פראָסטע שליחים, וואָלט פאַר איהם קליין געווען?

— דאָס זיינען געווען די מלאכים וואָס זיינען געקומען צו אברהם־אָבינו אין געשטאַלט פון מענשען און האָבען מער ניט געקענט זיך צוריק קערען אין הימעל אַריין, ווייל זיי האָבען זייערע שליחות געטאָן שלא כהוגן. אַז די מלאכים זיינען געקומען צו יעקב׳ן אין געשטאַלט פון מלאכים, האָט דאָס יעקב׳ן פאַרדראָסען און ער האָט געזאָגט צו זיי:

— צו מיין זיידען אברהם זענט איהר געקומען אין געשטאַלט פון מענשען — והנה שלשה אנשים נצבים עליו — און צו מיר קומט איהר בדמות מלאכים, וועל איך דערפאַר אייך שיקען אין שליחות צו עשו׳ן. זיינען דאָס טאַקע געווען מלאכים ממש.

---

— זאָל אייך גאָר ניט קשה זיין — האָט דער יוד הקדוש געזאָגט צו זיינע חסידים — פאַרוואָס יעקב־אָבינו האָט זיך באַנוצט באָם שיקען שלוחים צו עשו׳ן מיט אמת׳ע מלאכים, ווייל צו ראַטעווען אַ אידען פון עשו׳ס הענט, מעג מען מטריח זיין אפילו אַן אמת׳ען מלאך פון הימעל.

---

## באנו אל אחיך אל עשו (לב. ז.)

איידער יעקב האָט פאַרלאָזט דאָס הויז פון זיינע עלטערען, האָט איהם די מוטער רבקה אָנגעזאָגט: „עד שוב אף אחיך ממך״ — „ממך״, מצד עצמך, ווען דו וועסט זען, אויב עשו טראָגט אין האַרצען אויף דיר

אַ שנאה. אויב דו וועסט מער ניט פילען קיין שנאה צו איהם, וועט דאָס זיין אַ סימן, אַז אויך ער טראָגט מער ניט קיין שנאה אויף דיר. היות יעקב האָט מעהר ניט געפיהלט קיין שנאה צו עשו'ן, האָט ער גע־טראַכט, געוויס פילט צו איהם אויך אַזוי עשו, ווייל אַזוי איז דאָך געווען די מוטער רבקה'ס אָנזאָג, האָט דארום יעקב געשיקט שלוחים צו עשו'ן און גערופען איהם „אָחי" — מיין ברודער.

אָבער עשו, ווערמעס נאַטור איז געווען אַ שלעכטע און פאַרדאָר־בענע, האָט אַלע יאָרען געהיט זיין כעס אויף זיין ברודער און אַט דאָס האָבען די שלוחים, וואָס יעקב האָט געשיקט צו עשו'ן, געזאָגט אים.

באנו אל אחיך — מיר זיינען געקומען צו דיין ברודער, צו וועמען דו פיהלסט אין האַרצען ווי צו אַ ברודער. אל עשו — ער איז אָבער אַ רשע אין זיין בחירה, אַ בעל־מדה רעה. די אַלע יאָרען האָט ער געהיט זיין שנאה צו דיר. וגם הולך לקראתך, אין זיין האַרץ איז ער נאָך אַלץ פאַרבליבען אַנטקעגען דיר פול מיט שנאה און רציחה און וועגען די צוויי מדות זאָגט דער נביא, ואוהב אני את יעקב, — גאָט זאָגט, יעקב'ס מדה טובה צו פאַרגעסען שנאה האָב איך ליב, ואת עשו שנאתי, עשו'ס מדה רעה צו היטען כעס און שנאה, האָב איך פיינט. (ישמח משה).

---

## עם לבן גרתי (לב. ה.)

ברכות אביך שברכני הוה גביר לאחיך, לא נתקיימה „בי" (רש"י).

די אותיות „בי" זיינען פון וואָרט „גביר". האָט דאָס יעקב גע־שיקט זאָגען עשו'ן. די ברכה פון טאַטען ,הוה גביר', לא נתקיימה „בי", איז פונ'ם וואָרט „גביר" פאַרבליבען „גר", וואָס דאָס, זעהסטו, איז ביי מיר יאָ מקויים געוואָרען, איך האָלט כסדר אין איין אַרומוואַנדערען און אויב אַזוי, איז אינך כדאי לשנא אותי על ברכות אביך. (קאָצקער).

---

עם לבן גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי — זאָל דיר גאָר קיין חידוש ניט זיין וואָס פאַרברענגענדיג מיט לבנ'ען צוואַנציג יאָר בין איך אַלץ פאַרבליבען אַ גר, אַ פרעמדער צו איהם און ניט קיין חבר. דאָס איז דערפאַר, „ותרי"ג מצוות שמרתי", ווייל כ'בין געווען און פאַרבליבען אַ איד און אַ איד, מעג ער וואוינען זיין גאַנץ לעבען אין אַ פרעמד לאַנד, פאַרבלייבט ער אַלץ אַ גר. (רבי אָשער רימאַנאָווער).

---

## קטנתי מכל החסדים (לב. יא.)

יעקב האָט געבעטען ביים רבונו של עולם, דורך דעם וואָס דו האָלטסט מיך פאַר אַ קטן, פאַר אַן עניו, זאָלסטו מיר אין דעם זכות העלפען — הצילני נא מיד אָחי, מיד עשו. (ישמח משה).

---

קטנתי — דאָס וואָס איך בין ביי מיר אַזוי קליין, מכל החסדים, אָט־דאָס איז דער דרך פון די חסדי ה׳, אַז אַ מענש זאָל נאָך אַלע זיינע הצלחות, דאָך פאַרבלייבען ביי זיך אַ שפל און זיך ניט גרויס האַלטען. (רבי מלובלין).

---

קטנתי מכל החסדים — פון די חסדים וואָס השי״ת טוט מיטן מענשען, באַגרייפט ער ערשט זיין קלייניגקייט און נישטיגקייט. (רבי מלובלין).

---

בידוע איז די עניוות פונ׳ם רבי מלובלין געווען אומגעהייער גרויס. זיצענדיג איינמאָל ביים אַרומגערינגלטען טיש פון הונדערטער חסידים, האָט ער עטליכע מאָל איבערגעזאָגט, אַז ער איז ניט קיין רבי, קיין צדיק אוודאי נישט, און דאָרטען, אויפן עולם־האמת וועלען די חסידים זיינע זיך ערשט איבערצייגען אין אמת.

— רבי, — האָט א חסיד פון אַרום טיש אויסגערופען — דאָרטען אויפן עולם־האמת, וועט דער רבי מוזען מודה זיין דעם אמת, אַז דער רבי איז אַ צדיק און אַן איש אלקים.

— שווער צו זאָגען — האָט דער רבי מלובלין דעם חסיד אָפּ־געענטפערט — אויב מיין משפט וועט פאָרקומען פאַרן רבונו של עולם, האָף איך אַז ער וועט זיך אויף מיר מרחם זיין, ווייל ער איז דאָך אַן „אל רחום וחנון״, טאָמער אָבער וועט מיין משפט פאָרקומען פאַרן בית־דין של מעלה, האָב איך זעהר מורא, ווייל דאָרטען ווייסט מען בכלל נישט פון קיין ותרנות.

---

בעת אַ שמחה של חדווה האָט דער רבי ר׳ אלימלך געזאָגט: אַז ער איז בטוח לאחר מאה ועשרים שנה, ווען ער וועט קומען אויפן עולם־האמת וועט ער האָבען עולם־הבא און ער וועט צוזאַמען מיט אַלע צדיקי־עולם זיצען אין גן־עדן און נהנה זיין פון דער געטליכער שכינה.

בשעת מ׳וועט מיך ברענגען פאַר דער פמליא של מעלה, וועט מען דאָך מיך פרעגען: האָסט געלערענט? וועל איך ענטפערען דעם

אמת — ניין. האָסטו געטאָן מצוות ומעשים טובים? — וועל איך ווידער זאָגען דעם אמת — ניין. אויב אַזוי, זאָגסטו דאָך אלימלך, דעם אמת, וועט דער ביתדין פסק'ענען, ווייל איך זאָג דעם אמת, קומט מיר עולם־הבא.

---

דער חידושי הרי"ם האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אויב מ'וועט איהם אויפן עולם האמת פאַר'משפט'ן צו גיהנם, וועט ער אַרויפקריכען אויפן דאָך פון גיהנם, און וועט דאָרטען אָנהויבען זאָגען תורה, וועלען אַלע צדיקים פון גן־עדן קומען אַרויפצולויפען אויפן דאָך הערען זיין תורה, וועט אַזוי אַרום אויפ דאָך פון גיהנם ווערען אַ גן־עדן...

---

קטנתי מכל החסדים — נאָך די אַלע חסדים וואָס כביכול האָט מיר געטאָן, האַלט איך זיך ניט גרויס, נאָר אַדרבה — „קטנתי", איך האַלט זיך קליין און הכנעה'דיג. (שפת אמת).

---

## הצילני נא מיד אָחי מיד עשו (לב. יב.)

יעקב האָט גאָט געבעטען, ער זאָל איהם באַשירעמען פון עשו'ס התקרבות און התחברות און דערקלערען זיך צו איהם פאַר אַ ברודער. מיד עשו — פון עשו'ס שנאה, ווייל עשו'ס ברודערליכקייט און דער־נעענטערונג זיינען פאַר יעקב'ן פונקט אַזוי געפעהרליך ווי די שנאה זיינע. (שפת אמת).

---

## כי ירא אנכי אותו (לב. יב.)

איך האָב מורא פאַר עשו'ן, ווייל איינמאָל האָב איך געמאַכט זיך ווי ער, און האָב געזאָגט: „אנכי עשו בכורך". האָב איך מורא, אַז דאָס וואָס איך האָב מיך געמאַכט פאַר איהם, זאָל אַמאָל מיר ניט גערעכענט ווערען פאַר אַ חטא. (ר' יעקב ראַדאָמסקער).

---

לעתיד לבוא, זאָגט דער מדרש, „יתעטף עשו בציצית וישב בין הצדיקים, והקב"ה מושכו משם". איז אָט פאַר די דאָזיגע צבועים, וואָס וויקלען זיך איין אין אַ טלית שכלו תכלת, אָבער זיינען איבערליך דעגענערירט און פאַרדאָרבען האָט יעקב אָממערסטענס זיך געשראָקען. דער וואָס ווייזט זיך ווי אַ ברודער און פיגורירט ווי אַ פריינד, איז אָבער באמת אַן עשו, אַ שונא, פאַר אַזעלכען האָט יעקב געזאָגט: „כי ירא אנכי אותו". (דגל מחנה אפרים).

---

איצט קענט איהר פאַרשטעהן, אַז בעולם הבא, וואָס איז כלו אמת, וועט עשו'ן געלינגען צו פאַרבאָרגען זיין רשעות, פאַלשקייט און באַ־טרוג און ווערען אַ גאַנצער בעל־דעה, — וויפיל רשעות, פאַלשקייט, צביעות געלינגט עשו'ן צו פאַרבאָרגען און צודעקען בעולם־הזה, וואָס איז כלו־שקר?... (רבי ר' בונם).

---

ד' לי בעוזרי, ואני אראה בשונאי — האָט ר' משה'לע פשעוואָרס־קער געטייטשט — די מענטשען וואָס ווייזען זיך צו מיר פאַר עוזרים, מאַכען זיך קליין, זיינען זיך מכלומר'שט מכניע, חנפ'ענען און רעדען זיסע רייד און זיינען מיר גרייט צו העלפען, פאַרדעקען זייערע באַהאַל־טענע שנאה געגען מיר אין זייערע פאַר'סמ'טע הערצער — געגען אַזעל־כע מענשען, איז פאַר מיר אוממעגליך זיך אויסצוהיטען, ה' לי בעוזרי, און איך מוז בעטען ביי גאָט ער זאָל מיר העלפען געגען אַזעלכע פריינד. „ואני אראה בשונאי" — געגען די אָפענע שונאים, די וואָס זאָגען אָפען אַז זיי האָבען מיך פיינט, געגען זיי וועל איך שוין אַליין זעהן מיר צו העלפען.

---

## ואתה אמרת היטב איטיב עמך (לב. יג.)

— רבונו של עולם, — האָט ר' משה לייב סאַסאָווער געזאָגט — אַלץ וואָס דו טוסט איז אַוודאי און אַוודאי גוט. „מידך לא תצא הרעות". עס איז אָבער פאַראַן גוט פון גוטס און גוטס פון שלעכטס. בעט איך דיך, גיב אונז אַזאַ גוטס, וואָס איז כלו גוטס, ווי יעקב־אָבינו האָט געזאָגט „היטב איטיב" — גוטס פון גוטס.

---

ואתה אמרת היטב איטיב עמך — האָט דען יעקב אָבינו חלילה געצווייפעלט אין גאָט'ס הבטחה?

— יעקב'ס שרעק און דאגה איז ניט געווען פאַר איהם און זיינע קינדער, נאָר ער האָט געבעטען רחמים פאַר די שפּעטערדיגע דורות. (שפת אמת).

---

## ויקח מן הבא בידו (לד. יד.)

אַ מענש וואָס נעמט אַלץ וואָס קומט איהם אונטער'ן האַנט. טראַכט נישט, איז זיך פריער ניט מיישב, אויב ס'איז גוט אָדער שלעכט, אפילו ער מיינט, אַז דאָס וואָס ער נעמט בלא ישוב הדעת איז לדבר מצוה, איז דאָס אָבער „מנחה לעשו". (קאָצקער).

---

ויקח מן הבא בידו — יעקב האָט ניט געוואוסט וואָס צו שיקען און וואָס אויסצוקלייבען. ווייל אין יעדער זאַך איז דאָ אַ ניצוץ הקדוש, וואָס קען האָבען אַ פּעולה און קען עפּעס מתקן זיין, האָט ער דעריי־בער גענומען מן הבא בידו. (ישמח משה).

## ורוח תשימו בין עדר ובין עדר (לב. יז.)

יעקב אָבינו האָט געבעטען ביים רבש"ע, „ווען אידען וועלען זיין אין גלות, זאָל ער זיי איינטיילען אין צוויי טיילען. בעת איין טייל אידען וועלען האָבען אויסצושטעהן גזירות, יסורים און פּורעניות, אַז ,רוח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר', זאָלען אידען אין אַנדערע ערטער האָבען רווחה און מנוחה. (ר' אברהם דוד בוטשאַטשער).

## כי יפגשך עשו אחיך ושאלך לאמר. למי אתה, ואנה תלך ולמי אלה לפניך (לב. יח.)

גאַנץ אָפט טרעפט, אַז עשו הייסט פאַרטראַכטען זיך און טיפער אַריינבליקען אין די שלשה דברים פון עקביא בן מהללאל — דע מאַין באת, ולאָן אַתה הולך, ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון. (חידושי הרי"ם).

## ויותר יעקב לבדו (לב. כה.)

זאָל קיינער ניט גרינגשעצען תפלה־בצבור, בהתאָסף ראשי עם. ווען אידען פאַרזאַמלען זיך דאַווענען און לערנען בצבור, יחד שבטי ישראל, גרייכען זיי צוזאַמען צו מדרגת ישראל. דער אָבער וואָס דאַ־ווענט ביחידות, איז אין דער בחינה פון „ויותר יעקב לבדו" — עלענד און פאַרלאָזען, איינער אַליין. און דאָס איז די ברכה וואָס השי"ת האָט געבענשט מיט איהר יעקב'ען „לא יעקב יאָמר עוד שמך", דיין נאָמען יעקב, וואָס איז אין דער בחינה פון „ויותר יעקב לבדו", זאָל מעהר ניט דערמאָנט ווערען, כי אם ישראל יהיה שמך, דיין נאָמען זאָל דערמאָנט ווערען בצבור, ווען אידען פאַרזאַמלען זיך דאַווענען און לערנען בצבור גרייכען זיי צו בחינת „ישראל", וועלכער איז בידוע אַ העכערע מדרגה פון בחינת יעקב און שאַפען אחדות און אהבת ישראל. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

## „בזעקך יצילוך קבוציך" (ישעיה נז. יג.)

דאָס צוזאַמענקומען פון אידען, דאָס גופא, איז שוין אַ ישועה. (קאָצקער).

דאָס צוזאַמענקומען פון חסידים, פראַוועז בחברותא אַ סעודת־מצוה, טרינקען לחיים, שטעהט אויף דערזעלבער מדרגה ווי ווען מתנגדים פראַוועז אַ תענית. (חידושי הרי״ם).

---

## ויאמר לא אשלחך כי אם־ברכתני (לב. כז.)

ניט פאַר זיך האָט יעקב געבעטען די ברכות, נאָר פאַר זיינע קינדער. ווי אַ געטרייער טאַטע וואָס האָט דורכגעמאַכט צער גידול בנים, האָט ער כלל ניט גע׳דאגה׳עט פאַר זיך, נאָר פאַר זיינע קינ־דער. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

## לא יעקב יאָמר עוד שמך כי אם־ישראל (לב. כט.)

די ראשי תיבות פון ישראל מאַכען: ׳יחיד, ׳שליט, ׳רבון, ׳אָדון ׳לכל, דאָס איז מרמז גדולת השי״ת און גדולת ישראל. אַז די אידען וועלען זיך האַלטען אין אחדות, וועט דער רבש״ע זיין אַ „שליט״, אַן „אָדון לכל״ אַזוי איז קדושת השי״ת אָפהענגיג אין קדושת ישראל. (ישמח משה).

---

## ויפל על צואריו וישקהו (לג. ד.)

זאָגט דערויף דער מדרש, אַז יעקב׳ס האַלדז איז געוואָרען ווי אַ מאַרמאָרשטיין, ווייל עשו האָט איהם געוואָלט בייסען, ווי איז דאָס מרומז אין פסוק? אַדרבה, „וישקהו״ מיינט דאָך גאָר, אַז ער האָט איהם געוואָלט קושען.

ווייזט טאַקע פון דאַנען אויס, אַז ווען עשו וויל קושען יעקב׳ן, פאַלט אַרויף אויף זיין האַלדז צו האַלדזען, איז דאָס דער געפערליך גיפטיק־סטער קוש. עשו׳ס נשיקה איז פאַר יעקב׳ן אַזוי געפערליך ווי אַ נשיכה... (שפת אמת).

---

## ויאמר מי לך כל המחנה הזה אשר פגשתי (לג. ח.)

עשו האָט געפרעגט יעקב׳ן: ווי האָסטו דערוואָרבען אַזאַ עשירות? דוכט זיך, אַז עולם־הזה קומט דאָך צו מיר, ניט צו דיר?

ויאמר יעקב, האָט איהם יעקב אָפגעענטפערט: „אם נא מצאתי חן בעיניך ולקחת מנחתי מידי״. אמת, עס איז דיינס, נעם עס דיר,

אַזוי וועט עס אויך טאַקע זיין לדורות, ווי לאַנג אידען וועלען זיין אין גלות, איז וואָס יעקב וועט זיך דערוועראַבען, וועט דאָס עשו צונעמען!... (ר' אָשר הורוויץ).

---

## ויאמר עשו יש לי רב (לג. ט.)

ביי עשו'ן איז ניט שייך „וכי יש לי כל", ווי יעקב האָט געזאָגט. ווייל וויפיל ער האָט, איז איהם אַלץ וועניג. יעקב אָבער וואָס איז אַ „שמח בחלקו", וויפיל ער האָט, איז ער צופרידען, האָט ער אַלץ. (ר' וואָלף סטריקאָווער).

---

ויאמר עשו יש לי רב, ויעקב אמר וכי יש לי כל.

פון די דאָזיגע צוויי ענטפערס איז ניכר די אַנטקעגענגעזעצטע כאַראַקטערען פון די דאָזיגע צוויי מינים מענשען, פונ'ם צדיק און פון רשע. דער רשע וויפיל תענוג, הנאה, גוטס ער האָט בעולם הזה, איז איהם אַלץ וועניג, איז ער אַלץ אומצופרידען. זיין תאווה נאָך הנאה איז אומבאַגרעניצט און אומענדליך. דאַגעגען דער צדיק, איז אַ „מסתפק במועט", וואָס ער האָט און וויפיל ער האָט, לאָזט ער זיך באַנוגענען, איז ער אַ „שמח בחלקו".

עשו'ס ענטפער -„יש לי רב", האָט געמיינט צו זאָגען יעקב'ן: „איך האָב פיל פאַרגעניגען, אָן אַ שיעור תענוג בעולם הזה, פונדעסט־וועגען בין איך אַלץ ניט צופרידען און זאַט, ווייל אויף דער וועלט איז נאָך פאַראַן פיל פאַרגעניגען און תענוג וואָס איך שטרעב נאָך צו האָבען. דאַגעגען יעקב'ס ענטפער צו עשו'ן איז געוועזען „וכי יש לי כל", מיר פעלט גאָר ניט. איך האָב אַלץ, ווייל איך בין אַ שמח בחלקי. (ר' אָשר הורוויץ).

---

## ויאמר נסעה ונלכה (לג. יב.)

„בשוה לך" (רש"י). עשו האָט געוואָלט, אַז יעקב מיט זיינע קינדער זאָלען זיך גלייך ווי ער קליידען. כאָטש אין אַנדערע ענינים מעגען זיי זיך נוהג זיין ווי זיי ווילען. דערויף האָט איהם יעקב גע־ענטפערט „הילדים רכים" — מאַכסט אַ טעות אינ'ם לבוש. קליידונג האָט אַ גרויסע השפּעה אויפן מענש און איך האָב מורא, אַז אויב מיינע קינדער וועלען זיך קליידען אין „בגדי עשו", וועט זייער התנהגות ביס־לאַכווייז אויך אין אַנדערע ענינים זיין כדרך עשו. (ר' יהושעלע בעלזער).

## ויבא יעקב שלם (לג. יח.)

שלם בגופו, שלם בממונו, שלם בתורתו (רש״י). צו וואָס לאָזט דאָס אונז רש״י הערען?

— דער דרך העולם איז, אַז ווען עס לאָזט זיך אַ איד אַרויס אין מרחקים, ווערט ער תיכף אַן אַנדערער מענש. ער ענדערט זיין קליידונג, זיין נאָמען, זיין שפּראַך. ניט אַזוי איז אָבער געווען יעקב. כאָטש ער האָט אַזוי פיל יאָהרען געוואָנדערט אונטערוועגענס, איז ער פון דעסטוועגען אָנגעקומען „שלם" ווי די ראשי תיבות מאַכען 'שם, 'לשון, 'מלבוש, וואָס צוליב דעם זכות פון די דאָזיגע דריי זאַכען וואָס די בני יעקב האָבען פּונקט ווי זייער פאָטער ניט משנה געווען, זיינען שפּעטער זייערע קינדער אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים, ווי דער מדרש זאָגט. „שלא שינו את שמם, שלא שינו את לשונם ולא שינו את לבושיהם". (ר' אשר הורוויץ).

---

## אם תהיו כמנו להמל לכם כל זכר (לד. טו.)

אייגענטליך האָבען דאָך די אַנשי שכם געהאַלטען זייער אָפּמאַך, וימולו כל זכר, היתכן, ווי קומט דאָס, וואָס די בני ישראל, די שבטי־יה האָבען דעם אָפּמאַך געבראָכען?

— באַצויגען האָט זיך הויפּטזעכליך דער אָפּמאַך אויפן וואָרט „כמונו". די בני יעקב האָבען אויסגערעדט זיך מיט שכם בן חמור, אַז די פאַראייניגונג וועט נאָר צושטאַנד קומען, ווען די אַנשי שכם וועלען זיך מל זיין, „כמונו" — וועלען אַקצעפּטירען די אמונה פון די בני יעקב אויס איבערצייגונג און באַוואוסטזיניגקייט, ווייל אַזוי האָט גאָט געהייסען.

שכם בן חמור האָט אָבער תיכף ביים שליסען דעם אָפּמאַך געהאַט אַ הינטערדיגע כוונה. ער האָט די אַנשי שכם געהייסען זיך מל זיין, ניט מחמת איבערצייגונג, נאָר כדי „בנותם נקח לנו לנשים, מקניהם וקנינם וכל־בהמתם הלוא לנו הם", ניט בלויז וועלען זיי צונעמען יעקב'ס טעכטער נאָר אויך דאָס פאַרמעגען פון די בני יעקב איז זייערס, פריער אָדער שפּעטער וועלען זיי עס פון זיי אוועקנעמען, אויב אַזוי, איז דאָך די כוונה פון שכם בן חמור באַלד אין דער התחלה געווען אַ פאַלשער און באַטריגערישער, האָט ער דאָך געבראָכען דעם אָפּמאַך און ניט די בני יעקב. (ר' אָשר הורוויץ).

# וישב

דאָס וואָרט „וישב" מאַכט „ירא שמים בסתר ובגלוי", איז פון דאַנען אַ ראיה, אַז אַ איד דאַרף זיין אַ ירא שמים בסתר ובגלוי. (ר' אָשר הורוויץ).

---

לעולם יהא אָדם ירא שמים בסתר ובגלוי, ומודה על האמת, ודובר אמת בלבבו — אַ מענש וואָס באַזיצט די אַלע מעלות, פאַרמאָגט אין זיך די אַלע אייגענשאַפטען, מעג ער אויפשטעהן אין פריהמאָרגען און תיכף זאָגען „רבון כל העולמים". (רבי ר' בונם).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט דעם חידושי הרי"ם, פאַר וואָס זאָגט מען „יראת שמים" און ניט יראת ד'?

— ווען גאָט האָט באַשאַפען די וועלט, זיינען די הימלען געווען שוואַך. ווי דער פסוק זאָגט, עמודי שמים ירופפו — די זיילען פון די הימלען זיינען געווען שוואַך, מגערת ד' באָמרו יהי רקיע, זיינען די הימלען פאַרציטערט געוואָרען און פאַרבליבען פעסט. איז די מורא וואָס די הימלען האָבען געהאַט פאַר גאָט, אויף שטענדיג פאַרבליבען אין דער וועלט, דעריבער רופט מען די מורא פאַר גאָט „יראת שמים" און ניט „יראת ד'".

---

## אלה תולדות יעקב (לז. ב.)

אלה, פסל את הראשונים. אַזוי ווי פאַר מעשה־בראשית איז דאָך געווען תהו ובהו און נאָך דעם, אַז גאָט האָט די וועלט באַשאַפען, דערצעהלט די תורה „אלה תולדות השמים והארץ", די תורה מאַכט בכיוון אַ הפסקה, צו ווייזען דעם חילוק צווישען פוסט און וויסט און מעשה־בראשית, אַזוי מאַכט די תורה אַ הפסקה מיט דעם „אלה תולדות יעקב" צו ווייזען דעם חילוק צווישען עשו'ס און יעקב'ס קינדער.— אלה בני עשו, איז די בחינה פון „תהו ובהו". אלה תולדות יעקב, איז די בחינה פון „מעשה בראשית". (שפת אמת).

אַ איד טאָר קיינמאָל ניט זיין צופרידען מיט דער מדרגה וואָס ער האָט דערגרייכט און בלייבען שטעהן אויף אַן אָרט. יעדער איד דאַרף שטרעבען צו זיין אַ מוסיף והולך, כסדר צו שטייגען אין אידישקייט, ווי די תורה איז אונז מרמז „אלה תולדות יעקב" — דאָס דאַרפען זיין די מעשים טובים (תולדותיהם של צדיקים מעשים טובים), צו דער־גרייכען וואָס אַמאָל העכער און העכער אין אידישקייט. (רימאַנאָוועך).

## וישנאו אותו ולא יכלו דברו לשלום (לז. ד.)

די ברידער האָבען ניט געקאָנט סובל זיין די האַלטונג און די פריידליכע באַציאונג פון יוסף'ן צו זיי. אויב ער האַלט זיי פאַר חוטאים — האָבען זיי גע'טענה'ט צו איהם — איז דאָך אַ מצוה, ער זאָל זיי פיינט האָבען. „הרואה בחבירו דבר עבירה מצוה לשנאותו", טאָ פאַרוואָס רעדט ער מיט זיי שלום'דיג? און אַז ער רעדט מיט זיי פריידליך, איז דאָס אַ סימן, אַז ער זעהט ביי זיי ניט קיין עבירה, נאָר וואָס דען? ס'איז אַזאַ געוואוינהייט ביי איהם, צו רעדען לשון־הרע, דעריבער — וישנאו אותו. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

כי הנה הוא יוצר הרים ובורא רוח, ומגיד לאָדם מה שיחו (עמוס ד.). כדי די וואָס רעדען לשון הרע און רכילות, זאָלען ניט זאָגען אַז מיטן בלויזען רעדען האָבען זיי קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. רעדען מיטן מויל האָט ניט קיין ממשות, וואָס פאַר אַן עבירה איז דאָס? זאָגט אונז דער פּסוק: כי הנה הוא יוצר הרים — גאָט האָט באַשאַפען די מעכטיגע בערג, ובורא רוח, און האָט באַשאַפען דעם ווינד וואָס איז אַ דבר שאין בו ממש, פונדעסטוועגען באַזיצט דער ווינד אַזאַ ריזיגע גבורה, אומצוואַרפען און אויסצורייסען שטאַרקע בערג. אַזוי איז „מגיד לאָדם מה שיחו", זיינען די וואָס רעדען לשון הרע און רכילות, הגם זייער שלעכטס טאָן מענשען באַשטעהט בלויז אין רעדען דברים שאין בהם ממש, זיינען זיי פון דעסטוועגען ביכולת, צו ברענגען צו דער גרעסטער שנאה און אומגליק צום מענשען. (ר' ישראל ריזשינער).

פאָרענדיג אַמאָל אונטערוועגנס מיט עטליכע חסידים, איז דעם רבי'ן ר' בונם אויסגעקומען דער „צדה לדרך", האָבען זיי זיך אָפּ־געשטעלט אין אַ דאָרף, אויפגעזוכט אַ אידען און געבעטען עפּעס מיל־כיגס צום עסען.

— איך האָב נאָר פליישיגס — האָט זיי דער דאָרפס איד געזאָגט. האָבען די חסידים אָנגעהויבען חוקר־ודורש צו זיין דעם דאָרפס־

איד, ווער דער שוחט איז, אויב ער איז אַ חסיד און אַ ירא־שמים, אויב דאָס פלייש איז אָהן אַ סירכא, געווייקט און געזאַלצען געוואָרען כדת וכדין.

האָט דער רבי ר׳ בונם דאָס געהערט און ער האָט פאַרדראָסיג אויסגעשריען צו די חסידים זיינע:

— חסידים, חסידים, וואָס איהר לייגט אין מויל אַריין זייט איהר דערויף שטאַרק נזהר, פאַרזיכטיג מדקדק, גוט חוקר ודורש, אָבער דאָס וואָס איהר ברענגט אַרויס פון אייער מויל, אויף דעם זייט איהר ניט נזהר, פרעגט איהר ניט קיין שאלה און זייט לחלוטין ניט מדקדק!...

## ויאמרו לו אחיו (לז. ח.)

די ברידער האָבען געזאָגט צו יוסף׳ן, אַז דו חלום׳סט אַזוי, איז דאָך אַ סימן, אַז דו טראָגסט זיך אַרום מיט רעיונות פון מלוכה, ביזטו דאָך אַ „רודף אחר הכבוד״, ויוסיפו עוד שנוא אותו — האָבען זיי איהם צוליב די חלומות און פאַר זיין יאָגען זיך נאָך כבוד, נאָך מעהר פיינט געקראָגען. (משמרת איתמר).

## ויאמר לו לך־נא ראה את שלום אחיך (לז. יד.)

יעקב אָבינו׳ס כוונה איז ניט געווען צו שיקען יוסף׳ן אַלס שליח, כדי צו זעהן וואָס זיינע ברידער טוען אין פעלד. מיט אַזאַ שליחות האָט יעקב געקענט שיקען איינעם פון זיינע קנעכט. מיט די אויבענ־דערמאָנטע ווערטער האָט יעקב באַצוועקט צו געבען יוסף׳ן אַן אומ־דירעקטע אזהרה, אַז ער זאָל אויפהערען זוכען חסרונות אויף זיינע ברידער, נאָר ער זאָל געהן זעהן אויך זייערע גוטע מידות, דאָס שלימות, די מעלות זייערע, די גוטע מעשים. (חידושי הרי״ם).

„לך נא ראה את שלום אחיך ואת־שלום הצאן״, איז אַ ראיה, אַז עס איז דער חוב פונ׳ם מנהיג, צו פאַראינטערעסירען זיך פון וואַנען אידען ציהען זייער חיונה און מאַכען אַ לעבען. (ר׳ שלמה ראַדאָמסקער).

## והנה תועה בשדה (לז. טו.)

אַזוי ווי יוסף איז נאָר אַרויסגעגאַנגען פון זיין פאָטער׳ס הויז, איז ער געווען כשה אובד און האָט גלייך דערפילט דעם טעם פון גלות. לכן האָט ער געהאַלטען אין איין פרעגען: „את אחי אנכי מבקש״ —

אַ פאַרלאָרענער און בלאָנדזשענדער האָט ער געזוכט זיך מתחבר צו זיין מיט זיינע ברידער. אַז מ׳האָט איהם געזאָגט, אַז זיינע ברידער זיינען אַוועקגעגאַנגען קיין דותן, „דתינה" בגימטריא „לגליות", ווילך יוסף אַחר אחיו, האָט יוסף געהענדיג אויפן וועג נאָכגעטראַכט, פאַרוואָס איז דאָס נגזר געוואָרען אויף איהם און אויף זיינע ברידער גלות. „ויראו אותו מרחוק ויתנכלו אותו להמיתו" — האָט ער שוין פאַרשטאַנען די סיבה פון גזירת גלות — צוליב „שנאת־חנם", וואָס הערשט צווישען זיי. (ר׳ אלעזר סאָסאָווער).

---

## מה תבקש (לז. טז.)

דער מלאך האָט געפרעגט יוסף׳ן „מה תבקש?" דאַרויף האָט איהם יוסף אָפגעענטפערט: „את אחי, איך מיט מיינע ברידער, אנכי מבקש, זוכען דעם „אנכי ד׳ אלקיך". (חידושי הרי"ם).

---

## ויאמר האיש נסעו מזה (לז. יז.)

נסעו ממדותיו של הקב"ה (מדרש) — מיט וואָס?
— אויפן פסוק ויתנכלו אותו להמיתו, זאָגען די חז"ל, אַז מיט זייער וויזיאָנערישען בליק אין דער צוקונפט האָבען די ברידער געזעהן אַז פון יוסף׳ן וועט אַרויסקומען ירבעם בן נבט, וואָס וועט מאַכען די אידען זינדיגען, דעריבער האָבען זיי איהם פאַראורטיילט צום טויט.

מדת הקב"ה איז אָבער ניט אַזוי: אַ מענש ווערט ניט גע׳משפט פאַר זיינע חטאים פון דער צוקונפט, נאָר „באשר הוא שם", ווי ער איז איצט. זאָגט דאָס דער מדרש — „נסעו מזה", די מדה פון הקב"ה איז צו משפט׳ן דעם מענש ווי ער איז איצט, ניט פאַר זיינע חטאים לעתיד, יוסף׳ס ברידער אָבער, האָבען ניט אַזוי געטאָן, זיי האָבען איהם גע׳משפט פאַר זיינע חטאים אין דער צוקונפט. (רבי ר׳ העשל).

---

## ויאמר אליהם ראובן (לז. כב.)

ראובן האָט אַזוי גע׳טענה׳ט צו זיינע ברידער: „גלויבט מיר, אַז איך האָב יוסף׳ן פונקט אַזוי פיינט ווי איהר. איך וואָלט אייך ניט גע־שטערט ווען איהר זאָלט איהם אַ לעבעדיגען וואַרפען פאַר די חיות אין פעלד. אָבער אַז מיר זאָלען פאַרגיסען בלוט, צווישען אונז זאָלען זיין „שופכי דם", דאָס טאָר ניט פאַסירען, וידינו אל תהי בו. דעריבער איז מיין עצה „השליכו אותו אל הבור". (ר׳ ברוך קאָסאָווער).

## והבור ריק אין בו מים (לז. כד.)

אבל נחשים ועקרבים יש בו. (רש"י).

דער מענש וואָס איז אַ בור, פאַרמאָגט אין זיך גאָר נישט קיין תורה, איז ער אויך אַ „ריק" פון אַנדערע לערען און גוטע מידות און אויב אַזאַ מענש קליגט זיך אַרויסצואווייזען חכמה געגען דער תורה, איז דאָס אַ סימן, אַז „נחשים ועקרבים יש בו". (ר' אשר הורוויץ).

---

## וישב ראובן אל הבור (לז. כט.)

ראובן, דער בכור ישראל, האָט מיט זיין ווייטען בליק געזעהן דעם סוף פון מענש „והנה אין יוסף בבור", אַז אין גרוב, אינ'ם קבר, קען מען שוין גאָר ניט מוסיף זיין. „ויקרע את־בגדיו", האָט ראובן אויסגעבראָכען אין אַ יאָמער און צעריסען זיינע קליידער, ויאמר און ער האָט מיט גרויס געוויין אויסגעשריען „הילד איננו", צו וואָס איז דאָס גאַנצע געבוירען ווערען און קומען אויף דער וועלט, אַז „בעל־כרחך אתה מת?" (ר' דוד זאַבליטאָווער).

---

## הילד איננו (לז. ל.)

דאָ קען מען זעהן דעם חילוק צווישען דעם רשע און צדיק. יעקב האָט צוגענומען די בכורה פון עשו'ן, האָט ער געזוכט איהם דערפאַר צו הרג'ענען. ראובן האָט געוואוסט אַז יוסף וועט פון איהם אַוועקנעמען די בכורה, פונדעסטוועגען האָט ער געזוכט איהם צו ראַטעווען. (שפת אמת).

---

## ויהי ער בכור יהודה רע בעיני ד' (לח. ז.)

ויהי, עס איז אַ גרויסער צער און וועהטאָג (אין ויהי אלא לשון צער), ווען „ער", דער וואָס דאַרף וועקען צו אידישקייט („ער" לשון התעוררות), אַז דאָס אידישקייט זאָל זיך שטאַרקען און האָבען די בכורה, ווען דער דאָזיגער מעורר, דער וועקער, איז גאָר „רע בעיני ד'" — ער אַליין טוט שלעכטס אין די אויגען פון גאָט. וועה איז צו דעם דור, ווען די וואָס דאַרפען מעורר זיין צו אידישקייט, זיינען אַליין שלעכט, זינדיג און פאַרדאָרבען! (ר' משה קאָברינער).

---

## ביד רעהו העדלמי (לח. כ.)

יעדער מענש דאַרף האָבען אַ חבר, אַזאַ נאָענטען איבערגעבענעם פריינד, אַז ער זאָל איהם קענען דערצעהלען דאָס אינערליכסטע פון זיין האַרץ, אפילו די שלעכטע און פאַרדאָרבענע מעשים זאָל ער זיך קענען פאַר איהם פאַרטרויען, ווי יהודה האָט דאָס געהאַט, אין זיין חבר חירה. (חידושי הרי"ם).

---

## איה הקדשה, היא בעינים (לח. כא.)

ווי אַזוי גרייכט מען מיט די אויגען צו קדושה, אויף דעם וועג אין מענשליכען לעבען? (ר׳ משה׳לע פרעמישלאַנער).

---

איה הקדשה? וואו איז דער שורש פון פאַרדאָרבענהייט און דע־מאָראַליזאַציע? היא בעינים, דער מקור קומט פון די מענטשליכע אויגען, על הדרך — וואָס די אויגען זעהען אויפן מענשליכען לעבענס־וועג, „העין רואה והלב חומד". (ר׳ משה׳לע פשעוואָרסקער).

---

## ויהי איש מצליח (לט. ב.)

כידוע איז פאַראַן אַ חילוק צווישען ברכה און הצלחה. ברכה קומט שלא בדרך הטבע, הצלחה קומט על פי דרך הטבע. איז דאָ די תורה אונז מרמז, אַז אין חוץ־לאָרץ קען בלויז זיין הצלחה, אָבער ניט ברכה. ווייל ברכה קומט נאָר פון ציון. ווי דער פסוק זאָגט: „יברכך ד׳ מציון". (ר׳ משה לעלעווער).

---

## ויהי בבית אדוניו המצרי (לט. ב.)

וואָס מיט יוסף׳ן האָט פּאַסירט, גוטס אָדער שלעכטס, צרות אָדער כבוד, אומעטום וואו ער איז געווען אין הויז פונ׳ם מצרי, אין תפיסה, אָדער אין פּאַלאַץ, האָט ער אַלץ פאַר ליב גענומען. האָט קיינמאָל ניט מתרעם געווען אין איז תמיד געווען דערזעלבער יוסף — אָט אַזוי דאַרף יעדער איד זיין אונטער אַלע אומשטענדען, וואָס עס זאָל ניט מיט איהם פּאַסירען. (שפת אמת).

---

## ויהי יוסף יפה תאר ויפה מראה (לט. ו.)

כיון שראה עצמו מושל, התחיל אוכל ושותה ומסלסל בשערו (רש"י).

היתכן, יוסף הצדיק, וואָס האָט געוואוסט דעם צער פון טאַטען זיינעם, ווי קומט דאָס, ער זאָל זיך אָפּגעבען מיט תענוגים, עסען און טרינקען, פוצען און קעמען די האָר?

ווען יוסף האָט זיך דערפילט פריי אין מצרים, איז געוואָרען אַ מושל, האָט ער צווישען די מצרים אָנגעהויבען פאַרשפרייטען די אמונה פונ׳ם „בורא עולם". די מצריים האָבען אָבער ניט געוואָלט זיך חבר׳ן מיט איהם, ווייל ער איז געגאַנגען אַנדערש געקליידעט פון זיי. האָט יוסף באַשלאָסען, צו בייטען זיינע מלבושים און האָט אָנגעהויבען טראָגען קליידער ווי די מצריים.

אחר הדברים האלה, ותשא אשת אדוניו את עיניה — זליכה אשת פוטיפר האָט גע׳טענה׳ט צו יוסף׳ן: איצט ביסטו דאָך ווי איינער פון אונז, דיין מלבוש איז דאָך דערזעלבער ווי אונזערער, ותאמר, אויב אַזוי, „שכבה עמי!"

ויבא הביתה לעשות מלאכתו, למדבק בכתבי חושבנא (אונקלוס), אַהיים קומענדיג, האָט יוסף אָנגעהויבען מפשפש במעשיו זיין. ער האָט געמאַכט אַ חשבון־הנפש, פון וואַנען קומט זליכה׳ס חוצפה׳דיגער צוטריט צו איהם. וואָס האָט גורם געווען דערצו? ותתפשהו בבגדו, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז שולדיג אין דעם איז די מצר׳ישע קליידונג, ויעזוב בגדו וינס, האָט ער תיכף אַרונטערגעוואָרפען פון זיך די מצר׳ישע מלבושים און האָט צוריק אָנגעטאָן די אידישע קליידער. (רמ"ל לענטשנער).

---

## וימאן ויאמר (לט. ח.)

ווען מען רעדט אָן אַ מענש צו טאָן שלעכטס, איז זיין אויפגאַבע זיך ניט אַריינצולאָזען אין וויכוחים מיט דעם אַנדערן און פאַרפירען מיט איהם אַ דיסקוסיע, פּרוּוון איבערצייגען איהם, אַז דאָס וואָס ער רעדט איהם איין צו טאָן, איז שלעכט און געמיין. וימאן — קורץ און שאַרף, אָהן שום טעם און סברות דאַרף ער איהם זאָגען: „איך וויל נישט!" ערשט נאָך דעם, זאָל ער פּרוּוון מסביר זיין דעם אַנדערן, אָנווייזען איהם, הן אדני איננו גדול, ואיך אעשה?... (שפת אמת).

---

## ויבא הביתה לעשות מלאכתו (לט. יא.)

לעשות צרכיו נכנס, אלא שנראית לו דמות דיוקנו של אָביו (רש"י).

יעקב׳ס דרך איז כידוע געווען ניט צו ענדערען זיין התנהגות,

נאָר אויפפיהרען זיך אויפ'ן אַלטען דרך. יוסף דאַגעגען האָט זיך אויפגעפיהרט מאָדערן. „מתקן בשערו, ממשמש בעיניו, כדי שיהיה נראה יפה". דאַרום האָט פוטיפר'ס ווייב געהאַט אַ צוטריט צו איהם, ווייל זי האָט גע'טענה'ט: לויט דיין קליידונג און אויפפיהרונג דאַרפסטו ניט זיין דאַגעגען זיך מיט מיר צו חבר'ן.

ווען יוסף האָט געזעהן צו וועלכען דרך זיין התנהגות האָט איהם דערפירט, האָט ער באַגריפען און אַנערקענט, אַז דער אַלטער דרך איז אַ בעסערער. ער פירט ניט צו נסיונות און דערוויטערט פון שלעכטס. „נראה לו דמות דיוקנו של אביו", איז איהם ערשט קלאָר געוואָרען דעם טאַטענס וועג — ווי גוט ס'איז דער אַלטער דרך סיי אין דער הלבשה און סיי אין התנהגות און ווי שלעכט פאַרפיהרעריש ס'איז דאָס נאָכהאַלטען די מאָדע! (ר' מאיר'ל פרעמישליאַנער).

---

## ויעזב בגדו (לט. יב.)

יוסף האָט פאַרלאָזט זיין חומר'דיגען לבוש. וינס, ער איז אַנט־לאָפען פון דער תאווה, ויצא החוצה — האָט איינגאַנצען אויסגעטאָן זיך פון עולם הזה. (שפת אמת).

---

הים ראה וינס — דער ים האָט דערזעהן אַז מ'טראָגט דעם ארונו של יוסף, אויף וועמען די תורה זאָגט עדות, וינס ויצא החוצה, איז דער ים אַנטלאָפען. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

פון דאַנען קען מען זעהן ווי גרויס ס'איז דער חטא פון לשון הרע און שנאת חנם. יוסף וועלכער איז געווען אַן עומד בפני יצרו, איז בייגעשטאַנען דעם נסיון פון אשת פוטיפר, נאָר ווייל ער איז נכשל גע־וואָרען מיט זיין לשון הרע און שנאת חנם, האָט ער גורם געווען גלות מצרים. דאַגעגען יהודה, כאָטש ער האָט געזינדיגט מיט תמר'ן, פונ־דעסטוועגען צוליב דער מידה פון רחמנות צו זיין ברודער, ווען ער האָט געזאָגט: „מה בצע כי נהרוג את אחינו?" האָט ער צוליב דעם זוכה געווען, אַז פון איהם זאָל אַרויסקומען דער גואל צדק, דער מלך המשיח. (אוהב ישראל).

---

## ולא זכר שר־המשקים את־יוסף וישכחהו (מ. כג.)

אויב ולא זכר, פאַרשטעהט זיך, אַז „וישכחהו", טאָ צו וואָס דאָס טאָפעלטע לשון?

תיכף נאָך דעם ווי יוסף האָט געבעטען דעם שר־המשקים, ער

זאָל איהם דערמאָנען פאַר פרעה׳ן, האָט ער חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך געווענדט צו אַ מענשען, ער זאָל איהם העלפען אַנשטאַט בעטען צו גאָט. האָט דאַרום יוסף מתפלל געווען, אַז דער שר־המשקים זאָל פאַרגעסען וואָס ער האָט אים געבעטען, כדי עס זאָל איהם ניט אַרויסקומען קיין טובה דורך זיין שתדלנות. איז דאָס דער פשט, „ולא זכר שר המשקים״, דער שר־המשקים האָט ניט געדענקט אין יוסף׳ן, „וישכחהו״, ווייל יוסף האָט גאָט געבעטען, אַז דער שר־המשקים זאָל איהם פאַרגעסען. (הר״ם מאַמשינאָוו).

---

## וישכחהו.

יוסף האָט אינגאַנצען פאַרגעסען, אַז ער האָט געבעטען ביים שר־המשקים אַ חסד, ער זאָל איהם דערמאָנען פאַר פרעה׳ן, נאָר ער האָט אינגאַנצען זיך סומך געווען אויף השי״ת הילף. (שפת אמת).

# מקץ

## ויהי מקץ (מא. א.)

וואָס וועט זיין דער סוף, שנתים ימים, וואָס מיר פאַרשלאָפּען אַזוי אונזערע יאָהרען? ופרעה חולם און מיר באַמערקען גאָר ניט ווי דאָס שלעכטס ווערט אויף דער וועלט אַלץ גרעסער און שטאַרקער? (ר׳ דוד׳ל טאַלנער).

---

ויהי מקץ „שנתים" מאַכען די ראשי תיבות: ׳שמאל, ׳נר, ׳תדליק, ׳ימין, ׳מזוזה. מיט דער לינקער האַנט זאָל מען אָנצינדען די שבת׳דיגע ליכט און מיט דער רעכטער האַנט זאָל מען צוקלעפּען די מזוזה. (ר׳ שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

ויהי, איז כידוע אַ לשון צרה. דער צער וואָס קומט אָפּט צו אַ מענש איז כדי „מקץ", ער זאָל דערוואַכען, שנתים ימים, ניט צו פאַר־שלאָפען זיינע טעג און יאָהרען. (הב"ל).

---

ויהי מקץ שנתים ימים — מקץ, בסוף, בעוקבתא דמשיחא, ימים — וועט פאַרקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש און ענדערונג אין די יאָהרען. (רש"י ביאלעבזשיגער).

---

אין בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס — משיח וועט ניט קומען ביז יעדער איד וועט אויפגעבען די פרטיות מכיס הלב, וועט ניט בלויז פאַר זיך דאַגה׳ן, נאָר וועט דאַגה׳ן פאַרן גאַנצען כלל ישראל. (ר׳ יחזקאל שינאָווער).

---

ווען אידען וועלען אינגאַנצען זיין אַריינגעטאָן אין דאגת פרנסה און זייערע מחות וועלען זיין מבולבל מיט כלערליי דאגות און צרות — דע־מאָלט וועט משיח קומען. (קאָצקער).

---

אין בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס — געלד וועט זיין; נאָר ס׳וועט ליגען אין אומפּאַסיגע, גראָבע הענט, אַז ס׳וועט זיין גלייך ווי דאָס געלד האָט זיך אויסגעלאָזט. דערפאַר דוכט זיך אונז טאַקע, אַז מיר לעבען היינט אין משיח׳ס צייטען! (חידושי הרי"ם).

עס וועט זיין אַ צייט, ווען פּראָסטע אידען וועט זיין גוט בגשמיות וברוחניות און דעם איידעלען איד, וועט זיין שלעכט בגשמיות און נאָך ערגער ברוחניות, ווייל אפילו אַ קאַפּיטעל תהלים וועט מען איהם ניט לאָזען זאָגען. (ר' ישראל ריזשינער).

## ואני שמעתי עליך לאמר (מא. טו.)

פּרעה האָט געזאָגט צו יוסף'ן: „געהערט האָב איך אפילו וועגען דיר און פּוטיפר'ס ווייב מורמלען גאָר ניט קיין שיינע זאַכען. איז מיר טאַקע אַ פּלא, וואָס תשמע חלום לפתור אותו. ווי קומט דאָס אַז אַזאַ אָדם שפל ונבזה ווי דו, זאָל האָבען דערגרייכט אַזאַ מדרגה, צו קענען פּותר חלום זיין?

ויען יוסף את פרעה לאמר: „דאָס וואָס דו האָסט געהערט מענשען מורמלען אויף מיר, בלעדי, דאָס איז שקר וכזב. בנוגע תשמע חלום לפתור אותו, דאָס איז אמת. ואלקים יענה את־שלום פרעה — די מדרגה איז אַ געטליכע. (ר' מאיר'ל פּרימישליאַנער).

פּרעה האָט געזאָגט צו יוסף'ן: „שמעתי עליך לאמר, תשמע חלום לפתור אותו", ניט מחמת חכמה, נאָר בנבואה שניתנה לשוטים. האָט דעריבער יוסף גע'עצה'ט פּרעהן, ער זאָל זעהן, אַן איש נבון וחכם וישיתהו על ארץ מצרים, ווייל יוסף איז ביי זיך זיכער געווען, היות אַזוי ווי פּרעה האַלט, אַז צו זיין אַ פּותר חלומות, איז ניט מחמת חכמה, נאָר בנבואה שניתנה לשוטים, וועט ער דאָך איהם אודאי ניט באַשטימען צו פאַרוואַלטען מיט די עקאָנאָמישע ווירטשאַפט פון מצרים.

ווי פּרעה האָט אויסגעהערט יוסף'ס פּותר חלום זיין, האָט פּרעה געזאָגט: „אחרי הודיע, נאָך דעם אַז דו ווייסט דאָס אַלץ, איז טאַקע דאָס ניט כנבואה שניתנה לשוטים, נאָר הודיע אלקים אותך — גאָט איז מיט דיר. דעם נבון וחכם, וואָס דו עצה'סט מיר צו באַשטימען צו פאַרוואַלטען מיין לאַנד, באַשטים איך טאַקע דיך, ווייל אַזאַ איש אשר רוח אלקים בו ווי דו, פאַרמאָג איך ניט אין גאַנץ מצרים. (ר' צבי זאַלין יצער).

## הנמצא כזה איש אשר רוח בו (מא. לח.)

כידוע, מוז דער מענש וואָס פאַרהערט אַ צווייטען אין חכמה, אַליין זיין אַ גרעסערער חכם ונבון, ווי דער וואָס ער פאַרהערט. אָט דאָס האָט פּרעה געפרעגט זיינע חרטומים און יועצים: געפינט זיך אין מצרים, אַ גרעסערער חכם ווי יוסף, ער זאָל זיין ביכולת איהם צו

פאַרהערען? — אויב אַזאַ חכם אין אין מצרים ניטאָ, איז דאָך ממילא אין נבון וחכם כמוך. (בעש"ט).

---

## וירא יעקב כי יש שבר במצרים (מב. א.)

ווען ר' שניאור זלמן לאַדיער, (דער בעל־ה„תניא") איז צוליב מלשינות געוואָרען אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין פּעטערבורג, האָט ער געהייסען תיכף מודיע זיין דעם בערדיטשיווער, ווען דער שליח איז אַריינגעקומען און אָנגעזאָגט דעם בערדיטשיווער וועגען דעם אַרעסט פונ'ם לאַדיער, האָט ער אויפגעעפענט אַ חומש וואָס איז געלעגען אויפן טיש און האָט גראָד אויפגעמישט די סדרה מקץ, דעם פּסוק „כי יש שבר במצרים". אויסהערענדיג דעם שליח, האָט ער זיך אַ ווייל פאַר־טראַכט אינ'ם פּסוק פון חומש און דעם שליח אָפּגעענטפערט:

— דאָגה נישט, דער פּסוק אין דער תורה וואָס איך האָב אומגע־ריכט אויפגעמישט איז מרמז אַז ר' שניאור זלמן וועט באַפרייט ווערען. די ראשי תיבות פון „שבר" מאַכען „שניאור בן רבקה". פּונקט ווי יוסף הצדיק איז אין מצרים באַפרייט געוואָרען פון בלבול, אַזוי וועט דער לאַדיער צדיק בקרוב באַפרייט ווערען פון זיין בלבול.

---

## וירא יוסף את אחיו ויכירם (מב. ז.)

יוסף האָט דערקענט אַז צווישען די ברידער הערשט התחברות, אחוה, אהבה וריעות. ער האָט אָבער אויך דערקענט, אַז זיי האַלטען זיך טראַציג, גרויס און דאָס האָט איהם פאַרדראָסען. וידבר אתם קשות — ווי אַ מוכיח האָט ער אָנגעהויבען זיי שטראָפען, האָט גע־רעדט מיט זיי האַרבע רייד. ויאמר אליהם — וואָס האַלט איהר זיך אַזוי גרויס? ווי קומט צו אייך גאווה? האָט איהר זיך פאַרטראַכט „מאין באתם?"

ויאמרו אליו — האָבען די ברידער איהם געענטפערט: „כלנו בני איש אחד אנחנו", דעריבער הערשט צווישען אונז אחדות, ריעות און אהבה. כנים, דאָס איז אמת. באַשולדיגסט אונז אָבער בחנם אין גאוה, ווייל לא היו עבדיך מרגלים, מיר זיינען עובדי ד' און האָבען שטענדיג אויסגעהיטען זיך פון „אל תבואינו רגל גאוה". (משמרת איתמר).

---

## ויכר יוסף את אחיו והם לא הכירוהו (מ. ח.)

אַ ראַדזינער איד, אַ משכיל, אָבער אַ גרויסער לאַ־יוצלח, האָט נאָכדעם ווי ער האָט אַ צייט פאַרבראַכט אין וואַרשע, ביי כל׳ערליי עסקים צום סוף געמוזט אַהיים קומען קיין ראַדזין אַן עני ואביון: אַוועקגעפאָהרען קיין וואַרשע איז ער אין אַלט־מאָדישע בגדים, האָט גע־טאָרגען באָרד און פיאות. צוריקקומענדיג איז ער געווען אַ מאָדער־נער געקליידעטער און גלאַט ראַזירטער. איז דער איד געקומען צו ר׳ גרשון העניך פרעגען אַן עצה, צי ער זאָל זיך נעמען צו מלמדות.

— ניין, מיין עצה איז זאָלסט זיך ניט נעמען צו מלמדות, ווייל דו וועסט זיין אַ פאַרקערטער מלמד.

— וואָס עפּעס אַ פאַרקערטער מלמד?

— גאַנץ פשוט. אויף דעם פסוק „ויכר יוסף את אחיו והם לא הכירוהו", זאָגען די חז"ל אין כתובות „מלמד" שיצא בלא חתימת זקן, ובא בחתימת זקן. דו אָבער ביזט אַוועקגעפאָהרען מיט באָרד און פיאות און אַהיים געקומען ביזטו אָהן באָרד און פיאות, ביזטו דאָך, לויט דעם מאמר חז"ל אַ פאַרקערטער „מלמד", וועסטו דאַרום אויך ביי דער מלאכה ניט מצליח זיין.

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט אַן עצה ביי דעם חידושי הרי"ם, אַזוי ווי ער איז אַן אָמן־יד, צו שרייבען גע׳כתיבה׳טע אותיות, ער איז אָבער אויך פעהיג צו זיין אַ מלמד, צו וועלכען פון די צווי מלאכות עצה׳ט ער איהם זיך צו נעמען?

— נעם דיך צו מלמדות — האָט איהם דער חידושי הרי"ם גע׳־עצה׳ט — וועט זיך דיר טרעפען אַ גוטער תלמיד, וועסטו אַליין אויך עפּעס פון איהם לערנען.

---

## ויתנכר אליהם (מב. ז.)

אַזוי איז די טבע פון מענשען. ווען זיין טרוים אָדער וואונש מנצח צו זיין דעם חבר זיינעם ווערט פאַרווירקליכט, פילט זיך דער באַזיגטער חבר אין דער געגענוואַרט פון בעל־נצחון, שטאַרק דער־נידעריגט, דערשלאָגען און שפל׳דיג.

כידוע איז דאָך די גאַנצע שנאה פון די ברידער צו יוסף׳ן געווען צוליב יוסף׳ס חלומות, אַז ער וועט קעניגען, זיין פאָטער און ברידער וועלען זיך צו איהם בוקען. יוסף האָט דערזען, אַז זיינע חלומות זיינען מקוים געוואָרען, ויתנכר אליהם — האָט ער געמאַכט זיך ווי אַ פרעמ־

דער כדי די ברידער זיינע זאָלען אין זיין געגענוואַרט ניט פילען זיך פאַרשעמט, דערנידריגט, וואָס זיי מוזען זיך בוקען פאַר אַן אייגענעם ברודער, וואָס זיי האָבען איהם צוליב דער מורא, אַז זיינע חלומות זאָ־לען נישט מקויים ווערען פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט — זאָלען זיי גלויבען — האָט יוסף געטראַכט — אַז זיי בוקען זיך פאַר אַ פרעמדען מושל וואָס איז נאַטירליך און פאַרשאַפט ניט די אונטערטעניגער אַזאַ עגמת־נפש און צער, ווי בעת זיי בוקען זיך פאַר אַן אייגענעם, בפרט נאָך פאַר אַן אייגענעם ברודער... (בערדיטשיווער).

---

## ויאמר אליהם מרגלים אתם (מב. ט.)

וואָס האָט יוסף גראָד אויסגעזוכט צו באַשולדיגען זיי, אַז זיי זיינען מרגלים?

— יוסף האָט מורא געהאַט, אַז זיינע ברידער וויסענדיג דאָס ער איז פאַרקויפט געוואָרען קיין מצרים, וועלען אָנהויבען נאָכפרעגען און נאָכזוכען איהם און ס'קען דאָך זיין, אַז זיי וועלען דערגרייכען צו איהם, האָט ער דעריבער זיי באשולדיגט אַז זיי זיינען מרגלים און אַזוי אַרום האָט ער פאַרשלאָסען אַלע וועגען פאַר זיי, זיי זאָלען איהם זוכען. ווייל ווערענדיג באַשולדיגט אין שפּיאָנאַזש, וועלען זיי שוין ניט צויפיל זיך נאָכפרעגען אויף איהם און אַרומזוכען איהם. (ר' אברהם משה פשיסכער).

---

## והוא לבדו נשאר (מב. לח.)

אַזוי איז שוין תמיד מיט די אָפּגעציטערטע קינדער. וואָס מערער מען היט זיי און מען ציטערט איבער זיי, וקרהו אָסון, טרעפען זיי גראָד אַלע צרות און אומגליקען. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

## וישתו וישכרו עמו (מג. לד.)

וישתו — זיי האָבען געטרונקען אַ ביסל, וישכרו, זיינען זיי באַלד שיכור געוואָרען. ווייל זיי זיינען ניט איינגעוואוינט געווען צו טרינקען. דעריבער איז אויך נח שיכור געוואָרען נאָכן מבול, כאָטש ער האָט געטרונקען דיזעלבע מאָס וואָס פאַרן מבול, ווייל ער האָט ניט גע־וואוסט אַז אין משך פון יאָהרען ווערט די טבע פון מענשען שוואַכער און די מאָס וואָס איז פאַר איהם פריער געווען אַ נאָרמאַלע, וויפיעל ער

האָט געקענט פאַרנעמען, ווערט דיזעלבע מאָס אין צייט פון יאָהרען צו גרויס און שיכור'ט אָן. (שפת אמת).

---

## איש אשר כמוני (מד. טז.)

אַ ראַדאָמסקער חסיד האָט איינמאָל באַמערקט אין בית־המדרש פון „תפארת שלמה" ווי אַ יונגערמאַן שטעהט און דאַווענט אימיטירענ־דיג די תנועות פון רבי'ן. איז ער צוגעגאַנגען צום יונגענמאַן און האָט אויפן אויער איהם איינגערוימט:

— יונגערמאַן, זאָלסט וויסען, אַז מ'דאַרף דיך שעכטען.

אַ פּאַרציטערטער איז דער יונגערמאַן אריינגעלאָפען צום רבי'ן און האָט איהם דערצעהלט וואָס דער חסיד האָט איהם געזאָגט. האָט דער תפארת שלמה אריינגערופען דעם חסיד און געפרעגט איהם: היתכן, ווי זאָגט מען דאָס אַזוי צו אַ אידען?

— איך בין דאָ גאָר ניט שולדיג — האָט דער חסיד זיך פאַר־ענטפערט — אַזוי ווערט בפירוש געבראַכט אין צוואת ר' יהודה החסיד. אַז ווען אַ הוהן קרייעט אַזוי ווי אַ האָהן דאַרף מען זי שעכטען. דער טעם איז, מילא דער האָהן קרייעט, בריהט איהם אונטער די פליגלען, אָבער די הוהן פאַר וואָס קרייעט זי? — איז דאָך ניט מער, ווי נאָכצומאַכען דעם האָהן. און אויב גלאָט אַזוי צו אימיטירען, קומט איהר דערפאַר צו שעכטען, פונקט אַזוי איז מיט דעם יונגענמאַן, מילא דער רבי שרייט און מאַכט תנועות בעת'ן דאַווענען, בריהט איהם, דאַווענט דער רבי מיט כוונות, וואָס חסידים האָבען נאָך צו אַזאַ מדרגה ניט דערגרייכט, אָבער דער יונגערמאַן, איהם בריהט דאָך ניט דעם רבי'נס כוונות, טאָ וואָס זשע שרייט ער ביים דאַווענען און מאַכט אַזעלכע תנועות? איז דאָך נישט מער, ער וויל נאָכמאַכען דעם רבי'ן. נו, אויב ער זוכט נאָכצומאַכען, איז ער דאָך ווי די קרייענדע הוהן, האָב איך איהם דערי־בער געזאָגט, אַז מ'דאַרף איהם שעכטען...

---

אַ סאָמבאָרער חסיד האָט איינמאָל דאַווענדיג אין רבי'נס בית־המדרש, געמאַכט אַזעלכע משונה'דיגע תנועות, געשריען און געמאַכט קולות, אַז דער רבי ר' משה'לע האָט צוגערופען דעם שמש און גע־הייסען שטיל מאַכען דעם חסיד. נאָכ'ן דאַווענען האָט דער סאָמבאָרער געזאָגט צום פייערדיגען דאַווענער:

— ווען מ'זאָל קענען מיט דיין פייערדיג דאַווענען כאָטש אָפּ־קאָכען אַ טאָפּ עסען, וואָלט מיך אַוודאי ניט געקימערט דיינע משונה'־דיגע תנועות...

# ויגש

## ויגש אליו יהודה (מד. יח.)

די תורה הקדושה לערנט אונז, ווי צו דאַוונען. אין הגשה אלא תפלה. ווען דו שטעלסט זיך דאַווענען, זאָלסטו אַזוי טענה'ען צום רבש"ע: „בי אדני, אין מיר איז דאָך פאַראַן אַ חלק אלוה ממעל. ידבר נא עבדך דבר באָזני אדני, בעט איך דיך דאַרום, מיין האַר, הער צו מיין תפילה, ואַל יחר אַפך בעבדך, און זאָל דיך אויף מיר ניט פאַר־דריסען און האָב אויף מיר רחמנות, כי כמוך כפרעה, מה פרעה גוזר ואינו מקיים, אַזוי, זאָלסטו טאָן. אויב דו האָסט עפּעס שלעכטס אויף מיר גוזר געווען, זאָלסטו דאָס ניט מקיים זיין. (ר' אהרן טשערנאָבלער).

---

גאָט באַדאַרף מען דינען מיט יראה און מיט שמחה. ביידע צוזאַמען זיינען צוויי פריינד, וואָס שיידען זיך קיינמאָל נישט. יראה אָהן שמחה, איז מרה שחורה. (בעש"ט).

---

די אותיות „בשמחה" מאַכען „מחשבה" — מחשבות בלב איש, דאַרפען תמיד זיין בשמחה, ניט בעצבות. (ר' נחום טשערנאָבלער).

---

כי בשמחה תצאו, ווען אַ מענש איז בשמחה, פריילך, האָפנונגס־פול, איז ער ביכולת אַרויסצוגעהן פון אַלע דאגות און צרות. (רבי ר' בונם).

---

ויגש אליו — ווען אַ איד שטעלט זיך דאַווענען און וויל זיינע תפילות זאָלען זיך דערנעענטערען צום בורא יתברך שמו. ויאמר, זאָל ער ראשית אַזוי זאָגען: בי אדני — איך וויס דאָך, אַז דו ביזט דער בורא כל העולמים, דער יוצר הכל ויודע הכל און ערשט נאָך דעם זאָל ער זאָגען זיין בקשה. (משמרת איתמר).

---

ויגש אליו יהודה, צו וואָס האָט יהודה ווידערהאָלט צו דערצעהלען יוסף'ן אַלעס, וואָס ער ווייסט פון פריער?

יהודה האָט מודה געווען פאַר יוסף'ן, אַז לכתחילה, ווען יוסף האָט זיי באַשולדיגט אַז זיי זיינען מרגלים און האָט אַריינגעוואָרפען שמעון אין תפיסה, אונטערגעוואָרפען זייער געלד אין די זעק תבואה, זיינען די ברידער ביי זיך זיכער געווען, אַז זיי זיינען אומשולדיג און אַז דאָס אַלעס איז ניט מעהר ווי בלבולים און זיי האָבען בלשון טענה געפרעגט גאָט: „מה זאת עשה לנו אלהים?" איצט זיינען זיי מודה אַז האלהים מצא את עון עבדיך, און זיינען גרייט מקבל צו זיין זייער עונש. וואָס איז אָבער שולדיג, דער אַלטער צעבראָכענער טאַטע? והיה כראותו כי אין הנער ומת!

ווי יוסף האָט דערהערט יהודה'ס רייד, אַז די ברידער אָנערקענען זייער חטא פון מכירת יוסף, זיינען גרייט מקבל צו זיין אויף זיך דעם עונש און אַפּעלירען צו איהם, ער זאָל ניט מצער זיין דעם טאַטען — „ולא יכל יוסף להתאפק"... (שפת אמת).

---

ויגש אליו — יהודה האָט גערעדט צו יוסף'ן, ער זאָל גלייך באַ־פרייען זיין ברודער בנימין אַזוי אַרום ווער ער גרויס מאַכען גאָט'ס נאָמען. ווי די נוטריקון פון „ויגש אליו" מאַכען — „'גדלו 'לד' 'אתי 'ונרוממה 'שמו 'יחדיו". (ר' נפתלי ראָפּשיצער).

---

## אדוני שאל את עבדיו לאמר, היש לכם אב (מד. יט.)

דער רבש"ע פרעגט אונז, ווייסט איהר, אידען, אַז איהר האָט אַ טאַטען אין הימעל, וואָס וואַכט און באַשיצט אייך, געדענקט איהר איהם?

ונאמר אל אדני — ענטפערען מיר דעם רבש"ע: „יש לנו אב זקן", אַוודאי ווייסען מיר, אַז מיר האָבען דעם אַלטען טאַטען אין הימעל. מיר זיינען אָבער נאַרישע שלעכטע קינדער און ווייסען ניט ווי צו שעצען און צו אַכטען איהם. (יוד הקדוש).

---

## אם לא ירד אחיכם הקטן אתכם (מד. כג.)

פונקט ווי ס'זיינען פאַראַן אידען עגאָאיסטען אין גשמיות, זיי געהט גוט, האָבען צו עסען און צו טרינקען, אַ מלבוש און אַ גוט געלעגער, אַרט זיי ניט די גאַנצע וועלט, אַבי זיי האָבען פון כל־טוב. אַזוי זיינען אויך פאַראַן אידען עגאָאיסטען ברוחניות. ס'זיינען דאָ אידען, פרומע, לומדים, עובדי ד', זיצען יומם ולילה און לערנען, טוען דאָס אַלץ כדי צו פאַרזיכערען זיך, לאחר מאה ועשרים שנה, מיט אַ פּלאַץ אין גן־עדן. וואָס אַנדערע טוען, אפילו זייערע אייגענע קינדער, קימערט זיי נישט. אַבי זיי זיינען באַזאָרגט, אויף אַזעלכע אידען זאָגט די תורה

„אם לא ירד אחיכם הקטן אתכם”, אויב איהר זארגט ניט פאר אייער קלענערען ברודער וואס שטעהט ניט אויף איין מדרגה מיט אייך, נאר איהר דאגה'ט בלויז פאר זיך, לא תוסיפון לראות פני, קען אייך דער רבש"ע ניט אנקוקען. (בערדיטשיווער).

## והיה כראותו כי־אין הנער ומת (מד. לא.)

אן עלטערער איד האט אמאל געקלאגט זיך פארן קאצקער, אז ער האט עטליכע זיהן, בעלי פרנסה, פאר וועלכע ער האט זיך מוסר־נפש געווען פאר זייער דערציאונג און איצט אויף די עלטערע יאהרען, ווען ער איז ארים שוואך און צעבראכען, האבען זיי איהם אינגאנצען פאר־לאזט און ווילען לגמרי ניט וויסען פון איהם.

ביי מיר איז דאס גאר קיין חידוש נישט. מיר געפינען דאס אין דער תורה. ווען יוסף האט פארהאלטען בנימינ'ען, האבען די ברידער געטענה'ט צו איהם, והיה כראותו, אז זייער פאטער וועט דערזעהן, כי אין הנער אז בנימין איז ניטא — ומת וועט ער שטארבען, איז דאך באמת שווער צו פארשטעהן, בנימין האט געהאט צעהן קינדער, פאר וואס האבען די ברידער ניט געזאגט יוסף'ן אז בנימין'ס קינדער, וועלען זעהן זייער פאטער איז ניטא, וועלען זיי פון גרויס צער שטארבען. ווייזט טאקע פון דאנען אויס, אז בלויז א טאטע וועהטאגט פאר זיינע קינדער, אבער קינדער זיינען זיך ניט מצער פאר די ליידען פון זייער פאטער.

## כי איך אעלה אל־אבי (מד. לג.)

ווי אזוי קען איך בעטען צו גאט, והנער איננו אתי, אז איך האב ניט מתקן געווען, דאס וואס איך האב געטאן אין די ימי נערות? (חידושי הרי"ם).

---

כי איך אעלה אל אבי? ווי אזוי קענען מיר זיך ווייזען פארן טאטען אין הימעל והנער איננו אתי, ווען אונזערע קינדער זיינען נישטא מיט אונז? כי עבדך ערב את הנער, מיר האבען דאך די קינדער אונזערע ערב געווען פארן רבונו של עולם בעת מתן־תורה, זיינען מיר דאך פאר זיי פאראנטווארטליך. (ר' מאיר'ל פרעמישלאנער).

## ועתה אל־תעצבו (מה. ה.)

ועתה, און איצט, אז איהר זייט חוזרים בתשובה, האט חרטה כי מכרתם אותי הנה — אל־תעצבו זאלט איהר ניט טרויעריג זיין, ווייל

די העכסטע מדרגה פון תשובה איז ניט דורך עצבות, נאָר דורך שמחה, חדוה און אהבה. (משמרת איתמר).

---

פאַראַן אַ גרויסער חילוק צווישען עצבות און מרירות. דאָס לעצטע מיינט, כ'האָב גאָר נישט. דאָס ערשטע מיינט — כ'בין אַ פאַרפאַלענער, אַ האָפענונגסלאָזער. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

די איידעלסטע מרירות האָט אַ נגיעה פון עצבות. די געמיינסטע שמחה קומט פון קדושה. (הנ"ל).

---

„הרופא לשבורי לב ומחבש לעצבותם" — דער רבש"ע היילט די צעבראָכענע הערצער און פאַרבאַנדאַזשירט דאָס שברות הלב, כדי עס זאָל זיך דערפון ניט אַנטוויקלען קיין עצבות. (יוד הקדוש).

---

## כה אמר בנך יוסף שמני אלהים לאדון לכל מצרים (מה. ט.)

וואָס פאַר אַ בשורה טובה איז דאָס געווען פאַר יעקב'ן, וואָס יוסף האָט איהם געהייסען מבשר זיין, אַז ער איז געוואָרען אַ מושל איבער דעם לאַנד וואָס איז מלא טומאה?

— כידוע — מיינט דאָס וואָרט „כה" די שכינה. ווי דער מדרש זאָגט „כל הנביאים נתנבאו ב„כה". איידער יוסף איז געקומען קיין מצרים, האָבען די מצריים לגמרי ניט געוואוסט אַז ס'איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. יוסף האָט אין מצרים מפרסם געמאַכט גאָט'ס נאָמען. האָט דאָס יוסף מבשר געווען זיין פאָטער. כה אָמר, — אַזוי זאָגט די שכינה, בנך יוסף, דיין זוהן יוסף, שמני אלהים, האָט מיך געמאַכט פאַר אַ גאָט איבער מצרים. אַזוי האָט יוסף געהייסען אָנזאָגען זיין פאָטער יעקב איז דאָס טאַקע געווען פאַר יעקב'ן די גרעסטע בשורה פון זיין זוהן. (ר' ישראל ריזשינער).

---

## וישבת בארץ־גשן והיית קרוב אלי (מה. י.)

יוסף האָט, ווייזט אויס, גוט געקענט די פסיכאָלאָגיע פון מענש־ליכען כאַראַקטער. ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט וואוינען צוזאַ־מען מיטן טאַטען און מיט די ברידער, וועט מוזען פריער אָדער שפע־טער אויסברעכען צווישען דער משפחה קריגערייען, מיספאַרשטענ־דענישען, מחלוקת'ן, וואָס וועלען ממילא גורם זיין, אַז זייער אהבה וועט צעשטערט ווערען, כדי דאָס צו דערגרייכען באַלד אין אָנהויב האָט ער פאָרגעשלאָגען זיין פאָטער נאָך איידער ער איז געקומען צו איהם, „וישבת בארץ גושן", אַז דו וועסט וואוינען אין לאַנד גושן, אונזערע

משפחות וועלען ניט וואוינען צוזאַמען, מיר וועלען בלויז קומען צו־גאַסט, והיית קרוב אלי — וועלען מיר פאַרבלייבען שטענדיגע קרובים. אונזערע משפחות וועלען זיך ניט קריגען און די אהבה צווישען אונז וועט ניט געשטערט ווערען. (ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער).

## כי פי המדבר אליכם (מה. יב.)

מיין מויל און האַרץ איז ביי מיר איינס. אַזוי ווי איך רעד צו אייך מיטן מויל, אַזוי פיהל איך אין האַרץ. (ר׳ אשר הורוויץ).

## והגדתם לאבי את־כל־כבודי במצרים (מה. יג.)

יוסף האָט געהייסען אָנזאָגען זיין פאָטער יעקב, אַז אין מצרים האָט ער דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה, אַז ער קען שוין פאַרטראָגען כבוד — ער האָט כבוד און עס קימערט איהם ניט, ער פיהלט דאָס ניט. (חידושי הרי״ם).

„כל הרודף אחר הכבוד, הכבוד בורח ממנו. כל הבורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו" — פאַר וואָס איז דאָס טאַקע אַזוי? אויב איינער וויל ניט קיין כבוד, פאַרוואָס זאָל איהם דער כבוד נאָכלויפען און באַלעסטיגען?

— דער אמת׳ער „בורח מן הכבוד" איז דער, וועלכער נעמט צו דעם כבוד וואָס מען טיילט איהם צו און דערהויבט איהם צום שורש, צום „מלך הכבוד". ער פאַרשטעהט, אַז דעם כבוד וואָס מען טיילט איהם צו, איז דאָס מחמת די מעלות זיינע, וואָס השי״ת האָט איהם באַשאָנקען מיט זיי, ממילא קומט דער כבוד אָפּצוגעבען דעם, וואָס האָט איהם די מעלות און כשרונות געגעבען. אַזאַ מענשען, אַזאַ בעל־מדרגה, „הכבוד רודף אחריו" — ווייל דער כבוד וויל, מען זאָל איהם מתקן זיין, צוריקברענגען צום שורש, צום „מלך שהכבוד שלו". (שפת אמת).

## ויפל על־צוארי בנימין אחיו ויבך, ובנימין בכה על צואריו (מה. יד.)

ויבך על שני מקדשות שעתידין להיות בחלקו של בנימין וסופן ליחרב. ובנימין בכה על משכן שילה שעתיד להיות בחלקו של יוסף וסופו ליחרב. (רש״י).

איז דאָך אַ פּלוג קשה, ווי קומט דאָס בשעת שמחה, זאָלען זיי

גאָר וויינען אויף חורבנות? און פאַר וואָס האָט יעדער געוויינט אויפן צווייטענס חורבן און ניט אויף זיין אייגענעם?

כידוע, זיינען ביידע בתי־מקדש חרוב געוואָרען צוליב שנאת חנם. ווען יוסף מיט בנימינ׳ען זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און זיי האָבען דערפילט, אַז דער פירוד זייערער איז געקומען צוליב שנאת חנם פון די ברידער, האָבען זיי באַלד דערזעהן די צוקינפטיגע חרבונות, וואָס וועלען קומען אַלס רעזולטאַט פון שנאַת חנם. האָבען זיי גע־וויינט וואָס שנאת חנם וועלכע האָט יעצט גורם געווען אַזעלכע טרוי־עריגע רעזולטאַטען, וועט אויך אויפן עתיד דערפירען צו חרבונות.

היות דער תיקון צו שנאת חנם איז צו פאַרשטאַרקען די געגענ־זייטיגע אהבה, אַזוי אַז יענעמ׳ס צער זאָל דיר מער וועה טאָן, ווי דיין אייגענער צער, לכן האָט יעדער געוויינט אויפן צווייטענס חורבן, צו ווייזען אַז בעיקר אַרט יעדען פון זיי דעם צווייטענס אומגליק, און כאָטש דער בית־המקדש פון בנימין, קען דאָך פריער ניט געבויט ווערען, נאָר נאָכן חורבן פון „משכן יוסף", האָט דאַרויף בנימין געוויינט אין האַרצען און געבעטען, אַז זיין מקדש זאָל אינגאַנצען ניט געבויט ווערען, אַבי דער משכן יוסף זאָל ניט חרב ווערען. נאָר אַזאַ אהבה קען זיין אַ תיקון צו שנאת חנם. (ר׳ יחזקאלע קוזמירער).

---

## ויפג לבו כי לא האמין להם (מה. כו.)

שייך צו זאָגען, אַז יעקב־אָבינו זאָל ניט גלויבען זיינע קינדער. זאָל זיי האַלטען פאַר דוברי שקרים?

— ווען די קינדער האָבען דערצעהלט יעקב׳ן, אַז יוסף לעבט און איז אַ צדיק, האָט ער זיי געגלויבט — איז דאָך יוסף עפּעס יעקב׳ס זוהן, ווען זיי האָבען איהם אָבער געזאָגט, וכי הוא מושל בכל ארץ מצרים, האָט ער זיי ניט געגלויבט. ווייל אפילו יעקב אָבינו איז שווער געווען צו גלויבען, אַז אַ איד, וועלכער איז אַ מושל אין אַ לאַנד, מעג ער אפילו האָבען יעקב׳ן פאַר אַ טאַטען, זאָל ניט פּרובירען צו פאַר־לייקענען זיין אידישקייט. (קאָזשניצער מגיד).

---

## כי לא האמין להם (מה. כו.)

האָט יעקב חושד געווען אַז די שבטי ישורון זאָגען ליגען?

— ווען יעקב האָט דערהערט, אַז יוסף זיין זוהן לעבט, ויפג לבו, האָט ער זיי געגלויבט און זיין האַרץ איז שיער ניט אויסגעגאַנגען פון שמחה. ווען זיי האָבען איהם אָבער געזאָגט, אַז יוסף איז געבליבען

ביי זיין צידקות, לא האמין להם, האָט ער זיי ניט געגלויבט, ווייל דע־רויף האָט ער זיי נישט געהאַלטען פאַר קיין מבינים...(ישמח משה).

---

## רב עוד יוסף בני חי (מה. כח.)

לאַ־די וואָס איך האָב זוכה געווען, אַז יוסף בני חי, האָב איך נאָך זוכה געווען, אַז מיין זוהן זאָל זיין „רב" אין מצרים... (ר' אָשר הורוויץ).

---

## אנכי ארד עמך מצרימה (מו. ד.)

דער רבש"ע האָט מבטיח געווען יעקב'ן לדורות, אַז וואוהין זיינע קינדער וועלען פאַרטריבען ווערען, „עמו אנכי בצרה", וועט זיי די שכינה באַגלייטען. (שפת אמת).

---

„גם כי אלך בגי צלמות לא אירא רע" — ווען איך בין אויף צרות, ווען איך האָב יסורים, ווען מיר געהט שלעכט, בין איך דאָס מקבל באהבה, ווייל אַזוי איז דער רצון פון השי"ת. איך האָב אָבער גרויס צער און יסורים „כי אתה עמדי", וואָס דו, רבש"ע, ביזט מיט מיר שטענדיג, האָסטו דאָך אויך מיינע צרות און פיהלסט אויך מיינע יסורים! (ר' ישראל ריזשינער).

---

## ואנכי אעלך גם־עלה (מו. ד.)

אפילו ווען דו ביזט אויף אַ הויכער מדרגה גם־עלה, זאָלסטו כסדר האַלטען אין שטרעבען צו דערגרייכען אַ העכערע מדרגה. (בער־דיטשיווער).

---

## ויפל על צואריו (מו. כט.)

אבל יעקב לא נפל על צוארי יוסף, ולא נשקו. ואמרו רבותינו, שהיה קורא את שמע. (רש"י).

און פאַרוואָס האָט יוסף ניט געלייענט קיין שמע?

ווען יעקב האָט זיך באַגעגענט מיט יוסף'ן האָט ער דערפיהלט אַז עס צעפלאַקערט זיך אין זיין הארץ אַ גרעניצלאָזע אהבה צו זיין פאַר־לאָרען געליבט קינד, האָט ער מורא געהאָט, אַז די אהבה צו זיין קינד זאָל אַמאָל זיך ניט מתגבר זיין פאַר אהבת ד', האָט ער דעריבער

פאַרטיפט זיך אין „שמע" אינ'ם „ואהבת את ד' אלהיך". יוסף אָבער איז דאָך זיין אהבה צו זיין פאָטער געווען מחמת מצוה פון כיבוד אָב, האָט ער ניט באַדאַרפט מורא האָבען אַז די אהבה צו זיין פאָטער וועט זיך מתגבר זיין פאַר אהבת ד', ווייל די אהבה צו זיין פאָטער, דאָס גופא איז דאָך געווען אהבת ד' און די חז"ל זאָגען דאָך „כל העוסק במצוה פטור מן המצוה". (יוד הקדוש).

## והאנשים רועי צאן (מו. לב.)

פאַראַן אידען וואָס שטרעבען מיט אַלע מעגליכקייטען איינצוקויפען זיך אין יחוס אין דער ניט־אידישער געזעלשאַפט. זיי ווען אַלעס טאָן, אַבי די ניט־אידען זאָלען זיך מיט זיי חבר'ן. יוסף האָט אָבער געטאָן פונקט דאָס פאַרקערטע, וואָס מערער ער האָט זיך געקענט דערווייטערען און אָפּפרעמדען זיך פון די מצריים, האָט ער דאָס געטאָן. יוסף האָט געוואוסט, „כי תועבת מצרים כל רועי צאן", ווען ער האָט פאָרגעשטעלט זיינע ברידער פאַר פרעה'ן, האָט ער איהם געזאָגט — והאנשים רועי צאן. (רבי ר' בונם).

## ויברך יעקב את פרעה (מז. י.)

יעקב האָט געבענשט פרעה'ן, ער זאָל האָבען אַ טאָכטער, — בתיה בת פרעה, וואָס זאָל האָבען די זכיה אַרויסצוציען משה'ן פון וואַ־סער און דערציען איהם אין קייזערליכען פאַלאַץ, כדי ער זאָל קענען שפּעטער אַרויספיהרען די אידען פון מצרים. (שפת אמת).

## וילקט יוסף את כל הכסף (מז. יד.)

לויט ווי דער מדרש זאָגט, אַז אויף די מטבעות פון די מצריים איז געווען אויסגעקריצט אַ בילד פון עבודה זרה, טאָ ווי אַזוי האָט יוסף אַריינגענומען צו זיך אין שטוב עבודה זרה?

כידוע, איז דער דין, אַז אַ גוי צעברעכט זיין עבודה זרה, איז ער איהר מבטל און זי ווערט אויס עבודה זרה, האָבען טאַקע אַזוי די מצריים געטאָן „בשבר אשר הם שוברים", איידער זיי האָבען גע־בראַכט זייער געלד צו יוסף'ן האָבען זיי עס פריער צעבראָכען, ממילא האָט שוין יוסף געמעגט נעמען דאָס געלד פון די מצריים. (ר' הירש זידיטשויווער).

# ו י ח י

## ויחי יעקב בארץ מצרים (מז. כח.)

פרשה זו סתומה — ווייל יעקב'ס לעבען אין מצרים איז געווען אַ הכנה פאַרן גלות מצרים, דעריבער „נסתמו עיניהם ולבם של ישראל". (שפת אמת).

---

בקש לגלות את הקץ לבניו ונסתם ממנו. (רש"י).
נאָך וואָס האָט יעקב אָבינו געוואָלט זיינע קינדער מגלה זיין דעם קץ?

— אַז זיי וועלען וויסען דעם קץ, די צייט פון דער גאולה, וועט דאָס גלות לעבען זיין גרינגער. (רבי ר' בונם).

---

דערפאַר האָט זיך די שכינה אָפּגעטאָן פון יעקב־אָבינו ווען ער האָט געוואָלט זיינע קינדער מגלה זיין דעם קץ, ווייל פאַראויסזעהענ־דיג די צרות וואָס אידען וועלען דורכגעהן בעקבתא דמשיחא, איז ער אַריינגעפאַלען אין עצבות — ואין השכינה שורה מתוך עצבות. (ר' נפתלי ראָפּשיצער).

---

„עת לחננה כי בא מועד" — חננה, הייסט אַ מתנת־חנם. אַז השם יתברך וועט אויסלייזען די אידען פון גלות, פאַר'ן זמן, וועט דאָס הייסען אַ מתנת־חנם. כי בא מועד, אַז השם יתברך וועט אויסלייזען די אידען ווען די צייט וועט קומען, וועט דאָס נישט הייסען קיין מתנת־חנם, נאָר ווייל די צייט פון דער גאולה איז געקומען. (ר' ישראל ריזשינער).

---

פאַראַן צדיקים וואָס האָבען אַ שוואַכקייט ברמיזה צו געבען אָנ־צוהערען זייערע חסידים, אַז זיי ווייסען דעם קץ־הגלות, ווען משיח וועט קומען. דער אמת איז, אַז משיח'ס קומען איז אַ סוד, דער, וואָס ווייסט דעם סוד איז ניט ביכולת פאַר קיינעם מגלה צו זיין און דער וואָס איז מגלה איז אַ סימן אַז ער הויבט גאָר ניט אָן צו וויסען. (יוד הקדוש).

---

דער קאָלאָביעלער רבי ר' מרדכי זאב, האָט דערקלערט דעם טעם

פאַרוואָס רבינו הקדוש, דער מחבר פון משניות, האָט אָנגעהויבען משניות מיט מצות קריאת שמע.

רבנו הקדוש, וועמענס נאָמען איז געווען ר׳ יהודה הנשיא האָט געהאַט נשמת יעקב־אָבינו, ווי די נוטריקין פון „הנשיא" מאַכען „הוא נשמתו של יעקב אָבינו". היות די חז״ל זאָגען, אַז יעקב אָבינו האָט בעת פטירתו געזאָגט קריאת שמע, האָט רבנו יהודה הנשיא אָנגעהויבען משניות מיט דער מצוה וואָס יעקב׳ס נשמה איז אַוועק פון דער וועלט.

---

„יעקב אָבינו לא מת" — דער איד וואָס לאָזט איבער אַ זוהן, וואָס איז ממלא מקומו ווי יוסף זיין פאָטער, איז גלייך ווי ער וואָלט ניט געשטאָרבען. (שפת אמת).

---

יעקב אָבינו לא מת — כידוע, זאָגען די חכמים אויפן פסוק „בית יעקב אש", אַז אין יעדען אידישען האַרץ געפינט זיך אַ געטליכער ניצוץ, און אויף דעם טליענדן הייליגען פונק, האָבען די חכמים געזאָגט: „יעקב אָבינו לא מת" — אַז דער געטליכער ניצוץ ווערט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען. (ר׳ ישראל מאָדזשיצער).

---

## ויאמר אנכי אעשה כדבריך (מז. ו.)

דאָס וואָרט „אָנכי" איז דאָך איבריג?

— יוסף האָט מבטיח געווען זיין פאָטער, אָנכי, אויך איך, אעשה כדבריך וועל טאָן ווי דו. איך וועל הייסען מיינע ביינער אַרויפברענגען פון מצרים און ברענגען זיי אין לאַנד כנען. (ר׳ שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

אָנכי אעשה כדבריך — וואָס שייך מיר, וועט געוויס קיין מניעה ניט זיין אויסצופאָלגען דיין בקשה. איך האָב נאָר מורא, טאָמער וועט פרעה ניט לאָזען מקיים זיין דיין צוואה. (הנ״ל).

---

## ועיני ישראל כבדו מזקן (מח. י.)

די עיני ישראל, די ראשי הדור, וואָס דאַרפען מיט אָפענע אויגען, האָבען השגחה איבערן צבור, כבדו מזוקן — מאַכען אָפט זיך ניט זעענדיג ווי קהל פיהרט זיך אויף, ווען זיי כאַפּען זיך, אַז קהל איז צו ווייט פאַרקראָכען און ווילען זיי צוריק מדריך זיין אויפן דרך־הישר, „לא יוכל לראות", איז שוין צו שפעט, עס וויל זיי קיינער ניט האָבען און אָנקוקען און קיינער וויל זיך ניט צוהערען צו זייערע רייד. (תולדות יעקב יוסף).

## ויברכם ביום ההוא לאמר (מח. כ.)

בך יוסף ברי יברכון בית ישראל, ית ינוקא ביומא דמהילתא למימר. ישמך אלהים כאפרים וכמנשה. (תרגום יונתן), פאַר וואָס דוקא ביומא דמהילתא?

מיט זיין דורכדרינגענדען בליק אין דער וויטער צוקונפט, האָט יעקב אָבינו געזעהן דאָס לאַנגע ביטערע אידישע גלות. מורא האָבענ־דיג, אַז די אידען זאָלען זיך ניט אָפּלערנען די מעשים פון די גוים און רופען זייערע קינדער מיט גוי'אישע נעמען האָט ער מרמז געווען פאַר די קומענדע דורות — „בך יוסף ברי", אין דיר דאַרפען די אידען נעמען אַ ביישפּיל. אויך דו ביזט געווען צווישען גוים, פונדעסטוועגען האָסטו דיינע קינדער גערופען מיט אידישע נעמען — אפרים, מנשה. אָט אַזוי זאָלען זיך נוהג זיי די אידען ביומא דמהילתא, אינ'ם אַכטען טאָג, ווען מען איז מל דאָס קינד, בעת'ן מאַכען די ברכות. ווען מען גיט דעם קינד אַ נאָמען, זאָל מען איבערגעבען דאָס קינד יעקב אָבינו'ס ברכה: „ישימך אלהים כאפרים וכמנשה". פונקט ווי זיי האָבען כמעט זייער גאַנץ לעבען פאַרבראַכט צווישען גוים, פאַרבלייבענדיג פונדעסט־וועגען ביי זייערע אידישע נעמען, אַזוי זאָל דאָס ניי־געבוירענע קינד פאַרבלייבען ביים אידישען נאָמען. און דאָס איז אויך די כוונה, וואָס מיר זאָגען ביים ברית, „כשם שנכנס לברית, כן יכנס לתורה ולחופה", מיר בענשען דאָס קינד, אַז אַזוי ווי מ'האָט דאָס קינד אַריינגעברענגט בבריתו של אברהם אָבינו מיט אַ אידישען נאָמען, אַזוי זאָל דער אידי־שער נאָמען פאַרבלייבען ביים קינד ניט געענדערט אין טאָג ווען מען וועט איהם פיהרען אונטער דער חופה. (ר' אלעזר סאָסעווער).

---

אַ וואַרשעווער עושר, מיט אַסימילאַטאָרישע נייגונגען, האָט מכבד געווען דעם חידושי הרי"ם מיט סנדקאות, וואָס דער ברית איז פונקט אויסגעקומען שבת. ווען דער חידושי הרי"ם איז אַריינגעקומען אין שטוב, האָבען מאַנכע פון די אַנוועזענדע געסט, שנעל אַוועקגעוואָרפען זייערע רויכנדיגע ציגאַרען. דער חידושי הרי"ם האָט דאָס באַמערקט, האָט ער צוגערופען דעם בעל־ברית, בקול רם, אַז דער גאַנצער עולם זאָל הערען, און האָט צו אים אַזוי געזאָגט:

— אין מדרש ווערט געברענגט, אַז דער רבונו של עולם האָט געשטראָפט אליהו הנביא דערפאַר וואָס ער האָט געזאָגט אויף די אידען, זיי האָבען פאַרלאָזט דיין ברית, זאָל ער זיין אַנוועזענד אויף יעדען אידישען ברית. איז דאָך קשה, אַזאַ שווערער עונש איז דאָס צו זיין אויף יעדען אידישען ברית? אַדרבה, ס'איז דאָך גאָר אַ זכות!

נאָר אַריינקומענדיג דאָ צו איידּ אין שטוב, צו דעם ברית פּאָר־שטעה איך דעם עונש וואָס אליהו הנביא האָט אויסצושטעהן, אַז ער דאַרף אויף אַזאַ ברית ווי דאָ זיין אַנוועזענד...

ויברכם ביום ההוא — יעקב האָט געבענשט יוסף׳ס קינדער, זיי זאָלען בענשען און דאַנקען השי״ת פאַרן היינט און קיינמאָל ניט דאגה׳ן, דאגת מחר. (רמ״ל לענטשנער).

## בך יברך ישראל לאמר, ישמך אלהים כאפרים וכמנשה (מח. כ.)

פאַר וואָס זאָלען די אידען בענשען זייערע קינדער זאָלען אויס־וואַקסען ווי יוסף׳ס קינדער און ניט ווי די אַנדערע שבטים פון יעקב׳ס קינדער?

— צוויי הויפּט עיקרים זיינען פאַראַן אין דער תורה. א) ניט גרויס צו האַלטען זיך איינער איבערען צווייטען. ב) ניט מקנא צו זיין דעם צווייטען. ווען יוסף האָט אויפמערקזאַם געמאַכט זיין פאָטער „לא כן אבי, כי זה הבכור, שים ימינך על־ראשו״ און יעקב האָט איהם אָפּגעענטפערט „גם־הוא יהיה־לעם, ואולם אחיו הקטן יגדל ממנו״, האָט יעקב באַמערקט, טראָץ דעם וואָס ער האָט דעם יונגערען מבטיח געווען גדולה, האָט ער פונדעסטוועגען ניט געקראַגען קיין גאוה איבער זיין ברודער און זיין עלטערער ברודער מנשה האָט ניט באַקומען קיין קנאה —ביידע ברידער זיינען געבליבען דיזעלבע ווי פריער. אַז יעקב האָט דאָס געזעהן, האָט ער פאַרזאָגט „בך יברך ישראל״, אָט מיט אַזעלכע מדות ווי יוסף׳ס קינדער פאַרמאָגען, זאָלען די אידען בענ־שען זייערע קינדער, וואָס זיי וועלען זוכה זיין צו האָבען — „ישימך אלהים כאפרים וכמנשה״, זיי זאָלען אויסוואַקסען אָהן גאוות און אָהן קנאה, ביידע מדות וואָס יעקב׳ס קינדער האָבען ניט געהאַט — יוסף מסלסל בשערו — זו גאות, ויקנאו בו אחיו — זו קנאה... (ר׳ צבי זאַליזיצער).

## בחרבי ובקשתי (מח. כב.)

בצלותי ובבעותי (תרגום).

עשו האָט זיך געגרויסט מיט דער שווערד וואָס זיין פאָטער יצחק האָט איהם געבענשט, „ועל חרבך תחיה״, געגען דעם האָט יעקב גע־זאָגט, אַז ער האָט פון זיין פאָטער גע׳ירשנ׳ט תורה, עבודה ותפלה, וואָס זיי זיינען אַ שווערד געגען דער שווערד של עשו, ווי די חז״ל

זאָגען: „בזמן שקול יעקב נשמע בבתי כנסיות ובבתי מדרשות אין הידים ידי עשו שולטות". (ר' משה'לע קאָזשניצער).

---

תפלה איז געגליכען צו אַ „קשת", פונקט ווי אַ פיילענבויגען, וואָס מער מען ציהט אָן דעם שטריק צו זיך, אַלץ ווייטער און העכער געהט די פייל, אַזוי איז דאָס אויך מיט תפלה, וואָס מער מען קאָנ־צענטרירט זיך מיט כוונת־הלב אַלץ ווייטער און העכער גרייכט זי אין די הימלען. (קאָצקער).

---

## ויקרא יעקב אל־בניו (מט. א.)

בקש לגלות את הקץ ונסתלקה ממנו שכינה (רש"י).

אין וואָס איז באַשטאַנען יעקב'ס חטא וואָס די שכינה האָט זיך פון איהם אָפּגעטאָן בעת ער האָט געוואָלט מגלה זיין דעם קץ צו די שבטי יה?

אויפן פסוק „אני ה' בעתה אחישנה", זאָגען די חז"ל, זכו אחישנה, לא זכו בעתה. ד. ה. ווען די אידען וועלען ווערט זיין, וועט די גאולה קומען פאַר דער צייט, ואם לאו, וועט די גאולה קומען אין דער צייט וואָס גאָט האָט באַשטימט.

ווען יעקב אָבינו האָט געוואָלט מגלה זיין דעם קץ, האָט ער בנביאות געזעהן, אַז די גאולה וועט קומען „בעתה", ווייל די אידען וועלען צוליב זייער התנהגות ניט ווערט זיין פריער אויסגעלייזט צו ווערען און דאָס וואָלט געהייסען רעדען לשון הרע אויף די אידען, אַז זיי וועלען ניט ראוי זיין צום קץ, צוליב זייערע שלעכטע מעשים, האָט זיך דאַרום די שכינה פון איהם אָפּגעטאָן, ווייל רעדען לשון הרע אויף אידען האָט די שכינה ניט געוואָלט זיין דערביי און צוהערען. (ר' ישראל ריזשינער).

---

ווען אַ מענש רעדט שלעכטס פאַר אַ מלך אויף זיינע קינדער, וואַרפט מען איהם אַרויס פון קעניג'ס פּאַלאַץ. פונקט אַזוי באַהאַנ־דעלט מען אין הימעל אַ מענש, וואָס רעדט שלעכטס אויף אידען. (ר' אָשר סטאָלינער).

---

## הקבצו (מט. ב.)

אַז איהר וועט זיך האַלטען אין אחדות און התחברות, ושמעו, וועט אייך צוהערען, ישראל אביכם — דער רבונו של עולם, ישראל'ס טאַטע. (משמרת איתמר).

## ראובן בכורי אתה (מט. ג.)

דיך מיין בכור ראובן, האָב איך ליב און זאָג דיר דערפאַר צו, „כחי וראשית אוני״, אַז דיין עלטסטער זוהן, און בן פלת, וועט בעדת קורח חרטה קריגען אויפן מחלוקת און וועט ניצול ווערען פון איינגעשלונגען צו ווערען אין דער ערד. (ר׳ יהושע׳לע דזשיקע־ווער).

---

## בסודם אל תבא נפשי (מט. ו.)

דער עיקר בקשה פון יעקב אָבינו איז געווען, אַז זיין נאָמען זאָל ניט דערמאָנט ווערען במחלוקת של קרח, אפילו ווען די בעלי מחלוקת וועלען זיין על פי סוד, אַז די גערעכטיגקייט איז אויף זייער צד און וועלען זוכען צו פאַרוואַנדלען דאָס מחלוקת לשם שמים, זאָל פונדעסטוועגען אַלץ זיין נאָמען ניט דערמאָנט ווערען. ווייל ראשית וועט דאָס אין אמת זיין אַ פשוטע מחלוקת אויף משה רבינו אָהן כוונת שם שמים. והשנית, מחלוקת, אפילו לשם שמים, בלייבט אַלץ מחלוקת. (חידושי הרי״ם).

---

## יהודה אתה יודוך אחיך (מט. ח.)

אַלע דיינע ברידער וועלען גערופען ווערען אויף דיין נאָמען — אידען. (שפת אמת).

---

## וירא מנוחה כי טוב (מט. טו.)

יששכר האָט איינגעזעהן אַז מנוחה, זיצען רוהיג, לעבען בשלום ושלוה מיט יעדען, איז גוט. ויט שכמו לסבול — האָט ער זיך צוגעוואוינט אַרונטערצובויגען זיין אַקסעל, לאָזען זיינס איבערגעהן, ניט קימערען זיך וועגען דעם צווייטענס כעס און אומטאַקטישע האַנדלונגען, און ער איז פאַרבליבען אַ גרויסער סבלן. (רבי מלובלין).

---

וירא מנוחה כי טוב — ווען האָט מען די אמת׳ע מנוחה? ויט שכמו לסבול, ווען מען באַזיצט סבלנות, מען קען אַלץ סובל זיין — אַ סבלן האָט מנוחה. (ר׳ יצחק וואָרקער).

---

## דן ידין עמו (מט. טז.)

יעקב האָט געבענשט דן, ער זאָל זיינע משפטים דורכפיהרען אָהן חניפה און אָהן אַ משא פנים. (רמ״ל לענטשנער).

דן ידין עמו — אפילו זיינע פריינד און קרובים זאָל ער משפּט'ן כאחד שבטי ישראל, אָהן חניפה ונשיאות פּנים. (ר' פּנחס'ל קאָריצער).

## מאָשר שמנה לחמו (מט. כ.)

פון דעם דאָזיגען פּסוק איז אַ רמז מן התורה, אויף די דריי זיווגים וואָס השי"ת האָט בכבודו ובעצמו מזווג געווען.

פון די אותיות „אשר" איז אַ רמז אויפן זיווג שבת, מיט די אידען. נאָך דער „א" קומט אַ „ב". נאָך דער „ש" קומט אַ „ת". נאָך דער „ר" קומט אַ „ש", מאַכט דאָס „שבת" — כמאמר חז"ל, „ישראל יהיה בן זוגך".

די אותיות „שמנה" מאַכען „נשמה", איז דאָס אַ רמז אויף דעם זיווג פון גוף און נשמה.

„לחמו", איז אַ רמז אויף דעם זיווג בין איש לאשתו, ווי רש"י טייטשט דעם פּסוק, כי אם הלחם אשר הוא אוכל — זוהי אשתו (יוד הקדוש).

---

מאָשר — יעדער איד דאַרף זיך אָפּלערנען פון אָשר'ן. שמנה לחמו — דאָס פעטסטע און בעסטע עסען איז ביי איהם געווען אַ פּראָסט שטיקעל ברויט. והוא יתן, אָבער ווען ער איז געגאַנגען געבען צדקה, מעדני מלך, האָט ער אַוועקגעגעבען די בעסטע מאכלים. אַט אַזוי דאַרף זיך נוהג זיין אַ איד. פאַר זיך פיהרען אַ באַשיידען פּשוט לעבען. צדקה, זאָל ער אָבער געבען דאָס שענסטע און בעסטע. (ר' זאב סטריקאָווער).

---

ר' חיים צאַנזער איז כידוע געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. וויפיל געלד ער האָט ביי זיך געהאַט, האָט ער דאָס צעטיילט צו אָרימעלייט.

איינמאָל ערב שבת האָט מען צו דער רביצין אין שטוב אַריינגעברענגט אַ גרויסען אינדיק צום פאַרקויפען. היות דער מוכר האָט געבעטען אַ צו־טייערען מקח, האָט די רביצין שטאַרק פאַרדראָסען און זי האָט ניט געוואָלט קויפען. שפּעטער האָט זיך די רביצין דערוואוסט, אַז איין אָרימאַן, איינער פון רבי'נס שטענדיגע מקורבים האָט געקויפט דעם אינדיק און באַצאָלט דעם פּרייז.

האָט דאָס דער רביצין זעהר שטאַרק פאַרדראָסען און זי האָט ווי געוועהנליך אויסגעדריקט איהר פאַרדרוס פאַר איהר מאַן.

— דיינע אָרימעלייט, וואָס דו טיילסט נדבות. איך בין ניט ביכולת געווען צו קויפען דעם אינדיק צוליב דעם טייערען מקח און דיין אָרימאַן האָט איהם געקויפט.

— טוט מיר באמת שטאַרק לייד דאָס צו הערען — האָט איהר ר׳ חיים אָפּגעענטפערט — איך האָב ניט געוואוסט, אַז דער אָרימאַן דאַרף אויך האָבען אַן אינדיק לכבוד שבת. איך דאַנק דיר פאַר דער־צעהלען מיר דאָס. מהיום והלאה וועל איך שוין זעהן דעם אָרימאַן צו געבען מערער, כדי ער זאָל האָבען כל צרכיו...

מאשר שמנה לחמו — יעקב האָט געבענשט אָשר׳ן מיט פּרנסה בריוח, מיט מעדני מלך, מיט כל־טוב, דער עיקר ברכה אָבער האָט ער איהם געגעבען, אַז דאָס גוטס זאָל איהם ניט פאַרבלענדען און חלילה ניט פאַרפיהרען צו דעם וישמן ישורון ויבעט... (ישמח משה).

## מאל אביך (מט. כה.)

אַז דו ווערסט איבערצייגט זיך, אַז אַלעס וואָס מיט דיר פּאַסירט איז מאל אביך ויעזרך — וועט דיר גאָט העלפען. (משמרת איתמר).

## ויבכו אותו מצרים (נ. ג.)

ניט מחמת אהבת ישראל האָבען די מצריים באַוויינט דעם טויט פון יעקב׳ן, נאָר אַזוי ווי מיט יעקב׳ס אָנקומען אין מצרים, האָט אויפ־געהערט דער הונגער און דער נילוס איז אויפגעגאַנגען אָנצוטרינקען די פעלדער, האָבען די מצריים געוויינט מורא האָבענדיג אַז דורך יעקב׳ס טויט וועט דער הונגער צוריקקומען און דער נילוס וועט מער ניט אויפגעהן און באַפרוכפּערען די פעלדער. (ישמח משה).

## שא נא לפשע עבדי אלהי אביך (נ. יז.)

דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס אין דער תורה ווערט דערמאָנט עבדי ד׳. ערשט נאָך דעם ווי די שבטים האָבען מקבל געווען עול מלכות שמים, ווען יעקב אָבינו האָט זיי געוואָלט מגלה זיין וואָס עס וועט פּאַסירען באחרית הימים, און זיי האָבען אויסגעשריען שמע־ישראל — ערשט נאָך דעם רופט זיי די תורה עבדי ד׳. (קאָצקער).

## ויבך יוסף בדברם אליו (נ. יז.)

יוסף האָט געזעהן אַז דורך דעם טויט פון זייער פאָטער, האָבען די ברידער זיינע שוין דערפיהלט דעם גלות מצרים. (שפת אמת).

## ויאמר אליהם יוסף אל־תיראו (נ. יט.)

יוסף האָט צווײדײטיג געגעבען אָנצוהערען זײנע ברידער, זײ זאָלען זיך ניט שרעקען פאַר איהם אָז ער וועט זײ שלעכטס טאָן. ער האָט צו זײ אָזוי געזאָגט: פון דערפאַהרונג ווייסט איהר דאָך שוין, אתם חשבתם עלי רעה, צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אלהים חשבה לטובה. קען דאָך דאָס זעלבע אויך מיט מיר פאַסירען. איך זאָל אייך וועלען שלעכטס טאָן — כי התחת אלהים אָני? — און השי״ת זאָל דאָס שלעכטס, ווי ביי מיר ענדערען פאַר אייך צום גוטען, דעריבער — אַל תיראו. (ר׳ ברוך קאָסאָווער).

# שמות

## ואלה שמות (א. א.)

„שמות" מאַכען די ראשי תיבות: „'מוצא 'שפתיך 'תשמור 'ועשית", ואלה און אַט דאָס איז מוטל אויף אַלע אידען, צו זיין פאַר־זיכטיג מיטן מויל און היטען די צונג, ווי דער פסוק זאָגט: „מות וחיים ביד לשון". (ר' אָשר הורוויץ).

## „את יעקב איש"

ואלה שמות, אין אַלע צייטען און אין אַלע גלות'ן, ווען אידען זיינען אין נויט, איז אין דעם זכות וואָס זיי האַלטען זיך ביי די נעמען פון די שבטים, ווערט דערהאַלטען זייער קיום. (חידושי הרי"ם).

## „את יעקב איש" (א. א.)

מאַכען די סופי תיבות „שבת" און די ראשי תיבות באַטרעפען 12 אַנטקעגען די י"ב חלות פון שבת. (משמרת איתמר).

## ויהי כל נפש (א. ה.)

ויהי, איז דאָך אַ לשון צער, טאָ וואָס פאַר אַ צער איז דאָ געווען?

— דער צער פון די קומענדע דורות וואָס וועלען אַוועקגעהן פונ'ם „אמת ליעקב". (משמרת איתמר).

## ויוסף היה במצרים (א. ה.)

כאָטש פרעה האָט איהם געגעבען אַ מצר'ישען נאָמען „צפנת פענח", איז אָבער יוסף געבליבען ביי זיין נאָמען יוסף, און האָט אומע־טום זיך גערופען יוסף. (בערדיטשיווער).

## ובני ישראל פרו וישרצו וירבו ויעצמו במאד מאד (א. ז.)

די בני ישראל האָבען זיך געמערט, זיינען ביי זיך גרויס געוואָרען און אַז זיי האָבען דערזעהן די מיאוס'קייט פון גאווה, האָבען זיי זיך געשטאַרקט מקיים צו זיין „מאד מאד הוה שפל רוח". (רמ"ל סאַסעווער).

---

## ותמלא הארץ אותם (א. ז.)

צוליב די פרוכפּערקייט און אַרבייטזאַמקייט פון די בני ישראל, איז דאָס לאַנד מצרים געוואָרען פול מיט שפע און ברכה. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

## הנה עם בני ישראל (א. ט.)

אויב די בני ישראל זאָלען האַלטען זיך פאַראייניגט אַלס נאַציאָנאַל פאָלק, רב ועצום — וועלען זיי זיין פול, שטאַרק און מעכטיג. (ר' ישראל ריזשינער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' שלום בעלזער: פאַרוואָס די לעצטע תפלה פון די יהי רצונ'ס פון מאָנטאָג און דאָנערשטאָג נאָך קריאת־התורה הויבט זיך אָן מיט „אחינו כל בית ישראל" און ניט מיט יהי רצון?

— גאָר פּשוט, ווייל דאָרט ווי ס'רעדט זיך נאָר וועגען אַחדות ישראל, ובפרט נאָך אין אַן עת־צרה, איז ממילא שוין אַן „עת רצון".

---

## ויקצו מפני בני ישראל (א. יב.)

די מצריים האָבען פלוצים דערפילט אַ ברענענדיגע שנאה צו די אידען, כאָטש זיי האָבען דאָס גאָר ניט געוואָלט. דאָס איז געווען דער רצון פון דער השגחה, כדי אָפּצוזונדערען די אידען פון די מצריים, זיי זאָלען זיך ניט אַסימילירען. ווי דוד המלך זאָגט אין תהלים: „הפך לבם לשנוא עמו" — דער רבש"ע האָט איבערגעקערט די הערצער פון די מצריים, זיי זאָלען פיינט האָבען זיין פאָלק. (שפת אמת).

---

## ויאמר מלך מצרים למילדות העבריות, אשר שם האחת שפרה, ושם השנית פועה (א. טו.)

פון דעם פסוק איז אַ ראיה, אַז דער נאָמען פון מענש כאַראַקטערי־זירט אָפט דעם אינערליכען מהות און דער איבערבלייט פון אַ נאָמען

ווירקט אָפּט אויך אַז דער מענש זאָל ווערען אַנדערש אין זיין גייסט און כאַראַקטער.

פּרעה האָט געוואוסט, אַז כל־זמן די מילדות וועלען זיך רופען מיט אידישע נעמען „יוכבד" און „מרים", וועלען זיי זיך ניט וועלען צוהערען צו זיין גרויזאַמען פאָרשלאַג צו טויטען די אידישע קינדער, לכן האָט פּרעה באַפוילען אַז די מילדות זאָלען ענדערען זייערע נעמען אויף „שפרה" און „פועה". אַז זיי האָבען אָנגעהויבען זיך רופען מיט מצר'ישע נעמען, האָט פּרעה דערוואַרט אַז דאָס ענדערען פון זייערע נעמען, וועט ווירקען אויף זייער גאַנצער פּסיכיק און אינערליכען כאַראַקטער און זיי וועלען אָנהויבען דענקען און אויפפיהרען זיך ווי די מצריים — אכזריות'דיג, גרויזאַם און וועלען אפילו ניט האָבען קיין רחמנות אויף די קינדער פון זייער אייגען פאָלק. דאַרום האָט פּרעה ערשט באַכדעם, ווי ער האָט געענדערט זייערע נעמען זיי באַפוילען: „אם בן הוא והמתן אותו". (ר' צבי הירש דינעווער).

---

## ‏וראיתן על האבנים (א. טז.)

דריי מאָל ווערט אין דער תורה דערמאָנט דאָס וואָרט „וראיתם". וראיתן על האָבנים. וראיתם את הארץ. וראיתם אותו וזכרתם. זיי־נען די דריי מאָל וראיתם מרמז אויף דעם מאמר פון עקביא בן מהללאל: „הסתכל בשלשה דברים".

וראיתן על האָבנים — דע מאַין באת. וראיתם את האָרץ — ולאָן אתה הולך. וראיתם אותו וזכרתם — ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון. (ר' שמעלקע ניקעלשבערגער).

---

## ‏ויהי כי יראו המילדות (א. כא.)

כאָטש די מילדות האָבען מיט זייער בליק אין דער ווייטער צו־קונפט געזעהן, אַז אַ סך קינדער וואָס ווערען געבוירען, וואָלט מען באַ־דאַרפט גלייך ביים געבורט טויטען, ווייל ווען זיי וועלען אויסוואַקסען וועלען זיי ניט וועלען אַרויסגעהן פון מצרים און וועלען אויסשטאַר־בען אין די „שלשת ימי אפלה". דאָך האָבען זיי די קינדער ניט גע־טויטעט, ווייל זיי האָבען מורא געהאָט פאַר גאָט. (ר' משה'לע קאָזשני־צער).

---

## ויצו פרעה לכל עמו לאמר (א. כב.)

ווי ס'ווייזט אויס, האָבען די פאַרמאַסקירטע אַנטיסעמיטישע רע־גירונגען אָפּגעלערענט זיך פון פרעה'ן, ווי אַזוי אַרויסצוגעבען אַ גזירה, מען זאָל זיי ניט חושד זיין אין אַ ספּעציעלער שנאה צו אידען.

דער באַפעל אַריינצוואַרפען די געבוירענע אינגלאַך אין וואַסער אַריין האָט פרעה אַרויסגעגעבען פאַרן גאַנצען פאָלק, אָהן אונטערשיעד פון נאַציאָנאַליטעט און רעליגיע. די דורכפיהרער פון זיין באַפעל האָט ער ברמיזה געגעבען אָנצוהערען — לאמר דאָס גאַנצע פאָלק וועט געזונג זיין מיטן זאָגען וועגען באַפעל, לגבי די אידען זאָל אָבער די גזרה אויפן שטרענגסטען און גרויזאַמסטען אופן דורכגעפיהרט ווערען. (ר' אשר הורוויץ).

---

## וילך איש מבית לוי (ב. א.)

די תורה דערצעהלט אונז, אַז עמרם איז געווען אַ מעורב בין הבריות, האָט זיך ניט גרויס געהאַלטען, איז געווען אַן איש פשוט. (משמרת איתמר).

---

## ותשלח את אמתה ותקחה (ב. ה.)

ווי אַזוי האָט זי געקענט דערלאַנגען מיט דער האַנט פון אַזוי ווייט ?

לערנען מיר פון דאַנען, אַז אויב אַ מענש שטרעבט צו עפּעס, זאָל ער זיך ניט אָפּשטעלען פאַר קיין מכשולים, ווייל אויב ער וועט שטרע־קען זיין האַנט צו דערגרייכען זיין שטרעבונג, וועט ער סוף־כל־סוף דערגרייכען צום ציל. (קאָצקער).

---

## ותפתח ותראהו את הילד, והנה נער בוכה (ב. ו.)

ווען פרעה'ס טאָכטער האָט געעפענט דאָס קעסטעל, איז זי געבלי־בען פאַרגאַפט. זי האָט געזעהן, אַז דאָס קינד וויינט, אָבער האָט אים ניט געהערט וויינען. ותאמר, האָט זי געזאָגט, מילדי העברים זה — דאָס מוז זיין אַ אידיש קינד. ווייל אַזוי וויינען שטיל, אָהן געשריי, קען נאָר אַ איד... (רבי ר' בונם).

---

## וירא איש־מצרי מכה איש־עברי מאחיו (ב. יא.)

דאָס וואָרט „מאחיו" איז דאָך איגגאַנצען איבעריג. אַן איש עברי איז דאָך אַוודאי מאחיו?

— משה האָט געזעהן, אַז דער מצרי שלאָגט דעם איד, „מאחיו", ווייל אַן אייגענער ברודער האָט גערעדט לשון־הרע אויף איהם פאַרן מצרי. איין איד האָט געמסר'ט אויפן צווייטען איד פאַרן מצר'ישען „שוטר". (ר' אָשר הורוויץ).

---

## ויך את המצרי ויטמנהו בחול (ב. יב.)

פונקט ווי ס'איז בדרך־הטבע אוממעגליך פון זאַמד צו מאַכען פאַדים, אַזוי איז אוממעגליך צו שאַפען אחדות ביי אידען ביז אליהו הנביא וועט קומען, והשיב לב אָבות על בנים. (תולדות יעקב יוסף).

---

## אכן נודע הדבר (ב. יד.)

איצט איז מיר שוין די זאַך קלאָר. איצט פאַרשטעה איך שוין די סיבה, פאַר וואָס די אידען זיינען אין גלות און ווערען געפייניגט. אויב צווישען אידען געפינען זיך אַזעלכע פאַרשוינען ווי דתן ואבירם וואָס זיינען פעהיג צו מסר'ן אַן אייגענעם וואָס נעמט זיך אָן זייער קריוודע, איז אויב אַזוי, צוליב וואָס פאַר אַ זכות זיינען דאָס די אידען ווערט אויסגעלייזט צו ווערען, אַז צווישען זיי הערשט לשון הרע, רכילות און מסירות? (שפת אמת).

---

## וימת מלך מצרים (ב. כג.)

די אידען זיינען צוגעוואוינט געוואָרען צו דער „עבודת פרך", אַז זיי האָבען מער ניט געפיהלט די שוועריגקייט און ביטערקייט פון דער אַרבייט. אַז דער מלך מצרים איז געשטאָרבען און דער נייער מלך האָט פאַר עטליכע טעג פראָקלאַמירט פייערונג־טעג און די אַר־בייט האָט נאָכגעלאָזט און נאָך דעם האָט מען אויפסניי איינגעשפאַנט די אידען אין דער שווערער אַרבייט, „ויאָנחו בני ישראל מן העבודה", האָבען די אידען ערשט דערשפירט די ביטערקייט פון זייער פאַר־שקלאַפונג און אומגליקליכען מצב, „ויזעקו", און זיי האָבען זיך געשריען. (רבי מלובלין).

---

## ותעל שועתם אל האלהים מן העבודה (ב. כב.)

דער צער פון די אידען איז ניט געווען אזוי גרויס פון דער שווע־רער ארבייט ווי פון דעם וואס מען האט זיי נישט געלאזט דאווענען און דינען דעם רבונו של עולם (עבודה שבלב, זו תפלה) איז טאקע דאס געשריי פון דער „עבודה" באלד ארויף אין הימעל און איז דערהערט געווארען. (רבי ר' שמעלקע).

---

ר' נפתלי ראפשיצער, שמועסענדיג אמאל מיט ר' פייוויש בעל־זער, האט איהם געזאגט, אז ער איז א מיוחסביים רבונו של עולם.

— מיט וואס זייט איהר דאס ביים רבש"ע מער יחסן ווי אנדערע?

— האט איהם ר' פייוויש געפרעגט.

— דערויף האב איך א רמז מן התורה. צדיקים און גוטע אידען וועמענס עלטערען זיינען געווען פראסטע אידען, נאכדעם ווי זיי ווע־רען פארטיג מיט זייער עבודת־הבורא און איידער זיי גייען עסען, זיי־נען זיי מפשפש במעשים, אויב זייער לערנען איז געווען לשמה, אויב זייער תפילה איז געווען בכוונה, און אז זיי זיינען ניט צופרידען מיט זייער עבודת ד', טראכטען זיי, על כל פנים, דינען מיר דעם רבש"ע בעסער ווי אונזערע פראסטע עלטערען און אונזערע מעשים זיינען בע־סער ווי זייערע. וועט דארום השי"ת אוודאי מקבל זיין אונזער עבודה און פארעכענען אונזערע מעשים פאר מעשים טובים. מיט מיר איז אבער אנדערש. יעדער טאג נאך עבודת־השם אז איך בין מפשפש במעשה לגבי די תורה ותפלה פון מיינע הייליגע אבות, ווער איך ביי זיך בטל כעפרא דארעא. מיינע מעשים און עבודה אין פארגלייך צו מיינע אבות הקדושים האבען לחלוטין נישט קיין חשיבות. באקומט מיר ניט דאס עסען און פון גרויס עגמת־נפש הויב איך אן זיפצען. און אז איך זיפץ — דערמאנט זיך דער רבש"ע, אז איך בין א יחסן, אז איך האב געהאט הייליגע עלטערן, ווי די תורה דערצעהלט וועגען די אידען אין מצרים — „ויאנחו בני ישראל מן העבודה". נאכדעם ווי די אידען זיינען פארטיג געווארען מיט זייער עבודת ד', האבען זיי שווער געזיפצט, וואס זייער עבודה איז ניט געווען אויף אזא הויכער מדרגה, ווי זייערע הייליגע אבות. ותעל שועתם אל האלהים, זיינען זייערע זיפצען אויפגעגאנגען אין הימעל פארן רבש"ע ויזכור אלהים את בריתו, את אברהם, את יצחק ואת יעקב — האט השי"ת זיך דער־מאנט אין יחסנות פון די אידען. אויב זיי זיפצען נאך זייער עבודה, זיינען זיי מסתמא יחסנים, האבען זייערע עלטערען געמוזט זיין קדושים וטהורים.

## ויראה אלהים את בני־ישראל (ב. כב.)

אַז השי״ת האָט געזעהן, אַז ניט קוקענדיג אויף אַלע צרות, ענוים און יסורים, וואָס די אידען האָבען אויסצושטעהן אין גלות מצרים, האַלטען זיי זיך ביי זייער אידישקייט. בייטען ניט זייערע נעמען, ענדערען ניט זייערע קליידער און ענדערען ניט זייער לשון, וידע אלהים — אויב אַזוי, האָט גאָט געזאָגט, דאַרף מען זיי אויסלייזען. (ר׳ דוד׳ל טאַלנער).

---

## אל תקרב הלם (ג. ה.)

האָב ניט קיין תירוצים, אַז צוליב אומשטענדען און באַדינגונגען קאָנסטו ניט זיין קיין עובד ד׳, אָבער ווען די אומשטענדען און באַדינגונגען וואָלטען געווען אַנדערע, וואָלסטו יאָ געדינט דעם בורא. „של נעליך מעל רגליך" — וואַרף אַוועק די תירוצים וואָס ווערען ביי דיר אַ רגילות און דו וועסט זיך איבערצייגען, אַז המקום אשר אתה עומד עליו, אויף דעם אָרט און פּלאַץ וואו דו שטעהסט און לעבסט, אונטער דיינע איצטיגע אומשטענדען און באַדינגונגען, אדמת קודש הוא. קאָנסטו אויך דינען דעם רבש״ע, זאָלסט נאָר האָבען דעם אמת׳ן רצון און די אויפריכטיגע תשוקה. (ר׳ יוסף יאַמפּאָלער).

---

## של נעליך מעל רגליך (ג. ה.)

השי״ת האָט געלערענט משה רבנו במראה הסנה, אַז אַלס מנהיג פון די אידען זאָל ער פון זיך אַרונטערוואַרפען און קיינמאָל ניט באַנוצען מיט די דריי בחינות וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ תלמיד חכם, ווי די נוטריקין פון „נעל" מאַכען: ׳נשיכה, ׳עקיצה, ׳לחישה. בייסען, שטעכען, אָדער וויספּערן. (ר׳ הירש מלך דינאָווער).

---

## ויאמר ד׳ ראה ראיתי את עני עמי (ג. ז.)

השי״ת האָט געזאָגט צו משה׳ן, די אידען שרייען צו מיר „עמי" — זיי ווילען זיין מיין פאָלק, אָנשטאָט דינען די מצריים, ווילען זיי מיר דינען. (בערדיטשיווער).

---

## ועתה לכה (ג. י.)

גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן, זאָלסט וויסען, אַז גאולת מצרים וועט זיין אַ הקדמה פאַר דער גאולה לעתיד. איז אויב דו וועסט איצט ניט געהן זיי אויסלייזען, וועט לעתיד קיין אַנדערער זיי ניט קענען אויסלייזען. (שפת אמת).

---

## ויאמר משה אל האלהים מי אנכי (ג. י״א.)

משה האָט געפרעגט דעם רבונו של עולם, בין איך דאָס דער „אָנכי״, וואָס דו האָסט מבטיח געווען צו יעקב אָבינו און דו האָסט געזאָגט: „ואנכי אעלך גם עלה״? (רמ״ל לענטשנער).

---

ווען משה האָט געפרעגט דעם רבש״ע „מי אנכי כי אלך אל פרעה? האָט כביכול איהם ניט אָפּגעענטפערט מיט קיין שבחים און קאָמפּלימענטען, אַז ער איז בעסער, קליגער, וכדומה, פאַר אַנדערע. להיפך, גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: טאַקע אמת, אַז מען קען אָפּפרעגען ווער דו ביסט, דערפאַר טאַקע וואָס דו ווייסט דיין ערך, האַלטסטו זיך ניט גרויס אפילו נאָכדעם ווי איך האָב זיך באַוויזען און גערעדט צו דיר — „אהיה עמך״, וועל איך זיין מיט דיר! (רבי מלובלין).

---

## ואמרו לי מה שמו מה אומר אליהם (ג. י״ג.)

איז דען שייך צו זאָגען אַז משה רבנו זאָל אינגאַנצען ניט האָבען געוואוסט גאָט'ס נאָמען. אמת, משה איז געווען אין מצרים, שפּעטער אין מדין, איז דאָס אָבער מעגליך אַז דער צוקונפטיגער רבי פון אַלע אידען זאָל לחלוטין ניט האָבען געוואוסט פון גאָט'ס נאָמען?

— לעולם האָבען אפילו די אידען אין מצרים געוואוסט גאָט'ס נאָמען און דאָס האָט טאַקע משה גע'טענה'ט צו גאָט. צווישען די אידען אין מצרים זיינען געווים פאַראַן בעלי־מדרגות און זקנים, וואָס ווייסען אַלע שמות־הקדושים. ויאמרו לו מה שמו וואָס וועט זיין אַז זיי וועלען מיר זאָגען דיין נאָמען, מה אומר אליהם? וואָס פאַר אַ דבר חידוש קען איך זיי זאָגען וועגען דיין נאָמען, וואָס זיי ווייסען ניט פון פריער?

ויאמר אלהים אל משה אהיה אשר אהיה. „אהיה״ באַטרעפט 21. „אהיה״ געטאָפּעלט, ד. ה. איין און צוואַנציג מאָל 21 בגמטריא 441, ווי דאָס וואָרט „אמת״. אַט־דאָס האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

זאָלסטו זאָגען צו די אידען, אַז שמו של הקב״ה „אמת״. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

ואמרו לי מה שמו, מה אמר אליהם?״ — משה׳ס כוונה איז גיכער געווען פאַר זיך ווי פאַר די אידען. מיט דער דאָזיגער פראַגע פון משה׳ן צו גאָט, איז ביי איהם געווען אַן אויסרייד, כדי אַליין צו וויסען גאָט׳ס נאָמען. (ר׳ צדוק הכהן).

---

## זה שמי לעולם (ג. טו.)

די אותיות „שמי״ מאַכען: „יום שבת מנוחה״. ווען די אידען וועלען היטען שבת, וועט מיין נאָמען זיין צווישען זיי אייביג. וזה זכרי לדור ודור און מיין זכר וועט איבערגעהן פון דור צו דור. (ר׳ משה׳לע קאָזשניצער).

---

## לך ואספת את זקני ישראל (ג. טז.)

אַלס יונגערמאַן האָט ר׳ שלום בעלזער געהאַט ביי זיך פעסט באַשלאָסען זיך ניט מפרנס צו זיין פון רבנות. אַזוי ווי ער האָט פאַרמאָגט עטליכע הונדערט גולדען נדן, האָט ער אויפגעזוכט אַן אַנדערען יונגענמאַן מיט דערפאַהרונג אין מסחר און געמאַכט מיט איהם שותפות.

ער האָט זיך אָבער אויסגערעדט מיטן שותף, אַז איידער זיי וועלען אָנהויבען האַנדלען זאָלען זיי פריער פאָהרען צום רבי׳ן מלובלין, הערען זיין עצה, קריגען זיין הסכמה און בעטען אַ ברכה.

אָריינגעגאַנגען זיינען זיי צום רבי׳ן מלובלין באַזונדער. האָט דער רבי אויסגעהערט ר׳ שלום׳ס טענות אַז ער וויל פאַר קיין אופן ניט זיין קיין רב, קיין רבי אַוודאי נישט, ער וויל זיך מפרנס זיין פון מסחר.

— מילא, האָסט זיך איינגעע׳עקשנ׳ט, ווילסט דוקא ניט זיין קיין רב, קיין רבי, קיין מורה דרך ביי אידען, בין איך מסכים צו דיין שותפות; ס׳איז אָבער אַ גרויסער שאַד דאָס געלד פון דיין שותף.

ר׳ שלום׳ס שותף האָט דער רבי שטרענג מזהיר געווען, ער זאָל מיט ר׳ שלום׳ן פאַר קיין פאַל ניט איינגעהן אין שותפות.

אַז ביידע האָבען זיך צוזאַמענגערעדט וועגען רבי׳נס ענטפערס, האָט דער שותף ניט געהאַט קיין חשק איינצוגעהן מיט ר׳ שלום׳ען אין שותפות. די תשוקה אָבער פון ר׳ שלום׳ען דוקא צו ווערען אַ

סוחר איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט באַאיינפלוסט יענעם יונ־געמאַן ער זאָל מיט איהם אָנהויבען האַנדלען אין שותפות.

האָט ר׳ שלום אריינגעלעגט זיינע עטליכע הונדערט גולדען נדן אין מסחר און דיזעלבע סומע האָט אויך אַריינגעלעגט דער שותף זיינער און ס׳האָט גאָרניט לאַנג גענומען, ווי זיי האָבען פאַרלאָרען דאָס גאַנצע געלד.

אַז ר׳ שלום איז נאָכדעם געקומען צום רבי׳ן מלובלין און זיך געקלאָגט אויף זיין דורכפאַל אין מסחר, האָט איהם דער רבי אַזוי געזאָגט:

— הגם ס׳איז מיר אַ גרויסער שאָד אידיש געלד, בין איך אָבער צופריעדען פון דעם אויסגאַנג. פון פריער האָב איך געוואוסט, אַז דו וועסט אין מסחר ניט זיין דערפאָלגרייך. דו ביזט ניט קיין סוחר. היות אָבער, דו האָסט פאַרמאָגט עטליכע הונדערט גולדען נדן, האָט זיך דיר געגלוסט דוקא צו ווערען אַ סוחר. נו, האָב איך מסכים געווען — האַנדעל. געוואוסט האָב איך, אַז דו וועסט פאַרלירען דיין נדן געלד, וועט דיין רצון און תשוקה צו מסחר ווערען שוואַכער און דו וועסט זיך נעמען צו דער באַשעפטיגונג, צו וועלכער דו ביזט פעהיג און פון דער השגחה באַשטימט. דאָרום האָב איך דיר לכתחילה געזאָגט, ס׳איז אַ שאָד דאָס געלד פון דיין שותף, ווייל דורך דיר וועט דער שותף פאַרלירען זיין געלד. דיין שותף האָב איך אָבער שטרענג מזהיר געווען ניט איינצוגעהן מיט דיר אין שותפות, האָט ער מיר ניט געפאָלגט, איז דאָס ניט מיין שולד. ער דאַרף אָבער זיין צופרידען, ווייל עס איז כדאי געווען צו פאַרלירען עטליכע הונדערט גולדען לטובת כלל ישראל. כדי דו זאָלסט טאַקע ווערען אַ רבי, אַ מנהיג בישראל. לכן, „לך ואספת את זקני ישראל ואמרת אליהם ד׳ אלהי אבותיכם נראה אלי״ — לערען דאָס פאָלק ישראל „את הדרך אשר ילכו בה ואת המעשה אשר יעשון״.

---

## ד׳ אלהי העבריים נקרא עלינו (ג. יח.)

אידען ווערען גערופען „עברים״, ווייל אַ איד דאַרף וויסען, אַז עולם־הזה איז נאָר אַ „דרך מעבר״ אַן איבערגאַנגס־וועג, צו דער אמת׳ער וועלט, צו עולם־הבא. (ר׳ יחיאל מאיר גאָסטינינער).

---

— פון וואַנען ווייסט איהר צו געבען עצות אין געטליכע און וועלטליכע ענינים — האָט מען אַמאָל געפרעגט דעם קאָצקער —

ווען איהר אַליין זייט אַ פּרוש, דאָס עולם־הזה׳דיגע לעבען איז אייך לחלוטין פרעמד?

— טאָקע דערפאַר ווייס איך — האָט דער קאָצקער אָפּגעענט־פערט — אַט דאָס איז דער דרך פונ׳ם געניטען באָאָבאַכטער. ער איז אינדרויסען, פון אַ געגענשטאַנד און האָט אַ בעסערע מעגליכקייט צו באַטראַכטען דאָס אַרטיקעל אָדער געגענשטאַנד ווי פון איינעם וואָס איז אינעווייניג פון דעם געגענשטאַנד. היות איך בין טאָקע מחוץ דעם עולם־הזה׳דיגען לעבען, קען איך דעריבער בעסער אַריינבליקען און באָאָבאַכטען דאָס לעבען פון דער וועלט.

---

## ויען משה ויאמר והן לא יאמינו לי (ד. א.)

היתכן, ווי קומט דאָס אַז משה זאָל חושד זיין די אידען, אַז זיי וועלען ניט גלויבען?

— משה האָט געוואוסט, אַז גלות מצרים איז דער שורש פון אַלע שפּעטערדיגע גלות׳ן און אַז די גאולה פון מצרים וועט זיין דער שורש פון אַלע שפּעטערדיגע גאולות, האָט ער דערפאַר געוואָלט צוגרייטען אַ וועג, אַז אידען זאָלען אויסגעלייזט ווערען אפילו דעמאָלט, ווען זיי וועלען ניט האָבען קיין אמונה, און האָט דעריבער געוואָלט הערען פון השי״ת דעם באַפעל צו געהן אויסלייזען די אידען, אפילו „והן לא יאמינו לי". (שפת אמת).

---

## ואנכי אהיה עם פיך (ד. יב.)

וואָס דו וועסט רעדען וועט פאַרבלייבען הלכה למשה מסיני. (ר׳ צדוק הכהן).

---

## וראך ושמח בלבו (ד. יד.)

אילו ידע אהרן שהתורה תכתוב עליו, וראך ושמח בלבו, היה הולך בתופים ובמחולות. (מדרש רבה).

נישט צוליב גאווה, האָט אהרן געוואָלט אַז מען זאָל איהם ריהמען. נאָר ווען אהרן וואָלט געוואוסט, אַז זיין פּשוט׳ע נאַטירליכע פרייד וועט דערגרייכען אַזוי הויך, אַז פון זיין שמחה וועט זיין אַ פסוק אין דער תורה, וואָלט ער די דאָזיגע אינערליכע פרייד געווען מער פאַרברייטערט און פאַרטיעפט מיט גרעסערע כוונות און התלהבות. (חידושי הרי״ם).

---

## ואת המטה הזה תקח בידך (ד. יז.)

„מטה" איז אַ לשון הכנעה. די הכנעה פון מי אנכי, וכי אוציא, וכי אלך, תקח בידך זאָלסטו דיר מיטנעמען אין וועג קיין מצרים. אשר תעשה בו את האותות, וואָס דורך דעם, דורך דער הכנעה, וועסטו באַווייזן וואונדער. (משמרת איתמר).

## ויאמן העם (ד. לא.)

דאָס פאָלק האָט געגלויבט, וישמעו, דורך דער אמונה האָבען זיי דערהערט, כי פקד ד׳, אַז גאָט איז באַהאַלטען, את בני ישראל אין איטליכען אידען. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

## מי ד׳ אשר אשמע בקולו (ה. ב.)

באַט׳ס איך אַ גראָשען פאַר די היינטיגע וואוילע יונגען, פאַר די היינטיגע אפיקורסים! אַז דער קאָפּ טוט זיי נאָר וועה, אָדער עס כאַפּט זיי אָן אַ צאָן־וועהטאָג, שרייען זיי תיכף „שמע ישראל". בלויז פרעה איז געווען דער אמת׳ער אפיקורוס. אַז דער רבונו של עולם האָט איהם געשלאָגען מיט צעהן מכות, האָט ער אַלץ געהאַלטען אין איין שרייען — „מי ד׳ אשר אשמע בקולו"? (רבי ר׳ בונם).

## לא תאספון לתת תבן (ה. ז.)

לויט דער מסורה האָט משה רבנו אויסגע׳פועל׳ט ביי פרעה׳ן צו געבען די אידען אַ טאָג מנוחה משעבוד העבודה און דעם טאָג האָט משה אויסגעקליבען שבת.

פלעגט משה אינ׳ם יום שבת ומנוחה פאַרזאַמלען אַלע אידען רעדען צו זיי וועגען זייער דערדריקטען און פאַרשקלאַפּטען מצב, אויפקלערען זיי דעם חילוק פון דער אמונה פון זייערע אָבות אברהם יצחק ויעקב און די מיאוס׳ע מצר׳ישע געצענדינעריי און רו־פען זיי צו אחדות און חירות.

אַז די בני ישראל האָבען אָנגעהויבען רעוואָלטירען געגען דער מצר׳ישער פאַרשקלאַפונג און אַרויסווייזען עקל צו די מצר׳י־שע געטער, האָט פרעה זיך אַרומגעזעהן, אַז די גאַנצע צרות קומען פון משה רבנו׳ס שבת׳דיגע אסיפות. האָט דאַן פרעה באַפוילען: „לא תאספון" — מערער זאָלען די אידען זיך ניט פאַרזאַמלען שבת.

לתת תבן, משה זאָל זיי לערנען תבונה, אַריינגעבען זיי שכל און הבנה כדי זיי זאָלען זיך בונטעווען געגען שעבוד מצרים און פאַרראַטען די מצר׳ישע געטער. (ר׳ דוד לעלעווער).

„לא תאספון לתת תבן" — פרעה האָט דאָך געקאָנט באַפעלען די אידען זאָלען אַרבייטען שווערער און מאַכען אַ גרעסערען סכום ציגעל?

— כידוע איז דאָך פרעה׳ס עיקר שטרעבונג געווען צו פאַרבי־טערען דאָס לעבען פון די אידען. פרעה האָט געוואוסט, אַז דאגה און קאָפּ ברעכעניש, איז פיל ערגער און ביטערער ווי די שווערסטע פיזישע אַרבייט. האָט ער דעריבער בעסער געוואָלט, אַז די אידען זאָלען האָבען דאגות און עגמת נפש וואו צו נעמען די שטרוי צו מאַכען די ציגעל, וואָס וועט זיי קערפּערליך מערער צעברעכען ווי פון זיי צו פאַרלאַנגען שווערע אַרבייט. (ר׳ העניך מאלכסנדר).

## תבן אין נתן לעבדיך (ה. טז.)

אַז מיר אַליין זאָלען פאַרשטעהן תשובה צו טאָן און זיך אָנגריי־טען צידה לדרך, האָסטו, רבש״ע דערויף אונז ניט געגעבען קיין תבונה. ולבנים — ערשט ווען די האָר אויפן קאָפּ ווערען ווייס, אומרים לנו, זאָגען זיי צו אונז, „עשו"! — טוט תשובה, גרייט זיך אָן צידה לדרך. (ר׳ מאיר׳ל פרימישליאַנער).

## נרפים אתם נרפים (ה. יז.)

צו ר׳ גרשון העניך ראַדזינער איז אַמאָל געקומען אַ חסידישער יונגערמאַן פרעגען אַן עצה צו וואָס פאַר אַ פרנסה ער זאָל זיך נעמען

— ווער אַ סוחר, נעם זיך מיט עפּעס צו האַנדלען!

— איך האָב גראָד געהאַט בדעה צו לערנען זיך שחיטות און ווערען ערגעץ אַ שוחט.

— נרפים אתם נרפים — דאָס איז באַוויל דו ביזט אַ פוילער ווילסט ניט אַרבייטען, על כן אתם אומרים נלכה נזבחה, — דערפאַר ווילסט זיך דיר ווערען אַ כלי־קודש, אַ שוחט...

צום רבי׳ן ר׳ בונם איז אַמאָל געקומען זיינער אַ חסיד פרעגען אַן עצה, היות, ער איז אַ שוחט און חזן און אַ קליין שטעטעל און האָט ניט קיין פרנסה, אַזוי ווי איב׳ם שטעטעל פעלט אַ סופר, וויל ער זיך לערנען זיין אַ סופר, אפשר וועט ער פון אַלע דריי מלאכות האָבען חיונה.

האָט איהם דער רבי ר׳ בונם אָפּגעענטפערט: משנים קדמוניות האָט דער יצר־הרע געהאַט אַ שווערע אַרבייט אָנצורעדען צום שלעכ־טען יעדען מענש באַזונדער. אַ סך מענשען זיינען טאַקע געווען וואָס האָבען איהם ניט געוואָלט פאָלגען. האָט דער יצר־הרע זיך מיישב געווען, האָט אָנגעהויבען אַרבייטען צווישען יחידים, וואָס דורך זייערע הענט קענען זיי מכשיל זיין אַ רבים. למשל, אַ שוחט, אַ חזן, אַ סופר. שפּעטער האָט דער יצר־הרע געזוכט נאָך מער צו פאַרגרינגערען זיין אַרבייט און האָט פונ׳ם שוחט אויך געמאַכט אַ חזן. איצט ווייזט אויס, איז דער יצר־הרע געפאַלען אויף אַ פרישער המצאה, נאָך וואָס זאָל ער איינ׳טענה׳ען, דאַרפען ליפען איבערצורעדען צום שלעכטען דריי באַזונדערע מענשען, שוחט, חזן, סופר, אָט וועט ער איבעררעדען מיט דעם איינעם פאַר דריי און דער איינער וועט מכשיל זיין דעם רבים פאַר די פריערדיגע דריי באַזונדערע מענשען...

---

## למה זה שלחתני (ה. כב.)

משה רבינו זייענדיג אַ גרויסער ענו, האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זיך און ער האָט געהאַלטען אַז ער איז נישט דער פּאַסיגער גואל, דורך וועמען די אידען דאַרפען אויסגעלייזט ווערען פון מצרים. דע־ריבער ווען פרעה האָט פאַרשווערט די אַרבייט אויף די אידען, האָט משה געפילט זיך שולדיג און מיט גרויס צער אויסגעשריען צו גאָט:

„למה זה שלחתני?״ ווען דו וואָלסט געוועזן שיקען אַ בעסערען שליח פאַר מיר, וואָלט ער עפּעס פועל געווען פאַר די אידען און געוויס ניט נאָך פאַרערגערט זייער פיינליכען מצב.

דערויף האָט איהם גאָט געענטפערט: עתה תראה — אויב דו משה האַלטסט זיך פאַר אַזאַ שפל, ביזטו טאַקע דער ריכטיגער גואל און דו וועסט זעהן וואָס איך וועל טאָן צו פרעה און דורך דיר וועל איך אויסלייזען די אידען פון מצרים. (ר׳ משה קאָברינער).

# וארא

## וארא אל אברהם, אל יצחק ואל יעקב (ו. ג.)

וארא אל האָבות (רש"י).

בנוהג שבעולם, ווי מיר זעהען דאָס עד־היום, זיינען די קינדער וועמענס פאָטער איז אַ חסיד, אַ צדיק, אַ למדן מפורסם, דאָס רוב זיך ניט משתדל צו גרייכען צו שלימות, צו אַ העכערער מדרגה פון דורכ־שניטליכען מענשען. אדרבה, דאָס רוב זיינען די קינדער פון באַרימטע עלטערען צוריקגעשטאַנענע, קליינשטעטעלדיגע מענשעלאַך, ווייל זיי זיינען זיך סומך אויף זכות־אָבות, וואָס זייער פאָטער איז געווען אַ צדיק, אַ למדן און גדול בישראל. מכל שכן נאָך ווען אויך דער זיידע איז געווען אַן איש מפורסם, זיינען די אייניקלאַך שוין גאָר גרויסע עצלים, זייער גדלות באַשטעהט, וואָס זיי זיינען באַריהמטע אייניקלאַך, איז אָט־דאָס זאָגט אונז רש"י: וארא אל האָבות. יצחק האָט זיך ניט סומך געווען אויף זכות אָבות, וואָס זיין פאָטער איז געווען אַברהם. יעקב האָט זיך ניט סומך געווען אויף זיין זיידענס זכות, ביידע, יצחק און יעקב האָבען געזוכט אייגענע שלימות, צו דערגרייכען די מדרגה אַליין פאַררעכענט צו ווערען פאַר אָבות. וארא אל אברהם אל יצחק ואל יעקב — אל האָבות, ניט צו די קינדער און אייניקלאַך... (ר' מאיר'ל פרימישליאַנער).

---

## ושמי ד' לא נודעתי להם (ו. ג.)

חבל על דאבדין ולא משתכחין (רש"י). עס איז גוואַלד צו שרייען אויף אַן אבידה, וואָס מען ווייסט וואו זי ליגט, נאָר מען קען זי ניט צוריק קריגען. (ר' יחיאל מאיר גאסטאנינער).

---

## וגם אני שמעתי את נאקת בני ישראל (ו. ה.)

אויך איך הער דאָס געשריי פון די אידען, וואָס קומט פון זיי ניט מחמת אייגענע התעוררות צו גאָט, נאָר דורך דעם אשר מצרים מעבידים

אותם. פונדעסטוועגען „ואזכור את בריתי", געדענק איך אז די בני ישראל זיינען מיינע בני־ברית. (משמרת איתמר).

---

די חז"ל לערנען, אז יסורים זיינען מכפר אויף חטאים און מאכען דעם מענש בעסער, פון „ברית", וואס שטעהט ביי „מלח", וברית מלח עולם און „ברית", וואס שטעהט ביי „יסורים" — אלה דברי הברית. פונקט ווי זאלץ מאכט בעסער דאס פלייש, אזוי מאכען יסורים בעסער דעם מענש און נעמען צו פון איהם די חטאים. אט־דאס האט השי"ת געזאגט צו משה'ן: ואזכור את בריתי. איך האב געזעהן די אידישע יסורים, האב איך זיך דערמאנט אין מיין ברית. (רמ"ל לענטשנער).

---

אמת טאקע, זאלץ מאכט בא'טעמ'ט דאס פלייש, נאר ווען? אז מ'זאלצט מיט א מאס. זאלצט מען אבער צופיל, נעמט עס אוועק דעם טעם פון פלייש, אזוי אויך דארפען קומען יסורים מיט א מאס, מען זאל זיי קענען פארטראגען, מאכען זיי טאקע בעסער דעם מענש. קו־מען זיי אבער צופיל, מאכען זיי נאך ערגער, זיי זיינען מעביר את האדם על דעתו ועל דעת קונו. (ר' מענדעלע רימאנאווער).

---

„נאקת בני ישראל" — די אידען האבען געשריען צום רבונו של עולם 'אל 'נא 'קרב 'תשועה. (דגל מחנה אפרים).

---

## והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים. (ו. ו.)

פארוואס האט דער רבש"ע באנוצט דאס ווארט „סבלות", ניט דאס ווארט „עבדות"?

— ווי שווער און ביטער די ארבייט איז געפאלען אויף די אידען, האבען זיי אבער ביסלעכווייז זיך צוגעוויינט. „הרגל נעשה טבע" אז דער אויבערשטער האט געזעהן, אז די בני ישראל האבען זיך צוגעוואוינט צו דער מצר'ישער קנעכטשאפט, זיי ארבייטען בחומר ובלבנים און פילען דאס נישט, האט גאט געזאגט צו משה'ן, אז ער זאל זאגען די אידען „והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים" — אויב די אידען קענען שוין סובל זיין, געדולדיג פארטראגען די מצר'ישע קנעכטשאפט, טויג דאס שוין נישט, מוז מען זיי תיכף ארויסציען פון מצרים, ווייל אויב נישט, וועלען זיי דאס גאנצע לעבען זייערס פאר־בלייבען אייביגע שקלאפען. (רבי ר' בונם).

---

## ולקחתי אתכם לי לעם (ו. ז.)

בעל כרחכם, צי איהר ווילט, אדער ניט. כפה עליכם הר כגיגית

און איהר וועט ענטפערען נעשה ונשמע. והייתי לכם לאלהים און איך וועל זיין אייער גאָט, וממילא „והבאתי אתכם אל הארץ", קיין ארץ ישראל. (ר' יעקב ישראל טשערקאַסער).

## בא דבר (ו. יא.)

אַז איך וועל שיקען אויף פרעה'ן „בא", (ברד און ארבה), וועסטו קענען קומען און שטרענגער רעדען מיט איהם, ער זאָל די אידען אַרויסלאָזען פון מצרים. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

## הן בני ישראל לא שמעו אלי (ו. יב.)

משה האָט גע'טענה'ט צו גאָט, על פי שכל דאַרפען דאָך די אידען מיך צוהערען. ווייל די טבע פון מענשען איז, אַז ווען זיי זיינען בצער, האָבען דאגות, די הערצער זיינען פאַרביטערט, זיינען זיי גערן אויסצוהערען טרייסט־ווערטער פונ'ם רבי'ן, כאָטש דער רבי איז ניט אַזאַ שיינער רעדנער, מיט אַ גלאַטיגער צונג. דאָ אָבער האַנדלען די אידען כנגד השכל און חוץ לדרך הטבע. „לא שמעו אלי" — זיי ווילען מיך גאַרנישט הערען, וואָלט איך כאָטש באַזעסען אַ שאַרף מויל און אַ געשליפענע צונג, וואָלט איך געווען אַ באַגאַבטער רעדנער, וואָלט מיך כאָטש פרעה צוגעהערט, אָבער אַז אני ערל שפתים, אַז איך בין אַ שטאַמלער, בין ניט קיין רעדנער, פרעג איך דיך, רבונו של עולם, „ואיך ישמעני פרעה?" פאַרוואָס זאָל מיך פרעה יאָ צוהערען? (ר' אָשר הורוויץ).

---

משה האָט מלמד זכות געווען אויף די אידען. משה האָט גע'־טענה'ט צו גאָט דאָס וואָס די אידען הערען מיך ניט, איז ניט מחמת זיי ווילען מיך ניט הערען, נאָר פשוט „ואני ערל שפתים" — איך בין ניט קיין רעדנער. (שפת אמת).

---

ווען די אידען ווילען ניט הערען די ווערטער פון זייערע מנהיגים, קענען די מנהיגים גאַרניט פועל'ן, ווייל דער כח פונ'ם מנהיג נעמט זיך פונ'ם פאָלק. לכן, ווען די אידען וואָלטען זיך צוגעהערט צו משה'ן, וואָלט זיין מויל און ליפען געעפענט געוואָרען און זיינע געט־ליכע ווערטער וואָלטען געמאַכט אַ רושם אויף פרעה'ן, אָבער אַז די „בני ישראל לא שמעו אלי", איז שוין משה געווען אַן „ערל שפתים", און ער האָט שוין דאָס מויל ניט געקענט עפענען צו באַפוילען פרעה'ן „לשלח את בני ישראל מארצו". (שפת אמת).

## ואני ערל שפתים (ו. יב.)

ווי קומט דאָס וואָס משה זאָל זיך באַקלאָגען „ואני ערל שפתים" נאָכדעם ווי השי"ת האָט איהם מבטיח געווען „ואנכי אהיה עם פיך"?

— מיט אַלע לשונות של גאולה, האָט משה גערעדט צו די אידען, ולא שמעו אל משה, ער האָט אויף זיי קיין ווירקונג ניט געמאַכט. ניט אַזוי צוליב זייער שווערע אַרבייט, ווי הויפּטזעכליך צוליב די השפעה פון דער מצר'ישער קולטור און מצר'ישע מנהגים, אין וועלכע די בני ישראל האָבען זיך איינגעלעבט. האָט משה גע'טענה'ט צו גאָט:

— אמת, איך בין ניט מעהר קיין כבד־פּה וכבד־לשון, וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז מיט מיין רעדען קען איך ניט מוציא זיין מן הכח אל הפּועל מיינע ווערטער זאָלען אַריינדרינגען אין די הערצער פון די בני ישראל, ווייל „ערל", דער פרעמדער כח, דער מצר'ישער גייסט און קולטור באַהערשט די אידען און איז גורם, „ואני ערל־שפתים", אַז די אידען זאָלען ניט האָבען קיין אמונה און ניט וועלען זיך צוהערען צו מיר. (ר' צדוק הכהן).

---

## ויצום אל בני ישראל להוציא את בני ישראל מארץ מצרים (ו. ג.)

די אידען, וועלכע האָבען געהאָפּט יעדען טאָג, יעדע רגע אויף זייער באַפרייאונג, דאַרף מען באַפעלען, זיי זאָלען אַרויסגעהן פון מצרים?

— די „עבודת פּרך" האָט די בני ישראל אינגאַנצען אָפּגעטויט זייערע פריידען און האָפענונגען, שטענדיג האָבען זיי געלעבט אין צער. וכידוע, דער מענש, וואָס לעבט אין עצבות, קען קיינמאָל ניט דער־גרייכען צו אַ הויכע מדרגה, האָט השי"ת געזאָגט צו משה'ן, ער זאָל צו די אידען רעדען וועגען זייער באַפרייאונג, אויפמונטערען זיי און אַריינברענגען אין זייערע הערצער, שמחה, פרייד, האָפענונג און בטחון, אויף אַזאַ אופן וועלען זיי גרייכען צו דער מדרגה פון יציאת מצרים. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

אין אַ שמועס מיט זיינע חסידים וועגען עצבות האָט ר' העניך מאַלכסנדר געזאָגט: דאָס וואָס מיר־ חסידים רעדען וועגען שמחה, מיינען מיר ניט קיין שמחה של מצוה, וואָרום דאָס איז דאָך אַ מדרגה בפני עצמה. מיר מיינען שמחה, אַבי ניט קיין מרה שחורה און עצבות וואָס פאַראומערט און גראָבט־אונטער דאָס לעבען פון מענשען.

---

דער רבי מלובלין האָט געזאָגט: דעריבער רופט מען דעם מענש מענש, וואָס מאַכט אַ שמחה — „בעל שמחה", ווייל דער וואָס מאַכט אַ שמחה איז דער הערשער, דער האַר פון דער שמחה. ער באַזיצט ביי זיך אין רשות אַזוי פיל אינערליכע שמחה, אַז ער איז ביכולת משפיע צו זיין פון זיין איבערפילטער שמחה, צו יעדען וואָס באַטייליגט זיך אין זיין שמחה.

על זאת יתפלל כל חסיד, דאָס ער זאָל האָבען בטחון, לעת מצוא, ווען ער וועט זיך געפינען אין אַן עת־צרה. (בעש"ט).

---

כאָטש די אידען האָבען זיך נישט צוגעהערט צו משה'ן מקוצר רוח ומעבודה קשה, האָט פונדעסטוועגען השי"ת געהייסען ווייטער רעדען צו זיי, ווייל הייליגע ווערטער מוזען פריער אָדער שפעטער מאַכען אַ רושם און האָבען אַ פעולה. (שפת אמת).

---

## ואני אקשה את לב פרעה (ז. ג.)

אַט דאָס אַליין איז געווען אַ נס, כדי שלא ישמע אליכם פרעה, והרביתי את אותותי ואת מופתי בארץ מצרים. (בערדיטשיווער).

---

## תנו לכם מופת (ז. ט.)

עס האָט דאָך געדאַרפט שטעהן „תנו לי מופת"?

— כידוע גלויבען ניט די כשוף מאַכער אַליין אין זייערע מופתים. זיי ווייסען, אַז דאָס איז אויגען־פאַרבלענדעניש, דברים שאין בהם ממש, האָט דאָס גאָט געזאָגט צו משה'ן און אהרן, פרעה וועט אייך חושד זיין, אַז די אַלע מופתים זיינען אחיזת עינים און כשוף, וואָס פאַרבלענדען די אויגען פון אַנדערע און ער וועט צו אייך זאָגען: „תנו לכם מופת" — אַזאַ מופת וואָס איהר אַליין זאָלט באַוואונדערען און גלויבען. (רבי מלובלין).

---

## ונהפכו לדם (ז. יז.)

אַזוי ווי דאָס טרינק־וואַסער פון די מצריים איז געוואָרען בלוט און ביי די אידען איז דאָס געווען וואַסער, האָבען די מצריים געצאָלט די אידען געלד זיי זאָלען פאַרקויפען צו זיי טרונק־וואַסער. „ונהפכו לדם" — דם של מצרים איז איבערגעקערט געוואָרען לדמים של ישראל, ווי די חז"ל זאָגען, דמים תרתי משמע. מכת מצרים איז געווען אַ רפואה לישראל. (דגל מחנה אפרים).

---

## כצאתי את העיר אפרש את כפי אל ד׳ (ט. כט.)

אבל בתוך העיר לא התפלל. לפי שמצרים היתה מלאה גלולים (רש״י).

פאַרוואָס האָט משה ניט מקפיד געווען ביי די אַנדערע מכות, מתפלל צו זיין מחוץ לעיר, נאָר גראָד ביי מכת „ברד״?

— כידוע, האָבען די מצריים געדינט צו שעפסען. אַזוי ווי ביי די ערשטע מכות האָבען די בהמות און שעפסען ניט געליטען, האָבען זיי די מצריים געהאַלטען אין פעלד. ממילא איז אויסגעקומען, אַז די שטאָט איז געווען ריין פון גלולי עבודה זרה של מצרים. אָבער ביי מכת ברד איז דאָך „הירא את דבר ד׳ הניס את מקנהו בשדה״, נמצא, אַז אַלע שעפסען, די גלולי עבודה זרה של מצרים זיינען געווען אין שטאָט, האָט דעריבער משה ניט געוואָלט מתפלל זיין אין שטאָט, נאָר מחוץ לעיר. (רבי ר׳ העשעל).

---

## ויצא משה מעם פרעה ויעתר אל ד׳ (ט. לג.)

איז פון דאַנען אַ רמז, אַז תפלה ותחינה, דאַרף זיין אָהן קולות און אָהן געשרייען, נאָר בלחש. (משמרת איתמר).

---

דער חידושי הרי״ם האָט געזאָגט: די עשר מכות האָבען געמאַכט פון די עשרה מאמרות — עשרת הדברות.

די עשרה מאמרות, מיט וועלכע דער בורא האָט באַשאַפען די וועלט, זיינען געלעגען באַהאַלטען אין דער נאַטור אַזוי, אַז ניט אַלע מענשען וואָס האָבען באַוויזען די גאַנצע וועלט־מענשען, אַז ס׳איז פאַראַן אַ מנהיג העולם, וואָס ענדערט, אויב ס׳איז זיין רצון די געזעצען פון דער נאַטור צו ענדערען, האָבען צוגעגרייט דעם וועג צו דער געטליכער התגלות אויפן באַרג סיני, וואו עס זאַלען געגעבען ווערען די „עשרת הדברות״.

# בא

## בא אל פרעה (ה. א.)

עס שטעהט ניט „לך אל פרעה", נאָר „בא אל פרעה", ווייל מלא כל הארץ כבודו. השי"ת איז איבעראַל, דאַרום איז גיכער פּאַסיג דער אויסדרוק „בא" וואָס מיינט קום מיט מיר, איך בין מיט דיר, איידער „לך" וואָס מיינט געה — געה אַוועק פון מיר. (קאָצקער).

---

## כי אני הכבדתי את לבו (י. א.)

צום וויפלטען מאָל ווערט דערמאָנט אַז גאָט וועט שווער מאַכען דאָס האַרץ פון פרעה'ן, כדי צו באַשטראָפען איהם פאַר פּייניגען די בני ישראל און וועגען פרעה'ס קאָפּ ווערט קיין איינציג מאָל ניט דערמאָנט?

— ווייזט פון דאַנען אויס, אַז אַזעלכע רשעים ווי פרעה האָבען גישט קיין קאָפּ און נישט קיין שכל. (שפת אמת)

---

משה רבנו האָט זיך שטאַרק מצער געווען, ווען ער האָט געזעהן אַזאַ פעסטקייט און אַנטשלאָסענהייט ביי דער „סטרא אחרא", האָט איהם השי"ת געטרייסט, אַז די פעסטקייט און עקשנות פון פרעה'ן איז ניט זיינע, „כי אני הכבדתי את לבו", איך מאַך זיין האַרץ פאַר־שטיינערט, „למען שתי אותותי בקרבו". ((ר' יחיאל מאיר גאָסטאָנינער).

---

## למען שתי אותותי אלה בקרבו (י. א.)

דורך יציאת מצרים האָבען די אידען זוכה געווען צו צוויי אותות, צום אות פון שבת, „כי אות היא בינו וביניכם" און צו אות פון תפלין, „והיה לאות על ידך". ביי שבת און ביי תפלין זאָגט די תורה, זיי זאָלען זיין צייכענס וואָס זאָלען דערמאָנען יציאת מצרים. דאָס איז דער פירוש פון „למען שתי אותותי אלה בקרבו", השי"ת האָט גע־

זאָגט צו משה׳ן, אַז דורך די וואונדער פון יציאת מצרים וועל איך די אידען געבען מיינע צוויי צייכענס — שבת און תפלין. (מאור ושמש).

## ולמען תספר באָזני בנך ובן־בנך (י. ב.)

צוויי מאָל איז פאַראַן אין דער מסורה דאָס וואָרט „ולמען". „ולמען" תספר, „ולמען" תאריכו ימים, איז דאָס אַזוי דער פירוש: אפילו ווען אַ איד האָט זיך שוין פאַרזאָרגט מיט אידישקייט, האָט ער נאָך אַלץ ניט דערפילט זיינע התחייבות׳ן, ווייל נאָך אַ גרעסערע אויפ־גאַבע איז אויף איהם חל צו דערציען זיינע קינדער און קינדס קינדער אין אידישען וועג, כדי צו דערפילען די דאָזיגע אויפגאַבע מוז מען לעבען לאַנג, ווייל כדי מקיים צו זיין דעם „ולמען תספר באָזני בנך ובן בנך" — צו לערנען און דערציען די קינדער און אייניקלאַך אין גאָט׳ס וועג, מוז זיין „למען תאריכו ימים". (ר׳ משה׳לע קאָזשניצער).

## וידעתם כי אני ד׳ (י. ב.)

יעדער רעיון וואָס אַ מענש וויל איבערצייגען זיין חבר ער זאָל גלויבען ווי ער, מוז ראשית דער בעל־רעיון אַליין האָבען פעסטע אמונה אין דעם אידעאַל. דאָס זאָגט אונז די תורה „ולמען תספר באָזני בנך ובן בנך" און כדי דו זאָלסט לערנען דיינע קינדער און קינד׳ס קינדער, מוזטו קודם כל אַליין ביי דיר טיף אין האַרצען זיין איבערצייגט, האָבען אמונה שלמה, וידעתם כי אני ד׳, כדי עס זאָלען זיין „דברים היוצאים מן הלב, ונכנסים אל הלב". (ר׳ יהושע בעלזער).

## שלח את האנשים (י. ז.)

די „עבדי פרעה" האָבען געַ׳טענה׳ט צו פרעה׳ן: שיק אַרויס די חשוב׳ע, די פראָמינענטע פון די בני ישראל, זאָלען זיי געהן דינען זייער גאָט. האָט פרעה זיי געפרעגט, „מי ומי ההולכים"? — ווער זאָל געהן, ווייל פאַר חשוב׳ע און פראָמינענטע האַלטען זיך דאָך אַלע... (שפת אמת).

## בנערינו ובזקנינו נלך (י. ט.)

אַז מען האַלט זיך אין דער מעלה אין די יוגענד־יאָהרען, קען מען עולה זיין צו אַ העכערער מדרגה אויף דער עלטער. דורך „נערינו" קען מען זיין אַ הולך „בזקנינו" און וואויל איז דעם מענש, וואָס קען זאָגען „אַשרי ילדותנו שלא בישה את זקנותנו". (נועם אלימלך).

„זקנה" איז טאַקע אַ מעלה און אַ ברכה. עס איז אָבער אַפּהענגיג, וואָס מען איז געווען יונגערהייט.

ווען איינער איז יונגערהייט גוט, איז ער פּונקט ווי וויין, וואָס עלטער ער ווערט אַלץ בעסער ווערט ער. איז אָבער דער וויין יונגער־הייט וואַסערדיג, העלפט אים ניט די עלטער בעסער צו ווערען. פאַרקערט, וואָס עלטער ער ווערט, אַלץ זויערער ווערט ער. (ר' משהלע קאזשעניצער).

---

„בנערינו ובזקנינו נלך" — ווען די יוגענד געהט צוזאַמען מיט די עלטערע, איז דאָס אַ „חג ד' לנו", איז דאָס ביי אונז פאַררעכענט פאַר אַ יום־טוב. (ישמח משה).

---

## לא ראו איש את אחיו (י. כג.)

דער איש האָט ניט געזעהן את אָחיו. עס האָט געהערשט צווישען די אידען פּירוד, מחלוקת, שנאה. איינער האָט ביים צווייטען ניט געזעהן קיין שום חשיבות, ולא קמו איש מתחתיו, זיי זיינען געווען גרויסע בעלי־גאווה, יעדער איינער האָט געהאַלטען, אַז ער איז אַן „איש", ער איז אַ גרויסער מענש, זיין ברודער, זיין חבר איז מתחתיו — שטעהט נידעריגער און שפלות'דיגער פון איהם. (משמרת איתמר).

---

„לא ראו איש את אחיו" — אָט דאָס איז דער גרעסטער חושך, דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס איינער וויל ניט זעהן דעם צווייטען, ווייל ער וויל ניט וויסען דעם צער און די ליידען פון אייגענעם ברודער. דאָס איז גורם אַז „ולא קמו איש מתחתיו", אַז מען קען זיך אַליין אויך ניט רירען פון אָרט. (חידושי הרי"ם).

---

„לא ראו איש את אחיו" — איינער האָט דעם צווייטען ניט גע־קענט אָנקוקען, זיי האָבען זיך פיינט געהאַט, דאָס האָט דערפירט אַז „ולא קמו איש מתחתיו" אַז זיי האָבען זיך ניט געקאָנט באַוועגען און רירען צו דערנענטערען זייער באַפרייאונג. (רבי ר' בונם).

---

## ולכל בני ישראל היה אור במושבותם (י. כג.)

יעדער איד פאַרמאָגט אין זיך אַ ניצוץ וואָס בלישטשעט אַרויס פון איהם ווי אַ בריליאַנט. במושבותם — ס'איז בלויז אַ פראַגע וואו דער בריליאַנט געפינט זיך אין איהם און וואו ער איז איינגעזעצט.

ביי איינעם איז דער ברילִיאַנט איינגעזעצט בתורה ובתפלה, ביי איינעם במאכל ובמשתה, ביי איינעם אין זיין קעשענע און ביי איינעם אין זיין האַרץ... (ר' ברוך מעזשבוזשער).

## כי ממנו נקח (י. כו.)

פון אַלע נסים וועלען מיר נעמען דעם עיקר — „לעבוד את ד'". ואנחנו לא נדע, מיר ווייסען אָבער פאָרט נישט ווי אַזוי צו דינען דעם רבש"ע, עד בואנו שמה, ביז מיר וועלען קומען אויפן עולם האמת. קאָזשעניצער).

אַלע אונזערע עבודות און מצוות, וואָס מיר טוען, ווייסען מיר נישט זייער ערך און באַדייטונג, עד בואנו שמה, ביז מיר וועלען ניט קו־מען אויפן עולם החשבון, ערשט דאָרט וועלען מיר געוואויר ווערען וואָס פאַר אַ ווערט אונזערע עברות און מצוות האָבען געהאַט. (חידושי הרי"ם).

## ויתן ד' את חן העם בעיני מצרים (יא. ג.)

אידען זיינען גומלי חסד איינער מיטן צווייטען, איינער באָרגט דעם צווייטען כלי כסף וכלי זהב, העלפט איינער דעם צווייטען בשעת הדחק, גיט זיי השי"ת חן אפילו אין די אויגען פון זייערע שונאים. (ר"ש אָסטראָווצער).

## גם האיש משה גדול מאד (יא. ג.)

אין די אויגען פון פרעה'ס קנעכט און אין די אויגען פון מצר'יי־שען פאָלק איז משה גרויס געוואָרען, אָבער אין זיינע אייגענע אויגען איז משה ווייטער געווען „עניו מאד מכל האדם". (משמרת איתמר).

## ולכל בני ישראל לא יחרץ כלב לשונו (יא. ז.)

„יחרץ" איז אַ לשון „חריצות", קלוג. אַ איד דאַרף ניט זיין צו קלוג, ווייל צו קלוג מיינט רעדען אחת בפה ואחת בלב. ביי אַ איד דאַרף זיין „כלב כך לשונו", דאָס האַרץ מיטן מויל איינס. (ר' מאיר'ל פרעמישלַיאַנער).

## החדש הזה לכם (יב. ב.)

פון דאַנען איז אַ רמז, אַז די באַשטימונג פון חודש העיבור איז מן־השמים איבערגעגעבענגעוואָרען אין די הענט פון בית־דין, ווי דאָס

בית־דין וועט באַשטימען דעם חודש, „ניסן" אָדער „אדר", אַזוי זאָל זיין. החדש הזה — חודש ניסן, לכם, איז אייערער. ווי איהר וועט דעם חודש באַשטימען, „אדר" אָדער ניסן אזוי זאָל ער זיין. (בערדיטשיווער).

---

„החדש הזה לכם". די אותיות „לכם" זיינען די אותיות פונ'ם וואָרט „מלך". גאָט האָט געזאָגט, אַז דער חודש פון יציאת מצרים זאָל זיין אַ „מלך" לחדשי השנה. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

---

החדש הזה לכם — דער חודש פון דער גאולה, איז אינגאַנצען אָפּהענגיג אין אייך, ניט אין קיינעמס זכות. (ר' צבי זאַליזיצער).

---

„החדש הזה לכם" — די פּאַסירונגען פונ'ם חודש איז אָפּהענגיג ווי אַזוי איהר וועט דעם חודש מקדש זיין. ראשון, השי"ת וואָס ווערט גערופען ראשון, הוא לכם, ער איז אייערער, און ווי אַזוי איהר וועט זיך נוהג זיין מיט קדושת החודש, אַזוי וועט השי"ת זיך מיט אייך נוהג זיין דעם גאַנצען חודש. (בערדיטשיווער).

---

אידען צעהלען לויט דער לבנה, די אומות־העולם, לויט דער זון. די אומות קענען נאָר עקזיסטירען, ווען ס'איז זיי ליכטיג, ווען ס'געהט זיי גוט, ווערט זיי אָבער פינסטער, און עס געהט זיי ניט גוט, דראָט זיי באַלד „כליה", פאַרניכטונג. אידען דאַגעגען, אפילו ווען ס'איז זיי פינסטער, קענען זיי עקזיסטירען און לייכטען פונקט ווי די לבנה שיינט און לייכט אין דער פינסטערער נאַכט. (שפת אמת).

---

צו ר' חיים צאַנזער איז אַמאָל געקומען אַ רב, אַ גרויסער למדן, מ'האָט אָבער געזאָגט אויף איהם, אַז ער איז אַ קנאַפּער ירא־שמים, האָט איהם ר' חיים געגעבען אַ קאַלטע אויפנאַמע: ביים געזעגענען זיך האָט דער רב געפרעגט דעם צאַנזער: אין וואָס באַשטעהט מיין חטא, וואָס דער רבי האָט מיך איגנאָרירט און אַזוי אומפריינדליך אויפגענומען?

— איך וועל אייך זאָגען. ביי ראש־חודש בענשען זאָגען מיר „חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא". נאָך דעם, זאָגען מיר נאָך אַמאָל „חיים שתהא בנו אהבת תורה ויראת שמים", פאַר וואָס בעטען מיר עפּעס צוויי מאָל אויף יראת שמים? איז פון דאַנען אַ ראיה, אַז צו אהבת תורה, צו למדנות, דאַרף מען ערשט רעכט האָבען „יראת שמים".

## „איש שה לבית" (יב. ג.)

מאַכען די ראשי תיבות „אשל". איז דאָס אַן אָנזאָג, אַז יעדער מענש זאָל נאָכפאָלגען די התנהגות פון די אָבות, האָבען אַ נטיה מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת־אורחים, ווי „אשל" מאַכט, 'אכילה, 'שתיה, 'לינה. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

## אל תאכלו ממנו נא. כי אם צלי אש. (יב. ט.)

די ראשי תיבות פון „צלי" מאַכען: 'צדק 'לפניו 'יהלך. איז דאָס אַ ראיה אויף דעם מאמר חז"ל: „יהיב פרוטה לעני והדר מצלי", ווייל צדקה איז מען מחוייב צו געבען פאַרן דאַווענען. (ר' יהושע'לע דזשיקאָווער).

## ולקחתם אגדת אזוב, וטבלתם בדם (יב. כב.)

אפילו ווען איהר וועט זיין אַזוי נידעריג, ווי דער „אזוב", וואָס וואַקסט נידעריג, אויב אָבער איהר וועט זיין פאַראייניגט, האַלטען זיך צוזאַמען געבונדען אין איין „אגודה" און איהר וועט גרייט זיין „וטבלתם בדם", זיך מוסר נפש, צו זיין, מקריב צו זיין זיך פאַר אי־דישקייט און פאַר אידישער אחדות, והגעתם אל־המשקוף, וועט איהר דערגרייכען צו דער הויכער מדרגה, צו וועלכער איהר וועט שטרעבען. (ר' יחזקאלע קוזמירער).

## ופסח ד' על הפתח (יב. כג.)

פון דאַנען איז געדרונגען, אַז הגם די חז"ל זאָגען „רשעים אפילו על פתחו של גיהנום אינם חוזרים", זאָל מען פונדעסטוועגען זיך ניט מיאש זיין, ווייל ביים עפענען די אַריינגאַנגס־טיר פון גיהנם קענען זיי נאָך תשובה טאָן. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

„ופסח ד' על הפתח", די חז"ל זאָגען „פתחו לי פתח כחודו של מחט ואני אפתח לכם כפתחו של אולם", ד. ה. אַז מן־השמים העלפט מען דעם מענש טאָן תשובה, ווען דער מענש מאַכט נאָר אַ התחלה. אפילו די קלענסטע טיר פון תשובה מוז פריער געעפענט ווערען פון מענש גופא. אין מצרים אָבער זיינען די אידען געווען פאַרזונקען אין די מ"ט שערי טומאה און האָבען לחלוטין ניט אַרויסגעוויזען קיין התעוררות פאַר דער קלענסטער פתח תשובה. דאָך האָט השי"ת אויף זיי רחמנות געהאַט און האָט געעפענט פאַר זיי דעם פתח פון

גאולה, כאָטש די אידען האָבען אפילו דעם פתח כחודו של מחט נישט געעפענט. אָט דאָס זאָגט אונז די תורה: „ופסח ד' על הפתח", דער רבש"ע האָט איבערגעהיפּט איבער דער פתח פון תשובה, וואָס די בני ישראל האָבען באַדאַרפט עפענען און ער האָט פאַר זיי פריער געעפענט דעם פתח פון גאולה. (ר' ברוך מעזשבושער).

## ושמרתם את הדבר הזה (יב. כד.)

איהר זאָלט היטען אייער דיבור, אייער צונג, אָט די אזהרה זאָל ביי אייך פאַרבלייבען לחק לך ולבניך עד עולם. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

## ואמרתם זבח פסח הוא לד' (ב. כז.)

פאַר וואָס ווערט דער יום־טוב אין דער תורה גערופען „חג המצות" און מיר רופען איהם „פסח"?

— באַצייכענעדיג דעם יום־טוב מיטן נאָמען „חג המצות", דערצעהלט די תורה דעם שבח של ישראל, ווי רש"י זאָגט: „מגיד שבחן של ישראל, שלא אמרו היאך נצא למדבר בלא צידה, אלא האמינו והלכו". רופען מיר דערפאַר דעם יום־טוב, פסח, דערצעהלענדיג דעם שבח של הקב"ה, „אשר פסח על בתי בני ישראל בנגפו את מצרים ואת בתינו הציל". (בערדיטשיווער).

## קדש לי כל בכור (יג. א.)

ווילסטו זיך האַלטען הייליג, ווילסטו מען זאָל דיך רעספּעקטירען, זאָל יעדער איד זיין עלטער און גרעסער פון דיר. זאָלסטו זיך ניט האַלטען גאווה'דיג. „פטר כל רחם" — דאָס ערשטע פון אַלץ זאָלסטו זיך נוהג זיין רחמנות צו האָבען אויף יעדען נויטווענדיגען אידען. (ר' ישראל ריזשינער).

## בחדש האָביב (יג. ד.)

פון דאַנען איז אַ ראיה צו דעם מאן דאמר וואָס זאָגט „בניסן נולדו האָבות", ווייל „אָביב" מאַכט „בי־אָב" — אין דעם חודש זיינען די אָבות געבוירען געוואָרען. (דגל מחנה אפרים).

## ולא יראה לך שאור (יג. ז.)

זאָגען די חז״ל „שלך אי אתה רואה״ — דיינע אייגענע פעלערען ווערסטו קיינמאָל ניט זעהן, „אבל אַתה רואה של אחרים״ — אָבער די פעלערען פון אַנדערע, ווערסטו שטענדיג זעהן און זיי געפינען. ושל גבוה — בפרט פון אַזעלכע, וואָס שטעהען העכער פון דיר. (תולדות).

---

## למען תהיה תורת ד׳ בפיך (יג. ט.)

דאָס לערנען האָט ניט קיין שום באַדייטונג, אויב תורת ד׳ איז ניט בפיך. אויב דיין מויל, דיין לערנען, לערענט ניט דיך זיך אויפצו־פיהרען, אַז דאָס וואָס דו לערענסט אין דער תורה זאָלסטו מקיים זיין, „לשמור פיו ולשונו מלדבר רע. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

# בשלח

## ויהי בשלח פרעה (יג. יז.)

כל מקום שנאמר ויהי אינו אלא לשון צער (מגילה) וואָס פאַר אַ צער איז געווען בצאת ישראל ממצרים?

— די מכות וואָס גאָט האָט געבראַנגט אויף די מצריים, האָבען ניט אַזוי באַצוועקט צו באַשטראָפען די מצריים, ווי איינצופלאַנצען אמונה אין די הערצער פון די בני ישראל, הויפטזעכליך שטופענ־ווייז אַנטוויקלען ביי זיי אַ שטאַרקען באַגער פאַר באַפרייאונג. לסוף נאָך אַלע מכות און נסים דערצעהלט אונז די תורה „בשלח פרעה את העם" אַז די אידען זיינען ארויסגעגאַנגען פון מצרים ניט מחמת זייער תשוקה פאַר פרייהייט נאָר פרעה האָט זיי אַרויסגעשיקט. אָט דאָס איז געווען אַ צרה. (ר' צדוק הכהן).

---

## ולא נחם אלהים (יג. יז.)

די השגחה האָט בכוונה געפיהרט די בני ישראל דורך ווייטע און קרומע וועגען, כדי די אידען זאָלען קענען זיך אַן עצה געבען און געדולדיג אויסהאַלטען אין די שפּעטערדיגע צייטען, די קרומע און ווייטע וועגען, וואָס זיי וועט אויסקומען דורכצומאַכען אין זייער לאַנ־גען גלות. (שפת אמת).

---

מיטן מענשליכען שכל איז שווער צו פאַרשטעהן, ווי אַזוי די אידען זיינען בכח און האָבען די סבלנות אויסצוהאַלטען און אַריבערצו־טראָגען די אומאויפהערליכע צרות און גזירות פונ'ם גלות. בלויז השי"ת, הנותן ליעף כח, שטאַרקט די אידען, זיי זאָלען האָבען דעם כח און דעם שטאַלענעם אויסדויער, די אַלע צרות און יסורים צו פאַרטראָגען. (רמ"מ וואָרקער).

---

„אָבינו מלכנו" — האָט דער שפּאָלער זיידע גע'טענה'ט צום רבש"ע, דו האָסט דאָך פאַרטריבען די אידען צווישען די אומות־

העולם, כדי דו זאָלסט דורך זיי מרויח זיין, זיי זאָלען פאַרמערען גרים. זאָג איך דיר רבש"ע, אַז דו זאָלסט נישט וואַרטען אויפן ריווח, נאָר „הרם קרן ישראל", נעם אַרויס דעם קרן ישראל — די אידען פון גלות, ווייל אויב דו וועסט זיי צו לאַנג האַלטען אין גלות און וואַרטען אויפן ריווח, וועסטו אויך דעם קרן היזק האָבען...

## ויחנו לפני פי החירות (יד. ב.)

דער רבונו של עולם האָט געהייסען משה זאָל זאָגען די אידען, זיי זאָלען לאָזען זייערע מיילער רוהען, זאָלען ניט האָבען אַזעלכע פרייע אָפענע מיילער און זאָלען אויפהערען רעדען זאַכען וואָס מען דאַרף נישט. (ר' משה קאָברינער).

## והנה צרים נוסע אחריהם (יד. י.)

כאיש אחד בלב אחד (רש"י) — היתכן, ווי קומט דאָס צו די מצרים אַזאַ גרויסע מדה פון שלום און אחדות?

דערפאַר זיינען מיר טאַקע אין גלות. די גוי'אישע וועלט האָט איבערגענומען אונזערע מדות פון שלום און אחדות, הערשט דערפאַר צווישען אונז דיסהאַרמאָניע און צעשפליטערונג. (חידושי הרי"ם).

## וייראו מאד (יד. י.)

אַז די אידען האָבען דערפאַר די מורא פאַר די מצריים שטאַרקער ווי די מורא פאַר גאָט, האָט זי דאָס שטאַרק וועה געטאָן, ויצעקו בני ישראל אל ה'. (חידושי הרי"ם).

## ויצעקו בני ישראל אל ד' (יד. י.)

פאַראַן נסים וואָס הקב"ה טוט מיט די אידען, ווען זיי שרייען און בעטען צו איהם. ווי די נסים ביים ים — „ויצעקו בני ישראל אל ד'" פאַראַן אָבער אויך נסים, וואָס השי"ת טוט מיט די אידען אומגעבעטען. זיי ווייסען גאָר ניט פון דער צרה וואָס לויערט אויף זיי, שרייען זיי ניט און בעטען ניט ביי גאָט, ערשט נאָך דעם, אַז זיי דערוויסען זיך, אַז זיי זיינען אויסגעהיט געוואָרען פון אַן אומגליק, באַגרייפען זיי, אַז דאָס האָט זיי גאָט געראַטעוועט און באַשירעמט און אַזעלכע נסים זיינען בכל יום. (בערדיטשיווער).

## ד' ילחם לכם ואתם תחרישון (יד. יד.)

גאָט וועט פאַר איך מלחמה האַלטען געגען שטן, בתנאי זה, ואתם

תחרישון, אַז איהר זאָלט בשעת התפלה אין אייערע בתי־כנסיות ובתי־מדרשות שווייגען — ניט רעדען און ניט טומלען. (ר' דוד'ל טשערנאָבעלער).

---

„שירו לו זמרו לו", אָבער ניט בשבח של בני אָדם, ווייל מתוך שבחו בא לידי גנותו. שיחו לו — אַנשטאָט לשון־הרע און רכילות ביים דאַווענען. צום באַדויערען רעדען מענשען בעת פסוקי דזמרה. „וגם בכל נפלאותיו", אפילו בתפלת שמונה־עשרה. ווי עס ווערט דערציילט די גבורות ד', שמוריד גשמים, מחיה מתים, רופא חולים. (ישמח משה).

---

אויף יעדען קטרוג געגען די אידען, וואָס דער שטן איז מקטרג, מאַכט איהם הקב"ה שטיל. למשל, ווען דער שטן טענה'ט, אַז די אידען זיינען שקרנים, גנבים, גזלנים, פרעגט איהם דער רבש"ע „פון וואַנען ווייסטו, אַז די אומות־העולם וואָלטען מקבל געווען די תורה, וואָלטען זיי בעסער געווען ווי די אידען"?

ווען דער שטן טענה'ט אָבער, אַז די אידען האָבען ניט קיין דרך־ארץ, קיין יראה אין זייערע בתי תפילה. זיי טומלען, רעדען קריגען זיך אין זייערע בתי כנסיות ובתי מדרשות אפילו בשעת דאַווענען, בעת די אומות העולם שטעהען אין זייערע בתי־תפילה מיט גרויס אָפּשיי און דרך־ארץ — אויף דעם האָט הקב"ה דעם שטן גאָר ניט וואָס אָפּצוענטפערען. (ר' משה קאָריסטשיווער).

---

ר' גרשון העניך האָט אַמאָל באַמערקט אין זיין בית־המדרש אַ יונגענמאַן אַרומשפּאַצירענדיג בעת'ן דאַווענען אַהין און צוריק. האָט ער איהם אָפּגעשטעלט און אַזוי געזאָגט:

— איינע פון די נסים, וואָס די חז"ל זאָגען אַז עס האָט פּאַסירט בימי המקדש איז געווען: „עומדים צפופים ומשתחוים רווחים". איז מיר דער דאָזיגער מאמר תמיד קשה געווען. אויב די אידען האָבען ברייוח געקענט זיך בוקען פּאַר וואָס האָבען זיי שוין אויך ניט געקענט ברייוח שטעהן?

זעהענדיג אָבער דיך איצט ביים דאַווענען אַרומשפּאַצירענדיג פאַרשטעה איך שוין דעם טעם פון יענעם נס. וואָלטען אַזעלכע מענשען ווי דו כסדר געהאַלטען אין אַרומלויפען אַהין און צוריק איבערען בית־המקדש און דאָס וואָלט פאַרוואַנדעלט גאָט'ס הויז ניט אין קיין בית־תפלה, נאָר אין אַ געיעג־הויז...

אַ מענש דאַרף זיך איינגעוואוינען אפילו זמירות, זאָל ער זינגען מיט אַ נידעריג קול און אויב שרייען זאָל ער אַריינשרייען אין זיך אין דער שטיל. ווייל דאָס שרייען וואָס קומט מחמת דביקות דאַרף זיין בלחש, אין דער שטיל, געשריגען אין זיך אַריין, ניט פון זיך אַרויס.

## מה תצעק אלי ? (יד. טו.)

מאַכען די ראשי תיבות „אמת". גאָט האָט געזאָגט צו משה, וואָס שרייסטו צו מיר, דעם אמת ווייסטו דאָך, אַז איך בין גרייט צו העלפען, „דבר אל בני ישראל", רעד נאָר צו די אידען, פרעג זיי, אויב זיי זיינען גרייט זיך אַליין צו העלפען און די ישועה וועט קומען. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

מה תצעק אלי ? — דער רבונו של עולם זאָגט צו די צדיקים, וואָס שרייט איהר צו מיר, איך זאָל דערנעענטערען די גאולה, משיח זאָל קומען ? דבר אל בני ישראל — רעד צו די אידען זיי, זאָלען תשובה טאָן ! (חידושי הרי"ם).

מה תצעק אלי ? — צו ווּעמען דען האָט משה באַדאַרפט שרייען, אויב ניט צו גאָט ?

— משה האָט געבעטען גאָט, ער זאָל העלפען די אידען בשביל כבוד שמים, האָט איהם גאָט געזאָגט, „מה תצעק אלי ?" — פאַר וואָס שרייסטו, איך זאָל די אידען העלפען אין מיין נאָמען, דבר אל בני ישראל, זאָג די אידען, אַז איך האָב אויף זיי מער חס ווי אויף מיין נאָמען ! (ר' אלימלך גראָדזיסקער).

אַ חסיד האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט ר' משה לייב לענטשנער געקלאָגט זיך אויפן אידישען מצב — אידען ווערען איבעראַל פאַר־פאָלגט, געטריבען, האָבען אין ערגעץ ניט קיין מנוחה, ס'וואָלט שוין צייט געווען אידען אויסגעלייזט צו ווערען פון חושכ'דיגען גלות.

— מה תצעק אלי ? — וואָס דערצעהלסטו דאָס מיר ? וואָס קלאָגסטו זיך און שרווסט צו מיר ? אוודאי איז שוין צייט משיח זאָל קומען, אוודאי איז שוין צייט. אידען זאָלען אויסגעלייזט ווערען, „דבר אל בני ישראל", געה זאָג דאָס צו די אידען זאָלען זיי ווּעלען זיך באַפרייען, זאָלען זיי נאָר ווּעלען פאַרלאָזען דעם גלות און משיח וועט קומען...

## דבר אל בני ישראל ויסעו (יד. טו.)

פון דעם פסוק איז אַ רמז, אַז אַ מענש טאָר ניט בלייבען שטעהן

אויף איין וועג און אויף איין בחינה. אַ מענש איז דער, וועלכער מאַכט כסדר'דיגען פראָגרעס, געהט ממדרגה למדרגה. (משמרת איתמר).

## ואתה הרם את מטך על הים ובקעהו (יד. טז.)

פון דעם פסוק קען מען זעהן ווי פיינט דער רבש"ע האָט אַ בעל־גאווה. דער מדרש דערצעהלט, בעת משה מיט די אידען זיינען געקו־מען צום ים־סוף און משה האָט געבעטען דעם ים זיך צו שפאַלטען אַז די בני ישראל זאָלען קענען דורכגעהן טרוקען, האָט דער ים גאווה'דיג משה'ן אָפּגעענטפערט: — איך בין עלטער פון דיר. איך בין באַשאַפען געוואָרען דינסטאָג און דו — פרייטאָג — האָב אַ ביסעל דרך־ארץ!

אַז דער רבש"ע האָט געהערט די גאווה'דיגע האַלטונג פונ'ם ים סוף, האָט ער געזאָגט צו משה'ן: „הרם את מטך על הים ובקעהו" — דערלאַנג דעם בעל־גאווה מיטן שטעקען"! (ר' העניך מאַלכסנדר).

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' ישראל ריזשינער: האָט מיט די אידען אין מדבר ניט געטראָפען קיין גרעסערע נסים ווי קריעת ים סוף, פאַרוואָס האָבען זיי ניט געזאָגט קיין שירה?

— ניט צוליב קריעת ים סוף האָבען די אידען געזאָגט שירה, נאָר צוליב דעם וואָס דורך קריעת ים סוף זיינען די אידען געקומען צו אמונה שלמה, צו דער אַבסאָלוטער איבערצייגונג פון „ויאמינו בד'", און דערפאַר האָבען זיי געזאָגט שירה.

„בקשו מלאכי השרת לומר שירה, אמר להם הקב"ה: „מעשה ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה?" איז דער דאָזיגער מאמר באמת קשה, האָט השי"ת חס געהאַט אויף די מצרים, אדרבה — הלא באבוד רשעים רנה?

— ווען סנחריב מלך אשור האָט מלחמה געהאַלטען מיט די אידען, דרש'ענען די חז"ל דעם פסוק, „ויך ד' במחנה אשור, במה הכום? — בשירה הכם. שגלה ד' את אזנם, ושמעו השירה של המלאכים ומתו" (סנהדרין צ"ה). ווען די מצריים זיינען געקומען צום ים, בקשו מלאכי השרת לומר שירה און אַזוי אַרום ארויסציען פון זיי זייערע נשמות. אָמר להם הקב"ה, האָט כביכול אויף זיי אָנגע־שריען. מעשי ידי טובעים בים, די אידען וואָס ווערען אָנגערופען מעשי ידיו של הקב"ה טובעים בים, זיינען זייערע קינדער פון די מצריים געוואָרפען און דערטרונקען געוואָרען אין ים און איך וועל זיי באַשטראָפען בדבר אשר זדו עליהם, מדה כנגד מדה. ואתם

אומרים שירה, ווילט איהר גאָר זיי טויטען מיט אייער זאָגען שירה? (רבי ר׳ העשל).

---

„קשים מזונותיו של אָדם כקריעת ים סוף" — וואָס עפּעס דוקא ווי קריעת ים סוף?

— ווען די אידען זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, זיינען געקו־מען צום ים און האָבען דערזעהן ווי די מצריים פאָלגען זיי נאָך, זיינען זיי געוואָרען שטאַרק פאַרצווייפעלט און האָפענונגסלאָז. זיי האָ־בען ניט געקענט באַגרייפען פון וואַנען און אויף וועלכען אופן וועט גאָט שיקען זיי צו רעטען פון די מצר׳ישע הענט. יעדער איינער האָט געטראַכט, אַז די ישועה וועט קומען פון אַן אַנדער פּלאַץ. אַז השי"ת זאָל זיי באַווייזען אַזאַ איבערנאַטירליכען נס, די הילף זאָל קענען דורכשפּאַלטען דעם ים־סוף און די מצריים וועלען אין ים דערטרונקען ווערען — דאָס איז קיינעם פון די יוצאי מצרים אפילו אויפן רעיון ניט געקומען.

אַזוי איז אויך מיטן מענשענס פּרנסה. תמיד דאגה׳ט און זאָרגט דער מענש, פון וואַנען וועט ער האָבען פּרנסה? פון וואָס וועט ער ציען חיונה? אָפּט טראַכט דער מענש פון דאַנען אין פון דאָרט, וועט ער פאַרדינען זיין שטיקעל ברויט גאַנץ אָפּט דוכט זיך דעם מענש, אַז די אויסזיכטען זיינען האָפענונגסלאָזע, ער ווערט פאַרצווייפעלט, שיקט איהם דער אויבערשטער זיין פּרנסה פון אַזאַ אומדערוואַרטעטען פּלאַץ, וואָס ער האָט זיך גאָר ניט געריכט און ער איז איהם לחלוטין אפילו אויפן רעיון ניט געקומען. (רבי ר׳ בונם).

---

פאַראַן צוויי וויכטיגע זאַכען אין מענשליכען לעבען, וואָס ווערען פּראַקטיצירט פּונקט להיפוך ווי זיי זיינען פון דער השגחה באַ־שטימט.

דעם מענשען׳ס פּרנסה איז, כידוע, אין דער האַנד פון גאָט, פון דעסטוועגען לויפט יעדער מענש, יאָגט, האוועט ביי טאָג און ביי נאַכט, טראַכט פערשידענע עצות און תחבולות, אַזוי און טאָמער אַזוי, וועט ער פאַרדינען זיין חיונה — און עס פעלט איהם גאָר נישט אַיין אין דער מחשבה, אַ ביסיל זיך סומך צו זיין אויף דער הילף פונ׳ם רבונו של עולם.

דאַגעגען עבודת־השם, וואָס איז אינגאַנצען אָפּהענגיג אין מענ־שען — הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים, איז דער מענש כמעט ווי גאָר ניט עוסק, דאגה׳ט ניט און טראַכט ניט וועגען דעם, נאָר

איז זיך אינגאַנצען סומך אויפן רבש"ע, באַנוגענט זיך בלויז מיט שאָקלען די ליפּען ביים דאַוונען. (חידושי הרי"ם).

דער בערדיטשיווער האָט אַמאָל באַגעגענט אַ יונגענמאַן לויפען שנעל אין גאַס. האָט איהם דער בערדיטשיווער אָפּגעשטעלט און גע־פרעגט:

— וואוהין לויפסטו, יונגערמאַן?

— איך לויף זוכען פּרנסה!

— פונוואַנען ווייסטו, אַז דיין פּרנסה לויפט פאַר דיר און דו יאָגסט איהר נאָך? טאָמער איז דיין פּרנסה הינטער דיר און מיט דיין שנעלען לויפען אַנטלויפסטו פון איהר?...

---

דאָס וואָס די חז"ל זאָגען: „מאן דביש ליה בהאי מתא, ליזל למתא אחריתא", מיינט דאָס נאָר דעם מענש, וואָס איז אַ מחוסר לחם, האָט ניט קיין פּרנסה. דער מענש אָבער, וואָס מאַכט אַ לעבען און וויל ענדערען זיין מקום־דירה, כדי נאָך מעהר צו פאַרבעסערען זיין פּרנסה, איז „שב ואל תעשה עדיף". (יוד הקדוש).

---

„ד' צלך" — אַזוי ווי דער שאָטען פון מענש פאָלגט אַלץ נאָך וואָס דער מענש טוט, אַזוי איז כביכול זיך נוהג מיטן מענש. לויט זיין התנהגות אויף דער וועלט איז מען זיך מיט איהם נוהג אין הי־מעל. פיהרט זיך דער מענש במדת־הרחמים, טוט גוטס און איז אַ „שמח בחלקו", פיהרט מען זיך מיט אים אין הימעל במדת הרחמים און מען באַזאָרגט איהם, ער זאָל האָבען אַלץ גענוג וואָס ער דאַרף.

אין געגענטייל, ווען אַ מענש פיהרט זיך במדת־אכזריות, זאָרגט תמיד אַז וויפיל ער האָט, איז איהם אַלץ ווייניג, פיהרט מען זיך אין הימעל מיט איהם אָהן רחמנות און מען זעהט שוין, אַז תמיד זאָל איהם פעלען, עס זאָל איהם קיינמאָל ניט זיין גענוג. (בערדיטשיווער).

---

אַ רב, אַ פשיסכער חסיד, האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַרן רבין ר' בונם, היות דאָס שטעטעל וואו ער איז רב, איז אַ קליינס, האָט ער ווייניג פּרנסה, הערשט ביי איהם אין שטוב גרויס עניות, דאָס בני־בית ליידט דחקות.

— וואָס קען איך דיר העלפען? — האָט איהם דער רבי ר' בונם אָפּגעענטפערט — גלויב מיר, ווען ס'וואָלט מעגליך געווען צו גנב'ענען, אַ ווערטפולען חפץ פונ'ם הימעל, וואָלט איך דאָס פאַר דיר גע'גנב'עט. שטעהט אָבער „והעושר והכבוד מלפניך" — ווי אַזוי קען איך גנב'ענען, אַז גאָט זעהט?

דעם מאמר חז"ל „הרבנות מקברת את בעליה", האָט ר' יצחק וואָרקער אַזוי דערקלערט.

— יעדער בעל־מלאכה האָט פיינט זיין אומנות. אַ שניידער וויל זיין אַ שוסטער, אַ שוסטער וויל זיין אַ סטאָליער, יעדער בעל־מלאכה קלאָגט זיך, אַז פון זיין פאַך האָט ער ניט קיין פרנסה, זיין אומנות איז איהם מיאוס און ער האָט חשק צו אַן אַנדערער באַשעפטיגונג, בלויז אַ רב, אפילו ער איז אַן אביון, זיין בני־בית ליידט דחקות, קלאָגט זיך קיינמאָל ניט, אַז ער וויל פאַרלאָזען דאָס רבנות און זיך באַשעפטיגען מיט אַן אַנדערער מלאכה. זיין איינציגער חשק איז צו ווערען רב אין אַ גרעסערער שטאָט, דערפאַר האָבען די חז"ל געזאָגט: „הרבנות מקברת את בעליה"...

## ויראו העם את ד' (יד. לא.)

„ראתה שפחה על הים מה שלא ראה יחזקאל בנבואה", האָבען אַ סך אידען דורך דעם געקראָגען גאות. יעדער האָט געהאַלטען, אַז ער שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה פאַרן צווייטען, אַלע האָבען זיך געהאַלטען פאַר צדיקים. אַז ס'איז געקומען צו מתן־תורה, „וכל העם רואים את הקולות", זאָגט דער תרגום יונתן, „וכל עמא חמיין ית קליא היאך הוו מתהפכין בשמעהון דכל חד וחד" — יעדער האָט געהערט לויט זיין מדרגה. וירא העם — האָבען אַ סך פון פאָלק דערזעהן, אַז ניט אַלע שטעהען אויף איין און דיזעלבע מדרגה, וינועו, האָבען זיי דערפיהלט זייער שפלות, ויעמדו מרחוק — און האָבען געקראָגען דרך־ארץ פאַר די, וואָס זיינען געשטאַנען אויף אַ העכערער מדרגה פאַר זיי. (ר' אלעזר סאָסעווער).

## ויאמינו בד' ובמשה עבדו (יד. לא.)

אַזוי ווי אַ מענש דאַרף גלויבען אין גאָט, אַזוי דאַרף ער האָבען אמונה אין זיך אַליין. (ר' צדוק הכהן).

---

ויאמינו בד', אַז דער רבש"ע באַצאָלט מדה כנגד מדה, אַז יעדע צרה וואָס קומט אויף אידען איז בהשגחת הבורא. אַזוי האָבען די בני ישראל געזעהן בעת קריעת ים סוף און אַזוי האָבען זיי געגלויבט, אָז ישיר — דערפאַר האָבען זיי געזונגען, ויאמרו לאמר — און האָבען געזאָגט, אַז אַזוי וועט דאָס תמיד זיין אין אַלע צייטען און אין אַלע דורות. (שפת אמת).

„ויאמינו בד'" — כאָטש די אידען האָבען מיט די אויגען געזעהן די נסים, האָבען זיי פונדעסטוועגען זיך גענויטיגט אין אמונה, ווייל אמונה איז העכער ווי זעהן, דורך אמונה זעהט מען מעהר ווי מיט די אויגען. (חידושי הרי"ם).

## השירה הזאת לד' (טו. א.)

מיט אַזאַ פאַטאָס און התלהבות האָבען די אידען געזונגען די שירה, ויאמרו, זיי האָבען געזאָגט צו גאָט לאמר, ער זאָל מיט זיי מיטזינגען. (בערדיטשיווער).

## זה אלי (טו. ב.)

דער איד וואָס איז זיך ניט סומך אויף זכות אָבות, אויף די צדקות פון זיינע עלטערען און אורעלטערען, נאָר ער גופא דערגרייכט די מדרגה פון פאַרשטעהן און וויסען גדולת השם יתברך, דער מעג זאָגען „זה אלי" און אויף איהם זאָגט די תורה — „ואנוהו".

דער איד אָבער, וואָס אַליין טוט ער גאָר ניט, אַליין איז ער אַן עם־האָרץ, נאָר ער גרויסט זיך מיט אלקי אָבי ,זיין פאָטער אָדער עלטער־פאָטער איז געווען אַ צדיק און ער איז אַ בן־צדיק, אַ בן־הרב, אָדער אַן אייניקעל פון אַ צדיק אָדער פון אַ גאון, וארוממנהו — אַזאַ איז אַ פּראָסטער נאַרישער בעל־גאוה. (ר' מאיר'ל פרעמיש־ליאַנער).

## תפול עליהם אימתה (טו. טז.)

די אימה וואָס די אידען האָבען געהאַט פאַר די מצריים, איז געפאַלען אויף די מצריים פאַר די אידען. (שפת אמת).

## ותקח מרים הנביאה את התוף בידה (טו. כ.)

און אָהן אַ פויק האָט מרים ניט געקענט זאָגען קיין שירה?

— אַזוי ווי מרים האָט דערזעהן נס קריעת ים סוף, האָט זיך אין איהר האַרץ צעפלאַקערט אַ געטליכע התלהבות וואָס האָט געריסען זיך אויסצודריקען בקול רם אין אַ שירה צום בורא כל העולמים. היות מרים האָט געוואוסט, אַז „קול באשה ערוה", דערפאַר האָט זי גענומען אַ פויק, ווען זי האָט אויפן קול אויסגעזונגען די שירה לד',

האָט זי איינציייטיג געקלאַפּט אין די פּויק, כדי די אידען זאָלען ניט הערען איהר קול. (ר' מאיר'ל פּרעמישליאַנער).

---

ותקח מרים את התוף בידה — וואו האָט מרים גענומען אין מדבר אַ פּויק?

ווען די מצריים האָבען נאָכגעיאָגט די אידען, זיינען זיי ביי זיך אַזוי זיכער געווען, אַז זיי וועלען זיי גרייכען און באַזיגען, אַז זיי האָבען מיטגענומען פּויקען און טרומייטערען צו פייערען זייער נצחון, אַז דער ים סוף האָט זיי פאַרשלונגען און נאָך דעם אַרויסגעוואָרפען — האָט מרים און אַנדערע אידישע פרויען אָוועקגענומען די פּויקען און טרומייטערען פון די טויטע מצריים און האָבען מיט זיי געזאָגט שירה צו גאָט. (שפת אמת).

---

## כי אני ד' רופאך (טז. כז.)

פּונקט ווי אַ מענש, אַז ער וויל פון אַ קלענערער כלי מאַכען אַ גרעסערע, מוז ער די כלי פריער צעברעכען, אָדער צעגיסען, אַזוי טוט דער רבש"ע, ווען ער וויל אַז אַ איד זאָל גרייכען צו אַ העכערער מדרגה, שיקט ער אויף איהם צרות און קראַנקהייטען, בכדי ער זאָל מיט אַ צעבראָכען הארץ ובכוונה גדולה גאָט בעטען. אַזוי אַרום גרייכט ער צו אַ העכערער מדרגה אין עבודת הבורא, ווען גאָט שיקט איהם דערנאָך זיין רפואה שלמה. (בערדיטשיווער).

---

דער פאַמיליע דאָקטאָר, וועלכער נעמט ניט באַצאָלטס פאַר יעדער וויזיט, האָט קיין שום אינטערעס ניט, אַז ווער פון דער משפחה זאָל קראַנק ווערען. זיין אַרבייט באַשטעהט אָפּצוהיטען דאָס געזונט פון דער משפחה, קיינער זאָל ניט קראַנק זיין. אַזוי איז דער צוועק פון די מצוות און חקים וואָס השי"ת האָט אונז באַפוילען אָפּצוהיטען כדי צו האַלטען אונזער קערפּער געזונט מיר זאָלען ניט קראַנק ווערען, דאָס איז דער פירוש „כי אני ד' רופאך", איך בין דאָך דיין שטענדיגער פאַמיליע דאָקטאָר, כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך — גיב איך דיר אַזעלכע מצות, אַז דו זאָלסט זיין געזונט און באַלד ניט קראַנק ווערען. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

---

אַ חסיד האָט געקלאָגט זיך פאַרן נישכיזער, אַז ער איז אַ חולה מסוכן און געבעטען ביים רבי'ן אַ רפואה.

— פאָר צום אַניפּאָלער פּראָפעסאָר.

אַז דער חסיד איז אָנגעקומען קיין אַניפּאָליע, האָבען די דאָרטיגע אידען געלאַכט פון איהם. איהר זוכט אין אַניפּאָלע אַ פּראָפעסאָר?

— איז דאָ אַ דאָקטאָר? — האָט דער חסיד געפרעגט.

— ניין, קיין דאָקטאָר איז אויך ניטאָ.

— איז דאָ אַ רופא אין שטאָט?

— אויך קיין רופא איז ניטאָ.

— וואָס טוט איהר אין שטאָט ווען ס'ווערט אימיצער קראַנק?

— מיר האָבען ניט קיין ברירה, זיינען מיר זיך סומך אויפן רבש"ע.

אַן אַנטוישטער און פאַרביטערטער איז דער חסיד צוריקגעפאָרען קיין נישכיז און דערצעהלט דעם רבי'ן פון זיין נסיעה — אפילו קיין רופא איז דאָך אין אַניפּאָליע ניטאָ.

— האָסטו געפרעגט די אַניפּאָליער אידען, וואָס זיי טוען, ווען ס'ווערט ווער ביי זיי קראַנק? — האָט איס דער רבי געפרעגט.

— געוויס! — האָב איך זיי געפרעגט — זיי האָבען ניט קיין ברירה זיינען זיי זיך סומך אויפן רבונו של עולם.

— שוטה! — האָט דער רבי אויף איהם אָנגעשריען — אָט טאָקע צו דעם פּראָפעסאָר אין אַניפּאָליע האָב איך דאָך דיך געשיקט.

---

## הנני ממטיר לכם לחם מן השמים (טז. ד.)

אַ מאכל וואָס מען האָט דערצו ניט קיין תאווה און ניט קיין חשק האָט מען דערפון ניט קיין הנאה. האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן: „הנני ממטיר לכם" — איך וועל אייך געבען תאווה און חשק צו דעם מאכל, איהר זאָלט האָבען אַפּעטיט צום עסען דאָס ברויט. (רבי ר' בונם).

---

## למען אנסנו הילך בתורתי אם לא (טז. ד.)

אויב איהר וועט יאָ אָדער ניט געהן בדרך התורה, הנני ממטיר לכם לחם מן השמים, ניט צוליב אייער זכות, נאָר צוליב דעם זכות פון למען אנסנו, צוליב דעם זכות פון אייער פאָטער אברהם, וועמען איך האָב געפּראָוווט מיט כמה נסיונות און ער איז מיר פאַרבליבען טריי. (ר' מאיר'ל פּעמישליאַנער).

---

פאַראַן אידען, ווען זיי זיינען אָרים, ליידען דחקות, גלויבען זיי אין גאָט און זיינען עובדי ד', געהט זיי גוט, האָבען פּרנסה בריוח, פאַרגעסען זיי תיכף אין גאָט און קערען זיך אָפּ פון'ם דרך־הישר. אָט

דאָס האָט גאָט געזאָגט צו די אידען: „הנני ממטיר לכם לחם מן השמים" — איך וועל אייך געבען פרנסה בריוח, וועל איך זעהן „הילך בתורתי אם לא" (ר' אָשר הורוויץ).

---

פאַראַן חוצפה'ניקעס און אָפּשפּעטער וואָס האַלטען זיך פאַר חכמים, האָבען הנאה זיך צו רייצען און וועה צו טאָן דעם ערליכען און אָפּגעהיטענעם, אַז דערפאַר ווייל ער איז פרום איז ער אַן עני ואביון. וואָלט ער ניט געווען קיין שומר מצוות וירא ד' וואָלט זיין מערכה געווען אַ בעסערע. אַז דאָס איז שקר וכזב, זאָגען מיר נאָך יעדער סעודה ביים בענשען. „יראו את ד' קדושיו, כי אין מחסור ליראיו" — דער מחסור, די אָרימקייט פון מענש האָט לחלוטין ניט וואָס צו טאָן מיט זיין יראה און פרומקייט, אַ ראיה, מיר זעהען „כפירים רשו ורעבו", אַז ס'זיינען פאַראַן כופרים, אפיקורסים, וועל־כע זיינען אביונים, אָרים און הונגעריג, און דאַגעגען, זעהען מיר פאַרקערט, אַז „דורשי ד' לא יחסרו כל טוב", אַז ס'זיינען דאָ ערליכע און פרומע אידען, וועלכע זיינען געבענשט מיט אַלדאָסגוטס און עס פעהלט זיי גאָר ניט. (ר' שמעלקע ניקאָלשבורגער).

---

## והיה ביום הששי (טז. ה.)

כידוע, איז והיה לשון שמחה. די שמחה באַשטעהט אין דעם „והכינו את אשר יביאו, וואָס עס קומט פרייטאָג און מען מאַכט הכנות מקבל צו זיין דאָס אָנקומען פון שבת. (חידושי הרי"ם).

---

## ויאמר משה ואהרן אל כל בני ישראל (טז. ה.)

אויב צווישען אידען וועט זיין אַזאַ ליבשאַפט און התחברות ווי צווישען משה מיט אהרנ'ען. ערב — זיי וועלען זיין ערבים זה לזה, איין איד וועט זיך פילען פאַראַנטוואָרטליך פאַרן צווייטען. וידעתם, וועט איהר זעהן כי ד' הוציא אתכם מארץ מצרים — אַז השי"ת וועט אייך אויסלייזען פון גלות און ברענגען אייך די גאולה שלמה. (ר' משה'לע קאָזשניצער).

---

## ויאמרו איש אל אחיו מן הוא, כי לא ידעו מה־הוא (טז. טז.)

דער מן איז געווען אַ דבר רוחני, אַן אַבסטראַקט מאכל, אַז וואָס מעהרער איינער האָט דאָס געגעסען, אַלץ העכער, גייסטיגער איז ער

געשטיגען. דערפאַר האָט געטראָפען אַז צווישען די בני ישראל, האָט איינער געגעסען דאָס גייסטיגע מאכל מעהרער פאַרן צווייטען, איז ער הימליש גייסטיג אַזוי הויך אויסגעוואַקסען, אַז אייגענע ברידער, באַקאַנטע און פריינד האָבען איהם ניט דערקענט, זיי האָבען זיך געוואונדערט און געפרעגט איינער דעם צווייטען „מן הוא״? ווער איז דער, וואָס האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע גייסטיגע „מדרגה״? (רבי מלובלין).

---

דאָס וואָס די וועלט זאָגט, „פון ניט געהן האָט מען ניט קיין חרטה״, מיינט מען, ווען מענשען קומען זיך צוזאַמען אין געזעלשאַפט און איינער זעהט די מעלות און גוטע מדות און התנהגות פון דעם צווייטען, האָט ער דאָך חרטה און עס פאַרדריסט איהם אויף זיך אַליין, פאַר זיינע שלעכטע מעשים און געוואוינהייטען. אָבער אַז ער געהט נישט, זעהט ער דאָך ניט דעם צווייטענס מעלות, האָט ער ניט קיין חרטה אויף זיינע שלעכטע מעשים. (רבי ר׳ בונם).

---

אַז נדברו — אַז דו וועסט מיט דיין חבר רעדען וועגען דיין צווייטען חבר גוטס, וועסט דערצעהלען זיינע מעלות און דו וועסט אייביג האָבען אין מחשבה דיינע אייגענע חסרונות, „ויקשב ד׳ וישמע״ — וועט השי״ת תמיד פאַרנעמען און זיך צוהערען צו דיינע רייד און צו דיין געבעט. (ר׳ מענדעלע רימאַנאָווער).

---

## אכלוהו היום כי שבת היום לד׳ (טז. כה.)

אכילה איז אַ לשון תענוג, דער עיקר תענוג איז פון שבת היום — ניט פון די מאכלי שבת וואָס זיינען דברים גשמיים, נאָר פון שבת גופא. (בערדיטשיווער).

---

שבת אינמיטען דער סעודה האָט ר׳ חיים צאַנזער באַמערקט ווי אַ חסיד עסט גאָר נישט.

— האָט דיר דער שמש ניט געגעבען קיין עסען? — האָט דער צאַנזער געפרעגט דעם חסיד.

— איך בין ניט געקומען צום רבי׳נס טיש עסען, נאָר זעהן די התנהגות און הערען תורה פונ׳ם רבי׳ן — האָט דער חסיד אָפּגעענטפערט.

דאָס איז ניט קיין תירוץ — האָט איהם דער צאַנזער געענטפערט — עסען דאַרף מען, אַ ראיה האָסטו פון דער נשמה. אויך זי איז

ניט געקומען אויף דער וועלט בלויז עסען, פונדעסטוועגען אַז מען גיט איהר ניט קיין עסען, אַנטלויפט זי אַרויס פונ׳ם מענשען...

## ויהי ביום השביעי יצאו מן־העם ללקוט ולא מצאו (טז. כז.)

אַ זאַך וואָס מען פאַרלירט איז שייך צו זאָגען מען האָט יאָ אָדער ניט געפונען. אָבער מן, איז דאָך שבת אינגאַנצען ניט געפאַלען, וואָס איז דאָ שייך — ולא מצאו?

כידוע, זיינען עס געווען דתן ואבירם, וואָס זיינען שבת אַרויסגע־גאַנגען קלויבען מן. זייער כוונה איז דער עיקר געווען צו ווייזען די אידען, אַז דאָס וואָס משה האָט געזאָגט, „שבת לא תמצאוהו בשדה", איז שקר. האָבען זיי גענומען מן פון פרייטאָג און אויסגעשפּרייט אויפן פעלד צו באַווייזען די ניט־ריכטיגקייט פון משה'ס רייד. זיינען געקומען די פייגעלעך פון פעלד און האָבען דעם אויסגעשפּרייטען מן אויפגעגעסען. שבת אין דער פריה, ווען דתן ואבירם האָבען געזוכט דעם מן וואָס זיי האָבען פרייטאָג אויסגעשפּרייט „ולא מצאו", האָבען זיי דעם מן ניט געפונען. פון דאַנען שטאַמט אויך דער מנהג צו וואַרפען קאַשע פאַר די פייגעלעך שבת שירה, כדי זיי זאָלען האָבען זייער שכר. (ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער).

## שבו איש תחתיו (טז. כט.)

יעדער מענש דאַרף זיך האַלטען אויף אַ נידעריגען פּלאַץ ווי איהם קומט, לויט זיין מדרגה, על כל פנים, „אל יצא איש ממקומו", זאָל אַ מענש זיך ניט זעצען העכער פון זיין אָרט, פון זיין מדרגה. (ר׳ ישראל ריזשינער).

## והוא כזרע גד לבן (טז. לא.)

די פּרנסה קומט צום מענש „כזרע גד", ווי די ראשי תיבות פון „גד" מאַכען „גומל דלים", לויט זיינע באַציאונגען צום אָרימען און נויטבאַדערפטיגען, היינו, וואָס פאַר אַ גומל דלים דער מענש איז און זיין רחמים'דיגע באַנעמונג צום אָרימען און נויטליידענדען מענשען, כך מרחמין עליו מן השמים. (דגל מחנה אפרים).

## עוד מעט וסקלוני (יז. ד.)

— היתכן, ווי קומט דאָס, אַז משה רבנו, דער רועה נאמן, זאָל

מקטרג זיין אויף אידען און זיי באַשולדיגען, אַז אָט־אָט וועלען זיי איהם פאַרשטיינען ?

— אַדרבה, מיט דעם האָט משה געלויבט די אידענ׳ס סבלנות און שטאַלענעם אויסדויער. ער האָט געזאָגט, נאָך די אַלע נסיונות, וואָס די אידען זיינען אויסגעשטאַנען וואָלט ביי מיר פאַררעכענט גע־וואָרען פאַר אַ דבר קטן, ווען די אידען וואָלטען זייער צער און צאָרן אויסגעלאָזט צו מיר און מיך פאַרשטיינערט. (חידושי הרי״ם).

---

עוד מעט וסקלוני — משה רבנו, דער אוהב ישראל האָט מלמד זכות געווען אויף אידען — זיי זיינען פולשטענדיג גערעכט, האָט ער גע׳טענה׳ט צום רבש״ע. איך האָב זיי אַריינגעבראַכט אין מדבר, די זון ברענט, דער קלימאַט איז אַ הייסער, זיי זיינען דורשטיג און האָבען ניט קיין וואַסער, עוד מעט, עס וואָלט געווען ווייניג, וסקלוני, ווען אפילו זיי פאַרשטיינען מיך, וואָלט איך גאָר ניט געדאַרפט פאַראיבעל האָבען אויף זיי, וואָלט איך זיי גאָר ניט באַשולדיגט. (רמ״מ מאַמשינאָוו).

---

## והיה כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל (יז. יא.)

איז מלחמת עמלק געווען אָפּהענגיג אין די באַוועגונגען פון משה׳ס הענט ?

כידוע, ווען די אידען זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, איז די אמונה צווישען זיי צוליב די נסים וואָס גאָט האָט זיי באַוויזען, געווען זעהר גרויס, ניט בלויז האָבען זיי געגלויבט אין גאָט נאָר אויך אין משה. איז געקומען עמלק מיט דער איינציגער כוונה, די דאָזיגע אמונה פון די אידען אָוועקצונעמען, און אויסצואוואַרצלען. ויהי ידיו אמונה, האָט משה אויפגעהויבען די הענט פון אמונה, געקרעפטיגט און גע־שטאַרקט די אמונה ביי די אידען, אַזוי אַרום — ״וגבר ישראל״. (ר׳ ברוך מעזשיבוזשער).

---

## וכאשר יניח ידו וגבר עמלק (יז. יא.)

אויב משה׳ס האַלטען די הענט אין דער הויך האָט געשטאַרקט די אידען, פאַר וואָס האָט ער זיי אַרונטערגעלאָזט ?

— זאָגען די חז״ל ״בזמן שישראל מסתכלין כלפי מעלה ומשעבדין את לבם לאביהם שבשמים, היו מתגברין״, ווען די אידען האָבען זייערע אויגען געווענדעט צום רבש״ע, האָבען געהאַט אמונה בד׳

ובמשה עבדו. האָבען זיך משה׳ס הענט געשטאַרקט. **ואם לאו, אַז** די אידען האָבען ניט געהאַט קיין אמונה אין גאָט און אין משה — היו נופלין, זיינען משה׳ס הענט אַרונטערגעפאַלען. **איז פון דאַנען אַ ראיה, אַז ווען דאָס פאָלק איז מיט האַרץ און נשמה איבערגעגעבען דעם מנהיג, קען ער פאַר זיי אויסבעטען אַ ישועה און דערפיהרען זיי צו אַ נצחון.** (שפת אמת).

---

## כתוב זאת זכרון בספר ושים באזני יהושע (יז. יד.)

פון דעם פסוק איז אַ רמז, אַז שמיעה, הערען, איז **אַמאָל וויכ־טיגער** ווי לערנען. כאָטש גאָט האָט משה׳ן געהייסען **פאַרשרייבען** „מלחמת עמלק" בספר, וואָס דאָס וואָלט על פי שכל **באַדאַרפט** זיין גענוג, עס זאָל ניט פאַרגעסען ווערען. האָט איהם גאָט **געהייסען, ער זאָל** די רייד אַריינלייגען אין די אויערען פון יהושע, ער **זאָל** זיי הערען. (רמ"ל לענטשנער).

---

## מחה אמחה את זכר עמלק (יז. יד.)

צו וואָס דאָס טאָפעלטע לשון מחה אמחה?

— אָפט פאַרבלייבט נאָכן אויסמעקען אַ צייכען, אָבער וועגען עמלק׳ן האָט גאָט געזאָגט, אפילו דער צייכען וואָס וועט פאַרבלייבען זאָל אויך אויסגעמעקט ווערען. (ר׳ **אליעזר קאָזשניצער).**

---

## מלחמה לד׳ בעמלק מדור דור (יז. טז.)

דורך דעם עמלק האָט השי"ת אין יעדען דור **אויסצושטעהן אַ** מלחמה, וואָס איז געצילט געגען אונז אידען — שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו והקב"ה מצילנו מידם. (ישמח משה).

# יתרו

## וישמע יתרו (יח, א.)

יתרו אַליין האָט געהערט, האָבען דאָך אַנדערע אויך געהערט?

— באמת האָבען אַלע געהערט. נאָר בעת אַלע האָבען געהערט און זיינען ווייטער געבליבען ביי זייערס, האָט יתרו דערהערט און איז געקומען צו דער איבערצייגונג „כי גדול ד׳ מכל אלהים". (ר׳ דוד לעלעווער).

---

„וישמע יתרו" — מה שמועה שמע ובא? קריעת ים סוף ומלחמת עמלק (רש"י). איז דאָך אין פלוג קשה, פאַרוואָס איז ער ניט געקומען זיך מגייר זיין, ווען ער האָט געהערט דעם נס יציאת מצרים?

— יתרו האָט געוואוסט, אַז „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא". אַזאַ צדיק צו טאָן מצוות שלא על מנת לקבל פרס איז ער ניט געווען. אַז ער האָט דערהערט פון קריעת ים סוף ומלחמת עמלק, אַז די אידען האָבען מיט גאָט׳ס הילף נקמה גענומען פון זייערע שונאים וואָס האָבען זיי געפייניגט און געוואָלט אומברענגען, האָט ער איינגעזעהן, אַז ס׳איז יאָ דאָ „שכר מצוה בהאי עלמא", און אַז ער האָט דאָס געהערט, איז ער געקומען זיך מגייר צו זיין. (ר׳ אָשר הורוויץ).

---

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ אלימלך, ס׳זיינען דאָך פאַראַן הונדערטער מוסר־ספרים, ווי דער „ראשית חכמה", דער „חובת הלבבות", דער „שבט מוסר" און נאָך אַנדערע אַזעלכע וואָס פון זיי קען מען לערנען יראת ד׳, טאָ צו וואָס דאַרף מען פאָרען צו אַ רבי׳ן?

— דאָס פאָרען צו אַ רבי׳ן, איז אַ דבר גדול. דער אָפּשטאָם איז נאָך פון פאַר „מתן תורה", די תורה דערצעהלט אונז, „וישמע יתרו", פרעגט רש"י: „מה שמועה שמע?" און ער ענטפערט: אַז ער האָט דערהערט — „קריעת ים סוף ומלחמת עמלק", איז דאָך קשה, אַז ווען ער האָט שוין געהערט, טאָ צו וואָס איז ער געקומען צו משה׳ן?

דער תירוץ איז, כאָטש יתרו האָט געהערט פון׳ם רבונו של עולם׳ס גדלות, פון קריעת ים־סוף ומלחמת עמלק, פונדעסטוועגען איז ער גע־

פאַרען צו משה׳ן, וואָס איז געווען דער רבי פון די אידען, ווייל אינה דומה שמיעה לראיה. ביים רבי׳ן זעהט מען די גדלות פון השי״ת. פון דעמאָלט אָן איז פאַרבליבען לדורות, אַז כאָטש מען לערענט, מען הערט, מען ווייסט וועגען גדלות השי״ת, זאָל מען פונדעסטוועגען פאַרען צום רבי׳ן, צו זעהן דאָס גדלות מיט די אייגענע אויגען.

## אשר הוא חונה שם הר האלהים (יח. ה.)

דאָרט וואו משה האָט געוואוינט דאָרט איז געוואָרען אַ הר־האלהים. דאָס אָרט איז דורך משה׳ן געוואָרען מכובד און דערהויבען, ווי עס הייסט: „האָדם מכבד את מקומו״. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

## אני חותנך יתרו בא אליך (יח. ו.)

יתרו האָט געבעטען משה׳ן, „צא בגיני״, ער זאָל אַרויסגעהן פון זיינע הויכע מדרגות און אַביסעל אַרונטערלאָזען זיך צו איהם, כדי ער זאָל איהם קענען פאַרשטעהן און זיך קענען מיט איהם מתדבק זיין און אַזוי אַרום קענען נתעלה ווערען, ווען משה וועט זיך צוריק אויפהויבען צו זיינע מדרגות. איז אָט־דאָס אַ לימוד פאַרן צדיק הדור, ווי אַזוי צו דערהויבען מיט זיך די מאַסען צו אַ העכערער מדרגה. (קאָצקער).

## ויחד יתרו (יח. ט.)

אל תקרי ויחד, אלא ויהד. שנעשה יהודי (תנחומא). דעם מדרש איז קשה געווען פון וואַנען האָט יתרו געוואוסט פונ׳ם „יחיד ומיוחד״, ער זאָל זאָגען „ברוך ד׳״?

זאָגט דערויף דער מדרש, שנעשה יהודי — אַלס איד האָט ער אָנערקענט און האָט זיך מתדבק געווען אין „אחד״, „יחיד״ — נאָך דעם האָט ער ערשט געזאָגט: „עתה ידעתי, כי־גדול ד׳ מכל האלהים״. (יוד הקדוש).

## ויאמר יתרו (יח. י.)

גנאי הוא למשה וששים רבוא שלא אמרו ברוך, עד שבא יתרו ואָמר ברוך ד׳ (סנהדרין צ״ד, א׳). גו׳. און דאָס וואָס די אידען האָבען געזאָגט שירה ביים ים איז געווען אַ קלענערער שבח פאַרן רבש״ע, ווי

אַט די עטליכע ווערטער פון יתרו? — איז דער תירוץ: יתרו האָט עפּעס מחדש געווען, די אידען האָבען געזאָגט שירה און געדאַנקט השי"ת פאַר די טובות און חסדים וואָס ער האָט געטאָן צו אַנדערע און דאַנקען השי"ת פאַר דעם גוטס וואָס ער האָט געטאָן אַ צווייטען איז געווען אַ נייעס און יתרו איז געווען דער ערשטער דאָס צו טאָן. (ר' שלמה ראַדאָמסקער).

## מה הדבר הזה אשר אתה עושה לעם (יח. יד.)

יתרו האָט גע'טענה'ט צו משה'ן, צו וואָס די גאַנצע פּראָצעדור? דורכן רוח־הקודש ווייסטו דאָך, ווער ס'איז דער זכאי און ווער עס איז דער חייב, טאָ צו וואָס באַדאַרפסטו אויסהערען די טענות פון די בעלי־דינים און עדות, דאָס פאָלק זאָל דאַרפען שטעהן ביי דיר מן הבוקר עד הערב?

„ויאמר משה לחותנו" — דו מאַכסט אַ טעות, אַז די אידען קו־מען צו מיר בלויז זיך משפט'ען. כי יבא אלי העם לדרוש אלהים. די מערסטע קומען צו מיר, פאַרשען און וועלען פאַרשטעהן די געט־ליכקייט און דאָס קען מען ניט אָפּ'פטר'ן מיט רוח־הקודש, דאָס דאַרף מען מיט זיי לערנען און געבען צו פאַרשטעהן. (ר' משה'לע קאָזשע־ניצער).

## כי יהיה להם דבר בא אלי (יח. טז.)

ווען אַ איד האָט אַ צרה, אַ פאַרדראָס, אַ סכסוך, אַ מחלוקה, בא אלי — פיל איך דאָס אין מיין האַרץ און איך שטעל מיר פאַר אַז דאָס האָט מיך געטראָפען, דעריבער קען איך זיי משפט'ען באמת ובצדק בין אָדם לחבירו. (ר' אָשר הורוויץ).

## ואתה תחזה (יח. כא.)

אַז דו משה, חכם און רבי פון אַלע אידען ועסט מיך צוהערען, וועסטו ווייזען אַ ביישפיל לדורות, אַז „איזהו חכם? הלומד מכל אדם". (דגל מחנה אפרים).

---

„איזהו חכם? הלומד מכל אָדם", אפילו פון אַ שלעכטען מענשען, ווייל אויך אַ שלעכטער מענש פאַרמאָגט אין זיך עפּעס גוטס, וואָס מען קען זיך פון איהם אָפּלערנען. (בעש"ט).

„איזהו חכם הלומד מכל אדם, שנאמר מכל מלמדי השכלתי",
— דער שוטה אבער, ווײל דאך פון קײנעם ניט לערנען, איז דאס אן אנדײטונג, ווי אמת עס איז דער װעלט'ס ווערטעל, „איטליכער נאר האט זיך זײן אײגענעם שכל"... (ר' דוד שלמה טולטשינער).

---

„עשה לך רב", אז דו וועסט נאר וועלען זײן א תלמיד, וועסטו האבען געגוג מענשען, וואס וועלען זיך מאכען פאר דײנע רבי'ס, „וקנה לך חבר", זאלסט אפילו זוכען א געטרײען חבר, וועסטו איהם אויך ניט געפינען, דו וועסט איהם מוזען קויפען... (ר' ברוך קאסאווער).

---

## שונא בצע (יח. כא.)

וועגען די התנהגות און כאראקטער פון די ראשי־העם ווערט גע־זאגט בדרך כלל, אז זײ דארפען זײן „יראי אלהים", אנשי אמת. און זײער באציאונג צו געלד ווערט בפירוש ארויסגעזאגט, אז זײ מו־זען זײן „שונאי בצע", ווײל די תאווה צו געלד איז אײנגעווארצלט אין מענשליכען מוח און אין זײן הארץ, קײן שום תאווה איז ניט אזוי שווער אויסצואווארצלען פון זיך ווי די תאווה צו געלד און די תאווה צו געלד איז די ערגסטע תאווה פון אלע תאוות. (ר' זושא האניפאליער).

---

דער דובנער מגיד האט אמאל רעדענדיג אין א שטאט, באמערקט ווי דער עולם פארלאזט פלוצלינג די שוהל אינמיטען פון זײן דרשה און ער בלײבט ביסלעכווײז מיט די לײדיגע ווענט.

פאר דעם טאלאנטפולען דובנער מגיד איז דאס געווען אן איבער־ראשונג, דער עולם זאל פארלאזען אינמיטען זײן דרשה, האט ער נאכגעפאלגט דעם עולם, געהענדיג אויפן וועג, האט ער זיך דערוואוסט אז דער רבי מלובלין איז אנגעקומען אין שטאט און דער עולם לויפט דאס מקבל־פנים זײן דעם רבי'ן, האט ער באשלאסען אויך ארײנגײן צום רבי'ן. ארײנקומענדיג צום רבי'ן האט ער באמערקט אויפן טיש צונויפגעלײגטע פאפיר־געלד באזונדער, גאלד און זילבער־געלד בא־זונדער, וואס חסידים האבען געבראכט צום רבי'ן אלס פדיונות. האט דער דובנער געפרעגט דעם רבי'ן מלובלין.

— דערקלערט מיר, לובלינער רבי, עטליכע טעג ווי איך בין דא אין שטאט, האב שוין געהאלטען עטליכע דרשות און האב נאך מײן שכר טרחה ניט געקראגען און דא, איהר זײט נארוואס אנגעקומען, טראגט מען אײך דאס געלד שוין אנטקעגען?

אַוודאי וועל איך אייך דאָס דערקלערען — האָט דער לובלינער רבי כלאחר יד איהם אָפּגעענטפערט — ס'זיינען פאַראַן מענשען, וועמענס באַציאונג צו געוויסע געגענשטאַנדען ווירקען, אַז אויך אַנדערע מענשען זאָלען האָבען פּונקט ווי זיי דיזעלבע באַציאונג צום זעלבען געגענשטאַנד. — באמת האָב איך אַ גלייכגילטיגע באַציאונג צו געלד און איך האָב דאָס בכלל ניט ליב, ממילא ווירקט דאָס אויף מיינע אָנהענגער, אויף מיינע חסידים, אויך צו האָבען דיזעלבע באַציאונג צום מין געלד. דערפאַר איז געלד ביי זיי ווערטלאָז, האָט ניט קיין שום חשיבות, ברענגען זיי דאָס צו מיר. דאַגעגען, איר, דובנער מגיד, האָט באמת טיף אין האַרצען ליב געלד, ווירקט דאָס ממילא אויף אייערע אָנהענגער, זיי זאָלען אויך ליב האָבען געלד, דערפאַר האַלטען זיי דאָס ביי זיך און ווילען דאָס אייך ניט אַוועקגעבען...

---

ר' יחיאל מיכל זלאָטשעווער זייענדיג איינמאָל אין בראָד האָט שפּעט געדאַווענט אין דער בראָדער שוהל. האָט דאָס די בראָדער מתנגדים פאַרדראָסען פאַר וואָס דער רבי דאַווענט שפּעט, וועלכעס איז געגען שלחן־ערוך און זיי האָב עןבאַשלאָסען דעם רבי'ן אויסצו'מוסר'ען. ס'איז אָבער ניט געווען ווער ס'זאָל האָבען די העזה דעם רבי'ן צו מוסר'ן, היות צווישען די מתנגדים איז געווען אַ איד אַן עושר, און אויך אַ גרויסער חצוף, האָט ער געזאָגט, ער וועט דאָס טאָן, ער וועט מוסר'ן דעם רבי'ן.

אַז דער עושר האָט אָנגעהויבען מוסר'ן דעם זלאָטשעווער, האָט ער איהם איבערגעלאָזען אינמיטען רעדען און געפרעגט איהם:

— זאָגט מיר נאָר, איז אין בראָד צווישען די מתנגדים ניטאָ קיין גרעסערע למדנים ויראי שמים וואָס זאָלען מיך מוסר'ען, ווי איר זייט?

— אַוודאי זיינען פאַראַן — האָט דער עושר חוצפה'דיג אָפּגעענטפערט — זיי האָבען אָבער ניט געוואָגט צו קומען, זיי האָבען מורא געהאַט פאַרן רבי'ן, איך בין אָבער א איד אן עושר און פרעג ניט נאָך קיינעם.

— אויב אַזוי — האָט איהם דער זלאָטשעווער אָפּגעענטפערט — מיינט דאָס אַז ניט די תורה שטראָפט מיך, נאָר אייער געלד. און דאָס געלד האָט ניט די ווערט, אַז איך זאָל זיך מיט דעם אַריינלאָזען אין אַ שמועס.

---

דער אוהב ישראל האָט געזאָגט, דאָס וואָס די חז"ל זאָגען: „כסף וזהב מטהר ממזרים", שטאַמט פון דעם, וואָס מ'זאָגט אויף

אַ חצוף, „מדחציף כולי האי, שמע מיניה ממזר הוא". אָן עושר אָבער אַז ער איז אַ חצוף, זאָגט מען, זיין חציפות שטאַמט אודאי פון זיין עשירות. אַזוי אַרום איז גאָלד און זילבער מטהר ממזרים.

---

## ושפטו את־העם בכל־עת (יח. כב.)

שאַפּן דינים און הלכות, אורטיילן און משפט'ן דאָס פאָלק דאַרף מען לויט דער צייט. (רבי מלובלין).

---

## וישלח משה את חותנו (יח. כז.)

כאָטש משה האָט מסכים געווען צו יתרו'ס בעלי־בתי'שע פּלע־נער, סברות און עצות, האָט דאָס איהם פונדעסטוועגן גוט פאַרדראָסען, וואָס דורך יתרו'ס פאַרשלאָגען זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען קליינע און גרויסע רבי'לעך, „וישלח משה את חותנו" — זאָגענדיג איהם, געה געזונטערהייט אַהיים, דו האָסט שוין גענוג קליינע רבי'לעך אויפגעשטעלט ביי אידען. (ר' דוד לעלעווער).

---

וישלח משה את חותנו — משה'ן איז ניט געפעלען געוואָרען יתרו'ס עצות און רעפאַרמען, ער האָט מורא געהאַט, אַז יתרו וועט זיין ביים קבלת־התורה וועט ער אויך די תורה פּרוּאוון ענדערען און רעפאָרמירען, האָט איהם דעריבער משה אָוועקגעשיקט נאָך פאַר קבלת־התורה. (ר' משה קאָברינער).

---

„וישמע משה לקול חותנו" — משה האָט געזאָגט צו יתרו'ן, דיין עצה צו באַשטימען שופטים האָב איך צוגעהערט. נאָר מער, בעט איך דיך, גיב מיר ניט קיין עצות, „וילך לו אל ארצו", געה דיר געזונטער־הייט אַהיים. (שפת אמת).

---

## ויסעו מרפידים ויבואו מדבר סיני (יט. ב.)

רפידים שרפו ידיהם (סנהדרין) איז פון דעם פסוק אַ ראיה, אַז אַ ירידה, אַן אָפּשוואַכונג פון דער תורה, איז אַן הכנה און פאַרשטאַר־קונג צו אַ פריש באַנייטע קבלת התורה. (ר' צדוק הכהן).

---

## ויחן שם ישראל (יט. ב.)

די אמת'ע אחדות ביי אידען קען נאָר קומען, ווען איין איד האָט ביים צווייטען חן. (ר"י וואָרקער).

„ויחן שם ישראל נגד ההר" — „ויחן" איז אַ לשון יחיד, נאָר מיטן כח פון אחדות קענען אידען געגענשטעלען זיך געגען דעם מורא'דיגסטען באַרג פון שנאה און האַס, מיט וועלכע מיר זיינען אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען. (ר' משה קאָברינער).

## ומשה עלה אל האלהים (יט. ג.)

אַלע אידען האָבען קודם מתן תורה לויט זייערע כחות געמאַכט הכנות צו דערגרייכען די מדרגה „לעלות אל ד'". משה אָבער האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, דעריבער איז „משה עלה אל האלהים". (קאָזשעניצער מגיד).

מ'האָט אַמאָל געפרעגט דעם בערדיטשיווער, פאַר וואָס בשליחות מצרים האָט משה געלאָזט זיך בעטען, האָט גע'טענה'ט: „מי אנכי כי אלך אל פרעה? לא איש דברים אנכי", האָט מוחל געווען דעם כבוד צו זיין עלטערען ברודער אהרן, „שלח נא ביד תשלח", און ביי קבלת־התורה, צו ווערען דער רבי פון אַלע אידען געפינען מיר ניט אין ערגעץ אַז משה זאָל זיך לאָזען בעטען, אָדער מוחל זיין דעם כבוד צו זיין עלטערען ברודער.

— האַלט מען דאָס פאַר אַ גאוות — האָט דער בערדיטשעווער אָפּגעענטפערט — להיפוך, דאָס באַווייזט גאָר משה'ס ענוות. משה האָט צוגעזעהן ווי די גרויסע גיגאַנטישע בערג, בעטען זיך ביי גאָט, ער זאָל אויף זיי געבען די תורה און כביכול האָט אויסגעקליבען דעם קלענסטען פון זיי, דעם באַרג סיני. האָט משה פאַרשטאַנען, אַז די תורה קען זיך נאָר האַלטען ביי דעם וואָס איז אַן עניו, ושפל רוח. ביי זיך האָט משה געפילט, אַז ער איז דער שפל'דיגסטער פון אַלע אידען, דעריבער ווען גאָט האָט איהם געזאָגט, ער זאָל מקבל זיין די תורה, האָט ער זיך ניט געלאָזט בעטען, ווייל ער האָט געפילט, פונקט ווי דער באַרג סיני, איז דער קלענסטער פון אַלע בערג דערפאַר גיט גאָט אויף איהם די תורה, אַזוי איז ער ראוי מקבל צו זיין די תורה, ווייל ער איז דער קלענסטער פון אַלע אידען און דאָס איז דער פירוש פון דער משנה. „משה קבל תורה מסיני", משה האָט זיך ניט געלאָזט בעטען בעת קבלת התורה, מסיני, ווייל ער האָט זיך אָפּגעלערענט פון קליינעם באַרג סיני.

**תורה אָהן מצוות, איז געגליכען צו אַ הדס, וואָס האָט אַ ריח און האָט ניט קיין טעם. (הגר"ל).**

## שמוע תשמעו בקולו (יט. ה.)

די ראשי תיבות מאַכען „שבת". כביכול האָט געזאָגט צו די אידען, ווען איהר צוהערען מיין קול, היטען מיין בונד, האַלטען שבת היילי, והייתם לי סגולה מכל העמים. (שפת אמת).

---

„שמוע תשמעו בקולי", מיט חשק און אהבה, איז ממילא „והייתם לי סגולה מכל העמים, כי לי כל הארץ" — אַז די ערד איז מיינע, אַז איהר ווענט זיך צוהערען צו מיין קול, ווענט איהר רואיג לעבען אויף דער ערד. (רבי העניך מאלכסנדר).

---

דעריבער האָט השי"ת די אידען ניט געגעבען די תורה תיכף ווי זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, ווייל עס וואָלט אויסגעזעהן אַז די אידען זיינען מקבל די תורה ניט מחמת אהבת תורה, נאָר על מנת לקבל פרס — צוליב די גרויסע נסים וואָס איז זיי געטאָן גע־וואָרען בעת יציאת מצרים און קריעת ים סוף. (בערדיטשיווער).

---

## והייתם לי סגולה (יט. ה.)

איהר ווענט מיר זיין ווי אַ „סגול", וואָס איז אין אַזאַ פאָרם אין וועלכער זייט מען זאָל איהם ניט דרעהען, פאַרבלייבט ער אַלץ אינ'ם זעלבען פאָרם, אַ „סגול". אַזוי ווענט זיין מיט אייך, ווי מען זאָל אייך ניט דרעהען און וואַרפען און ווי איהר זאָלט אייך ניט דרעהען און וואַרפען, ווענט איהר אַלץ פאַרבלייבען אידען. (ר' דוד לעלעווער).

---

## ויענו כל העם יחדו (יט. ח.)

דאָס גאַנצע פאָלק האָט אויסגעשריען „יחדו". פונקט ווי ס'טרעפט אַמאָל, ס'שטעהען אַ חברותא מענשען צוזאַמען און איינער פון זיי גע־פינט פלוצלינג אַ מציאה, שרייען די אַרומשטייענדע אויס, „יחדו" — מיר זיינען גלייכע שותפים און ווילען אַ חלק אין דער מציאה, אַזוי האָבען די אידען פאַר קבלת התורה אויסגעשריען „יחדו" — יעדער איד האָט געוואָלט האָבען אַ חלק אין גאָט'ס תורה. (ר' יחיאל מאיר גאָסטאַנינער).

---

„ויענו כל העם“, איינער האָט געזאָגט צום צווייטען „יחדו“, לאמיר זיך האַלטען צוזאַמען אין התחברות, לאָמיר בשלום לעבען און אין אחדות. (משמרת איתמר).

## ויאמר ד׳ אל משה (יט. ט.)

איך וועל בעב העגן קומען רעדען מיט דיר פשוט, אויפן פאָלקס־טימליכען לשון, „בעבור ישמע העם“, כדי דאָס גאַנצע פאָלק זאָל הערען און פאַרשטעהן, בדברי עמך, וואָס איך רעד מיט דיר. (קאָזשע־ניצער מגיד).

## ויגד משה (יט. ט.)

משה האָט דערצעהלט דעם רבש״ע, את דברי העם, אַז דאָס שמועסען און רעדען פון פאָלק, איז „אל ד׳“, נאָר וועגען דעם אַל־מעכטיגען. (בערדיטשיווער).

## ויוצא משה את־העם לקראת האלהים מן־המחנה (יט. יז.)

אויף דעם פסוק זאָגט דער מדרש, אַז די אידען זיינען אינ׳ם טאָג פון מתן תורה, אַזוי געשמאַק געשלאָפען, אַז משה האָט זיי אויפ־געוועקט און געבראַכט צום באַרג סיני.

— חלילה אַזוי צו טראַכטען אויף דעם „ממלכת כהנים וגוי קדוש“ — האָט דער גרויסער אידישער מליץ־יושר, דער בערדי־טשיווער, פאַרענטפערט דעם מדרש — אַז אינ׳ם טאָג, ווען זיי האָבען געוואוסט, זיי דאַרפען מקבל זיין די תורה זיינען זיי אַריינגעפאַלען אין אַזאַ עצלות, זיינען אַזוי געשמאַק געשלאָפען, אַז משה האָט זיי געמוזט אויפוועקען. זייער כוונה איז געווען לשם שמים. פונ׳ם צווייטען טאָג אין סיון, האָבען זיי געהאַלטען אין מאַכען הכנות צו קבלת־התורה. זיינען זיי פון די פאַרבאַרייטונגען אַזוי פאַרמאַטערט געוואָרען, אַז זיי האָבען זיך געשראָקען, אַז זיי וועלען ניט קענען מקבל זיין די תורה מיט קלאָרע געדאַנקען. האָבען זיי באַנוצט דעם שלאָף אַז זייערע מוחות זאָלען אויסגעלייטערט ווערען, צו קענען קאָנצענט־רירען זייערע מחשבות און מיט קלאָרע רעיונות שטעהן אונטער׳ן באַרג סיני מקבל צו זיין די תורה.

## ויעל עשנו כעשן הכבשן (יט. יח.)

צו וואס האט מען בעת מתן תורה באדארפט אזא געדיכטען קאלך־אויוועגדיגען רויך?

— צו פארבלענדען די אויגען פון די שונאי־ישראל, וואס האבען תיכף ווי זיי האבען דערהערט די אידענס ענטפער „נעשה ונשמע", אנגעהויבען ברענען מיט גיפטיגער שנאה געגען דאס אידישע פאלק. (חידושי הרי"ם).

---

## לא יוכל העם לעלות אל הר סיני (יט. כג.)

לויט משה'ס הויכע מדרגה, האט ער געגלויבט, אז דער ציווי ד' ניט צו געהן נאענט צום בארג, האט געמאכט אוממעגליך פאר די אידען צו דערנעענטערען זיך צום בארג. לא יוכל העם — דיין ציווי „הגבל את ההר וקדשו", איז ווי אן אייזערנע וואנט צווישען פאלק און בארג.

ויאמר אליו ד' — האט השי"ת געזאגט צו משה, לך רד, לאז דיך ארונטער פון דיין הויכער מדרגה צום מצב פון פאלק, וועסטו פארשטעהן, אז דאס וואס דו זאגסט „לא יוכל", איז גאנץ מעגליך, און מען מוז דאס פאלק נאכאמאל מזהיר זיין „והכהנים והעם אל־יהרסו לעלות אל ד'". (בערדיטשיווער).

---

לא יוכל העם לעלות — צוליב זיין גרויס ענוות האט משה געהאלטען אז אלע אידען שטעהען מיט איהם אויף א גלייכער מדרגה און ער האט ניט געקאנט פארשטעהן וועלכען איד וועט גאר איינפאלען אין רעיון עובר צו זיין אויף דעם באפעל פון רבש"ע, האט איהם גאט געזאגט: „לך רד" — משה, נידער ארונטער פון דיין מדרגה, וועסטו זעהן, אז ניט אלע אידען זיינען ווי דו. דעם ציווי וואס דו האלטסט פאר א קלייניגקייט, דארפען אנדערע נאך האבען א שטרענגע אזהרה. (קאצקער).

---

## אנכי ד' אלהיך (כ. ב.)

ולמה אמר בלשון יחיד אלהיך? ליתן פתחון פה למשה ללמד סניגוריא במעשה העגל (רש"י).

עס איז אבער דאך קשה, איז דער ציווי באמת משמע, אז ער איז חל אויף כלל ישראל?

— פונקט ווי דער קאָפּ פונ׳ם מענש איז כולל אַלע איברים פון מענשליכען גוף, אַז מען וויל עפּעס זאָגען אַ מענשען, איז ניט נויטיג צו זאָגען יעדען אבר באַזונדער, נאָר מען זאָגט עס צום קאָפּ, דאָס איז דער גאַנצער מענש. אַזוי איז דער מנהג בישראל כולל כלל ישראל, דעריבער אפילו השי״ת האָט געזאָגט צו משה׳ן אלהיך בלשון יחיד, איז גלייך ווי ער וואָלט דאָס געזאָגט צו אַלע אידען, ווייל משה, איז געווען דער ראש פונ׳ם גאַנצען כלל ישראל. (ר׳ יחיאל מאיר גאָסטאָנינער).

---

אָנכי איז ניט קיין לשון ציווי, ווייל דער וואָס האָט ניט קיין אמונה, איז דאָך ניט שייך קיין ציווי. (ר׳ צדוק הכהן).

---

## לא תעשה לך פסל (כ. ד.)

מאַך דיך אַליין ניט פאַר קיין פסול. טייל זיך ניט אָפּ פונ׳ם צבור. קריג ניט אויף יעדער זאַך און האַלט זיך ניט פונדערווייטענס פון קהל׳שע אַרבייטען. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

## לא תשא את־שם־ד׳ אלהיך לשוא (כ. ז.)

אַנדערע עבירות, אַז מען טוט תשובה, ווערט דער חטא פאַרגעבען. בלויז ביי דער עבירה פון שבועת שוא זאָגט די תורה, „כי לא ינקה ד׳ את אשר ישא את שמו לשוא״ — מיט וואָס איז אייגענטליך די דאָזיגע עבירה האַרבער פון אַנדערע עבירות?

— למשל, ווען אַ מענש זינדיגט, ער עסט חזיר, ווערט פאַר־שריבען אין ספר הזכרונות, פלוני בן פלוני האָט געגעסען חזיר, אַז ער טוט תשובה, ווערט דער חטא אויסגעמעקט פונ׳ם ספר הזכרונות. אָבער דער וואָס שווערט אַ שבועת שוא, ווערט אין ספר הזכרונות פאַרשריבען, אַז פלוני בן פלוני האָט געשוואָרען פאַלש מיט גאָט׳ס נאָמען, אפילו ער טוט תשובה, קען די עבירה ניט אויסגעמעקט ווערען, ווייל גאָט׳ס נאָמען טאָר מען ניט אויסמעקען. (ר׳ מאיר׳ל פרעמיש־לאַנער).

---

## זכור את יום השבת (כ. ח.)

די גאַנצע זעקס טעג וואָס דו וועסט אַרבייטען, זאָלסטו געדענקען דעם טאָג שבת — „לקדשו״. (משמרת איתמר).

---

זכור את יום־ — יעדען טאָג אין דער וואָך זאָלסטו געדענקען דעם שבת. (בערדיטשיוועה).

---

דאָס וואָס די חז״ל זאָגען „הכל מודים בשבת נתנה תורה לישראל״, האָבען זיי געמיינט צו זאָגען, אַז ווען דער טאָג שבת קומט, ווערט די תורה אויפסנייע געגעבען צו די אידען, פאַר די קומענדע זעקס טעג אין דער וואָך. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

## לא תחמוד (כ. יד.)

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ העניך מאלכסנדר: דער לאו פון לא תחמוד, איז דאָך אינגאַנצען אָפּהענגיג אינ׳ם מענשליכען האַרץ, ווי אַזוי איז דאָס שייך אַ לאו אויף חמדת הלב? דאָס האַרץ איז דאָך בעל־הבית פאַר זיך און דער מענש איז דאָך דאָס רוב ניט ביכולת צו קאָנטראָלירען?

— אַוודאי איז דער לא־תחמוד אַ לאו אויף חמדת־הלב — האָט איהם דער אַלכסנדערער אָפּגעענטפערט, און דער מענש דאַרף קענען דאָס האַרץ קאָנטראָלירען, ווייל פונקט ווי אַ מגושמ׳דיגען דאָרפס־מאַן קען קיינמאָל ניט קומען אויפן רעיון חתונה צו האָבען מיט אַ בת־מלך, אַזוי דאַרף צום מענשליכען האַרץ קיינמאָל ניט קומען קיין גלוסטונג און חשק צו פרעמדס.

---

## וכל אשר לרעך (כ. יד.)

די ראשי תיבות פון „וכל״ מאַכען „ואהבת לרעך כמוך״. (ר׳ אשר הורוויץ).

---

## וכל העם רואים את־הקולות, ואת הלפידים, ואת ההר עשן (כ. טו.)

דאָס גאַנצע פאָלק ישראל האָט געזעהן די קולות, די פלאַמען פייער און דעם באַרג אין רויך. וירא העם וינועו, האָט דאָס פאָלק פון גרויס פחד זיך געשאָקעלט, ויעמדו מרחוק און איז געשטאַנען פונדערווייטענס. ומשה נגש אל הערפל — משה אָבער האָט ניט געקוקט אויף די קולות, פלאַמען און רויך, ער האָט זיך ניט געשאָקעלט פון דער ווייטענס, דערנעענטערט האָט ער זיך צום געדיכטען

טומאָן, אין פייער אַריין איז ער געלאָפען צו דעם פּלאַץ, אשר שם האלהים. (רבי מלובלין).

---

וכל העם רואים את הקולות — דאָס פאָלק האָט בלויז געזעהן דאָס חצוניות, די קולות וברקים, אָבער ניט מעהר. (קאָצקער).

---

## ויראו העם וינועו ויעמדו ברחוק (כ. טו.)

פון דעם פסוק איז משמע, אַז די אידען האָבען זיך דערשראָקען, האָבען זיי זיך באַהאַלטען. ווי אַזוי איז דאָס מעגליך, ווען „מלא כל הארץ כבודו, ואין נסתר מנגד עיניו", טאָ ווי אַזוי האָבען די אידען גע־קענט זיך באַהאַלטען פאַר השי"ת?

— צוויי מדרגות זיינען פאַראַן אין אמונה. איינער איז אַ מאמין מצד המופת, ער זעהט אַ נס, אַ וואונדער, גלויבט ער. אַזאַ מאמין איז מקטני אמנה.

אַ צווייטער, איז אַ מאמין ניט זעהענדיג קיין מופת, נאָר האָט אמונה שלימה אין השי"ת, אַזאַ אמונה, פאַרשטעהט זיך, איז פון אַ גרע־סערע מדרגה.

דערצעהלט אונז די תורה „ויראו העם וינועו". דאָס פאָלק האָט דערזעהן די מופתים, זיינען זיי נתפעל געוואָרען און געוואָרען מאמינים מחמת די קולות וברקים, אותות ומופתים, וואָס השי"ת האָט זיי באַ־וויזען בעת מתן תורה. „ויעמדו מרחוק" און דורך אַזאַ אמונה זיי־נען זיי געשטאַנען ווייט פון צו האָבען דערגרייכט צו דער מדרגה פון אמת'ער אמונה. (ר' ישראל ריזשינער).

---

וינועו — די אידען האָבען אָנגעהויבען פראַווען תנועות, ויעמדו מרחוק, זיינען זיי געבליבען פונדערווייטענס. ומשה, אָהן תנועות, אָהן הכנות, נגש אל הערפל. (קאָצקער).

---

ויראו העם וינועו — ווען דאָס פאָלק האָט דערזעהן גדולת הבורא ויעמדו מרחוק, האָבען זיי ערשט פאַרשטאַנען, ווי ווייט זיי זיינען פון עבודת הבורא. (ר' זושא האַניפּאָליער).

---

## כי לבעבור נסות אתכם בא האלהים (כ. יז.)

מיט דעם וואָס דער רבש"ע איז אַליין געקומען אויפן באַרג סיני און געזאָגט „אָנכי", און „לא יהיה לך אלהים אחרים", האָבען זיך די

ווערטער טיף איינגעקריצט אין יעדען אידישען האַרץ, אפילו דער קל שבקלים, אַז ער ווערט געשטעלט צו אַ נסיון אויסצובייטען זיין אמונה פאַר אַן אַנדערער, איז ער גרייט זיך מוסר נפש צו זיין על קידוש השם. (בערדיטשיווער).

---

## אתם ראיתם כי מן השמים דברתי עמכם (כ. יט.)

כביכול האָט געזאָגט צו די אידען, מיר מאַכען אַ שותפות עסק און ס'איז מיין אויסדריקליכער פאַרלאַנג „לא תעשון אתי", איהר זאָלט ניט אַריין נעמען אין שותפות נאָך אַ שותף, „אלהי כסף" מעג ער זיין אַ זילבערנער שותף „ואלהי זהב" מעג ער זיין אפילו אַ גאָלדענער שותף „לא תעשו לכם" זאָלט איהר אין אונזער שותפות ניט אַריינ־נעמען. (קאָצקער).

---

## לא תעשון אתי אלהי כסף ואלהי זהב (כ. כ.)

זאָלסט ניט קומען צום רבי'ן, כדי ער זאָל דיך בענשען מיט עשירות, זאָלסט פאַרמאָגען אַ סך גאָלד און זילבער. „מזבח אדמה תעשה לי", צום רבי'ן זאָלסטו קומען לערנען יראת שמים און עניוות, וואָס זיי זיינען עיקרים לעבודת הבורא. (ר' יהושע'לע דזשיקאָווער).

---

לא תעשון אתי אלהי כסף ואלהי זהב — מאַך ניט מיט מיר קיין געלד־געשעפטען, מאַך ניט קיין עסקים פון געטליכקייט, ציה ניט קיין פּרנסה פון דיין פרומקייט און יראת־שמים. (ר' יעקב אהרן זאַלאָ־שינער).

---

בעת דער רבי ר' בונם האָט זיך אויפגעהאַלטען אין דאַנציג, איז איהם איינמאָל אויסגעקומען אַריינצוגעהן אין אַ שכנה'ש אידיש געשעפט עפּעס איינצוקויפען. דער קרעמער, אַן איבערראַשטער, דער־זעענדיג דעם רבי'ן ר' בונם, האָט פאַר דעם אַרטיקעל, וואָס דער רבי האָט פאַרלאַנגט, געבעטען אַ זעהר ביליגען מקח.

— פאַר וואָס עפּעס אַזוי ביליג? — האָט דער רבי ר' בונם געפרעגט דעם קרעמער.

— אַז איך האָב די זכיה, אַזאַ תלמיד־חכם ויראַ־שמים ווי איהר, צו האָבען ביי מיר אין קראָם, וויל איך דאָס אַרטיקעל אויך געבען במקח השוה.

— וועל איך טאָקע דאָס אַרטיקעל ביי אייך ניט קויפען — האָט דער רבי ר' בונם אַ ברוגז'ער אָפּגעענטפערט — ווייל איך בין ניט צו אייך אַריינגעקומען קויפען פאַר מיין למדנות און יראת שמים, נאָר ווי אַלע קויפען — פאַר געלד.

## מזבח אדמה תעשה לי (כ. כא.)

מאַכען זאָלסטו זיך פאַר אַ „מזבח אדמה": דער מענש, וועמעס באַשאַף קומט פון דער ערד, דאַרף שטענדיג האַלטען זיך בבחינת „מזבח אדמה", בבחינת שפלות. וזבחת עליו את עולותיך — מקריב זיין זאָלסטו אויף דיין מזבח אדמה, דיינע עולות, דיין גאות. (ר' יעקב ישראל טשערקאַסער).

## כי חרבך הנפת עליה ותחללה (כ. כב.)

דיין מויל זאָלסטו וויסען איז ווי אַ חרב פּיפיות — אַ צוויי־זייטיג שאַרפע שווערד. הנפת — עפענסטו נאָר דיין מויל, ותחללה, קאָנסטו מיט דיין דיבור, מיט דיין צונג, פאַרשוועכען אַלעס וואָס איז געטליך, וואָס איז הייליג און טייערביים מענשען. (ר' ישראל ריזשינער).

„ואם מזבח אבנים תעשה לי" — ווען דו וועסט דאַוונען (די אותיות ווערען אָנגערופען „אבנים") פאַר דעם עמוד, „לא תבנה אתהן גזית", זאָלסטו די אותיות התפילה ניט אַרומהאַקען, זאָגען האַלבע ווערטער, אָדער קרייזלען זיי, כדי געפעלען צו ווערען די מתפללים. כי חרבך הנפת עליה ותחללה — ווייל אַזוי אַרים צע'הרג'עסטו און פאַרשוועכסט די הייליגקייט פון די אותיות און פונ'ם דאַוונען. (רמ"ל סאַסעווער).

## ולא תעלה במעלות על מזבחי אשר לא תגלה ערותך עליו (כ. כג.)

כידוע, בימי המקדש, ווען דער איד האָט געבראַכט אַ קרבן, איז געווען דער עיקר כפרה וואָס דער חוטא האָט זיך מתודה געווען פאַרן כהן, האָט חרטה געהאַט אויף זיינע עבירות. הויפּטזעכליך — האָט ער אַרויסגעוויזען זיין שפלות, זיין עניוות. היינט אַז מיר האָבען ניטט קיין מקדש, מזבח, קרבן, איז תורה ותפלה במקום קרבן. על־כן,

ווען אַ מענש דאַווענט אָדער לערנט, דאַרף ער האָבען דעם רעיון, אַז זיין תפילה און זיין לערנען זאָל זיין זכה וברה, פונקט ווי ער וואָלט מקריב געווען אַ קרבן.

אָט דאָס איז די כוונה פונ'ם פסוק. „ולא תעלה במעלות על מזבחי" — בעת דעם דאַווענען, דע לפני מי אתה עומד, דאַווען ניט מיט גאוות. זיי זיך מתחרט אויף דיינע מעשים רעים אַזוי, אַז דו זאָלסט דערפילען די אייגענע נישטיגקייט, כדי „אשר לא תגלה ערותך עליו" — וויל אויב דו וועסט בשעת התפילה אָדער לימוד, האַלטען זיך גאווה'דיג, וועט אַנטפלעקט ווערען דיינע גאווה'דיגע מחשבות, דיינע שלעכטע מעשים, די רעיונות וועלען דיך מבלבל זיין, מענשען וועלען עס באַמערקען און דאָס וועט זיין דיין חרפה און דיין בושה. (ר' ישראל ריזשינער).

---

אַ יונגערמאַן האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט פאַר ר' נפתלי ראָפשיצער, אַז מחשבות זרות, אומריינע זינדיגע געדאַנקען קריכען איהם כסדר אין קאָפּ אַריין און ס'איז איהם שווער צו דאַווענען בכוונה. האָט איהם דער ראָפשיצער אַזוי אָפּגעענטפערט:

— מחשבות זרות מיינען, אַז אַ מענש וואָס איז תמיד פאַרטאָן אין הויכע הייליגע רעיונות, נאָר ס'טרעפט אַמאָל, אַז דער יצר־הרע כאַפּט זיך אַריין אין מענשליכען מוח דורך זייטיגע אומריינע גע־דאַנקען, צו וועלכע דער מענש איז לחלוטין ניט צוגעוואוינט — דאָס הייסט מחשבות זרות.

דו אָבער, יונגערמאַן, וואָס ווייזט מיר אויס, ביזט גאַנצע טעג אַריינ־געטאָן אין מחשבות זרות מיט אַלע דיינע חושים, זיינען דאָך די דאָ־זיגע אומריינע זינדיגע געדאַנקען ביי דיר לגמרי ניט קיין מחשבות זרות...

---

ולא תעלה במעלות על מזבחי — דער מענש וואָס האַלט פון זיך, באַריהמט זיך מיט זיינע מעלות, ווערען אַזוי אָרים נתגלה זיינע חסרונות. דורך זיין גאות, ווערען זיינע פעלערען קענטיג. (נועם אלימלך).

# משפטים

## ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם (כא. א.)

כשלחן הערוך ומוכן לאכול לפני האדם (רש"י). רש"י איז דא מרמז אז א מענש זאל לפחות מאכען אזא אנשטרענגונג אפצוהיטען די מצוות און דינים פון דער תורה פונקט ווי ער שטרענגט זיך אן. עס זאל זיין ביים טיש צום עסען פאר איהם און זיינע בני בית. (רמ"ל סאסעווער).

---

**ואלה המשפטים** — אפילו דער מענש וואס איז ניט עוסק אין משפטים, דארפען די משפטים תמיד זיין פאר איהם, כשלחן הערוך ומוכן לאכול אין זיינע האנדלונגען און אויפפיהרונגען. (שפת אמת).

---

ואלה המשפטים — ואלה מוסיף על הראשונים. מה הראשונים מסיני, אף אלה מסיני (רש"י).

כדי מען זאל ניט מיינען, היות משפטים האבען אפט אין זיך לאגישע מאטיווען, זיינען אויסגעהאלטען לויטן שכל, זיינען זיי דערי־בער נישט קיין געטליכע באפעלען, נאר מענשליכע פארפאסונגען. זאגט אונז די תורה עדות „מה הראשונים מסיני", אזוי ווי די אנדערע מצוות זיינען מסיני, „אף אלה מסיני", אזוי זיינען אויך די חקים ומש־פטים מסיני און מען דארף זיי היטען און מקיים זיין ניט ווייל אזוי איז דער שכל מחייב, נאר אויסדריקליך, ווייל אזוי איז דער ציווי און דער רצון פון השם יתברך. (חידושי הרי"ם).

---

## ורצע אדניו את־אזנו במרצע (כא. ו.)

מה ראה אזן להרצע מכל שאר איברים שבגוף? (רש"י). פאר וואס איז טאקע דאס אויער מעהר שולדיג פון די הענט וואס נעמען די גנבה און די פיס וואס געהען גנב'ענען?

— קודם מתן תורה האָבען מענשען געהיט זייערע חפצים פון גנבה און גנבים האָבען מורא געהאַט צו גנב'ענען. לאחר מתן תורה האָבען די גנבים זיך מיישב געווען, היות די תורה האָט אָנגעזאָגט „לא תגנוב", וועלען מענשען איצט אוודאי זיך שטיצען אויף דעם פאַרבאָט פון דער תורה און וועלען מער ניט היטען זייערע חפצים, האָבען זיי זיך אַרויסגעלאָזט גנב'ענען. נמצא, אַז דאָס וואָס די גנבים האָבען אָנגעהויבען גנב'ענען, איז מחמת „אוזן ששמעה על הר סיני לא תגנוב, והלך וגנב — תרצע!" (ר' שמעלקע ניקאָלשבורגער).

---

ורצע אדניו את אזנו — הימנית, או אינו אלא של שמאל. (רש"י. פאַרוואָס מיינט רש"י דוקא דאָס לינקע אויער?

אויפן פסוק אין שיר השירים „ישקני מנשיקות פיהו", זאָגט דער מדרש „היה הדבור יוצא מימינו של הקב"ה לשמאלן של ישראל". נמצא, אַז דער „אוזן ששמעה על הר סיני לא תגנוב", איז טאַקע געווען דאָס לינקע אויער. דעריבער מיינט רש"י, אַז דוקא דאָס לינקע אויער זאָל געבויערט ווערען . (רבי ר' העשל).

---

און אַז דאָס אויער האָט געהערט „לא תגנוב", וואָס איז דאָס אויער שולדיג, אַז דער מענש וויל ניט פאָלגען?

— נאָר אויב מען וויל ניט פאָלגען דאָס וואָס מען הערט, איז גלייכער באַלד ניט צו הערען, ווייל פאַר הערען און ניט וועלען פאָלגען קומט צו בויערען דאָס אויער. (שפת אמת).

---

## אם יקום והתהלך בחוץ על משענתו (כא. יט.)

אם יקום, אויב אַ איד ווערט אַן עושר, ווי דער מדרש זאָגט אויף דעם פסוק „ואת כל היקום אשר ברגליהם, זהו ממונו של אָדם, שמעמידו על רגליו", והתהלך בחוץ, און געהט אַרויס פון דער אידי־שער מחנה, פאַרגעסט זיין פאָלק און זיין גאָט און גלויבט אַז זיין עשירות האָט ער דערוואָרבען „על משענתו", צוליב זיינע פעאיגקייטען חכמה און שכל. און ער דענקט ,אַז „כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה". מיט זיין כח און טאַלאַנט, האָט ער אָנגעזאַמעלט דאָס עשירות.

אַזאַ איד, זאָגט אונז די תורה, איז אַ חולה מסוכן, קראַנק אויף אַלע איברים. „ונקה המכה", ער מוז שנעל זעהן זיך אָנהויבען צו קורירען, ווייל די חולאת איז געפעהרליך, דער איד קען נעבאַך אָפּ־שטאַרבען אינגאַנצען און בלייבען אויס איד. די איינציגע רפואה צו

אַזאַ חולאַת איז, „רק שבתו", ער זאָל תיכף ומיד אָנהויבען תשובה טאָן, חס וחלילה ניט אָפּלייגען אויף שפּעטער. „יתן", ער זאָל אָנהויבען געבען צדקה און טאָן גמילות חסדים. העלפען אָרימע, קראַנקע און יתומים. כסדר האַלטען אין געבען „ורפא ירפא", אַזוי אַרום וועט ער אויסגעהיילט ווערען פון זיין חולאת און וועט באַגרייפען, אַז זיין עשירות האָט איהם גאָט געהאָלפען אָנזאַמלען, ניט זיין חכמה און פעהיגקייט, און ער וועט וויסען אַז אַ איד בלייבט אַ איד און דאַרף זיך האַלטען צווישען אידען. (ישראל ריזשינער).

---

געוועזען אין בערדיטשעוו אַ איד, אַ לב טוב, וועלכער האָט גענומען אַ גרויסען אינטערעס אין אַלע קהל'שע ענינים, בפרט אין די שטאָטישע מוסדות של צדקה. האָט פּאַסירט, אַז דער איד איז געוואָרען אַן עושר און צו אַלעמענס איבערראַשונג אַ גרויסער קמצן, ער האָט ניט געוואָלט ביישטייערען קיין פּרוטה פאַר קיין שום דבר של צדקה און האָט בכלל אויפגעהערט פאַראינטערעסירען זיך מיט קהל'ש אידיש לעבען.

האָט דער בערדיטשיוור איינגעלאַדען צו זיך דעם גביר, האָט איהם אויפגענומען בסבר פנים יפות, געשמועסט מיט איהם וועגען וועלטליכע ענינים. שפּאַצירענדיג מיט איהם הין און צוריק איבערן שטוב, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט איהם ביים פענסטער, אַרויסגעקוקט דורך די שויבען און געזעהן, אינמיטען שמועס, האָט דער בערדיטשיוור אָנגענומען דעם גביר ביים האַנט, צוגעפיהרט איהם צום שפּיגעל וואָס האָט געהאַנגען אויפן וואַנט און געזאָגט צו איהם:

— דו זעהסט: דאָס גלאָז פון פענסטער און דאָס גלאָז פון שפּיגעל זיינען געמאַכט פונ'ם זעלבען מאַטעריאַל. ווי גרויס איז אָבער דער הבדל. קוקט מען דורכן גלאָז פון פענסטער, זעהט מען אַ סך מענשען, קוקט מען אַריין אין שפּיגעל זעהט מען ניט מעהר ווי די אייגענע געשטאַלט.

ווייסטו די סבה פון דעם? ווייל דאָס גלאָז פון שפּיגעל איז אויף דער צווייטער זייט פאַרדעקט געוואָרען מיט שטויב פון גאָלד אָדער זילבער און אָט דער שטויב מאַכט דאָס דעם גרויסען הבדל, וואָס פאַרענדערט דאָס גאַנצע גלאָז. דאָס איז דער כח פון געלד. עס פאַרבלענדט די אויגען פון מענש קיינעם ניט צו זעהן, חוץ דאָס אייגענע פנים.

איידער דו האָסט געהאַט געלד, און דו ביזט געוואָרען אַן עושר, האָסטו אויך געזעהן אַנדערע מענשען, האָסט געפילט זייער נויט, האָסטו געזוכט זיי צו העלפען. פאַר זייערט וועגען האָסטו גע'דאגה'ט,

אָבער אַז גאָט האָט דיך באַגליקט מיט עשירות, פילסטו שוין ניט קיינעמס צער, דער רחמנות־געפיהל איז ביי דיר אינגאַנצען אויסגע־וועפּט און עס עקזיסטירט פאַר דיר קיינער נישט, אויסער דו אַליין. דוכט זיך דערזעלבער מאַטעריאַל גלאָז, דערזעלבער מענש, ווי אַנ־דערש ווערט דאָס גלאָז, ווי אַנדערש ווערט דער מענש, ווען דער גאָלדענער אָדער זילבערנער שטויב קלעפּט זיך צו איהם צו. — גרויס, זייער גרויס איז דער הבדל און אָט קענסטו דאָס זעהן אין דיר גופא...

---

## ורפא ירפא (כא. יט.)

אַ איד איז אַמאָל אַריינגעלאָפען צום קאָצקער מיט אַ געוויין, אַז דאָקטוירים האָבען מייאש געווען זיין קראַנקע פרוי און איהר אָפּגע־זאָגט דאָס לעבען.

— זיי האָבען דערויף קיין שום רעכט ניט! — האָט דער קאָצ־קער אויסגעשריען — „ורפא ירפא", זאָגט רש"י בפירוש, „מכאן שנתנה רשות לרופא לרפאות". דעם דאָקטאָר איז געגעבען געוואָרען רשות נאָר צו היילען, אָבער ניט מייאש צו זיין דאָס לעבען פונ'ם חולה. דער דאָקטאָר וואָס איז מייאש אַ חולה, איז דאָס אַ „יאוש שלא מדעת" און דער דאָקטאָר האָט נישט קיין שכל.

---

אַז אַ איד ווערט קראַנק, זאָל ער באַלד רופען אַ דאָקטאָר, נעמען דעם דאָקטאָר'ס מעדיצין, אויספאָלגען פּינקטליך די אינטרוקציעס פונ'ם „בורא רפואות". אַז דער חולה ווערט ניט בעסער, איז „בורא תהלות" — זאָל מען זאָגען תהלים. אַז דער חולה ווערט אַלץ ניט בעסער, איז „אדון הנפלאות", דאַרף דער חולה האָבען רחמים. (ר' יצחק וואָרקער).

---

## אך אם יום או יומים יעמוד, לא יוקם כי כספו הוא (כא. כא.)

אַ גאַנץ יאָהר כאַפּט מען שנעל אָפּ דאָס דאַווענען. „אך אם יום" — אָבער דעם הייליגסטען טאָג יום־כיפור, „או יומים", די צוויי טעג ראש השנה, ווען מען דאַוונט געלאָסען און לענגער, „לא יוקם", שטעהט מען ניט לענגער מחמת מעהר כוונה, צו דערגרייכען אַ גייס־טיגען תקון, „כי כספו הוא" — מען מיינט נאָר געלד, מען בעט פאַר פרנסה. (רבי ר' בונם).

---

## ואם־אסון יהיה (כא. כג.)

טרעפט אַן אומגליק מיט אַ אידען, ונתת נפש תחת נפש, זאָלסטו בכל מאמצי כחות גרייט זיין זיך מקריב צו זיין, איהם צו העלפען. (ר׳ אלעזר סאָסעווער).

---

## עין תחת עין (כא. כד.)

זאָגען די חז״ל „ממון״. זיי לערנען דאָס אַרויס פון די נאָכפאָלגענדע אותיות פונ׳ם וואָרט „עין״, וועלכע מאַכען „כסף״. (ע׳ — פ׳, י׳ — כ׳, נ׳ — ס׳). (ר״ש אָסטראָפּאָליער).

---

## אם כופר יושת עליו (כא. ל.)

אַ דאָרפס מאַן האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַר ר׳ מאיר׳ל פּרעמישליאַנער, אַז עס איז איהם נמאס געוואָרען דאָס וואוינען אין דאָרף, ער וויל זיך אַריבערציען אין שטאָט.

— זאָלסט דאָס ניט דערוועגען צו טאָן — האָט איהם ר׳ מאיר׳ל געוואָרענט — ווייל אַזוי שטעהט בפירוש אין דער היינטיגער סדרה. „אם כופר״ (כפר — אַ דאָרף) אויב אויף דיר איז נגזר געוואָרען אַז דו זאָלסט וואוינען אין אַ דאָרף, ונתן פדיון נפשו, מוזטו נעבאַך ליידען, ככל אשר יושת עליו, ווייל אַזוי איז באַשטימט פון דער השגחה.

---

## אם במחתרת ימצא הגנב (כב. א.)

אויב אַ מענש גראָבט אין זיך אַזוי טיף, אַז ער געפינט דאָס שלעכטע און דאָס פאַרדאָרבענע אין איהם, חיים שניים — וועט ער לעבען טאָפעלט. (קאָצקער).

---

## ונקרב בעלה־בית אל האלהים (כב. ז.)

אפילו אַ פּראָסטער בעל־הבית קען אויך ווערען נאָענט צו גאָט, „אם לא שלח ידו במלאכת רעהו״, אויב ער קריכט ניט אַריין אין זיין חבר׳ס געשעפטען, און טוט ניט יענעם קיין שלעכטס אין מסחר. (ר׳ מאיר׳ל פּרעמישליאַנער).

---

אם לא שלח ידו במלאכת רעהו — אויב ער האָט זיין חבר, דעם אַרבייטער, ניט געטאָן קיין רעה, האָט איהם ביי דעם וואַרשטאַט און נאָך דער אַרבייט, יושר׳דיג, מענשליך, גוט באַהאַנדעלט. (ר׳ מאיר׳ל פּרעמישליאַנער).

---

## אשר יאמר כי הוא זה (כב. ח.)

אָט דאָס איז דער שורש, דער גרעסטער חטא פון אַלע חטאים, אשר יאמר, ווען דער מענש זאָגט אויף זיך, כי הוא זה — אַז ער איז עס, ער האַלט פון זיך, און איז אַ בעל־גאווה. (ר׳ ישראל מאָדזשיצער).

---

## כל אלמנה ויתום לא תענון (כב. כא.)

רבונו של עולם! — האָט ר׳ לוי יצחק בערדיטשיווער גע׳טענה׳ט צו גאָט — אין דיין הייליגער תורה האָלטסטו כסדר אין איין מזהיר זיין, אַז מען טאָר נישט קיין יתומים פּייניגען. זיינען מיר דאָך יתומים, ווי דער פּסוק זאָגט: „יתומים היינו ואין אָב״, טאָ וואו איז דיין רחמנות אויף אונז? ווי אַזוי קאָנסטו עס דערלאָזען, אַז אַ גאַנצע וועלט זאָל אונז פּייניגען? פאַר וואָס לייזסטו אונז ניט אויס פון׳ם ביטערען גלות?

---

## אם כסף תלוה את־עמי, את־העני עמך (כב. כד.)

„כסף״ איז טייטש גלוסטען. פון לשון „נפשי תכסוף״, — מיין לייב טוט גלוסטען. „תלוה״ איז טייטש באַהעפטען. איז אָט דאָס דער פּירוש פון פּסוק. ניט בלויז צדקה ביזטו מחוייב צו געבען דעם אָרי־מאַן און פּטור — מעהר האָסטו נישט מיט איהם קיין שייכות. אַזאַ צדקה איז טויטע צדקה. עס איז דיין חוב — תלוה, זאָלסט זיך מיטן עני באַהעפטען, מתחבר זיין, מיט געבען צדקה פּטר׳סטו לחלוטין ניט אָפּ דיין חוב. — עמך, האַלט דעם עני ווי דיין גלייכען. שטאָלציר ניט געגען איהם. „לא תהיה לו כנושה״ — אַז דו ביזט אַן עושר זאָלסטו זיך ניט שעמען מיטן אָרימאַן. עני — ער איז טאָקע אַן אָרימאַן, אָבער עמך — אַזאַ מענש פּונקט ווי דו. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

את העני עמך — די מצווה פון צדקה און גמילות חסדים ביזטו מחוייב, אפילו „העני עמך״, ווען דאָס אָרימקייט איז מיט דיר. אפילו ווען דו אַליין האָסט אויך ניט גענוג, זאָלסטו אָפּשפּאָרען פון דיינעם און אָוועקגעבען דעם אָרימאַן. (ר׳ יחיאל משה׳לע קאָזשעניצער).

---

אויפן פסוק „כבד את ד׳ מהונך״, זאָגען די חז״ל, „אל תקרי מהונך אלא מגרונך״ — נישט דווקא ווען דו ביזט אַן עושר, האָסט פאַרמעגען, ביזטו מחויב צו געבען צדקה, נאָר אפילו ווען דו דאַרפסט אָפּשפּאָרען פון דיין אייגענעם האַלז, ביזטו אויך מחוייב צו געבען צדקה. (ר׳ שמעלקע ניקאָלשבורגער).

---

„תפלה לעני כי יעטוף״ — דער אָרימאַן בעט ניט ביים רבש״ע קיין עשירות, קיין שררות, קיין עולם הזה. דאָס איינציגע וואָס ער בעט, „ולפני ד׳ ישפוך שיחו״, אַז דער רבש״ע זאָל אויסהערען זיין פאַרביטערט האַרץ. (בעש״ט).

---

„היוצר יחד לבם״ — יחד, מלשון ויחד יתרו, לשון חדוה, הקב״ה פרייט זיך מיט די אידישע הערצער, ווייל ער איז „מבין אל כל מעשיהם״, ער פאַרשטעהט די אמת׳ע כוונה פון אידישען האַרץ. אויב אפילו אַ איד האַנדעלט ניט געזעצליך, טוט עפּעס פאַלש אין מסחר, טוט ער דאָס ניט מיט דער כוונה פון פאַלשקייט און באַטרוג, נאָר כדי צו פאַרדינען לכבוד שבת ויום־טוב, האָבען צו באַצאָלען שכר־לימוד פאַר זיינע קינדער. (ר׳ מ״מ קאָסאָווער).

---

„אם כסף תלוה״, אויב געלד באַגלייט ערגעץ אַ מענש, איז דאָס „את העני עמך״, די צדקה וואָס דער מענש האָט געגעבען צו אָרימע־לייט. (קאָצקער).

---

„צעקת הדל תקשיב ותושיע״ — אפילו דאָס געשריי פונ׳ם אָרי־מאַן איז „דל״, פונדעסטוועגען „תקשיב ותושיע״, הערט איהם דער רבש״ע און קומט איהם צוהילף. (יוד הקדוש).

---

„והיה כי־יצעק אלי״ — מעגסט אפילו זיין גערעכט, דער דין איז מיט דיר, האָסט גערעכטע טענות צום אָרימאַן, פונדעסטוועגען, ווען דער אָרימאַן שרייט צו מיר, „ושמעתי״, מוז איך איהם צוהערען, „כי חנון אני״, ווייל איך קען ניט בלייבען גלייכגילטיג צו הערען ווי אַ איד, אַן אָרימאַן שרייט. (ר׳ יחיאל גאָסטאָנינער).

---

## ונשיא בעמך לא תאור (כב. כז.)

אַזוי איז שוין ליידער די נאַטור פון מענשען תמיד, צו זוכען חסרונות אויף די מנהיגים פון פאָלק, אויף די, וואָס שטעהען אין דער

שפּיץ פון'ם פאָלק. אַלע חשדים, אַלע טענות זיינען געגען זיי געווענדט. אין אַלעמען זיינען זיי שולדיג. אפילו משה רבנו האָבען מאַנכע אידען חושד געווען אין די ערגסטע זאַכען און געהאַלטען איהם פאַר אַ שולדיגען פאַר אַלע צרות. האָט דערפאַר די תורה געשריבען אַן אזהרה „ונשיא בעמך לא תאור" — זאָלסט ניט שילטען דעם „נשיא", דעם מנהיג, וואָס פיהרט דאָס פאָלק. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

כל מיחוש ולא מיחוש ראש" — (שבת יא.) אַז דו ועסט ניט האָבען קיין תאוה צו זיין אַ ראש, אַ מנהיג בישראל, „כל כאב ולא כאב לב" — וועסטו פאַרשפאָרען צו האָבען האַרצוועהטאָג. (ר' יצחק סקווערער).

---

## מדבר שקר תרחק (כג. ז.)

אין ערגעץ אין דער תורה געפינט מען נישט, אַז די תורה זאָל אַליין מאַכען אַן הרחקה, סייגים און הרחקה האָבען די חז"ל געמאַכט. בלויז ביי „שקר" האָט די תורה אַליין געמאַכט אַן הרחקה און זי זאָגט: „מדבר שקר תרחק". (חידושי הרי"ם).

---

אויף דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ איין מענש, וואָס זאָל זאָגען בלויז אמת און זיין „כלו אמת", ניט מער, איינער איז נאָענט צום שקר און איינער איז ווייטער פון שקר. (ר' מענדל קאָסאָווער).

---

„אמת מארץ תצמח" אפילו באַרציות, אין עניני עולם הזה, קען מען אָהן אמת ניט עקזיסטירען. (בערדיטשיוור).

---

„העבר עיני מראות שוא" — האָט דוד המלך געבעטען ביים רבש"ע, זאָל איך בעסער בלינד ווערען אויף מיינע אויגען, אידער צו זעהן פאַלשקייט און באַטראָג. (סטרעליסקער).

---

„ראש דברך אמת" — די עשרת הדברות הויבען זיך אָן מיט „א". „אנכי". דער ערשטע משנה הויבט זיך אָן מיט אַ „מ", „מאימתי", די גמרא הויבט אָן מיט אַ „ת", „תנא היכא קאי", מיינט דאָס, אַז „ראש דברך", דער אָנהויב פון דער תורה שבכתב און פון תורה שבעל־פה, באַשטייען פון די אותיות „אמת". (חידושי הרי"ם).

---

„אין בן דוד בא אלא לקרב את הרחוקים ולרחק את הקרובים". די אותיות „אמת" זיינען לויט דעם סדר א"ב, ווייט איינער פון די אנדערע. דאַגעגען זיינען די אותיות „שקר" אין סדר א"ב, נאָענטערע קרובים. ק. ר. ש. מיינען דאָס די חז"ל, אַז ווען משיח וועט קומען, וועט ער דערנענטערען די ווייטע, די אותיות פון „אמת". עס וועט זיין אַן עולם שכולו אמת און וועט דערווייטערען די נאָענטע, דעם „שקר". (ר' אברהמ'על ראַדאָמסקער).

---

מאָדנע זיינען די באַציאונגען פון מענש צו מענש. אַז איינער איז ניט מקיים דעם „מדבר שקר תרחק", וויל מיט איהם קיינער ניט האָבען קיין משא ומתן. אַנדערע מצוות, חוקים ומשפטים, אַז איינער איז ניט מקיים, שטערט דאָס איהם ניט צו פאַרנעמען אַ בכבוד'ן פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט. (בערדיטשיווער).

---

„מדבר", אַז דו רעדסט נאָר איין דבר של שקר, תרחק, דערווייטערסטו זיך גלייך פון השי"ת, וואָס זיין חותם איז אמת. (רבי ר' זושא).

---

פאַראַן מענשען, וואָס ווען מ'פרעגט זיי, פאַרוואָס זיי דאַווענען ניט און לערנען ניט, מאַכען זיי אַ רחמנות'דיג פּנים און ענטפערען: „דאגות פּרנסה, עגמת־נפש פון בני־בית", מיינט דאָס, גיט זיי ניט קיין מנוחה און דערפאַר האָבען זיי קיין צייט נישט צו דאַווענען און צו לערנען. צו אַט־די מענשען זאָגט דוד המלך: „כי עווני אַגיד" — איהר ווייסט דאָך ביי זיך אין האַרצען, אַז אייערע תירוצים פאַרן ניט דאַווענען און ניט לערנען זיינען כזב ושקר, וויל פאַר פאַרשיידענע הבלי הזמן האָט איהר יאָ געגוג צייט און געדולד. „אדאג מחטאותי" — פאַרשאַפט איהר זיך נאָך אַ דאגה, מיט אַ פרישער זינד, וואָס איהר זאָגט נאָך אַ ליגען. (ר' ישראל ריזשינער).

---

דער חילוק צווישען דעם, וואָס האָט ליב דעם אמת און דעם וואָס האָט פיינט דעם שקר, איז אַט־דאָס. בעת דער ערשטער, פון גרויס ליבע צום אמת, רעדט אַזוי פיל וועגען אמת, אַז ער איז ניט מקפיד אויף די דברי שקר וואָס מישען זיך אַריין און אויפן נאָמען פון אמת. אָבער דער וואָס האָט פיינט דעם שקר, היט זיך אויס פון אַ סך צו רעדען אפילו וועגען אמת, כדי ער זאָל ניט געשטרויכעלט ווערען מיט אַ „דבר שקר". (ר' יוחנן מראַכעסטריווקע).

---

ווען אַ מענש אַ כזבן, שרייט אויס בשעת התפלה „שמע ישראל" מיט גרויס כוונה, ווערט אין הימעל אַ רעש — אַ איד, איז מקבל עול מלכות שמים, קומט באַלד אָבער צולויפען דער שטן און שרייט אויס — מה רעש? — דער איד איז דאָך אַ כזבן, אַ שקרן, זיין שטייגער אין לעבען איז דאָך נישט צו מיינען וואָס ער זאָגט מיטן מויל, און טאַקע מיט דערזעלבער כוונה האָט ער אויסגעשריען „שמע ישראל". (בערדיטשיווער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם בעש"ט: „אמת מארץ תצמח", ווייסען מיר דאָך, אַז ווען מענשען זעהען אויף דער ערד אַ דבר חשוב, הויבען זיי דאָס אויף. אויב אמת איז טאַקע אַזאַ דבר חשוב, פאַר וואָס הויבען מענשען איהם נישט אויף?

— גאָר פשוט, אויפצוהייבען דעם אמת פון דער ערד זיינען מענשען פויל און ווילען זיך ניט איינבייגען. — האָט דער בעש"ט געענטפערט.

---

## שלש פעמים בשנה (כג. יז.)

אַז דאָס וואָס דו לערנסט, ועסטו במשך אין יאָהר דריי מאָל איבער'חזר'ען, „כל זכורך" — וועסטו דאָס לערנען גוט געדענקען. (משמרת איתמר).

---

## ראשית בכורי (כג. יט.)

די צייטיגע קינדערלעך, „תביא בית ד' אלהיך", זאָלסטו ברענגען אין גאָט'ס הויז. „לא תבשל גדי", זאָלסט ניט אָפּקאָכען די גדיים, די יונגע קינדערלעך „בחלב אמו", באַלד ביי דער מוטער'ס מילך. (רמ"ל סאַסעווער).

---

כידוע, איז אין דער תורה פאַראַן 365 לאו'ין אַנטקעגען די 365 טעג אין יאָהר פון דער זון. קומט אויס, אַז דער פסוק „ראשית בכורי אדמתך" און דער לאו פון „לא תבשל גדי בחלב אמו", איז אַנטקעגען דעם טאָג שבועות. (חידושי הרי"ם).

---

## ועבדתם את ד' אלהיכם (כג. כה.)

ווען אידען עסען און פאַרברענגען צוזאַמען ויש ביניהם דברי תורה, דינען דעם רבש"ע בעת דעם עסען, „וברך את־לחמך", איז

השי"ת מבטיח, אַז ער וועט בענשען זייער ברויט, „והסירותי מחלה מקרבך" — אַז דאָס עסען און טרינקען וועט חלילה ניט פאַרשאַטען. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

„ועבדתם את ד' אלהיכם" — אַז איהר וועט מתפלל זיין באמת מיט כוונה צום רבש"ע, „וברך את לחמך ואת מימיך", וועט השי"ת געבען אייך פרנסה בריוח. (אוהם ישראל).

---

„וברך את־לחמך ואת־מימיך" — אַז אורחים וועלען עסען ביי דיין טיש און נאָכן עסען בענשען דיין ברויט און וואַסער. „והסרתי מחלה מקרבך", וועט השי"ת אויסהיטען דיך פון אַלערליי קראַנקהייטען. (ר' שמואל קאַמינקער).

---

„וברך את־לחמך" — דער שטייגער איז, אַז ווען אַן עושר ווערט קראַנק, לויפט ער תיכף צו דאָקטוירים און פראָפעסאָרען און מען נעמט כל'ערליי מעדיצינען פאַר איהם. וואָס זאָל אָבער טאָן דער אָרימאַן, וואָס האָט ניט קיין געלד פאַר דאָקטוירים און רפואות?

זאָגט דער רבש"ע צו דעם אָרימאַן, אַז ער וועט בענשען זיין ברויט, אַז אין זיין ברויט וואָס ער וועט עסען — „והסירתי מחלה מקרבך", זאָל איהם זיין צו רפואה. (ר' אליעזר דזשיקאָוועד).

---

„וברך את לחמך" — היות דער דין איז, אַז „אורח מברך", אויב דו וועסט האָבען אַן אורח ביים טיש וואָס וועט בענשען דיין ברויט, „והסירותי מחלה מקרבך", וועט השי"ת שיקען אַ רפואה שלמה צו די קראַנקע אין דיין שטוב. (ר' פנחס קאָריצער).

---

„וברך את לחמך ואת מימיך", — דו זאָלסט דינען גאָט דורך תורה שבכתב ותורה שבעל פה, וואָס ווערען גערופען לחם ומים. (ר' צדוק הכהן).

---

„ועבדתם את ד' אלהיכם וברך את לחמך ואת מימיך" — פאַר וואָס, האָט מען געפרעגט דעם קאָצקער — שטעהט ביי עבודה אַ לשון רבים און ביי עסען שטעהט אַ לשון יחיד?

גאַנץ פשוט, ווייל עבודת ד', דאַווענען, ווען אפילו יעדער איד דאַווענט ביחידות, פאַר זיך, קומען זיך אַלע תפילות צוזאַמען און עס ווערט פון זיי אַ „תפילת רבים", דאַגעגען ביי עסען, ווען אפילו

אַ סך מענשען עסען ביי איין טיש צוזאַמען, עסט יעדער מענש נאָר פאַר זיך.

---

אַ חסיד האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַרן „חידושי הרי״ם״, אַז ער ליידט פון שכחה.

— האָט אַמאָל געטראָפען, זאָלסט ביים עסען מיטן לעפעל טרעפען אונטערען אויער אַנשטאָט אין מויל אַריין?

— פון עסען איז דאָך אָפּהענגיג דאָס גאַנצע חיות פונ׳ם מענש, טאָ ווי קען מען דאָס פאַרגעסען?

— טאָ ווי אַזוי קאָנסטו פאַרגעסען די תורה, וואָס איז פונקט ווי דאָס עסען, דאָס חיות פונ׳ם מענשען, ווי דוד המלך האָט געזאָגט „לעולם לא אשכח דבריך, כי בם חיינו״.

---

די סגולות אין גראָזען, וואָס ווערען באַנוצט פאַר רפואות, קומען פון דעם וואָס דער רוח, בלאָזט אַריין אין זיי. און אַז השם יתברך וויל, בלאָזט ער אַריין דעם רוח אין ברויט, איז פּשוט ברויט אויך אַ רפואה. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

## ואל אצילי בני ישראל לא שלח ידו (כד. יא.)

דאָס מיינט די „נערי בני ישראל״, די זיידענע יונגעלייטלעך, די קעסט־קינדער, וואָס זיצען יאָהרען נאָך דער חתונה ביים שווער׳ס טיש. „לא שלח ידו״ — זיי טוען גאָר גישט. האָבען ניט קיין דאגות־פרנסה, זיי האָבען די מעגליכקייטען צו דערגרייכען צו דער מדרגה פון „ויחזו את האלהים״, צו זיין בעלי מדות און למדנים. „ויאכלו וישתו״ — ווייל זיי עסען און טרינקען און קיין אַנדערע דאגות האָבען זיי ניט. (ר׳ מיכל זלאָטשעווער).

---

## ומראה כבוד ד׳ כאש אוכלת (כד. יז.)

דער מענש וואָס פיהלט אַ פייערדיגען רצון און חשק צו עבודת הבורא, דאָס איז אַ סימן, אַז דער רבש״ע האָט תענוג פון זיין עבודה. (בערדיטשיווער).

# תרומה

## דבר אל בני ישראל ויקחו לי תרומה — לי לשמי

(רש"י, כה. ב.)

די תורה זאָגט ניט „ויתנו לי תרומה", אַז דער נותן זאָל געבען צדקה, לי לשמי, מיט כוונה, ווייל דאָס איז גאָר ניט קיין רבותא. אָבער אַז דער אָרימאַן זאָל מקבל זיין צדקה, לי לשמי, מיט דער כוונה אַז אַזוי האָט השי"ת געהייסען, דאָס איז אַ רבותא און פאַר דעם דאַרף מען האָבען אַ ציווי. (רבי ר' זושא).

---

## ויקחו לי תרומה, יפרישו לי ממונם נדבה (רש"י)

„האי עלמא כבי הלולא דמיא" — די וועלט איז גלייך צו אַ חתונה. פאַראַן מענשען וואָס קומען אויף אַ חתונה ניט מחמת משמח צו זיין חתן כלה, וואָס דאָס איז דער עיקר, נאָר זיי קומען כדי צו לאָזען זיך וואוילגעהן, עסען און טרינקען.

איז אָט דאָס די תורה אונז מרמז: „ויקחו לי תרומה", מאַכט ניט דעם עיקר פאַר אַ אַ טפל. שיידט זיך אָפּ פון תענוגי העולם הזה, וואָס זיינען איבערגעהענדע מאָמענטאַלע פאַרגעניגענס, ניט מעהר ווי אַ טפל און האַלט זיך ביים עיקר, לי לשמי — ביי דעם אייביגען, געטליכען, נשמה'דיגען. (דגל מחנה אפרים).

---

„ויקחו לי תרומה" — דער רבש"ע בעט דעם מענש, אַז אומעטום וואוהין ער וועט געהן, זאָל ער אָפּשיידען אַ ווינקעלע ביי זיך אין האַרצען אַ ווינקעלע פאַר גאָט'ס וועגען. (ר' חיים צאַנזער).

---

ויקחו לי תרומה — אויב דו ווילסט מיך נעמען תרומה'דיג, זאָלסטו זיך אָפּשיידען פון אַלע תאוות העולם הזה, „מאת", און זאָלסט זיך מתדבק זיין אין אמת. דעמאָלט „תקחו את תרומתי", וועסטו

קענען מקבל זיין מיין תרומה מלשון הרמה, דערהויבען זיך צו אַ הויכער מדרגה פון „ושכנתי בתוכם״, אַז די שכינה זאָל רוען אין דיר. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

„ויקחו לי תרומה״, יפרישו לי ממונם נדבה (רש״י).

די אידען וואָס ווען זיך אָפּשיידען פון תאוות העולם הזה, דער עיקר, פון תאוות ממון, צו דערווערבען גרויס עשירות וואָס פאַרבלענדט די אויגען פון מענש, פאַרטעמפּט זיין הארץ און איז אָפט גורם אַרונטערצופיהרען דעם מענש פונ׳ם דרך־הישר, אָט־דאָס וועט זיין אַ „נדבה לד׳״. (יוד הקדוש).

---

„ויקחו לי תרומה״, זאָגען די חז״ל: „אפילו עכו״ם נודרים נדרים ונדבות מותר לקחת מהם״, איז דאָך אין פּלוג קשה, ווייל „חסד לאומים חטאת״?

— די תורה איז אונז דאָ מרמז, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק צווישען אידען און נישט־אידען אין געבען צדקה. בעת אידען גיבען צדקה ווייל הקב״ה האָט זיי געבאָטען צו געבען, גיבען ניט־אידען צדקה צוליב רחמנות. דאָס זאָגט אונז די תורה: „דבר אל בני ישראל״, גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן וועגען ענין צדקה, זאָל ער דוקא רעדען נאָר צו די אידען און ניט צו די אומות־העולם. „ויקחו לי תרומה״, אַז זיי זאָלען געבען צדקה, ניט צוליב רחמנות, נאָר „לי לשמי״, ווייל איך האָב זיי אַזוי געבאָטען. „מחמת כל־איש אשר ידבנו לבו״ — אויך פון די אומות־העולם מעג מען נעמען צדקה, כאָטש זיי גיבען ניט מחמת ציווי, נאָר צוליב רחמנות. (ר׳ יהושעלע דזשיקאָווער).

---

„ויקחו לי תרומה — לי לשמי״, — דער לשמי איז געזאָגט געוואָרען אויף דעם ויקחו, אויף די נעמערס, אויף די זאַמלערס, זיי דאַרפען טאָן די מצוה לשם אידעאַליזם, מיט באַוואוסטזיניגקייט, לשם שמים. די נותנים מיינט דאָס נישט, זיי מעגען געבען אפילו שלא לשמה, אַבי זיי געבען. (ר׳ שלום קאַמינער).

---

„ויקחו לי תרומה״ — דאָס וואָס איהר וועט געבען, דאַרפט איהר וויסען, אַז דאָס איז ניט אייערס, דאָס איז גאָט׳ס, ווי דער פּסוק זאָגט „לי הכסף ולי הזהב״, מיין זילבער און מיין גאָלד „תרומה״, זאָלט איהר געבען צדקה. (שפת אמת).

---

... דאָס וואָס מענשען זאָגען: אַז דער וואָס האָט עולם־הזה האָט

אויך עולם־הבא, מיינט מען ניט עולם־הזה, קערפּערליכע פאַרגע־ניגענס און תאווה׳דיגע הנאה, נאָר גייסטיגער תענוג און אינערליבע צופרידענהייט פון געבען צדקה און אַרויסהעלפען אַ נויט־באַדערפ־טיגען אין צייט פון דחקות — פון דעם האָט אַ מענש עולם־הבא בעולם הזה. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

„לי — לשמי" — געלד איז אַ נידעריגע זאַך, גיט מען עס פאַר גוטע צוועקען „לשם שמים" — לשמי, ווערט דאָס געלד אויפ־געהויבען, ווי די חז"ל זאָגען: „אין קיחה אלא לשון הגבהה", דע־ריבער שטעהט אין דער תורה „ויקחו" און ניט „ויתנו". (רמ"ל לענטשנער).

---

„לי הכסף ולי הזהב" — דאַרף דער רבש"ע זיך באַריהמען, אַז צו איהם געהער דאָס גאָלד און זילבער און וואָס געהערט דען ניט צו איהם?

— השי"ת זאָגט צו די אידען, אייער אויפגאַבע איז צו מאַכען דאָס גאָלד און זילבער, עס זאָל זיין „לי". דורך דעם טאָן מיט דעם געלד מצוות און מעשים טובים, זאָלט איהר דאָס געלד אויפהויבען צו מיר. (שפת אמת).

---

צדקה גיט מען נאָר פאַר זיך. דעריבער הייסט דאָס געבען צדקה אַ „לקיחה", ווייל דורך דעם געבען נעמט מען פאַר זיך. (שפת אמת).

---

פונקט ווי דער בליץ ברעכט דורך די פינסטערע כמאַרעס און באַלייכט די ערד, אַזוי ברענגט דאָס געבען צדקה, ליכט און פאַר־שטענדניש צו דער מענשליכער נשמה. (ר׳ שניאור זלמן).

---

## ויקחו לי תרומה — הדא הוא דכתיב, „תורה צוה לנו משה" (מדרש)

דער הויפּט יסוד פון דער תורה, איז צדקה, רחמנות, האָבען אַן אָפענע האַנד פאַרן אָרימאַן און נויטליידענדען. (ר׳ אָשר הורוויץ).

---

ר׳ מענדעלע וויזשניצער איז כידוע געווען אַ גרויסער פּזרן, וויפיל ער האָט געהאַט, האָט ער דאָס צעטיילט צווישען אָרימעלייט. האָט מען איהם איינמאָל געפרעגט:

איהר טוט דאָך געגעזן דיך, האָבען דאָך די חז״ל געזאָגט: „המבזבז אַל יבזבז יותר מחומש״?

— עובר זיין אויף אַ תקנת חז״ל איז טאַקע אַ גרויסע עברה — האָט ר׳ מענדעלע אָפּגעענטפערט — פאַר וועלכען ס׳קומט גיהנם. אָבער בשעת איך צעטייל דעם „חומש״ און דערנאָך קומט אַריין צו מיר אַ איד מיט אַ געוויין, אַז ער, זיין ווייב און קינד האָבען ניט צו עסען, זיינען הונגעריג, קען איך מיך ניט באַהערשען נישט צו טאָן די עבירה, און איך בין מבזבז מעהר פון אַ חומש און טראַכט ביי זיך — פאַרפאַלען, צוליב אַזאַ עבירה איז כדאי צו קריגען גיהנם!

---

„צרופה אמרתך״ — דיינע ווערטער פון דער תורה, רבש״ע, זיינען געלייטערט. „מאד״ (בכל מאדך — ממון), כדי אָבער זיי מקיים צו זיין, מוז מען האָבען געלד צו קויפען תפילין, ציצית, אַן אתרוג און כהנה וכהנה. בפרט מצוות שבין אָדם לחבירו, באַרגען אַ גמילות חסד, געבען אַ נדבה — צו דעם אַלעמען מוז מען האָבען געלד. דעריבער רבש״ע בין איך זיך מודה, „ועבדך אהבה״, אַז דאָס מין געלד האָט אויך דיין קנעכט מאיר, זעהר שטאַרק ליב. (ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאַנער).

---

אַ גאַסטאַנינער חסיד, אַן עושר, אָבער אַ גרויסער קמצן, האָט אַמאָל מכבד געווען ר׳ יחיאל מאיר גאַסטאַנינער מיט סנדקאות. ווען דער רבי האָט זיך געזעצט אויף דער כסא של אליהו, האָט מען לעבען איהם אַוועקגעשטעלט אַ שפּיי־שיסעלע. האָט ער צוגערופען דעם בעל־הבית און מיט אַ גוטמוטיג שמייכעל איהם אַזוי דערצעהלט:

— מיר קומט אָפּט אויס צוזאַמענצוקלייבען געלד פאַר אַ דבר־מצוה. קום איך אַריין אין שטוב פון אַ פּשוט׳ן אידען, פרעגט ער ניט קיין שאלות, דערלאַנגט מיר אַ נדבה — פּטור. טרעפט זיך גראָד — איך דאַרף אויסשפּייען, שפּיי איך אויס און געה מיר ווייטער. קום איך אַריין צו אַ גביר, הויבט ער אָן חוקר ודורש צו זיין, פאַר וועמען דאַרף איך די נדבה, פאַר וועלכען צוועק, הויבט זיך אָן דינגען, דערווילע ציטערט דער גביר טאָמער ווילט זיך מיר אויסשפּייען, ביים גביר טאָר מען ניט שפּייען אויף דער ערד, שטעלט מען אוועק לעבען מיר אַ שפּיי־שיסעלע. אַזוי אַרום קומט מיר אויס שטענדיג אויסצושפּייען פאַר די פּנים׳ער פאַר אַזעלכע גבירים ווי דו...

---

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונם: „קמצנות איז

דאָך זייער אַ מיאוס'ע מדה, ווי קומט דאָס, וואָס די תורה האָט ניט געשריבען קיין איסור אויף קמצנות?"

— טאַקע דערפאַר, ווייל קמצנות איז אַזוי עקעלדיג און אָפּשייליך און איז אַ שטרויכלונג צו די תרי"ג מצוות, האָט די תורה וועגען אַזאַ מיאוס'קייט אפילו קיין איסור ניט געוואָלט שרייבען.

---

ר' לוי יצחק בערדיטשיווער, חוץ זיינע גרויסע מעלות און צדקות, איז אויך געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. אויב ער האָט קיין געלד נישט געהאַט, האָט ער פאַר'משכונ'ט שטוב־זאַכען, געבאָרגט זיך ביי חסידים און דאָס געלד צעטיילט צו אָרימעלייט. האָבען די מקורבים ניט געקענט צוזעהן זיין התנהגות און האָבען איהם געפרעגט:

— זאָגט אונז רבי, דאַרף מען טאַקע אין ענין מצוות צדקה, אַזוי ווי איהר זיך נוהג זיין?

— אָט אַזוי האָב איך געלערנט פון מיין רבי'ן — האָט זיי דער בערדיטשיווער געענטפערט — ווען איך בין געווען אַ יונגערמאַן, פלעג איך יום ולילה זיצען און לערנען. איינמאָל איז מיר געקומען אויפן רעיון, היות די ספרי־מוסר ברענגען, אַז זאָגען גאַנץ תהלים בלי־הפסק איז אַ גרויסע זאַך, האָב איך באַשלאָסען איין טאָג מבטל צו זיין מיין שיעור־לימוד און זאָגען גאַנץ תהלים בלי־הפסק.

בין איך אויפגעשאַנען כעלות־השחר, געדאַוועט מיטן ערשטען מנין, תיכף נאָכן דאַווענען בדחילו ורחימו געשטעלט זיך תהלים זאָגען, אַז איך האָב נאָר געהאַט צו פאַרענדיקען צען קאַפּיטלעך תהלים, קומט אַריין מיין רבינ'ס משמש און זאָגט מיר, אַז דער רבי רופט מיך.

האָט מיך שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצען — מבטל געווען תורה לערנען. האָב כמעט שוין געהאַלטען ביים פאַרענדיגען גאַנץ תהלים זאָגען בלי הפסק און אָט מוז איך שוין מפסיק זיין, אַז איך בין אַריינגעקומען צום רבי'ן האָט ער זיך אויף מיר צעשריען:

— איך ווייס לוי יצחק, וואָס דו האָסט דעם גאַנצען פריהמאָרגען געטאָן. פאַרוואָס ביזטו גלייך ניט געקומען, ווען איך האָב נאָך דיר געשיקט? איך באַדאַרף מאַכען אַ נדבה פאַר אַ אידען!

אַז איך האָב דערהערט צו וואָס דער רבי האָט מיך אַזוי נויטיג באַדאַרפט, האָב איך מיט אַ צוועהטאָגט האַרץ דערצעהלט איהם פון מיינע יגיעות, אויסצוזאָגען גאַנץ תהלים בלי הפסק און אַז איך האָב געהאַלטען שוין ביים פאַרענדיגען, האָט מיך דער משמש גערופען — האָב איך געמיינט, ווער ווייסט וואָס דער רבי דאַרף מיך אַזוי נויטיג.

א נדבה מאַכען פאַר אַ אידען הייסט ביי דיר ניט אַזוי נויטיג? — האָט מיין רבי זיך אויף מיר צעשריגען — זאָלסט וויסען לוי יצחק, דער רבש"ע האָט טויזענטער מלאכים אין הימעל וואָס האַלטען אומ־אויפהערליך איהם אין לויבען און זאָגען שירות ותשבחות. דאַרף דער רבש"ע דיין תהלים זאָגען? אַ טובה טאָן אַ אידען, בפרט שאַפען אַ נדבה פאַר אַ אידען זאָלסטו וויסען שטעהט גרעסער ווי תהלים זאָגען בלי הפסק. ווייל תהלים זאָגען קען אויך אַ מלאך, אַ טובה טאָן אַ אידען — אַ נדבה שאַפען פאַר אַ אידען קאָנסטו, אָבער ניט קיין מלאך!

---

ר' שלמה לייב סאָסעווער פלעגט זאָגען: איך בין מעהר צופרי־דען ווען הונדערט אידען גיבען 100 גולדען איידער איין איד אַליין גיט 100 גולדען.

---

דעריבער מאַכט מען ניט קיין ברכה פאַרן געבען צדקה, ווי מען דאַרף מאַכען אַ ברכה פאַר אַנדערע מצוות, ווייל אַ ברכה דאַרף מען מאַכען בלב שלם, מיט שמחה און על פי רוב ווערט צדקה געגעבען ניט מיטן גאַנצען האַרץ, אָהן חשק און אָהן שמחה. (ר' מענדעל ריי־מאַנאָווער).

---

„לי הכסף ולי הזהב נאום ד'" — איז אויב אַזוי, גיט דאָך דער מענש גאָר נישט זיין אייגענס, נאָר דאָס וואָס ער גיט, איז זיין נדיבות הלב, דעם רצון הטוב בשעת געבען דאָס געלד. אָט דאָס איז באמת זיין אייגענס און דאָס גיט ער. דער מענש אָבער וואָס גיט ניט קיין צדקה מיטן גאַנצען האַרצען און נדיבת־הלב, גיט ער טאַקע גאָר נישט. וואָרום דאָס געלד איז דאָך ניט זיינס און קיין רצון גיט ער אויך נישט, גיט ער גאָר נישט! (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

„אין בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס" — משיח בן דוד וועט ניט קומען ביז דאָס אָנגעזאַמעלטע געלד אין די בייטלען פון די עשירים וואָס גיבען ניט קיין צדקה און טוען ניט קיין גמילות־חסדים, וועט נישט איינגאַנצען זיך אויסלאָזען, זיי וועלען ביז אַ פרוטה פאַר־לירען. (חידושי הרי"ם).

---

ר' ישראל ריזשינער איז איינמאָל אויסגעקומען אונטערוועגענס אָפצושטעלען זיך אין אַ קליין שטעטעל און איז פאַרפאָרען צום גביר פון שטעטעל. אַז אידען האָבען זיך דערוואוסט אַז דער ריזשינער איז אין שטעטל, זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען, אנשים, נשים וטף צום

גביר אין שטוב און האָבען אָנגעטראָגען בלאָטע אין גביר׳ס חדרים. האָט דאָס דעם גביר שטאַרק פאַרדראָסען און ער האָט אָנגעהויבען טרייבען דעם עולם. אַז דער ריזשינער האָט דאָס דערהערט, האָט ער צוגערופען דעם גביר און האָט איהם דערצעהלט אַזאַ מעשה:

— אַן אָרימאַן, אַ דאָרפס־איד, וועלכער האָט געהאַט אַ פרוי מיט זעקס קינדער, און אַן אַלטע פאָטער און מוטער, האָט ניט געהאַט קיין מצות פאַר פסח. פאַרשטעהט זיך, אַז דער צער פונ׳ם דאָרפס־איד איז געווען אונגעהייער. עטליכע טעג פאַר פסח, האָט דער דאָרפס־איד באַשלאָסען אַריינצופאָרען אין דער דערבייאיגער שטאָט, אפשר וועט השי״ת איהם צושיקען צו פאַרדינען פאַר מצות אויף פסח.

כך הוה, ער האָט פאַרדינט פאַר מצות. איז די שמחה פונ׳ם דאָרפס־איד געווען אין לשער. ער האָט טאַקע איינגעקויפט מעל, אָפּגעבאַקען מצות און געלאָזט זיך אויפן וועג אַהיים.

פאַר פסח, ווען דער שניי צעגעהט, ווערען די וועגען זומפּיג און בלאָטיג, איז דער דאָרפס־איד נעבאַך פאַרקראָכען אין אַ טיפע בלאָטע און זיין וועגעלע מיטן פערדעל און מיט די מצות, האָבען אָנגעהויבען זינקען אין דער געדיכטער בלאָטע.

האָט דער דאָרפס־איד שטאַרק זיך צעוויינט על צרת נפשו. בתוך־כך, איז אָנגעפאָרען אַ איד, אַן עושר מיט אַ גרויסען עקיפּאַזש מיט צוויי פערד ווי די לייבען, האָט ער באַפוילען זיין משרת איינצושפּאַנען זיי־נע פערד אינ׳ם דאָרפס־איד׳ס וועגעלע אַרויסצושלעפּען דעם איד פון בלאָטע.

דער עושר האָט שוין דעם דאָרפס־איד ניט אָפּגעלאָזט. האָט איהם באַגלייט ביזן שטוב אַריין און אַז ער האָט דערזעהן דאָס דחקות און עניות, האָט ער איבערגעלאָזט אַ היפּשע מטבע און געהייסען צו־גרייטען פסח ביד־רחבה.

די הערסט, דאָס איז ניט געווען אליהו הנביא, נאָר אַ פּראָסטער בשר ודם, אַ איד, אַן עושר ווי דו. אין אַ צייט אַרום איז דער עושר געשטאָרבען. מ׳האָט איהם געבראַכט פאַרן בית־דין של מעלה. זיי־נען פון אַלע זייטען אָנגעלאָפען מלאכי־חבלה, יעדער באַזונדער האָט אויסגעשריען דעם גביר׳ס עבירות, פון וועלכע ער איז באַשאַפען געוואָרען און פאַרשטעהט זיך, פאַר אַזאַ בעל־עבירה, איז דער פסק־דין געווען לגיהנם.

ווי די מלאכי־חבלה האָבען איהם געפיהרט צום גיהנם, איז אָנ־געלאָפען אַ שניי־ווייסער מלאך און מיט אַ קול חוצב להבות אש האָט ער אויסגעריען: דער פסק־דין איז אַן אומגערעכטער, דער פאַראור־טיילטער האָט מחיה געווען צען נפשות און די חז״ל זאָגען, „כל המקיים

נפש אחת מישראל כאלו קיים עולם מלא" — ניין, איך בין ניט מסכים מיטן פסק.

האט דאס בית־דין של מעלה פארהאלטען דעם עושר און דער מליץ־טוב זיינער, האט ארויפגעלייגט די מצווה, פון וועלכער ער איז באשאפען געווארען אויף דער צווייטער זייט וואגשאל, האבען אבער די עבירות אריבערגעוואויגען, האט דער מליץ־טוב געבראכט דעם דארפס־איד, זיין פרוי, די זעקס זיהן, די אלטע טאטע־מאמע, אזוי ווי דער איד איז ביים לעבען געווען א גרויסער חוטא, האבען די עבירות אלץ אריבערגעוואויגען די וואגשאל.

איז דער מליץ־טוב ווי א בליץ געלאפען און געבראכט דעם דארפס־איד'ס פערד און וואגען און די גאנצע בלאטע וואס ער האט פאר פסח אהיים פארענדיג מיט די מצות אין איהר געזונקען און דער איד, דער עושר, האט איהם פון די בלאטעס ארויסגעשלעפט און די וואגשאל האט מכריע געווען, האט אריבערגעוואויגען אלע עבירות וואס דער איד האט געטאן כל ימי חייו.

פארשטעהסטו שוין איצט דעם כח פון אידישער בלאטע? דו מעגסט פארמאגען א הון־רב, זאלסטו אבער וויסען, אז אידישע בלאטע איז אויך אן עשירות, אט הערסטו ווי אידישע בלאטע האט געהאלפען א איד אן עושר ווי דו, מציל צו זיין מדינה של גיהנם...

---

דער משמש ביים קאצקער רבי'ן האט איינמאל זיך הויך גע־בייזערט אויף חסידים וואס זיינען אריינגעקומען אין רבין'ס קליינעם בית־המדרש אריין מיט בלאטע, האט דער רבי דערהערט די קולות פונ'ם משמש און האט צו איהם אויסגעשריען:

— פייוועל, וואס שרייסטו אויף זיי, ווייסטו נישט, ווי עס שטעהט אין פסוק „אשרי הגבר אשר מלא את אשפתו מהם"?...

---

## ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם (כה. ח.)

ועשו לשמי בית קדושה (רש"י) —

די פליכט פון א איד איז אריינצוברענגען קדושה אין זיין פריי־וואטען בית. זיין שטוב און זיין משפחה־לעבען זאל זיין מיט קדושה. מאכען א מקדש ביי זיך אין שטוב, אין אייגענעם הויז. (ר"מ אמשינא־ווער).

---

„ועשו לי מקדש" — כידוע זיינען די בתי־כנסיות און בתי־מדרשות במקום בית המקדש. פונקט ווי דער כהן־גדול ווען ער

פלעגט אריינגעהן אין בית־המקדש, האט ער אלע זיינע מחשבות און רעיונות מכוון געווען לשם שמים, אזוי איז דער חוב פון יעדען איד, אז ווען ער געהט אריין אין שוהל אדער בית־המדרש, מכוון צו זיין אלע זיינע מחשבות און רעיונות צום רבש״ע. „ושכנתי בתוכם״ — נאר אזוי ארום, וועט דער רבש״ע האבען מנוחה און מאכען זיין וואוינונג צווישען די אידען. (ר׳ משה׳לע קאזשעניצער).

---

ר׳ יחזקאלע קאזמירער איז איינמאל אויסגעקומען אונטערוועגענס צו דאווענען אין א פרעכטיג אויפגעבויטער שוהל, אבער די מתפללים האבען אויף איהם קיין באזונדערען גוטען איינדרוק נישט געמאכט. באד׳ן דאווענען האבען מאנכע מתפללים שטאלץ מיט זייער שוהל געוואלט הערען די מיינונג פון ר׳ יחזקאלע, ווי עס געפעלט איהם עפעס די שוהל.

— שעהן, אויסגעצייכענט שעהן! — האט זיי ר׳ יחזקאלע כלאחר־יד מיט א שמייכעל אפגעענטפערט — עס איז א שיינער „קוגעל שארבען״, אבער אהן „פעטס״, און כידוע, קען מען קיין „קוגעל״ אהן „פעטס״ ניט מאכען!...

---

„ד׳ אהבתי מעון ביתך״ — כאטש עס איז צוזאמענגעשטעלט פון עצים ואבנים, האב איך דאס ליב, ווייל „מקום משכן כבודך״, דאס איז אן ארט וואו עס רוט די שכינה. (קאצקער).

---

„ושכנתי בתוכם״ — איך וועל רוען אין די אידען, ווייל אין יעדען איד געפינט זיך דער משכן און דער בית־המקדש. (שפת אמת).

---

א מענש דארף תמיד זיין נזהר פון צו טראכטען שלעכטע מחשבות, ווייל דער מוח פונ׳ם מענש איז קדש קדשים, דארט ליגט דער ארון, די לוחות און דורך טראכטען שלעכטע מחשבות, שטעלט דער מענש אליין אריין א צלם אין זיין אייגענעם היכל. (בערדיטשיווער).

---

## בטבעות הארון יהיו הבדים, לא יסורו ממנו (כה. טו.)

„טבעות״ מיינט מען די „טבעת־קידושין״, די מצוות וואס דער איד טוט און איז מקדש דעם רבש״ע דורך דעם וואס ער זאגט „אשר קדשנו במצותיו״, יהיו הבדים — דורך די מצוות זיינען די אידען פארבליבען אן עם לבדד ישכון. לא יסורו ממנו און צוליב די מצוות

וועט השי"ת תמיד בלייבען זיי געטריי און וועט זיי קיינמאָל ניט פאַרלאָזען. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

## לעמת המסגרת תהיין הטבעות (כה. כז.)

„טבעת" איז מלשון „טבע" — אַלע תאוות פונ'ם מענשען וואָרצלען אין זיין שלעכטער טבע, וואָס ווערט ביי איהם אַ רגילות. זאָגט אונז די תורה, לעומת המסגרת תהיין הטבעות" — דער מענש דאַרף זיינע תאוות פאַרשליסען און ניט לאָזען זיי אַרויסגעהן חוץ־לגבול. (ר' מרדכי קרעמעניצער).

---

„לעומת המסגרת תהיין הטבעות" — וויפיל מען איז אָנגעשלאָסען אין דער קדושה, אַזוי פיל קען מען נהנה זיין פון דער „טבעיות", — פון דעם נאַטירליכען און עולם־הזה'דיגען. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

## וכפלת את היריעה הששית (כו. ט.)

דער עיקר ברכה פאַר די זעקס טעג אין דער וואָך קומט פון שבת. פאַר שבת גופא „וכפלת את היריעה הששית", זאָלסטו פרייטאָג טאָפּעלט צוגרייטען, ווייל „מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת". (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

## שתי ידות לקרש האחד (כו. יז.)

די אותיות „קרש" מאַכען „שקר". האָט אונז דאָ די תורה מרמז געווען, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי טייטשען אין „קרש". אַז דו וועסט זיך דערווייטערען פון שקר, וועסטו ממילא זוכה זיין צו דער העכסטער קדושה צו ווערען אַ טייל פונ'ם משכן. ווען דו ווילסט מאַכען פון „שקר" „קרש"... (נועם אלימלך).

# תצוה

## ואתה תצוה (כז. כ.)

**השי"ת האָט געזאָגט צו משה'ן: „כאָטש דו ביזט אויף אַ הויכער** מדרגה, זאָלסטו זיך ניט אָפּשיידען פון אַלע אידען. תצוה — מלשון חיבור „צוותא חדא", זאָלסט זיך מתחבר זיין מיט זיי, לערנען ווי צו לעבען און ווי זיך אויפצופיהרען. להעלות נר תמיד, כדי אויך זייערע נשמות, זאָלען קענען דערגרייכען צו אַ הויכער מדרגה. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

**ואתה תצוה — אַז דו משה וועסט זיך באַהעפטען צום כלל־ישראל.** כתית, וועסטו זיך אַליין צעשטויסען, האַלטען זיך במדת ענוה, למאור, ערשט דעמאָלט וועסטו קענען פאַר אַנדערע זיין אַ „נר־תמיד", אַ מנהיג און אַ ראש לבני ישראל. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

**„ואתה תצוה" — דורך דעם וואָס משה רבנו האָט זיך מוסר** נפש געווען לטובת כלל ישראל, נאָך דעם ווי די אידען האָבען גע־מאַכט דאָס עגל, האָט איהם גאָט געזאָגט: „הרף ממני ואשמידם", האָט משה געבעטען „מחני נא מספרך" —איז אָט דער דאָזיגער **מסירות־נפש איבערגעגאַנגען צו יעדען איד עד סוף כל הדורות.** (קאָזשעניצער מגיד).

---

**„ואתה תצוה", די נוטריקון פון „תצוה" מאַכען „צעקת הדל** תקשיב ותושיע". גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: „באַפעל די אידען, **זיי זאָלען פאַרנעמען דאָס געשריי פון אָרימאַן און נויטליידענדען, ווייל** „כל המרחם על הבריות, מרחמין עליו מן השמים". (ר' אָשר הורוויץ).

---

**ואתה תצוה — צום ערשטן „ואתה", דאַרפסטו זעהן צי דו אַליין** **ביסט פאָלקאָם אין אָרדענונג, ערשט נאָך דעם — „תצוה", מעגסטו** **באַפעלען צו אַ צווייטען.** (הנ"ל).

---

## כתית למאור (כז. כ.) ולא כתית למנחות (רש"י)

אַז מען וויל איינעם טשעפּען, דאַרף זיין „למאור", צו באַלייכטען און ווייזען דעם דרך־האמת, אָבער ניט „כתית למנחות", צו באַליידי־גען און דערנידעריגען איהם. (רמ"מ וואָרקער).

---

„כתית" — כאַטש אין גלות ווערען די אידען צעשטויסען, וועט אָבער קומען די צייט „למאור", וואָס זיי וועלען לייכטען ווי „זך", ווי די ראשי תיבות מאַכען „זורח כתית", עס וועלען לייכטען די צע־שטויסענע. (רמ"ל סאַסעוווער).

---

דער רבש"ע האָט די אידען אַריינגעגעבען אַזאַ כח, אַז אפילו זיי זאָלען וועלען זיך אויסמישען מיט די אומות־העולם זאָלען זיי נישט קענען, פונקט ווי שמן־זית קען זיך מצד זיין אייגענשאַפט באַין אופן ניט אויסמישען מיט אַנדערע משקאות. (שפת אמת).

---

פאַר־וואָס רופט מען אַ בן־ישראל „יוד"? מרמז צו זיין, פונקט ווי אַ „י", ווען מען מעקט אויס דאָס קורצע קליינע פיסעלע, בלייבט ניט מער ווי אַ פלעק, אַזוי בלייבט ניט מער פון דעם „יוד", וואָס מינערט און איז מקצר זיין אידישקייט — אַן אויסגעשמירטער פלעק. (ר' מאיר'ל פּרעמישליאַנער).

---

„כתית למאור" — נאָך דעם ווי דער מענש צעשטויסט אַלע זיינע שלעכטע געוואוינהייטען און תאוות, הויבט ער ערשט אָן צו לייכטען. (רמ"ל סאַסעוווער).

---

„כתית" — עס טרעפט אַמאָל, וואָס אַ מענש ווערט צעשטויסען, פאַלט אַרונטער פון זיין מדרגה, איז אויב ער פאַרצווייפעלט ניט און פאַרלירט זיך נישט, „למאור", קען ער אַמאָל דורך דער ירידה דער־גרייכען צו העכערע מדרגות, „להעלות נר תמיד", אַז די ירידה זאָל גאָר פאַרוואַנדלט ווערען אין אַן עליה. (ר' יהושע'לע דזשיקאָווער).

---

„מדליק עד שתהא שלהבת עולה מאליה" (רש"י).

אין יעדען אידישן האַרץ איז פאַראַן אַ געטליכע נקודה, וואָס קען קיינמאָל ניט פאַרלאָשען ווערען. מען דאַרף נאָר די „נקודה" אָנצינדען, צעפלאַמט זי זיך אין אַ ליכטיגען פייער. מען דאַרף נאָר

זיין אַ „מדליק", איז דאַן אויטאָמאַטיש, השלהבת עולה מאליה. (רמ"ל לענטשנער).

---

„כתית למאור", אינ'ם וואָרט „כתית" איז אָנגעצייכענט ווי לאַנג ס'וועלען עקזיסטירען ביידע בתי מקדשים. ווען דאָס ערשטע בית־המקדש וועט עקזיסטירען „ת"י" ; — פיר הונדערט און צען יאָהר און דאָס צווייטע בית־המקדש וועט עקזיסטירען „ת"כ" — פיר הונ־דערט און צוואַנציג יאָהר, „כתית" — וועלען זיי ביידע צעשטויסען ווערען, וועלען זיי ביידע חרוב ווערען. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

## שתי כתבות חוברות (כח. ז.)

כידוע, איז דער מענש צעטיילט אין צווייען, גוף און נשמה. יצר הרע און יצר טוב. דאַרפען אָט־די צעטיילטע קאָנטראַסטען זיין חוברות, באַהעפט און פאַראייניגט ביים מענש בלויז צום גוטען. (ר' זאב צבי זבאַרשער).

---

## ועשית משבצות זהב (כח. יג.)

אַ איד איז אַמאָל געקומען צו ר' מרדכי יוסף, מחבר פונ'ם „מי השלוח" און זיך מתנצל געווען, היות ער איז אַ גרויסער אָרימאַן, ער האָט ניט מיט וואָס מפרנס צו זיין דאָס בני־בית, האָט ער געקויפט פאַרן לעצטען גילדען אַ לאָטערי צעטעל, בעט ער דעם רבי'ן, ער זאָל פאַר איהם מתפלל זיין, אַז ער זאָל זיין דער זכה בגורל און גע־ווינען דאָס גרויסע געווינס.

— צו וואָס זאָל איך פאַר דיר בעטען? — האָט איהם ר' מרדכי יוסף מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — אָט שטעהט דאָך בפי־רוש אין דער היינטיגער סדרה תצוה, אַז טאַקע נאָר דו וועסט געווי־נען דאָס גרויסע געווינס. „ועשית משבצות זהב" — אַז דו וועסט מאַכען פולע קעסטעלעך גאָלד...

---

## ולא יזח החשן מעל האפוד (כח. כח.)

כידוע איז דער חשן געווען אויפן האַרץ. „אפד" באַטרעפט 85, ווי דאָס וואָרט „פה", איז דאָס דער פירוש ולא יזח החשן מעל האפוד — דאָס האַרץ זאָל ניט זיין ווייט פונ'ם מויל, דאָס האַרץ און דאָס מויל זאָלען תמיד זיין איינס. (ר' הירש רימאַנאָווער).

---

„ולא יזח החשן מעל האפוד" און עס שטעהט ניט פארקערט. איז דאס אן אזהרה פאר די אידישע פאלקס מאסען ניט צו פאר־שטויסען דעם חשן משפט, דעם תלמיד־חכם פון דעם געזעלשאפט־לעכען. (תולדות).

## שפה יהיה לפיו סביב (כח. ל. ב.)

האלט דיינע ליפען אין צוים. היט דיין צונג פון לשון־הרע, רכילות און שקר, ושפתוך מדבר מרמה, זאלסט ניט רעדען אחד בפה ואחד בלב. (רבי מלובלין).

## ונשמע קולו (כח. לה.)

דער סימן, אז דאס קול פון דרשן ווערט צוגעהערט, בבואו, אל הקודש, אז די ווערטער פון דרשן גרייכען אין די טיפעניש פון די צוהערער'ס הערצער. (רבי ר' זושא).

„דורש דמים" — דער דרשן און רעדנער וואס דרשנ'ט פאר געלד אותם זכר, געדענקט ער זיך אין דעם געלד. פאר דעם צוועק וואס ער רעדט מיינט ער ניט ערנסט און איז בכלל ניט נאענט צום האר־צען. (רמ"ל לענטשנער).

„שמעו אמרי כי נעמו" — אויב א מענש וואס איז א דורש־ברבים זאגט צום עולם „שמעו אמרי" — הערט צו מיינע רייד, הערט מיינע דרשות, „כי נעמו", ווייל זיי זיינען זיס, איך רעד שעהן. דער עיקר תכלית פון זיין דרשנ'ען באצוועקט ער, צו געפעלען ווערען דעם עולם, ער מיינט ניט און פיהלט ניט וואס ער זאגט. זיינע ווערטער קומען ניט ארויס פון דער טיפעניש פון זיין הארץ, בעת דעם דרש'ענען האט ער נאר במחשבה צו באנוצען געפליגעלטע ווערטער, כדי נושא־חן צו זיין ביי די צוהערער, אזא דרשן איז גלייך „כמו פולח ובוקע בארץ" — ווי איינער וואס האקט האלץ. אנשטאט צו טרעפען מיט דער האק אין האלץ, שפאלט ער די ערד, זיין דרשה מאכט ניט קיין רושם אויף דעם עולם און עס איז גלייך ווי ער וואלט גערעדט אל העצים ואל האבנים. (ר' ישראל ריזשינער).

## את כל־החלב המכסה את־הקרב (כט. יג.)

דער מענש, וועמענס איינציגע כוונה אויף דער וועלט איז נאר אנצופילען זיין בויך — עסען טרינקען און פעט ווערען, פארדעקט

דאָס חלב זיין אינעווייניגסטע מענשליכע געפיהלען און אַטראַפירט די הומאַניטאַרע באַציאונגען וואָס דאַרפען הערשען בין אָדם לחבירו. (רבי ר' בונם).

---

## ושכנתי בתוך בני ישראל והייתי להם לאלהים (כט. מה.)

דער שם „אלהים" איז כידוע מדת הדין, טאָ וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער דאָ?

אַז אַ פאָטער האָט שטאַרק ליב זיין קינד, ניט בלויז באַשיצט ער איהם פון שלעכטס, נאָר ער באַשטראָפט די מענשען וואָס טוען זיין קינד שלעכטס. צוליב דעם „ושכנתי בתוך בני ישראל", זאָגט דער רבש"ע, וואָס איך וועל די אידען אַרויסווייזען מיין אהבה און איך וועל רוען צווישען זיי, וועל איך זיך ווי אַ געטרייער טאַטע וואָס האָט ליב זיין קינד באַנוצען מיטן מדת־הדין און באַשטראָפען די, וואָס פייניגען און טוען שלעכטס צו די בני ישראל. (המגיד ממעז־ריטש).

---

אָפּגעטער זיינען שעהן און באַצויבערנד, נאָר פונדערווייטענס, דערנעענטערט מען זיך צו זיי, דערזעט מען אַז זיי זיינען גאָר נישט מיט גאָר נישט. „ושכנתי בתוך בני ישראל", אַז אַ איד דערנעענ־טערט זיך צום רבש"ע, „והייתי להם לאלהים", דערנעענטערט ער זיך צו גאָט, און דערקלערט די גדלות פון השם יתברך. (ר' העניך מאלכסנדר).

---

„כמה לא חלי ולא מרגיש גברא דמרא סייעיה" — דאָס וואָרט „סייעיה" איז מלשון „בסיעה", — אָוועקגעפאָרען. וועה איז צום מענש, וואָס פילט גאָר נישט, ווי דער מרא דעלמא, דער רבש"ע, רוקט זיך אָוועק פון איהם און איהם דוכט זיך נאָך אַלץ אַז ער איז דער־זעלבער איד ווי געווען אַמאָל. (ר' דוד'ל טאָלנער).

---

ווען ר' נפתלי ראָפּשיצער איז געווען אַ יונג קינד האָט אַ חסיד געזאָגט צו איהם:

„נפתלי, נאַדיר אַ גולדען און זאָג מיר וואו עס וואוינט גאָט!

האָט דער קליינער נפתלי ניט לאַנג געטראַכט און דעם חסיד אָפּ־געענטפערט:

— נאָט אייך צוויי גולדען און זאָגט מיר וואו עס וואוינט נישט גאָט!...

# כי תשא

## כי תשא את־ראש בני ישראל (ל. יב.)

— רבונו של עולם! — האט ר' משה ליב סאסעווער גע'טענה'ט צו גאט — אויב דו ווילסט אויפהויבען דעם „ראש בני ישראל", איז מיין עצה „ונתנו איש כפר נפשו", — זאלסטו יעדען איד געבען פרנסה בריוח, ער זאל האבען כל צרכו. ווייל עניות און דחקות זיינען מעביר את האדם על דעתו ועל דעת קונו.

---

## ונתנו (ל. יב.)

ר' מענדעלע רימאנאווער האט אמאל צוגעוואונשען א יונגעמאן ער זאל האבען פרנסה, האט דאס גליק איהם צוגעשפילט און ער איז געווארען א גרויסער עושר, האט ר' נפתלי ראפשיצער געפרעגט ביי ר' מענדעלען: „היתכן, ווי קומט דאס, וואס דער רבי האט אזא עשירות אפגעגעבען צו א פראסטען אידען?"

— גלויבט מיר, איך בין דא גאר ניט שולדיג! — האט ר' מענדעלע זיך פארענטפערט — געבענשט האב איך דעם יונגענמאן מיט פרנסה, איז ער געווארען א גרויסער בעל־צדקה. ווייסט איהר דאך, דאסווארט „ונתנו" לייענט זיך אהין און צוריק. אז דער יונגער־מאן האלט דא פון „ונתנו" האלט מען אויך אין הימעל פון „ונתנו", וויפיל ער גיט צדקה, גיט מען איהם פון הימעל צוריק כפל־כפלים.

---

א חסיד האט אמאל געפרעגט ביי ר' יצחק ווארקער: אין אבות ווערט געזאגט: „האומר שלי שלי ושלך שלך, זו מדה בינונית. ויש אומרים זו מדת סדום". די חלוקי דעות וועגען דעם מאמר איז דאך אזא שארפע און דער אונטערשייד עפעס א גאר גוואלדיגער?

— דער רעיון פון דעם מאמר איז אדרבה גאר א פשוט'ער האט דער ווארקער אפגעענטפערט — „האומר", ווען מ'קומט צו איינעם נאך א נדבה, זאגט ער: „שלי שלי" — איך האב אייגענע

נאָענטע קרובים, וועלכע איך מוז שטיצען און העלפען און קען דער־פאַר ניט געבען פאַר פרעמדע קיין גרויסע נדבות, „זו מדה בינונית", די האַנדלונג און תשובה פון אַזאַ מענש איז אוודאי ניט קיין לויבענס־ווערטע, פונדעסטוועגען קען מען איהם צופיל ניט טאַדלען, אייגענע, נאָענטע קרובים זיינען פאַרט בילעכער, דאָס איז טאַקע אַ דורכ־שניטליכע מדה — אַבי ער גיט.

„ויש אומרים" — אָבער ווען דער דאָזיגער פאַרשוין מאַכט די דאָזיגע תשובה פאַר אַ תירוץ, צו זיין פטור פון געבען צדקה, באמת גיט ער ניט זייגע קרובים און וויל קיין אַנדערע אויך ניט העלפען, אַזאַ פאַרשוין איז אַן אמת'ער מענש פון סדום...

---

האומר שלי שלך, ושלך שלי — עם הארץ. פאַר וואָס איז דער וואָס זאָגט אַזוי אַן עם הארץ?

— יראת שמים, פרומקייט, איז כידוע די אויסשליסליכע בחירה און רצון פון מענשען. דאַגעגען עשירות, רייכטום ווערט געגעבען פונ'ם אויבערשטען. האָבען דאָס געזאָגט די חכמים: „האומר", דער וואָס זאָגט „שלי", יראת שמים, פרומקייט וואָס איז אָפּהענגיג אין דער הנהגה פון מענשען איז „שלך" פון גאָט, אַז גאָט וויל, איז דער מענש פרום. „ושלך" עשירות וואָס ליגט אין גאָט'ס האַנד, זאָגט דער מענש אַז דאָס איז „שלי" — פון מיין האָרעוואַניע, פון מיין אַרבייט און חכמה, „כחי ועוצם ידי עשה לי את כל החיל הזה", מיט מיין אייגענעם כח האָב איך דערוואָרבען מיין עשירות, זאָגט ער דאָך פונקט פאַרקערט ווי עס איז. אַזאַ פאַרשוין איז דער אמת'ער „עם־הארץ". (רבי ר' בונם).

---

„ונתנו איש כפר נפשו" — זאָלען די וואָס געבען צדקה ביי־שטייערען לויט זייערע מעגליכקייטען, ולא־יהיה בהם נגף בפקוד אותם, וועלען זיי, די גבאים של צדקה ניט פאַרדאַמען און שילטען ביים צעהלען די אָנגעזאַמעלטע נדבות. (רמ"ל לענטשנער).

---

„כפר נפשו" — משה רבנו איז געווען אַ פּלא: ווי קען אַ פשוט'ע מטבע זיין אַ „כופר נפש"?

האָט דער רבש"ע געוויזען איהם די מטבע און געזאָגט צו איהם: אויב דאָס געבען די מטבע, געבען צדקה, וועט זיין מיט התלהבות, וועט דאָס דעמאָלט זיין אַ כופר נפש. ווייל ווען מען גיט צדקה מיט פרייד, מיט ענטוזיאַזם, גיט מען ממילא ניט בלויז די קאַלטע מטבע, נאָר מען גיט מיט אַ שטיק האַרץ, אַ טייל פון דער אייגענער נשמה. (קאָצקער).

---

אַ חסיד, אַן עושר, האָט אַמאָל געהאַלטען אין באַריהמען זיך פאַר ר׳ חיים צאַנזער, אז ער גיט אַ סך צדקה און געהאַלטען אין צוזאָגען „ניט אויסגערעדט זאָל עס זיין".

— הער אויף מיט דיין „ניט אויסגערעדט זאָל עס זיין" — האָט איהם דער צאַנזער פאַרדראָסיג אָפּגעענטפערט — זאָל עס זיין יאָ אויסגערעדט, אַבי דו זאָלסט נאָר געבען צדקה ווי דו זאָגסט...

---

## זה יתנו (ל. יג.)

הראה לו כמין מטבע של אש. ואומר לו כזה יתנו (רש״י).

בעת געבען צדקה דאַרף מען געדענקען אַז די מטבע, דאָס מין געלד, פאַרמאָגט אין זיך גוואַלדיגע כחות און איז פונקט ווי פייער וואָס קען פאַרברענען און צעשטערען, עס קען אָבער אויך וואַרעמען און נוצען ברענגען. באַנוצט מען זיך מיטן געלד פאַר וואוילטעטיגע צוועקען — צדקה און גמילות חסדים, איז דאָס געלד נוצליך פאַרן מענש און פאַרן וואוילזיין פון די מיט־מענשען, באַנוצט מען די מטבע פאַר הפקרות, צו שטילען די תאווה, איז דאָס געלד גורם פאַרניכטונג און צעשטערונג. (נועם אלימלך).

---

פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם געוויזען משה׳ן דוקא אַ „מטבע של אש" און האָט איהם ניט געוויזען אַ מוסטער ווי אַזוי צו מאַכען דעם משכן און די אַנדערע כלי־קודש?

— משה רבנו׳ן איז געווען אַ גרויס וואונדער, ווי קומט דאָס, וואָס אַזאַ קליינע מטבע ווי אַ „מחצית השקל" זאָל גילטען פאַר אַ „כופר נפש"? האָט איהם השי״ת געוויזען אַ „מטבע של אש" און האָט איהם אַזוי געזאָגט: „בעת עס קומט צו געבען צדקה, צעברענט זיך דער יצר־הרע אין אַ פלאַקער־פייער, ניט צו דערלאָזען דעם מענש צו געבען אַ מטבע — כל׳ערליי תירוצים אין דער וועלט גראָבט אויס דער יצר־הרע צוריקצוהאַלטען דעם נותן פון געבען. עס פאָדערט זיך אומגעהייערע אָנשטרענגונג פון מענשען, גובר צו זיין דאָס פייער פונ׳ם יצר־הרע. דערפאַר איז די מצוה פון געבען צדקה אַזוי באַדייטענד, אַז זי ווערט פאַררעכענט פאַר אַ „כופר נפש". (ר׳ משה קאָברינער).

---

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ גרשון העניך ראַדזינער: ווי קומט דאָס וואָס די מערסטע אַפּיקורסים, ווען עס קומט צו מצות צדקה, גיבען זיי תמיד שענערע נדבות ווי חסידים און „אַנשי מעשה"?

— ס'איז אַ בפירוש'ער פסוק אין דער תורה — האָט ר' גרשון העניך געענטפערט — „זה יתנו כל העובר על הפקודים"...

---

„זה יתנו" — הראה לו כמין מטבע של אש, ואמר לו זה יתנו כל העובר על הפקודים". אַזוי ווי ס'איז די טבע פון פייער, אַז עס ברענט רוט עס נישט. ווערט גרעסער און פלאַמיגער, אַזוי איז מיט אַ מענש ווען עס כאַפּט זיך אַריין אין זיין האַרץ אַ רצון נאָך תשובה, גיט עס איהם ניט קיין מנוחה. ווי די נוטריקון פון „שקל" מאַכען „שכבך", „קומך", „לכתך". ביים לייגען, אויפשטעהן און אַרומגעהן ברענט דער רצון נאָך תשובה ביז דער מענש ווערט אַן אמת'ער בעל־תשובה. (יוד הקדוש).

---

„זה יתנו — הראה לו הקדוש ברוך הוא מטבע של אש, ואמר לו כזה יתנו", — מיט וואַרעמקייט און האַרציגקייט זאָלט איהר געבען. צדקה לשם מצוה, מיט אמת'ער כוונת הלב, איז אפילו אַ קליינע מטבע פאַר אַ מענשען אויך שווער צו געבען. (רמ"ל סאַסעווער).

---

## מחצית השקל (ל. יג.)

שמועסענדיג אַמאָל מיט זיינע מקורבים וועגען דער גרויסער ראָלע פונ'ם צדיק הדור ביי אידען, האָט ר' אהרן קאַרלינער געזאָגט: אין דער תורה איז דאָ אַ רמז, אַז דער צדיק איז די צענטראַל־פיגור, דער לעבענס־נערוו פונ'ם פאָלק און די וואָס קאָנצענטרירען זיך אַרום איהם זיינען לעבעדיג שעפערישע מענשען און די וואָס זיינען ווייט פון איהם זיינען גלייך ווי טויטע.

דאָס וואָרט „מחצית" באַשטעהט פון פינף אותיות. אין צענטער שטעהט דער „צ" (צדיק), די נאָענטע אותיות פון ביידע זייטען אַרום צדיק מאַכען „חי" און די אותיות פון ביידע זייטען, וואָס זיינען ווייט פונ'ם צדיק, מאַכען „מת"...

---

## העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט (ל. טו.)

רמז להם כאן ג' תרומות: א) תרומת אדנים. ונתנו כל אחד ואחד מהצית השקל. ב) קרבנות צבור. ונתנו כל אחד מחצית השקל. ג) תרומת המשכן. איש איש מה שנדבו לבו. (רש"י).

די תורה האָט פאַרזאָגט ביי די אדנים און קרבנות „העשיר לא ירבה", טאָמער טרעפט זיך אַ גביר אַן עם האָרץ, וואָס וועט ביישטיי־

ערען אַ באַדייטענדע סומע געלד פאַרן משכן און וועט, ווי דער שטייגער פון אַזעלכע גבירים איז, מתרעם זיין פאַר וואָס מען פאַר־שווענדט געלד, צו מאַכען זילבערנע שוועלען און קופּערנע שוועלען — וועט ער טענה'ן — טויג נישט. איז אויך די־והותר, און פאַר־וואָס דאַרף מען דאָס מקריב זיין אַ קרבן עולה, וואָס ווערט איינ־גאַנצען פאַרברענט אויפן מזבח? האָט דאַרום די תורה ביי די צווי תרומות פאַרזאָגט „השוו בהם עניים ועשירים" — אַז אָרים און רייך זאָלען זיין גלייך, כדי דער רייכער זאָל ניט האָבען די חוצפה, צו זאָגען אַ גרעסערע דעה ווי דער אָרימאַן. אָבער פאַר תרומות המשכן, צו פאַרשענערען און פאַרבעסערען דעם משכן און אָרון, פאַר דעם איז די תורה זיכער געווען, אַז אַלע וועלען מסכים זיין וואָס מעהר געלד אויסצוגעבען, דעריבער „איש איש מה שנדבו לבו". (רמ"ל סאַסעווער).

---

דער צוועק פון מחצית השקל איז געווען „לכפר על נפשותיכם", מכפר צו זיין אויף די באַגאַנגענע חטאים און עוונות. האָט מען דע־ריבער געגעבען מחצית השקל, אַ העלפט, ווייל די אַנדערע העלפט איז כביכול אַליין שולדיג וואָס ער האָט באַשאַפען דעם יצר־הרע ער זאָל אונז אָנרעדען צו זינדיגען. (רבי ר' בונם).

---

„אחד המרבה ואחד הממעיט ובלבד שיכוון לבו לשמים" — דער „דל", דער אָרימאַן, ער איז זיכער מכוון לבו לשמים. געמיינט האָבען די חז"ל דעם עושר, וואָס איז אַ „מרבה". דער עושר רעדט זיך דאָך איין, אַז מיט זיין מער געבען טוט ער אַלעמען אַ טובה, איז פאַר איהם דעריבער שווערער מכוון צו זיין לבו לשמים. ובכדי דאָס געבען מחצית השקל זאָל פון אַלעמען זיין לשם שמים, האָט די תורה פאַרזאָגט „העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט". (ר' דוד'ל קאָצקער).

---

## ובחרושת אבן למלאת ובחרושת עץ לעשות (לא. ה.)

כידוע איז דעם גרויסען למדן שווער צו לערנען מיט דרדקי־קינדער און דער וואָס איז ניט קיין למדן, קען ניט לערנען מיט גרעסערע תלמידים. דער וואָס איז אָבער אַ גרויסער תלמיד־חכם און געלערענטער קען לערנען מיט אַלעמען און די תלמידים זיינען מקבל יעדער לויט זיין שכל און פאַרשטאַנד. ווי דער פסוק זאָגט אונז וועגען שלמה המלך, אַז ער איז געווען אַזאַ חכם „וידבר אל העצים ואל האבנים", אפילו מיט העלצער און שטיינער האָט ער געקענט לערנען. אַזוי זאָגט אונז די תורה וועגען בצלאל: „ואמלא

אותו רוח אלהים בחכמה, ובתבונה, ובדעת", אַז ער וועט קענען לערנען אפילו מיט די וואָס האָבען שטיינערנע הערצער און הילצערנע קעפּ... (דגל מחנה אפרים).

---

## ואתה דבר אל בני ישראל (לא. יג.)

גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן, ווייל דו שטעהסט אויף אַ העכערער מדרגה פון אַלע נביאים, איז דאַרום דיין חוב, צו זאָגען צו די אידען: „אַך" וואָס באַטרעפט 21 וויפיל ס'באַטרעפט „אהיה", „את שבתותי" און „שבת" וואָס באַטרעפט במספר קטן „9" וויפיל ס'באַטרעפט במספר קטן „אמת". תשמרו — זאָלט איהר דער עיקר היטען. כי „אות" הוא ביני וביניכם, ווייל דער שבת איז דער „אות" פון מיין נאָמען „אמת". פונקט וויפיל ס'באַטרעפט „אָדם" במספר קטן. לדורותיכם, זאָל דער שבת האָבען זיין דירה צווישען אייך און אייערע קינדער פאַר דור דורות. כי אני ד' מקדשכם — נאָר דורך אָפּהיטען דעם טאָג שבת וועט איהר דערגרייכען צו דער מדרגה פון קדושת השם. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

שבת האָט הקב"ה געגעבען די אידען ניט פאַר אַ מצוה מקיים צו זיין, נאָר פאַר אַ מתנה טובה פון זיינע באַהאַלטענע אוצרות. (ר' שמעלקע ניקאָלשבורגער).

---

„מתנה טובה יש לי בבית גנזי ושבת שמה" — פּונקט אַז מען וויל אויפוועקען אַ מענש פון פאַרטיפטען שלאָף רופט מען איהם ביים נאָמען, אָט אַזאַ כח באַזיצט דער טאָג שבת, ווען מען רופט און מען דערמאָנט זיין נאָמען אויפצואוועקען און אויפצומונטערען דאָס אידישע חיות און אידיש לעבען פון דעם פאַרזונקענעם נאַכטיגען גלות. (ר' דוד זאַבלטאָווער).

---

חוץ וואָס שבת פאַרשאַפט דעם מענשען מנוחה, איז שבת די גרינגסטע און ליבסטע מצוה מקיים צו זיין. מ'דאַרף ניט קיין באַזונדערע אָנשטרענגונג צו מאַכען צו גרייכען די מצוה. ווען ס'קומט פרייטאָג צו שקיעת־החמה ביזטו שוין אינמיטען פון דער מצוה און דו געהסט ניט אַרויס פון דער מצוה דעם גאַנצען מעת־לעת, אפילו אַ רגע. (רמ"ל לענטשנער).

---

„וקראת לשבת עונג", אַ גאַנצע וואָך זאָלסטו רופען און בעטען ביי השי"ת ער זאָל דיר געבען „בני חיי ומזוני", און אַלע נויטיגע הצטרכות'ן, כדי ווען דער שבת וועט קומען, זאָלסטו קענען האָבען תענוג. (רמ"ל סאָסעווער).

---

פרייטאָג בין־השמשות פלעגט ר' יהושע'לע בעלזער מיט גרויס דביקות און התלהבות זאָגען שיר־השירים, אַז ער איז געקומען צום „יפה אַת רעיתי", פלעגט ער אויסדרעהען זיך מיטן פנים צום עולם חסידים און בקול־רם אויסשרייען:

— אידען, איהר הערט, די שכינה זאָגט „יפה אַת רעיתי", דו קענסט שעהן זיין מיין געליבטע, „כתרצה", אויב דו זאָלסט נאָר וועלען, נאוה כירושלים — ווי שעהן און הייליג ס'איז די שטאָט ירושלים.

---

„משכני אחריך נרוצה" — פאַראַן צוויי מיני משיכות ביי בהמות. איינער, דער מענש רופט די בהמה און זי קומט. דער מענש געהט אין פאָראויס און די בהמה פאָלגט איהם נאָך. די צווייטע משיכה איז ווען דער מענש שלאָגט די בהמה מיט אַ שטעקען, די בהמה געהט דאַן פאָראויס און דער מענש מיטן שטעקען הינטער איהר.

בעטען מיר ביים רבש"ע: „משכני, מאַך אונז אַזאַ משיכה, אחריך נרוצה, ניט דו זאָלסט אונז אונטערטרייבען מיט אַ שטעקען, נאָר דו זאָלסט געהן פאָראויס און מיר לויפען דיר נאָכגעהן ברצון הטוב. (ר' שלמה ראַדאָמסקער).

---

ר' אַברהמ'עלע סטרעטינער פלעגט זיך נוהג זיין פרייטאָג צו נאַכטס עוסק זיין בתורה ובעבודה די גאַנצע נאַכט. האָט מען איהם איינמאָל געפרעגט:

— אייער התנהגות איז דאָך געגען דעם מאמר חז"ל, „לא איברי לילה אלא לשינתא".

— די חז"ל האָבען מיט דעם ניט געמיינט לילי שבתות, ווייל שבת איז ניטאָ קיין נאַכט, ווי מיר זאָגען אין זמירות „יום קדוש הוא מבואו ועד צאתו". פון זיין אַריינקומען ביז זיין אַרויסגעהן איז שבת אַ טאָג און ווער שלאָפט דאָס ביי טאָג?...

---

דער רבי ר' בונם האָט אַמאָל געפרעגט זיינעם אַ חסיד: ביסטו אַ שומר שבת?

— געוויס!

— וואָס טוסטו פרייטאָג די גאַנצע נאַכט?

— ביז האלבע נאכט לערען איך, די אנדערע העלפט נאכט שלאף איך.

— ביזטו טאקע ניט קיין געטרייער שומר שבת, ווייל דו ביזט זיך ניט נוהג כמנהג השומרים. דער אמת'ער שומר איז וואך א גאנ־צע נאכט.

---

אז א איד האט ניט קיין פיש פאר שבת, דארף ער מערער זאר־גען ווי אלע אנדערע דאגות פונ'ם גאנצען יאהר. (ר' אשר סטאלינער).

---

דער מנהג צו טרינקען א ביסעל בראנפען שבת נאך די פיש, שטאמט פון דעם, וואס אזוי ווי פיש קומען פון קאלטע וואסערען, אז מען עסט זיי, זאפט מען אין זיך איין קעלט. טרינקט מען א ביסעל בראנפען זיך צו דערווארעמען. (רבי ר' בונם).

---

## מחלליה מות יומת (לא. יד.)

באמת איז דער דין שווער צו פארשטעהן. כידוע איז דאך פקוח נפש דוחה שבת, דאס הייסט, א אידיש נפש שטעהט העכער און היי־ליגער פון שבת, טא פארוואס זאגט די תורה אז א איד וואס פאר־שוועכט דעם שבת זאל מען הרג'ענען?

דער פשט איז אזוי: דער איד וואס איז מחלל שבת ווערט זיין נפש ממילא אפגעשניטען פון זיין שורש און ער ווערט א גברא־קטילא. דאס זאגט אונז די תורה, „כל העושה בה מלאכה" — דער וואס איז מחלל שבת, „ונכרתה הנפש ההיא", איז דער דאזיגער איד ממילא שוין א גע'הרג'עטער און ביי איהם איז שוין ניט שייך דער דין פון פקוח נפש דוחה שבת. (ר' ברוך מעזשבוזשער).

---

## ושמרו בני ישראל את השבת (לא. טז.)

דער איד וואס היט דעם ערשטען, צווייטען און דריטען שבת, לעשות את־השבת לדורותם, וועלען די ווייטערדיגע אפהיטונגען פון שבת פארבלייבען ביי איהם לדורותם, — אן אייביגקייט. (בערדיטשי־ווער).

---

כידוע, איז צווישען רבי'ן ר' ברוך און דעם בעל התניא ניט געווען קיין שלום. איינמאל האבעןביידע זיך צוזאמענגעטראפען, האט דער רבי ר' ברוך געפרעגט ביי ר' שניאור זלמן. פאר וואס

זאָגט איהר ניט פרייטאָג ביי קבלת שבת ושמרו בני ישראל. (חסידי חב"ד זאָגען ניט ושמרו נאָך הפורס סוכת שלום, כדי ניט מפסיק צו זיין בין גאולה לתפלה).

— ווייזט מיר ערגעץ — האָט איהם ר' שניאור זלמן געפרעגט וואו עס ווערט דערמאָנט אַז מען דאַרף זאָגען ושמרו ?

— ווייסט איר — האָט דער רבי ר' ברוך מיט התלהבות אויס־געשריען — אַז בעת אידען זאָגען ושמרו פרייטאָג ביי קבלת שבת, ווערט אין הימעל אַ גרויסער יאַריד.

— מה־בכך ? — האָט איהם ר' שניאור זלמן מיט אַ שמייכעל אָפגעענטפערט — אויב מיר באַטייליגען זיך אין אַלע יאַרידען, ניש־קשה, אַז מיר וועלען פאַרפעלען צו באַטייליגען זיך אין איין יאַריד...

---

ושמרו בני ישראל את השבת — ווען אידען וואָלטען כדת וכדין אָפגעהיט איין שבת לעשות את השבת, וואָלטען זיי דורך דעם שבת געמאַכט לדורותם — די אידען וואָלטען אויסגעלייזט געוואָרען פון גלות. (ישמח ישראל).

---

„כל הלן שבעה ימים בלא חלום נקרא רע" (ברכות), דאָס גאַנצע מענשליכע לעבען, אַלע עניני עולם הזה, איז ניט מער ווי כחלום יעוף. מילא אַ גאַנצע וואָך איז דער מענש ראשו ורובו אַריינגע־טאָן אין עולם הזה, האָט ער קיין צייט ניט צו טראַכטען וועגען תכלית פון לעבען. אַז עס קומט אָבער שבת, דער מענש איז זוכה טועם צו זיין מעין עולם הבא — שבת אחד מששים מעולם הבא און דער מענש באַגרייפט נישט אַז אַלע תאוות העולם הזה און דאָס גאַנצע מענשליכע לעבען, איז ניט מער ווי אַ חלום. אַזאַ מענש, נקרא רע — פאַרמאַגט ניט אין זיך קיין הייליגען אידישען ניצוץ. (ישמח משה).

---

## שבת וינפש (לא. יז.)

אָמר ר"ל נשמה יתירה נותן הקב"ה באָדם ערב שבת, ולמוצאי שבת נוטלין אותה הימנו. שנאמר: שבת וינפש, כיוון ששבת — וי אָבדה נפש (ביצה דף ט"ז עמוד א'), איז דאָך דער דאָזיגער מאמר באמת קשה: וי אָבדה נפש, איז דאָך ערשט אין מוצאי שבת אָבער ניט ביים אָנקומען פון שבת?

— ווען דער שבת קומט אָן, דאַרף מען זיך שטאַרק משמח זיין מיט דער קדושה און תענוג פון שבת און פון דער נשמה יתירה

און אַז מען דערמאָנט זיך אַז די קדושה וועט ניט לאַנג אָנהאַלטען און וועט צומאַרגענס אין אָוונט אַוועקגעהן, דערפילט מען דעם „וי אָבדה נפש". (בעש"ט).

---

## כי זה משה האיש (לב. א.)

עפּעס אַ מאָדנע פאַרענדערונג איז פּלוצים פאָרגעקומען מיט דעם משה. תמיד איז ער געווען אַן עוסק בצרכי צבור, אַ מעורב בין הבריות און גאָר פּלוצים „לא ידענו מה־היה לו", האָט ער אָנגעהויבען פראַווען בדידות און שוין פערציג טעג ווי ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון כלל ישראל און מיר ווייסען ניט וואָס מיט איהם איז געשעהן. (תולדות).

---

## והמכתב מכתב אלהים הוא (לב. טז.)

דאָס געשריפטס פון די „עשרת הדברות" אויף די שטיינערנע לוחות איז געוואָרען איינגעקריצט אין די אידישע הערצער. „כתבם על לוח לבך" און זיינען דאָרט פאַרבליבען אויף אייביג און דאָס דאָזיגע כתב איז „מעשה אלהים הוא". (שפת אמת).

---

## אין קול ענות גבורה ואין קול ענות חלושה (לב. יח.)

דער מדרש זאָגט, אַז גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: „אתה הוא שעתיד להנהיג את ישראל, ואינך מבחין בין קול לקול?" איז פון דעם מאמר המדרש אַ ראיה, אַז אַ מנהיג דאַרף אין בלויזען קול פון דער עדה דערקענען וואָס דאָס פאָלק וויל און וואוהין דאָס פאָלק ציהט. (רמ"ל לענטשנער).

---

## ויאספו אליו כל בני לוי (לב. כו.)

באמת זיינען געווען פיל מער אידען וואָס האָבען ניט געדינט צום עגל, אַ ראיה, עס זיינען נאָר באַשטראָפט געוואָרען דריי טויזענט מאַן. נאָר די לויים זיינען געווען די מוטיגסטע און בראַווסטע וואָס האָבען ניט קיין מורא געהאַט אַרויסצוגעהן אין קאַמף מיטן שווערד אין האַנט געגען די עובדי עבודה זרה. די אַנדערע אידען האָבען ניט געהאַט דעם מוט, אַ סך האָבען זיך געהאַלטען נייטראַל און אַ סך האָבען ניט געוואָלט פירען קיין מחלוקות. (חידושי הרי"ם).

---

## אנא חטא העם הזה חטאה גדולה (לב. לא.)

משה רבנו האָט גאָר ניט געזוכט צו פאַרענטפערען די אידען פאַר זיינע גרויסע זינד. אדרבה, ער האָט מודה געווען אַז די אידען זיינען באַגאַנגען אַ שווערען חטא. ער האָט גע'טענה'ט צום רבש"ע, אויב די אידען אָנערקענען זייער חטא, זיינען זיי דאָך גרייט תשובה צו טאָן, דאַרפסטו דעריבער זיי מוחל זיין. (ר' יחזקאלע קוזמירער).

---

„אנא חטא העם הזה", דאָס וואָרט „זה" איז דאָך דאָ איבעריג ?

— משה האָט גע'טענה'ט צו גאָט, דאָס פאָלק, וואָס האָט גע־זינדיגט, איז דאָך דאָס זעלבע פאָלק, וואָס האָט בעת קריעת ים־סוף מיט באַגייסטערונג און עקסטאַז געשריען — „זה אלי ואנוהו"... (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

## מחני נא (לב. לב.)

אַ שר האָט געהאַט אַ קרוב וואָס האָט כסדר געהאַלטען אין גנב'־נען פון די אוצרות המלך און תמיד האָט איהם דער שר פאַרטיידיגט. איינמאָל איז דער קרוב באַגאַנגען אַ גרויסע גנבה, האָט דער שר גע־בעטען דעם מלך, ער זאָל איהם אַרונטערציען פון זיין גדולה, ווער דער קרוב אויפהערען זיך סומך צו זיין אויף זיין פאַרטיידיגונג.

פונקט אַזוי האָט משה געבעטען ביים רבש"ע: „מחני נא", נעם אַוועק פון מיר מיין גדולה, וועלען זיי אויפהערען זיך סומך זיין, אַז איך וועל פאַר זיי ממליץ זיין. (קאָצקער).

---

## ומשה יקח את האהל ונטה לו מחוץ למחנה (לג. ז.)

שווער יוצא צו זיין פאַר אידען. שווער און ביטער איז ביי אי־דען צו זיין אַ מנהיג. אַ מאָדנע פאָלק איז דאָס אידישע.

אין דער באַציהונג צו די אידישע מאַסען זיינען משה און אהרן געווען צוויי קאָנטראַסטען. משה האָט מערסטענס געהאַלטען זיך ווייט פון דער אידישער מחנה, ער איז ניט געווען קיין מעורב בין הבריות. ווי די תורה זאָגט: „משה יקח את האהל ונטה לו מחוץ למחנה, הרחק מן המחנה". האָט דאָס די אידען פאַרדראָסען „והביטו אחרי משה" און זיי האָבען געמורמעלט „אוכל מדילן ושתי מדילן" צוליב אונז איז ער דאָס געוואָרען אַן אָדם גדול. איצט פאַסט איהם ניט די „מחנה", עס פאַסט איהם נישט זיין צוזאַמען מיטן איינפאַכען פאָלק. — ויקנאו למשה במחנה.

דאַגעגען אהרן איז געווען אַ רודף שלום, אַן אוהב שלום, עושה שלום בין אדם לחבירו, ובין איש לאשתו, געלעבט מיטן פאָלק און פאַראינטערעסירט זיך מיט זייערע פּראָבלעמען און פּריוואַטע ענינים. האָבען די אידען געהאַט צו איהם פּאַרקערטע טענות. הלמאי, ער, מישט זיך צוזאַמען מיט די אידישע מאַסען? פאַרוואָס וואוינט ער אין דער מחנה ישראל, חבר'ט זיך מיט „עמך"? ס'איז ניט שעהן פאַר אַ מנהיג צו קומען אָפט אין קאָנטאַקט מיטן המון, אויסהערען זייערע טענות, פאַרגלעטען זייערע קריוודעס. אַ מנהיג דאַרף שטעהן העכער פון פאָלק, לעבען אָפּגעזונדערט פון די אידישע פאָלקס־מאַסען, פראַווען התבודדות.

אַט אַזוי איז דאָס, פון דעמאָלט אָן ביז היינט. שטענדיג געפינען אידען חסרונות אויף זייערע מנהיגים. זייערע התנהגות, ווי אַזוי זיי זאָלען זיך ניט פירען געפעלט זיי נישט. תמיד האָבען זיי אויסצוזעצען און צו קריטיקירען זייער פּערזענליך לעבען און די פירערשאַפט פון דער עדה. (ר' נפתלי ראָפּשיצער).

---

## פסל לך שני לוחות אבנים (לד. א.)

ר' ישראל ריזשינער איז איינמאָל אומגעריכט פאַר די חסידים אין זיין בית־המדרש אַריינגעקומען אינמיטען טאָג און געטראָפען חסידים זיצען טרינקען בראָנפען. די חסידים, ניט דערוואַרטענדיג דעם רבי'נס אַריינקומען האָבען זיך שטאַרק פאַרשעמט, איינער אָבער, אַ דרייסטער האָט הויך אויפן קול אויסגעשריען כדי דער רבי זאָל דערהערען, אַז ר' פּנחס'ל קאָריצער האָט געזאָגט: „אַז חסידים זיצען און טרינקען בראָנפען איז גלייך ווי זיי וואָלטען געלערענט תורה".

— אמת, איך זאָג אויך אַזוי — האָט ר' ישראל ריזשינער אָפּגעענטפערט — אָבער ניט שטענדיג איז עס אַזוי, פאַראַן אַ גרויסער חילוק אין חסידים'ס בראָנפען טרינקען, פונקט ווי ס'איז אַ גרויסער חילוק אין דער תורה צווישען די צוויי ווערטער „פסל".

„פסל" לך שני לוחות אבנים, איז דאָס וואָרט „פסל" קודש, אַ הייליג וואָרט. לא תעשה לך „פסל" — דאָס זעלבע וואָרט, דיזעלבע אותיות און דאָס וואָרט דאָ איז חול און מיינט פונקט דאָס פאַרקערטע.

כך אַזוי איז מיט חסידים'ס בראָנפען־טרינקען. זיצען חסידים בחבורותא, טרינקען בראָנפען, ניט פאַר זייער הנאה וועגען, נאָר לשמה, כדי צו פאַרשטאַרקען דעם קשר של אחדות ואהבה, וואָס דאָס ברענגט זיי נעענטער צו עבודת הבורא — דאָס איז טאַקע קודש, גלייך ווי זיי וואָלטען געזעסען און געלערענט תורה. טרינקען אָבער חסידים בראָנ־

פען אינמיטען טאָג, אַט ווי איהר טוט עס איצט, דאָס איז ניט לשמה, נאָר פשוט פאַר אייער הנאה וועגען, איהר ווילט טרינקען אַ גלעזעל בראַנפען. דאָס איז ניט קודש נאָר חול און ס'וואָלט דאַרום אַ סך בעסער געווען ווען איהר זיצט און לערנט תורה...

---

דער קאָצקער אַריינקומענדיג איינמאָל אינמיטען טאָג אין זיין בית־המדרש און טרעפענדיג חסידים זיצען און שמועסען, האָט ער געזאָגט צו זיי:

— כעלות הבקר פאַרגלעט מען זיך די בייכער מיט אַ פאָר בלאַט גמרא, דערפאַר געהט מען דעם גאַנצען טאָג אַרום ליידיג.

---

דער חידושי הרי"ם איז איינמאָל שבת גאַנץ פריה אַריינגעקומען אין בית־המדרש און געטראָפען חסידים זיצען און לערנען. האָט ער צו זיי אַזוי געזאָגט:

— אויב איהר לערענט בכוונה, לשמה, כדי מקיים צו זיין „ונמלתם את ערלת לבבכם", מעגט איהר לערנען פאַרן דאַווענען, ווייל מילה איז דוחה שבת. אויב איהר לערענט שלא לשמה, שלא בכוונה, נאָר כדי צו ווייזען, אַז איהר זיצט און לערענט, איז גלייכער איהר זאָלט בעסער דאַווענען שבת בהשכמה, אַהיים געהן עסען סעודת שבת און בעסער מקיים זיין מצות עונג שבת...

---

## ארך אפים ורב חסד ואמת (לד. ו.)

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט דעם אַלכסנדרער רבי'ן: פאַרוואָס האָט דער רבש"ע פון אַלע זיינע גרויסע מדות, אַרויסגעקליבען די לעצטע מדה אמת, פאַר זיין חתימה, זיינען נישט די אַנדערע מדות גרעסער?

— וואָלט דער רבש"ע אויסגעקליבען פאַר זיין חתימה איינע פון די מדות, רחום וחנון, ארך אפים, ורב חסד, וואָלטען אַהן ספק זיך געפונען מענשען, וואָס וואָלטען גע'טענה'ט אויב זיי זיינען גוטהאַר־ציגע, שטילע גוטינקע בעלי־טובות און גרויסע בעלי מדות. אויך זיי באַזיצען דיזעלבע מדות וואָס דער רבש"ע. אויף די לעצטע מדה, אמת, קען אָבער קיינער ניט פרעטענדירען, ווייל דער וואָס זאָגט, אַז אויך ער באַזיצט די מדה פון אמת, איז דאָס שוין ניט אמת, ווייל אמת איז פאַראַן נאָר איינער — ביים רבונו של עולם.

---

## נשא עון ופשע (לד. ז.)

רבונו של עולם — האט דער קאזשעניצער מגיד געזאגט צו גאט — אין דער קרוין פון דיין מלכות זיינען באזעצט דרייצען טייערע בריליאנטען — די י"ג מדות. דער טייערסטער צווישען זיי איז דער בריליאנט „נושא עוון ופשע", ווען סטו פארגעבען די זינד פון דיין פאלק ישראל, וועט דיין קרוין זיין א גאנצע, ואם לאו, וועט אין דיין קרוין פעלען דער אונשעצבארסטער, טייערסטער בריליאנט.

---

## ולקחת מבנותיו לבניך, וזנו בנותיו אחרי אלהיהן (לד. טז.)

פארוואס זאגט ניט די תורה פארקערט: ולקחת מבניו לבנותיך, והזנו את בנותיך אחרי אלהיהן?

— די תורה זאגט אונז דא וועגען דעם שטארקען איינפלוס וואס א פרוי האט אויף דעם מאן, אז ער קען, אויב זי וועט איהם נאר באַווירקען, אפילו דינען צו איהר גאט. דערפאר זאגען די חז"ל: „בנך הבא מן הנכרית קרוי בנה". דאס איז אויך דער טעם וואס די חז"ל זאגען, פאר וואס דינה בת יעקב איז געשטראפט געווארען דורך שכם בן חמור, ווייל יעקב האט איהר ביים באגעגענען זיך מיט זיין ברודער עשו אויסבאהאלטען מורא האבענדיג טאמער וועט עשו צו איהר גלוסטען און זי נעמען פאר א פרוי... היות דער איינפלוס פון דער פרוי, זאגט די תורה, איז אזוי גרויס אויף דעם מאן, האט דאך געקאנט זיין, אז דינה וואלט משפיע געווען אויף עשו'ן, ער זאל חוזר למוטב זיין און ווערען א צדיק — דערפאר איז זי געשטראפט געווארען. (ר' ברוך קאסאווער).

# ויקהל

## ויקהל משה את כל עדת בני ישראל (לה. א.)

משה האָט פאַרזאַמעלט אַלע אידען, ויאמר אליהם, און ער האָט געזאָגט צו זיי, אלה הדברים אשר צוה ד׳, אַז אַלע אידען זאָלען זיך פאַרזאַמלען אין אַחדות און אין שלום. (יוד הקדוש).

---

ויקהל משה — משה האָט פאַרזאַמעלט אַלע אידען און גערופען זיי צו אחדות, ויאמר אליהם און ער האָט געזאָגט צו זיי. אלה הדברים אשר צוה ד׳, אז דער ערשטער פרינציפּ פון אחדות באַשטעהט פון „ואהבת לרעך כמוך״. (רבי מלובלין).

---

ביים מאַכען דעם עגל, זאָגט אונז די תורה, „ויקהל העם על אהרן״ — דאָס פאָלק האָט זיך אַליין פאַרזאַמעלט, מ׳האָט עס נישט באַדאַרפט מעורר זיין און צוזאַמענרופען. אָבער ביים מאַכען דעם משכן, האָט דאָס פאָלק געוואַרט ביז ויקהל משה — ביז משה האָט עס צונויפגערופען און פאַרזאַמעלט. (ר׳ אָשר הורוויץ).

---

## ויקהל משה, למחרת יום הכפורים (רש״י)

משה האָט פאַרלאַנגט פון די אידען אַז ניט בלויז יום־כיפּור זאָלען די אידען, ווי דער שטייגער איז, זיין גוט און פרום און דורכגעדרונגען מיט שלום, אהבה און אחדות, נאָר אויך מוצאי יום־כפור זאָלען זיי זיך פאַרזאַמלען און זיין פאַראייניגט מיט דיזעלבע געפיהלען, ווי אום יום־כיפּור. (ר׳ משה קאָברינער).

---

ויקהל משה את כל „עדת״. די אותיות „עדת״ מאַכען „דעת״ — וויסען, משה האָט פאַרזאַמעלט דאָס גאַנצע דעת, ויאמר אליהם און האָט געזאָגט צו די אידען „אלה הדברים אשר צוה ד׳״, אַז איהר וועט לערנען תורה, וועט איהר האָבען דעת, שכל, און חכמה. (ר׳ זאב צבי זבאַרישער).

---

„חננו מאתך דעה" — מיר בעטען ביים רבש"ע, ער זאָל אונז לייטזעליגען מיר זאָלען פאַרשטעהן און וויסען, אַז אונזער שכל און דעת איז „מאתך", פון דיר, הימלישער באַשעפער. (ר' העניך מאלכסנדר).

---

ויקהל משה — משה האָט צוזאַמענגערופען אַלע אידען און זיי אָנגעזאָגט אלה הדברים, אַט אַזעלכע צוזאַמענקונפטען און צונויפזאַמלען זיך בלב ונפש, בלב אחד ובעצה אחת איז אשר צוה ד' לעשות אותם. (ר"ש יאַראָסלאַווער).

---

ויקהל משה — געהענדיג בויען אַ משכן, אַ מקום קדוש, האָט משה דאָס ערשטע געזוכט איינצופלאַנצען ביי די אידען דעם געפיהל פון אַחדות, וויסענדיג אַז אַ מקום קדוש איז דאָס הויפט־פלאַץ פאַר כל'ערליי מחלוקת'ן. (ר' ישראל מאַדזשיצער).

---

## ויקהל משה, הן נאספים על פי דבורו (רש"י)

דאָס וואָס משה האָט גערעדט צו די אידען, איז געווען דברים קדושים, אויפריכטיגע ערענסטע רייד און דאָס איז דאָך אַ דבר ידוע, אַז „דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב". (ר' אלעזר סאָסעווער).

---

דברים היוצאים מן הלב — ווען דאָס האַרץ איז איבערפול מיט רייד, עס איבערגעהט, דעמאָלט נכנסים ללב — גיסען זיך די רייד איבער אין אַן אַנדער האַרץ. (רבי ר' בונם).

---

ויקהל משה את כל עדת בני ישראל — אַז דער עולם קומט זיך צוזאַמען, ויאמר אליהם — דאַרף דער רבי זאָגען תורה. (ר"י וואַרקער).

---

„ויקהל משה, ויאמר אליהם" און משה האָט צו זיי אַזוי געזאָגט: היות די גאַנצע תורה איז שווער מקיים צו זיין, אלה הדברים אשר צוה ד', האָט דעריבער גאָט געבאָטען אַז די זאַך זאָל זיין דער עיקר — תורה. „וביום השביעי יהיה לכם קודש שבת". אַז איהר וועט היטען שבת וועט דאָס אייך פאַררעכענט ווערען ווי איהר וואָלט מקיים געווען די גאַנצע תורה. ווי די חז"ל זאָגען „השומר שבת כהלכתו, אפילו עובד ע"ז כדור אנוש מוחלין לו". (רבי מלובלין).

„אלה הדברים אשר צוה ד׳ לעשות אותם — כל זרע יעקב כבדוהו״, אַז די פשוטי עם, די מיטעלמעסיגע אידען און די פּראָסטע פון פאָלק וואָס זיינען בבחינת יעקב זאָלען דעם שבת האַלטען כדבר המלך ודתו. לנוח בו ולשמוח בתענוג אָכול ושתו, מיט קידוש, עסען און טרינקען. כל עדת ישראל, די תלמידי־חכמים, וואָס זיינען בבחינת ישראל, יעשו אותו, זיי זאָלען דעם שבת האַלטען מיט תורה ותפלה. (ר׳ שלום בעלזער).

---

אשר צוה ד׳ לעשות אותם — שבת איז דאָך כידוע אַן אות צווי־שען רבש״ע און די אידען, זיינען דאָס די רייד וואָס גאָט האָט געבאָטען צו די אידען, אַז די אידען זאָלען אָפּהיטען דעם אות. (ר׳ שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

אַ גאַנצע וואָך פיהרען גוף און נשמה מלחמה. דער גוף וויל עסען און די נשמה ניט. איז דער גוף מנצח, איז מען שטאַרק הונגעריג, איז די נשמה מנצח, האָט מען ניט קיין אַפּעטיט צום עסען. שבת קודש, ווען עסען איז אַ מצוה, מאַכען גוף און נשמה שלום און די נשמה איז מסכים מיטן גוף צום עסען, דערפאַר אַז עס קומט שבת קודש, האָט יעדער איד אַ גרויסען אַפּעטיט צום עסען. (ר׳ העניך מאלכסנדר).

---

היות די חז״ל זאָגען „אין המצוה נקראת אלא על מי שגמרה״ און אַזוי ווי די סעודה שלישית אום שבת איז די לעצטע סעודה, איז דער איד וואָס וויל מקיים זיין דעם וקראת לשבת עונג, אויב ער עסט ניט די סעודה שלישית, האָט ער ניט דערפילט די מצות שבת און עס איז גלייך ווי ער וואָלט דעם שבת ניט פאַרענדיגט. (ר׳ אברהמעלע אייגער).

---

כידוע זיינען די שלש סעודות בשבת אַנטקעגען די אָבות אברהם יצחק ויעקב און די לעצטע סעודה איז כולל די ערשטע צוויי. (ר׳ צדוק הכהן).

---

„יפה שעה אחת בתשובה ובמעשים טובים״ — די דאָזיגע שעה איז די צייט פון דער סעודה שלישית בשבת, בין מנחה למעריב. (קאָצקער).

---

„כל המענג את השבת נותנים לו כל משאלות לבו" — ווי איז דאָס מעגליך צו דערפילען אַלע פאַרלאַנגען פון מענשליכען האַרץ? זאָגען דאָך די חז"ל, אָדם יש לו מנה רוצה מאתים. ואין אדם מת וחצי תאותו בידו?

— פאַראַן אָבער אַ מאמר חז"ל — „כל המענג את השבת נותנים לו נחלה בלי מצרים" און אַז דער מענש ווייסט נאָר, אַז זיין נחלה איז אומבאַגרעניצט, זיינען אַלע זיינע פאַרלאַנגען דערפילטע, ווייל ווי אַזוי קען דער מענש פאַרלאַנגען אַלץ מערער און מערער, אויב דאָס מערערע וואָס ער האָט שוין, איז אַליין אויך אָהן אַ גבול? (רבי ר' העשל).

---

שבת מעין עולם הבא — שבת איז אַן אומערשעפליכער קוואַל פון עולם הבא — בעולם הזה. (ר' ברוך מעזשבוזשער).

---

„במשנה לחם וקידוש רבה" איז אפילו עני שבישראל מחוייב אום שבת. דער וואָס איז ביכולת, איז חוץ מזה אויך מחוייב „ברוב מטעמים". דער עיקר אָבער איז דער „רוח נדיבה" — אַז די הנאה זאָל ניט זיין בלויז פאַרן נפש, נאָר לכבוד שבת און דער וואָס איז זיך אַזוי נוהג, „יזכה לרב טוב". (ר' יחזקאלע שינאָווער).

---

„אדם ובהמה תושיע ד'" — די עבודה פון מענש דאַרף זיין מתקן צו זיין די מעשים הגופניים וואָס דער נפש הבהמית האָט חשק און תשוקה צו זיי צו דערגרייכען און דעם מענש וואָס עס געלינגט צו לייטערען און ריייניגען זיינע מעשים הבהמיים, אַרויף צוברענגען זיי צו דער מדרגה פון אדם — „תושיע ד'" — דעם העלפט גאָט. (ישמח משה).

---

„הרחמן הוא ינחילנו יום שכלו שבת ומנוחה לחיי העולם הבא". — בעולם הזה האָט דער רבש"ע פון אונז ניט קיין מנוחה. יעדער מענש איז מתרעם, האָט נאָר טענות צו השי"ת. דעם געפעלט דאָס גישט, דער פאַרלאַנגט דאָס, פאַר וואָס פיהרט ניט כביכול די וועלט אַזוי, דער שרייט, דער וויינט, קרעכצט, בעטען מיר פון בורא, ער זאָל אונז געבען אַ טאָג, שכלו שבת, יום שכלו טוב, וועט ער האָבען פון אונז מנוחה לחיי העולם — ביי זיך אין הימעל. (ר' שלום בעלזער).

---

## לא תבערו אש (לה. ג.)

גאווה איז בטבע ווי פייער. פונקט ווי פייער רייסט זיך למעלה, אזוי רייסט זיך דער בעל־גאווה צו זיין „עולה למעלה". (ר' צדוק הכהן).

---

## קחו מאתכם תרומה (לה. ה.)

פון אייך גופא זאלט איהר נעמען תרומה. דהיינו, כל נדיב לבו, די תאווה און חשק פון אייער הארץ, יביאה, זאלט איהר ברענגען, את תרומת ד' — אויסצונוצען לשם שמים. (ר"ש יאראסלאווער).

---

## כל נדיב לבו (לה. ה.)

יעדער נדיב לב זאל בעת דעם געבען, אריינלייגען זיין גאנצען רצון און הארציגקייט. יביאה, ווען ער וועט ברענגען, את תרומת ד', ווען ער וועט געבען זיין נדבה. (שפת אמת).

---

## זהב וכסף ונחשת (לה. ה.)

פאראן דריי מדרגות אין געבען צדקה: א) די צדקה ווען א מענש גיט בשעת ער איז פריש און געזונט, דאס איז „זהב", לויטער גאלד. די אמת'ע צדקה. ב) ווען א מענש גיט ווען ער ווערט ערשט קראנק און צעשטערט פארן לעבען, געזונטערהייט האט ער ניט געוואלט געבען. אזא צדקה איז „כסף" — ס'איז צדקה, אבער א קלענערע מדרגה. ג) ווען א מענש האט ביים לעבען גאר ניט געוואלט געבען, נאר נאכן טויט האט ער אין זיין צוואה איבערגעלאזט אז מען זאל אין זיין נאמען טיילען צדקה, אזא צדקה איז „נחשת" — די סאמע ערגסטע און נידעריגסטע מדרגה. (ר' ברוך מעזשבוזשער).

---

## ואבני שהם ואבני מלואים (לה. ט.)

דער פסוק איז אונז דא מרמז, אז צווייערליי וועגען זיינען פאראן אין לימודי־התורה. „אבני שוהם" — איינער לערנט די אותיות־התורה כמו שוהם. פשוטו כמשמעו, ווי זיי זיינען געשריבען אין דער תורה. „ואבני מילואים" און א צווייטער לערנט דיזעלבע אותיות־התורה, על פי דרוש, רמז, סוד. (דגל מחנה אפרים).

---

## וכל חכם לב בכם, יבאו ויעשו את כל אשר צוה ד׳ (לה. י.)

די גרעסטע חכמה פון אַלע חכמות איז, אַז דו זאָלסט ניט זיין קיין חכם, נאָר טאָן כסדר כאשר צוה ד׳. (ר׳ יעקב יצחק פשיסכער).

---

## חכמת־לב בידיה טוו (לה. כה.)

פון דעם פסוק איז אַ ראיה, אַז אין האַנט־אַרבייט שטעקט גרויס חכמה. (שפת אמת).

---

## ובחרושת אבן למלאות ובחרושת עץ לעשות (לה. לג.)

בצלאל, האָט פאַרמאָגט די גרויסע חכמה צו קענען אַריינדרינגען אינ׳ם פאַרשטיינערטסטען אידישען האַרץ און אָנפילען עס מיט תורה און יראת שמים, דאָס איז דער טייטש פון „ובחרשת אבן״, בצלאל איז געווען אַ מוסטער צו לעבערען פאַרשטיינערטע אידישע הערצער — למלאות, און אָנצופילען זיי מיט דעם מאַטעריאַל פון תורה און יראה. (חידושי הרי״ם).

---

ובחרשת אבן למלאות ובחרשת עץ — פאַראַן אידען מיט פאַרשטיינערטע הערצער און אידען מיט הילצערנע הערצער. לעשת בכל מלאכת — דאַרף מען די דאָזיגע אידען מיט אַלע מעגליכע מלאכות גוט דורכאַקערען, פאַרזייען, פאַרפלאַנצען כדי זיי זאָלען זיין ווייכער, אין נושא פירות זיין, ווי די אותיות „אבן״ מאַכען „אינגבער״, „בארן״, „גיס״. ווי „עץ״ מאַכט „עפעל״, „ציטרוסען״. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

בצלאל האָט געוואוסט די מחשבות פון יעדען מנדב בשעת דעם געבען און לויט די מחשבות פונ׳ם נדבן האָט ער באַשטימט, פאַר וועלכען צוועק די נדבה זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען אַז יעדענס נדבה איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען לויט דער מחשבה פונ׳ם נדבן בעתן געבען די נדבה. (ר״ש אָסטראָפּאָליער).

---

ווען דער טריסקער מגיד האָט באַשלאָסען אויסצובויען פאַר זיך אַ הויז צוזאַמען מיט אַ בית־המדרש, האָט ער אויסגעקליבען אַ בלאָטיג ליימיג פּלאַץ. איז די האַנדלונג פון מגיד געווען אַ פלא גדול אין די אויגען פון די חסידים און זיי האָבען איהם געפרעגט:

— סטייטש, אין טריסק זיינען פאראן אזוי פיל טרוקענע ליידיגע פלעצער, האט דער רבי דווקא אויסגעקליבען א בלאטיג פלאץ, וואו אומזיסטע געלדער וועלען מוזען אויסגעגעבען ווערען אוועקצושטעלען א פעסטען פונדאמענט פאר די בנינים?

—ביים בויען פאר מיר די בנינים בין איך זיך נוהג — האט זיי דער טריסקער אפגעענטפערט — ווי די תורה דערציילט בצלאל האט זיך נוהג געווען בעת'ן מאכען דאס משכן. ווען השי"ת האט אויס־דערוועהלט בצלאל צו מאכען דאס משכן, דערצעהלט די תורה, אז די השגחה האט איהם באשאנקען מיט חכמה, תבונה, דעת, לקרבה אל המלאכה לעשות אותה — וואס דאס מיינט, מיט א רוח־הנבואה. איז דאך קשה, ווייניג געווען פאר בצלאל וואס ער איז געווען א גאט־געבענשטער פאכמאן, אן אומן־מצוין, האט ער נאך באדארפט ביים מאכען דאס משכן אויך באזיצען א רוח נבואה?

איז אזוי דער ענין: בעת'ןביישטייערען נדבות צו בויען דאס משכן זיינען צווישען די אידען געווען דריי כתות: א) וואס האבען בכל לבבם ובכל נפשם מנדב געווען זייער געלד און חפצים לבנין המשכן, מחמת ס'איז א דבר מצוה, זייער כוונה איז געווען אמת'דיג לשמה. ב) וואס האבען צוליב גדלות, כבוד און פרסום ביי־געשטייערט גרעסערע נדבות, אבער זייערע כוונות זיינען געווען שלא לשמה. ג) וואס האבען מוחל געווען דעם כבוד און די מצוה, זיי האבען גאר ניט געוואלט געבען, נאר מען האט זיי פשוט געצוואונגען, זיי זאלען ביישטייערען צום בנין המשכן.

נמצא, ווען בצלאל וואלט ניט געבענשט געווען מיט קיין רוח־נבואה האט געקענט טרעפען אז די נדבות וואס זיינען געקומען פון די מנדבים לשם מצוה ולשמה, זאל ער באנוצען פאר נידעריגע און שפל'דיגע זאכען לבנין המשכן און די נדבות, וואס זיינען געגעבען געווארען צוליב כבוד און פרסום, שלא לשמה, זאל ער באנוצען פאר דברים של קדושה. אזוי, אבער, אז בצלאל איז געבענשט געווען מיט א רוח נבואה, איז תיכף ווי ער האט אין האנט אריינגענומען די נדבות, האט ער ברוח נבואה געוואוסט דעם אופן און געפיל פון נדבן בעת'ן ביישטייערען פארן בנין המשכן.

האט בצלאל אזוי געטאן. די נדבות וואס זיינען געגעבען גע־ווארען לבנין המשכן, בלב ונשמה, לשם מצוה ולשמה, האט ער בא־נוצט פאר דברים של קדושה און די נדבות וואס זיינען ביי־געשטייערט געווארען צוליב פניות, צוליב כבוד און גדלות, האט ער פאר־נוצט פאר די דברים שאין בהם קדושה.

און כמעט אזוי בין איך זיך נוהג מיטן אויפבויען מיינע בנינים.

דאָס געלד וואָס חסידים גיבען מיר מיגיע־כפּם, בלב ונשמה לשם מצוה ולשמה, וועל איך פאַר דעם געלד אויפבויען אַ הויז צום וואוינען און אַ בית־המדרש צום לערנען און דאָס געלד וואָס חסידים גיבען מיר מחמת פּרסום און כבוד, כדי צו באַריהמען זיך אַז דער רבי קאָסט זיי אַ סך געלד — דאָס געלד וועל איך אַריינלייגען אין בלאָטע און ליים אויפצובויען דעם פונדאַמענט פון די צוויי בנינים...

---

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' ישראל ריזשינער: פאַר וואָס האָבען פאַרצייטיגע צדיקים דאָס רוב געלעבט אין גרויס דחקות און היינטיגע פאַרען אין באַקוועמע קאַרעטעס און לעבען בהרחבה, ווי פּריצים.

— ווייל פאַרצייטיגע צדיקים האָבען געהאַט אַנדערע חסידים. — האָט איהם דער ריזשינער אָפּגעענטפערט — היינטיגע חסידים באַשטעהען פון דריי באַזונדערע כתות. די ערשטע — אמת'ע חסידים ואנשי מעשה. די צווייטע, בכבוד'יגע בעלי־בתים, און די דריטע פון פראָסטען המון. די געלדער וואָס די ערשטע גיבען אונז, גיבען מיר איינגאַנצען אַוועק פאַר צדקה, ודברים שבקדושה. די געלדער פון די צווייטע האַלטען מיר פאַר הוצאות־הבית. די געלדער פון די דריטע קויפען מיר מיט זיי פערד און וואָגען וכדומה.

היות די פאַרצייטיגע צדיקים האָבען געהאַט, די ערשטע און צוויי־טע כתות חסידים און די דריטע איז כמעט ווי ניט געווען, האָבען זיי דאַרום זייער גאַנץ געלד אַוועקגעגעבען פאַר צדקה און הויז־הצטר־כות'ן און האָבען ניט געהאַט קיין געלד פאַר פערד און וואָגען און אַנ־דערע באַקוועמליכקייטען. היינט אָבער באַשטעהען דאָס רוב חסידים פון די דריטע כתה, האָבען מיר דאַרום גענוג געלד פאַר פערד און וואָגען און פאַר אַנדערע גשמיות'דיגע דברים של חול.

---

## ויכלא העם מהביא (לו. ו.)

מיטן מאָמענט וואָס משה האָט אויסגערופען אין דער מחנה, „איש ואשה אל יעשו עוד מלאכה לתרומת הקודש", האָבען די אידען גלייך פאַרלאָרען דעם חשק ווייטער צו ברענגען מאַטעריאַלען פאַרן משכן. ווייל אַזוי איז די טבע פון מענשען, זיי ווילען געבען נדבות, זיין באַגייסטערט, ווען זיי זעהען אַז פאַר זייערע געלדער ווערט עפּעס אויפגעטאָן, מ'ארבייט, מ'שאַפט, מ'בויט. ווערט די אַרבייט אָפּגע־שטעלט, אָדער זיי זעהען ניט קיין ממשות'דיגע שאַפונג, ווערען

זיי אַנטמוטיגט, פאַרלירען דעם אינטערעס און הערען אויף געלד געבען. (ר׳ שלום בעלזער).

---

## והמלאכה היתה דים (לו. ז.)

דאָס גאָלד און זילבער למלאכת המשכן וואָס די נדיבי לב האָבען געבראַכט איז גענוג געווען, ווייל זייער רצון און תשוקה, אָנצו־האַלטען צו געבען איז געווען אָהן אַ שיעור און אָהן אַ סוף. (אוהב ישראל).

---

## מקבילות הללאת אחת אל־אחת (לו. יב.)

ביים משכן זיינען אַלע שלייפלעך געווען גלייכע. עס איז ניט געווען קיין חילוק צווישען די שלייפלעך. דאָס לערנט אונז, ווען אידען קומען אין שוהל מתפלל צו זיין פאַרן בורא כל עולמים, זיי־נען דעמאָלט אַלע גלייך. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

## ויעש את הכיור במראת הצבאת (לח. ח.)

מען האָט דעריבער געמאַכט ביים כיור, מראת הצבאת, שפיגלען, כדי דער וואָס וועט זיך וואַשען, זאָל ניט מיינען אַז דער כיור איז פאַר אַנדערע זיך צו רייניגען, אָבער ער אַליין איז פאָלקאָם ריין פון חסרו־נות. אָבער אַריינקוקענדיג אין די שפיגלען בעת׳ן וואַשען, וועט ער זעהן דעם אייגענעם חסרון און וועט פאַרשטעהן אַז דער כיור צום וואַשען איז אויך פאַר איהם געמאַכט געוואָרען... (תולדות).

---

כמים פנים אל פנים, כן לב האדם — דווקא אַנטקעגען וואַסער און ניט אַנטקעגען שפיגעל. ווייל אין וואַסער אָפּשפּיגלען זיך קען אַ מענש נאָר ווען ער שטעהט גאָר נאָהנט צום וואַסער, אָבער זעהן פון וויטענס די אייגענע געשטאַלט אין וואַסער איז אוממעגליך. כך, אַזוי איז דער מענש מחויב זיך צובייגען נאָהנט צו זיך אַליין — אַליין זיך פאַרשטעהן און אַליין זיך קענען. (רבי ר׳ בונם).

---

יעדער מענש דאַרף באַטראַכטען דעם צווייטען ווי אַ שפּיגעל. פּונקט ווי אַ שפּיגעל ווייזט די אייגענע מיאוס׳קייט און חסרונות אַזוי זעהענדיג דעם צווייטענס פעלערען, דאַרף מען דערפיהלען ביי זיך אַ תשוקה און חשק אליין זיך אַרומצוואוואַשען און מתקן זיין די אייגענע חסרונים.

דאָס איז דער טעם פאַרוואָס אַרום כיור זיינען געמאַכט געוואָרען שפּיגלען. ווען די כהנים זיינען געגאַנגען זיך וואַשען צו דער עבודה, האָבען זיי אויך גייסטיג באַדאַרפט זיין אָפּגעוואַשען פון יעדער פּגם און חסרון. אַריינקוקענדיג אין די שפּיגלען האָט דאָס די כהנים דערמאָנט, אַז כדי צו וויסען די אייגענע פעלערען, דאַרף מען אַריינקוקען אין שפּיגעל פון צווייטען מענש — תמיד בלויז קוקען אויף זיך, זיינען די אייגענע חסרונות שווער צו דערקענען. (מעזריטשער מגיד).

# פקודי

## „אלה" פקודי המשכן (לח. כא.)

צוליב דעם וואָס די אידען האָבען בעת'ן מאַכען דאָס עגל־הזהב געטאַנצט און געשריען „אלה אלהיך ישראל", האָט מען באַדאַרפט האָ־בען דאָס משכן מכפר צו זיין אויף דעם „אלה". (ר' אָשר הורוויץ).

---

אלה פקודי המשכן — מיט דעם קען צוריק אויסגעלייזט ווערען דאָס מקדש וואָס איז פאַר'משכונ'ט געוואָרען: על פי משה — אויב מען וועט געדענקען די תורה וואָס משה רבינו האָט אונז געלערענט. דורך עזיבת־התורה איז דאָס מקדש חרוב געוואָרען און דורך זכירת־התורה וועט דאָס מקדש צוריק אויפגעבויט ווערען. (תולדות).

---

## ויהי זהב התנופה (לח. כד.)

כידוע איז דאָך דאָס וואָרט „ויהי" אַ לשון צרה, טאָ וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָ דאָס וואָרט „ויהי"?

דאָס מיינט מען יענע עשירים, וואָס וויפיל זיי פאַרמאָגען איז זיי רק וועניג. האָבען מורא צו געבען צדקה, טאָמער וועלען זיי ניט האָבען גענוג, קענען זיך ניט שיידען מיט די מטבע. אויף אַזעלכע עשירים איז נעבאָך אַ גרויס צער און אַ צרה דאָרט וואו זיי זיינען... (משמרת איתמר).

---

אל יתהלל עשיר בעשרו — פונקט ווי אַן עושר לאָזט זיך ניט באַגנוגענען, וויפיל ער פאַרמאָגט איז איהם אַלץ וועניג. אל יתהלל חכם בחכמתו, אַזוי זאָל דער חכם קיינמאָל זיך ניט באַנוגענען מיט זיין חכמה, ער זאָל כסדר האָבען אַ תשוקה פאַר מער חכמה און דעת. (רבי ר' בער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ חכם, וואָס איז בעסער חכמה אָדער עשירות?

— אַוודאי חכמה.

— אם־כן, פאַר וואָס זוכט דער חכם עשירות, שטעהט אונטער די טירען פון די נדיבים און דער עושר זוכט ניט קיין חכמה און זוכט ניט די געזעלשאַפט פון חכמים?

— דאָס איז פשוט. חכמה איז אין קאָפּ און מערסטענס איז דער עושר אַ מיטעלמעסיגער מענש, בעת דער חכם פאַרשטעהט די מעלות פון עשירות, פאַרשטעהט אָבער ניט דער עושר די מעלות פון חכמה. (תולדות).

---

דער קאָצקער האָט אַמאָל געוואונשען זיינעם אַ חסיד, ער זאָל ווערען אַן עושר און פאַרמאָגען אַ סך געלד.

— צו וואָס טויג מיר אַ סך געלד? — האָט איהם דער חסיד געפרעגט.

— כדי דו זאָלסט קומען צו מיר לערנען חסידות אויף דיין אייגענער הוצאה און ניט אויף מיינער...

---

דער וואָס גיט צדקה איז אַ מאמין אַז השי"ת איז דער משפיע אַז אַלץ וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט איז ניט צוליב זיין כח און חכמה, נאָר ער האָט אמונה אַז השי"ת איז דער מושל בכל. פון איהם קומט דער עושר און כבוד און אַז דאָס וואָס ער גיט, איז דאָס ניט זיינס, נאָר פון השי"ת.

---

די שכינה אַנטפלעקט זיך ניט צו דעם מענש ביי תורה לערנען, ניט ביים מתפלל זיין, נאָר בעת'ן געבען צדקה. (ר' שניאור זלמן).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' בונם: צדקה איז דאָך אַ מצות־עשה, פאַר וואָס מאַכט מען ניט קיין ברכה ביים געבען צדקה, ווי איבער יעדער אַנדערער מצוה?

ווען מ'זאָל פאַרן געבען צדקה דאַרפען מאַכען אַ ברכה, וואָלט ווי דער שטייגער ביי אידען, אָנגעהויבען זיך אַ סדרה פון הכנות — וואַשען די הענד, זאָגען אַ הנני מוכן ומזומן לקיים מצות עשה, מאַנכע וואָלטען פריער געלאָפען זיך טובל זיין, בינו לבינו וואָלט דער אָריימאַן געשטאָרבען פון הונגער...

---

כי צדיק ה' צדקות — דער רבש"ע האָט ליב נאָר אַזעלכע צדקות אהב, ישר יחזו פנימו, ווען דער מקבל קען אַריינקוקען אין די אויגען פון נותן און ניט דאַרפען באַהאַלטען זיין פנים אין דער ערד פאַר חרפה און בושה. (ישמח משה).

---

ישא ברכה — פאַראַן מענשען וואָס זיינען מצליח אין פּרנסה און זיי זיינען אַזוי נאַריש איינצורעדען זיך אַז דאָס קומט זיי פון אייגענער באַמיאונג, פעאיגקייט און אַנשטרענגונג. צו די מענשען זאָגט דוד המלך — ישא ברכה — די ברכה איז ניט פון אייער כח ועוצם ידכם, נאָר קומט צו אייך מאת ד׳.

פאַראַן אַנדערע מענשען, כאָטש זיי ווייסען אַז זייער ברכה קומט מאת ד׳, גלויבען זיי אָבער אַז דאָס קומט זיי מחמת זייער צדקות און מעשים טובים. צו זיי זאָגט דוד המלך, וצדק מאלהי ישעו — זייער ברכה קומט זיי ניט מחמת זייער איינגערעדטע צדקות און מעשים טובים נאָר פון די ברכה פון גאָט. (ר׳ שלום בעלזער).

---

ווען דער רבי ר׳ אלימלך איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, האָט אַ שטאָדטישער בעל־הבית באַמערקט זיין פרומע התנהגות און דערוואונדערנדיג זיך אַז ער לעבט בחיי צער, האָט ער יעדער טאָג, בעת דער רבי ר׳ אלימלך איז געווען פאַרטיפט אין דאַווענען, אַריינגעלייגט עטליכע מטבעות אין זיין טלית־זעקעל.

האָט אַזוי פּאַסירט, אַז דער בעל־הבית האָט אָנגעהויבען מצליח זיין און איז אין אַ קורצער צייט געוואָרען אַן עושר. איינמאָל האָט דער בעל־הבית זיך מיישב געווען: אויב ער איז נתעשר געוואָרען שטיצענדיג דעם פרומען יונגענמאַן, וועלכער פאָרט צום רבי׳ן קיין מעזריטש, ווי נאָך מער וועט ער מצליח זיין, ווען ער וועט אָוועקפאָרען אַליין צום מעזריטשער רבי׳ן און איהם געבען אַ גרעסערע נדבה, איז אָוועקגעפאָרען דער דאָזיגער בעל־הבית קיין מעזריטש און געגעבען דעם רבי׳ן אַ באַדייטענדען פּדיון און פּאַסירט האָט פּונקט דאָס פאַרקערטע. די מסחרים זיינען פּלוצים ערגער געוואָרען. דער איד איז געוואָרען אַ יורד און האָט פאַרלוירען זיין גאַנץ געלד.

איז דער איד אָוועקגעפאָרען צום מעזריטשער מגיד און האָט איהם אַלץ דערצעהלט — האָט איהם דער מעזריטשער אַזוי געזאָגט:

— די זאַך איז גאָר פּשוט. ווען דו האָסט ניט געזוכט צו שטיצען בלויז יחסנים, האָסטו געהאָלפען וועמען ס׳איז, האָט השי״ת אויך אַזוי געטאָן און האָט דיר אויך געהאָלפען. האָסטו אָנגעהויבען זוכען יחסנים צו העלפען, זוכט דער רבש״ע אויך נאָר יחסנים צו העלפען און האָט מסתמא געפונען אַ גרעסערען יחסן ווי דו ביסט...

---

ר׳ משה לייב סאַסעווער האָט איינמאָל געגעבען אַ באַדייטענדע נדבה אַ אידען וואָס האָט געהאַט אַ שלעכטען נאָמען אין שטאָט.

— רבי, פאַרוואָס גיט איהר אַזאַ פאַרשוין אַזאַ גרויסע נדבה?
— האָבען איהם די חסידים געפרעגט.

— פאַר וואָס פאַרשטעהט איהר ניט? — האָט ער זיי מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — איך בין דען אַ גוטער, פונדעסטוועגען גיט מיר השי"ת, דערפאַר גיב איך די שלעכטע, כדי דער רבש"ע זאָל מיר באַצאָלען מדה כנגד מדה...

---

די האַנט וואָס טיילט צדקה ווערט אַ טייל פון דעם רייטוואָגען פון השם יתברך. (ר' שניאור זלמן).

---

די חכמי ישראל האָבען גע'טענה'ט צו דוד המלך — עמך ישראל צריכין פרנסה. האָט דוד זיי געענטפערט, לכו והתפרנסו זה מזה. דערויף האָבען די חכמים איהם צוריק געענטפערט: „אין הקומץ משביע את הארי ואין הבור מתמלא מחוליתו".

די כוונה פון דעם שמועס איז געווען: די חכמים האָבען פון דוד'ן געפאָדערט פרנסה פאַר די לומדי תורה, האָט זיי דוד געענטפערט, אַז די בעלי־בתים און סוחרים דאַרפען מחזיק זיין די תלמידי־חכמים, דערויף האָבען די חכמים דוד'ן געזאָגט: „אין הקומץ משביע את הארי" — דער קמצן קען ניט געבען צו דער זאַט צום עסען דעם תלמיד־חכם (ארי שבחבורה), ווייל אין הבור, דער בור, דער עם־הארץ, מתמלא מחולייתו, ווערט קיינמאָל ניט פול פון דעם וואָס ער האָט. אַלץ איז איהם ווייניג, ער וועט גיכער אויסגעבען פאַר לוקסוס און תאוות, איידער צו שטיצען און מפרנס זיין תלמידי־חכמים. (תולדות יעקב יוסף).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' יצחק וואָרקער: אַלע שלעכטע מדות, ווי עקשנות, גאווה, כעס, קענען אַמאָל אין אויסנאַמספאַלען אויסגענוצט ווערען צום גוטען. דערפאַר האָט זיי דער אויבערשטער באַשאַפען. וואָס פאַר אַ נוצען קען ברענגען אַפּיקורסות וואָס דער אויבערשטער האָט די שלעכטע מדה באַשאַפען?

— אַוודאי קען זי ברענגען נוצען און איז גאָר נויטיג, בעת נתינת צדקה. ס'טרעפט אָפט אַז אַרימער איד קומט צו אַ גביר און בעט ער זאָל איהם העלפען בשעת דחקו, אַנשטאָט דער גביר זאָל אַריינלייגען די האַנט אין קעשענע און געבען איהם הילף, ווערט ער גאָר אַ גרויסער בעל־בטחון און טרייסט דעם אָרימאַן אַז דער רבש"ע וועט איהם ניט פאַרלאָזען, „כי יעמוד לימין אביון", דער רבש"ע וועט איהם העלפען און הייסט איהם האָבען בטחון. פאַר

אַזעלכע גבירים האָט כביכול באַשאַפען די מדה פון אפיקורסות און זאָגט:

— זייט ניט אַזוי פרום און בעלי מאמינים און פאַרלאָזען זיך אויפ'ן רבונו של עולם, ווען אן אָרימאַן קומט צו אַ גביר ער זאָל איהם העלפען, מעג דער גביר פאַר אַ רגע זיין אַן אפיקורס און ניט האָבען קיין בטחון נאָר טאַקע אַליין אַריינלייגען די האַנט אין טייסטער און תיכף העלפען דעם אָרימאַן און נויטליידענדען...

---

אַל תבטחו בנדיבים — ביסטו אין נויט און דאַרפסט אַן הלוואה זאָלסטו זיך ניט פאַרזיכערען אויף דיינע רייכע פריינד אַז זיי וועלען דיר קומען צו־הילף. בבן אָדם שאין לו — גראָד דיין פריינד וואָס פאַרמאָגט אַליין ניט קיין סך. תשועה — ער וועט דיר גיכער העלפען. (ר' חיים צאַנזער).

---

## מאת אדנים (לח. כז.)

הונדערט אדנים זיינען געוועזן אין משכן און הונדערט ברכות דאַרף אַ איד מאַכען יעדען טאָג. פונקט ווי די אדנים זיינען געוועזן די יסודות פון משכן, אַזוי זיינען די ברכות די יסודות פון דער קדושה פון יעדער איד. די מאה ברכות זיינען במקום די מאה אדנים ביים משכן. (חידושי הרי"ם).

# ויקרא

## ויקרא אל משה (א. א.)

„א" דויקרא זעירא. (בעל הטורים). דער איד וואס גרויסט זיך און האלט זיך טייער (ויקרא — מלשון ויקר), צוליב זיין לערנען און עבודת השם, אזא איד איז „דוחק רגלי השכינה". דער איד אבער וואס לערענט און דאווענט און ווייסט זיין שפלות, איז ער בבחינת משה, אויף ועמען די תורה זאגט עדות, דורך די „א" זעירא אין „ויקרא" — והאיש משה ענו מאד. (ר' אברהם יעקב סאדיגורער).

---

ויקרא אל משה. די „א" פונ'ם ווארט ויקרא איז אין דער תורה געשריבען אזוי קליין, גלייך ווי עס וואלט גאר קיין „א" ניט געווען. אהן דער „א" וואלט דאס ווארט געמאכט „ויקר" — דערוויטערונג. דערוויטערט פון השם יתברך און וואלט געמיינט א לשון טמא.

לערנען מיר פון דעם, אז הגם א מענש וואס לערענט בהתמדה און איז תמיד עוסק בעבודת השם, טאמער האלט ער זיך צוליב דעם גרויס, שטאלצירט מיט דעם און בלאזט פון זיך, איז ער גלייך ווי א טמא זאך, ווי די חז"ל זאגען: „כל המתגאה כדוחק רגלי השכינה". (ר' ישראל ריזשינער).

---

כאטש משה רבנו איז געווען אויף אזא הויכער מדרגה, פון דעסט-וועגען איז ער פון דעם ניט נתפעל געווארען און איז געווען ביי זיך גאר שפל'דיג. פונקט ווי א מענש וואס שטעהט אויף א הויכען דאך, וועט דאך איהם גאר ניט איינפאלען צו האלטען זיך גרויס דערמיט, וואס ער איז אין דער הויך, ווייל ער ווייסט, אז זיין הויכקייט איז ניט זיין אייגענע, נאר פשוט ווייל ער געפינט זיך אויף א הויכען דאך — אזוי איז אויך געווען משה רבנו. וויסענדיג זיין גרויסקייט, האט ער שטענדיג געדענקט, אז די מעלות זיינע זיינען ניט זיינע אייגענע, נאר אז השי"ת האט זיי איהם געגעבען. אליין האט ער זיך תמיד גע-האלטען פאר אן „א" זעירא — קליין און שפל'דיג. (רבי ר' בונם).

---

דאס וואס די וועלט זאגט: לומדים לערנען און חסידים לערנען

נישט, איז דער אמת׳ער פירוש אַזוי: לומדים, וואָס מער זיי לערנען, האַלטען זיי זיך אַלץ נאָך פאַר גרעסערע לומדים, חסידים וואָס מער זיי לערנען, האַלטען זיי זיך פאַר קלענערע למדנים און אַט דערויף איז מרמז די קליינע „אלף" פון ויקרא. „אלף" איז אַ לשון לימוד, זעירא, וואָס מער דו לערנסט, זאָלסטו זיך אַלץ מערער האַלטען קליין. (דגל מחנה אפרים).

---

## אדם כי יקריב מכם קרבן לה׳ (א. ב.)

„אדם" פון וואָס מ׳שטיינס געזאָגט דו באַשטעהסט: „אפר", „דם", „מרה". כי יקריב, אַז דו ווילסט מקריב זיין אַ קרבן, טאָרסטו ניט זאָגען לה׳ קרבן, טאָמער וועסטו בלויז דאָס ערשטע וואָרט אַרויסזאָגען און דאָס צווייטע וועסטו חלילה ניט קענען פאַרענדיגען, וועסטו האָבען דערמאָנט גאָט׳ס נאָמען לבטלה, דעריבער דאַרפסטו זאָגען קרבן לד׳. באַרעכען דיך „אָדם", אויב דו ביזט אַ רגע ניט זיכער מיט דיין לעבען, מיט וואָס שטאָלצירסטו און האַלטסט זיך גרויס? (ר׳ דוד דינעווער).

---

„אָדם כי יקריב" — ווען דו ביזט פאַר עפּעס זיך מקריב, „מכם" זאָל דאָס זיין ערליך, אויפריכטיג, בלב ובמסירות־נפש. (ר׳ חיים צאַנזער).

---

„אָדם כי יקריב מכם קרבן", אַ מענש וואָס איז אַן ענו ושפל רוח, ווערט ביים רבש"ע געשעצט מער פון אַלע קרבנות. (רמ"ל סאַסעווער).

---

„אָדם כי יקריב מכם קרבן לה׳" — „מכם" מאַכען די ראשי־תיבות „מדה כנגד מדה". דאָס מיינט, וויפיל הנאה, תענוג דער מענש האָט פּונקט אַזוי פיל זאָל ער גרייט זיין, צו פּייניגען זיך. פאַרצייטיגע דורות האָבען אויף דער וועלט געהאַט תענוג, הנאה און שמחה, האָבען זיי מדה כנגד מדה באַדאַרפט פאַסטען, פּראַווען סיגופים. היינטיגע שוואַכע דורות, מיט קליינע הערצער און נאָך קלענערע מוחות, וואָס מ׳שטיינס געזאָגט פאַר אַ תענוג און הנאה האָבען זיי אויף דער וועלט? איז דערפאַר גענוג פאַר זיי, אַז זיי זיינען מתפלל צו השי"ת בלב נשבר ונדכה. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

באַנוצען זיך מיט תעניתים און סגופים מעג נאָר אַ געזונטער מענש אויף אַ גראָבער עבירה, אויך נאָר אין די קליינע ווינטער־טעג,

בתנאי, ער זאָל פאַר־טאָג טרינקען עטליכע גלעזער וואַרימס. (ר׳ אָשר סטאָלינער).

---

געהט מען נישט אויפן גלייכען וועג, זיינען תעניתים און סגופים אויך ניט גלייך. געהט מען אויפן אמת׳ען וועג, איז דאָך עסען און שלאָפען אויך גוט. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

לערנען יעדען טאָג צוויי בלאַט גמרא, איז ביים רבש״ע מער חשוב און האָט מער פעולה, ווי אַ תענית. (ר׳ אלימלך ליזשענסקער).

---

ווען דער יצר הרע זעהט, אַז ער האָט ניט קיין שום עצה צו מאַכען דעם מענשען זינדיגען, רעדט ער איהם צו, ער זאָל פאַסטען תעניתים, פייניגען דעם גוף מיט פאַרשיידענע סגופים, כדי אַזוי אַרום קערפערליך איהם אָפּצושוואַכען און צונעמען פון איהם די כוחות, וועט ער ממילא ניט זיין ביכולת צו דינען דעם רבונו של עולם. (בעש״ט).

---

תעניתים און סגופים זיינען בלויז אַ מיטעל פון שטן אַריינצו־נאַרען דעם מענש אין אַ פאַסטקע, צעמישען זיינע רעיונות און אַרונ־טערפירען איהם פון דרך־הישר. עס איז פונקט ווי צוויי מענשען וואָס ראַנגלען זיך, טראַכט איינער: אויב איך וועל מיין געגענער געבען אַ זעץ אין האַרץ אָדער אויסדרעהען אַ האַנט, קען ער מיר טאָן נאָך ער־גערס. אַז איך וועל איהם אָבער געבען אַ שטאַרקען זעץ אין קאָפּ, וועט ער אַנידערפאַלען אויף דער ערד און וועט מיר שוין גאָר ניט קענען טאָן. פונקט אַזוי זאָגט דער שטן, ווען ער זוכט אימיצען צו פאַרנאַרען און דערשלאָגען. ער רעדט איהם איין צו פראַווען תעניתים און סגופים. אַזוי אַרום שוואַכט ער אָפּ זיין קערפער, צע־מישט זיינע רעיונות און באַזיגט איהם ווייל דער מענש פאַלגט און זינדיגט. (באַרדיטשיווער).

---

„היושב בתענית נקרא חוטא״ — די חז״ל מיינען, אַז אַזאַ מענש וואָס פאַסט און ער האָט קיין אַנדערע זאַך ניט אין מחשבה ווי זיין תענית, ער צעהלט די מינוטען ווען ער וועט קענען שטילען זיין הונגער. אַזאַ מענש דאַרף ניט און טאָר ניט פאַסטען, ווייל ער מאַכט זיך קראַנק, ער שוואַכט אָפּ זיין גוף און איז ניט ביכולת עוסק צו זיין בתלמוד תורה — ויצא שכרו בהפסדו.

אַזאַ מענש אָבער, וואָס פון התלהבות ותשוקה לעבודת השי״ת פאַרגעסט ער איינגאַנצען זיין חומר, איז טרוד בעבודת השם ווי עס

טרעפט אָפט צווישען סוחרים, זיי זענען אַזוי שטאַרק באַשעפטיגט מיט זייער מסחר, אַז זיי פאַרגעסען אינגאַנצען, אַז זיי דאַרפען עסען, זיי פיהלען לגמרי ניט דעם הונגער — אַזאַ מענש מעג און דאַרף פאַסטען. (ר' מאיר פשיסכער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם בעל שם טוב, וואָס איז לויט אייער שיטה אין חסידות דער עיקר עבודת־הבורא? מימים קדמונים, וואָס מיר וויסען און אונזערע אָבות האָבען אונז דערצעהלט, איז דער עיקר עבודת־השם געווען פאַסטען משבת לשבת. זענט איהר געקומען און איהר האָט בטל געמאַכט די תעניתים און סיגופים און איהר זאָגט „כל המתענה עתיד ליתן את הדין" — טאָ וואָס איז לויט אייער מיינונג דער עיקר עבודה?

— לויט מיין שיטה, באַשטעהט דער עיקר עבודת־השם — האָט דער בעש"ט קורץ און שאַרף אָפּגעענטפערט — אין דריי זאַכען: אין אהבת ה', אהבת ישראל און אהבת תורה.

---

דער איד, וואָס זאָגט גאַנץ תהלים דריי מאָל אַ טאָג, ווערט דאָס איהם פאַררעכענט, ווי ער וואָלט געפאַסט משבת לשבת. (רבי מלובלין).

---

„אָדם כי יקריב מכם קרבן" — „מכם", מאַכען די אותיות „מדה כנגד מדה". אָט דאָס איז דער עיקר בשעת מקריב זיין דעם קרבן זאָל דער מענש וויסען, אַז באמת קומט איהם דער עונש וואָס דער קרבן ליידט, ווייל ער האָט געזינדיגט, דורכן מקריב זיין דעם קרבן ווערט ביים מענש דערוועקט דער געדאַנק פון תשובה. (ר"ש אָסטראָפּאָליער).

---

אָדם כי יקריב מכם קרבן לה' מן הבהמה. אם אָדם חטא, בהמה מה חטאה?

דערפאַר ווערט בהמה גערופען בהמה, ווייל די אותיות מאַכען „בה־מה". דאָס גאַנצע לעבען ווייסט די בהמה איהר נישטיגקייט. פונקט אַזוי דאַרף דער מענש זיין גאַנץ לעבען וויסען „מה אני ומה חיי?" און דער מענש וואָס פאַרגעסט דעם „מה אני", זינדיגט. דורך דעם וואָס ער איז מקריב די בהמה, דערנענטערט ער זיך צו דער בחינה פון ענוה און באַגרייפט זיין נישטיגקייט, וואָס ברענגט איהם צו חרטה און תשובה, און דאָס איז מכפר זיינע חטאים! (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

עטליכע מתנגדים האָבען אַמאָל געפרעגט ביי ר' ישראל ריזשי־נער: „פאַר וואָס רופט מען אונז מתנגדים? מיר, וועלכע זיינען קובע עתים לתורה, זענען מתפלל תפלה בצבור בהשכמה, נאָכן דאַווענען לערנען מיר אַ בלאַט גמרא, אונז רופט מען מתנגדים, דאַגעגען חסידים וואָס זיינען עובר זמן קריאת־שמע, נאָכן דאַווענען זעצען זיי זיך תיכף טרינקען בראַנפען, זיי הייסען חסידים. אדרבה, על־פי שכל דאַרף דאָך זיין פאַרקערט: אונז דאַרף מען רופען חסידים, ווייל מיר זיי־נען זיך נוהג על פי שולחן־ערוך און חסידים דאַרף מען רופען מתנגדים — ווייל זייער התנהגות איז געגען שולחן־ערוך?

מיום שחרב בית־המקדש — האָט זיי דער ריזשינער אָפּגעענט־פערט — זיינען כידוע בטל געוואָרען די קרבנות. האָבען די חכמים מתקן געווען תפלה במקום קרבן, ווי מיר זאָגען „ונשלמה פרים שפתינו" און דאָס איז דאָך ידוע, אַז בעת'ן מקריב זיין אַ קרבן, האָט דער וואָס האָט מקריב געווען ניט געטאָרט האָבען קיין מחשבה־זרה, ווייל אויב ער האָט בשעת הקרבת הקרבן געהאַט אַ מחשבת פיגול, איז דער קרבן געווען פסול, פונקט אַזוי איז מיט תפילה, וואָס איז חשוב ווי אַ קרבן, פסל'ט אַ שלעכטע מחשבה. היות דער יצר־הרע זוכט כל'ערליי עצות און תחבולות אַריינצוברענגען אין מוח מחשבות זרות בעת ער דאַווענט, כדי איהם מבלבל צו זיין. על כן האָבען חסידים געפונען אַן עצה תיכף נאָכ'ן דאַווענען זעצען זיי זיך טרינקען בראַנפען, איינער דעם אַנדערען ווינשט לחיים, אַפרעדען זיך פון האַרצן וואָס איינעם פעלט, איינער ווינשט דעם צווייטען ער זאָל בקרוב גע־האָלפען ווערען. היות דער דין איז „תפלה נאמרה בכל לשון", הייסט דאָס אַליין שוין אַ תפלה. צו אַזאַ תפלה, האָט דער יצר הרע קיין שליטה נישט, ווייל ער מיינט אַז די חסידים זיינען עוסק אין בראַנפען טרינקען, זייער לשון איז פּראָסט, איז ער ניט מרגיש קיין ענין תפילה, זוכט ער זיי נישט מבלבל צו זיין, אַזוי אַרום זיינען זייערע תפילות מיט אהבת ה' און אהבת ריעים, — מיט ריינע הערצער און קלאָרע מחשבות.

והשנית — האָט דער ריזשינער מיט אַ שמייכעל צוגעגעבען — איהר, מתנגדים, דאַווענט קאַלט, אייערע ווערטער קומען אַרויס פון מויל ווי טויטע, האָבען קיין חיות נישט, דאַרום ווען איהר ווערט פאַרטיג מיטן דאַווענען, ווי דער שטייגער איז נאָך טויטע, זעצט איהר זיך לערנען משניות.

חסידים אָבער דאַווענען ניט כדי בלויז יוצא צו זיין דעם „ונשלמה פרים שפתינו", כל עצמותם תאמרנה, זיי דאַווענען מיט התלהבות, מיט ברען, די ווערטער וואָס קומען אַרויס פון זייערע מיילער זיינען

לעבעדיגע, האָבען חיות און ווי דער שטייגער, לעבעדיגע מענשען דאַרפען האָבען אַ ביסעלע בראַנפען, צוליב דעם טרינקען חסידים בראַנפען נאָך דעם דאַווענען...

---

צדיקים מתנגדים, אַז מ׳קומט צו זיי, זאָלען בעטען פאַר אַ חולה אָדער עקרה, שטעלען זיי זיך בעטען פאַרן רבונו של עולם כאחד האדם. זיי טראַכטען גאָרנישט די צדיקים מתנגדים, אַז דער אויבער־שטער איז אַ שומע תפלת כל פה, צו בעטען ביי השי״ת אַ טובה, ווי אַ היימישער, דערויף איז קיינער ניטאָ אין דער היים — דאָס קענען זיי נישט. (קאָצקער).

---

דער רבי ר׳ בער פלעגט אָפט רעדען מיט גרינגשעצונג וועגען לומדים וואָס זיינען ניט קיין חסידים. האָט איהם איינמאָל איינער געפרעגט: דער רבי אַליין איז דאָך אויך אַ למדן?

—אויב איך בין טאַקע אַ למדן — האָט איהם דער רבי ר׳ בער אָפגעענטפערט — קומט דאָס מיר צונוץ. איך מוז דאָך וויסען הלכות און דינים, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין בדרך חסידות. אָבער זיי, די בלויזע למדנים, וואָס פאַר אַ נוצען ברענגט זיי זייער למדנות?

---

## והפשיט את העולה (א. ו.)

אַרונטערציען זאָלסטו פון דיר דיין גאווה. ונתח אותה לנתחיה. צעשניידען זאָלסטו איהם אויף שטיקער, ועסטו זעהן, אַז אַנשטאָט זיך גרויס צו האַלטען מיט דיינע מעלות און השלמות, ביזטו גאָר אַ גרויסער בעל־חסרון. (ר׳ מרדכי קרעמעניצער).

---

„ואל תתחבר לרשע״ — זאָל דיין עניוות און שפלות ניט דער־גרייכען צו אַזאַ מדרגה, אַז דו זאָלסט אַליין האַלטען זיך פאַר אַ רשע. (קאָזשניצער מגיד).

---

## ושחט אותו על ירך המזבח צפונה (א. יא.)

אין דעם פסוק ווערט בדרך רמז אָנגעוויזען די גרעסטע תאוות וואָס זיינען שולט אויפ׳ן מענש געגען וועלכע ער דאַרף מיט אַלע זיי־נע כחות באַקעמפען:

„ושחט אותו״ — צו דער מדרגה פון שעכטען, באַקעמפען דעם יצר־הרע, קען מען אַנדערש ניט קומען ווי נאָר דורך באַפרייען זיך

„על ירך" — תאוות נשים. „המזבח" — תאוות תאכילה, „צפונה" — תאוות הממון. (ר' נחום טשערנאבעלער).

---

מיט קנאה ווערט דער מענש געבוירען, די תאווה קומט מיט זיין געוואוינהייט און דערציאונג. (קאצקער).

---

## כי כל שאור וכל דבש לא תקטירו (ב. יא.)

פון צו זויערס און צו זיס איז מען ניט מקטיר קיין קרבן צו גאט. מען דארף נישט זיין צו היימיש מיטן רבונו של עולם. (קאצקער).

---

## נפש כי־תחטא (ד ב.)

אין וואס באשטעהט דער חטא? — אויב מכל מצות ד', ער האט געטאן מצוות אויף אזא אופן, וואס הייסט באמת „אשר לא תעשינה", גלייך ווי ער וואלט זיי ניט געטאן, ווען ער געהט ארום אנגעבלאזען מיט גאווה און האלט, אז ער האט געטאן מצוות, אט דאס איז זיין חטא. (באַרדיטשיווער).

---

## ואם כל עדת ישראל ישגו (ד. יג.)

מען האט אמאל געפרעגט דעם בערדיטשיווער. מיר בעטען: „ותן לכל איש די מחסורו ולא יצטרכו עמך ישראל זה לזה, ולא לעם אחר", וואס איז דאס אזוי שלעכט, ווען גוי'אישע קונים קומען קויפען אין אידישע קראמען און אידען פארדינען אזוי ארום זייער פרנסה?

— די תפילה מיינט ניט בעולם־הזה, נאר בעולם־הבא, ווען מען משפט א אידען, א חוטא, שטעלט דער סניגור אנטקעגען דעם חוטא נאך א גרעסערען בעל־עברה, וואס לגבי איהם איז דער באשולדיגטער פשוט א צדיק און אזוי ארום געהט דער גע'משפט'ער ארויס זכאי.

דאס זעלבע איז, מיטן פאלק ישראל, „ואם כל עדת ישראל ישגו", ווען דאס אידישע פאלק איז זינדיג, שטעלט דער סניגור אנטקעגען אן אנדערע זינדיגע אומה, וואס לגבי יענע אכזרישע אומה איז עדת ישראל, דאס אידישע פאלק, כלם צדיקים. אט דאס איז דער רעיון פון דער תפלה, וואס מיר בעטען, אז אלע אידען זאלען זיין צדיקים, כדי מיר זאלען ביים משפט ניט דארפען אנקומען צו באווייזען, אז לויט די פארברעכערישקייט און מעשים תעתועים פון אנדערע אומות זיינען מיר צדיקים.

---

## אשר נשיא יחטא (ד. כב.)

מאכען די ראשי תיבות „אני". די זינד פון נשיא קומט וואס ער האלט פון זיך „אני ואפסי עוד". (ר' נטע חעלעמער).

---

אז א תלמיד חכם באגעהט אן עבירה, איז דאס א גרעסערער חילול השם ווי א באגאנגענע עברה־גדולה פון אן אדם פשוט. (ר' יחיאל מאיר מאגילניצער).

---

„אשר נשיא יחטא. אשרי הדור שהנשיא שלו נותן לב להביא כפרה על שגגתו". (רש"י).

פאר וואס דרשנ'ט ניט רש"י דעם „אשרי הדור" ביי דעם „אם הכהן המשוח יחטא"?

— פון כהן המשוח קען מען בלויז אפלערנען צו זינדיגען, אבער נישט תשובה צו טאן. ווייל ווען א כהן המשוח טוט תשובה, זאגען מענשען: וואס איז די רבותא, פאר וואס נישט? ער איז דאך דער כהן המשוח, טא ווער דען זאל תשובה טאן, אויב נישט ער? אבער אז א נשיא, א גביר, איינער וואס פארנעמט ניט קיין רעליגיעזע פאזיציע, ער איז בלויז דער ראש־הקהלה און ער געהט בדרך־הישר, ער טוט תשובה, אזעלכען איז א גרויסער וואונדער און ס'איז טאקע אשרי הדור. (ר' שמעלקע ניקעלשבורגער).

---

א חסידישער יונגערמאן האט זיך געקלאגט פארן רבי ר' העניך מאלכסנדר אז אין שטאט וואו ער וואוינט פארשפרייט מען ווענען איהם מיאוס'ע בלבולים וואס פארשאפען איהם חרפות ובושות.

— און וואס זאגסטו אליין? — האט איהם דער אלכסנדרער רבי געפרעגט.

— נו, וואס זאל איך זאגען? — האט דער יונגערמאן מיט א געמאכט אומשולדיג פנים געענטפערט — איך זאג, „אשרי מי שחושדין אותו ואין בו".

— נו, אויב אזוי — האט איהם דער אלכסנדרער רבי כלאחר־יד געענטפערט — האלט דיך בעסער ביים „אשרי יושבי ביתך", וועט דיך קיינער ניט חושד זיין און מען וועט וועגען דיר ניט פארשפרייטען קיין מיאוס'ע בלבולים.

---

## וכפר עליו הכהן מחטאתו ונלח לו (ד. כו.)

אומעטום, ביי יעדען קרבן ווערט צוגעגעבען „וכפר עליו הכהן

ונסלח לו", חוץ ביים קרבן פונ'ם כהן המשוח, ווייל דער כהן המשוח איז אליין מקריב דעם קרבן זיינעם און מכפר זיין קען מען נאר פאר יענעם, אבער ניט פאר זיך זעלבסט — אליין קען מען זיך ניט מוחל זיין. (ר' צדוק הכהן).

---

די נוטריקון פון קרבנות: „אשם", „שוב מחרון אפיך" און „עולה" מאכט „והנחם על הרעה לעמך". (ר' אשר הורוויץ).

---

## ואם נפש כי תחטא ועשתה אחת מכל מצות ה' (ה. יז.)

פאראן מענשען וואס טוען כסדר מצוות ומעשים טובים און האל־טען אז וויפיל זיי טוען איז עס פאר זיי נאך אלץ ווייניג. פאראן אבער אנדערע מענשען, וואס פארנעמען זיך בלויז מיט איין און איינציגע מצוה און זיי גלויבען, אז פראקטיצירענדיג די איינציגע מצוה דער־פילען זיי אלע זייערע התחייבותן. אויף די לעצטע זאגט אונז די תורה: „ואם נפש כי תחטא" — וואס באשטעהט דעם מענש'ס חטא? ועשתה אחת מכל מצות ה', וואס ער טוט בלויז איין מצוה און גלויבט, אז די מצוה איז כולל אלע מצוות און ער איז שוין פון אלעמען פטור. ואשם — אזא מענש איז א חוטא. (בערדיטשעווער).

---

## לאשמה בה (ה. כו.)

עס איז געווען אמאל א מנהג — האט ר' מענדעלי רימאנאווער דערציילט — ווען דער בעל־קורא האט שבת פרשת ויקרא מסיים געווען די סדרה „מכל אשר יעשה לאשמה בה" און אזוי ווי מען טאר ניט מסיים זיין בדבר־רע פלעגט גאנץ קהל זיך אויפשטעלען און בקול־רם אויסשרייען: „לאל אשר שבת מכל המעשים ביום השביעי", ווי די ראשי תיבות פון „לאשמה בה" מאכען.

# צו

## צו את אהרן (ו. א.)

דאָרט וואו עס איז אַ באַפעל, דאַרף זיין מער זירוז, ווייל יעדער באַפעל איז שווער דורכצופירען. (קאָצקער).

---

## „ביותר צריך הכתוב לזרז במקום שיש חסרון כיס" (רש"י)

דאָס איז געזאָגט געוואָרען בזמן הזה אין די פינסטערע צייטען פון גלות, ווען אידען ווערען באַרויבט פון זייערע פרנסות, זייער עקזיסטענץ ווערט אונטערגעבראָכען און ס'איז „כלתה פרוטה מן הכיס". אין אַזאַ מורא'דיגער צייט איז דער גרעסטער נסיון מקיים צו זיין די תורה מיט די מצוות, ווייל דאגות־פרנסה און מלחמת הקיום פאַרשווערען דאָס אָפּהיטען פון אידישקייט. דעריבער מוז מען הייַנטיגע צייטען שטאַרק מזרז זיין בייצושטעהן די שוועריגקייטען און גרויסע נסיונות. (שפת אמת).

---

## „אין צו אלא לשון זירוז" (רש"י)

דאָרט וואו ס'איז פאַראַן אַ „צו" אַ באַפעל, אַ פליכט צו טאָן, איז נויטיג „זירוז", אָנשטרענגונג, ווייל מקיים צו זיין אַ „צו" דאַרף מען אויסשטעהן אַ שווערען קאַמף מיטן יצר־הרע. (רבי ר' העשל).

---

## זאת תורת העולה (ו. א.)

נאָר אַזוי איז די תורה עולה למעלה, על מוקדה, ווען זי ווערט געלערענט מיט אַ ברען, מיט התלהבות, מיט פייער. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

אינ'ם וואָרט „מוקדה" שטעהט אַ קליינע „מ", איז דאָס אַ רמז, אַז די התלהבות, פון אַ איד פאַר אידישקייט, דאַרף זיין במסתרים, פאַר־

בארגען, ניט שרייאונג, ניט טומעלדיג, נאר באהאלטען אינעווייניג, אינ׳ם הארץ, ניט ארויסווייזען עס פאר אלעמען. (קאצקער).

---

זעהענדיג איינמאל די טיר פון א בית־המדרש האט דער בעש״ט דערקלערט, אז ער קען ניט אריינגעהן, ווייל דאס בית־המדרש איז אנגעפילט מיט תורה און תפילה, אז ס׳איז אזש פאר איהם קיין פלאץ ניטא.

— אדרבה — האבען די מקורבים געזאגט — דאס איז דאך א גרויסע מעלה און א „שבח״, אז אלע ווינקלאך פונ׳ם בית־המדרש זענען פול מיט תורה ותפלה.

— איהר האט א טעות — האט זיי דער בעש״ט אפגעענטפערט — תורה ותפלה וואס קומען בכוונת הלב, פון די טיפענישען פונ׳ם הארצען, פליען גלייך אין הימעל אריין און עס בלייבט פון זיי גארנישט אין בית־המדרש. תורה ותפלה וואס קומען אהן כוונת הלב, בלויז מויל־מלאכה, פארבלייבען אין בית־המדרש און פילען אן אלע ווינקע־לאך, ביז מען קען דארט ניט אריינגעהן.

---

„זאת תורת העולה״, אט דאס איז די תורה פון גאות, „על מוקדה״, אט זי מעג פארברענט ווערען אויפן פייער. (ר׳ נתן שידלאווצער).

---

יעדער מענשליך באגאנגענע עברה מוז זיין א סיבה דערצו, בלויז גאות דארף לחלוטין ניט קיין סיבה. א מענש קען ליגען ביים אויווען און זיין קאלט געפרוירענעם הויז איינגעדעקט אין א צעריסענעם פעלץ און האלטען זיך אין איינרעדען: „איך בין גרויס, איך בין אן אדם גדול״ ... (רמ״ל לענטשנער).

---

ר׳ אהרן לייב, פארענדיג איינמאל צו ר׳ מענדעלע רימאנאווער, האט פאראויס געוואוסט, אז ר׳ מענדעלע וועט איהם אנטקעגען שיקען שליחים מקבל פנים צו זיין. אזוי ווי ר׳ אהרן לייב איז געווען א בורח מן הכבוד, האט ער געבעטען זיין בעל־עגלה, ער זאל בייטען מיט איהם די מלבושים, כדי מען זאל איהם ניט דערקענען, וועלען די שליחים צוטיילען דעם כבוד דעם בעל־עגלה און ניט איהם.

האט דער בעל־עגלה דערפילט ר׳ אהרן לייב׳ס בקשה. דער בעל־עגלה האט אנגעטאן ר׳ אהרן־לייב׳ס שטריימעל און זיין אטלעסענע זשופיצע און ר׳ אהרן־לייב האט אנגעטאן דעם בעל־עגלה׳ס פראסטע בגדים, געזעצט זיך אויף דער קעלניע מיט׳ן בייטש אין האנט און אנגעטריבען די פערד.

צווישען די קבלת־פנים שליחים, וואָס ר׳ מענדעלע האָט געשיקט איז אויך געווען ר׳ נפתלי ראָפּשיצער. ווען די שליחים האָבען מיט גרויס יראת־הכבוד און דרך־ארץ אָפּגעגעבען שלום דעם בעל־עגלה, וואָס איז בהרחבה׳דיג געזעסען אינמיטען וואָגען, האָט ר׳ נפתלי אויסגעדרייט זיך צו ר׳ אהרן־לייב׳ן, וואָס איז געזעסען אויף דער קעלניע מיט׳ן בייטש און האָט געזאָגט צו איהם:

— שלום עליכם רבי. נפתלי׳ן נאַרט מען נישט. דער רבי דאַרף וויסען, אַז ביי אַ גנב, איז שווער צו גנב׳ענען!...

---

יעדער מענש וואָלט געקענט דערגרייכען אַזאַ הויכע מדרגה ווי די תנאים און אמוראים. נאָר דאָס גאוות פון די מענשען איז מעכב און דערלאָזט נישט. (בעש״ט).

---

ר׳ אורי סטרעליסקער האָט געהאַט איינגעפיהרט ביי זיך אַ מנהג, אַז יעדער חסיד וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צו פאָרען צו איהם, ניט קיין חילוק ווער ער איז געווען, אַ רב, אַ רבי, אַ גדול בתורה, אַן עושר, האָט געמוזט פאַר׳ן שלום געבען, ברענגען צוויי גרויסע קאַנען וואַסער פון ברונעם וואָס איז געשטאַנען אינמיטען סטרעליסקער מאַרק.

---

די צוויי ברידער, דער רבי ר׳ זושא און דער רבי ר׳ אלימלך, האָבען זיך אַמאָל מתווכח געווען, וועלכע מדרגה איז גרעסער, עניוות און שפלות, וואָס דערפיהרט צו הכרת הבורא, אָדער הכרת הבורא וואָס דערפיהרט צו ענווה און שפלות. האָבען זיי באַשלאָסען אָנצופרעגען וועגען דעם ביים מעזריטשער מגיד און ער האָט זיי אַזוי אָפּגעענט־פערט:

— „אלו ואלו דברי אלקים חיים״, אָבער אייגענע ענווה און שפלות וואָס דערפיהרט צו הכרת־הבורא איז דאָך אַ העכערע מדרגה.

---

ווען דער בעל „הפלאה״ איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין פראַנקפורט־דמאַין, איז איהם ביים אָנקומען אין שטאָט געגעבען געוואָרען אַ פייערליכער קבלת־פנים — כמעט די גאַנצע אידישע קהלה איז איהם אַנטקעגען געקומען. האָט איהם איינער פון די מקורבים געפרעגט:

— וואָס טראַכט דער רבי אינ׳ם איצטיגען מאָמענט?

— מיר דוכט זיך, גלייך ווי מען וואָלט מיך געטראָגען אויף

אַ מיטה צום בית־החיים, די גאַנצע שטאָט איז מיך מלווה און מען האַלט וועגען מיר הספדים.

---

דעם פסוק אין תהלים „כי רם, ה׳ ושפל וראה, וגבוה ממרחק יודע", האָט דער קאָזשעניצער מגיד געטייטשט — כי רם ה׳, כאָטש השי״ת איז אַזוי הויך, דאָך ושפל, דער וואָס איז ביי זיך שפל, יראה, דער קען זעהן זיין הויכקייט. וגבוה, דער אָבער וואָס האַלט זיך הויך, ממרחק יידע — איז אפילו ווייט פון צו וויסען דאָס גדלות פון השי״ת און מכל־שכן פון צו זעהן עס.

---

דער אמת׳ער „בורח מן הכבוד" איז דער, וואָס נעמט דעם כבוד וואָס מען טיילט איהם צו און הויבט איהם אויף צום אויבערשטען, וואָס איז דער אמת׳ער מלך־הכבוד. דער „מענש וואָס באַגרייפט אַז דער כבוד וואָס מען גיט איהם איז ניט צוליב איהם, נאָר צוליב די מעלות זיינע, וועלכע השי״ת האָט איהם באַשאַנקען. קומט דאָך ממילא דעם כבוד וואָס מען גיט איהם אָפּצוגעבען דעם וואָס האָט איהם די כשרונות געגעבען. אַזאַ מענש וואָס קען דעם כבוד צוריקברענגען צו זיין שורש. יאָגט איהם נאָך דער כבוד און וויל, אַז ער זאָל איהם ווייטער מתקן זיין און אויפהויבען צים אויבערשטען. (שפת אמת).

---

„מעלין בקודש ואין מורידין" — אַ מענש ווערט גערופען אַן עולה ויורד, „מעלין", אָדער ער פּראָגרעסירט און שטייגט העכער, אָדער ער געהט אַרונטער, זינקט נידעריגער. אויף איין מדרגה קען אַ מענש נישט שטעהן. (ר׳ ישראל מאָדזשיצער).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ מענדעלע קאָצקער: ר׳ יוחנן זאָגט „כל מקום שאתה מוצא גדולתו של הקב״ה, שם אתה מוצא ענותנותו". און עס שטייט אויך „ד׳ מלך גאות לבש", טאָ וואו געפינט מען די ענוה?

— טאָקע אויפן זעלבען אָרט. ד׳ מלך גאות לבש, דער לבוש פונ׳ם רבש״ע איז גאות, אָבער זיין פּנימיות איז בלויז „ענוה".

---

דעריבער זאָגט דער מדרש: „כל המתגאה נדון באש", ווייל גאות איז דאָך דאָס מלבוש פון גאָט. ד׳ מלך גאות לבש, און איז דעריבער ניט צוגעפּאַסט פאַר אַ בשר־ודם. דער מענש אָבער וואָס פאַרמעסט זיך אָנצוקליידען דאָס מלבוש פון השי״ת, נדון באש, ווייל די געטליכקייט איז דאָך „אש אוכלה אש", אויב ער קען זיך ניט צופּאַסען צו דער

גערטליכקייט, קען זיך ניט דערהויבען צו דער הויכער מדרגה, ווערט ער פאר זיין גאות באשטראפט מיט פייער — פארברענט צו ווערען. (רבי ר׳ העשל).

---

„היא העולה על מוקדה״, זאגט דער מדרש, „מכאן שכל המתגאה נדון באש״, ווייל אן עולה איז מכפר אויף שלעכטע מחשבות און גאווה, וועלכע איז דאך בעיקר אין דער מחשבה. זאגט דעריבער די תורה: „היא העולה״, — דער וואס האט שלעכטע מחשבות פון גאות, על מוקדה, ווערט באשטראפט מיט פייער. (ר׳ אברהמ׳עלע אייגער).

---

„משפיל גאים ומגביה שפלים״ — צו וואס זאל דער רבש״ע דערהויבען די שפלים? עס איז דאך בעסער, אז זיי זיינען בשפלות, דאס איז דאך א מעלה גדולה!

—די כוונה פונ׳ם פסוק איז: השי״ת דערהויבט די אמת׳ע שפלים — ווייל די וואס פארמאגען אמת׳דיגע שפלות וועלען פארבלייבען ביי זייער שפלות אפילו נאך דעם ווי מען דערהויבט זיי. (רבי ר׳ בונם).

---

„אדם ביקר ולא יבין״ — א מענש וואס מען טיילט צו כבוד און ער פארשטעהט עס נישט, ער האט קיין שכל ניט אריינצוטראכטען אין זיך, צי דער כבוד קומט איהם, צי ער איז טאקע ראוי צו כבוד, אזא מענש, „נמשל כבהמות נדמו״... (ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער).

---

אין אנפאנג תקופה פון חסידות האבען מתנגדים געזאגט: „די חסידים לערנען נישט״. דערויף האט דער מגיד פון פולנאה געזאגט: חסידים לערנען צו זיין ביי זיך „נישט״. וואס מער זיי לערנען, באגרייפען זיי אלץ מער, אז זיי זיינען „גאר נישט״ און דאס איז דאך אייגענטליך דער ציעל פון לערנען!...

---

ווען א איד קלערט ביי זיך, צי ער איז יא, אדער נישט קיין חסיד, איז דאס א סימן גאות. וואס עפעס א חסיד? — א איד צו זיין איז איהם ווייניג? (ר׳ אהרן קארלינער).

---

## כל הלילה עד הבקר (ו. א.)

יעדער מענש, ווען ס׳איז איהם פינסטער, קען ער, אויב ער וויל נאר, ארויפארבייטען זיך עד הבוקר, עס זאל איהם ווערען ליכטיג, ווי דער פריה-מארגען. (ר׳ אהרן קארלינער).

---

## ולבש הכהן מדו בד ומכנסי־בד ילבש על בשרו (ו. ג.)

בעת דער מענש לעבט, איז ער אַ כהן. קליידט ער זיך אין זייַדענע קאָסטבאַרע מלבושים. אָבער ווען דער סוף פון'ם מענש קומט, „והוציא את הדשן אל מחוץ למחנה" — ווערט פון'ם מענש אַש און בלאָטע. (רבי מלובלין).

---

## ופשט את בגדיו (ו. ד.)

די צייט פון'ם מענש מוז קומען, ווען מען ציהט אַרונטער זיינע קליידער. ולבש בגדים אחרים, מען קליידט איהם אָן אין אַנדערע קליידער, די תכריכים. והוציא את הדשן אל מחוץ למחנה — מען נעמט אַרויס דעם גוף, דעם מענשליכען קערפּער פון זיינע נאָענטסטע און געליבטסטע, מחוץ לעיר, אויפ'ן בית־הקברות, וואָס ווערט גערופען, דאָס הייליגע אָרט. (רבי מלובלין).

---

## והוציא את הדשן אל מחוץ למחנה (ו. ד.)

אפילו דאָס פּסולת פון אַ אידען, וואָס האָט אין זיך שוין ניט קיין ניצוץ של קדושה און איז שוין מחוץ למחנה ישראל, קען אויך אַמאָל האָבען אַ תיקון. ווייל די פּעולות פון השי"ת זיינען „לבלתי ידח ממנו נדח", דעריבער טאָר מען זיך ניט איינגאַנצען מייאש זיין פון אַ איד, וואָס איז אַרונטער מדרך הישר, אַז ער וועט שוין ניט צוריק קומען, אל מקום טהור. (ר"י איזביצער).

---

## זאת התורה לעולה, למנחה, ולחטאת ולאשם (ז. לז.)

האָסטו געוויסענסביסע, פילסטו זיך שולדיג, ביזט מהרהר בתשובה, פאַרשטעהסט און פיהלסט אַז דו באַדאַרפסט ברענגען אַ קרבן, אַן עולה, אַ מנחה, אַ חטאת און אַשם. „זאת התורה", זאָלסטו לערנען תורה. דאָס איז מעהר פון אַלע קרבנות. (ר' דוד'ל קאָצקער).

---

## ויאמר משה אל העדה זה הדבר אשר צוה ה' לעשות (ח. ה.)

ווען דער רבי ר' אלימלך איז נתגלה געוואָרען און חסידים האָבען אָנגעהויבען קומען צו איהם, האָט זיין ברודער, דער רבי ר' זושא געוואָלט איהם משמש זיין, אָבער דער רבי ר' אלימלך האָט איהם ניט געלאָזט. האָט דער רבי ר' זושא גע'טענה'ט צו איהם:

— אפילו ביי משה רבינו געפינען מיר דאָך, אַז ניט בלויז האָט ער משמש געווען זיין ברודער אהרן, נאָר אפילו די קינדער זיינע, האָט ער אַרומגעוואַשען און אָנגעקליידט, ווי די תורה זאָגט: „ויקרב משה את אהרן ואת־בניו, וירחץ אותם במים, ויתן עליו את הכתונת". זעהסטו, כאָטש משה איז געווען אַ מלך, פונדעסטוועגען האָט ער משמש געווען זיין ברודער אהרן, דעם כהן גדול.

— אמת, אמת, — האָט איהם ר' אלימלך געענטפערט — אָבער פאַרוואָס זעהסטו ניט אַ פסוק פריער? איידער משה האָט משמש געווען זיין ברודער אהרן האָט משה מוסר־מודעה געווען צו אַלע אידען: „ויאמר משה אל העדה זה הדבר אשר צוה ה' לעשות" — דאָס וואָס איך געה משמש זיין מיין ברודער אהרן, האָב איך געקראָגען אַ ספּעציעלען אָנזאָג פונ'ם רבש"ע, ווייל אהן דעם אָנזאָג פון השי"ת אַליין וואָלט דאָס טאַקע משה ניט געטאָן.

# שמיני

## ויאמר משה זה הדבר אשר צוה ה׳ תעשו (ט. ו.)

אַ מענש וויל אָפט טאָן אַ געוויסע זאַך נאָר ער ווייסט ניט צו דאָס וואָס ער וויל טאָן איז אַ מצוה אָדער נישט. לערנט אונז דער פסוק, אויב דו ווילסט וויסען, „זה הדבר אשר צוה ה׳", צי דאָס וואָס דו האָסט בדעה צו טאָן איז אַ מצוה, „וירא אליכם כבוד ה׳", זאָלסטו פריער זעהן, אויב דורך דעם וואָס דו וועסט טאָן וועט אַרויסקומען אַ כבוד פאַר גאָט. (רבי ר׳ זושא).

---

„וזה הדבר אשר צוה ה׳ תעשו" — וואָס די זאַך צו טאָן, ווערט ניט געזאָגט, מיינט דאָס אוודאי „די באַוואוסטע זאַך" פון פאַרמיידען פירוד און מחלוקת. אָט דאָס איז די זאַך, וואָס גאָט האָט געבאָטען. (חידושי הרי"ם).

---

## אשר לא צוה אותם (י. א.)

אָט דאָס איז געווען דער גרעסטער חסרון פון נדב ואביהו. כאָטש ביידע זיינען געווען צדיקים, האָבען זיי דאָך ניט פאַרשטאַנען דעם „אשר לא צוה ה׳", זיי האָבען געוואָלט פאַרשטעהן זאַכען מיט׳ן שכל און חכמה, זיי האָבען ניט געוואוסט, אַז דער צוה ד׳ איז דער עיקר און אַז פאַרן „צוה ה׳" ווערט בטל די גרעסטע חכמה און שכל. דעריבער זאָגען מיר ביי יעדער ברכה אויף אַ מצוה „אשר קדשנו במצותיו וצונו" — דער „וצונו" איז דער עיקר פון דער גאַנצער מצוה. ניט שייך קיין חכמה און שכל. (חידושי הרי"ם).

---

דער חכם הלומד מכל האדם איז אין דער בחינה פון מענש וואָס קוקט אַריין אין שפּיגעל. ער זעהט זיין חסרון, זוכט ער דאַרום דורך לערנען פון יעדען מענש זיין חסרון מתקן צו זיין. פאַרקערט איז דער שוטה, שפּיגעלט זיך קיינמאָל ניט, זעהט ער ניט זיין חסרון, ער וויל פון קיינעם נישט לערנען, ווייסט ער ממילא נישט, אַז ער האָט אַ חסרון וואָס ער דאַרף מתקן זיין. (תולדות).

---

„החכם עיניו בראשו", — דער אמת'ער חכם אין זיינע אויגען ווייסט, אַז תמיד שטעהט ער ביים אָנפאַנג פון דער חכמה. (ר' ישראל מאָדזשיצער).

---

„עיני ה' אל צדיקים" — צדיקים דאַרפען האָבען צוויי אויגען, מיט איין אויג צו זעהן דאָס גדלות פונ'ם אויבערשטען, און מיט דעם צווייטען אויג צו זעהן די נידעריגקייט און נישטיגקייט פון זיך אַליין. (בערדיטשיווער).

---

## יין ושכר אל תשת (י. ח.)

טרינקען אַביסעל בראַנפען, וויין און ביר איז געזונט, דערפרייט דאָס מענשליכע האַרץ און פאַרטרייבט עצבות, מען דאַרף אָבער מאַכען אַ הבדל בין הקודש ובין החול, אינמיטען וואָך וועניגער טרינקען, שבתים און יום־טובים אַ ביסעל מערער טרינקען. הויפּזאַכליך דאַרף מען אָבער זיין נזהר, צו זעהן מיט וועמען מען טרינקט. אונטערצושיידען בין הטמא ובין הטהור — דער וועלכער טרינקט פשוט לשם טרינקען און דער וועלכער טרינקט לשם התחברות און אהבה. (ר' אשר הורוויץ).

---

נאָך די ווערטער „אל תשת, אתה, האָט די תורה אָנגעשריבען „סימני הפסקה". זיינען דאָס אַ רמז וועלכע צייטען און מאָמענטען מען מעג טרינקען.

אתה ובניך אתך — אויף אַ שמחת נישואין. בבואכם אל אהל מועד, בעת א חנוכת הבית, ולא תמותו — אויפשטעהענדיג פון אַ קראַנקהייט, חוקת־עולם — אויף אַ ברית מילה, ולהבדיל בין הקודש ובין החול — ביים קידוש און הבדלה. ובין הטמא ובין הטהור — פורים (טמא־המן, — טהור־מרדכי). ולהורות את בני ישראל — (להורות לערנען) אויף אַ סיום (ר' נפתלי ראָפשיצער).

---

## דרש דרש משה (י. טז.)

כאן חצי תורה — די תורה שבכתב מיט דער תורה שבעל־פה זיינען אַ „חטיבה אחת", צוזאַמען איין תורה. דורך דער תורה שבעל־פה ווערען אָנטפּלעקט די פאַרבאָרגענע אוצרות און סודות פון דער תורה שבכתב. אָהן תורה שבעל פה איז די תורה שבכתב ווי אַ האַלבע תורה. איז אָט דאָס דער רמז: „דרוש דרש, כאן חצי התורה" — ביז צו די דרשות פון די חז"ל איז די תורה געווען אַ האַלבע, ערשט

דורך די דרשות פון די חז"ל, איז די תורה געווארען א גאנצע. (דגל מחנה אפרים).

## וישמע משה וייטב בעיניו (י. כ.)

ר' נתן דוד שידלאווצער איז איינמאל שבת געווען צוגאסט ביים צאנזער, האט איהם דער צאנזער מכבד געווען מיט תורה־זאגען ביים טיש. האט ר' נתן דוד געפיהלט זיך שטארק אומבאקוועם צו זאגען תורה ביים צאנזערס טיש. עובר זיין אויף דעם צאנזער'ס רייד האט ער אויך ניט געוואלט. האט ער זיך א ווייל פארטראכט און מיט א שמייכעל אזוי געזאגט:

די תורה זאגט אונז: „וישמע משה וייטב בעיניו" — איז די קשיא, וואס איז דאס משה'ן אזוי וואוילגעפעלען וואס אהרן האט געזאגט?

נאר כידוע, האט משה תמיד געזאגט תורה, און אהרן האט גע־הערט, אבער דא דערצעהלט אונז די תורה „וידבר אהרן אל משה, הן היום וכו'" אהרן האט געזאגט תורה און משה האט געהערט, „וייטב בעיניו" — האט משה הנאה געהאט. ער האט איינגעזעהן, אז עס איז בעסער צו הערען דברי תורה איידער אליין צו זאגען. האב איך אלזא שוין מקיים געווען אייערע רייד און געזאגט תורה און איך וויל מער ניט זאגען, כדי איהר זאלט זאגען און איך זאל הערען...

---

„וישמע משה", — משה האט געהערט אהרנ'ען רעדען און גע־זעהן די צופרידענהייט פון די צוהערער. אלע זעהען איהם גערן, האבען איהם ליב צו הערן, „וייטב בעיניו", האט משה גרויס הנאה געהאט. ווייל פון דעם האט ער פארשטאנען, אז אהרן האט אויך חן בעיני ה', ווי די חז"ל זאגען: כל שרוח הבריות נוחה הימנו, רוח המקום נוחה הימנו. (ר' משה'לע קאזשעניצער).

---

## וידבר ה' אל משה ואל אהרן (יא. א.)

„הוו זהירים ברשות" — זאלסט פארזיכטיג זיין מיט די זאכען, וואס זיינען דערלויבט, ספעציעל מיט עסען און טרינקען, נראים כאוהבים בשעת הנאתם, אפט זיינען די ניט־כשר'ע מאכלים רייצענד, אפעטיטנע, צוציהענד, ליב און געשמאק און דו ווערסט וועלען זוכען א הכשר צו קענען זיי עסען. אמאל מיט'ן תירוץ, עס איז לשם שמים, אמאל אז דו ווייסט, זיי זיינען ניט טריפה. „הוו זהירים", זאלסטו זיין פארזיכטיג, ווייל ווייסען זאלסטו, אז די אלע תירוצים זיינען נאר מקרבים לו לאדם אלא לצורך עצמם, דאס איז פשוט'ע תאווה, צו זעטיגען און נאכצוגעבען דעם גוף און די אלע תירוצים און

הכשרים וואָס דו וועסט געפינען, זיינען די רייד פונ׳ם יצר־הרע. (יוד הקדוש).

---

צום ריזשינער זיינען אַמאָל געקומען צוויי אידישע סאָלדאַטען און מיט טרערען אין די אויגען געקלאָגט זיך פאַר איהם, אַז דורך דעם וואָס זיי דינען דעם קיסר, זיינען זיי געצוואונגען צו עסען טריפות.

— אויב איהר נעמט זיך עס אַזוי צום האַרצען — האָט זיי דער ריזשינער געענטפערט — בין איך אייך מבטיח, אַז ווען משיח וועט קו־מען, וועט איהר מאַרשירען אין פראָנט פאַר אַלע צדיקים.

---

## ממעלה גרה (יא. ד.)

איידער דו געהסט עפּעס טאָן, זאָלסטו פריער גוט איבערקייען און באַטראַכטען און אַז דו וועסט באַשליסען די זאַך צו טאָן, מפריס פרסה, זאָלסטו שטעלען האַלבע טריט, זאָלסט ערשט זיין גוט פאָרזיכטיג און אָפּגעהיט, זאָלסט ניט אַריינפאַלען אין אַ צרה. (ר״י איזשביצער).

---

## וכל אשר אין לו סנפיר וקשקשת (יא. י.)

דער טעם פאַרוואָס די תורה האָט געאָסר׳ט פיש, וואָס האָבען ניט קיין סנפיר וקשקשת, ווייל עס קען זיי ניט בריען אונטער די פליגעל. אידישע פיש מוזען האָבען סנפיר וקשקשת, כדי ס׳זאָל בריען אונטער די פליגעל. (ר׳ מאיר יחיאל מאָגילניצער).

---

## ואת החסידה (יא. יט.)

ולמה נקרא שמה חסידה, שעושה חסידות עם חברותיה במזונות (רש״י).

אם־כן, פאַר וואָס ווערט זי פאַררעכענט צווישען די עופות טמאים ?

— טאָקע דערפאַר, ווייל איהר גוטסקייט איז אויסשליסלאַך צו איהר חברותא, אָבער צו אַנדערע, ניט פון איהר חברותא, באַציהט זי זיך מיט אכזריות. (יוד הקדוש).

---

דערפאַר איז די „חסידה״ טמא, ווייל זי איז זיך נוהג ווי געוויסע חסידישע אידען, וואָס אַנשטאָט צו העלפען זייערע חברים במזונות, פאַשען זי זיי מיט חסידות... (ר׳ נפתלי ראָפּשיצער).

---

דערפאַר איז די „חסידה״ אַן עוף טמא, כאָטש „שעושה חסידות עם חברותיה״, ווייל זי איז אַ „חסידה״ בלויז מיט איהרע חבר׳טעס,

אָבער אַנדערע וואָס זיינען ניט פון איהר מין, ווייל זי ניט העלפען, איז זי אַן אַכזר. ביי מזונות טאָר מען ניט מאַכען קיין חילוק צווישען באַקאַנטע, אייגענע און פרעמדע. (חידושי הרי"ם).

## מקוה־מים יהיה טהור יא. לו.)

אין אַ שטאָט ניט ווייט פון פרעמישלאַן, האָט פלוצים אויסגעבראָכען אַ קראַנקהייט. זיינען עטליכע חשוב'ע בעלי־בתים געקומען צו ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער פרעגען אַן עצה וואָס צו טאָן אויף אָפּצושטעלען די חולאת.

— זאָלען די אידען אין אייער שטאָט אָפּטער געהן אין מקוה אַריין!

— וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס געהן אין מקוה מיט דער חולאת?

ס'האָט שוין גאַר אַ שייכות — האָט זיי דער רבי ר' מאיר'ל אָפּגעענטפערט — ס'ווערט בפירוש געזאָגט „מקוה ישראל מושיע בעת צרה" — אַ מקוה העלפט אָפט אין צייט פון אַן עת־צרה.

---

דער בערדיטשיווער איז אַמאָל געקומען צו־גאַסט צום רבי מלובלין. האָט דער משמש אַריינגעבראַכט קאַווע מיט מילך אין צוויי באַזונדערע כלים און דער רבי מלובלין האָט גענומען די כלי מיט קאַווע אַנצוגיסען פאַר'ן בערדיטשיווער, האָט דער בערדיטשיווער אַנגעכאַפּט זיין האַנט און מיט אַ שמייכעל געזאָגט צו איהם:

— זייט מוחל לובלינער רבי, פריער גיסט אַריין די מילך נאָך דעם די קאַווע, וועל איך אויסטרינקען אַ גאַנצע מקוה. „חלב" באַטרעפט „40" ווי דאָס אות „מ", צוזאַמען „קוה" מאַכט דאָס „מקוה".

---

## אל תשקצו את נפשותיכם בכל השרץ (יא. מג.)

אַרונטערצושלינגען אַ שרץ, דאָס קלענסטע ווערימל, דערויף איז דער עולם שטאַרק נזהר. אָבער איינצושלינגען אַ לעבעדיגען מענש, דאָס איז פון די גאַנץ לייכטע זאַכען. (ר' ברוך מעזשבוזשער).

---

## ובין החיה אשר לא תאכל (יא. מז.)

פון דעם פסוק אין דער תורה לערנען מיר, אַז יעדער איד האָט אַ נאַטירליך געבוירענעם אינסטינקט, וועלכעס מאכל צו עסען און וועלכעס מאכל ניט צו עסען. „בין החיה הנאכלת" — עסען, וועלכעס לאָזט זיך עסען. ובין החיה אשר לא תאכל — עסען וואָס לאָזט זיך ניט עסען. (חידושי הרי"ם).

# תזריע

## אשה כי תזריע וילדה זכר (יב. א.)

אַז דו ווּעסט נזהר זיין אין טהרת משפחה, וועסטו זוכה זיין צו אַ זוהן. ביום השמיני ימול, אַז צום אַכטען טאָג וועסטו איהם מל זיין. (רבי מלובלין).

---

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט ביים „חידושי הרי״ם״, פאַרוואָס זעהט מען ניט היינטיגע דורות אַזאַ מסירת נפש פאַר אידען אין אידישקייט ווי אַמאָל אין די אַלטע צייטען?

— משנים קדמוניות, פלעגען אידישע פרויען שטאַרק נזהר זיין אין טהרת המשפחה, האָבען זיך גע׳טובל׳ט אין קאַלטע מקוואות, פלעגען זיי דערפאַר געבוירען פייערדיגע אידישע קינדער, וואָס זיי־נען גרייט געווען זיך מוסר נפש צו זיין על קידוש השם.

---

מ׳האָט אַמאָל דערצעהלט דעם קאָצקער, אַז מ׳האָט דערפינדען אַ מאַשין אָנצואוואַרעמען מקוואות.

— קאַלטע דורות דאַרפען הייסע מקואות! — האָט דער קאָצקער אָפּגעענטפערט.

---

„כמו הרה תקריב ללדת״ — אַזוי ווי אַ געווינערין מוז נאָכ׳ן האָבען דאָס קינד מקריב זיין אַ קרבן, ווייל בעת די חבלי לידה שווערט זי מער ניט צו וואוינען מיט׳ן מאַן, דאַרום ברענגט זי אַ קרבן און וואוינט ווידער מיט איהר מאַן, כך אַזוי זיינען די אידען מיט׳ן רבש״ע. ווען די אידען ליידען צרות, ווערען פאַרפאָלגט, גע׳רודפ׳ט און גע־פייניגט, זיינען זיי נעבאַך מורד אינ׳ם אויבערשטען, אָבער ווען זיי קערען זיך צוריק צום רבש״ע, זיי טוען תשובה איבערצייגען זיי זיך, אַז נאָר אין השי״ת ליגט די הילף, ווערט צוריק שלום צווישען אידען און זייער פאָטער אין הימעל און גאָט העלפט זיי. (בערדיטשיווער).

## אדם כי־יהיה בעור בשרו שאת או ספחת, או בהרת (יב. ב.)

פאַראַן פיל מניעות אינ׳ם מענשליכען לעבען, וואָס שטערען דעם מענש צו זיין בבחינת האָדם, וואָס איז אַ הויכע מדרגה. די עיקר מניעות זיינען די פאָלגענדע דריי: א) שאת — גאווה, טראַציגקייט, פוסטע שטאָלצקייט. ב) ספחת — באַהעפטען זיך מיט שלעכט פאַר־דאָרבענע חברים און דאָס לויפען און יאָגען זיך נאָך אנגעזאַמעלטע עשירות. ג) בהרת — מחשבות זרות, אָדער נאָכטראַכטען און וועלען קלאָר זיין אין די פאַרבאָרגענע דרכים פון השי״ת, אָהן דעם רצון אַלץ צו פאַרשטעהן על פי שכל. (דגל מחנה אפרים).

---

פאַראַן צוויי מדרגות אין ניט־וויסען: א) דאָס ניט וויסען פון אַן עם־הארץ, ב) דאָס ניט וויסען פון אַ גרויסען פאַרשערישען מוח.

דער ערשטער האָט אינגאַנצען ניט גענומען די טרחה, צו ווע־לען וויסען, מיט׳ן תירוץ, אַז אַזוי ווי וויסען איז אָהן אַ סוף, וועט ער סיי־ווי קיינמאָל ניט דערגרונטעווען זיך צום סוף פון וויסען. דער צווייטער איז חוקר־ודורש, פאַרשט טיף, גריבעלט זיך אַזוי לאַנג, ביז ער קומט צו דער איבערצייגונג, אַז וויסען איז אָהן אַ סוף.

אין דער אונטערשיד צווישען זיי אַזוי: דער צווייטער איז ווי יענער נייגעריגער מענש וועלכער איז אַריינגעגאַנגען אין קייזערליכען פאַלאַץ, דורכגעגאַנגען אַלע חדרי המלך, אָנגעזעטיגט זיין אויג מיט אַלע רייכטימער און אוצרות, געזוכט צו דערגעהן און זעהן דעם מלך און נאָך לאַנג זוכען און פאַרשען צו זעהן דעם מלך האָט ער ענדליך זיך איבערצייגט, אַז דעם מלך קען ער ניט זעהן.

דער ערשטער איז גלייך ווי יענער מענש וואָס האָט אַזוי גע־זאָגט: היות דעם מלך קען איך ניט זעהן, טאָ וואָס טויג מיר די גאַנצע טרחה אַריין צוגעהן אין קייזערליכען פאַלאַץ אים צו זוכען? מיין טרחה וועט דאָך סיי ווי זיין אַרויסגעוואָרפען און וועט זיך ענדי־גען מיט דעם וואָס איך וועל קומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך ווייס גאָר ניט. ווייסיך שוין איצט אז איך ווייס גאָרניט און — פטור. (בעש״ט).

---

„אדם ובהמה תושיע ה׳״ — דער מענש וואָס איז בתמונת אדם, שכל האָט ער אָבער ווי אַ בהמה, פונדעסטוועגען תושיע ה׳ — וועט איהם גאָט העלפען, ווייל שומר פתאים ד׳. (ר׳ דודל טאָלנער).

---

„מי שאין בו דעה אסור לרחם עליו״ (ברכות), ווי גרויס איז

נעבאַך דאָס רחמנות אויף אַזאַ מענש וואָס דער פסוק זאָגט אויף איהם „כי לא עם בינות הוא, על כן לא ירחמנהו עושהו" — מיט וואָס קען מען אָבער פאָרט אויף אַזעלכען זיך מרחם זיין? בלייבט די איינציגע עצה, צו לערנען איהם דעת. ווייל אויב ער וועט זיין אַ בר־דעת, וועט מען שוין מעגען זיך אויף איהם מרחם זיין. (חידושי הרי"ם).

---

„כל מי שאין בו דעה, אסור לרחם עליו" — און אַז דו וועסט זיך אויף איהם מרחם זיין, וועט דאָס ביי איהם סיי ווי ניט פאַררעכענט ווערען פאַר קיין טובה און דו דאַרפסט פון איהם ניט דערוואַרטען קיין דאַנק. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

## ואיש כי ימרט ראשו (יג. מ.)

דער מענש וואָס פייניגט זיך דורך תעניתים און סגופים כדי צו דערגרייכען אַ הויכע מדרגה, די וועלט זאָל איהם אָנערקענען פאַר אַ מנהיג־הדור אָדער רופען איהם רבי, „קרח הוא" — כאָטש דאָס איז ניט לשמה, דאָס איז ניט בכלל תכלית העבודה, פונדעסטוועגען — „טהור הוא", — איז ער אַ צדיק. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

„ואיש כי ימרט ראשו" — מחמת יראה ופחד פאַר השי"ת, טהור הוא, אַזאַ מענש האָט דערגרייכט אַ גאַר הויכע מדרגה. (רבי ר' זושא).

---

„איש כי ימרט ראשו" — דער מענש וואָס האַלט ניט דעם קאָפּ פאַרריסען און שטאָלץ, נאָר ער איז זיך נוהג בענוה ושפלות — טהור הוא, איז אַן ערליך אויפריכטיגער מענש. (רמ"ל לענטשנער).

---

„כל הכופר בעבודה זרה נקרא יהודי" און היות גאווה ווערט פאַררעכענט ווי דינען עבודה זרה, נמצא אַז דער מענש וואָס איז זיך נוהג בענוה ושפלות ווערט גערופען יהודי. (דגל מחנה אפרים).

---

ווען ר' אהרן קאַרלינער איז צוריקגעקומען פון זיין ערשטער נסיעה פונ'ם מעזריטשער מגיד, האָט מען איהם געפרעגט, וואָס ער האָט געלערענט ביים מגיד, האָט ער געענטפערט: — אַז איך ווייס, אַז איך בין אַ גאַר־נישט...

---

דעם מאמר פון הלל „אם אין אני לי מי לי", האָט דער בעש"ט געטייטשט — אם אין אני לי, ווען איך אַליין האָב ניט דערגרייכט די

מדרגה צו פאַרשטעהן אַז איך בין גאָר נישט, מי לי? — ווי קען איך אַנדערע דאָס פאַרשטעהן געבען?...

---

„מכלל לאו" — דער מענש וואָס האַלט אַז ער איז בכלל גאָר נישט. „אתה שומע הן", אַז ער איז עפּעס, ומכלל הן, דער וואָס האַלט פון זיך, אַז ער איז אַ יש, אתה שומע לאו — אַז ער איז אַ גאָר נישט שבגאָרנישט... (ר' ישראל מאַדזשיצער).

---

דער שפת אמת רעדענדיג אַמאָל וועגען כבוד, האָט געזאָגט: — כבוד איז דער עיקר צו זיין אַ בעל בטוח און אַ נאמן. דהיינו: נעמען דעם כבוד, אָבער צוריקלייגען איהם אויפן זעלבען פלאַץ, פון וואַנען מ'האָט איהם גענומען. אָט דאָס איז דער פירוש פון מאמר המשנה, „כל הבורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו", אין פלוג איז דאָך קשה: צו וואָס זאָל דער כבוד נאָכיאָגען דעם מענש, וואָס אַנטלויפט פון איהם?

דער תירוץ איז, אויב דער כבוד זעהט, אַז איינער אַנטלויפט פון איהם מחמת ער האָט מורא זיך מיט איהם צו באַנוצען, טאָמער וועט ער ניט קענען איהם צוריקלייגען אויפן זעלבען אָרט פון וואַנען ער האָט איהם געקראָגען, אַזאַ מענש יאָגט נאָך דעם כבוד און וויל דוקא זיך ביי איהם אַנפאַרטרויען...

---

„כל עיר שגגותיה גבוהין מבית-הכנסת, לסוף חרבה", האָט דער רבי ר' בער געטייטשט דעם מאמר חז"ל: דער מענש וואָס האַלט זיך גרעסער פאַר דער שכינה, גלויבט ניט אין אל יחיד ומיוחד און האַלט זיך פאַר'ן כל יכול, לסוף נחרב — דער סוף פון אַזאַ מענש וועט זיין אַ טראַגישער און חורבנ'דיגער.

---

אַ איד אַ בעל-מחלוקה האָט איינמאָל פאַרגעוואָרפען דעם בעש"ט, אַז ער פירט צו רייכען שטאַאַט, וואָס פּאַסט גאָר נישט פאַר אַ מנהיג וואָס לערנט זיינע חסידים די מעלה פון שפלות. האָט איהם דער בעש"ט אָפּגעענטפערט מיט אַ משל:

— אַ מלך האָט אַמאָל געזוכט אַ רפואה, ער זאָל אייביג לעבען. האָט איהם אַ חכם געגעבען די רפואה, ער זאָל זיך דערווייטערען פון גאוות און זיין אַן עניו. האָט דעם מלך'ס עניוות דערגרייכט אַזוי וויט, אַז ווען ער האָט באַדאַרפט פאָרען אין זיין קעניגליכער קאַרעטע, האָט ער געהייסען די קאַרעטע פאָרען פאַראויס און ער איז איהר נאָכגעגאַנגען. אָבער וואָס מער ער האָט זיך געפירט מיט עניוות, אַלץ מער

האָט דאָס גאוות פון איהם אַרויסגערעדט. „זעהט, איך בין אַזאַ גרויסער מלך און דאָך בין איך אַן עניו". ביז דער חכם האָט איהם צו פאַרשטעהן געגעבען: נישט דאָס איז אמת'ע עניוות. דו זעץ זיך אַריין אין דיין קעניגליכער קאַרעטע און דאָך זאָלסטו זיין ביי דיר אין האַרצען אַן עניו. אָט דאָס וועט דיר באמת שווער אָנקומען, ווייל נאָר אַזאַ ענוה איז אַן אמת'ע ערליכע און אויפריכטיגע.

---

„והיה כנגן המנגן ותהי עליו יד ה'" (מלכים ב' ג' ט"ו). ווען דער מענש וואָס איז דער „מנגן" איז ביי זיך אַזוי ווי דער „נגון", ווי די כלי וואָס שפילט, פונקט ווי די כלי אַליין ווערט נישט נתפעל פון די שעהנע קולות וואָס זי ברענגט אַרויס, אַזוי ווערט דער מענש אויך ניט נתפעל פון זיינע מעלות און מדות — אָט אַזאַ מענש, ותהי עליו יד ה' — איז גאָט מיט איהם. (ר' שמעלקע ניקעלשבורגער).

---

אַ מאָדערנער יונגערמאַן איז אַמאָל געקומען צום רבי'ן ר' בונם און געזאָגט צו איהם. די חז"ל זאָגען „כל הבורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו", אָט בין איך אַ בורח מן הכבוד, פונדעסטוועגען זעה איך נישט אַז דער כבוד זאָל מיך נאָכיאָגען — ווי איז דער אמת פון מאמר חז"ל?

— פון דיינע אייגענע ווערטער איז קענטיג, — האָט איהם דער רבי ר' בונם אָפּגעענטפערט — אַז דו ביזט ניט בלויז אַ „בורח מן הכבוד", נאָר להיפך, דער גרעסטער רודף אחר הכבוד. בעת דו מאַכסט זיך אַנטלויפען פון כבוד, האָלטסטו כסדר זיך אין איין אומקוקען אויף הינטען, צי דער כבוד יאָגט דיך נאָך. ממילא ווען דער כבוד דערזעהט, אַז דו דרעהסט זיך אויס צו איהם, נעמט ער אָן אַז דו געהסט איהם נאָכיאָגען, דרעהט זיך דער כבוד גלייך אויס און אַנטלויפט פון דיר.

---

## והצרוע אשר בו הנגע בגדיו יהיו פרומים (יג. מה.)

מען טרעפט אָפט, דער „והצרוע אשר בו הנגע", ביי דעם וועלכען די נגע ליגט באַהאַלטען אינעווייניג, איז אינערליך געמיין און פאַרדאָרבען, בגדיו יהיו פרומים — איז ער זיך גאָר מתלבש אין פרומע בגדים (פרומים, פרומע). (ר' משה קאָברינער).

---

מ'האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' בונם: די חז"ל זאָגען „העושה עצמו חיגר, פיסח, או סומא, אינו נפטר מן העולם עד שיבוא

לידי כך" — וואס איז דער עונש פונ'ם „צבועק", וואס פארקליידט זיך אין א פרומען מאנטעל, פארשטעלט זיך פאר א רבי ? לויט דעם מאמר חז"ל דארף דאך זיין עונש זיין, אז ביי זיין לעבען זאל ער זיין אן אמת'ער רבי, הייסט דאס אן עונש? אדרבה, דאס וועט דאך גאר זיין „חוטא נשכר" !

דער עונש וואס די חז"ל האבען פאראויסגעזאגט פאר דעם וואס וועט זיך מאכען הינקענדיג אדער בלינד וועט אויך טרעפען דעם, וואס וועט זיך פארשטעלען פאר א רבי, נאר אויף אן אנדערען אופן. — האט דער רבי ר' בונם געענטפערט.

דער רמאי וואס פארשטעלט זיך פאר א רבי, אבער ווייסט ביי זיך אז דאס רבי'שע בגד זיינס איז ליגען און פאלש, איז נאך פאראן א האפענונג אז זיינע אויגן וועלן געעפענט ווערען, ער וועט חרטה האבען אויף זיין נאכגעמאכטער התנהגות און ארונטערווארפען זיין רבי'שען מאנטעל און ווערען כאחד האדם.

דער רמאי אבער, וואס הויבט אן גלויבען אז ער איז טאקע א רבי, וועט זיין עונש זיין ווי די חז"ל זאגען, „שלא יפטור מן העולם עד שיבוא לידי כך" — ער וועט צוגעוואוינט ווערען צום רעיון, אז ער איז טאקע א רבי, ער וועט אנהויבען גלויבען אין זיך אז ער איז אן איש אלקים, וועט דאס זיין דער גרעסטער עונש זיינער. מענשען וועלען ערשט דערזעהן זיין פאלשקייט, עם־הארצ'ישקייט, צבוע'סטווא, וועלען זיי איהם אויסלאכען און אנטלויפען פון איהם.

---

צום רבי'ן ר' בונם איז אמאל געקומען א פרומער חסיד זיינער און האט מיט גרויס ערנסט דערצעהלט, אז זייט עטליכע טעג ווי זיין פאטער קומט איהם צו חלום און זאגט איהם אז ער איז ראוי צו זיין א מנהיג ביי אידען און הייסט איהם תיכף ומיד אנהויבען זיין התנהגות אלס רבי. איז ער געקומען זיך שואל־עצה זיין מיט'ן רבי'ן.

— לויט דיין פנים איז טאקע קענטיג אז דו ביסט מוכן ומזומן צו פיהרען די וועלט — האט איהם דער רבי ר' בונם געענטפערט — נאר ווען דיין פארשטארבענער פאטער וועט צו דיר נאכאמאל קומען צו חלום, זאג איהם: וואס שייך דיר, ביזטו שוין גרייט אנצוהויבען דיין רבי'שע התנהגות, נאר זאל ער קומען צו חלום דער וועלט, אז די וועלט זאל דיך אנערקענען פאר א מנהיג און אנהויבען פארען צו דיר...

# מצורע

## זאת תהיה תורת המצורע (יד. א.)

„המצורע" מאכט „המוציא־רע", פון רעדען לשון־הרע און רכילות ווערט מען א מצורע. (ר' אלימלך גראדזענסקער).

---

„לפום צערא אגרא" — אז מען רעדט מיט'ן מויל לשון־הרע „צערא", האט מען דורך דעם צער. אז מען לערנט תורה און מען דאווענט מיט'ן מויל „אגרא", האט מען דורך דעם שכר. (ר' ברוך ביזנער).

---

„מי האיש החפץ חיים" — צו האבען עסען און טרינקען. לראות טוב, צו האבען א שיינע היים און רוהיג לעבען. נצור לשונך מרע ושפתיך מדבר מרמה. (ר' שלום בעלזער).

---

## והנה נרפא נגע הצרעת מן הצרוע (יד. ג.)

כידוע זאגען די חז"ל, אז צרעת קומט אויף א מענש צוליב לשון־הרע, איז דעריבער אי איינציגע רפואה פאר'ן צרוע, ער זאל מפשפש במעשיו זיין, אויפהערען רעדען לשון־הרע און רכילות, וועט ער גע־היילט ווערען. (ר' משה אוהעלער).

---

„כל תלמיד חכם שאינו נוקם ונוטר כנחש, אינו תלמיד חכם". מען האט געפרעגט דעם שלאנג, דערצעהלט דער מדרש: — „מה הנאה יש לך כשאתה נושך?" — האט דער נחש געענטפערט: „ומה יתרון לבעל הלשון?" וואס פאר א הנאה האט דער מענש וואס רעדט לשון־הרע?

אט דאס איז דער פירוש פון מאמר חז"ל. דער תלמיד־חכם וואס איז זיך נוקם ונוטר פאר זיין כבוד און הנאה וועגען, נאר ווי די שלאנג וואס בייסט, ווייל זי דערפילט די שליחות של מקום — אזא

איז אַ תּלמיד־חכם, דער אָבער וואָס איז זיך נוקם ונוטר ניט ווי דער נחש, צוליב דעם רצון און כבוד הבורא, נאָר צוליב זיך, פאַר זיין כבוד וועגן, אַזעלכער איז ניט קיין תּלמיד־חכם. (רבי ר' העשל).

---

## ועץ ארז ושני תולעת ואזוב (יד. ד.)

„לפי שהנגעים באין על גסות הרוח" (רש"י).

דער ארז איז מרמז אויף גאווה, דער אזוב אויף עניוות און אויףביידע דאַרף מען האָבען אַ כפּרה. ווייל גאַנץ אָפּט זינדיגט דער מענש ניט בלויז מיט גאוות נאָר אויך מיט עניוות. דער זעלבער מענש וואָס איז אַ נישקשה'דיגער בעל־גאווה, אויב איינער איז איהם פּוגע בכבוד, איז ער גרייט יענעם דורס צו זיין, צו פאַרפאָלגען איהם עד חרמה, דערזעלבער מענש ווערט פּלוצים אַ גאָר גרויסער עניו ווען מען קומט צו איהם פאַר אַ טובה. ער ווערט מיטאַמאָל זעהר שפל'דיג, טענה'נדיג מיט אַ נעבאַך־פּנים, אַז מען הערט זיך ניט צו איהם צו, ער האָט אין ערגעץ קיין דעה נישט און קען בכלל גאָר נישט אויפטאָן. (חידושי הרי"ם).

---

ווי קען אַ מענש זיין אַ בעל־גאווה? אויב אַ מענש האַלט זיך גרויס, איז ער דאָך ניט מקיים די תורה, וועלכע וואָרנט „תועבת ה' כל גבה לב", און אויב ער איז נישט מקיים די תורה, וואָס איז דער יחוס מיט איהם? מיט וואָס פאַר אַ רעכט האַלט ער זיך דאָס גרויס? (ר' פּנחס קאָריצער).

---

שלעכט איז די נגע „ירקרקת" — גאווה ושנאת חנם. נאָך ערגער אָבער איז די נגע „אדמדמת" — כעס און רציחה. (רבי מלובלין).

---

## זאת התורה לכל נגע הצרעת (יד. נד.)

די ווירקזאַמסטע רפואה צו אַלע נגעים און צרעת איז „זאת התורה", ווי די חז"ל זאָגען: „חש בראשו יעסוק בתורה, ולכל בשר מרפּא". (דגל מחנה אפרים).

---

קאַנסער איז נגע ה„שאת" און די תורה וואָרנט השמר בנגע הצרעת, אַז ביי די נגע השאת, קאַנסער, וועט ניט העלפען קיין אָפּעראַציע. (ר' גרשון העניך ראַדזינער).

צו ר׳ שלום בעלזער איז אמאל געקומען א איד א חולה, זיין נא־מען איז געווען שמעון און געקלאגט זיך, אז ער ליידט פון לינגען־קראנקהייט און דאקטוירים האבען איהם אפגעזאגט דאס לעבען.

— זיי ווייסען ניט וואס זיי רעדען — האט איהם דער בעלזער געטרייסט — עס איז א בפירוש׳ע גמרא, אז דו וועסט געזונט ווערען. דיין נאמען איז שמעון און די גמרא חולין (מ״ב ע״א) זאגט: „ר׳ שמעון ס״ל, דניקבה הריאה אינה טרפה עד שתינקב לבית הסימפונות״, היות דיין ריאה, דיינע לונגען זיינען ביזן סימפונות ניט געלעכערט, דעריבער אינה טרפה, כי הדרא בריא, דו וועסט צוריק געזונט ווערען.

---

דאס וואס די וועלט זאגט: נאך א שרפה ווערט מען רייך און מ׳זאגט דאס ניט אזוי נאך א גנבה, האט דער חידושי הרי״ם דער־קלערט, אז דאס שטאמט פון טריפת־הריאה.

„צמקה הריאה בידי שמים״, אז די ריאה איז איינגעשרומפען גע־ווארען פון שרעק דורך שטארקע דונערען אדער בליצען, איז דער דין, אז די בהמה איז כשר — דהדרא בריא, ווייל די בהמה וואלט צוריק געזונט געווארען. צמקה בידי אדם — אז די ריאה איז איינגעשרומ־פען געווארען דורך שרעק פון א מענשען, אדער דורך א קלאפ פון א מענשען, איז די בהמה טרפה דלא הדרא בריא, ווייל זי וואלט צוריק ניט געזונט געווארען.

דרינגט פון דעם די וועלט, אז א שרפה וואס דאס איז דאך בידי שמים, דההדרא בריא — א ביסעל ראטעוועט מען, אמאל איז מען פארזיכערט, מען האט רחמנות, נישקשה, מ׳קומט שפעטער צו זיך, אבער א גנבה וואס איז בידי אדם, איז ניטא קיין האפענונג עפעס צוריק צו קריגען, פארפאלען, דלא הדרא בריא — שווער צו קומען צו זיך...

---

„הלמתים תעשה פלא?״ — רבש״ע, אז דו מאכסט א מענשען שטארבען, איז דאס א פלא? אם רפאים, זעהסטו, ווען דו שיקסט א רפואה שלמה צו א קראנקען, יקומו, ער שטעהט אויף פון זיין קראנק־הייט, ויודוך סלה, ער לויבט דיך און דיין חסד און דערצעהלט דיינע וואונדער. (ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאנער).

---

„ישלח דברו וירפאם״ — ניט שיקט בלויז השי״ת אפט די רפואה דעם חולה, נאר „וימלט משחיתותם״, ער ראטעוועט איהם פון די דאקטוירים המשחיתים. אנשטאט דער חולה „יודו לד׳ חסדו״, זאל דאנקען דעם רבונו של עולם פארן שיקען איהם די רפואה שלמה,

ונפלאותיו לבני אדם, איז ער גאָר דאַנקבאַר דעם דאָקטאָר. (ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער).

---

„טוב שברופאים לגיהנום" — דער רופא דאַרף וויסען, אַז די רפואה איז אין דער האַנט פון השי"ת און דער דאָקטאָר איז ניט מער ווי זיין שליח. דער רופא אָבער, וואָס גלויבט ניט אין דעם, פעלט איהם די ברכה אין שמונה־עשרה, „רופא חולי עמו ישראל" און עס בלייבט 17 ברכות כמנין „טוב", אָט אַזעלכע „טוב" רופאים האָבען די חז"ל געזאָגט לגיהנום„ (ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער).

# אחרי

## אחרי מות שני בני אהרן (טז. א.)

אין לעבען פון מענשען, האט קהלת געזאגט, זיינען פאראן כ"ח עתים. העלפט גוטע און העלפט שלעכטע, אזוי ווי א מענש איז דאנק־באר השי"ת אויף גוטס, טאר ער קיין תרעומות ניט האבען אויף השי"ת ווען איהם טרעפט חלילה שלעכטס. אט דאס האט גאט געזאגט צו משה'ן, ער זאל זאגען אהרנ'ען, ולא־יבא „בכל עת" אל הקודש. זאג דיין ברודער אהרן ער זאל ניט בלויז קומען אין קדשי הקדשים, ווען ער איז אין צער ווען איהם איז ניט גוט, ווען ס'טרעפט איהם א צרה. „בזאת" צו יעדער צייט, גוט אדער שלעכט, „יבוא אהרן אל הקדש", זאל ער קומען מתפלל זיין פארן רבש"ע. „כשם שמברך על הטובה, כך צריך לברך על הרעה", אלעס וואס מיט א מענש פאסירט אין זיין לעבען דארף ער מקבל זיין באהבה, ווייל כל מה דעביד רחמנא לטב עביד. (ר' ישראל ריזשינער).

---

„בלע מרור לא יצא" — אויב א מענש לעבט דורך שלעכטס, זאל ער ניט האלטען כסדר אין איין איבעררעדען און איבערקייען. (יוד הקדוש).

---

„ואל תתיאש מן הפורענות" — אפילו ווען ס'קומט אויף א מענש חלילה שלעכטס, יסורים און פורענות, אל תתיאש, זאל ער זיך ניט מייאש זיין פון רחמים. (קאזשניצער מגיד).

---

דער דין איז א גנב איז קונה זיין גנבה דורך יאוש בעלים, אויב דער בעל־הבית האט זיך מייאש געווען פון דער גנבה, איז דער גנב ניט מחוייב אפצוגעבען דאס חפץ, נאר האט דאס רעכט צו באצא־לען דערפאר, איז דאס דערפאר ווייל א מענש טאר קיינמאל ניט, אפילו אין די האפענונגסלאזע צייטען און מאמענטען וואס טרעפען אין זיין לעבען, זיך ניט מייאש זיין. (רבי יצחק אייזיק זידיטשויווער).

די צוויי ברידער, דער רבי ר׳ אלימלך און דער רבי ר׳ זושא האבען כידוע יאהרען ארומגעוואנדערט איבער דער וועלט אלס פאר־שטעלטע ארימעלייט אפריכטענדיג גלות. איינמאל זיינען זיי אנגעקו־מען אין א קרעטשמע פונקט ווען ס׳איז פארגעקומען א דארפישע חתונה. אריינקומענדיג האבען זיי דערזעהן די פארטרונקענע ישוב׳ני־קעס האבען זיי פארשטעקט זיך אין א ווינקעל מען זאל זיי ניט באמערקען. די בגילופנ׳דיגע מחותנים און געסט האבען זיי אבער דער־זעהן און האבען האלב שיכור׳ע גענומען טרייבען שפאס מיט די צוויי אריינגעקומענע ארימעלייט. זיי האבען גענומען דעם רבי׳ן ר׳ זושא — דער רבי אלימלך איז געזעסען איינגעקארטשעט הינטער איהם קוים ארויסצוזעהן — אוועקגעלייגט איהם אויף דער ערד און נאך יעדער טאנץ האט איטליכער פון די געסט דערלאנגט איהם א מתנת־יד. אנהאלטענדיג דעם דאזיגען „שפיל" פאר א שטיקעל צייט, איז דער רבי ר׳ אלימלך צוגעלאפען צום רבי׳ן ר׳ זושא מיט א טענה.

— היתכן, פארוואס קומט דיר אז דו זאלסט קריגען אלע קלעפ און איך גאר נישט? הויב דיך אויף און לאמיך אוועקלייגען אויף דיין ארט!

די ישוב׳ניקעס האבען זיך געדרייט אין שיכור׳ן טאנץ און האבען גאר ניט באמערקט ווי דער רבי ר׳ זושא האט געביטען זיין פלאץ מיטן רבי׳ן ר׳ אלימלך. ווערענדיג א ביסעל מיד פון טאנצען האט איינער פון די פארטרונקענע מחותנים אויסגעשריען:

— לאמיר זיך אביסעל אפרוען. און לאמיר איבערבייטען די ארימעלייט, פאר וואס זאל איינער אריינכאפען אלע קלעפ און דער צווייטער גאר נישט. אז זיי האבען גענומען זיך ווידער צום טאנצען האבען זיי געהייסען דעם רבי׳ן ר׳ אלימלך אויפשטעהן און האבען ווידער גענומען זיך צום רבי׳ן ר׳ זושא, אוועקגעלייגט איהם אויף דער ערד און דערלאנגט איהם קלעפ און געשריגען: — „זאל ער גע־דענקען אז ער איז אויך געווען אויף א חתונה". אז דער „שפיעל" האט זיך פארענדיגט, האט דער רבי ר׳ זושא געזאגט צום רבי׳ן ר׳ אלימלך:

— זעהסט ברודער לעבען, ווען דעם מענשען זיינען באשערט קלעפ, העלפט קיין זאך נישט, קען ער זיך ניט פון זיי אויסדרעהען און נישט אויסקויפען...

---

דאס מענשליכע לעבען איז געגליכען צום אריבערגעהן איבער א געפרוירענעם טייך. שטעהן צו לאנג אויף אן ארט טאר מען נישט,

ווייל דאָס אייז קען זיך נאָך איינברעכען, דאַרף מען זעהן וואָס שנע־לער אַריבערצוגלויפען. (ר' יחזקאלע קוזמירער).

---

„מכלכל חיים בחסד" — דער רבש"ע שפייזט די צדיקים וואָס ווערען גערופען „חיים" בחסד, מיט תורה און עבודה. מחיה מתים, די רשעים וואָס ווערען גערופען „מתים", ברחמים רבים, שפייזט דער רבש"ע מיט אַלעם גוטען. (בעש"ט).

---

„גדולים צדיקים במיתתן יותר מבחייהם" — בעת זייער לע־בען קריגט מען אויף זיי, מען אונטערשאַצט זייער ווערדע, מען האַלט פון זיי נישט. דור לדור ישבח מעשיך — יעדער דור לויבט די צדיקים פון פריערדיגען דור, די פאַרשטאָרבענע, די לעבעדיגע אָבער ווערען באַהאַנדעלט מיט ביטול, מיט גרינגשעצונג, דערפאַר איז „גדולים צדיקים במיתתן", נאָכן טויט, יותר מבחייהם בעת זייער לעבען. (ר' אליעזר סאָסעווער).

---

„גדולים צדיקים במיתתן יותר מבחייהם" — נאָכן טויט פון די צדיקים ווערען זיי ערשט אָפּגעשאַצט, ווערט אָנערקענט זייער שאַפונג, השפעה און גדלות. (רבי מלובלין).

---

„צדיקים במיתתן קרואים חיים" — עס האָט דאָך באַדאַרפט שטעהן „נקראים חיים"?

— דאָס איז דער פירוש: צדיקים במיתתן קרואים, די טויטע צדיקים, זיי לייענען די קוויטלעך, חיים, וואָס די לעבעדיגע מענשען לייגען אויף זייערע קברים. (ר' מ"מ אַמשינאָווער).

---

אָז נדברו יראי ד' איש אל רעהו — ווען איינער רעדט וועגען די יראי ד', וועגען די התנהגות, מעשים טובים, תורות, פון די צדיקים און תמימים, ויקשב ד' וישמע, הערט זיך צו צו דעם דער רבש"ע, ויכתב בספר זכרון לפניו, און פאַרשרייבט דאָס אין זיין ספר זכרון אויפן חשבון פון די, יראי ה' ולחושבי שמו — ושפתותיהם דובבות בקבר. (ר' שלום בעלזער).

---

## והשעיר אשר עלה עליו הגורל לה' (טז. ט.)

דער מענש, וואָס זיין גורל איז צו זיין פרום און ערליך צו גאָט, וועשהו חטאת, דער מערסטענס ליידט נעבאַך דחקות און נויט. והשעיר

אשר עלה עליו הגורל לעזאזל, דער רשע, יעמד־חי, ער איז געזונד און שטארק און לעבט א גוטען טאג. (ר׳ אברהם יעקב סאדיגורער).

---

„חביבין ישראל שניתן להם כלי חמדה" — יעדער מענש ווערט געבוירען מיט חשק צו דברי תורה, דער חילוק איז בלויז, דער בר־דעת האלט זיך ביים חשק התורה און דער פתי פארנוצט דעם חשק פאר תאוות און הבלי עולם הזה. (קאצקער).

---

## השוכן אתם בתוך טמאתם (טז. טז.)

פון דעם פסוק איז א ראיה, אז גאות איז ערגער ווי די גרעסטע חטאים. ביי חטאים שטעהט „השוכן אתם בתוך טמאתם" — אפילו ווען די אידען זיינען פאראומרייניגט, רוהט פון דעסטוועגען צווישען זיי גאט. ביים בעל־גאווה שטעהט: „גבה עינים ורחב לבב אותו לא אוכל", זאגען דערויף די חז"ל: „אין אני והוא יכולים לדור יחד בעולם" — השי"ת קען מיט׳ן בעל גאווה ניט וואוינען צוזאמען. (בעש"ט).

---

דער אוהב ישראל איז אמאל געקומען צוגאסט אין א שטאט, זיינען פאר איהם גרייט געווען צוויי אכסניות.ביידע בעלי־בתים פון די אכסניות אבער, זיינען געווען בעלי חסרונות. איין בעל־אכסניה איז געווען א חשוד בעבירות, דער צווייטער — ארענטליך, פראמינענט, ירא־שמים און אן עושר, אבער א גרויסער בעל־גאוה. האט דער אוהב ישראל אויסגעוועהלט צו קווארטירען זיך אין דער אכסניה פונ׳ם ערשטען בעל־הבית.

איז די זאך געווען א גרויסער פלא פאר די חסידים, זיי האבען דאס ניט געקענט משיג זיין און האבען געפרעגט איהם, ער זאל זיי דערקלערען ווי קומט דאס ער זאל בעסער וועלען קווארטירען אין הויז פונ׳ם בעל־אכסניא וואס איז א חשוד אויף עבירות, איידער אין א הויז פון בעל־אכסניה וואס איז אן ארענטליכער בעל־הבית און ירא־שמים, האט זיי דער אוהב ישראל אפגעענטפערט:

— דער בעל־אכסניה, הגם ער איז אן ארענטליכער פרומער איד, צוליב זיין גאוה אבער, זאגט גאט: „כי אין אני והוא יכולים לדור יחד". נו, אויב דער רבש"ע האט ביי איהם קיין פלאץ ניט, האב איך אויך ניט קיין פלאץ ביי איהם. ביי דעם בעל־אכסניה וואו איך קוואר־טיר זיך, איז טאקע א חשוד בעבירות, זאגט די תורה „השוכן אתם בתוך

טמאתם" — איז ווען דער רבש"ע האָט ביי איהם אַן אכסניה, מעג איך אוודאי און אוודאי האָבען ביי איהם אַן אכסניה...

## כמעשה ארץ מצרים וכמעשה ארץ כנען לא תעשו (יח. ג.)

דאָס מיינט מען נישט קיין עבירות, ווייל עבירות שטעהען דאָך ווייטער בפירוש. נאָר דאָס מיינט מען אפילו דאָס וואָס מען מעג טאָן זאָלט איהר זיין זהיר נישט צו טאָן ווי די מצריים אָדער כנענים. איהר זאָלט ניט עסען ווי אַ גוי, טרינקען ווי אַ גוי און ניט שלאָפען ווי אַ גוי. (שפת אמת).

## אשר יעשה אותם האדם וחי בהם (יח. ה.)

„אותם" (אָהן אַ וואוו) מאַכט „אמת", ווייל דער מענש וואָס וועט געהן בדרך האמת, וחי בהם, וועט ער לאַנג לעבען. (דגל מחנה אפרים).

„וחי בהם" — די מצוה גיט חיות דעם מענש. דורך דער מצוה ווערט דער מענש אַ „חי", אַ לעבעדיגער, אַ געזונטער. (שפת אמת).

## איש איש אל כל שאר בשרו (יח. ו.)

איש איש, יעדער מענש זאָל זיין זהיר וזהיר, לכל שאר בשרו לא תקרבו, ער זאָל זיך ניט אַריינלאָזען אין הנאת הגוף אין קערפער־ליכער תאווה. לגלות ערוה, ווייל סוף־כל־סוף וועט דאָס איהם דערפי־רען ניט בלויז צו שאַנדע, נאָר עס וועט אונטערגראָבען זיין געזונד און מענשליכע ווירדע. (ר' חיים צאַנזער).

ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער האָט איינמאָל בעת אָרום טיש זיינען געזעסען אַ גרויסער עולם חסידים נאָך דעם ווי ער האָט זיך געוואַשען צו „שאו ידיכם", געמאַכט זיך ווי ער האָט פאַרגעסען ברכת המוציא. האַלטענדיג דאָס ברויט מיט'ן מעסער אין האַנד האָט ער מיט בעטענ־דע אויגען צום עולם חסידים, עטליכע מאָל איבערגעזאָגט, „ברוך אתה" נו, „ברוך אתה". די חסידים וועלכע האָבען גוט געקענט דעם רבינ'ס דרכים און פאַרבאָרגענע כוונות האָבען פאַרשטאַנען, אַז דער רבי האָט די ברכה המוציא ניט פאַרגעסען, נאָר מסתמא האָט דער רבי עפּעס אַ כוונה דערביי, זיינען זיי געזעסען שטיל און גאָר ניט אָפּגעענט־פערט:

א יונגערמאַן וועלכער איז געקומען צום רבינ׳ס טיש מיט דער כוונה אפצו׳חוזק׳ן פון חסידישע התנהגות האָט גרויס הנאה געהאַט פון דעם, אַז ער האָט געזעהן ווי דער רבי בעט זיך מען זאָל איהם דערמאָנען ברכת המוציא האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט דעם רבי׳ן די ברכה המוציא.

נאָכ׳ן עסען האָט איהם ר׳ מאיר׳ל צוגערופען און געזאָגט צו איהם:

— יונגערמאַן, איך בין דיר שולדיג אַ דאַנק. דו האָסט מיך פשוט מחיה געווען, ווי ס׳ווייזט אויס האָסטו אַ גוטען זכרון.

— געוויס, אַ בעסערען זכרון ווי דעם רבינ׳ס חסידים — האָט ער חוצפה׳דיג אָפגעענטפערט.

— אויב אַזוי — האָט דער רבי ר׳ מאיר׳ל מיט כעס אויסגע־שריען צו איהם — אַז דו ביזט טאַקע אַזאַ גרויסער בעל זכרון, פאַר וואָס האָסטו פאַרגעסען די ברכה „על העריות" און דו לעבסט מיט דיין פרוי אָהן חופה וקידושין?...

# קדושים

## קדושים תהיו, כי קדוש אני, איש אמו ואביו תיראו (יט. ב.)

וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער צווייטער פסוק מיט'ן ערשטען?

— די חז"ל זאָגען, שלשה שותפים יש באָדם. הקב"ה, אמו ואָביו. הקב"ה גיט דעם מענש די נשמה, פאָטער און מוטער דעם גוף. זאָגט הקב"ה צו די אידען „קדושים תהיו", ניט בלשון אזהרה, נאָר אין אַ לשון הבטחה, מצד חלקי, די נשמה וואָס איך גיב דעם מענש איז בודאי קדוש, כי קדוש אני. איש אמו ואביו תיראו — מורא האָבען דאַרפט איהר פאַר'ן צווייטען חלק, פאַר'ן גוף וואָס אייער פאָטער און מוטער וועלען אייך געבען. (יוד הקדוש).

---

אַ איד איז אַמאָל געקומען צום אלכסנדרער רבי'ן און געזאָגט, אַז ער האָט אַ דין־תורה מיט'ן רבש"ע. היות די חז"ל זאָגען „שלשה שותפים יש באדם, הקב"ה, אָביו ואמו", אַזוי ווי ער האָט אַ טאָכטער און די צוויי שותפים, ער מיט זיין ווייב, זיינען אָרים, פאַרמאָגען ניט קיין פרוטה, ווייל ער אַז דער דריטער שותף, הקב"ה, וועלכער באַריהמט זיך און זאָגט „לי הכסף ולי הזהב" — אַז ער איז אַ גרויסער עושר, זאָל ער געבען דער טאָכטער זיין געלד פאַר נדן, ווי אויך לצורך הנישואין.

— ביזט זעהר גערעכט — האָט איהם דער אלכסנדרער רבי אָפּגעענטפערט — ס'איז אָבער דאָ אַ בפירוש'ער דין אין שלחן־ערוך, אַז צוויי מענשען מאַכען אַ שותפות, איינער איז אַן אָרימאַן און דער צווייטער אַן עושר, קען דער עושר זאָגען צום אָרימאַן „אנא בפרוטה ואנת ברגלך". איז דעריבער מיין עצה נעם די פיס אויף די פלייצעס און געה איבער די שטעט און שטעטלאַך וואו מען קען דיך, וישראל עם קדושים, וועסטו אָנזאַמלען גענוג געלד פאַר נדן, ווי אויך לצורך נישואין, פאַר דיין טאָכטער.

---

דער רבי ר' אלימלך האָט אַמאָל גע'מוסר'ט זיינעם אַ חסיד אַ

מקורב, פאַרוואָס ער מאַכט ניט חתונה זיין טאָכטער, וועלכע איז שוין געוועזן אַ מיידעל אין די יאָהרען.

— איך האָב ניט קיין געלד פאַר נדן — האָט דער חסיד זיך געקלאָגט.

— פאָהרט מען אַרויס אויף דער וועלט צוזאַמען צו קלייבען נדבות פאַר אַ נדן.

דער רבי איז מסכים, איך זאָל מבטל זיין עבודת הבורא און אַרומפאָהרען אויף דער וועלט?

— וואָס הייסט איך בין יאָ, אָדער נישט מסכים — האָט איהם דער רבי ר׳ אלימלך פאַרדראָסיג אָפּגעענטפערט — עס איז אַ בפירושע גמרא: „בתך בגרה שחרר עבדך״, ווען דיין טאָכטער איז ראוי לחופה, זאָלסטו זיך באַפרייען פון עבודת הבורא און חתונה מאַכען דיין טאָכטער!

---

„האי עלמא לבי הילולא דמיא״ — פונקט ווי איינער וואָס גרייט צו כל צרכי הנשואין, אויסער די טבעת קדושין, זיינען דאָך אַלע אַנדערע הכנות ווערטלאָז, ווייל אָהן דעם טבעת קדושין קען דאָך די חתונה ניט פאַרקומען. כך, אַזוי איז דאָס לעבען פון מענשען, מעג אַ מענש האָבען געלעבט זיבעציג יאָהר, אַז אויב ער האָט פאַרגעסען זיך גופא מקדש צו זיין, איז זיין גאַנץ לעבען ווערטלאָז. (רבי ר׳ בונם).

---

„קדושים תהיו״ — אַז דער מענש איז אַ בלויזער חלק אלקי ממעל, ווי קען דאָס דער מענש דערגרייכען צו אַזאַ מדרגה פון תכלית הגמור, צו זיין אַ קדוש?

— הקב״ה זאָגט צו די אידען „קדושים תהיו״, איהר זאָלט זיך מתנהג זיין בדרך הישר, כי קדוש, ווייל מיין גאַנצע קדושה קומט נאָר דורך דעם וואָס אני ד׳ אלהיכם, וואָס איך בין דער אלקי ישראל. (דגל מחנה אפרים).

---

„אשר קדשנו במצותיו״ — אָט דאָס איז דער עיקר כוונה פון יעדער מצוה, דער תכלית בריאת האָדם: „קדושים תהיו, כי קדוש אני ה׳ אלהיכם״. (ר׳ צדוק הכהן).

---

„קדושים תהיו״ — איהר זאָלט גרייט זיין מקבל צו זיין די קדושה, כי קדוש אני, ווייל איך בין תמיד גרייט אַייך אין דעם צו העלפען. (קאָצקער).

---

אַז מען האָט אַ טאַטען אַן עושר, פאַרגרינגערט דאָס דעם עול פרנסה פון דעם זוהן, ער דאַרף ניט אַזוי שווער אַרבייטען און זיך אַנשטרענגען, ווייל ער האָט אויף וועמען זיך סומך צו זיין. אַזוי זאָגט הקב"ה צו די אידען, „קדושים תהיו", אויב איהר וועט נאָר אָנהויבען עוסק צו זיין אין קדושה, וועט דאָס אייך גרינג אָנקומען. „כי קדוש אני" — ווייל איך אייער טאַטע בין קדוש. (בערדיטשיווער).

---

יעדער מענש קען דורכ'ן טאָג מקיים זיין אַ סך מצוות, אויב ער זאָל נאָר האָבען דעם רצון. למשל, איינהאַלטען דעם כעס, ניט רעדען קיין לשון־הרע, ניט רעדען קיין דברים בטלים און ליצנות, טאָן להיפוך דעם רצון פון יצר־הרע. והתקדשתם, אַז אַ מענש זאָל זיך אַזוי נוהג זיין בכל יום ויום, והייתם קדושים, וועט איהר זיין הייליג. (ר' יחיאל מאיר מאָגילניצער).

---

דער „תפארת שלמה" האָט איינמאָל פאַרבראַכט עטליכע וואָכען אין אַ וואַרים באָד אין דייטשלאַנד. שבת פרשת קדושים זיינען עט־ליכע וועלטליכע דייטשע אידען געקומען צום רבינ'ס טיש מיט דער כוונה אָפּצו'חוזק'ן פון רבינ'ס התנהגות און תורה זאָגען. האָט דער „תפארת שלמה" פאַרשטאַנען זייער כוונה און ווען זיי האָבען אָנגע־הויבען פאָדערען פון רבי'ן ער זאָל זאָגען תורה, האָט ער אַזוי געזאָגט:

— היינטיגען שבת איז פרשת קדושים. זאָגט אונז די תורה, קדושים תהיו. איש אמו ואביו תיראו. אל תפנו אל האלילים. ביים סוף פון יעדען פסוק ווערט פאַרענדיגט אני ה' אלהיכם. איז דאָך אין פלוג קשה, צו וואָס האָט די תורה באַדאַרפט איבערזאָגען דאָס זעלבע ביים סוף פון יעדען פסוק? אַלע דריי פסוקים האָבען דאָך געקענט צוזאַמען געזאָגט און פאַרענדיגט ווערען מיט איינמאָל „אני ה' אלהיכם".

נאָר די תורה איז דאָ מרמז אַז דער וואָס דרשנ'ט פאַר אַ „צבור" איז מחוייב אין זינען צו האָבען די דריי קאַטעגאָריעס ביי אידען: „צדיקים", „בינונים" און „רשעים". די צדיקים זאָל דער דרשן זאָגען קורץ און שאַרף, „קדושים תהיו, כי קדוש אני ה'" און גענוג, דאָס איבעריגע וועלען זיי שוין אַליין פאַרשטעהן. צו די בינונים זאָל ער זאָגען: „איש אמו ואביו תיראו" — האַלט ערליך טאַטע־מאַמע, היט שבת און פאַרענדיגען „אני ד' אלהיכם", און די רשעים — האָט ער מיט אַ פינגער אָנגעוויזען אויף די עטליכע דייטשע אידען — זאָל דער דרשן זאָגען „אַל תפנו אל האלילים", שמד'ט זיך נישט, אני ה' אלהיכם, וועט איהר פאַררעכענט ווערען פאַר אידען...

## איש אמו ואביו תיראו (יט. ג.)

אפילו דו ביזט אַן איש גדול און דיינע עלטערן זיינען פּראָסטע מענשען, זאָלסטו פאַר זיי דרך ארץ האָבען און צוטיילען זיי כבוד. (ר׳ אשר הורוויץ).

---

## ואלהי מסכה לא תעשו לכם (יט. ד.)

פאַראַן מענשען וואָס ווערען פלוצים פרום, ווינשען און בענשען אין נאָמען פון השי״ת בעת זיי טרינקען. די דאָזיגע מענשען האָט די תורה פאַרזאָגט: „אלהי מסכה לא תעשו לכם" — מאַכט אייך ניט קיין גאָט אין וועמענס נאָמען איהר זאָלט ווינשען און בענשען ביים גיסען משקה. (ר׳ דוד׳ל קאָצקער).

---

## לא תגנבו ולא תשקרו (יט. יא.)

וואָס פאַר אַן עולם־הפוך די וועלט איז דאָס געוואָרען. פאַרציי־טענס איז דער אמת געווען אין גאַס און דער שקר אין שוהל. צווישען סוחרים אין מסחר איז דער הן געווען הן, דער לאו — לאו. אַז זיי זיינען געקומען אין שוהל אַריין און האָבען געקלאָפּט זיך אין האַרץ, „אָשמנו, בגדנו, גזלנו" איז דאָס געווען שקר, ווייל זיי זיינען געווען ערליך און ראַיעל, זיי האָבען ניט גע׳גנב׳עט, ניט גע׳גזל׳ט, ניט געלייגנערט. היינטיגע צייטען איז פונקט להיפוך. אין גאַס הערט מען בלויז שקר, שבועת־שוא, פאַלשע נאמנות׳ן אָבער אַז די זעלבע מענשען קומען אין שוהל אַריין און זאָגען „אָשמנו, בגדנו, גזלנו", זאָגען זיי דעם פולען אמת. (בערדיטשיוּוער).

---

דעם אויבערשטען קען מען ניט נאַרען, מענשען טאָר מען ניט נאַרען. נאַרט מען זיך, בלייבט מען אַ נאַר. (ר׳ משה קאָברינער).

---

## לא תשנא את אחיך בלבבך (יט. יז.)

ר׳ יחיאל מאיר גאָסטינינער האָט איינמאָל געהייסען צוויי חסידים זיינע אַרויספאָרען איבער שטעט און שטעטלאך צונויפזאַמלען אַ באַ־דייטענדע נדבה פאַר אַ בכבוד׳יגען חסיד. זיינען זיי געקומען צו אַ וואָר־שעווער גביר. אַ גאָסטינינער חסיד און געבעטען אין רבינ׳ס נאָמען אַ גרעסערע נדבה. האָט דער גביר אָפּגעזאָגט. אַז זיי זיינען צוריקגע־

קומען קיין גאַסטינין, האָבען זיי מיט פאַרביטערונג און גרויס פאַרדרוס גערעדט פאַר'ן רבי'ן וועגען דעם גביר'ס שלעכטער האַנדלונג. **האָט** זיי דער גאַסטיניגער געזאָגט:

— די תורה הקדושה זאָגט, „**לא תשנא את אחיך בלבבך**", **דאָס** מיינט, אַז אויב דו האָסט אַ גוט האַרץ, האַלט דאָס פאַר דיר, **מיט דיין** גוט האַרץ טאָרסטו קיין אַנדערען ניט פיינט האָבען.

---

לא תשנא את אחיך בלבבך, ווייל דו האָסט אַ גוט האַרץ, **זאָלסטו** ניט פיינט האָבען דיין חבר, וואָס האָט אַ שלעכט האַרץ, ווייל עס קען זיין, אַז ווען דיין חבר וואָלט געהאַט דיין האַרץ, וואָלט ער געווען נאָך בעסער פון דיר און ווען דו וואָלסט געהאַט זיין האַרץ, וואָלסטו געווען נאָך ערגער פאַר איהם. (ר' שמואל קוראוווער).

---

## הוכח תוכיח את עמיתך (יט. יז.)

שטראָף דיין חבר אַלס „עמיתך", ווי ער איז, לויט **זיינע אייגענ־שאַפטען**, גייסטיגען מצב און מדות, נישט לויט ווי דיינע **מדות און אייגענשאַפטען זיינען**. (ר' יחיאל מאיר מאָגילניצער).

---

„הוכח תוכיח את עמיתך" — דיין חבר אַז דו וועסט **שטראָפען**, וועט ער דיך ליב האָבען, אַ פרעמדען אַז דו וועסט שטראָפען, וועט ער דיך פיינט האָבען! (ר' שניאור זלמן).

---

„הוכח" — נאָכדעם ווי דו האָסט אַליין זיך **אָנגעשטראָפט**, „**תוכיח את עמיתך**", זאָלסטו זיך ערשט נעהמען **אַנדערע שטראָפען**. (**תולדות יעקב יוסף**).

---

„הוכח תוכיח את עמיתך" — אַז דו וועסט שטראָפען **דיין חבר** און ער וועט דיך נישט הערען, נאָר ער וועט דווקא געהן **אין שלעכטע** וועגען און וועט טאַקע אַריינפאַלען אין אַ צרה, „**לא תקום ולא תטור**", זאָלסטו ניט האָבען קיין נקמה, זאָלסט איהם ניט פאַרוואַרפען, אַז דו האָסט איהם געוואָרענט און ער האָט דיך נישט **געפאָלגט**. „**ואהבת** לרעך כמוך" — ווען עס טרעפט דיך אַזאַ צרה, וואָלסטו אין דיר אויך נישט געהאַט קיין נקמה, פונקט אַזוי זאָלסטו ניט האָבען קיין נקמה אין דיין חבר. (ר' מ"ל לענטשנער).

---

בעת דו שטראָפסט דיין חבר, זאָלסטו זיך **אַליין מיט־שטראָפען**,

ווייל וויסען זאָלסטו, אַז אויך דו האָסט אַ חלק אינ׳ם חטא פון דיין חבר. „ולא תשא עליו חטא״ — ווארף ניט אַרויף דעם גאַנצען חטא אויף דיין חבר. (שפת אמת).

---

דער בעש״ט האָט ניט ליב געהאַט קיין מוכיחים און מוסר־זאָ־גער. דעם פסוק אין משלי „מוסר ד׳ בני אל תמאס״, האָט דער בעש״ט געטייטשט: מוסר ד׳, מיינט דאָס דעם מוכיח, אַז ער שטעלט זיך שטראָפען מוסר ד׳, זאָל ער זיין שטאַרק פאַרזיכטיג, „בני אל תמאס״, אַז מיט זיינע שטראָף־רייד זאָל ער ניט פאַר׳מיאוס׳ן דעם „בני בכורי ישראל״.

---

„מוסר ד׳ אל תמאס״ — זאָגסטו ווען מוסר און דו מיינסט עס באמת אויפריכטיג און ערליך, דאַרפסטו זיין געוואָרענט, דעם גע־שטראָפטען נישט מבייש צו זיין, צו באַליידיגען און פאַר׳מיאוס׳ען איהם עפענטליך. (ר׳ אשר סטאָלינער).

---

„איזו דרך טובה שידבק בה האדם? עין טובה!״ — אַנשטאָט צו זעהן און זוכען חסרונות אויף דיין חבר, זאָלסטו בעסער זעהן און זוכען זיינע מעלות. (רבי מאלכסנדר).

---

דער בעל־שם הקדוש הערענדיג איינמאָל ווי אַ מגיד שטראָפט מיט פייערדיגע רייד אַן עדה אידען, האָט געזאָגט:

— אַנשטאָט שטראָפען אידען, וואָס זיינען ניט קיין עובדי ד׳, שטראָף בעסער דעם רבש״ע, וואָס ער איז זיך ניט מרחם אויפ׳ן פאָלק ישראל.

---

קיין גרעסערער מוסר־ספר ווי לערנען אַ בלאַט גמרא איז ניטאָ.

ווען איינער זעהט זיין חבר באַגעהן אַן עבירה און ער שטראָפט איהם, איז דאָס אַ סימן אהבה. דאַגעגען אויב איינער זעהט זיין חבר טאָן אַן עבירה און ער פאַרשווייגט, זאָגט איהם גאָר נישט, איז דאָס אַ סימן שקר, אַז דער מענש האָט נישט קיין געפיהל פון אהבה צו זיין חבר. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

ר׳ זאב זשיטאָמירער האָט שטעהענדיג איינמאָל ביים פענסטער אַרויסגעקוקט אויפ׳ן גאַס און געזעהן, ווי אַ פאָטער מיט אַ זוהן געהן צוזאַמען שיכור און פאַלען פון די פיס. האָט ער צוגערופען דיין זוהן

ר' ישראל בער'ן און אַנווייזענדיג אויףביידע שיכורים האָט ער געזאָגט :

— זעהסט, מיין זוהן, איך בין דעם פאָטער פון דעם זוהן שטאַרק מקנא!

— וואָס רעדסטו, ביזט מקנא דעם שיכור'ן פאָטער וואָס ער האָט אַ זוהן אַ שיכור.

— וואָס ביזטו אַזוי נשתומם? געוויס בין איך איהם מקנא. דער שיכור האָט דערצויגען אַ זוהן, וואָס האָט דערגרייכט דיזעלבע מדרגה, ווי דער פאָטער און איך האָב אויסגעהאָדעוועט אַ זוהן, וואָס צווישען מיר און איהם איז אַ גאַנץ ווייטער מהלך...

---

## לא תקום ולא תטור (יט. יח.)

זיי נישט קיין נוקם ונוטר, אויב דיין חבר באַגעהט געגען דיר אַן אומרעכט. דו ביזט אויך נישט פולקאָם, בלויז מעלות. אויך דו מאַכסט אָפט פעלערען. בשוגג אָדער במזיד, טוסט שלעכטס דיין חבר, ואהבת לרעך כמוך — וועט עס דיר דען איינפאַלען, דו זאָלסט אַליין אין דיר נקמה נעמען? (ר' שמעלקע ניקעלשבורגער).

---

## ואהבת לרעך כמוך (יט. יח.)

אַזוי ווי דו האָסט זיך ליב, כאָטש דו ווייסט ביי דיר דיינע חסרונות, אַזוי זאָלסטו ליב האָבען דיין חבר, כאָטש דו זעהסט ביי איהם חסרונות. (בעש"ט).

---

ואהבת, זאָלסט ליב האָבען, לרעך (מלשון רע) דאָס שלעכטע, וואָס דיך טרעפט, כמוך, ווי דו ביזט. ווייל ווען דו וועסט באַטראַכטען דיינע מעשים און אַריינקוקען אין דיינע האַנדלונגען, וועסטו זיך איבער־צייגען, אַז דאָס שלעכטס קומט דיר לויט דיין התנהגות. (ר' נחום טשערנאָבלער).

---

„ואהבת לרעך כמוך" — אמר ר' עקיבא זה כלל גדול בתורה (רש"י). ווילסטו וויסען ווי דו האָלטסט מיט מקיים זיין די תורה, מדות ומעשים טובים? האָסטו דעם גרעסטען כלל אין דיינע הענט. פאַר־טראַכט זיך, ווי וויט עס גרייכט דיין מקיים זיין די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך". (ר' נפתלי ראָפשיצער).

---

כל זמן איך פיהל ביי זיך אין האַרץ אַ שטאַרקערע ליבע צו

מיינע קינדער, ווי צו אַ פרעמדען איד אין גאַס, בין איך נאָך ווייט פון צדקות. (ר׳ דוד לעלעווער).

---

„ואהבת לרעך כמוך" — דורך דעם וואָס אַ מענש איז זיך מרחם אויף זיין חבר בשעת דחקו און העלפט אים אין אַן עת צרה. אני ד׳ — איז ער מעורר רחמים אויף זיך מן השמים און גאָט ווערט אים העלפען. (רמ"ל סאַסעווער).

---

„ואהבת לרעך כמוך" — דאָס וואָרט „כמוך" איז דאָך אין פלוג איבריג?

— דאָס איז דער פירוש: אַז אַ מענש צעשניידט זיך מיט דער אייגענער האַנד אַן אבר, אָדער גיט זיך אַליין אַ שטאַרקען קלאַפּ, וועט ער ווערען אַ שונא זיין אייגענער האַנד? עס איז דאָך „עצמו ובשרו". פונקט אַזוי דאַרפסטו באַהאַנדלען דיין חבר, וואָס טוט דיר אַמאָל שלעכטס. ווייל דער „ואהבת לרעך כמוך" מיינט דאָך אַוודאי נישט, זאָלסט ליב האָבען דעם וואָס איז דיין פריינד, נאָר אפילו דעם מענש וואָס טוט דיר אַמאָל ווי, זאָלסטו איהם ליב האָבען כמוך — ווי דיין אייגענע האַנד, וואָס פאַרשאַפט אָפט דיר אַליין שמערצען און יסורים. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

„ואהבת לרעך כמוך", אַזוי ווי באהבת גופך זיינען ניט אַלע אברים ביים מענש גלייך. דער קאָפּ איז מער חשוב ווי די הענט, די אויגען חשוב׳ער ווי די פיס א. א. וו. פונקט אַזוי דאַרף אַ איד ליב האָבען יעדען איד לויט זיין ערך — הגדול לפי גדלו, והקטן לפי קטנו. אַ צדיק, אַ ירא שמים, אַ למדן, וועלכע זיינען אין דער בחינה פון קאָפּ, דאַרף מען ליב האָבען, ווי מען האָט ליב דעם אייגענעם קאָפּ. (יוד הקדוש).

---

אין ענין מדרגות, קען אַמאָל אַ מענש אַלע זיינע יאָרען זיין אָפּ־געגנאַרט. עס קען זיך איהם דוכטען, אַז ער האָט דערגרייכט גאָר הויכע מדרגות, אָבער אין אמת׳ן האָט ער אפילו דעם ערשטען שטאַפּעל ניט דערגרייכט. אויב אַ מענש וויל וויסען אויף וואָס פאַר אַ מדרגה ער שטעהט, קען ער דאָס לייכט וויסען דורך דער מאָס „אהבת ישראל" וואָס ער באַזיצט אין מקיים זיין דעם „ואהבת לרעך כמוך". ווייל אהבת־ד׳ און אהבת־ישראל זיינען איינס. עס איז אוממעגליך צו האָבען דערגרייכט די קלענסטע מדרגה אין אהבת ד׳ אָהן אהבת ישראל. (אוהב ישראל).

דער בעש״ט האָט אַמאָל באַמערקט ווי אַ פּאָטער קושט זיין קינד, האָט ער געזאָגט צו איהם: גלויב מיר, איך האָב ליב דעם ערגסטען איד אַ סך מערער ווי דו האָסט ליב דיין קינד, דאָך קוש איך ניט קיין איד עפּענטליך, ווייל וויסען זאָלסטו, אַז אמת׳ע אהבה באַהאַלט אַ מענש אין זיך און וויזט ניט אַרויס אַזוי עפּענטליך.

---

„ואהבת לרעך״, די אותיות וואָס זענען חבר׳יש. מיט׳ן וואָרט „רעך״, נאָך דער ריש אַ שין, נאָך דער עין אַ פּא, נאָך דער כף אַ למד, מאַכט דאָס: „שפל״. איז דאָס אַ סימן, אַז דער, וואָס איז אַ שפל ועניו און יאָגט זיך נישט נאָך קיין כבוד, נאָר אַזעלכער קען אמת׳דיג מקיים זיין די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך״. (ר׳ שלום בעלזער).

---

„ואהבת לרעך״ — אַזוי ווי דו ועסט זיך נוהג זיין מיט דיין חבר, כמוך, פונקט אַזוי ווי דו, אני ד׳, אַזוי וועט זיך השי״ת נוהג זיין מיט דיר! (ר׳ אברהם יעקב סאַדיגורער).

---

דער מאמין בהשגחה פּרטית דאַרף קיינמאָל ניט פיינט האָבען זיין חבר, אפילו ווען ער טוט איהם שלעכטס דאַרף ער גלויבען, אַז דער חבר איז ווי אַ שטעקען אין דער האַנט פון דעם, וואָס וויל איהם שלאָגען. (תולדות).

---

ר׳ יחזקאלע קוזמירער איז אַמאָל געווען צוגאַסט ביים פּשיסכער. איינמאָל זיינען זיי געגאַנגען שפּאַצירען צוזאַמען. פּלוצים האָט ר׳ יחזקאלע אַרויסגענומען די טאַבאַק־פּושקע און אונטערגעטראָגען דעם פּשיסכער אַ שמעק טאַבאַק.

— פון וואַנען ווייסט איהר, אַז פונקט איצט האָב איך באַדאַרפט אַ שמעק טאַבאַק? — האָט איהם דער פּשיסכער מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט.

— פון וואַנען ווייסט די האַנט ביים מענשען — האָט איהם ר׳ יחזקאלע אָפּגעענטפערט — אַז די נאָז וויל אַ שמעק טאַבאַק זי זאָל דאָס איהר אונטערטראָגען? דערפאַר וויילביידע זיינען פון איין גוף. ווען ס׳איז פאַראַן אמת׳ע אחדות, איבערגעבענהייט און ליבשאַפט בין אָדם לחבירו, זיינען זיי פונקט ווי איין גוף און איינער פיהלט דעם צווייטענס הצטרכות, פונקט ווי די האַנט פיהלט די באַדערפעניש פון דער נאָז.

---

ואהבת לרעך כמוך — ווען אידען לעבען אין אחדות, האַלטען זיך פאַראייניגט, אמר ר׳ עקיבא: זה כלל גדול בתורה, אַז די דאָזיגע מצוה איז כולל די תרי״ג מצוות מן התורה. (רמ״ל סאסעווער).

---

אַן אָרימאַן האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַר׳ן בערדיטשיווער, אַז צו וואָס ער נעמט זיך האָט ער ניט קיין הצלחה און ביי איהם אין שטוב הערשט גרויס דחקות.

— וואַרט צו אויף מאָרגען — האָט איהם דער בערדיטשיווער געענטפערט.

— רבי, — האָט דער איד זיך געקלאָגט — איך בין אַ פרעמ־דער פון אַ ווייטער שטאָט, היינט האָב איך אַ געלעגענהייט אַהיים צו פאָרען בחנם, מאָרגען וועל איך דאַרפען באַצאָלען און איך פאַרמאָג ניט קיין פרוטה פאַר הוצאות.

— וואָס קען איך דיר טאָן? — האָט איהם דער בערדיטשיווער מיט האַרץ אָפגעענטפערט — דער בורא יתברך שמו הערט צו מיין געבעט נאָר דעמאָלט ווען איך פיהל מיין חבר׳ס צער, ניט ווייניגער ווי דער בעל־צער אַליין. פאַר היינט האָב איך שוין אַריינגענומען אין מיין האַרץ אַן אַנדערן אידנ׳ס צער, אַז דער אין הימעל וועט העלפען דעם איד, וואָס איך פיהל היינט זיין צער, וועל איך מאָרגען האָבען אַ ליידיג האַרץ אַריינצונעמען דיין צער פון דחקות און נויט און השם יתברך וועט דיר אוודאי העלפען.

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַרן קאָזשעניצער מגיד, היות צוליב טרדות הזמן איז ער מבטל צו לערנען תורה, וויל ער, אַז דער רבי זאָל איהם עצה׳ן, וואָס צו טאָן, עס זאָל זיין פון אַזאַ מדרגה ווי תורה לערנען.

— אַוודאי קען איך דיר עצה׳ן — האָט איהם דער קאָזשעניצער מגיד תיכף ומיד אָפגעענטפערט — האָב ליב יעדען איד מיטן גאַנצען האַרצען איז פונקט ווי דו וואָלסט געזעסען יומם ולילה און געלערנט.

---

ר׳ אברהמ׳עלע טריסקער האָט געזאָגט: אויב איין איד האָט ליב דעם חבר זיינעם מיט אמת׳ער אהבה, איז דאָס צוויי מאָל אהבה און צוויי מאָל „אהבה״ בגמטריא שם „הויה״ (26). איז דאָס דער פירוש פונ׳ם פסוק „ואהבת לרעך כמוך אני ה׳״ — ווען אמת אויפ־ריכטיגע אהבה פאַרבינדט צוזאַמען צוויי אידען, ווערט פון די צוויי אידען דער שם הוי״ה.

---

דער עיקר סימן פונ'ם אות „יוד", איז דאָס וואָס עס איז דאָס קלענסטע אות פון אַלע אותיות און מען קען דערפון קיין אַנדער אות נישט מאַכען. כאַראַקטעריזירט אַט דער סימן דאָס אידישע לעבען צווישען די פעלקער אויף דער וועלט און איז דער עיקר תוכן פונ'ם גאַנצען אידישקייט. (ר' מ"ל לענטשנער).

---

הגם אַ מענש טאָר זיך אַליין ניט באַריהמען, ווייל דאָס שמעקט מיט גאוה, אָבער מיט דער מדה פון אהבת ישראל מעג מען זיך באַריהמען אפילו פאַר'ן בית דין של מעלה. (אוהב ישראל).

---

אַז צוויי אידען האָבען זיך אמת ערליך ליב, אני ה' — בעט גאָט, אַז זיי זאָלען אויך איהם אַריין נעמען. (אלכסנדרער רבי).

---

מקיים צו זיין דעם „ואהבת לרעך כמוך" איז זייער שווער, זאָגט דעריבער השי"ת „אני ה'" אויב דו ווילסט באמת אין לעבען דורכפיהרען דעם ציווי, בין איך דיר גרייט מיט צו העלפען. (שפת אמת).

---

„ואהבת לרעך כמוך זה כלל גדול בתורה" — נאָר דורך אהבה פון איין איד צום צווייטען קען מען מקיים זיין די גאַנצע תורה. (ר' יעקב דוד אַמשינאָווער).

---

ר' משה לייב סאַסעווער האָט דערצעהלט, אַז עס איז איהם אַמאָל אויסגעקומען איינצוהערען זיך אין אַ שמועס פון דאָרפס־פויערים ביי אַ גלעזעל משקה. איין פויער האַלטענדיג אַ גלאָז משקה אין האַנט, האָט געפרעגט דעם צווייטען:

— האָסט מיך ליב?

— געוויס, האָב איך דיך זעהר ליב.

— אַז דו האָסט מיך ליב, ווייסטו וואָס מיר פעלט?

— אַז דו ווייסט נישט וואָס מיר פעלט, ווי אַזוי קאָנסטו זאָגען אַז דו האָסט מיך ליב?

האָב איך פון דעם האַלב שיכורן פויערישען שמועס געלערנט — האָט דער סאַסעווער געזאָגט — אַז אמת'ע אהבת ישראל, ליב צו האָבען דעם חבר, מיינט מיטצופיהלען דאָס וואָס עס פעהלט דעם חבר און מיטצוליידען מיט איהם אַלע זיינע וועהטאָגען און צרות.

---

„מה דעלך סני, לחברך לא תעביד" — פאַראַן מענשען וואָס זיינען אַ שונא (דסני — שונא) דעם אייגענעם גוף. זיינען עוסק

בתענית און סגופים, „לחברך לא תעביד״, צו דיין חבר זאָלסטו אָבער אַזוי ניט טאָן, דיין חבר זאָלסטו געבען צו עסען און צו טרינקען. (רבי ר׳ בונם).

---

„כשם שאין פּרצופיהן של בני אָדם שוין, כך דעותיהם של בני אָדם אינן שוות״. מיינט דאָס, אַז פּונקט ווי דו קאָנסט סובל זיין מענשען וואָס זעהען אויס אַנדערש פון דיר, זאָלסטו אַזוי סובל זיין מיינונגען פון מענשען, וואָס זיינען אַנדערש פון דיינע מיינונגען. (קאָצקער).

---

„מה דסני לך, לחברך לא תעביד״ — וואָס פאַר אַ שלעכטע מדה דו וועסט זעהן ביי דיין חבר, הן במילי דשמיא והן בדרך־ארץ, לא תעביד, זאָלסטו דאָס ניט טאָן. (רמ״ל סאַסעווער).

---

אַז אַ מענש היט זיך פון שלעכטס מחמת ער האָט אויף זיך רחמנות, איז דאָס אויך אַ גוטע מדה. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

„ואהבת לרעך כמוך״ — וואו דו וועסט זיין און ווי דו וועסט זיך נוהג זיין, אני ה׳, אַזוי וועל איך גאָט זיין מיט דיר. (ר׳ אלימלך גראָדזשיסקער).

---

„והוי דן את כל האדם לכף זכות״ — אפילו ביים רשע גמור געפינט זיך „עפּעס״ וואָס איז ניט שלעכט. אויפ׳ן גרונד פון דאָזיגען „עפּעס״, דאַרפסטו דעם ערגסטען רשע דן זיין לכף זכות. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

## שלש שנים יהיה לכם ערלים (יט. כג.)

דער פּסוק וואָס איז געזאָגט געוואָרען וועגען אַ בוים, איז אויך חל אויפ׳ן מענש. כי האָדם עץ השדה. שלש שנים, ביז דריי יאָר, יהיה לכם ערלים, זאָלט איהר דאָס יונגע ביימעלע, דאָס יונגע קינד, ניט צופיל באַלעסטיגען מיט לערנען. ובשנה הרביעית, ווען דאָס ביי־מעלע, דאָס קינד איז נאָך יונג, „יהיה כל פריו, זאָל יעדער טאָג פון קינד זיין פּרוכטבאַר. קדש לד׳, לערנען מיטן קינד די תורה הקדושה, כדי ער זאָל אויסוואַקסען אַן עץ חיים בתורה ויראת־שמים. (ר׳ אברהמ׳על אייגער).

---

„הנה כי כן יבורך גבר״, אויב איינער וויל בענשען זיין חבר, זאָל ער איהם בענשען, ירא ה׳, ער זאָל זיין אַ ירא־שמים, וועט ער ממילא געבענשט זיין מיט כל טוב. (יוד הקדוש).

## לא תאכלו על הדם (יט. כו.)

כידוע איז דאָך דער עצם נאָמען פון מענש „דם", ווייל זיין עיקר חיות איז זיין בלוט. דעריבער אויב ער איז מתפלל צום אלוקי עולם. קומט איהם צו אַן „א" און זיין נאָמען ווערט „אָדם". איז ער אָבער ניט מתפלל צום אלוקי עולם, בלייבט ער ביי זיין נאָמען „דם". איז אָט דאָס זאָגט אונז די תורה „לא תאכלו על הדם", זאָלסט ניט עסען פאַר'ן דאַווענען. טראָגענדיג דעם נאָמען „דם". (המגיד ממעזריטש).

---

דער בערדיטשיווער האָט אַמאָל גע'מוסר'ט אַ נגיד, אַ קמצן, פאַרוואָס ער גיט ניט קיין צדקה, וועלכע איז איינע פון די גרעסטע מצוות וואָס איז מכפר אויף די שווערסטע חטאים.

— איך האָב אַ ביליגערער מיטעל — „תפילה" — האָט דער קמצן אָפגעענטפערט — עס שטעהט בפירוש „תפילה במקום קרבן", דאָס היט איך שטענדיג אָפּ און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו דאַווענען.

— דו מאַכסט אַ גרויסען טעות! — האָט איהם דער בערדי־טשיווער אָפגעענטפערט — „תפילה במקום קרבן" מיינט נאָר דעם קרבן תמיד. דאַגעגען קרבנות חובה, וועלכע ווערען געבראַכט פאַר באַגאַנגענע חטאים, קען מען לחלוטין ניט אָפּ'פטר'ן מיטן בלויזען דאַווענען. דערויף ווערט געזאָגט „חטאך בצדקה פרוק" — ביזט אַ בעל חוב און דאַרפסט דיינע חטאים אויסלייזען מיט צדקה, ניט מיט דאַווענען.

---

## והדרת פני זקן (יט. לב.)

„זקן זה שקנה חכמה". מערסטענס האָט דער חכם, דער גע־לערנטער און איידעלער מענש אַ הדרת פנים. אַז דו וועסט זעהן חכמה, געלערזאַמקייט, איידעלקייט, איז קענטיג אויף אַ מענשנס פנים — „והדרת פני זקן". (דגל מחנה אפרים).

# אמור

## אמור אל הכהנים (כא. א.)

זאָג די מוכיחים, די מוסר־זאָגער, וואָס שטראָפען דאָס פאָלק מיטן צוועק זיי מחזיר למוטב צו זיין, „לנפש לא יטמא בעמיו", זיי זאָלען זיך נישט גרויס האַלטען און אַרומגעהן מיט אויפגעהויבענע קעפ צווישען פאָלק, אַז צוליב דעם וואָס זיי מוסר'ן דאָס פאָלק, שטעהען זיי העכער פון פאָלק. אַזאַ התנהגות, טמא — איז אומריין, אומווירדיג. (ר' בער מעזריטשער).

---

„מוסר ה'", מעגסט מוסר'ן, ווען מ'דאַרף און ווען ס'איז נויטיג. „בני אל תמאס", מיינע קינדער אָבער זאָלסטו ניט פאַר'מיאוס'ן און אויסרעדען אויף זיי כל הרעות. (בעש"ט).

---

„התקוששו וקושו" — פון וואַנען די חז"ל לערנען אַרויס „קשוט עצמך ואחר כך קשוט אחרים", מאַכען די ראשי תיבות: „הסירו תחלה קופה של שרצים, והדר יקושו לאחרים". (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

אויב דיר געפעלען ניט דיין חבר'ס מעשים, זעה פריער אויב דיינע מעשים זיינען רעכטפאַרטיגער און שענער. (רמ"ל סאסעווער).

---

„אָהבתי רע מטוב, שקר מדבר צדק סלה" — דער דרך רשעים איז פיינט צו האָבען דאָס גוטע און זוכען שלעכטס ביים גוטען. הגם אַליין זיינען זיי שלעכט, זעהען זיי אָבער ניט אויף זיך גופא קיין שום חסרון, דאַגעגען זעהען זיי ביים צדיק בלויז חסרונות. האָט דאָס דוד המלך געזאָגט: „אהבתי רע מטוב", כ'האָב ליבער דאָס שלעכטע פונ'ם גוטען, „שקר מדבר צדק סלה", איידער פון דעם וואָס טענה'ט, אַז ער איז דער גערעכטער, דער ערליכער און אמת זאָגער און ער זעהט ניט דעם גרויסען חסרון זיינעם וואָס ער איז אַ דובר שקרים. (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

ולרשע אמר אלהים, צום רשע טענה'ט דער רבש"ע, „מה לך לספר חקי?" וואָס האָסטו צו דערציעהלען דעם מענש מיינע געזעצען, „ותשא בריתי עלי פיך" און טראָגסט אַרום מיין „ברית התורה" אויף דיין מויל און דו רעדסט איין נאָמען פון תורה און געזעץ. „ואתה שנאת מוסר ותשלך דברי אחריך" — באמת האָסטו דאָך פיינט מוסר און מיין תורה און מיינע געזעצען, שליידערסטו אין הינטערגרונט. אם ראית גנב ותרץ עמו, ועם מנאפים חלקך — זעהסטו ווען דו לויפסט מיט אַ גנב, מיט אַ מופקר, מיט אַ הולטיי און דו רעדסט זיי צו צו גנב'ענען, צו אַ געמיין הפקר'דיג לעבען — „חלקך" — אַט דאָס איז דיין חלק, דאָס איז דיין אויפגאַבע. „פיך שלחת ברעה" — דיין מויל וואָלסטו געשיקט צו רעדען שלעכטס, לשון הרע, רכילות, „ולשונך תצמיד מרמה", דיין צונג וואָלסטו געשמידט מיט פאַלשקייט, שבועת שוא. „אלה עשית" ווען דו וואָלסט דאָס געטאָן „והחרשת" — מילא וואָלט איך געשוויגען. דאָס איז דאָך דיין מיסיע, דאָס איז דיין לעבען.

„דמית היות אהיה כמוך", ווען אָבער דו האָסט מיך פאַר דיין חבר גענומען, דו רעדסט מכלומרשט אין מיין נאָמען, דו רעדסט וועגען תורה ומצוות, וועגען מוסר, דו שטראָפסט אַנדערע, „אוכיחך", דו ביסט געוואָרען אַ בעל מוסר „ואערכה לעיניך", אַט דערפאַר וועסטו באַשטראָפט ווערען, אַט דאָס וועל איך דיר ניט שענקען. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

„כל מי שיש בו יראת שמים דבריו נשמעין, שנאמר סוף דבר הכל נשמע, את האלהים ירא". אין פלוג איז דאָך דער מאמר חז"ל קשה, זעהען מיר דאָך גרויסע צדיקים און יראים זאָגען מענשען מוסר און זיי ווערען גאָר נישט בעסער.

— די חז"ל לאָזען אונז הערען, „סוף דבר הכל נשמע", אַז דברי מוסר וואָס קומען פון אַן ערליך אויפריכטיגען מענש, דרינגען אַריין אינ'ם האַרץ פון מענש, ווירקען זיי ניט אויף'ן מאָמענט, וועלען זיי שפּעטער ברענגען צו תשובה, האָבען זיי ניט קיין פעולה אויף איהם, דערציעהלט ער זיי צו זיין חבר און זיי ווירקען אויפ'ן חבר. דער סוף איז, אַז דברי מוסר פון אַן אמת'ן ירא־שמים מוזען סוף־כל־סוף געהערט ווערען און דערגרייכען זייער צוועק. (ר' צדוק הכהן).

---

„אהבת רע", עס איז שוין די טבע פון דעם, וואָס טוט שלעכטס „מטוב שקר", ער זאָל זוכען חטאים אויף דעם וואָס טוט גוטס

און אויף איהם אויסטראַכטען דברי שקרים. (ר' מאיר'ל פּרע־מישלאַנער).

---

„אחרי קדושים", נאָך דעם ווי דו האָסט זיך געהייליגט און ביזט ביי זיך זיכער, אַז דו האָסט דערגרייכט צו אַ מדרגה וואָס דו קאָנסט מוסר'ן אַנדערע און דער גע'מוסר'טער קען דיר ניט אָפּ־ענטפערען „קשוט עצמך" — אמור, ערשט דעמאָלט מעגסטו זאָגען מוסר. (ר' אשר הורוויץ).

---

„אמור ואמרת, להזהיר גדולים על הקטנים". (רש"י). די אויפ־גאַבע פון גדול, פון מנהיג איז אַרונטערצונידערען פון זיין הויכער מדרגה צו די מאַסען, זיי צו לערנען און מדריך צו זיין. וואָרנט די תורה, די גדולים, די מנהיגים, אַז ווען זיי וועלען אַראָפּלאָזען זיך צו די מאַסען, זאָלען זיי זיך נישט אָפּלערנען פון זייערע מעשים און פאַרבלייבען מיט זיי, נאָר זאָלען אויפהויבען די מאַסען צו זיך, צו דער הויכקייט פון זייער מדרגה. (רמ"ל סאסעווער).

---

אמור, זאָג די כהנים, ואמרת אליהם, זיי זאָלען אָנזאָגען זייע־רע קינדס קינדער, אַז מיטן דיבור, מיטן מויל מיט זייער רעדען, לא יטמא, זאָלען זיי זיך ניט טמא מאַכען. (בערדיטשיווער).

---

## לנפש לא יטמא בעמיו (כא. א.)

די תורה הקדושה איז מזהיר דעם צדיק הדור, אַז אויב ער וועט לעבען אין אַ דור פון פריצות און ליצנות און כדי צו וואויל־געפעלען די מענשען אין זיין צייט מען זאָל ניט זאָגען אויף איהם אַז ער איז אַ שוטה און זיינע רייד וועלען ניט געהערט ווערען, וועט ער פּרואווען נאָכטאָן די ליצני הדור און נאָכזאָגען אַ דבר־לצון, ווי די חז"ל זאָגען, „צדיק נתפש בעוון הדור". וואָרענט דעריבער די תורה, „לנפש לא יטמא בעמיו". דער צדיק זאָל זיך ניט מטמא מאַכען מיט די רייד וואָס דער המון־עם איז נכשל. ער זאָל ניט נאָכפאָלגען זייערע התנהגות, שלעכטע דרכים און ליצנות. תמיד זאָל ער געדענקען „במקום שאין איש", אפילו „השתדל להיות איש", זאָל דער צדיק זיך באַמיען צו פאַרבלייבען אַ מוסטער־מענש, אויסגעהאַלטען, ווירדיג, בכבוד'יג, האַלטען הייליג זיין מויל און פּאָזיציע. (דגל מחנה אפרים).

---

ווען דער רבי ר' שמעלקע איז אויפגענומען געוואָרען אַלס

ניקעלשבורגער רב, האָט ער די ערשטע עטליכע שבתים גע׳דרשנ׳ט וועגען „חכמת העולם" און אַרויסגעוויזען גרויס בקיאות אין וועלט־ליכע קענטעניסען, איז דאָס געווען אַ גרויסע פליאה פאַר די ני־קעלשבורגער אידען און איינער פון די גאָר נאָענטע מקורבים האָט איהם געפרעגט:

— היתכן, די ניקעלשבורגער אידען דערוואַרטען פון אייך צו הערען, תורה, פלפול, מוסר, לסוף האַלט איהר גאָר פאַר זיי לעקציעס וועגען אַלוועלטליכע חכמה און וויסען?

— שלמה המלך האָט געזאָגט — האָט איהם דער רבי ר׳ שמעלקע אָפגעענטפערט — „טוב לשמוע גערת חכם, מאיש שומע שיר כסילים", על פי דקדוק, האָט דאָך באַדאַרפט שטעהן „מלשמוע שיר כסילים". איז דער פירוש אַזוי: עס איז בעסער צו הערען דאָס געשריי פון אַ חכם, דברי מוסר ותוכחה, מאיש, פון אַזאַ תלמיד־חכם וואָס פאַרשטעהט און קען די שבע חכמות העולם און ער ווייסט, אַז לגבי חכמת התורה זיינען זיי שיר כסילים.

דער תלמיד־חכם וואָס האָט ניט קיין שום ידיעה בשבע חכמות העולם און רעדט געגען זיי, זאָגען מענשען, אַז ווען ער וואָלט געהאַט אַ ידיעה אין וועלטליך וויסען וואָלט ער אַנדערש גערעדט. דער אָבער וואָס איז אַ בקי בשבע חכמות העולם און ער וויזט זיינע קענטע־נישען טאַקע פון די וועלטליכע חכמות — אַז חכמת התורה שטעהט העכער, איז טיפער, אינהאַלטסרייכער און גרעסער ווי אַלע חכמות העולם, האַלט מען איהם נישט פאַר קיין בטלן, מען קען איהם ניט אַזוי גרינג מבטל מאַכען און צו זיינע רייד הערט מען זיך גיכער צו.

---

לנפש — וויפיל אַ מענש זאָל ניט האָבען געזינדיגט, „לא יטמא בעמיו", זאָל מען זיך ניט מיאש זיין און זאָגען: **איך בין אַ רשע, פאַר מיר זיינען שוין אַלע וועגען פאַרשלאָסען אויף צוריק.** „אל תהי רשע בפני עצמך" — מאַך זיך אַליין ניט פאַר קיין פאַרפאַלענעם זינדיגער. טו תשובה, קער זיך צוריק אויף דעם דרך הישר און השי״ת וועט דיר מוחל זיין. (ר׳ חיים צאַנזער).

---

ר׳ הירש לייב מאַלוקער האָט בעלי עבירה גערופען עוברי עבירה. בעלי עבירה, האָט ער געזאָגט, איז דער פירוש, זיי זיינען די מושלים איבער די עבירות, יאָ אָדער ניט צו טאָן. די אָבער וואָס טוען כסדר עבירות, זיינען ניט קיין „בעלים", קיין מושלים איבער זייערע עבירות, נאָר זיי זיינען עוברי עבירה.

מה יתאונן אדם" — וואָס קלאָגט און ביטערט אַזוי דער מענטש ווען ער געהט טאָן אַ מצוה, „חי", דאָס איז דאָך דאָס גאַנצע לעבען, ווי מיר זאָגען: „כי הם חיינו ואורך ימינו", גבר על חטאיו — ווען אָבער דער מענטש געהט טאָן אַן עבירה, צעברענט זיך ביי איהם אַזאַ פייערדיגע תאווה און ער געהט צו דער עבירה מיט גרויס שמחה און צופרידענהייט. (ר' ישראל ריזשינער).

---

אינ'ם וואָרט „חטא" איז דאָ אַ ניט־אַרויסגערעדטער „אלף". איז דאָס אַ רמז, אַז אפילו ווען דער מענטש טוט אַן עבירה, ער פאַר־געסט דעם „אלופו של עולם", איז פונדעסטוועגען דער רבש"ע באַהאַלטען אין איהם ווי די „אלף" אינ'ם וואָרט חטא. וואָרום אָהן דעם אלופו של עולם, קען דער מענטש אפילו קיין עבירה ניט טאָן. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

„רשעים בחייהם קרויים מתים" — ווייל זייערע מחשבות ביים לעבען זיינען מערסטענס פאַרנומען מיט וואָס מער הנאה אַריינצו־כאַפען בעולם הזה און זעטיגען זייער תאוות־הגוף. זיי האָבען ניט קיין אמונה בעולם הבא און פאַרמאָגען ניט דערפאַר אין זיך קיין ניצוץ חיות, זייער עיקר לעבען באַשטעהט אין „חטוף ואכול חטוף ושתה, כי מחר נמות". און דאָס איז דאָך ידוע, דאָרט וואו עס איז די מחשבה פונ'ם מענטש, דאָרט איז דער מענטש. (ר' צדוק הכהן).

---

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן קיין גאַנצען מלאך וואָס האָט געזאָלט באַשאַפען ווערען פון אַן עבירה, וואָס ווערט געטאָן פון אַ איד אַ מאמין. די דאָזיגע מלאכים זיינען תמיד בעלי מומים, עס פעלט זיי איין אבר. איינעם פעלט אַ קאָפ, איינעם אַ האַנט, איינעם אַ פוס, איינעם אַן אויג, ווייל ווען אַ איד אַ מאמין ווערט נכשל אין אַן עבירה, האָט ער תיכף חרטה, און גרויס צער, זיפצט נעבאַך און האָט גרויס שברת־הלב. פון די דאָזיגע זיפצען, חרטה און האַרץ־צעברעכעניש, ווערען אָפגעבראָכען גאַנצע אברים פון די באַשאַפענע מלאכים דורך דער עברה, געטאָן פון אַ איד אַ מאמין. (רבי ר' זושא).

---

שמועסענדיג אַמאָל מיט עטליכע יונגעלייט האָט זיי דער קאָצ־קער געזאָגט: „איך וויל, איהר זאָלט ניט זינדיגען, ניט מחמת מען טאָר ניט, נאָר איהר זאָלט קיין צייט ניט האָבען צום זינדיגען.

## לא יטמא בעל בעמיו (כא. ד.)

דער וואָס איז אַ „בעל" בבחינת ראש, אַ מנהיג, **לא יטמא**, זאָל ער שטאַרק נזהר זיין ניט ברענגען צו קיין חילול־השם. אויך זאָל ער ניט אָנוואַרפען קיין אומזיסטע שרעק אויפ'ן ציבור, זאָל זיך ניט גרויס האַלטען און פיהרען זיין נשיאות מיט איבערטרי־בענער שטרענגקייט צווישען פאָלק. (ר' יחיאל מיכל זלאָטשעווער).

---

„לא יטמא בעל" — מיט וואָס אַ מענש איז זיך מתעסק, ווערט ער גערופען „בעל", אַ שטייגער ווי בעל־הבית, בעל־השדה, בעל־שמחה וכדומה. אַזוי ווערט אויך אַ „שליח צבור" גערופען „בעל־תפילה". זאָגט אונז די תורה: „לא יטמא בעל", אַז דער בעל־תפילה זאָל ביים דאַווענען זיך ניט פאַראומרייניגען מיט דאָס מי־אוס'טע פון מיאוס'ן, פון גאווה, „בעמיו", ווען ער וועט דאַווענען פאַר'ן פאָלק דורך דעם וואָס ער וועט דאַווענען שעהן. לההלו, אַז ער וועט מתפלל זיין פאַר'ן צבור, זאָל ער האָבען אין מחשבה קהל און בעטען דעם רבש"ע פאַר זיי, אָבער ער זאָל ניט אין זינען האָבען זיין ציקלען זיך און שעהן קול. (רי"י מגלאַגוב).

---

## ואשה גרושה מאישה (כא. ז.)

אַ גרושה איז אַמאָל געקומען צו ר' גרשון העניך ראַדזינער פרעגען אַן עצה צי זאָל זי חתונה האָבען מיט אַ יונגען מאַן וואָס האָט ביים שטעהן צום פריזיוו געקראָגען אַ גרינעם בילעט. זי האָט מורא, האָט זי גע'טענה'ט, טאָמער וועט מען איהם אין אַ יאָהר שפעטער רופען צום מיליטער.

— פאַר וואָס האָט דער יונגער מאַן געקראָגען אַ גרינעם בילעט?

— ער איז נעבאַך זעהר דאַר, פשוט הויט און ביין.

— אויב אַזוי, דאַרפט איהר גאָר ניט מורא האָבען. איך בין אייך מבטיח, אַז איהר וועט מיט איהם חתונה האָבען. וועט מען איהם אוודאי ניט צונעמען צום מיליטער.

האָט דעם רבינ'ס פעסטע הבטחה אַרויסגערופען אַן איבער־ראַשונג צווישען די אַרומשטעהענדע חסידים און איינער האָט איהם געפרעגט:

— ווי קומט דאָס, וואָס דער רבי האָט אַזוי זיכער מבטיח געווען די פרוי, אַז אויב זי וועט חתונה האָבען מיט דעם יונגען מאַן, וועט מען איהם ניט נעמען צום מיליטער?

— דאָס איז לחלוטין ניט קיין נביאות — האָט ר׳ גרשון העניך אָפּגעענטפערט. דער ענין איז גאָר פּשוט. ווי איהר האָט געזעהן די גרושה, איז פון איהר פּנים קענטיג, אַז דער מאַן האָט איהר געג׳גט, ווייל זי איז אַ מרשעת. דער יונגער מאַן האָט געקראָגען אַ גרינגעם בילעט, ווייל ער איז, ווי זי זאָגט, פּשוט הויט און ביין, וועט מען דעם יונגען מאַן ניט נעמען צום מיליטער. ווייל איך קען אייך מבטיח זיין, אַז דער יונגער מאַן וועט ביי דער גרושה ווערען נאָך מעהר אויסגעדאַרט און מאָגער...

---

אַ יונגערמאַן האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַר׳ן ראַדאָמסקער, אַז זיין ווייב איז אַ מרשעת, ווייל ניט האַלטען פון קיין אידישקייט.

— גט מען זי! — האָט דער ראַדאָמסקער געענטפערט.

— זאָגט דאָך די גמרא, „כל המגרש את אשתו הראשונה אפילו מזבח, מוריד עליו דמעות״ — האָט דער יונגער מאַן אַ זאָג געטאָן.

— שוטה שבעולם, עס איז דאָך בעסער, אַז דער מזבח זאָל פאַרגיסען טרערען איידער דו זאָלסט תמיד האָבען צו וויינען! — איז געווען דעם ראַדאָמסקער׳ס תשובה.

---

## והכהן הגדול מאחיו (כא. י.)

דער כהן גדול דאַרף זיין מאחיו, ווי איינער פון די פאָלקסמאַסען, ווי אַ ברודער, אַ חבר און אַ פריינד. (רבי מלובלין).

---

## או גרב או ילפת (כא. כ.)

דאָס וואָס די גוים רופען אידען „פאַרכעס״, איז גאָר ניט קיין לשון גנאי, אדרבה, דאָס איז פאַר אידען גאָר אַ גרויסער שבח. „פאַרך״ הייסט דאָך „גרב״ און די ראשי תיבות פון „גרב״ מאַכען: ׳גומלי חסדים, ׳רחמנים, ׳ביישנים. (ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער).

---

## דבר אל אהרן (כב. ב.)

גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן, ער זאָל זאָגען צו אהרן, אַז דאָס וואָס זיינע קינדער זענען זרע קודש, „ויזנרו״, זאָלען זיי זיך ניט אָפּשיידען און גרויס־האַלטען אין דער מחנה ישראל. „ולא יחללו את שם קדשי״, זאָלען זיי ניט פאַרשוועכען מיין הייליגען נאָמען

און איינרעדען זיך, „אשר הם מקדשים לי", אַז בלויז זיי זיינען צו מיר הייליג און אַנדערע ניט — „כי כל העדה כולם קדושים", אַלע אידען זיינען ביי מיר הייליג. (אוהב ישראל).

---

„הון ועושר בביתו" — דער מענש וואָס איז דאַנקבאַר השי"ת וואָס ער איז געזונט (הגוף נקרא בית), זאָרגט ניט פאַר'ן מאָרגען, האָט ניט קיין תשוקה פאַר דעם וואָס ער האָט נישט, איז תמיד אַ „שמח בחלקו". וצדקתו עומדת לעד, די צדקות פון אַזאַ מענש פאַרבלייבט אַן אייביגע. (רמ"ל סאסעווער).

---

ירבו עצבותם — פאַראַן מענשען וואָס האָבען פרנסה בריוח, פונדעסטוועגען זאָרגען זיי, אחר מהרו, וואָס עס וועט זיין שפעטער. (ר' ישראל ריזשינער).

---

## בעשור לחדש השביעי (כג. כז.)

ר' יהודא לייב, אַ ברודער פון ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער, איז אַזוי נזהר געווען אין שמירת שבת, אַז מען האָט איהם גערופען „ר' יהודא לייב שומר שבת". ערב־שבת פלעגט ער צוזאַמען מיט זיין משמש געהן אין די קראָמען איינקויפען צרכי שבת און בעטען זיך ביי די מוכרים: „גיט'ס יהודא לייב'ן דאָס בעסטע מעל, דאָס בעסטע פלייש א. א. וו. לכבוד שבת".

אַז יום כפור איז אויסגעקומען שבת, פלעגט ר' יהודא לייב צוגרייטען כל צרכי שבת ווי פאַר יעדען שבת, פרייטאָג פאַר'ן שוהל־געהן גרייטען דעם טיש. ווען ער איז אַהיים געקומען פון כל נדרי, האָט ער זיך, אַוועקגעזעצט ביים טיש און האָט אַזוי געזאָגט:

— רבונו של עולם! מצדי איז קיין מניעה נישטאָ, אַז איך זאָל עסען און טרינקען און האָבען אַן עונג שבת. היות דו האָסט אָבער געבאָטען, בעשור לחודש השביעי, ועיניתם את נפשותיכם, נו, אויב דאָס איז דיין רצון, אַז אפילו ווען דער צענטער טאָג אין זיבעטען חודש קומט אויס אין דיין הייליגען טאָג שבת, איז ביי דיר רעכט, אַז איך זאָל פאַסטען — אויב דיר איז דאָס ניחא, איז דאָס מיר ליב און איך וועל היינטיגען שבת פאַסטען.

## וידבר משה את מועדי ה׳ אל בני ישראל (כג. מד.)

וידבר איז אַ לשון הנהגה, ווי „ידבר עמים תחתינו״, האָט געמאַכט פיהרען די פעלקער אונטער אונז. איידער די אידען האָבען מקבל געווען די תורה, זיינען די תורה ומצוות געווען באַהאַלטען אין בית אוצר ד׳. דערפאַר ווערען זיי גערופען תורת ד׳, מצות ד׳. אָבער נאָך דעם ווי די אידען האָבען געזאָגט נעשה ונשמע, האָט משה איבערגעגעבען די תורה און מצוות, וואָס זיינען געווען באַהאַלטען ביים רבש״ע צו די אידען. איז דאָס דער פירוש פון פסוק: וידבר, משה האָט איבערגעגעבען די מועדי ד׳, די ימים טובים וואָס זיינען געווען באַהאַלטען ביים רבש״ע אל בני ישראל. (ר׳ יחיאל מאיר גאָסטאַנינער).

# בהר

## כי תבואו אל הארץ (כה. ב.)

ווען דו וועסט קומען אין לאַנד ארץ ישראל, דו וועסט באַ־אַרבייטען, אַקערען, זייען און פלאַנצען און דו וועסט האָבען מזל־ברכה. די ערד וועט אַרויסגעבען אַ סך פרוכטען און די פירות וועלען זיין זיסע און געשמאַקע. זאָלסטו זיך ניט איינרעדען אַז דאָס קומט פון דיין אַרבייט, פון דיין פעהיגקייט. אשר אני נותן לכם — דאָס אַלעס האָב איך דיר געגעבען. איך האָב דיר געשיקט די ברכה אין דיין פעלד און אין דיין וויינגאַרטען, דערפאַר באַפעל איך דיר „ושבתה הארץ שבת לה׳", פונקט ווי דו רוהסט אום שבת, זאָל אויך די ערד רוען אום שבת. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

„כי תבואו אל הארץ" און איהר וועט האָבען אמונה ובטחון, אַז אויב גאָט זאָגט „ושבתה הארץ", אַז דאָס זיבעטע יאָהר זאָל זיין שמיטה, וועט איהר דאָס יאָהר האַלטען שבת לד׳, בין איך אייך מבטיח „והיתה שבת הארץ", אַז אין דעם דאָזיגען שמיטה־יאָהר וועט זיין „לכם לאכלה". (ר׳ צבי זאַליזיצער).

---

זייענדיג אין ארץ־ישראל האָט ר׳ נחמן בראַצלאַווער גע־זאָגט, איז איהם געוואָרען פאַרשטענדליך פאַרוואָס די תורה רעדט איבעראַל וועגען ארץ־ישראל מיט אַ לשון הוה. „נותן לכם". ווייל דער איד וואָס האָט די זכיה צו וואוינען אין ארץ־ישראל, פיהלט יעדען טאָג, ווי מען וואָלט איהם היינט געגעבען דאָס לאַנד — יעדען טאָג פיהלט ער אינ׳ם לאַנד אַ פרישען באַנייטען טעם.

---

„ושבתה הארץ — נישט מחמת טובת־הארץ, כדי די ערד זאָל דאָס קומענדע יאָהר זיין פרוכטבאַרער, נאָר שבת לה׳, דער שבת פון דער ערד איז מחמת ציווי השם יתברך. (בערדיטשיוועך).

## וכי תמכרו ממכר לעמיתך (כה. יד.)

דאָס וואָרט „ממכר” איז דאָך אין פלוג איגנאַנצען איבעריג. — די תורה הקדושה האָט מזהיר געווען די האָרטאָווע סוח־רים וואָס פאַרקויפען זייער סחורה צו אַ „ממכר” — צו אַ קלע־נערען סוחר, וואָס פאַרקויפט צום איינצעלנעם קונה, „אל תונו איש את אחיו”, ער זאָל דעם קלענערען סוחר ניט איבעררייסען און ניט אָפּנאַרען. (ר׳ ליבער הגדול).

---

## ולא תונו איש את־עמיתו (כה. יז.)

אַז דו ביזט אַ ירא־שמים. כי אני ד׳ אלהיכם, ווייל איך ווייס דאָך דעם אמת צי דו ביזט טאַקע אַ ירא־שמים. (חידושי הרי״ם).

---

אויך מיט יראת שמים, מיט פרומקייט, זאָלט איהר ניט נאַרען איינער דעם צווייטען. (שפּאָלער זיידע).

---

זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, האָט אַמאָל דער רבי ר׳ בונם גע־פרעגט זיינע חסידים — וואָס איז אַ חסיד?

— אַ חסיד איז אַ איד, וואָס טוט אַלעס לפנים משורת הדין!

— האָט אַ חסיד אָפּגעענטפערט.

— אָט דאָס איז טאַקע געווען מיין כוונה צו זאָגען אייך! — האָט דער רבי ר׳ בונם מיט אַ שמייכעל צוגעגעבען — די תורה זאָגט: „לא תונו איש את עמיתו”, דאָס איז דין, לפנים משורת הדין הייסט, מען זאָל זיך אַליין ניט נאַרען.

---

## וכי תאמרו מה נאכל (כה. כ.)

אויב די אידען זאָלען טאַקע אַזוי פרעגען, מיינט דאָך דאָס, אַז זיי האָבען ניט קיין אמונה און בטחון אינ׳ם רבש״ע, אַז ער וועט זיי שפּייזען בשנה השביעית?

— די תורה באַווארענט עס, אַז די אידען זאָלען ניט דער־וואַרטען אַז אינ׳ם זיבעטען יאָהר שמיטה וועט זיי גאָט שפּייזען על פי נס, ווי ער האָט געשפּייזט די אידען אין דער מדבר מיט מן פון הימעל. די ראשי תיבות פון „מה נאכל” מאַכען „מן”. דאָס איז דער פירוש, „וכי תאמרו”, טאָמער וועט איהר זאָגען „מה נאכל”, אַז אינ׳ם זיבעטען יאָהר שמיטה וועלען מיר געשפּייזט ווערען חוץ לדרך הטבע מיט „מן”. זאָג איך אייך: „וצויתי את ברכתי לכם בשנה הששית”, איך וועל געבען אייך מיין ברכה אין אייערע פעל־

דער און גערטנער אינ'ם זעקסטען יאָהר בדרך הטבע, ניט על פי הנס, כדי איהר זאָלט האָבען גענוג שפייז אויך פאַר'ן זיבעטען יאָהר. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

## והארץ לא תמכר לצמיתות (כה. כג.)

דער רבונו של עולם האָט ניט פאַרקויפט די אידען צו די פעלקער אויף אייביג. זאָלען דערפאַר די אידען צוליב דעם פאַר־לענגערטען גלות קיינמאָל זיך ניט מייאש זיין פון דער גאולה, וואָס מוז קומען, „ובכל ארץ אחוזתכם", אויף יעדען אָרט וואו די אידען וועלען זיין צעשפרייט אין גלות, „גאולה תתנו לאָרץ" — זאָלען זיי העלפען פאַר אַ שנעלער אויסלייזונג. (רמ"ל סאָסעווער).

## כי גרים ותושבים אתם עמדי (כה. כג.)

ווען אַ גר אין אַ פרעמד לאַנד באַגעגענט זיינעם אַ פריינד, אויך אַ גר, רעדט איינער פאַר'ן צווייטען זיך אויס דאָס האַרץ. אַזוי זאָגט השי"ת צו די אידען. „גרים" — אַז איהר וועט זיין בבחינת גרים בעולם הזה, ותושבים בעולם הבא, אתם עמדי, וועט איהר זיין גלייך מיט מיר. ווייל אויך איך בין אַ גר בעולם הזה, געפין אין ערגעץ נישט קיין פלאַץ וואו צו לאָזען רוען מיין שכינה. (דגל מחנה אפרים).

## כי ימוך אחיך ומכר מאחזתו (כה. כה.)

ווען אַ איד ווערט אַ גייסטיגער יורד, פאַרלירט דעם דרך הישר, ומכר מאחוזתו, ווערט פאַרפרעמדט פון זיין אחוזה, פון זיין אידישער ירושה. וחשב את שני ממכרו, זאָל ער באַרעכענען די יאָהרען פון זיין לעבען און די יאָהרען פון זיין אָפּ־געפרעמדקייט. ישוב לאיש אשר מכר לו, זאָל ער זיך צוריק קערען צו דער ירושה פון זיינע אָבות. ושב לאחוזתו, האַלטענדיג זיך אין דער ירושה פון זיינע אָבות וועט ער קענען זיצען רוהיג און לעבען בשלום. (ר' משה צבי סאווראַנער).

איין פונק פון אַ ברענענדיגער קויל, קען דער שמיד אין אַ גרויסען פייער פאַנאַדערבלאָזען. ווען אָבער דער לעצטער פונק ווערט אויסגעלאָשען, איז שוין קיין שום האָפענונג נישטאָ. אַזוי איז דאָס אויך מיט'ן אָפּגעפרעמדטען אידען, אַז ווי לאַנג איין ניצוץ אידישקייט טליעט ביי איהם אין האַרצען. ווען אָבער דער

לעצטער פונק אידישקייט איז ביי איהם אינגאנצען אויסגעלאָשען, איז פאַר איהם שוין קיין שום האָפענונג ניטאָ. (תולדות).

## וכי ימוך אחיך (כה. לה.)

אפילו אין די קריטישסטע צייטען, ווען דיר וועט זיך אויס־דוכטען אַז ס'איז „כלו כל הקצין", די לאַגע איז האָפענונגסלאָז. והחזקת, זאָלסטו זיך שטאַרקען, האַלטען זיך פעסט, ניט פאַרצווייפ־לען און ניט רעזיגנירען. (בעש"ט).

וכי ימוך אחיך — פונקט ווי איינער וואָס וויל אַ צווייטען אַרויסראַטעווען פון ליים אָדער בלאָטע, מוז ער פריער אַליין אַריינ־געהן אין ליים אָדער בלאָטע, כך, אַזוי ווען דיין ברודער ווערט פאַראָרימט און שטרעקט אויס זיין האַנט צו דיר נאָך הילף, דאַרפסטו אַריינגעהן אין זיין מצב, פיהלען זיין דחקות און נויט און אויס־שטרעקען איהם אַ האַנט און העלפען איהם. (ר' אהרן קאַרלינער).

אשרי משכיל אל דל? — אשרי נותן אל דל, האָט דאָך באַ־דאַרפט שטעהן!

— דוד המלך האָט אָפּגעלייקענט די וועלט'ס ווערטל: „אַ נאַר גיט, אַ קלוגער נעמט". אדרבה, דוד המלך האָט געזאָגט, דער מענש וואָס העלפט אַן אָרימאַן ווערט אָנגערופען „משכיל". (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

„גם לרעהו ישנא רש" — ווען איינער ווערט אָרעם, האָבען אפילו זיינע פריינד איהם פיינד. „ואוהבי עשיר רבים", דעם עשיר, דעם גביר האָבען ליב אפילו די וואָס זיינען ניט זיינע קרובים. (ראַדאָמסקער).

וישגב אביון מעוני — ווען איינער איז אָרעם, וויל זיך מיט איהם קיינער ניט מתיחס זיין. ווערט אָבער דער אָרימאַן דערהויבען, ער ווערט נתעשר, וישם כצאן משפחות, איז זיך יעדער מיט איהם מתיחס און ווי סטאַדעס שעפסען לויפען צו איהם קרובים און משפחה. (ראַדאָמסקער).

האי עלמא כבי הלולא דמיא — די באַציאונגען פון מענש צו מענש אויף דער וועלט איז פונקט ווי אויף אַ חתונה.

ביי אַ חתונה מעגען די מחותנים זיין אנשים פוחזים ורֵיקים, זיצען זיי אויבענאַן, מ'טיילט זיי צו כבוד, מ'פרייט זיך מיט זיי, נאָך דער חתונה בלייבען זיי פונקט ווי פריער — אָנשטענדיגע

מענשען ווילען זיך מיט זיי ניט חבר'ן, ווילען מיט זיי ניט האָבען קיין מגע ומשא. פונקט אַזוי איז די וועלט זיך נוהג מיט מענ־שען כשהשעה משחקת להם. בעת זיי זיינען רייך, מעגען זיי זיין אנשים בזויים ושפלים, לויבט מען און מען בוקט זיך צו זיי. ווערען דיזעלבע מענשען פאַראָרימט, וויל קיינער מיט זיי ניט האָבען קיין שום שייכות און התחברות. (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

---

כי ממך הכל — אפילו דער חשק און רצון צו געבען צדקה. (ר' צדוק הכהן).

---

צום בעל הפלאה איז אַמאָל געקומען אַ פרוי און געקלאָגט זיך אַז איהר מאַן צעטיילט כמעט זיין גאַנץ געלד פאַר צדקה און גמילות חסדים. תוך כדי דיבור איז אַריינגעקומען אַ איד און מיט בכיות זיך מתנצל געווען פאַר'ן בעל־הפלאה, היות ער האָט אַ ברו־דער אַן עושר און ער מיט זיינע בני בית ליידען גרויס נויט און דחקות און דער רייכער ברודער וויל פון איהם ניט וויסען. האָט דער בעל הפלאה געשיקט נאָך זיי ביידען.

— פאַרוואָס — האָט ער געפרעגט דעם מאַן פון דער פרוי וואָס האָט זיך געקלאָגט אַז ער צעטיילט כמעט זיין גאַנץ געלד — צעטיילסטו דיין גאַנץ געלד פאַר צדקה?

— דער רבי ווייסט דאָך — האָט דער מאַן געענטפערט — לא ידע האדם את עתו, היום כאן ומחר בקבר, וויל איך כאָטש ביי מיין לעבען עפעס גוטס טאָן. האָט דאָך דוד המלך געזאָגט, צדק לפניו יהלך און צווייטענס זאָגען דאָך די חז"ל „מי שנותן למצוה, אינו מחסר את נכסיו".

— און דו — האָט ער געפרעגט דעם עושר וואָס זיין ברודער האָט זיך געקלאָגט אויף איהם אַז ער וויל איהם ניט העלפען — פאַר וואָס ביזטו אַזאַ אַכזר אויף דיין בלוט און פלייש, אויף דיין אייגענעם ברודער. די תורה זאָגט דאָך, וכי ימוך אחיך, והחזקת בו, ומבשרך אל תתעלם.

— דער רבי ווייסט דאָך, אַז קיין מענש ווייסט ניט ווי לאַנג ער וועט לעבען, טאָמער וועל איך לעבען ביז 120 יאָהר, מוז איך דאָך האָבען געלד מיט וואָס זיך מפרנס צו זיין, אויף דער עלטער.

האָט דער בעל־הפלאה פאַרטראַכט זיך פאַר אַ מאָמענט און האָט די אידען אַזוי געזאָגט:

— זאָל דער רבונו של עולם אָפּהיטען אייך, פאַר וואָס איהר האָט ביידע מורא.

דער עושר וואָס שרעקט זיך טאָמער וועט ער האָבען אריכות ימים ושנים און ווײַל דאָרום ניט העלפען מיט זיין געלד זיין אָרימען ברודער, זאָל השי"ת אָפּהיטען איהם פאַר זיין מורא...

דער איד וואָס צעטיילט זיין געלד פאַר צדקה אויס מורא טאָמער שטאַרבט ער יונג, זאָל איהם השי"ת אָפּהיטען פון זיין פחד, ער זאָל מאריך ימים ושנים זיין...

---

וכי ימוך אחיך — דער וואָס שטיצט נאָר פרעמדע אָרימעלייט און פאַרהוילט זיינע אויגען פון זיין אָרימען ברודער און נויטבאַ־דערפטיגע קרובים, איז דאָס אַ סימן אַז זיין צדקה און שטיצע איז ניט לשם מצוה אָדער גוטהאַרציגקייט, נאָר לשם גאווה, פרסום און גדלות. ווײַל אויב ער זאָל געבען לשם מצוה, איז ער ערשט מחויב צו שטיצען זיין ברודער און קרובים. היות ער ווייסט, אַז זיין ברודער און משפחה וועלען ניט מפרסם מאַכען זיינע מעשים, זיי וועלען האַלטען אַז פון אַן אייגענעם און נאָנטען קומט זיי אַזוי באַהאַנדעלט צו ווערען, וועט דאָך קיינער ניט וויסען זיין גוטהאַרציגקייט, גיט ער דאָרום פרעמדע וואָס רעקלאַמירען זיין פייאיגקייט, גיבען איהם כבוד, לויבען איהם און ער פאַררייסט שטאָלץ דעם קאָפּ.

אויף די דאָזיגע מענשען האָט דוד המלך געזאָגט: „אח לא פדה", ווען אַ ברודער ווײַל דעם צווייטען ברודער ניט העלפען אין זיין נויטבאַדערפטיגען מצב, יפדה איש, אַיינצייטיג אָבער העלפט ער אַ פרעמדען מענש, איז דאָס אַ סימן „לא יתן לאלהים כפרו" — אַז זיין צדקה און שטיצע איז לחלוטין נישט לשם שמים, נאָר מחמת פרסום און גאווה. (דגל מחנה אפרים).

---

קיין זאַך שעדיגט ניט אַזוי דאָס מענשליכע געזונט און איז מקצר ימים דאָס לעבען פון מענשען ווי דאגה, עצבות, מרה שחורה. געלד און עשירות זיינען די גורמים און די פאַראורזאַכער פון די דאָזיגע קראַנקהייטען. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

וכי ימוך אחיך עמך.

היות ווי אַלע אידען ווערען פאַררעכענט ווי אַ חטיבה אחת, ווי איין מענש, דאַרף דאָך יעדער איד פילען בצער חבירו דער גביר דאַרף פילען בצער העני — עמך, ווייל דער אָרימאַן איז דאָך אַ טייל פון דיר. דעריבער לא תעבוד בו עבודת עבד, טוסטו פאַר־קערט, פאַרקנעכטסטו דאָך דיך אַליין. (ר' חיים צאַנזער).

# בחקותי

## אם בחקתי תלכו (כו. ג.)

אויב דו וועסט מיינע חוקי־התורה בלא טעם אנגעמען און אויס־פאלגען, ואת מצותי תשמרו, וועסטו מיינע מצוות וואס האבען א טעם אוודאי אפהיטען. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

אם בחקותי תלכו — ביזטו אן ערליכער איד, ואת מצותי תשמרו, זאלסטו מיינע מצוות אפהיטען כמנהג החסידים. ביזטו אן אפיקורוס, גלויבסט ניט אין די חומרות וגדרים, בין איך דיר מוחל דיינע מצוות. (רבי ר׳ בונם).

---

אם בחקותי — אפילו א מצוה איידער מען געהט טאן דארף מען פריער גוט בארעכענען אויב מען זאל די מצוה טאן, נישט גלאט כאפען און אפטאן אהן חשבון. (ר׳ יצחק ווארקער).

---

אם בחקותי תלכו, להיות עמלים בתורה — מעגסטו האבען דער־ווארבען א סך חכמה ודעת, אויב דו האסט די תורה ניט געלערענט און געפארשט, ווערסטו ניט אנגערופען קיין עמל. (שפת אמת).

---

שתהיו עמלים בתורה — איהר זאלט זיך באמיען אז אלע אייערע מעשים אין לעבען זאלען זיין תורה׳דיגע. (ר׳ משה׳לע קאזשעניצער).

---

„תלכו", איהר זאלט געהן אין די חוקות־התורה. דער מענש דארף כסדר זיין א הולך, שטייגען העכער, נישט שטעהן אויף איין ארט. (רבי ר׳ בונם).

---

יעדער איד איז א מדרגה בפני עצמו. דער רבש"ע באשאפט ניט קיין צוויי גלייכע זאכען. (ר׳ צדוק הכהן).

---

וועגען דעם באקאנטען מאמר חז"ל, בכל יום ויום בת קול יוצאת מהר חורב ומכרזת, אוי להם לבריות מעלבונה של תורה, האט א חסיד

אַמאָל געפרעגט דעם יוד הקדוש — אויב דער בת־קול מהר חורב באַצוועקט מעורר צו זיין אידען זאָלען תשובה טאָן, דאַרפען דאָך אַלע אידען הערען דאָס קול פון הר חורב, אויב קיינער הערט נישט וואָס פאַר אַ נוצען ברענגט דאָס טעגליכע בת קול ?

— איך וועל דיר ענטפערען מיט אַ משל — האָט איהם דער יוד הקדוש אָפּגעענטפערט.

אַ סוחר איז זומער־צייט געפאָהרען אין אַ ווייטער שטאָט האַנד־לען, האָט ער מיט גענומען מיט זיך זיין קלענערען זוהן. אויפ'ן וועג איז זיי אויסגעקומען דורכצופאָהרען אַ געדיכטען גרויסען וואַלד וואָס איז פול געווען מיט שוואַרצע און רויטע יאַגדעס. האָט דער וואַלד מיט די יאַגדעס געררייצט און גערופען צו זיך דאָס קינד, ווי דער שטייגער פון קליינע קינדער, האָט דאָס קינד אָנגעהויבען בעטען דעם פאָטער, ער זאָל איהם דערלויבען אַריינגעהן אין וואַלד אָנקלייבען יאַגדעס. האָט דער פאָטער צו אים אַזוי געזאָגט:

— קינד מיינס, איך קען זיך ניט אָפּשטעלען און מוז פאָהרען ווייטער, דער וואַלד איז אַ גרויסער און געדיכטער, אַז דו וועסט אַרונטערגעהן קלייבען יאַגדעס, וועסטו פאַרבלאָנדזשען און מיך ניט געפינען.

— איך וועל פּאַוואָלינקע געהן אין וואַלד קלייבען יאַגדעס — האָט דאָס קינד געבעטען זיך ביים פאָטער — דו פאָהר געלאָסען. יע־דעס מאָל וועל איך דיך רופען און דו וועסט מיר ענטפערען. אַז איך וועל האָבען גענוג אָנגעקליבענע יאַגדעס, וועל איך נאָכגעהן דיין קול און אָט אַזוי וועל איך ניט בלאָנדזשען.

דאָס קינד איז אַרונטערגעגאַנגען אין וואַלד קלייבען יאַגדעס און דער פאָטער האָט איהם אָנגעזאָגט:

— געדענק זשע גוט, מיין קינד! אויב דו וועסט הערען די שטים פון דיין טאַטען און דו וועסט נאָכגעהן זיין קול וועט דיר גוט זיין און דו וועסט נישט בלאָנדזשען. אויב אָבער דו וועסט די שטים פון דיין טאַטען ניט הערען און דו וועסט ניט נאָכגעהן זיין קול, זאָלסטו וויסען, מיין קינד, אַז דו בלאָנדזשעסט...

---

## ועץ השדה יתן פריו (כו. ד.)

האָדם עץ השדה. פונקט ווי אַ פעלד דאַרף האָבען אַקערען, זייען, רעגען, וואַרימקייט אַרויסצוגעבען פירות. אַזוי דאַרף אַ מענש האָבען הכנות, כוונות און התלהבות אין דערגרייכען די עבודת השם. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

אין ענין עבודת־השם — האָט ר׳ משה־ליב סאסעווער געזאָגט — האָב איך געלערענט זעקס זאַכען פון אַ גנב: א) ער געהט ניט נאָר ביינאַכט. ב) ער געהט ניט אַליין. ג) בעת ער געהט איז ער גרייט אויף מסירות־נפש. ד) ער געהט אפילו פאַר אַ קאָפּיקע. ה) געלינגט איהם ניט היינט, פּרואווט ער מאָרגען. ו) דאָס וואָס ער האָט גע׳גנב׳עט נעכטען ווערט ביי איהם פאַררעכענט פאַר גאָרנישט.

---

יפה תלמוד תורה עם דרך־ארץ — בעת אַ איד איז עוסק אין וועלט־זאַכען דאַרף ער אויך אינזינען האָבען אידישקייט. פּונקט ווי דו קאָנסט ניט זאָגען, איך וועל זיצען און לערנען תורה און זאָלען אַנדערע דאגה׳ן פאַר וועלטליכע ענינים. אַזוי קאָנסטו ניט זאָגען, איך וועל זאָרגען פאַר וועלטליכע ענינים און פאַר אידישקייט זאָלען אַנדערע זאָרגען. (בערדיטשיווער).

---

## ונתתי שלום בארץ (כו. ו.)

אויף דעם פּסוק „והיתה פרי האָרץ לגאון ולתפארת" זאָגט רש"י — היינו בנים של צדיקים. נמצא אַז „האָרץ" מיינט מען צדיקים. איז אָט־דאָס אונז מרמז די תורה. הקב"ה האָט די אידען מבטיח געווען אַ גאָר גרויסע הבטחה „ונתתי שלום בארץ" — היינו אַז צווישען די צדיקים וועט הערשען שלום. (דגל מחנה אפרים).

---

כידוע, ווען ר׳ לוי יצחק בערדיטשיווער איז נתגלה געוואָרען, האָט ער געהאַט אַ סך מתנגדים. איינמאָל איז דער בערדיטשיווער אָנגעקומען אין אַ שטאָט האַלטען שבת. זיינען געקומען איהם מקבל פּנים זיין צוויי רבנים, דער רב פון די חברה שניידער און דער רב פון די חברה מעל־הענדלער — ביידע מתנגדים. מיט זיין טביעת־עין האָט דער בערדיטשיווער דערקענט אַז געקומען זיינען זיי פון איהם אָפּצו׳חוזק׳ן. געבענדיג איהם שלום, האָט דער בערדיטשיווער געזאָגט צו זיי:

— היות איך ווייס ניט ווער פון אייך ביידע איז אַ גרעסערער רב, גיב איך אייך „איין שלום". (אַ רמז אויפ׳ן פּסוק „אין שלום" אמר ה׳ לרשעים).

— נו, זאָל דער רבי עפּעס זאָגען תורה? — האָבען זיי אָנגעהויבען אָפּצו׳חוזק׳ן.

— מהיכי תיתי, אדרבא ואדרבא, — האָט זיי דער בערדיטשיווער געזאָגט. — די גמרא אין שבת זאָגט, לעתיד, וועט די ארץ־

ישראל־ערד פראָדוצירען פּאַרטיג געמאַכטע זיידענע קליידער און צייטיגע פרוכט. איז מיר דער מאמר תמיד קשה געווען — וואָס וועט פון דעם זיין דער ריוח?

זעהענדיג איצט אייך ביידע, איז מיר דער מאמר חז"ל פאַר־ענטפערט געוואָרען. היות איצט האָבען מיר חברה שניידער און חברה מעל־הענדלער און זיי האָבען באַזונדערע רבנים. לעתיד, ווען משיח וועט קומען, אַז די ארץ־ישראל הקדושה וועט אַרויסגעבען פּאַרטיגע זיידענע קליידער און אָפּגעבאַקענע שפּייז, וועלען מיר מעהר ניט דאַרפען קיין שניידער און קיין מעל־הענדלער, וועלען מיר האָבען דעם ריוח, וואָס מיר וועלען פּטור ווערען פון אַ שניידערישען רב און אַ מעל־הענדלער רב...

---

## ופניתי אליכם (כו. ט.)

פאַר דעם עובד ה' האָט השי"ת תמיד צייט. (חידושי הרי"ם).

---

## ואולך אתכם קוממיות (כו. יג.)

כידוע געהט אַ בהמה מיטן קאָפּ אַרונטערגעבויגען צו דער ערד. דער מענש וואָס פיהרט זיך אין לעבען ווי אַ בהמה, הייסט דאָס אַז זיין קאָפּ איז אַרונטערגעבויגען צו ערדישקייט. איז ער זיך נוהג ווי אַ מענש, געהט ער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ געווענדט צום הימעל. אם בחוקותי תלכו, ואת מצוותי תשמרו, וועט איהר זיין בבחינת מענש און וועט ממילא קענען אַרומגעהן בקומה זקופה. (מעזריטשער מגיד).

---

## והלכתם עמי בקרי (כו. כז.)

כידוע, אַז אַלעס וואָס טרעפט און פּאַסירט אין דער וועלט און מיט'ן מענש איז מהשגחת הבורא און ס'איז כלל נישטאָ קיין שום מקרה בעולם, זאַכען און פּאַסירונגען זאָלען סתם אַזוי אָהן חשבון און אָהן תכלית טרעפען — אָט דאָס איז דער עיקר האמונה. און אָט פאַר דער עבירה וואָרענט אונז די תורה מיט די קללות פון דער תוכחה. „והלכתם עמי בקרי". אויב איר וועט געהן מיט מיר „בקרי" — בלשון מקרה, איהר וועט זאָגען אַז אַלץ וואָס עס טרעפט און פּאַסירט אין דער וועלט און מיט'ן מענש איז ניט פון דער השגחה, נאָר במקרה.

דער עיקר האמונה איז, אַז אַ מענש זאָל באמונה שלמה גלויבען אַז אַלץ וואָס עס טרעפט און פּאַסירט איז בכוונת השי"ת, דאָס איז עיקר התורה און די גאַנצע תרי"ג מצוות התורה זיינען רק פעדים וואָס ציען די פאַרבינדונג צו דער ידיעה שהכל מהשי"ת. (ר' צדוק הכהן).

---

כי אמר מקרה הוא — דער וואָס זאָגט אַז אַלעס איז במקרה, אַזוי האָט דאָס געטראָפען און האָט קיין שום שייכות ניט מיט די השגחה העליונה, בלתי טהור הוא. אַזאַ מענש באַלאַנגט צו דער טומאה. (דגל מחנה אפרים).

---

## ויסרתי אתכם אף אני (כו. כח.)

ווען אַ טאַטע שלאָגט זיין קינד, טוט דאָס דעם טאַטען אויך וועה, ער האָט אויך דערפון גרויסע יסורים און וועהטאָג. (בערדיטשיווער).

---

## ורדף אתם קול עלה נדף (כו. לו.)

דאָס קול פון אַ בלאַט גמרא („עלה" — בלאַט, „נדף" — מלשון „דף") וואָס איר וועט לערנען שלא לשמה, נאָר כדי צו שטאָלצירען און גרויסען זיך פאַר מענשען, וועט אייך פאַרפאָלגען און פאַררעכענט ווערען פאַר אַן עברה. (בעש"ט).

---

תורה לשמה הייסט, ווען אַ איד לערענט מיט אַזאַ התמדה און אינטערעס תורה גלייך ווי אַ זוהן לייענט מיט געשפאַנטקייט אַ דערהאַל־טענעם בריף פון זיין פאָטער ממרחקים, וואָס איז שטאַרק נייגעריג צו וויסען וואָס דער פאָטער שרייבט אינ'ם בריף און ער שלינגט מיט די אויגען, מיט'ן מויל, מיט'ן גוף און נשמה די ווערטער. (חידושי הרי"ם).

---

## וזכרתי את בריתי יעקב ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם אזכור (כו. מב.)

אַ פשיסכער חסיד, אַ איד אַן עושר און אַ קמצן וועלכער האָט זיך געגרויסט מיט זיין יחוס־אָבות, האָט איהם דער רבי ר' בונם אַמאָל געפרעגט :

— ווייסטו פאַר וואָס אינמיטען די תוכחה שטעהט דער פסוק וזכרתי את בריתי יעקב וכו׳? ווייל אַזוי זאָגט גאָט: אויב דו ביזט טאַקע פון אַזאַ גרויסען יחוס איז דאָך אויף דיר נאָך מעהר קשה. שטאָלצירסטו מיט דיין יחוס־אָבות, פאַרוואָס פּראַקטיצירסטו נישט די גוטסקייט, מענשליכקייט און גערעכטיגקייט פון דיינע אורעלטערען? קומט דאָך דיר לויט דייך יחוס וואָס דו געהסט ניט אין די דרכים פון דיינע אָבות. נאָך מעהר צו מוסר׳ן, צו באַשטראָפען און צו שלאָגען..

---

## וזכרתי להם ברית ראשונים אשר הוצאתי אתם מארץ מצרים (כו. מה.)

דער בערדיטשיווער האָט גע׳טענה׳ט צו גאָט: רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ טענות האָסטו צו אונז אַז מיר זעהען נישט בדרך התורה? איך וויל דיך דערמאָנען אַז אויך די אידען וואָס דו האָסט אַרויסגענומען פון מצרים זיינען נישט בעסער געווען פאַר אונז. אַזוי זאָגט בפירוש דוד המלך אין זיין ספר תהלים. זכור עדתך קנית קדם — דערמאָן דיך נאָר גאָט, וואָס פאַר אַן עדה דו האָסט געקויפט. מילא — ווען איינער טוט מיט זיין טאָכטער אַ געלד־שידוך און שפּעטער ווייזט זיך אַרויס אַז דער חתן איז אַן אָרימאַן, האָט דער מחותן אַ רעכט צו זיין אין כעס הלמאי מען האָט איהם אָפּגענאַרט. אָבער ווען דער מחותן ווייסט פון פריער אַז דער חתן איז אַן אָרימאַן און איז פונדעסטוועגען מסכים צום שידוך — וואָס פאַר אַ טענות קען ער האָבען צום חתן וואָס ער איז אַ קבצן?

— דערמאָן דיך נאָר, רבונו של עולם אין וואָס פאַר אַ מצב דו האָסט אונז געקויפט ווען דו האָסט אונז אַרויסגעצויגען פון מצרים, דו האָסט זיך מיט אונז משדך געווען, מיר זיינען דאָך געווען בערום ובחסר כל, מיר האָבען ניט פאַרמאָגט קיין תורה, קיין שום מצוות ומעשים טובים און פונדעסטוועגען „גאלת שבט נחלתך״ — האָסטו אונז אויסגעלייזט פון מצרים און האָסט מסכים געווען צום שידוך. אויב אַזוי, וואָס פאַר אַ טענה האָסטו איצט צו אונז, אַז מיר געפינען זיך היינט אין דעם זעלבען מעמד ווי דעמאָלט?...

---

## וכל מעשר בקר וצאן כל אשר יעבר תחת השבט, העשירי יהיה קודש לד׳ (כז. לב.)

פון דעם פסוק איז אַ ראיה, אַז דעם אר״י הקדוש׳ס מיינונג, אַז רבי עקיבא האָט אין די עשרה הרוגי מלכות פאַרנומען דאָס פלאַץ פון דער שכינה איז אַ ריכטיגע.

כידוע ווערט אין די כתבי האר״י הקדוש אַרויסגעברענגט דער רעיון, אַז די עשרה הרוגי מלכות האָבען געהאַט אין זיך די נשמות פון די שבטים וואָס האָבען פאַרקויפט יוסף׳ן און זיינען דערפאַר מן־השמים פאַראורטיילט געוואָרען צו אַזאַ גרויזאַמען טויט אַלס שטראָף פאַר׳ן פאַרקויפען אַן אייגענעם ברודער.

איז דאָך קשה, בעת מכירת יוסף איז דאָך געווען ניט מעהר ווי ניין שבטים, פאַר וואָס זיינען צעהן צדיקים דערמאָרדעט געוואָרען?

ענטפערט אויף דעם דער אר״י הקדוש: היות די ניין ברידער, די שבטי יה, האָבען בעת׳ן פאַרקויפען יוסף׳ן געמאַכט צווישען זיך אַ חרם, קיינער זאָל ניט דערצעהלען זייער פאָטער יעקב און כדי משלים צו זיין צום מנין, האָבען זיי מצרף געווען הקב״ה, האָט דער צעהנטער פון די עשרה הרוגי מלכות, רבי עקיבא, פאַרטראָטען דאָס אָרט פון דער שכינה.

און פון דעם פסוק קען מען זעהן ווי ריכטיג ס׳איז די מיינונג פון אר״י הקדוש. די נוטריקין פון „וכל מעשר" מאַכען — „וידעו כלם למה מת עקיבא שהיה רועה בקר וצאן". כל אשר יעבר — די ניין הרוגי מלכות, תחת השבט, זיי זיינען געהרג׳עט געוואָרען יעדער אָנשטאָט אַ שבט. העשירי — דער צעהנטער, רבי עקיבא, והיה קודש לה׳ — ער איז געהרג׳עט געוואָרען במקום השכינה. (ר׳ שמשון אָסטראָפּאָליער).

---

## ואם המר ימירנו (כז. לב.)

די אותיות „המר" מאַכען „הרם" — דערהויבען, גרויס ווערען. בעת אַ מענש איז עולה לגדולה און ער ענדערט נישט זיין פריערדיגע התנהגות, איידער ער איז גרויס געוואָרען, איז דאָס אַ סימן אַז זיין גדלות איז לרצון לפני ד׳. „ותמורתו" און זיין דערהויבונג, זיין גדלות יהיה קודש לד׳ איז אַ הייליג פאַרדינטער. (ר׳ יהושע׳לע פּשעדבאָרזשער).

# במדבר

## ראש כל עדת בני־ישראל (א. ב.)

כידוע האָט דער לובלינער רב, ר' עזריאל הורוויץ באַצויגען זיך מתנגדיש צום רבי'ן מלובלין. איינמאָל האָט דער לובלינער רב געפרעגט דעם יוד הקדוש:

— פאַרוואָס ווערט דער רבי מלובלין תמיד געהיט פון אַ שומר, אַ משמש, אָדער גבאי?

— דאָס איז אַ בפירוש'ער רמז מן־התורה — האָט איהם דער יוד הקדוש אָפּגעענטפערט — די תורה באַצייכענט די זקני־ישראל, די ראשי אלפי ישראל, פאַר עיני העדה. ווי טייער דער קאָפּ איז ביים מענש, זיינען די אויגען נאָך טייערער, ווי איהר קענט זעהן, אַז דער מענש ווערט געבוירען מיט אַ שמירה — מיט צו־דעקלעך איבער זיינע אויגען און די וועלט האָט אַ ווערטעל "מען היט עס ווי אַן אויג אין קאָפּ", דאַרף ממילא אַזאַ אויג אין קאָפּ, ווי דער רבי מלובלין, האָבען שטענדיגע שמירה.

---

## כאשר צוה ה' את משה ויפקדם במדבר סיני (א. יט.)

כידוע מאַכען די ראשי תיבות פון'ם וואָרט "ישראל" "יש ששים רבוא אותיות לתורה" — קומט דאָך אויס, אַז ווען משה רבינו האָט געציילט די אידען, האָט ער מיט דעם אַליין געלערענט די תורה. אָט דאָס זאָגט דער פסוק, "כאשר צוה ה' את משה", אַזוי ווי משה האָט געלערענט די תורה ווי השי"ת האָט איהם באַפוילען, אַזוי איז געווען ביים "ויפקדם במדבר סיני", אַז ער האָט די אידען געציילט, איז דאָס אַליין אויך געווען אַ לימוד התורה. (בערדיטשיווער).

---

## ויעשו בני ישראל ככל אשר צוה ד' את משה (א. נד.)

די לווים זיינען דאָך אין דערזעלבער פרשה גלייך ווי די אידען געבאָטען געוואָרען וועגען משכן, פאַר וואָס זאָגט ניט די תורה אויך ביי זיי "ויעשו הלוים ככל אשר צוה ה' את משה?"

— ווייזט טאַקע פון דאַנען אויס, אַז כלי־קודש קומט שווערער אָן צו טאָן „כאשר צוה ה׳“, ווי פּראָסטע אידען. איינפאַכע אידען איז לייכטער צו פּועל׳ן, זיי זאָלען טאָן און אויפפיהרען זיך „כאשר צוה ה׳“, ווי די לוים, די כלי קודש... (ר׳ גרשון העניך ראַדזינער).

## ושמרו את כל כלי אהל מועד (ג. ח.)

דער מענש איז ווי דער היכל ה׳. פּונקט ווי דער משכן מיט אַלע זיינע כלים האָבען באַדאַרפט געהיט ווערען כדי זיי זאָלען זיין בקדושה ובטהרה, אַזוי דאַרף דער מענש זיין אָפּגעהיט פון אַ פּגם. אַלע זיינע אברים דאַרפען זיין בבחינת כלי אהל מועד — ער דאַרף זיי תמיד האַלטען בקדושה ובטהרה. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

„הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל“. — דאָס הארץ אינ׳ם מענש איז דער היכל פון זיין תורה. ווי דער זהר הקדוש זאָגט: „ארונא דספר תורה דא לבא“. האָט דער מענש אַ גוט האַרץ און האַלט זיך ניט גרויס, האָט די תורה וואָס ער פאַרמאָגט אין זיך אַ גוט מזל. זי האָט אַ שעהנעם היכל און אַ גוטע אכסניא. פאַרמאָגט דער מענש אַ שלעכט האַרץ און איז אַ „בעל גאווה“, מעג ער זיין אַ גרויסער בעל־תורה, האָט די תורה וואָס ער האָט אין זיך אַ שלעכט מזל, ווי דער פסוק זאָגט: „גבה עינים ורחב לבב אותו לא אוכל“. (ר׳ ישראל מאַדזשיצער).

---

ר׳ עזריאל הורוויץ האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי מלובלין: דערקלערט מיר די סיבה, פאַרוואָס פאָהרען צו אייך אַזוי פיל אידען. וואָלט ניט פּראַקטישער געווען, ווען די אידען פאָהרען צו מיר? וואָס שייך פלפולים, חידושי תורה, קען איך אוודאי זאָגען בעסער און שענער פאַר אייך?

— איהר זייט כמעט גערעכט! — האָט איהם דער רבי מלובלין תמימות׳דיג אפּגעענטפערט — מיר אַליין איז דאָס אויך קשה. לויט ווי איך ווייס, ווער איך בין און וואָס איך בין, איז מיר באמת אַ פלא, ווי קומט דאָס וואָס אַזוי פיל אידען פאָהרען צו מיר און ניט צו אייך? ס׳קען אָבער זיין, אַז די אידען קומען צו מיר מחמת איך ווייס ווער איך בין און זיי קומען ניט צו אייך, ווייל איהר ווייסט ניט ווער איהר זענט!...

---

כידוע, זיינען די באַציאונגען פון ר׳ מענדעלע קאָצקער צו זיינע חסידים געווען שטרענג, זיין התנהגות איז ביז היינט, אפילו צווישען חסידים פאַרבליבען אַ רעטעניש. האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז

קיין קאָצק איז געקומען אַ רב און ר׳ מענדעלע האָט איהם אויפגע־נומען העכסט גאַסטפריינדליך, געשמועסט מיט איהם, איינגעלאַדען ער זאָל מיט איהם צוזאַמען עסען ביים טיש.

איז דאָס געווען אַ פּלא גדול צווישען חסידים. אַזאַ נאָנטע התקרבות פון זייער רבי׳ן צו אַ חסיד, האָט ער אפילו געמעגט זיין אַ רב, אַ גדול־בתורה האָבען זיי ניט געזעהן, בפרט נאָך ווען דער רב האָט גאָרניט גע׳שמ׳ט פאַר אַזאַ חשוב׳ן קאָצקער חסיד. האָט איינער פון די גאָר נאָנטע מקורבים געפרעגט דעם רבי׳ן וועגען דעם גרויסען כיבוד, וואָס ער האָט צוגעטיילט דעם ווייניג באַקאַנטען רב.

— וואָס פאַרשטעהסטו נישט? — האָט איהם דער קאָצקער אָפּגעענטפערט — דער רב איז רחמנא לצלן אַ גרויסער שוטה. ער האַלט פון זיך אַ סך, ער רעכענט, אַז דאָס וואָס ער פאַהרט צו מיר, איז פאַר מיר אַ כבוד, האָב איך דעם שוטה נאָכגעגעבען זיין שטות, האָב איהם אויפגענומען מיט אַזאַ גאַסטפריינדליכקייט, ווייל וויסען זאָלסטו, אַז אַ נאַר נאָכצוגעבען זיין שטות, איז אויך אַ גמילות־חסד!...

## ולא יבואו לראות כבלע את הקודש ומתו (ד. כ.)

פאַראַן חסידים וואָס קומען צום רבי׳ן בלויז זעהן זיין התנהגות. האָט איינמאָל געטראָפען, אַ חסיד האָט געזעהן דעם רבי׳ן זיינעם טרינ־קען קאַווע אין טלית און תפילין. איז ביי איהם באַשלאָסען געוואָ־רען, אַז מסתמא איז אינ׳ם רבינ׳ס התנהגות פאַראַן גרויסע כוונות און ער האָט אָנגעהויבען טרינקען קאַווע אין טלית ותפילין. וואָרענט דער־פאַר די תורה „ולא־יבואו לראות" — זאָלסט ניט קומען בלויז זעהן און איבערנעהמען די מעשים, ווי דו האָסט זיי געזעהן. „כבלע את הקודש„, קענסט גראָד טרעפען דעם רבי׳ן בימי קטנותו, און זיין כאחד האָדמ׳דיגע אויפפיהרונגען און דו וועסט מיינען, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ כוונות עס שטעקען אין דעם, און דו וועסט איבער־נעמען די התנהגות, און גלויבען אַז דאָס איז קדושה, ומתו — נאָכ־פאָלגען דעם רבי׳ן, פון בלויז זעהן וועסטו צו אַן אמת הויכער מדרגה קיינמאָל ניט דערגרייכען. (דגל מחנה אפרים).

אַ חסידישער יונגערמאַן, וועלכער האָט כסדר נאָכגעפאָלגט די הדרכה פון ר׳ נפתלי ראָפּשיצער, האָט באַמערקט, אַז תמיד ווען דער רבי איז אַרויסגעגאַנגען פון מרחץ, האָט ער זיך אָפּגעשניטען די נעגל. היות דער יונגערמאַן האָט געזעהן ערגעץ אין אַ ספר, אַז מען דאַרף אָפּשניידען די נעגל פאַר׳ן געהן אין מרחץ, איז איהם, דאָס התנהגות פון רבי׳ן געווען אַ פּלא, ער האָט אָבער געטראַכט, אַז

מסתמא מוז דער רבי האָבן אַ באַזונדערע כוונה און ער האָט געבעטען דעם ראַפשיצער, ער זאָל איהם די כוונה דערקלערען.

— אַז דו וועסט פאַסטען דריי טעג, וועל איך דיר די כוונה מגלה זיין! — האָט איהם דער ראַפשיצער מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט.

אַ בלייכער, אָפּגעצערטער און ציטערדיגער איז דער יונגערמאַן דריי טאָג שפּעטער געקומען צום ראַפשיצער און דערצעהלט איהם אַז ער האָט אויסגעפאָלגט דעם רבינ'ס באַפעל און איצט איז ער גרייט אויפצונעהמען דעם סוד פון דער כוונה.

— דער סוד פון דער כוונה איז גאָר אַ פּשוט'ע, ווייל אַרויס־גייענדיג פונ'ם מרחץ זיינען די נעגל ווייכער און זיי שניידען זיך גרינגער און בעסער...

---

אַלס יונגערמאַן איז דער אַלכסנדרער רבי געפאָהרען צום רבי'ן ר' בונם. האָבען חסידים איינמאָל אָנגעוויזען דעם שפּעטערדיגען אַלכסנדרער רבי'ן אויף אַ יונגענמאַן, וואָס האָט זיך איינגעשמועסט, אַז ער האָט „גילוי־אליהו" און גרייט זיך דערפאַר צו ווערען אַ „רבי". האָט דער אַלכסנדרער רבי גענומען אַ קוויטעל, אויפגעשריבען מיט משונה'דיגע גרויסע גע'כתיבה'טע אותיות, די התנהגות פון אַן איש קדוש וטהור, אונטערגעצייכענט „מלאך פּילד" און דאָס אונטערגע־וואָרפען דעם יונגענמאַן.

אַז דער יונגערמאַן האָט דערזעהן דאָס קוויטעל מיט'ן משונה'־דיגען כתב, איז ער זיכער געוועזען אַז דאָס האָט מען איהם פון הימעל ארונטערגעוואָרפען, ווי אַזוי ער זאָל זיך נוהג זיין אין לעבען. אַ דער־שראָקענער האָט ער געכאַפּט דאָס קוויטעל און מיט גרויס אימה ויראה אַריינגעלאָפען צום רבי'ן ר' בונם.

דער רבי ר' בונם האָט אויפ'ן ערשטען בליק פאַרשטאַנען וועמעס אַרבייט דאָס איז, האָט ער זיך צעשמייכעלט. איז דער יונגערמאַן שטעהענדיג אַ פאַרציטערטער איבערראַשט געוואָרען פונ'ם רבינ'ס גלייכגילטיגקייט צום הימלישען קוויטעל און האָט איהם געפרעגט:

— דער רבי ווייסט, ווער דער „מלאך פילד" איז. אויב יאָ, פאַר וואָס לאַכט דער רבי?

— טאַקע דערפאַר לאַך איך! — האָט איהם דער רבי ר' בונם אָפּגעענטפערט — ווייל איך קען גוט דעם מלאך. קום צו נעענטער, וועל איך דיר אויפקלערען די ראשי תיבות פונ'ם הימלישען מלאך.

אַ פאַרציטערטער האָט דער יונגערמאַן דערנעענטערט זיך צום רבי'ן און דער רבי ר' בונם האָט איהם איבערגעלייענט די ראשי־תיבות פון „מלאך פילד" — פּתי יאמין לכל דבר...

# נשא

## וישלחו מן המחנה כל־צרוע (ה. ב.)

כידוע, קומט צרעת צוליב לשון־הרע און גאוה. דאַרף מען דער־פאַר די אַלע וואָס זיינען געשלאָגען מיט צרעת צוליב די צוויי עבירות אַרויסשיקען פון מחנה ישראל. וכל טמא לנפש — ווייל זיי זיינען פאַר אַלעמען שעדליך. (ר' יחיאל מאיר זלאָטשעווער).

---

„וכרת ה' כל שפתי חלקות" — די גלאַטע צינגעלעך וואָס רעדען לשון־הרע און רכילות זיינען גורם פירוד צווישען די ערשטע און לעצטע אותיות פונ'ם שם הוי"ה. (בעש"ט).

---

„ואנכי תולעת ולא איש" — פאַראַן מענשען, וואָס ווען זיי עסען פירות און האָבען נאָר אַ חשש, אַז אין דער פרי איז דאָ אַ ווערימל, וואַרפען זיי אַוועק די פרוכט, כדי ניט נכשל צו ווערען באיסור אכילת תולעים. די זעלבע מענשען ווען זיי ווערען אין כעס אויף אַ מענש, רודפ'ן זיי איהם בכל מיני רדיפות זיינען מוכן לעבעדיגער־הייט איהם איינצושלינגען.

האָט דאָס דוד המלך געבעטען ביים רבונו של עולם, „ואנכי תולעת ולא איש" — די מענשען וואָס זיינען נזהר ניט איינצושלינגען קיין ווערים, זאָלען זיי מיך ניט האַלטען פאַר קיין מענש, נאָר פאַר אַ וואָרעם, מחמת דעם וועל איך ניצול ווערען פון זייערע מיילער ניט איינגעשלונגען צו ווערען. (רבי ר' ברוך).

---

„איזהו חכם? הלומד מכל האָדם!" — ניט בלויז תורה דאַרף מען לערנען פון יעדען מענשען, נאָר אויך הנהגה און מדות טובות. (ר' מרדכי טשערנאָבעלער).

---

דעם פסוק אין תהלים „אם אסק שמים שם אתה, ואציע שאול הנך", האָט ר' משה קאָברינער געטייטשט: אויב אַ מענש מיינט, אַז ער האָט דערגרייכט דעם הימעל, ער איז ביי זיך גרויס, זאָל ער וויסען און געדענקען „שם אתה", אַז דו גאָט ביזט דאָרטען ווייטער און

העכער פון איהם און דער מענש האָט דיך אפילו גאָר ניט אָנגעהויבען משיג צו זיין.

„ואציע שאול" — דער מענש אָבער וואָס האַלט זיך שפּל'דיגער און נידעריגער פון „שאול", זיין הארץ ווייסט ניט פון קיין גאות „הנך" דעמאָלט איז גאָט דאָ מיט איהם, השי"ת איז נאָענט צו איהם.

---

דאָס וואָס די חז"ל זאָגען „מאני מכבדותא", אַז מלבושים גיבען כבוד, האָבען זיי געמיינט די מחשבה, דעם דבור, דעם לשון און די מעשים. דאָס זיינען די מלבושי כבוד פונ'ם מענשען. (ר' צדוק הכהן).

---

דער רבי ר' אלימלך גייענדיג איינמאָל אין גאַס אין ליזענסק, האָט געטראָפען אַ פרעמדען איד. האָט ער איהם אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— פון וואַנען איז אַ איד?

— פון אונגאַרן.

— וואָס טוט אַן אונגאַרישער איד אין ליזענסק?

— כ'בין געקומען צום רבי'ן ר' אלימלך.

— אַזוי, אויך אין אונגאַרן הערט מען פון דעם רמאי ושקרן?

— פושע־ישראל, חוצפה'ניק! — האָט דער איד צאָרענדיג אויסגעשריען צום רבי'ן ר' אלימלך — אָט אַזוי רעדט מען וועגען אַזאַ צדיק הדור!

מיט עטליכע שטונדען שפּעטער, ווען דער איד איז געקומען צום רבי'ן ר' אלימלך און האָט איהם דערזעהן, איז ער אַ פּאַרציטערטער געבליבען און האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדען.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקען? — האָט איהם דער רבי ר' אלימלך מיט אַ שמייכעל צוגערופען — איך האָב דיר געזאָגט דעם אמת און דו האָסט מיר געזאָגט דעם אמת...

---

## וכל תרומה, לכל קדשי בני ישראל (ה. ט.)

יעדער איד וואָס איז אָפּגעשיידט מיט זיין לשון, היט זיך ניט צו רעדען קיין ניבול־פה, רכילות, לשון־הרע און שקר, איז אין כלל קדשי בני ישראל. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

## איש אשר יתן לכהן לו יהיה (ה. י.)

דער איד וואָס וועט באמת ובאמונה איבערגעבען זיך צו עבודת השם, לו יהיה — וועט ער געבענשט זיין מיט אַלדאָסגוטס. (ר' זאב צבי זבאַרישער).

## מים המאררים (ה. כד.)

פון די „מים המאררים״ האָבען חסידים גענומען דעם מנהג צו טרינקען משקה פאַר אַ חולה'ס געזונט אפילו שלא בפניו — ווען דער חולה איז ניטאָ דערביי.

ביי אַ סוטה, זאָגען די חז״ל, אַז די „מים המאררים״ ווירקען אפילו שלא בפניו, ווען דער מאַן איז ניטאָ דערביי. אויך זאָגען די חז״ל אַז אַ מדה טובה פון כביכול איז גרעסער פון אַ מדת פורעניות, וויל מה־דאַך משקה העלפט ביי אַ סוטה, וועלכע איז אַ מדת פרעניות, שלא בפניו, מכל שכן אַז משקה דאַרף העלפען ביי אַ מדה טובה, ביי בקור חולים אויך שלא בפניו, אַז דער חולה זאָל האָבען אַ רפואה שלמה. (בערדיטשיווער).

---

## איש או־אשה כי יפלא (ה. כד.)

אַ מענש זאָל אינגאַנצען אָפּשיידען זיך מעסקי העולם הזה און ווערען אַ נזיר און ניט וועלען נהנה זיין פון דער וועלט, אַזאַ מענש, כי יפלא, איז אַ פלא. (קאָזשעניצער מגיד).

---

דער „אוהב ישראל״ האָט ניט געקענט סובל זיין די, וואָס האָבען געפּראַוועט סיגופים און תעניתים. איינמאָל איז ער אָנגעקומען אין אַ שטעטעל פונקט אינ'ם טאָג ווען די קהלה האָט גוזר תענית געווען ווייל עס איז אַ לאַנגע צייט נישט געגאַנגען קיין רעגען. אַריינקומענדיג אין זיין אַכסניא, האָט דער „אוהב ישראל״ געהייסען דערלאַנגען זיך עסען. אַז די „פני־העיר״ האָבען זיך דערוואוסט, האָבען זיי געהאַט טענות צו איהם.

היתכן, די קהלה האָט גוזר תענית געווען ווייל מיר דאַרפען רעגען, דער צבור האָט דעם תענית אָנגענומען, קומט איהר און זעצט זיך עפענטליך אַוועק עסען?

— לאָמיר נאָר פאַרשטעהן — האָט זיי דער „אוהב ישראל״ בנעימות'דיג אָפּגעענטפערט — צוליב וואָס דאַרפט איר דעם רעגען? כדי די תבואה אויף די פעלדער זאָלען וואַקסען, עס זאָל זיין אַ גע־רעטעניש, עס זאָל זיין פרנסה, עס זאָל זיין גענוג צום עסען, טאָ וואָס זשע טוט איהר? — איהר זעצט זיך אַוועק גאָר פּראַווען תעניתים און סיגופים און וויזט דעם רבונו של עולם, אַז מען קען אויסקומען אָהן פרנסה, אָהן עסען און טרינקען, אויב אַזוי, צו וואָס דאַרפט איהר רעגען?

אדרבא, זייט מתפלל צום רבש״ע, נאָכ'ן דאַווענען, מאַכט אַ סעודה — עסט און טרינקט, זאָל השי״ת זעהן אַז אידען דאַרפען עסען, אַז

זייער הצטרכות איז גרויס, אַז זיי דאַרפֿען פּרנסה, און השי״ת, דער אָב הרחמן וועט אייך געוויס ניט זשאַלעווען און וועט אייך געבען ניט בלויז רעגען נאָר אויך מזל און ברכה...

## ומן העפר אשר יהיה בקרקע המשכן יקח הכהן (ה. יז.)

פון דעם פסוק איז אַ רמז אַז אפילו פון קלענסטען שבקלענסטען וואָס איז ווי די ערד נידעריג, זאָל דער גרעסטער, אפילו דער וואָס איז במדרגת המשכן „יקח״ (ואין לקיחה אלא תורה, כי לקח טוב נתתי לכם) זאָל ער פון איהם לערנען. (בעש״ט).

## כה תברכו את בני ישראל (ו. כג.)

כידוע זיינען אהרנ׳ס מדות געווען „אוהב שלום ורודף שלום״, האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן, דבר אל אהרן, רעד צו אהרנ׳ען: „כה״ — אַז מיט זיינע מדות „תברכו״, זאָל ער בענשען די אידען, אַז צווישען זיי זאָל הערשען שלום, אהבה און אחדות. (רבי מלובלין).

„היוצר יחד לבם״ — ווען השי״ת זעהט די אידען צוזאַמען אין אחדות, פאַראייניגט מיט איין האַרץ, „ומבין אל כל מעשיהם״, איז ער ניט מדקדק פּינקטליך אויף זייערע מעשים, אפילו ווען זיי זיינען שלעכטע. (ר׳ ישראל מאַדזשיצער).

„כה תברכו את בני ישראל״ — גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן, ער זאָל זאָגען צו אהרנ׳ען, אמור להם, ער זאָל די אידען אַזוי זאָגען: — איהר זאָלט חלילה ניט מיינען ווייל דורך מיין מויל קומט די ברכה, האָב איך דעם כח צו בענשען, נאָר איך וויל, איהר זאָלט וויסען, אַז איך בין נאָר דער שליח פון רבש״ע. „יברכך ה׳״, אַז גאָט וועט אייך בענשען, „וישמרך״, וועט איהר זיין אָפּגעהיט. „ושמו את שמי״, אַז אהרן מיט זיינע קינדער וועלען אַזוי רעדען אין מיין נאָמען „על בני ישראל״, אַזוי זאָגען צו די אידען, אַז ניט זיי די כהנים, נאָר איך בין דער בענשער, „ואני אברכם״, וועל איך ביידע, די אידען מיט די כהנים בענשען. (ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער).

אַ חסיד האָט אַמאָל געבעטען דעם טריסקער מגיד, ער זאָל איהם בענשען.

— וועסט געבען אַ פּדיון, וועל איך דיך בענשען.

— און אָהן אַ פּדיון בין איך ניט ראוי לברכה?

— אָהן אַ פּדיון זאָל דיך גאָט בענשען!

— מיינט דאָס, אַז דער וואָס באַצאָלט, בענשט דער רבי, און אָהן געלט הייסט דער רבי גאָט זאָל איהם בענשען?

— אַזוי שטעהט בפירוש אין דער תורה: „כה" תברכו את בני ישראל, אויב אַ איד וויל זאָלסט איהם „אַזוי" בענשען, אָהן געלד, „אמור להם", זאָג איהם „יברכך ה'" — גאָט זאָל דיך בענשען...

---

ברכת כהנים איז געזאָגט געוואָרען בלשון יחיד. ווייל די גרעסטע ברכה, אין וועלכער די אידען נויטיגען זיך, איז פאַראייניגונג און אחדות — „ויחן ישראל". (רמ"ל לענטשנער).

---

די ראשי־תיבות פון „את בני ישראל" באַטרעפען 13, כמנין „אחד". צוליב דעם וואָס די אידען זאָגען יעדען פריהמאָרגען „אחד" זיינען זיי אַזוי אַרום מקבל אחדות הבורא „כה תברכו", זאָלסטו דערפאַר זיי בענשען מיט יברכך ד'. (ר' שמואל שמריה אָסטראָוו־צער).

---

תקנות ר' יוחנן בן זכאי, שאין הכהנים רשאים לעלות לדוכן בסנדליהן — נעמט זיך פון אַ רמז מן התורה.

בשעת הקב"ה האָט זיך באַוויזען צו משה רבינו ביים סנה און משה האָט געוואָלט זיך דערנעענטערען צו זעהן „את המראה הגדול", האָט הקב"ה געזאָגט צו משה'ן, אל תקרב הלם, של נעליך מעל רגליך — „הלם" בגימטריא „כהן". איז פון דאַנען אַ רמז, אַז ווען כהנים זיינען עולה לדוכן, זאָלען זיי אויסטאָן די שיך. (רבי ר' העשל).

---

„כה" אויב אידען האָבען ניט קיין אַנדערען זכות ווי נאָר דאָס וואָס זיי זאָגען יעדען טאָג די פינף און צוואַנציג אותיות וואָס זיינען דאָ אין „שמע ישראל", תברכו את בני ישראל — איז כדאי השי"ת זאָל זיי בענשען. (רמ"ל סאסעווער).

---

פאַרוואָס האָט דער רבש"ע געהייסען די כהנים בענשען די אידען. אויב ער וויל, קען ער דאָך זיי אַליין בענשען?

— השי"ת וואָס איז אַ צופה כל הנסתרות, זעהט דאָך ווען דער מענש וועט געבענשט זיין מיט כל טוב, וועט נתעשר ווערען, וועט ער אַרונטערגעהן פון דרך הישר, וועט פאַרלאָזען דעם אידישען וועג און וועט איהם דעריבער ניט וועלען בענשען מיט קיין עשירות, אָבער דער כהן, ער זעהט ניט און ווייסט ניט דעם עתיד פון מענשען, פאַר איהם איז ניטאָ קיין עיכוב פאַר־וואָס ער זאָל ניט בענשען דעם מענשען. האָט דעריבער השי"ת געהייסען דעם כהן ער זאָל בענשען און אַז דער כהן וועט בענשען „ואני אברכם" — כאָטש דער רבש"ע

וועט זעהן, אַז פון די ברכה וועט דעם מענשען נישט אַרויסקומען קיין טובה, ער וועט אַרונטערגעהן פון אידישען דרך, וועט איהם פונ־דעסטוועגען גאָט בענשען. (ר׳ אָשר קאַרלינער).

---

אַ חסיד, אַן עושר, אַ גרויסער קמצן, איז איינמאָל געקומען צו ר׳ יחזקאלע קוזמירער. האָט איהם ר׳ יחזקאלע באַטראַכט און גע־זאָגט צו איהם:

— ווי להאי שופרא דבלי בארעא.

— וואָס מיינט דער רבי? — האָט דער חסיד אַ דערשראָקענער איבערגעפרעגט דעם קוזמירער.

— גאָר פשוט, דו ביזט אַ שיינער איד, אַ וואוילער חסיד, ווערה אָבער צו דיר וואָס דו ביזט אַזוי טיף געזונקען אין עפרות זהב — אינ׳ם שטויב פון גאָלד.

---

## יברכך ה׳ — בממון, וישמרך — מן המזיקין (רש״י).

דעם מענש וואָס דער רבש״ע בענשט מיט געלד, מיט עשירות, זאָל איהם דאָס עשירות ניט פאַרפיהרען, דאָס געלד זאָל איהם ניט מזיק זיין. (ר׳ יחזקאלע שינעווער).

---

ושמי את שמי — אַזוי ווי די פרוי, פון אַן איש חשוב ומפורסם, רופט מען אויף דעם מאַנ׳ס נאָמען, אַזוי וועט מען די אידען רופען אויף מיין נאָמען — גאָט׳ס פאָלק. (קאָזשעניצער מגיד).

---

## ויהי המקריב ביום הראשון את קרבנו נחשון בן עמינדב (ז. יב.)

כידוע, כל מקום שנאמר ויהי, איז דאָס אַ לשון צרה. וואָס פאַר אַ צרה איז דאָ געווען? אַדרבה, מקריב צו זיין דעם ערשטען קרבן, האָט באַדאַרפט ביי נחשון בן עמינדב זיין אַ גרויסע שמחה.

— ווען משה האָט אָנגעזאָגט נחשון בן עמינדב, אַז השי״ת האָט איהם אויסדערוועהלט מקריב צו זיין דעם ערשטען קרבן, האָט נחשון פון דעם געהאַט גרויס צער און עגמת־נפש. היתכן — האָט ער גע־פרעגט — ווער און וואָס בין איך דאָס, זוכה צו זיין צו אַזאַ חשיבות און גדלות, מקריב צו זיין דעם ערשטען קרבן? איז שוין ריכטיג דער ויהי. נחשון האָט געהאַט גרויס צער, צוליב זיין ענויות איז ביים רבש״ע פאַררעכענט געוואָרען נחשונ׳ס קרבן גלייך ווי ער אַליין וואָלט ממש זיך מקריב געווען. דערפאַר זאָגט אונז דער פסוק „את קרבנו״ דער קרבן איז געווען נחשון בן עמינדב גופא. (ר׳ פנחס קאָריצער).

אַ חסיד האָט פּרשת נשא געפרעגט דעם חידושי הרי״ם וועגן די קרבנות פון די נשיאים. פאַרוואָס ברענגט רש״י אַ טעם אויף דאָס מקריב זיין דעם קרבן פון צווייטען נשיא, די צאָל פון די צוויי ווער־טער „קערת כסף״ באַטרעפט 930 אַנטקעגען די יאָהרען וואָס אדם הראשון האָט געלעבט און רש״י ברענגט ניט קיין שום טעם אויף די קרבנות פון ערשטען נשיא?

— אַ דבר גדול לערענט אונז רש״י — האָט אים דער חידושי הרי״ם אָפּגעענטפערט — מעגסט אַוודאי זיכער זיין, אַז דער נשיא הראשון האָט געהאַט זיין אייגענעם טעם בעת׳ן מקריב זיין די קרבנות זיינע. היות דער צווייטער נשיא האָט מקריב געווען דיזעלבע קרבנות ווי דער נשיא הראשון, דערקלערט אונז רש״י, אַז די כוונה פון צוויי־טען נשיא איז לחלוטין ניט געווען צו אימיטירען, נאָכצוטאָן דעם ערשטען נשיא, נאָר דער צווייטער נשיא האָט בעת מקריב זיין די קרבנות געהאַט זיין באַזונדערען טעם און אייגענע כוונה.

און אזוי איז דאָס געווען ביי אַלע נשיאים. יעדער נשיא, האָט געהאַט זיין טעם און זיין כוונה, האָט ניט סתם אַזוי נאָכגעטאָן זיין חבר. און אָט דאָס איז פאַר אונז אַ לימוד לדורות, מיר זאָלען ניט פּראַקטיצירען קיין אימיטאַציע, נאָכצומאַכען און קאָפּירען דעם צוויי־טען. אין אונזער יעדער טאַט, יעדער האַנדלונג, דאַרפען מיר זיין אייגענאַרטיג, האָבען אַ באַזונדערען טעם און ספּעציפיש אייגענע כוונה.

---

## כף אחת (ז. יד.)

„כף״ איז אַ לשון כפיפה — איינגעבויגען. עשרה איז צען, ווי דער מספר „י״. איין בויג פון אַ איד, איז פאַר׳ן רבש״ע מעהר חשוב ווי גאָלד און קטורת. (ר׳ ברוך מעזשבוזשער).

---

## לנפתלי אחירע בן עינן (ז. עט.)

פאַר וואָס איז גראָד נפתלי אויסגעקומען צו זיין דער לעצטער פון אַלע נשיאים?

— זיין נאָמען זאָגט פאַר וואָס. נפתלי איז געווען אַ גוטהאַרציגער, אַ גרויסער עניו, יעדער נשיא וואָס האָט געוואָלט זיין קרבן מקריב זיין פאַר איהם, האָט ער איהם געלאָזט. ער האָט תמיד געלאָזט זיינס פאַראיבערגעהן. דערפאַר איז איהם אויסגעקומען צו זיין דער לעצטער פון די נשיאים און מען האָט איהם גערופען „עינן״, ווייל ער האָט געהאַט אַן עין טובה. (ר׳ העניך מאַלכסנדר).

---

# בהעלותך

## אל מול פני המנורה (ח. ב.)

„פני המנורה" — מאַכען די ראשי תיבות „פה". איז דאָס דער פירוש אל מול פני המנורה, מול פה — זיי מל דיין מויל, פאַרשנייד דיין מויל פון צו רעדען לשון הרע און רכילות, יאירו שבעת הנרות, וועלען דיר לייכטען די זיבען מזלות, פון די זיבען טעג פון דער וואָך. (ר' שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

## ויעש כן אהרן (א. ג.)

להגיד שבחו של אהרן שלא שינה. (ספרי).

וואָס איז דאָס אַזוי דער חידוש „שלא שינה", ווען אַ פּראָסטער איד וואָלט געהערט אַ געבאָט פון גאָט, וואָלט ער געוואָגט משנה צו זיין, בפרט אהרן וואָס איז געווען אַ בחיר ד'?

— דער ספרי דערצעהלט אהרנ'ס לויב „שלא שינה", אַז ער אַליין, אהרן האָט זיך מיט גאָר ניט געענדערט, אהרן איז גאָר ניט נתפעל געוואָרען, האָט זיך ניט געהאַלטען גרויס, האָט ניט געבלאָזען פון זיך וואָס ער איז עולה לגדולה געוואָרען, ער איז פאַרבליבען דער־זעלבער שפל־רוח און עניו ווי פריער. (רבי ר' בונם).

---

להגיד שבחו של אהרן שלא שינה — וואָס פאַר אַ רבותא איז דאָס. ווי שייך גאָר צו טראַכטען, אַז אהרן זאָל משנה זיין דעם ציווי ד'?

— היות ביים טאָן אַ מצוה פאַלט מען אַריין אין גרויס התפעלות, בפרט נאָך ווען גאָט האָט געזאָגט משה'ן ער זאָל זאָגען אהרנ'ען, ער זאָל אָנצינדען די ליכט, האָט דאָך פון גרויס ליבשאַפט און השתוקקות צו טאָן די מצווה אהרן געקענט איבערדרעהען די מנורה און אויסגיסען דעם בוימעל, זאָגט אונז דער ספרי „שבחו של אהרן שלא שינה" — אהרן האָט קאָנטראָלירט ביים אָנצינדען די מנורה זיין התלהבות און ליבשאַפטט צו דער מצוה. ער האָט די מנורה פון גרויס התלהבות ניט אומגעוואָרפען און דעם בוימעל ניט אויסגעגאָסען.

„ויעש כן אהרן, מלמד שלא שינה״ — די מצוה איז ביי אים נים אלט געווארען. (שינה — ישן), יעדען טאג איז די מצוה ביי אים געווען א נייע. (יוד הקדוש).

---

„מלמד שלא שינה״ — די גאנצע עבודת־הקודש איז ביי אהרנ'ען מבחוץ גאר נים געווען קענטיג. זיין גאנצע התלהבות און דביקות איז געווען מבפנים, באהאלטען טיף אין הארץ, ווייל אזוי דארף מען דינען השי״ת. (ר' ברוך קאסאווער).

---

אזוי איז שוין די טבע פון א מענשען, שטייגט ער ארויף צו א העכערער מדרגה אין לעבען, באקומט ער התפעלות, ווערט ער ביי זיך גרויס. אנדערש איז אבער געווען אהרן. כאטש ער איז אזוי נתעלה געווארען, באשטימט פארן „כהן גדול״, האט ער פונ־דעסטוועגען געהאלטען זיך גלייך ווי די מנורה. פונקט ווי די מנורה האט נים געפילט קיין חילוק וואו זי שטעהט, העכער אדער נידעריגער, אזוי איז אהרן נים נתפעל געווארען פון זיין גרייכען צו א העכערער מדרגה — ״שלא שינה״, ער האט זיך נוהג געווען פונקט ווי פריער, און נישט אנדערש. (ר' מאיר'ל פרעמישלאנער).

---

יעדער איד דארף גלויבען, כאטש ער איז נים קיין גרויסער בעל מדרגה, אז מיט זיין תורה און תפילה בויט ער גאנצע וועל־טען, ווען ער וועט באמת אזוי גלויבען, וועט ער דעמאלט ערשט קע־נען פארשטעהן ווי ווייט ער איז פון אזא הויכער מדרגה און וועט דערפיהלען זיין שפלות און נידעריגקייט און אז ער וועט וויסען ביי זיך, אז ער איז גאר נישט, ערשט דאן וועט ער גרייכען צו א הויכער מדרגה. (ר' ישראל ריזשינער).

---

ר' ברוך מעזשבוזשער, צוזעהענדיג אמאל דאס התלהבות'דיגע דאווענען פונ'ם בערדיטשיוער, האט ער געזאגט צו איהם: „ווען אהרן הכהן וואלט ביים אנצינדען די מנורה געמאכט אזעלכע תנועות ווי איהר מאכט ביים דאווענען, וואלט ער דעם בוימאייל אויסגעגאסען און די מנורה צעבראכען.

---

## ואתנה את הלוים (ח. יט.)

„חמש פעמים נאמר „בני ישראל״ במקרא זה להודיע חבתן, שנכפלו אזכרותיהן במקרא אחד כמנין חמשה חומשי תורה. (רש״י).

ווי קומט דאָס וואָס דווקא אין דעם פסוק זאָל דערמאָנט ווערן פינף מאָל „בני ישראל״?

— היות השי״ת האָט די לויים אויסגעקליבען לעבוד את עבודת השם, וואָלטען דאָך די אידען געקענט האָבען „חולשת הדעת״, פאַר וואָס קומט די לויים דער זכות צו זיין די אויסדערוועהלטע, דערמאָנט דערפאַר די תורה פינף מאָל בני ישראל, צו ווייזען די אידען די ליבשאַפט פון השי״ת צו די בני ישראל פונקט ווי די חמשה חומשי תורה, כאָטש יעדעס ספר איז אַ ספר בפני עצמו, פונדעסטוועגען זיינען אַלע פינף ספרים איין תורה. אַזוי איז מיט די אידען, כאָטש די בני ישראל זיינען איינגעטיילט אין כהנים, לוויים, ישראלים, בילדען זיי דאָך צוזאַמען איין פאָלק. (חידושי הרי״ם).

---

## מבן חמש ועשרים שנה ומעלה (ח. כד.)

פון דאַנען איז אַ ראיה צו דער משנה אין אָבות, „בן חמש שנים למקרא, בן עשר שנים למשנה״. אַז דער טערמין פון לערנען איין געגענשטאַנד ביז דעם צווייטען דאַרף נעמען פינף יאָהר.

ביי די לויים זאָגט די תורה „מבן חמש ועשרים שנה״, אויף אַ צווייט אָרט ווערט געזאָגט „מבן שלשים שנה״, לערנען פון דעם די חז״ל „מכאן לתלמיד שלא ראה סימן יפה במשנתו בחמש שנים ששוב אינו רואה״, ווייל דער העכסטער טערמין צו לערנען איין געגענ־שטאַנד און קענען איז פינף יאָהר, ניט מעהר. (רבי ר׳ בונם).

---

## ויאמר אליהם משה עמדו ואשמעה מה יצוה ה׳ לכם (ט. ח.)

היתכן, ווי קומט צום ענו מכל האָדם אַזאַ לשון פון „עמדו ואשמעה״, וואָס דאָס איז שוין גאָר נישט קיין לשון ענוה?

— אדרבה, פון דעם לערנען מיר די גרויסע עניוות פון משה רבנו. משה האָט געזאָגט צו די אידען: „עמדו״ — צוליב אייער כח און זכות, וואָס איהר וועט דאָ שטעהן מיט מיר, „ואשמעה״, וועל איך קענען הערען „מה יצוה ה׳״, אָבער אַז איהר וועט אַוועקגעהן פון מיר, איהר וועט מיך איבערלאָזען אַליין, האָב איך נישט קיין כח און קיין זכות צו הערען „מה יצוה ה׳ לכם״ (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

## ובהקהל את הקהל תתקעו ולא תריעו (י. ז.)

ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער האָט איינמאָל געלערענט ר׳ שלמה מונקאַטשער, ווי אַזוי אַ מנהיג ישראל דאַרף זיך נוהג זיין.

— זעהסט דאָס זייגערל — האָט ער איהם אָנגעוויזען אויף זיין זייגערל — מען צענעמט דאָס, מען פוצט דאָס אויס און מען שטעלט דאָס צוריק. דאָס איז די כוונה פון „תקיעה״, פשטות, איינפאַכקייט, גלייכקייט. „שברים, תרועה״ מיינט צעבראָכענקייט און קרומקייט. נאָך דעם ווידער „תקיעה״, פשוטו כמשמעו, אָהן גדלות און אָהן דריידלאַך.

אָט דאָס איז דער פשט פון „ובהקהל את הקהל״, אַז מען איז אַ מנהיג איבער קהל, תתקעו — דאַרף מען זיך נוהג זיין איינפאַך, פשוט, אָהן גדלות, דערנעענטערט דאָס קהל צום מנהיג און ברענגט אַריין אחדות און אהבה. ולא תריעו — זאָלסט אָבער ניט קרימען, דיינע וועגען מיט גאווה און טראַציגקייט, וואָס וועט גורם זיין, אַז קהל זאָל זיך פון דיר דערווייטערען און אַזוי אַרום ווערסטו אַריינברענגען צעבראָכענקייט און רעזיגנאַציע.

---

כדי עס זאָל ביים פאָלק הערשען אחדות, איז קודם־כל נויטיג, אַז די מנהיגים זאָלען אויפהערען זיך אַרומקריגען, אַז צווישען זיי זאָל הערשען פאַראייניגונג און האַרמאָניע. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

ובהקהל את הקהל, אַז מען איז אַ מנהיג ביי אידען תתקעו, דאַרף מען ביי זיך זיין גלייך, ולא תריעו, ניט צעבראָכען. (ר׳ מאיר׳ל פרעמשלאַנער).

---

„ובהקהל את הקהל״ — ווען אידען ווילען זיך פאַרזאַמלען אין אחדות מיט איין דעה און מיט איין שטרעבונג „תתקעו״, ווילען זיי זיין תוקעים, באַפעסטיגט, שטאַרק, צעמענטירט, ולא תריעו (לשון שבירה) און קיינער וועט זיי ניט קענען צעברעכען. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

## מחנה בני־דן מאסף לכל המחנות (י. כה.)

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם בערדיטשיווער, פאַר וואָס ער דאַווענט ניט תפלה בזמנה, נאָר איז זיך סומך אויף „קריאת שמע קטנה״ פאַר קרבנות און דאַווענט שפּעט.

— דער צדיק איז אין דער בחינה פון מחנה דן מאסף לכל המחנות — האָט דער בערדיטשיווער געענטפערט — פונקט ווי מחנה דן האָט צונויף־געזאַמלט אַלע מחנות, אַזוי וואַרט דער צדיק, ביז אַלע אידען פאַרענדיגען זייער דאַווענען און ער קלייבט זיי צוזאַמען, ברענגט

זיי מיט זיין שפעט דאַווענען אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ, צום „כסא הכבוד".

## ויהי בנסוע הארון (י. לה.)

„ויהי בנסע" איז אַ ספר בפני עצמו — אונטערוועגענס קען מען זיך ניט נוהג זיין ווי מען פיהרט זיך אין דער היים. (ר' משה פשע־וואָרסקער).

דעם מאמר חז"ל „אשרי יושבי ביתך בחד אפי, אשרי תמימי הדרך בתמניא אפי" האָט ר' נפתלי ראָפּשיצער געטייטשט — אַז ווען אַ מענש זיצט בקביעות אויף אַן אָרט, וואַנדערט ניט אַרום, „בחד אַפּי" — קען ער שטענדיג האָבען איין פּנים און תמיד זיין דערזעלבער. ווען אָבער „אשרי תמימי דרך", אַ מענש דאַרף כסדר אַרומוואַנדערען, איז תמיד אונטערוועגענס, „בתמניא אפי", האָט ער אַכט פּנים'ער, ער דאַרף אומאויפהערליך האַלטען אין ענדערען זיין ההנהגות מוזענדיג זיך צופּאַסען צו נייע אומשטענדען און נייע באַדינגונגען.

## והאספסוף אשר בקרבו התאוו תאוה (יא. ד.)

די אידען האָבען זיך ניט געקלאָגט, וואָס עס פעלט זיי פליישׁ, נאָר דאָס וואָס עס פעלט זיי ציבעלעס און קנאָבעל צו רייצען זייער תאווה, צו עסען פליישׁ. אַזוי האָבען די אידען גע'טענה'ט צו משה'ן: „מי יאכילנו בשר" — פליישׁ האָבען מיר גענוג, אָבער ווער קען דאָס עסען בלויז פליישׁ? אין מצרים האָבען מיר געגעסען פיש, אפילו פאַר'עיפּוש'טע, ווייל מיר האָבען געהאַט אַפּעטיטנע שפייזען, ציבע־לעס און קנאָבעל, וואָס האָבען גערייצט אונזער תאווה, אָבער דאָ אין דער מדבר, האָבען מיר פליישׁ גענוג, אָבער ניט קיין תאווה, ווייל אונז פעלט קרויט, ציבעלעס און קנאָבעל. (ר' ברוך קאָסאָווער).

## האנכי הריתי — אם אנכי ילדתיהו (יא. יב.)

איך בין ניט מחויב פון זיי צו ליידען, דו רבונו של עולם, ביסט זייער פאָטער, מוזטו פון זיי ליידען — אַ טאַטע מוז ליידען פון אַ שלעכט קינד. (רבי ר' בונם).

„האנכי הריתי? מאין לי בשר?" אַז סיי ווי האָט משה ניט געהאַט פאַר זיי קיין פליישׁ, וואָס איז די נפקא מינה, צי „אנכי הריתי" אָדער נישט?

— ווייזט אויס פון משה'ס טענה, אַז אויב „אנכי הריתי" איז ניט שייך דער תירוץ „מאין לי בשר", ווייל אַ טאַטע מוז זוכען כל'ער־ליי תחבולות, כל'ערליי עצות, מפרנס צו זיין זיין קינד, געבען דעם קינד זיינעם, וואָס עס דאַרף. (שפת אמת).

---

## הצאן ובקר ישחט להם (יא. כב.)

משה האָט גאָט געבעטען, ער זאָל די אידען געבען פלייש אָדער פיש. האָט איהם גאָט געענטפערט, „היד ה' תקצר?" — וואָס, איך קען זיי דען ניט געבען ביידעס, בשר ודגים? (רמ"מ וואָרקער).

---

## אלדד ומידד מתנבאים במחנה (יא. כז.)

„שהיו מתנבאים, משה מת ויהשע מכניס" — פון וואַנען דרינגט דאָס רש"י זייער נביאות?

— די תורה דערצעהלט אונז, אַז דערפאַר האָט די בת־פּרעה משה'ן אַ נאָמען געגעבען משה „כי מן המים משיתיהו". ווען עס וואָלט געשטאַנען „ממים" וואָלטען די ראשי תיבות טאַקע אַזוי געמאַכט „משה מת יהושע מכניס" די נ' און די ה' זיינען מפסיק. זיינען געקומען אלדד ומידד און האָבען נביאות געזאָגט „במח" (מחה — אָפּמעקען) „נה". זיי האָבען בנביאות געזעהן די אָפּמעקונג פון די „נ" און „ה", איז ממילא פאַרבליבען „ממים" וואָס די ראשי תיבות מאַכען ווי רש"י זאָגט: „משה מת, יהושע מכניס". (רבי ר' בונם).

---

ווען מען האָט משהן דערצעהלט „אלדד ומידד מתנבאים במחנה", האָט משה געזאָגט: מהיכי תיתי, אדרבה ואדרבה, „מי יתן והיה כל עם ה' נביאים" — זאָלען זיי אויך זיין „רבי'ס", כי יתן ד' את רוחו עליהם און זאָלען זיי אויך פיהלען דעם טעם. (ראַדאָמסקער).

---

## ויאמר אדני משה כלאם (יא. כח.)

„הטיל עליהם צרכי צבור" (רש"י), זאָלען זיי טראָגען דעם עול פון רבים, זאָלען זיי ווערען מנהיגים, וועלען זיי פיהלען דעם טעם וואָס עס מיינט צו זיין אַ מנהיג בישראל און זיי וועלען דעמאָלט וויסען אַז אַ מנהיג דאַרף ניט און טאָר ניט דערצעהלען בפומבי אַלץ וואָס ער ווייסט. (רמ"ל לענטשנער).

## והאיש משה ענו מאד (יב. ג.)

שפל וסבלן (רש״י), ער האָט סובל געווען דאָס שפלות. (קאָצקער).

אויב איינער וואָס ווערט פּלוצים נתעשר אָדער עולה לגדולה, אַ נשיא, אַ פּרנס, און האַלט זיך אין דערזעלבער מדרגה ווי פריער, ווי איידער ער איז רייך אָדער גרויס געוואָרען. דאָס עשירות און נשיאות האָט אויף איהם קיין ווירקונג ניט צום שלעכטען, איז אַ סימן אַז דער מענש איז מסטרא דקדושה און זיין שכר וועט זיין גרויס.

ווערט אָבער אַזאַ פּלוצים דערהויבענער מענש שטאָלץ און טראָציג, בלאָזט ער פון זיך, איז זיך נוהג בגאות, איז אַ סימן, אַז זיין עשירות און נשיאות איז ניט מצד הקדושה, נאָר דאָס קריגט ער באַצאָלט זיין שכר אויף דער וועלט. (ר׳ ירחמיאל פּשיסכער).

אויך צו גאות האָט דער רבש״ע אַן עצה. „משפּיל גאים עדי אָרץ״ — ער דערנידעריגט די בעלי גאווה ביז צו דער ערד. „ומגביה שפלים עדי מרום״ און די דערנידעריגטע דערהויבט ער און באַ־פרייט זיי פון דער מדה רעה. (ר׳ מאיר שלום פּאָריסאָווער).

רם ה׳ — דער רבש״ע איז הויך ושפל, דער וואָס האַלט זיך נידעריג יראה, דעם זעהט גאָט. וגבוה, דער וואָס האַלט זיך גרויס, ממרחק — פון דעם מענש איז השי״ת אינגאַנצען פונדערווייטענס. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

„ה׳ מלך גאות לבש״ — פון דער גאות, וואָס אידען וואַרפען פון זיך אַוועק און האַלטען זיך במדת הענוה, מאַכט כביכול זיך אַ מלבוש. (ר׳ ישראל ריזשינער).

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ חיים מאיר מאָגילניצער, פאַר וואָס לויבט די תורה משה רבנו מיט דער ענוה? האָט משה ניט באַזעסען קיין גרעסערע מדה?

— ווייל אַלע מדות און מצוות באַצוועקען צו לערנען דעם מענש מדת ענווה, דעריבער איז דער מענש וועלכער קומט צו דער מדרגה, האָט דערגרייכט פולקאָמענהייט און ממילא איז מדת ענוה די גרעסטע פון אַלע מדות.

שמועסענדיג אַמאָל וועגען ענין גאות און עניוות האָט ר׳ מענדעלע קאָצקער געזאָגט:

— ניט שטענדיג איז דער מענש וואָס איז ניט קיין רודף אחר הכבוד באמת אַן ענו ושפל רוח. גאַנץ אָפט טרעפט פונקט פאַרקערט. דער מענש וואָס איז אַ גרויסער בעל גאווה, האַלט זיך פאַר אַזאַ בעל מדרגה אַז ער באַטראַכט די מענשען אַרום איהם בתכלית הביטול, ווי שפלים ונבזים, וואָס זיינען פאַר איהם אַ פחיתות־הכבוד צו האָבען מיט זיי עפּעס געמיינשאַפטליכעס און זיי זיינען לויט זיין גאווה'דיגער האַלטונג ניט ראוי, ער זאָל פאַרברענגען אין זייער געזעלשאַפט און זיי זאָלען געניסען פון זיין חבר'שאַפט.

---

פאַראַן צווייערליי מיני ענוות. פאַראַן אַזאַ עניו, וועלכער האַלט, אַז ער איז גאָר נישט און אויך אַלע מענשען זיינען גאָרנישטען. דאָס איז אַ פאַלשער עניו. דער אמת'ער עניו איז דער, וועלכער איז איי־בערצייגט, אַז אַלע אַנדערע מענשען זיינען בעסער און שטעהען העכער פון איהם. (ר' שלום בעלזער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' בונם, ווי קומט דאָס וואָס הלל הזקן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער עניו, זאָל זיך באַרימען און זאָגען: „אם אני כאן, הכל כאן" ?

— אדרבה, מיט דעם שפּרוך האָט הלל אויסגעדריקט זיין ענוות. הלל האָט אַזוי געזאָגט, אם אני כאן, אַז איך, דער קטן שבקטנים בין דאָ, הכל כאן, קענען דאָ אַלע שוין זיין !

---

והאיש משה עניו מאד — פון אַלע ענווים ושפלים איז משה געווען נאָך אַ גרעסערער עניו. (משמרת איתמר).

---

כידוע, איז ר' אַביש'ל פראַנקפורטער געווען אַ גרויסער עניו. איינמאָל האָט דער משמש זיינער געוואָלט ווייזען פראַנקפורטער בעלי־בתים דאָס ענוות און תמימות פונ'ם רבי'ן ר' אַביש'ל, האָט ער געזאָגט צו זיי אַז אויב איך זאָל נאָר וועלען, וועט דער רבי אַריינגעהן מיט מיר אין אַ ביר־שענק טרינקען אַ גלעזעל ביר.

באַגלייטענדיג איינמאָל ר' אַביש'לען אויפן וועג אַהיים פון אַ שטאָטישער אסיפה איז זיי אויסגעקומען פאַרבייצוגעהן אַ ביר־שענק:

— רבי, דאָס האַרץ חלש'ט מיר — האָט דער משמש געמאַכט אַ רחמנות'דיג פנים — איך וויל דאָ אַריינגעהן טרינקען אַ גלעזעל בראָנפען.

— מהיכי תיתי, איך וועל דאָ צוואַרטען אינדרויסען.

— איך וויל אָבער, אַז דער רבי זאָל נאָכזאָגען אָמן אויף מיין

ברכה שהכל — האָט דער רבי ר' אַביש'ל זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און געענטפערט:

—גוט, קום, איך געה מיט דיר!

אַז דער משמש האָט אויסגעטרונקען דאָס גלעזעל בראָנפען און ר' אַביש'ל האָט נאָכגעזאָגט „אָמן", האָט דער משמש אָנגעגאָסען אַ קליין כוסה'לע בראָנפען און געזאָגט צום רבי'ן:

— איצט רבי, וועל איך נאָכזאָגען אָמן על ברכת הרב.

תיכף ומיד האָט דער רבי ר' אַביש'ל גענומען דאָס כוס'עלע בראָנפען האָט הויך אויפן קול געמאַכט אַ ברכה און דער משמש האָט נאָכגעזאָגט אָמן.

---

לויט דעם דין טאָר מען אַ בעל גאווה ניט אַרײַנלאָזען אין הויז — ווייל אין פסוק שטעהט „תועבת ד' כל גבה לב" און די תורה זאָגט אונז בפירוש „ולא תביא תועבה אל ביתך". (בעל צמח צדק).

---

כידוע, זאָגען די חז"ל אַז דערפאַר איז די תורה געגעבען געוואָרען אויפן הר סיני, אויפן קלענסטען באַרג, כדי מען זאָל זיך מיט דער תורה ניט גרויס האַלטען. איז דאָך אַ פראַגע, פאַר וואָס איז די תורה ניט געגעבען אין אַ טאָל, וואָס וואָלט געווען דער אמת'ער סימבאָל פון שפלות?

— צו געפינען זיך אין אַ טאָל, צו זיין ווירקליך אַ גאָרנישט, איז נישט קיין רבותא, מיט וואָס קען מען זיך גרויס האַלטען? מען איז דאָך באמת אַ גאָר נישט! דאַגעגען צו שטעהן אויף אַ באַרג, צו געפינען זיך אויף אַ גאָר הויכער מדרגה און דאָך צו זיין אַן עניו — אָט דאָס איז אַ גרויסע רבותא. (קאָצקער).

---

חסידים ואנשי מעשה האָבען זיך אײַנגערעדט, אַז עס איז אַ מצוה צו זיין אַן עניו. באמת ווערט אין דער גאַנצער תורה גאָר ניט דערמאָנט אַזאַ מצוה. ניט מער, די תורה דערצעהלט, „והאיש משה עניו מאד מכל האדם", קומט דער יצר־הרע און רעדט איין דעם מענשען: היות דו ביזט אַ למדן, אַ חסיד, אַ צדיק, אַ בעל־מדות טובות, לויט דיינע מעלות, דאַרפסטו ניט האָבען קיין התחברות מיט דעם המון עם. טאָמער וועלען מענשען צוליב דעם דיך האַלטען פאַר אַ בעל־גאווה, דערנידעריג זיך דעריבער צום המון־עם, וועט מען דיך האַלטען פאַר אַן עניו און מען וועט דיר מער כבוד אָפּגעבען. אַזוי אַרום זעהט מען, איז ענוה אָפט עצת יצר־הרע און עניוות די גרעסטע גאווה. (חידושי הרי"ם).

„ה' פוקח עורים, ה' זוקף כפופים, ה' אוהב צדיקים" — ווי קו־מען דאָ צדיקים צווישען די בעלי מומים?

— ווייזט אויס, אַז דאָס איז נעבעך גאָר אַ מורא'דיגער מום, ווייל ס'איז בישטאָ קיין גרעסערער קאַליקע ווי דער, וועלכער האַלט זיך פאַר אַ צדיק...(רבי ר' בונם).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' מאיר שלום פאַריסאָווער אַן עצה אויסצוהיטען זיך פון גאווה.

— מען ווייסט לחלוטין ניט, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ זאַך אויף דער וועלט און מען האָט דאָס גאַרניט אין דער מחשבה... — האָט דער פאַריסאָווער געענטפערט.

---

אין פשיסכער אומגעגענד האָט געוואוינט אַ באַוואוסטער אידי־שער שניידער, וואָס אַלע פריצים פון דער סביבה האָבען געניייט ביי איהם זייער הלבשה און מען האָט איהם דערפאַר גערופען „דער פריי־צישער שניידער".

איז איינמאָל אַ פריץ פון דער אומגעגענד געקומען פון פאַריז און אַהיים געבראַכט אַ שטיקעל סחורה פאַר אַ בגד, געשיקט נאָך דעם אידישען שניידער און געזאָגט צו איהם:

דאָס שטיקעל סחורה איז אַ העכסט קאָסטבאַרע, על כן זאָלסטו זעהן זיך משתדל צו זיין, אַז דאָס בגד זאָל זיין געמאַכט לויט דעם ערך פון די סחורה.

— דער פריץ דאַרף דאָס מיר ניט זאָגען — האָט דער אידישער שניידער גאווה'דיג אָפּגעענטפערט — דער פריץ ווייסט, אַז קיין בע־סערער שניידער פאַר מיר, איז אַרום דער גאַנצער סביבה ניט בנמצא.

ווען דער שניידער האָט דעם פריץ אָפּגעבראַכט דאָס אויפגענייטע מלבוש, האָט די פריצה'טע אויפגעהויבען אַ ליאַרעם, אַז דאָס מלבוש פאַסט ניט גוט אויפן פריץ, הענגט אַרונטער פון איהם ווי אַ זאַק — און זי האָט געזאָגט, אַז שוין זאָל ער דאָס מלבוש צוריקנעמען. און עס פאַרריכטען, ווייל אַז ניט, וועט מען איהם אַריינוואַרפען אין תפיסה.

אַ דערשלאָגענער און צעבראָכענער איז דער שניידער אַרויס פון דעם פריץ'ס שטוב, ער האָט באַטראַכט דאָס מלבוש און ניט געזעהן קיין חסרון, אין זיין גרויס פאַרצווייפלונג, איז ער אַוועק צום פשיסכער פרעגען אַן עצה.

נאָך דעם ווי דער פשיסכער האָט אויסגעהערט דעם שניידער, האָט ער איהם געהייסען נעמען דאָס בגד, צעשניידען אַלע שטעך,

אַרויסציִען אַלע פּאַסטרִיגעס און נאָך דעם דאָס אויפנייען און צוריק טראָגען צום פּריץ.

הגם דער שניידער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דער רבי הייסט איהם טאָן — צו וואָס פאַנאַנדערנעמען דאָס בגד און צוריק דאָס אויפנייען, היות קיין אַנדערע עצה האָט ער ניט געהאַט, האָט ער געטאָן ווי דער פשיסכער האָט איהם געהייסען.

מיט גרויס שרעק און ציטערניש האָט דער שניידער אָפּגע־בראַכט דעם מלבוש צום פּריץ און גלייך ווי די פּריצ׳טע האָט דאָס בגד באַטראַכט, האָט זי אויפגעדרוקט גרויס התפעלות און לויב פאַר דעם שניידערס מייסטערהאַפטע שטיקל אַרבייט און באַצאָלט איהם טאָפּעלט פאַר זיין טרחה.

אַז דער שניידער איז געקומען צום פשיסכער אָפּצודאַנקען פאַר זיין עצה, האָט ער איהם געפרעגט: זאָל דער רבי געזונט זיין און מיר זאָגען פאַר וואָס האָט דער רבי געהייסען צונעמען דאָס מלבוש און נאָך דעם דאָס צוריק אויפנייען און ס׳איז טאַקע געפעלען דעם פּריץ און די פּריצ׳טע ?

— איך האָב פאַרשטאַנען — האָט איהם דער פשיסכער געזאָגט — אַז אַזוי ווי דו שמ׳סט אין דער סביבה פאַר אַ גוטען שניידער, האַלטסטו זיך אַוודאי גרויס, אַז דער פּריץ האָט דיר געגעבען אַזאַ טייער שטיקעל סחורה צו מאַכען אַ מלבוש, איז מסתמא דיין גאווה נאָך מער געשטיגען, אַזוי אַרום איז אויסגעקומען אַז דו האָסט דאָס גאַנצע בגד אויפגענייט מיט גאווה און אָפּגעבראַכט מיט גאווה. אַזוי ווי אַ בעל־גאווה האָבען אַלע פיינט, אפילו גויים, איז דאָס ממילא ניט גע־פעלען דעם פּריץ און דער פּריצ׳טע.

ווען דו ביסט אָבער געקומען צו מיר, איז דיין גאווה שוין געווען געבראָכען. האָסטו זיך געפיהלט דערשלאָגען און דערנידעריגט, האָב איך דערפאַר דיך געהייסען אַרויסציִען די שטעך פון מלבוש וואָס דו האָסט גענייט מיט גאוה און זיי צוריק אויפנייען אין דיין שפלות און ענִיוּות און דאָס איז דאָך אַ כלל, יעדע זאַך וואָס ווערט געטאָן, אָדער געמאַכט מיט ענוה און שפלות האָט חן בעיני ה׳ ואדם, איז דאָס מלבוש דעריבער געפעלען געוואָרען דעם פּריץ און דער פּריצ׳טע.

---

אַ דאָרפס איד האָט איינמאָל זיך באַקלאָגט פאַרן ראָפּשיצער, אַז זיין איידעם זיצט יום ולילה און לערענט און דאגה׳ט גאָר ניט פאַר פרנסה.

— מה רעש, אָט זעהסטו, איך טו אויך אַזוי.

— איהר זייט עפעס אַנדערש — האָט דער דאָרפס־איד ווי אַ מסיח לפי תומו אָפּגעענטפערט — פאַר פרנסה וועגען מעג מען אַלצדינג טאָן . . .

— ביזט געזעכט מיין זוהן — האָט דער ראָפּשיצער אַן ערנסט פאַרטראַכטער איהם אָפּגעענטפערט.

---

דער רבי ר׳ אלימלך האָט איינמאָל אַזוי געזאָגט צו זיינע חסידים:

— ווייסט איהר די סיבה פאַר וואָס אידען קומען צו מיר, איך זאָל זיי געבען געזונט, לעבען, פרנסה. דאָס איז דערפאַר, ווייל איך האָב געזינדיגט און איך האָב גורם געווען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל צוליב מיר באַשטראָפט ווערען. האָבען דאָרום אַלע טענות צו מיר, מאָהנען זיי פון מיר געזונט, לעבען, פרנסה, זייערע טענות און געבעטען ברענען ווי פלאַמען פייער מיין גוף.

---

פון דער מדת הגאווה דאַרף ערשט דער מענש זיך אָפּלערנען ניט צו זיין קיין בעל־גאווה. ווייל לאָמיר זעהן צו וועמען געהט גאווה, קיינמאָל ניט צו קיין אמת גרויסע מענשען — גרויסע מענשען האָבען די מדה פיינט בתכלית השנאה באַהעפּט זיך דאָרום די גאווה תמיד צו וואָס קלענערע און נידעריגערע מענשען. (רבי מלובלין).

---

איינע פון די דריי זאַכען, אויף וועלכע די חכמים ז״ל האָבען געזאָגט: „יהרג ואל יעבור״, איז שפיכת דמים. ווייל „מאי חזית דדמא דידך סומק טפי, דילמא דמא דחברך סומק טפי?״ און דאָס מיינט מען אַלעמען, אפילו די וואָס האַלטען אַז זיי זיינען שעהנע אידען. יעדער איד, ניט קיין חילוק ווער ער איז, דאַרף זיין דורכגענומען מיט׳ן געדאַנק, אַז אַלע אידען אָהן אונטערשייד, זענען פונקט אַזעלכע יחסנים און שטעהען פונקט אַזוי הויך, ווי ער. (רבי ר׳ בונם).

---

„כל הבורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו״ — דער מענש וואָס האָט דערגרייכט צו דער מדרגה ניט נתפעל צו ווערען פאַר כבוד, דאַרף פאַר׳ן כבוד ניט אַנטלויפען. (ר׳ ירחמיאל פשיסכער).

---

ר׳ ישראל ריזשינער האָט אַמאָל געפרעגט דעם „אוהב ישראל״, פאַרוואָס ווערט משה רבנו געלויבט מיט עניוות — „והאיש משה עניו מאד מכל האדם״ און שלמה המלך מיט זיין גיאות — „ויחכם שלמה מכל האדם״.

— גאָר פשוט, משה רבנו איז געווען דער רבן של כל ישראל און די חז״ל זאָגען „רב שמחל על כבודו, כבודו מחול״. שלמה איז אָבער געווען אַ מלך און אויף אַ מלך זאָגען די חז״ל: „מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול״.

---

יעדער איד איז דאָך מחויב צו גלויבען אין די „שלשה עשר עיקרים״ און אוודאי האָט משה געגלויבט אין זיי, ווי אַזוי האָט ער געקענט זאָגען „אני מאמין באמונה שלמה שנבואת משה רבנו עליו השלום היתה אמיתית, ושהוא היה אב לנביאים לקודמים לפניו ולבאים אחריו״, ווי אַזוי האָט משה רבנו געקענט גלויבען און זאָגען אַזוי, ווען די תורה זאָגט אויף איהם עדות „והאיש משה עניו מאד מכל האָדם״?

— משה רבנו האָט געגלויבט אַז פונקט ווי השי״ת האָט אויס־דערוועהלט דעם קלענסטען און נידעריגסטען באַרג, הר סיני, צו געבען אויף איהם די תורה, אַזוי האָט ער אויך איהם אויסגעוועהלט פאַר דעם „אב הנביאים״, דערפאַר טאַקע ווייל ער איז דער קטן שבקטנים, דער שפל שבשפלים. (ר׳ משה קאָברינער).

# שלח

## שלח לך — לדעתך (רש״י) (יג. ב.)

גאָט האָט געזאָגט צו משה, „אני איני מצוה לך", איך הייס דיר ניט שיקען קיין שלוחים. אָבער „אם תרצה", אויב דו ווילסט דווקא יאָ שיקען, „לדעתך" — גיב זיי איבער דיין דעה, דיינע כוונות און געפיהלען, דיין אומבאַגרעניצטען רצון און חשק, דיין פלאַמיגע תשוקה און אומענדליכע אהבה צו דעם לאַנד כנען, אשר אני נותן לבני ישראל.
(ר׳ שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ יחזקאלע קאָזמירער: פאַר וואָס רופט מען דאָס אידישע היימלאַנד ארץ־ישראל און ניט ארץ אברהם, יצחק ויעקב?

— ווייל יעדער מענש וואָס איז זיך נוהג כישראל, האָט אַ חלק אין לאַנד.

---

ווען ר׳ משה מאָנטעפיאָרע׳ס נאָמען איז באַוואוסט געוואָרען אין פוילען, האָט דער רבי ר׳ בונם שמועסענדיג אַמאָל מיט זיינע חסידים, סתם אַזוי געפרעגט זיך פאַר וואָס ר׳ משה מאָנטעפיאָרע קויפט ניט אָפּ ארץ־ישראל פון די טערקען?

— און אַז ער וואָלט אָפּגעקויפט, אַז די צייט פון דער אידישער גאולה איז נאָך ניט געקומען? — האָט אַ חסיד איבערגעפרעגט דעם רבי׳ן.

— זאָלסט וויסען — האָט איהם דער רבי ר׳ בונם פאַרדראָסיג אָפּגעענטפערט — אַז ווען די ערד פון ארץ־ישראל זאָל אויסגעקויפט ווערען פון ניט־אידישע הענט און באַלאַנגען צו אידען, דאָס גופא איז אַ דערנעענטערונג צו דער אידישער גאולה, וואָס דאַרף קומען.

---

ר׳ לוי יצחק בערדיטשיווער האָט בעת שרייבען תנאים מיט זיין איניקעל אריינגעשריבען אַזוי אין די תנאים וועגען זמן־חתונה:

החתונה תהי׳ אי״ה למזל טוב בירושלים עיר הקודש. ובאם חלילה משיח צדקנו לא יבוא בזאת השנה, תהי׳ החתונה בבארדי־טשעוו...

---

כידוע, זיינען די מרגלים געווען „ראשי בני ישראל״ — אידען מיט שטריימלעך און ווייסע זשיפיצעס, און אז זיי האבען גערעדט שלעכטס אויף ארץ־ישראל, האט יהושע בן נון וכלב בן יפונה מן התרים את הארץ ארונטערגעריסען פון זיי די שטריימלעך און די ווייסע זשופיצעס. (קאצקער).

---

„שלח לך לדעתך״ — די שלוחים זאלען האבען דיין דעה, דיין עניוות, זאלען ניט זיין פון קלאס „אני״, איך בין א תלמיד חכם, איך בין א ירא שמים, איך בין א חסיד, איך בין אן אדם חשוב. אזעלכע מענשען פון׳ם קלאס „אני״ — „אינני״ מצוה לך, פארזאג איך דיר, אז דו זאלסט ניט שיקען. (ר׳ אשר הורוויץ).

---

ר׳ מענדעלע וויטעבסקער האט נאכגעפאלגט די התנהגות פון א יונגענמאן, וועלכער האט די מערסטע טעג פארבראכט אין זיין בית־המדרש, מיט וואס פאר א התלהבות און דביקות ער דאווענט אין זיין שטאלצע גאווה׳דיגע אויפפירונג צווישען די חסידים צוליב זיין חסידישער הדרכה וואס ער האט געגלויבט אז ער האט דערגרייכט א העכערע מדרגה ווי אנדערע. האט ר׳ מענדעלע ניט געקענט סובל זיין די התנהגות פון דעם חסידישען יונגענמאן און האט איהם איינמאל אריינגערופען צו זיך אין חדר און האט אים אזוי געזאגט:

— עס שטעהט אין פסוק „אם יסתר איש במסתרים ואני לא אראנו נאום ה׳״. איז אזוי דער פשט פון׳ם פסוק: „אם יסתר איש במסתרים״ — אויב א איד פראווועט חסידות, דאווענט מיט התלהבות, געוואלדעוועט ביים דאווענען, פאסט תעניתים, זאגט תהלים און האט דערביי אין זינען דעם „אני״, דעם „איך״ — צו ווייזען אנדערע, אז ער איז עס, זאלסטו וויסען אז דאס איז גאווה און גאט זאגט: „לא אראנו״, אזא מענש וויל איך ניט אנקוקען. „אם יסתר איש במסתרים ואני לא״ ווען א מענש פירט זיך אבער במסתרים פרום, ערליך אהן פניות, האט ניט אין מחשבה זיך צו גרויסען, דער „אני״, דער איך, די גאווה איז ניטא דערביי. „אראנו נאום ה׳״. — אזא מענש וויל גאט זעהן און האט איהם ליב.

## ויקרא משה להושע בן־נון יהושע (יג. טז.)

„התפלל עליו יה יושיעך מעצת מרגלים" (רש"י). ווען משה רבנו האָט געזעהן ווי יהושע איז אין כעס געוואָרען אויף אלדד ומידד, ווען זיי האָבען נביאות געזאָגט „משה מת ויהושע מכניס", האָט משה פאַרשטאַנען יהושע'ס עניוות, אַז ער וויל נישט ווערען קיין מנהיג בישראל און אַנטלויפט פון כבוד. האָט דעריבער משה מורא געהאַט, אַז יהושע וועט צוליב דעם מיטהאַלטען מיט די מרגלים, כדי די אידען זאָלען פאַרבלייבען אין דער מדבר אונטער דער הנהגה פון משה'ן און זאָלען ניט אַריינקומען אין ארץ־ישראל, וואו יהושע וועט דאַרפען ווערען דער מנהיג. דערפאַר האָט משה געבעטען פאַר יהושע'ן „יה יושיעך" — גאָט זאָל דיר העלפען, זאָלסט ניצול ווערען מעצת מרגלים. (קאָזשעניצער מגיד).

---

## וראיתם את הארץ (יג. יח.)

באַטראַכט און זעהט די ערד, וועט איהר באַגרייפען וואָס פאַר אַ פּנים איהר האָט אויף דער וועלט. (ר' אָשר סטאָלינער).

---

דערפאַר ווערט אַ כלי חרס טמא נאָר מתוכו און עס העלפט נישט קיין טהרה „אין לו תקנה אלא שבירה", ווייל אַ כלי חרס ווערט געמאַכט פון דער ערד, וואָס האָט קיין שום ווערט נישט און דאָס גאַנ־צע ביסעל חשיבות פון דער ערד הויבט זיך אָן ווען זי ווערט אַ כלי און באַקומט אַ תוך. דעריבער ווערט זי טמא מתוכו, ווייל אָהן תוך איז זי גאָר נישט, דאַרום אין לו תקנה אלא שבירה. ווייל אַזוי ווי זי פאַרלירט דעם תוך, ווערט זי אויס כלי, האָט מער ניט קיין שום חשיבות און באַדייטונג.

דאָס זעלבע איז מיט'ן מענש: „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר", אויך ביים מענש פונקט ווי ביי אַ „כלי חרס", איז דער גאַנצער עיקר, דאָס גאַנצע חשיבות, נאָר דער תוך, דעריבער אויב דער מענש־ליכער תוך ווערט טמא, ער געהט אַרונטער פונ'ם דרך הישר, העלפט נישט קיין טהרה במקוה, האָט ער ניט קיין תקנה אלא בשבירה — שבירת הלב. (קאָצקער).

---

## ומה הארץ אשר הוא יושב בה, הטובה היא אם רעה (יג. יט.)

משה האָט געבעטען די מרגלים, זיי זאָלען זאָגען, „הטובה היא", כאָטש אין זייערע אויגען וועט דאָס לאַנד אויסזעהן „רעה". זיי זאָלען

זאָגען „השמנה היא״ כאָטש אין זייערע אויגען וועט דאָס לאַנד אויס־זעהן „רזה״. „והתחזקתם״, ווייל ווען ס׳קומט צו ארץ־ישראל, אפילו ווען מען זעהט שלעכטס, דאַרף מען האָבען חיזוק און ניט זיין געפאַלען ביי זיך. (קאָצקער).

---

## ונהי בעינינו כחגבים (יג. לג.)

מילא דאָס קען מען נאָך פאַרשטעהן. וואָס האָט זיי אָבער געאַרט דער „וכן היינו בעיניהם״, ווי אַזוי זיי האָבען אויסגעזעהן ביי יענע אין די אויגען ? (קאָצקער).

---

## וכן היינו בעיניהם (יג. לד.)

„שמענו אומרים זה לזה נמלים יש בכרמים כאנשים״. (רש״י). כידוע,, איז די נמלה זעהר אָפּגעהיט פון גזל, ווי די חז״ל זאָגען : „אלמלא נתנה תורה היינו למדים גזל מנמלה״. כידוע, טענה׳ן די אומות־העולם אַז די אידען האָבען גענומען ארץ־ישראל פון די כנענים בגזילה. איז די תורה דאָ מרמז, אַז די מענשען וואָס זענען אין די כרמים זענען אַזוי ווייט פון גזל פונקט ווי די נמלה, ווייל ארץ־ישראל באַלאַנגט צו אידען „כל הארץ של הקב״ה היא. הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו. ברצונו נתנה להם, וברצונו נטלה מהם, ונתנה לנו״. (בערדיטשיווער).

---

## ויבכו העם בלילה ההוא (יד. א.)

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונם. ביי מעשה העגל געפינען מיר ניט, אַז די אידען זאָלען האָבען תשובה געטאָן, פונדעסט־וועגען האָט זיי גאָט מוחל געווען דעם חטא־העגל. דאַגעגען ביים חטא מרגלים דערצעהלט אונז די תורה „ויתאבלו העם מאד״ — די אידען האָבען תשובה געטאָן און דאָך האָט זיי גאָט ניט מוחל געווען דעם חטא, ווייל אויפן פסוק „ויבכו העם בלילה ההוא״, זאָגט דער מדרש, אַז הקב״ה האָט געזאָגט : „אני אקבע לכם לילה זו בכיה לדורות״ — היתכן ? הלא אין דבר שעומד בפני התשובה ?

— עיקר תשובה — האָט דער רבי ר׳ בונם געענטפערט — איז ווען דער מענש ווייסט ביי זיך, אַז ער איז אַ חוטא און האָט ניט קיין האָפענונג אויף סליחה ומחילה און איז אין דער בחינה פון אַ כלי

חרס שנשבר, וואָס מען קען ניט מתקן זיין און דאָך איז דער מענש בכל לבבו ובכל נפשו אַן „עובד ה׳״.

אַזוי איז דאָס געווען ביים חטא־העגל, וואָס איז געווען די אידענ׳ס ערשטע זינד. זיי האָבען קיין באַגריף נישט געהאַט און האָבען לגמרי נישט געוואוסט אַז תשובה פועל׳ט און איז מכפר. פונדעסטוועגען האָבען זיי מיט׳ן גאַנצען הארצען געגלויבט און גע־דינט צו השי״ת.

אַנדערש איז אָבער געווען ביים חטא־המרגלים. פון פריער האָבען די אידען שוין געוואוסט, אַז תשובה פועל׳ט, תשובה איז מכפר, ווען זיי האָבען געזינדיגט, האָבען זיי תיכף געהאַט אַ מחשבה אַז זיי וועלען תשובה טאָן, ווי ביים ערשטען מאָל ביים חטא־העגל דערפאַר איז זייער תשובה שוין נישט געווען פון די טיפענישען פון זייערע הערצער, נאָר אויבערפלעכליך, כדי יוצא צו זיין, — אַזאַ תשובה פועל׳ט נישט.

---

## טובה הארץ מאד מאד (יד. ז.)

ארץ ישראל איז טאַקע אַ גוט לאַנד פאַר אידען. געדענקט אָבער „אך בה׳ אל תמרדו״. (רמ״צ סאַוורנער).

---

## ויאמר ה׳ סלחתי כדבריך (יד. כ.)

אַז צוויי אידען זיצען צוזאַמען ביי איין גלעזעל משקה, איינער איז מבטל זיין אייגענעם איך לגבי זיין חבר, איינער האַלט זיך ניט גרעסער פאַרן צווייטען, איז השי״ת מוחל זייערע זינד, — אַט דאָס האָב איך געלערנט נאָך אַלס קינד ביי מיין דרדקי מלמד אין חדר — האָט דער יוד הקדוש אַמאָל דערקלערט די חסידים זיינע דעם ענין פון התחברות.

בעת איך האָב אַלס קינד געלערנט „אלף־בית״ ביים „דרדקי־מלמד״, איז מיר געווען אַ פלא אויף דעם קליינעם אות „יוד״, וואָס פאַר אַ נקודה דאָס איז, האָט דער מלמד מיר דערקלערט, אַז די קליינע נקודה הייסט „יוד״. שפעטער האָט ער מיר דערקלערט, אַז צוויי „יודן״ צוזאַמען איז גאָט׳ס נאָמען — ה׳.

נאָך דעם אַז איך האָב באַמערקט צוויי נקודות אין דער לענג וואָס מאַכען אַ הבדל צווישען די פסוקים, האָב איך זיי אויך גע־לייענט פאַר ה׳. האָט מיין מלמד מיר געגעבען אַזוי צו פאַרשטעהן — אויב דו וועסט זעהן צוויי „יודן״ זיצען גלייכע, ניט איינער אויפן

צווייטען, שטעהען גלייך אין איין שורה, ניט העכער און ניט קלענער, אָט די צוויי „יודן" מאַכען ה'. צוויי „יודן" אָבער אין דער לענג, איי־נער אויפן צווייטען ,איינער איז העכער פאַרן אַנדערן, אַזעלכע צוויי „יודן" מאַכען ניט ה', נאָר זיי זיינען אַ הפסק ביין פסוק לפסוק.

האָב איך פון דעם אָפּגעלערנט, אַז ווען צוויי אידען זיצען צו־זאַמען ביי איין גלעזעל משקה, האַלטען זיך גלייך אויף איין מדרגה, איינער האַלט זיך ניט במעלה גבוהה פון זיין חבר, זיינען זיי ביידע מחבר. גאָט'ס נאָמען — ה'. און אַזוי ווי די ראשי־תיבות פון וואָרט „כוס" מאַכען „ויאמר סלחתי כדבריך" צוזאַמען מיט די צוויי גלייכע אידען וואָס מאַכען ד', שטעלט דאָס צוזאַמען דעם פּסוק „ויאמר ה' סלחתי כדבריך".

---

אַז צוויי אידען טרינקען „לחיים" איינער צום צווייטען, זאָל דער אַנדערער ניט אָפּענטפערען בלויז „לחיים טובים". ווייל „לחיים טובים" באַטרעפט דאָס זעלבע וואָס „קללה", נאָר ער זאָל אָפּענטפערען „לחיים טובים ולשלום". (רבי ר' אלימלך).

---

ויאמר ה', גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן „סלחתי", איך וועל די אידען פאַרגעבען זייערע זינד, „כדבריך" — מיט די רייד וואָס דו האָסט מיך געבעטען, אַזוי וועל איך זיי פאַרגעבען. (ר' ברוך מעזש־בוזשער).

---

## אל תעלו (יד. מב.)

אַז די אידען האָבען חרטה געהאַט אויף מעשה המרגלים, האָבען געגלויבט אין משה, ווי קומט דאָס, וואָס זיי האָבען איהם ניט געפאָלגט, ווען ער האָט זיי געוואָרענט „אל תעלו"?

— ווייזט אויס, אַז זיי האָבען געהאַלטען, אַז דאָס איז אין כלל פון „כל מה שיאמר בעל־הבית עשה, חוץ מצא". (ר' צדוק הכהן).

---

## ויין תקריב לנסך (טו. י.)

דער טעם וואָס נאָך שליחת המרגלים, האָט די תורה געשריבען פרשת נסכים וחלה, ווייל עס איז דער דרך הטבע פון מענש ווען ס'טרעפט איהם אַ צרה, ווערט ער ביי זיך שטאַרק געפאַלען, אַנט־מוטיגט און נידערגעשלאָגען, און כדי צו שטאַרקען און דערמוטיגען איהם, גיט מען איהם אַ גלעזעל בראַנפען מיט צובייסענס. כך, אַזוי

איז דאָס געווען ביי שליחות המרגלים, נאָך דעם ווי די מרגלים זיינען צוריקגעקומען פון זייער שליחות, האָבען אויסגערעדט כל הרעות אויף ארץ־ישראל, זיינען דאָך די אידען אריינגעפאַלען אין טרויער, אין רע־זיגנאַציע, האָט די תורה געשריבען די מצות נסכים און חלה, וואָס זיינען ווי אַ טרונק בראַנפען מיט צובייסענס, צו שטאַרקען און צו דערמוטיגען דעם גייסט פון די אידען. (ר' מרדכי יוסף בעמ"ס „מי השלוח").

---

## בבאכם אל־הארץ אשר אני מביא אתכם שמה (טו. יח.)

דער מענש איז באַשאַפען געוואָרען ער זאָל עסען און טרינקען. ווען השי"ת וואָלט געוואָלט וואָלטען מיר דאָך געקענט לעבען אָהן עסען און טרינקען, דאַרף דעריבער דער מענש בעת דעם עסען גע־דענקען, אַז דער צוועק פון עסען איז ניט בלויז כדי צו זעטיגען די תאווה פונ'ם נפש, נאָר דורך דעם עסען אָנערקענט מען דעם בורא וואָס האָט דאָס אַלעס באַשאַפען.

אָט דאָס זאָגט אונז די תורה, „בבואכם אל הארץ", ווען איהר וועט קומען צו די ערדישע זאַכען, איהר וועט ווערען הונגעריג, „אשר אני מביא אתכם שמה", וואָס איך ברענג אייך בכוונה דערצו, איהר זאָלט זיין הונגעריג, זאָלט איהר געדענקען, „והיה באכלכם מלחם הארץ", אַז ווען איהר וועט עסען, „חלה תרימו לה'", זאָלט איהר זעהן אַז דורך דעם עסען זאָלט איהר קומען צו הכרת הבורא. (בעש"ט).

---

דאָס וואָס דער רוב העולם איז זיך נוהג, תיכף נאָכ'ן דאַווענען געהן עסען, הגם לויט'ן פאַרשטאַנד, דאַרף מען נאָכ'ן דאַווענען ערשט אַוועקזעצען זיך לערנען, שטאַמט דער מנהג פונ'ם פסוק „ידע שור קונהו וחמור אבוס בעליו".

די אידען וואָס האָבען בעת'ן דאַווענען ניט דערקענט די גרויס־קייט און אַלמעכטיגקייט פונ'ם „בורא כל העולמים", באַגרייפען אין פולען גדלות השי"ת ביים „אבוס בעליו" — בעת דער אכילה. (חידושי הרי"ם).

---

## ראשית עריסותיכם חלה תרימו (טו. כ.)

אַן אַרענדאַר האָט אַמאָל זיך באַקלאָגט פאַר ר' העניך מאַלכסנדר, אַז ער האָט נישט קיין פרנסה.

— ווי אַזוי ביזטו זיך נוהג יעדען טאָג, ווען דו שטעהסט אויף אין פריהמאָרגען פונ׳ם בעט?

— איך לויף דערליידיגען מיינע עסקים און שפעטער שטעל איך זיך דאַווענען.

— דערפאַר האָסטו טאַקע ניט קיין פרנסה. ראשית חכמה יראת ה׳. יעדער ראשית מוז זיין קודש. „ראשית עריסותיכם״ — דאָס ערשטע ווען מען שטעהט אויף פונ׳ם בעט, „חלה תרימו לד׳״, דאַרף מען גאָט געבען חלה, דאַרף מען דאַווענען, האָט מען חלה צום עסען און אַז דו טוסט ניט אַזוי, ווי אזוי דערוואַרטסטו, אַז דו זאָלסט האָבען פרנסה? . . .

---

אַ איד וואָס דאַווענט, מחמת ער איז געבאָטען געוואָרען צו דאַווענען כאָטש ער קען ניט קיין פירוש המלות און דאַווענט אָהן שום כוונה, גרייכט זיין תפלה תחת כסא הכבוד. (בעש״ט).

---

ר׳ ישראל ריזשינער האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ חיים צאַנזער, פאַרוואָס ער דאַווענט פאַר׳ן עמוד.

— ווער זאָגט דאָס, אַז איך דאַווען פאַר׳ן עמוד? — איך דאַווען פאַר׳ן רבונו של עולם — האָט איהם דער צאַנזער כלאחר יד אָפּגע־ענטפערט.

---

פאַראַן מענשען וואָס דענקען דורך דעם וואָס זיי גיבען צדקה, דאַרפען זיי ניט דאַווענען, צדקה שטעהט העכער פאַר דאַווענען, זאָגען די חז״ל „ציפּה זהב במקום הנחת פה — פסול״. דער וואָס וויל מיט גאָלד, דורך געבען צדקה, פאַרדעקען דאָס דאַווענען, ער גלויבט אַז „הכסף יענה את הכל״ — צדקה איז אַלץ מכפּר, ער דאַרף שוין ניט דאַווענען, אַזאַ מענש איז פסול! (ר׳ יהושע׳לע דזשיקאָווער).

---

## מראשית עריסותיכם תתנו לה׳ תרומה (טו. כא.)

בימי הנעורים, ווען דער יצר־הרע ברענט, ביזט יונג, פול מיט לעבען, מיט חשק און תאוה, דאַמאָלט „תתנו לה׳ תרומה״, זאָלסטו מיט ברען און חשק דינען השי״ת און ניט באחרית השנה, ווען דו קומסט אויף דער עלטער, האָסט שוין נישט קיין כח, דערמאָנסטו זיך „לד׳ תרומה״ — ווערסטו אַ פרומער, אַ בעל־תשובה. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

## וראיתם אותו וזכרתם את־כל מצות ה׳ (טו. לט.)

אַ מחבר האָט אַמאָל געברענגט זיינס אַ ספר אַ מתנה דעם „חידושי הרי״ם". ווי ער האָט נאָר אַריינגעקוקט אין ספר האָט ער דאָס תיכף פאַרמאַכט און צוריק אָפּגעגעבן דעם מחבר.

— דעם רבי׳ן געפעלט נישט מיין ספר? — האָט דער מחבר געפרעגט.

— דיין ספר געפעלט מיר. איך האָב אָבער דאָרטען שוין אַלץ געזעהן וואָס דו שרייבסט, מער דאַרף איך דאָס נישט.

— איז דאָס מעגליך, אַז דער רבי זאָל אין איין רגע האָבען געזעהן אַלץ וואָס איז געשריבען אין ספר?

— פאַרשטעהסט — האָט איהם דער „חידושי הרי״ם" אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכעל — דער עיקר נאָך, וואָס מען דאַרף אַריינקוקען אין אַ ספר, איז כדי צו געדענקען עבודת ה׳ — „וראיתם אותו וזכרתם את כל מצוות ה׳". נו, האָב איך אין דיין ספר אַריינגעקוקט, געזעהן וואָס איך האָב באַדאַרפט זעהן, דערמאָנט זיך וואָס איך האָב באַדאַרפט, מערער דאַרף איך דאָס נישט, קאָנסט דיר דאָס צוריקנעמען...

---

אַ מחבר איז אַמאָל געקומען מיט זיין כתב־יד צו ר׳ גרשון העניך ראַדזינער נאָך אַ הסכמה. נאָך דעם ווי דער ראַדזינער האָט מעיין געווען אינ׳ם ספר, האָט ער צום מחבר געזאָגט אַזוי:

— כידוע, טאָר אַ איד ניט נאַרען קיין מענשען. וואָס זאָל אָבער טאָן אַ איד ווען מענשען האַלטען איהם פאַר אַ למדן מפורסם און ער ביי זיך ווייסט, אַז ער איז דאָס נישט? איז די עצה, ער זאָל אָנשרייבען אַ חיבור, דאָס אָפּדרוקען און צעטיילען. וועלען מענשען פון זיין חיבור זיך איבערצייגען, אַז ער איז אַ בור ריק.

אָבער אויף דיר ווי וויט איך ווייס, רעדט מען נאָך נישט אַז דו ביזט אַ למדן ומופלג בתורה, צו וואָס זשע זאָג מיר, האָסטו באַדאַרפט אַזוי פיל דיך מטריח זיין אָנצושרייבען אַ חיבור, כדי אָפּצולייקענען דיין למדנות, אין וועלכען עס האָט דיך קיינער נישט חושד געווען?...

---

אַ רב האָט אַמאָל געברענגט זיין אָנגעשריבען ספר צום „חידושי הרי״ם", אַז ער זאָל איהם געבען זיין הסכמה.

— קוקט איהר וועגס אַריין אין די אחרונים? — האָט איהם דער „חידושי הרי״ם" געפרעגט.

— ניין! — האָט דער רב תמימות׳דיג געענטפערט.

— נו, אויב אַזוי, וועט דאָך אויך אייער ספר קיינער ניט לערנען, ווייל איהר זייט דאָך אויך אַן „אחרון", איז דאָך מיין הסכמה אינגאַנצען איבריג!

---

צו ר' יחיאל מאיר גאָסטינינער האָט אַמאָל אַ חסיד געברענגט אַ חיבור פון חסידישער תורה און חסידישע סיפורים און געבעטען דעם רבי'ן אַ „הסכמה". נאָכדעם ווי דער גאָסטינינער האָט דורכגע־קוקט דאָס ספר, האָט ער געפרעגט דעם מחבר.

— איהר זייט דאָך אַ איד אַ למדן, פאַר וואָס דרוקט איהר בעסער ניט קיין חידושים אויף גמרא אָדער פלפול?

— דעם רבי'ן געפעלט ניט חסידישע תורה און חסידישע סיפורים פון אונזערע הייליגע צדיקים? — האָט דער חסיד געפרעגט דעם גאָסטינינער.

— פאַרשטעהסטו מיך נישט — האָט איהם דער גאָסטינינער אָפּגעענטפערט — דיין חיבור געפעלט מיר זעהר גוט. וואָלסטו אָבער בעסער אָפּגעדרוקט אַ ספר מיט חידושים אויף מסכתות, וואָלט דאָך די וועלט געזעהן, אַז אויך אַ חסיד לערענט און קען לערנען...

---

אַ בעל־מקובל איז איינמאָל ערב שבת געקומען צו ר' גרשון העניך ראַדזינער און געבעטען אַ הסכמה אויף זיינס אַ ספר אויף קבלה. האָט ר' גרשון העניך איהם איינגעלאַדען, ער זאָל געהן מיט איהם אין בית־המדרש צו קבלת שבת. אין בית־המדרש האָט ער געהייסען דעם גבאי, אַז ער זאָל דעם אורח מכבד זיין מיט קבלת־שבת.

היות דער אורח איז ניט געווען קיין רגיל, האָט ער עטליכע מאָל ביים דאַווענען געמאַכט טעותים. מוצש"ק איז דער אורח גע־קומען מיט אַ טענה צום ראַדזינער.

— ווי קומט דאָס דער רבי זאָל מיך אַזוי פאַרשעמען פאַר מענ־שען. שיקען מיך מקבל שבת זיין, אַז איך בין גאָר ניט קיין רגיל?

— איך האָב ניט געזוכט אייך צו פאַרשעמען, איך האָב בלויז געטאָן ווי ר' חנינא בן דוסא האָט געטאָן. אַז ר' חנינא האָט מתפלל געווען פאַר קראַנקע, האָט ער זיך געמאַכט אַ סימן. „אם שגורה תפלתי בפי יודע אני שהוא מקובל, ואם לאו, יודע אני שהוא מטורף". נאָך אייער דאַווענען ווייס איך איצט שוין וואָס פאַר אַ מקובל איר זייט...

---

## ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם (טו. לט.)

אַ איד האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַרן אַלכסנדער רבי'ן, אַז ער ליידט פון שכחה און געבעטען אַ רפואה. האָט דער רבי מיט דורכ־

דרינגענדיגע בליקען באַטראַכט דעם אידען און געפרעגט איהם.

— זאָגסטו קריאת שמע יעדען טאָג?

— אַ שאלה! — האָט דער איד אָפּגעענטפערט.

— פאַרשטעהסטו דעם טייטש פונ׳ם פסוק, „ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם"?

— געוויס פאַרשטעה איך!

— אויב אַזוי, זאָג איך דיר, אַז דו וועסט ניט בלויז זיך באַנוגענען מיטן וויסען דעם טייטש פון פסוק, נאָר וועסט טאַקע איהם מקיים זיין און היטען — למען תזכרו, וועסט דעם פסוק גוט געדענקען, וועסטו האָבען אַ גוטען זכרון...

---

## להיות לכם לאלהים (טו. מא.)

אפילו דער „לכם", די דברים גשמיים, דאַרפען אַזוי געלייטערט און אויסגעאיידעל׳ט ווערען, אַז אויך זיי זאָלען זיין פאַר גאָט׳ס וועגען. און דאָס איז אויך דער פשט פון קודש קדשים תהיה לכם — אויך דער לכם, דיין ודברים גשמיים, זאָלט איהר אין קודש קדשים פאַרוואַנדלען. (ר׳ ישראל ריזשינער).

# קרח

## ויקח קרח (טז. א.)

תיכף ביי התחלת הפרשה איז ניכר דער גרויסער אונטערשייד צווי־שען משה'ן און קרח'ן. ויקח קרח, — קרח האָט ניט געהאָט קיין אייגענע מדות טובות, קיין גוטע מעלות, האָט ער זיך געגרויסט מיט יחוס אָבות, אַז ער איז בן יצהר, בן קהת, בן לוי, ויקומו לפני משה, ווערט ניט דערמאָנט קיין שום יחוס אָבות, ווייל משה גופא איז געווען דער יחוס. (רבי מלובלין).

ויקח קרח — ער האָט געוואָלט דעם גאַנצען כבוד נעמען פאַר זיך און קיינעם גאָר ניט געבען. (ר' נטע כעלמער).

ויקח קרח — אַלע עזות־פנים'ער און אַלע בעלי מחלוקות פון אַלע דורות האָט קרח גענומען זיך צו הילף. (משמרת איתמר).

ויקח קרח. אַלעס האָט ער געוואָלט פאַר זיך פאַרכאַפּען און אַנ־דערע גאָר נישט געבען. (בערדיטשיווער).

ויקח קרח — „שלקח מקח רע לעצמו". די תורה, וואָס ווערט גערופען אַ „לקח טוב" און מתנה טובה, איז ביי קרח'ן געוואָרען אַ „מקח רע". (תולדות יעקב יוסף).

ויקח — אויב אַ מענש פאַרנעמט זיך נאָכצוגעבען אַלע תאוות והנאות הגוף, קרח, ווערט ער אָפּגעפרוירען און פאַרקעלטעט פון קדושה און רוחניות. (יוד הקדוש).

ויקח קרח, מאַכט דער תרגום „ואתפלג". קרח האָט זיך אָפּגע־טיילט מעדת ישראל. גלויבט מיר, אידען — האָט ר' דוד'ל טאַלנער געזאָגט — אַז היינט איז ניט בלויז די גאַנצע וועלט צעטיילט, נאָר איטליכער מענש איז היינט צעטיילט ביי זיך אין האַלב...

„ויקח קרח", צוויי שלעכטע מדות האָט קרח גענומען, כעס און מחלוקת. זיין טעות איז געווען, וואָס ער האָט געמיינט, אַז „לדבר מצוה ולשם שמים" מעג מען זיך באַנוצען מיט אַזעלכע צוויי שלעכטע מדות. זאָגט דאַרויף אונקלוס „ואתפלג" — דערפאַר וואָס קרח האָט זיך באַנוצט מיט אַזעלכע צוויי שלעכטע מדות, האָט ער אינגאַנצען זיך אָפּגעטיילט פון דער קדושה. (יוד הקדוש).

---

איינהאַלטען דעם כעס שטעהט העכער ווי פאַסטען טויזענט תעניתים. (רמ"ל סאַסעוווער).

---

„הדמים מודיעים" (ב"ב ע"ז.), דמים תרתי משמע. דורך געלד און כעס דערקענט מען דעם כאַראַקטער פונ'ם מענש. (ר' ישראל מאָזשיצער).

---

דער „צמח צדק" פלעגט שטאַרק זיך אויסהיטען פון כעס, האָט געטראָפען ס'האָט איהם אַמאָל עפּעס פאַרדראָסען, פלעגט ער שנעל הייסען דערלאַנגען זיך אַ יורה־דעה און מיט איינגעהאַלטענעם פאַרדראָס אַזוי זאָגען:

— כעס, זאָגען דאָך די חז"ל, איז „כאלו עובד עבודה זרה", איז דאָך דאָס אַ שאלה קשה, לפחות ניט גרינגער פון שאלת עגונה וכדומה, אם כן, ווי מעג מען זיך מתיר מאַכען אין כעס צו ווערען איידער מען איז מעיין אין די „פוסקים", אויב מען מעג בכלל איך כעס ווערען. בינו לבינו פלעגט דאַן דער כעס פון איהם אַוועקגעהן.

---

ר' מאיר שלום פאַריסאָווער האָט געזאָגט: אַז מען דערקוטשעט מיר מוז איך אַרויסווייזען אַכזריות און זיך גוט אָנבייזערען. אַז ניט, וואָלט איך דאָס נישט אויסגעהאַלטען.

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַר'ן רבי'ן מלובלין, אַז ער איז אַ גרויסער כעסן און געבעטען אַ רפואה.

— רויכערען אַ ליולקע איז אַ סגולה צו פאַרמיידען מאָמענטאַנע אויפרעגונג — האָט איהם דער רבי מלובלין גע'עצה'ט.

---

ר' יודא צבי מראָזשיוו פלעגט זאָגען „ווען איך וויל זיין אין כעס, אָדער ברוגז ווערען, לייג איך דאָס אָפּ אויף שפּעטער. נישקשה, דעם משא־ומתן וועל איך קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיגען.

„אַרבעה אָבות נזיקין, השור, הבור, המבעה, וההבער".

„השור", פון לשון „אשורנו", זעהן און אָנקוקען זיך. דאָס מיינט, אַז אָפטמאָל קומט צום מענש גרויס היזק דורך דער ראיה זיינער. „הבור", פון לשון „שדה־בור" — אַ ניט באַאַרבייט און פאַראַקערט פעלד. דאָס מיינט, דער וואָס לערנט ניט און איז אַ הולך בטל. „המבעה", פון לשון „שן" — די ציין פון מענשען. פיל היזק קומט צום מענש דורך דעם וואָס ער גיט צופיל נאָך זיין תאווה פון אכילה און „ההבער" מיינט „כעס" — דער כעס פון מענשען, וואָס ברענט ווי אַ פייער. (בעש"ט).

---

קרח שפקח היה מה ראה לשטות זה? — אָט דאָס איז טאַקע געווען זיין נאַרישקייט. ער האָט געגלויבט און געהאַלטען זיך פאַר אַ גרויסען חכם. (רבי ר' בונם).

---

קרח און משה,ביידע זיינען געווען עשירים. נאָר קרח האָט זיך באַנוצט מיטן כח פון זיין עשירות און משה מיטן כח פון זיין חכמה. (שפת אמת).

---

די אותיות פונ'ם וואָרט „קרח" מאַכען „חקר". דאָס איז דאָך געווען קרח'ס אומגליק, וואָס ער איז געווען אַ „חקרן", אַן אויפגע־קלערטער, אַ „משכיל". (רבי ר' בונם).

---

פאַראַן מענשען, וואָס הויבען אָן עבודת השם יתברך מיט הויכע מדרגות. זיינען זיך נוהג בחסידות און טוען זאַכען לפנים משורת הדין, דאַוונען בהתלהבות, נאָר במשך פון יאָרען ווערט זייער חסידות אָפּגעקילט און זייער התלהבות פאַרפרוירען. דאַרויף איז אונז די תורה מרמז: „ויקח — אויב אַ איד פאַרנעמט זיך תיכף אין דער התחלה ביי עבודת השם מיט הויכע מדרגות, ער געהט ניט פון מדרגה למדרגה. „קרח" (לשון „קרח", אייז) ווערט זיין חסידות און התלהבות גיך פאַרקיהלט און פאַרגליווערט. (יוד הקדוש).

---

וקרח שפקח היה מה ראה לשטות זה? — עינו הטעתו. (רש"י).

אָט דאָס וואָס די גמרא זאָגט אין חגיגה: „סומא באַחת מעיניו פטור מן הראיה". די חז"ל האָבען אַוודאי ניט געמיינט אַן אמת בלינדען אויף אַן אויג. נאָר אַזאַ מענש וואָס זעהט בלויז מיט איין אויג גדלות הבורא און זעהט ניט מיט'ן צווייטען אויג די אייגענע שפלות און אייגענע נישטיגקייט. אַזאַ מענש איז „פטור מן הראיה"

— עס וואָלט גלייכער געווען, ווען ער זעהט איינגאַנצען גאָר נישט. „כי תועבת ה׳ כל גבה לב״. און אָט דאָס מיינט רש״י, „עינו הטעתו״, קרח איז געווען אַזאַ „סומא״, אַז ער האָט בלויז מיט איין אויג געזעהן גדלות השי״ת און מיט׳ן צווייטען אויג האָט ער געזעהן זיך, זיין אייגענע גדלות. (ר׳ אלימלך מליזשענסק).

---

„משה קבל תורה מסיני״ — די ראשי תיבות פון „משה״ מאַכען „מחלוקת שמאי הלל״. איז דאָס מרומז, אַז דאָס מחלוקת פון „הלל ושמאי״ איז נישט געווען לשם מחלוקת, נאָר דאָס מחלוקת „קיבל משה מסיני״ — אַ מחלוקת לשם שמים. (בעש״ט).

---

„איזוהי מחלוקת שהיא לשם שמים? זו מחלוקת הלל ושמאי. ושאינה לשם שמים? זו מחלוקת קרח וכל עדתו״. — פאַרוואָס זאָגען ניט די חז״ל, „זו מחלוקת קרח ומשה״, פונקט ווי זיי זאָגען „זוהי מחלוקת הלל ושמאי״?

איז דער תירוץ, מחלוקת הלל ושמאי, איז אויסער וואָס עס איז געווען אַ מחלוקת לשם שמים, איז עס אויך געווען אַ מחלוקת מיט אַ סברא און שכל.ביידע צדדים האָבען מיט סברות געברענגט ראיות, אַז די דינים וואָס זיי פסק׳ענען, זיינען לויט די פאַרשריפטען פון דער תורה. הגם יעדער רבי האָט געהאַט אַ סך תלמידים, איז ווען ס׳איז געקומען צו אַ דין, האָט בית שמאי פונקט אַזוי ווי בית־הלל געהאַלטען זיך אין אחדות — אַלע תלמידים האָבען כאיש אחד געשטיצט די סברא, אָדער ראיה, אַז דער דין איז אַזוי און ניט אַנדערש. דערפאַר ווערט זייער מחלוקת באַצייכענט ווי אַ מחלוקת בלויז פון צוויי מענשען — הלל ושמאי.

ביי דער מחלוקת של קרח איז אָבער אַנדערש געווען. קרח גופא איז ניט ביכולת געווען צו פאַרפירען אַ קריג געגען משה׳ן. אַז דתן ואבירם ונשיאי העדה האָבען זיך אָרגאַניזירט געגען משה׳ן, האָט קרח איינגעזעהן, אַז דער גאַנצער כח און השפעה פון משה׳ן שטאַמט פון דער עדה אידען וואָס זיינען איהם געהאָרכזאַם. האָט זיך קרח געטראַכט — „אויב איך וועל האָבען אַן עדה אידען וואָס זאָלען מיך שטיצען, וועל איך מיט זייער הילף קענען משה׳ן אַרונטערזעצען פון זיין גדולה. נמצא, אַז דאָס גאַנצע מחלוקת איז אַרויסגעקומען וואָס קרח האָט געקראָגען שטיצע פון דער עדה. דעריבער ווערט זייער מחלוקת אָנגערופען „מחלוקת קרח וכל עדתו״ און ניט „מחלוקת קרח ומשה״. (רבי ר׳ בונם).

---

אין אַ דערבייאיג שטעטעל פון פרעמישלאַן איז אויסגעבראָכען

אַ מחלוקת צוליב דעם שטאָטישען שוחט, וועלכען מ'האָט חושד געווען אַז ער האָט ניט בודק געווען אַ ריאה לאחר שחיטה. ווי דער שטייגער אין די קליינע שטעטלעך אין יענער צייט, האָבען ביידע צדדים באַשלאָסען צו פאָרען קיין פּרעמישלאַן און פאָרלייגען זייערע טענות פאַר ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער. אַז ר' מאיר'ל האָט אויסגעהערט די טענות פון ביידע צדדים האָט ער צו זיי אַזוי געזאָגט:

— על־פּי דעת רוב הפּוסקים איז בדיקת הריאה מדרבנן. יעדע מחלוקת אָבער איז בלי ספק אַן איסור מן התורה. אמת טאָקע, אייער מחלוקת איז לשם שמים, אָבער אפילו וועגען אַזאַ מחלוקת האָבען אונזערע חכמים געזאָגט, „איזוהי מחלוקת שהיא לשם שמים? זו מחלוקת הלל ושמאי" — נאָר הלל ושמאי זיינען געווען אין דער מדרגה צו פאַרפירען אַ מחלוקת לשם שמים, וויטער זיינען אַלע אַנדערע מחלוקת'ן, אפילו אַזאַ מחלוקת ווי אייערע, כמחלוקת קרח ועדתו.

---

„מחלוקת קרח ועדתו", — אפילו צווישען קרח'ן מיט זיין עדה זיינען געווען קריגערייען. יעדער באַזונדער האָט געמיינט עפּעס אַנדערש און יעדער האָט געהאָט אַן אַנדערע פּערזענליכע נגיעה. אָבער כדי צו קריגען אויף משה'ן האָבען זיך צוזאַמענגענומען אַלע אומצופרידענע מיט פאַרשידענע כוונות — איז עס טאָקע געווען „שלא לשם שמים". (ר' אלימלך ליזענסקער).

---

קרח איז ניט געווען אַ מענש פון גאַס. משה רבנו האָט בלויז דערמאָנט „ובקשתם גם כהונה", האָט ער שוין ניט גערוט, נאָר האָט מיט אַלע כחות און מיטלען געוואָלט דערגרייכען די מדרגה פון דער כהונה. (קאָצקער).

---

„בסודם אַל תבוא נפשי" — אפילו ווען אין קרח'ס כוונה מיט זיין מחלוקת זאָל זיין פאַרוויקלט סודות און עבודת השם, האָט פונדעסטוועגען יעקב אָבינו געבעטען „בקהלם אַל תחד כבודי" — מוחל אַזאַ עבודת השם וואָס קומט צוליב מחלוקת און מוחל זייער כבוד. (ר' יחזקאל קוזמירער).

---

עס איז פיל בעסער אַ נישט־אויפריכטיגער שלום, איידער אַן אויפריכטיג מחלוקת. עס איז פיל בעסער צו לעבען מיטן חבר בשלום כאָטש דער שלום איז נאָר אַן אויסערליכער, ניט פונ'ם גאַנצען האַרצען, איידער צו לעבען אין מחלוקת, ווען אפילו מען מיינט עס ערנסט צוליב אמת. (רבי מלובלין).

הוה אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות ומקרבן לתורה
— פאַר וואָס האָט הלל ניט געזאָגט אוהב ורודף שלום?
— ווייזט אויס אַז אַמאָל דאַרף מען זיין אַ רודף שלום — אַוועק־יאָגען דעם שלום. למשל, אַז מען טרעפט אַ רב, אָדער איינער וואָס טראָגט דעם נאָמען רבי און ער איז אַ מחלל שם שמים ברבים, טאָרסטו ניט זיין קיין חסיד שוטה און זאָגען אַז מען טאָר ניט רעדען קיין לשון הרע אָדער מאַכען אַ מחלוקת. אדרבא, דו מוזט זיין אַ רודף שלום, אַוועקיאָגען דעם שלום, פאַרפירען געגען איהם אַ מחלוקת, רודפ'ן איהם, אַרונטעררייסען זיין פאַלשע מאַסקע אויב דו ביזט באמת אַן אוהב את הבריות און דו שטרעבסט צו זיין אַ מקרבן לתורה. (רמ"ל סאָסעווער).

---

די אותיות פון דער תורה זיינען נשמות פון דעם אידישען פאָלק. ווען די תורה איז צעטיילט אין חומשים איז קיין איסור ניט אויסצו־מעקען אַן אות, ווען די תורה איז אָבער אַ גאַנצע, טאָר מען ניט אויסמעקען קיין אות.

אַזוי איז דאָס מיט'ן אידישען פאָלק. הערשט צווישען אידען אַ מחלוקת, אַ צעשפּליטערונג, קען זיי יעדער שונא שלעכטס טאָן, זייער קיום איז אין געפאַר, הערשט צווישען זיי אחדות, זיינען זיי שטאַרק און אומבאַרירבאַר. (בערדיטשיווער).

---

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' יחזקאַלע קוזמירער: פאַרוואָס תלמידי־חכמים מתנגדים, אַז זיי טרעפען זיך צוזאַמען, הערשט צווישען זיי אהבה ואחדות און אַז גוטע אידען, רבי'ס קומען זיך צו־זאַמען, ברעכט צווישען זיי אויס מחלוקת, ווערען איינער דעם צוויי־טען שונאים?

— דו ביזט גלייך צו יענעם אומוויסענדען פויער — האָט איהם דער קוזמירער אָפּגעענטפערט — וואָס האָט געפונען אַ חסרון אויף אַ וואונדערבאַר אַרטיסטיש געמאָלטען בילד פון אַ גרויסען קינסטלער, ווי איהם איז געלונגען אויסצומאָלען אַ רעאַל נאַטור־בילד פון אַ פעלד תבואה, וואו שניטערס שטעהען מיט זייערע שנייד־מעסערס און קאָסען די תבואה. געלערנטע, מומחים, מבינים, האָבען באַוואונדערט דאָס בילד און דעם פויער איז דאָס בילד ניט געפעלען.

ווען מ'האָט דעם פויער געפרעגט: — פאַרוואָס געפעלט איהם נישט דאָס בילד, האָט ער געזאָגט:

— דאָס בילד איז ניט געמאָלען נאַטירליך. דאָס בילד שטעלט פאָר ווי שניטערס שטעהען מיט זייערע שנייד־מעסערס גלייכע אינ־מיטען פעלד און שניידען די תבואה און יעדער פויער ווייסט, אַז דאָס

איז אוממעגליך. ווייל בעת'ן שניידען אין פעלד, מוז דער שניטער אַביסעל זיך איינבויגען.

— דו ביזט גערעכט, ס'איז אמת ווי דו זאָגסט — האָבען איהם די מבינים אָפּגעשעצט — דו האָסט טאַקע געפונען אַ חסרון. דו האָסט אָבער, ווייזט אויס, אין דיין לעבען קיין אַרטיסטיש קינסט־לעריש בילד ניט געזעהן, איז דאַרום דיין אויסזעצונג געגען בילד ניט פון קיין מומחה און מבין נאָר פון אַ פּראָסטען אומוויסענדען פויער...

„שלום רב לאוהבי תורתך" — עס וואָלט געווען אַ סך שלום צווי־שען די תורה־אידען, די צרה איז נאָר „ואין למו", וואָס זיי האָבען נעבאַך נישט, קיין פּרנסה. אָט דאָס איז דער גרעסטער „מכשול", וועלכער איז גורם מחלוקת'ן, צוויסטיגקייטען און אַרומרייסענישען. (ר' משה קאָבריגער).

ר' מאיר שלום פּאַריסאָווער האָט געזאָגט: דער אמת ערליך פרומער איד, וואָס איז זהיר דורכן יאָר מעביר צו זיין די גאַנצע תורה, אַז ס'קומען די סדרה'ס פון משכן, מנורה, קרבנות, איז ער זיך מתדבק מיט זיי, לערנט בהתמדה, פאַרטיפט זיך אין זייערע כללים ופרטים. אַז די סדרה פון קרח קומט, איז ער שנעל מעביר־סדרה, ווייל זיך צופיל ניט פאַרטראַכטען במחלקתו של קרח.

פונקט להיפוך איז זיך נוהג דער ניט־אויפריכטיגער עהרליכער איד. במחלקתו של קרח פאַרטראַכט ער זיך, איז גוט חוקר ודורש דאָס מחלוקת און די סדרה'ס פון משכן, מנורה, קרבנות איז ער שנעל מעביר.

## בן־יצהר, בן־קהת, בן־לוי (טז. א.)

די תורה רעכענט אויס קרח'ס יחוס און די מיטהעלפער זיינע, אַז דער איז געווען יענעמ'ס זוהן, יענער איז געווען דעמ'ס זוהן, ווייל מערסטענס באַשטעהט דער גאַנצער פאַרדינסט צוליב וועלכען די מחרחרי־ריב, די בעלי מחלוקה, האָבען העזה און גרויס חוצפה, צו פאַרלאַנגען פאַר זיך קהל'ישע כיבודים — זייער יחוס... (רבי מלוב־לין).

באמת איז יחוס זעהר אַ גוטע זאַך און וואָלט על־פי־שכל באַ־דאַרפט דעם מענשען ברענגען צו שפלות און עניוות. דער מענש פון יחוס באַדאַרף טראַכטען וואָס ער איז מ'שטיינס געזאָגט אין פאַר־גלייך מיט זיינע אָבות. צום סוף גאָר, איז ווייל קרח מיט זיין עדה האָבען געוויזען דעם ערשטען שלעכטען ביישפּיל, זעען מיר בעוונותינו

הרבים, פונקט דעם היפוך: — וואָס מעהר יחוס אַלץ מער בעל־גאווה און אַלץ מעהר בעל־מחלוקת. (ר' נפתלי ראָפּשיצער).

## ויאמר אליהם רב לכם (טז. ז.)

משה האָט געזאָגט צו קרח'ן, מיינט ניט, אַז איהר נאַרט מיך, אַז אייער מחלוקת איז לשם שמים, „רב לכם", וואָס איהר באַצוועקט, איז בלויז גרויסקייט פאַר אייער'ט וועגען, ניט פאַר גאָט'ס וועגען. (בעש"ט).

## כי כל העדה כלם קדושים (טז. ג.)

משה האָט גע'טענה'ט צו קרח'ן, דו ביזט גערעכט. עס איז טאַקע אַזוי „כל העדה כלם קדושים". זאָלסט אָבער וויסען זיין, ביי איין עדה, אפילו כלם קדושים מוז זיין איינער וועלכער שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה ווי די גאַנצע עדה און ער איז אַ קדוש בין קדושים — אשר יבחר בו ד' הוא הקדוש. (ר' צדוק הכהן).

## ומדוע תתנשאו על קהל ה'? (טז. ג.)

אַ מערקווירדיגע זאַך וואָס ביי אַלע מחלוקת'ן אויף ערליכע און גאָטספאָרכטיגע מענשען טראַכטען די בעלי־מחלוקת אויס אויף זיי בלבולים, וואָס זיינען פונקט דער היפוך פון זייער מהות און התנהגות.

משה רבנו, אויף וועמען די תורה זאָגט עדות „והאיש משה עניו מאד מכל האָדם" האָט קרח און זיין עדה ניט געפונען קיין גרע־סערען בלבול אויסצוטראַכטען נאָר דווקא, אַז משה איז אַ בעל־גאווה — „ומדוע תתנשאו". (קאָצקער).

## וישמע משה ויפול על פניו (טז. ד.)

„מלמד שחשדוהו באשת איש". דער מאמר חז"ל איז באמת קשה, ווי קומט דאָס אַז די בעלי־מחלוקת זאָלען גאָר קומען אויפ'ן רעיון, חושד צו זיין משה רבנו באשת איש?

— כידוע, האָט די פרוי פון און בן פלת איבערגערעדט איהר מאַן צוריקצוציען זיך פון קרח'ן און זיין עדה. די הויפּט בעלי־מחלוקה האָבען אָבער פאַרדעכטיגט, אַז דאָס האָט משה געווירקט אויף און בן פלת'ס פרוי אָפּצורייסען איהר מאַן פון זייער עדה. האָבען זיי מורא געקראָגען, אַז משום שלום וועגען, וועט משה רעדען צו זייערע

ווייבער און ווירקען אויף זיי איבערצורעדען זייערע מענער ניט צו באַטייליגען זיך אינ׳ם מחלוקת. און אַז די מענער וועלען זיין איינגע־עקשנ׳ט, וועלען די ווייבער זיך מיט זיי קריגען, אַזוי אַרום וועלען די מענער האָבען אַ טאָפּעלטע מחלוקת — מיט משה׳ן און מיט די ווייבער, און צוויי מחלוקת׳ן, האָבען זיי געפיהלט, זיינען זיי ניט ביכולת אויסצוהאַלטען. זיינען זיי געפאַלען אויף אַ המצאה, חושד צו זיין משה׳ן באשת־איש, וועט משה ניט רעדען און אַז משה האָט טאַקע געהאַט אַזוי אין דער מחשבה צו רעדען צו די ווייבער פון קרח און זיין עדה, זעהט מען פון דעם, גלייך ווי משה האָט דערהערט אין וואָס קרח און זיין עדה זיינען איהם חושד, האָט ער פאַרשטאַנען זייער כוונה, „ויפּל על פּניו״ — ווייל ער האָט ניט געזעהן קיין אַנדע־רע עצה אָפּצושטעלען דאָס אויפפלאַקערענדע מחלוקת. (ר׳ שמואל שמריה אַסטראָווצער).

---

## ואהרן מה הוא, כי תלינו עליו (טז. יא.)

קרח האָט זיך מתקנא געווען אין משה׳ן. מיט גרויס עזות האָט ער גע׳טענה׳ט „כי כל העדה כלם קדושים״, אויך ער בתוכם, איז ער דאָרום ראוי, פּונקט ווי משה, צו זיין דער מנהיג בישראל.

אויף דעם האָט איהם משה געענטפערט: „המעט מכם כי הבדיל?״ אויב איהר רעכענט זיך טאַקע פאַר העכערע בעלי־מדרגה אין פאָלק, לכן אתה וכל עדתך, האָסטו מיט דיין עדה דורך דעם מחלוקת באַ־וויזען „הנועדים על ה׳ ״, אַז איהר האָט זיך פאַרזאַמעלט געגען גאָט... „ואהרן מה הוא״ — דווקא אהרן וואָס האַלט זיך פאַר אַן עניו ושפל־רוח, „כי תלינו עליו״, וואָס אויף איהם קריגט איהר, איז ער צוליב דעם אַליין מעהר ראוי צו זיין כהן גדול גיכער ווי דו און וועגער פון דיין עדה. (רבי מלובלין).

---

## וישלח משה לקרא לדתן ואבירם (טז. יב.)

„מכאן שאין מחזיקין במחלוקת״ (רש״י). — ביי אַ מחלוקת טאָר מען קיינמאָל ניט זאָגען, ווייל מ׳האָט שוין אייניגע מאָל געפּרואווט מאַכען שלום און עס איז נישט געלונגען דאַרף מען אויפגעבען די האָ־פענונג פאַר שלום. ביי אַ מחלוקת איז נישטאָ קיין חזקה אַז אַזוי דאַרף עס זיין. וויפיל דורכפאַלען מען זאָל נישט האָבען צו ברענגען די קריגערישע צדדים צו א שלום, טאָר מען ניט אָפּגעשוואַכט ווערען, נאָר אונאויפהערליך האַלטען אין פּרואווען ברענגען די שטרייטענדע

צדדים צי אָן אויסגלייך. אַזוי האָט משה געטאָן נאָך עטליכע מאָל אַפּעלירען און רעדען צו קרח'ן און זיין עדה. ער איז ניט מיד געוואָרען און ניט אַנטוישט געוואָרען און האָט נאָך אַמאָל געשיקט נאָך זיי. (ר' יצחק וואָרקער).

## כי תשתרר עלינו גם השתרר (טז. יג.)

ווי קומט עס וואָס אַזאַ קרח מיט זיין עדה, זאָלן חושד זיין משה'ן אין הערשאַפט, וואָס מיינט גאוות, ווען די תורה זאָגט עדות „והאיש משה ענו מאד מכל האדם"?

— באמת האָט משה געפירט זיין כסא־הרבנות, שטרענג מיט ברייטען פאַרנעם ווי עס פּאַסט פאַר אַ מנהיג, אינערליך אָבער אין האַרצען, זאָגט אונז די תורה, אַז משה איז געווען אַ גרויסער ענו און אַט דאָס איז דער עיקר ענוה. ניט ווי מאַנכע וואָס געהען מיט'ן פּנים איינגעבויגען צו דער ערד, מאַכען זיך פאַר ענוים, זיינען טאַקע ענוים, אָבער באמת זיינען די דאָזיגע מענשען די גרעסטע בעלי־גאווה. (ר' משה קאָברינער).

## ויקם משה וילך אל דתן ואבירם. וילכו אחריו זקני ישראל (טז. כה.)

זינט יענער צייט ווען משה איז געגאַנגען צו דתן ואבירם, „וילכו אחריו" פאָלגען איהם נאָך דעמזעלבען דרך די „זקני ישראל", די אידישע צדיקים און מנהיגים, דערנידעריגען זיך און מאַכען זיך שפל, געהענדיג צו די „דתן ואבירם'ס"... (ר' שלום בעלזער).

## ותפתח הארץ את־פיה (טז. לב.)

ווייל די אידען האָבען געעפענט זייערע מיילער צו רעדען לשון־הרע און רכילות וואָס האָט דערפירט צום מחלוקת של קרח — „ותפתח הארץ את פיה".

אדרבה, עס האָט באַדאַרפט שטעהן „נסו מקולם", די אידען זיינען אַנטלאָפען פון זייערע קולות.

— ווען אויף אידען קומען צרות, געפאַרען לויערען איבער זייערע קעפּ. „נסו לקולם" לויפען זיי צו זייער קול אין שוהל אַריין, שרייען, בעטען און וויינען פאַר'ן רבונו של עולם. (ר' שלום בעלזער).

## וכל ישראל אשר סביבותיהם נסו לקולם (טז. לד.)

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן ר' ברוך, פאַר וואָס זאָגט מען „רייך ווי קרח". קרח איז דאָך געוואָרען איינגעזונקען מיט'ן געלד, טאָ פונוואַנען ווייסט מען אַז ער איז געווען רייך?

— דאָס ווערטעל האָט אַ טיפע באַדייטונג — האָט דער רבי ר' ברוך מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — דאָס רוב אידישע עשירים זיינען רייך נאָר ביים לעבען. גאַנץ אָפט האַלט מען איינעם פאַר אַ גרויסען גביר און מען שאַצט זיין פאַרמעגען אין די אלפים ורבבות צוליב זיין שטאַטליכע אויפפירונג און ברייטען פאַרנעם, אָבער אַז ער שטאַרבט, ווערט מען ערשט נאָכן טויט געוואויר, אַז באמת איז דער געשאַצטער עושר געשטאָרבען אַ גרויסער קבצן. קרח אָבער איז איינגעזונקען געוואָרען מיט זיין גאַנץ עשירות, איז ער געבליבען ביי זיין נאָמען, אַז ער איז געשטאָרבען אַ גביר...

---

## ויעמוד בין המתים ובין החיים (יז. יג.)

ויעמוד איז אַ לשון תפלה, ווי די חז"ל זאָגען, „אין עמידה אלא תפלה, שנאמר ויעמוד פנחס ויפלל" (ברכות). פנחס האָט גע'טענה'ט צום רבש"ע: זעה דעם חילוק צווישען די לעבעדיגע און טויטע. בעת די ערשטע טוען מצוות און מעשים טובים, דאַווענען און לויבען דיך, קענען די לעצטע גאָר ניט טאָן — לא המתים יהללו־יה און צוליב דעם ותעצר המגפה. (ראַדאָמסקער).

---

## והיה האיש אשר אבחר בו מטהו יפרח (יז. כ.)

נאָך וואָס האָבען די נשיאים באַדאַרפט ברענגען זייערע שטעקענס צוזאַמענלייגען זיי מיט אהרן הכהנ'ס שטעקען. ווען אהרנ'ס שטעקען וואָלט אָנגעהויבען בליען וואָלט דאָך דאָס אַליין געווען אַ נס און אַ באַווייז „כי הוא הנבחר"?

— די תורה דערצעהלט אונז דאָס פרומקייט, ערליכקייט און עניוות פון די נשיאים. זיי האָבען אומישנע געבראַכט זייערע שטע־קענס, כדי מפרסם צו מאַכען ברבים אַז צווישען די אַלע שטעקענס פון די נשיאים האָט אהרן הכהנ'ס שטעקען געבליהט. דאַרום איז דאָס אַ צייכען אַז אַזוי איז דער רצון פון הקב"ה, אַז נאָר אהרן דאַרף משמש זיין בכהונה. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען צווישען די אידען און האָבען דערצעהלט, אַז זיי זיינען ניט פון גאָט געוואָרען אויסדערוועהלט, נאָר אהרן הכהן. (ר' ישראל ריזשינער).

# חקת

## זאת חקת התורה. (יט. א.)

דעריבער האָט דער בורא געגעבען אונז חוקים ומשפטים און מצוות וואָס זיינען אומפאַרשטענדליך פאַר אונזער שכל, כדי צו ווייזען אַז מיר טוען די מצוות און חוקים ניט מחמת אונזער איבערצייגונג און שכל׳דיגקייט, נאָר אויסשליסליך מטעם אשר צוה ה׳. (בערדי־טשיווער).

---

ולגדולתו אין חקר״, אין עבודת השם יתברך זאָלסטו ניט געהן מיט קיין חקירה, רק זאָלסט גלויבען אין גאָט באמונה שלמה. (ר׳ משה קאָברינער).

---

„האדרת והאמונה לחי עולמים״ — אַז מען איז שטאַרק אין דער אמונה, לעבט מען לאנג. (קאָצקער).

---

„זאת חקת התורה״ — ווען אַ איד געהט תורה לערנען אָדער טאָן אַ מצוה, איז דער עיקר זיין כוונה זאָל זיין, „אשר צוה ה׳ ״, אַז אַזוי האָט איהם גאָט געבאָטען. (ר׳ יצחק בידיס).

---

„זאת חקת התורה״ — דער עיקר לימוד התורה דאַרף זיין לשמה, ניט כדי גערופען צו ווערען „רבי״ אָדער „חכם״. (ר׳ משה׳לע קאָזשע־ניצער).

---

„זאת חקת התורה״ — אמת׳ע תורה זאָגען איז נאָר „אשר צוה ה׳״, וואָס ווערט פון פריער ניט צוגעגרייט און אויסגעלערנט נאָר קומט אין רעיון „לאמר״, בעת דעם זאָגען. (ר׳ אָשר הורוויץ).

---

דער וואָס זאָגט תורה ברבים, דאַרף זיין נזהר, זיינע רייד זאָלען זיין גלאַט, קלאָר און פאַרשטענדליך און ער זאָל ניט זאָגען אַ „דבר שאינו ראוי לשכל המקבל״. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

„זאת חקת התורה" — די גאַנצע תורה ומצוות באַשטעהען פון חוקים ומשפטים וואָס זייער טעם איז פאַר אונז פאַרהוילען. דער עיקר קיום התורה והמצוות איז ביי אונז מחמת „אשר צוה ד' לאמר". (בערדיטשיווער).

---

„זאת חקת התורה" — דאָס איז אַ געזעץ פון דער תורה, אַז יעדער איד דאַרף בכל יום ויום מתפלל זיין מיט יראה ופחד לפני ה' הגדול והנורא. אשר צוה ה' ווייל אַזוי האָט גאָט געבאָטען, לאמר — מיר זאָלען דאַווענען. (יוד הקדוש).

---

„זאת חקת התורה" — ווען אַ מענש וויל טאָן אַ מצוה, טענה'ט צו איהם דער יצר־הרע: „מה המצוה הזאת? ס'איז בחנם דיין טרחה, דיין צייט, דיין ענערגיע און דיין געלד, ביים רבש"ע ווערט דאָס ניט פאַררעכענט פאַר קיין מצוה!" און ווען דער מענש האָט שוין געטאָן די מצוה, טענה'ט צו איהם דער יצר־הרע, „מה טעם יש בה? ווייסטו כאָטש דעם טעם פון דער מצוה? וואָס פאַר אַ הנאה האָסטו געהאָט פון דער מצוה?"

דערויף עצה'ט אונז רש"י, וואָס מיר זאָלען ענטפערען דעם יצר־הרע. פאַר'ן טאָן די מצוה זאָלען מיר איהם זאָגען „גזירה היא", אַזוי האָט דער מלך, דער רבש"ע געבאָטען און עס איז אַ מצוה אַזוי צו טאָן און נאָך דעם טאָן די מצוה, זאָלען מיר איהם זאָגען: „אין לך רשות להרהר אחריה". (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

---

„זאת חקת התורה" — נישט בלויז טאָרען מיר ניט מהרהר זיין און חקרנ'ען זיך וועגען די מצוות, וועלכע זעהען אין פלוג אויס נגד השכל, נאָר מיר דאַרפען זיך סומך זיין אויף אונזער אמונה. נאָר אפילו אַזעלכע מצוות, וועלכע זיינען פאַרשטענדליך על־פי־שכל, דאַרפען מיר זיי אויך טאָן, נישט מטעם ווייל אַזוי דיקטירט דער שכל, נאָר ווייל „זאת חקת התורה". (ר' אלימלך דינאָווער).

---

„זאת חקת התורה אשר צוה ה' לאמר" — די מצוות וואָס מען קען ניט מקיים זיין בפועל ממש אָדער וואָס זיינען ניט נוהג בזמן הזה, דהיינו מצוות התלויות במקדש, מצוות וואָס זיינען שייך בלויז פאַר כהנים האָט גאָט געבאָטען אַז די מצוות התורה זאָלען מיר מקיים זיין אין לאמר: „ונשלמה פרים שפתינו". איין מצוה וואָס מיר קענען ניט מקיים זיין באמירה, נאָר מיר מוזען פראַקטיצירען, איז „אחדות"

און דער איד וואָס איז מקיים די מצווה פון שלום און אחדות, איז גלייך ווי ער וואָלט מקיים געווען כל התורה כולה. (רמ"ל סאַסעווער).

---

## פרה אדומה (יט. ב.)

„על כל דבר היה שלמה המלך עליו השלום אומר טעמים, כיוון שהגיע לפרשת פרה אדומה אמר : „אמרתי אחכמה והיא רחוקה ממני". (מדרש). ביז שלמה המלך איז געקומען צו דער מצוה פון פרה אדומה, האָט ער געמיינט, אַז ער ווייסט קלאָר און זיכער דעם סוד הטעמים פון אַלע מצוות פון דער תורה, קומענדיג צו דער מצוה פון פרה אדומה און וועלענדיג פאַרשטעהן דעם טעם, האָט שלמה געזאָגט צו דער חכמה : „רחוקה היא ממני", איצט זעה איך, אַז ניט בלויז ווייס איך ניט דעם טעם פון דער „פרה אדומה", נאָר אַלע טעמי המצוות וואָס איך האָב געגלויבט, אַז איך פאַרשטעה זיי, זיינען מיר ניט קלאָר און פאַר מיר פאַרבאָרגען. (רבי ר' העשל).

---

„צו וואָס דאַרף אַ מענש האָבען די בלינדע קישקע, ווען דאָק־טוירים אָפערירען און שניידען אויס די בלינדע קישקע און מענשען לעבען און זיינען געזונט ?"

— כידוע, געפינט זיך אין'ם מענש צוויי הונדערט אַכט און פערציג אברים און דריי הונדערט און פינף און זעכציג אָדערען אַנט־קעגען די צוויי הונדערט אַכט און פערציג מצוות־עשה און די דריי הונדערט און פינף און זעכציג לא־תעשה'ס, וואָס געפינען זיך אין דער תורה. צווישען זיי זיינען פאַראַן מצוות מיט טעמים. אָבער אויך מצוות אָהן טעמים. דערפאַר איז אויך פאַראַן אין מענשען אברים וואָס זייער נוצליכקייט איז אומדערקלערבאַר לגבי די מצוות אין דער תורה, וואָס אויך זייער טעם איז ניט פאַרשטענדליך. (ר' ירחמיאל פשיסכער).

---

„לפי שהשטן ואומות העולם מונין את ישראל, לומר מה המצוה הזאת ומה טעם יש בה ?", פאַר וואָס פרעגען די אומות־העולם דווקא אויף דער מצווה „פרה אדומה", עס איז דאָך פאַראַן אויך אַנדערע מצוות, וואָס האָבען ניט קיין טעם ?

כידוע, ברענגט רש"י דעם טעם פון דער „פרה אדומה" פון ר' משה הדרשן, אַז דאָס איז כדי מכפר צו זיין אויף'ן חטא פון'ם עגל. דאָרום פרעגען די אומות־העולם דעם טעם פון דער מצוה ניט כדי צו וויסען דעם טעם המצוה, נאָר כדי צו דערמאָנען די אידען דעם חטא העגל,

אַרויסצורופען דעם שטן ער זאָל מקטרג זיין אויף די אידען. (רמ"מ זלאָטשאָווער).

## אשר אין בה מום (יט. ב.)

דער מענש וואָס באַטראַכט זיך אַז ער איז בתכלית השלימות, אַ מענש מיט בלויז מעלות, איז דאָס אַליין אַ סימן, „אשר לא עלה עליה עול" — אַז אויף איהם איז ניט אויפגעצאָגען קיין עול מלכות שמים, ווייל ווען דער מענש וואָלט באַזעסען דעם עול מלכות שמים וואָלט ער געוואוסט, אַז עס איז ניטאָ קיין מענש, וואָס זאָל זיין בתכלית השלימות. (רבי מלובלין).

---

צום רבי'ן ר' בונם זיינען אַמאָל געקומען צוויי יונגעלייט פרעגען אַן עצה מיט וואָס צו האַנדלען, זיי זאָלען מצליח זיין.

— האַנדעלט מיט יאַכטען, איך בין אויך אַ גרויסער סוחר פון יאַכטען, און בין ב"ה מצליח.

— דער רבי מיינט יאַכטען לעדער? — האָבען די יונגע לייט געפרעגט.

— ניין, איך מיין יאַכטען „כשור לעול וחמור למשא", מיט'ן יאָך פון מלכות שמים.

---

„אשר אין בה מום" — אַזוי איז שוין די טבע פונ'ם בעל־מום, תמיד צו זעהן דעם חסרון ביי יענעם. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

בימי ילדותו איז ר' חיים צאַנזער געפאָרען קיין ראָפשיץ. איינמאָל האָט ער געדונגען אַ בעל־עגלה, האָט זיך מיט איהם משוה געווען כך וכך פאַר דער נסיעה קיין ראָפשיץ. אַריינקומענדיג אין שטאָט, האָט דער בעל־עגלה געפאָדערט מערער וויפיל ער האָט זיך משוה געווען.

פאַר וואָס קומט דיר מעהר, מיר האָבען זיך דאָך פריער משוה געווען דעם מקח און דו ביזט געווען צופרידען? — האָט דער צאַנזער גע'טענה'ט צו איהם.

— חסידים גנבים! — האָט דער בעל־עגלה אויסגעשריען מיט רוגזה צום צאַנזער.

— דו לאָמער קאַליקע! — האָט איהם דער צאַנזער אָפּגעענטפערט.

— זעה נאָר — האָט דער בעל־עגלה געחוזק'ט, — ער רופט מיך

קאַליקע און אַליין לאָמט ער אויף אַ פוס (דער צאַנזער איז געווען הינ־קענדיג אויף איין פוס).

— וואָס לאַכסטו אַזוי? — האָט איהם דער צאַנזער אָפּגעענט־פערט — דו רופסט מיך מיט דיין נאָמען, רוף איך דיך מיט מיין נאָמען...

## ושחט אותה לפניו (יט. ג.)

„זר שוחט ואלעזר רואה". (רש"י). אויב איינער איז אַ זר, אַן אָפּגעפרעמדטער פון אידענטום, נאָר ביי אַ געלעגענהייט איז ער זיך מקריב, מוסר־נפש פאַר זיין אמונה און פאָלק — „אל־עזר רואה", זעהט דאָס דער רבש"ע און איז איהם מקבל באהבה ווי אַ צדיק. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

## זאת התורה אדם כי ימות באוהל (יט. יד.)

דער צדיק ומנהיג הדור וואָס זעהט די שלעכטיגקייט פון די מענ־שען, זייערע פאַרברעכערישע מעשים און קרומע וועגען און ער שטערט זיי נישט, מוסר'ט זיי נישט, איז שטיל, זאָגט גאָר נישט, אַזאַ צדיק און מנהיג האָבען מענשען ליב און רעספּעקטירען, ווייל ער איז פּונקט ווי די ספר־תורה אין אָרון־קודש, שטיל. אָבער אַ צדיק און מנהיג הדור, וואָס שטראָפט מיט האַרבע רייד די מענשען פאַר זייערע פאַרדאָרבענע מעשים און התנהגות, אַזאַ מנהיג האָבען מענשען פיינט. דערפאַר האָבען די חז"ל געזאָגט: „הני בבלאי טפשאי דקיימי מקמי ספר תורה, ולא קיימי מקמי גברא רבה", אַז נאַראָנים רעספּעקטירען נישט דעם תלמיד־חכם, וואָס לערענט זיי דעם דרך־הישר, שטראָפט זיי פאַר זייערע חטאים נאָר האָבען דרך־ארץ און גיבען רעספּעקט דעם תלמיד־חכם וואָו איז פּונקט ווי די ספר־תורה אין ארון־הקודש שטיל, זעהט די שלעכטע דרכים פון די מענשען און שווייגט.

ווען אָבער דער צדיק און מנהיג שטאַרבט, ער קען די מענשען מעהר נישט שטראָפען „זאת התורה", ווערט ער אויך גלייך צו דער תורה אין אָרון־הקודש, „אָדם כי ימות באהל", ער ליגט אין אָרון און מען געהט איהם באַהאַלטען אין אַן אהל. דעמאָלט האָבען איהם אַלע ליב, ווי זיי האָבען ליב די ספר־תורה און זאָגען איהם נאָך שירים ותשבחות. (ר' יהושע'לע זשיקאָווער).

„זאת התורה אָדם" — דער מענש וואָס האַלט זיך אויף אַ הויכער מדרגה, האַלט הייליג און ריין זיינע רמ"ח אברים, וואָס זיינען כנגד

די רמ"ח מצוות עשה און די שס"ה גידין וואָס זיינען כנגד די שס"ה מצוות לא תעשה, אַזאַ מענש איז אַ — תורה. (ר' יעקב ישראל טשערקאַסער).

---

## וכל כלי פתוח (טו. יט.)

יעדעס מויל, וואָס איז אָפען, „אין צמיד פתיל עליו", האָט ניט קיין צודעק, האַלט שטענדיג אין רעדען, „טמא הוא" — אַזאַ מויל איז אומריין און שעדליך. (ר' צבי הירש זבאַרעשער).

---

אַ איד אַ משכיל האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' גרשון העניך ראַדזינער:

— איהר זאָגט „ליכא מידי דלא רמיזא באורייתא", יעדער מנהג און טראַדיציע וואָס מיר פּראַקטיצירען, געפינט זיך ערגעץ אין דער תורה אַ רמז אָדער אַנדייטונג. אדרבה, ווייזט מיר וואו געפינט זיך אין דער תורה אַן אַנדייטונג, אַז אַ איד טאָר ניט געהן אָהן אַ היטעל?

— „וכל כלי פתוח" יעדער אויפגעדעקטער קאָפּ, „אשר אין צמיד פתיל עליו" וואָס טראָגט ניט קיין צודעק, קיין היטעל, „טמא הוא", אַזאַ איז אַ טמא מענש! — האָט אים דער ראַדזינער כלאחר יד אָפּגעענטפערט.

---

## שמעו־נא המורים (כ. י.)

אָט דאָס וואָס די חז"ל זאָגען „משבא לכלל כעס בא לכלל טעות". דערפאַר וואָס משה איז אין כעס געוואָרען אויף די אידען, האָט די שכינה זיך פון איהם אָפּגעטאָן און ער איז באַגאַנגען דעם טעות און האָט געשלאָגען דעם שטיין. (רבי ר' העשל).

---

משה רבנו, דער רועה נאמן לישראל האָט בכוונה געשלאָגען דעם שטיין, כדי עס זאָל ניט געשאַפען ווערען קיין קטרוג געגען די אידען, אַז אַ שטיין וואָס רעדט נישט און הערט נישט, פאָלגט גיכער דעם געבאָט פון גאָט ווי די בני ישראל. (רמ"מ וואָרקער).

---

## המן הסלע הזה נוציא לכם מים (כ. י.)

„סלע" מיינט מען צדקה. ווי די חז"ל זאָגען „הנותן סלע לצדקה",

מיינען טאַקע די אידען „המן הסלע הזה של צדקה, נוציא לכם מים", אַז מיט איין סלע צדקה זיינען זיי שוין יוצא אַלע מצוות התורה? (רמ"ל סאָסעווער).

---

## ויאמר אליו אדום לא תעבור בי (כ. יח.)

פאַר וואָס האָט אדום ניט געענטפערט „לא תעבור באַרצי"? וואָס איז די באַדייטונג פונ'ם וואָרט „בי"?

— אויפ'ן פסוק „עם לבן גרתי" זאָגט רש"י יעקב האָט דורך זיינע שליחים באַפוילען עשו'ן „לא נעשיתי שר וחשוב". די ברכה וואָס דער טאַטע האָט מיך געבענטשט „הוה גביר לאחיך" — „לא נתקיימה בי", זיינען געבליבען פונ'ם וואָרט „גביר" די אותיות „גר", האָט דאָס אדום געגעבען אָנצוהערען די אידען — „דעם תירוץ וואָס אייער פאָטער יעקב האָט אָנגעגעבען עשו'ן, אַז איהר זייט גרים דאַרום ווילט איהר בלויז דורכגעהן מיין לאַנד — „לא תעבור בי", דער תירוץ וועט פאַר אייך ניט גילטען... (רמ"ל סאָסעווער).

---

## אם נתון תתן את העם הזה בידי (כא. ב.)

אויפ'ן פסוק „וישמע הכנעני מלך ערד יושב הנגב", זאָגט רש"י „זה עמלק, שנאמר עמלק יושב בארץ הנגב", נאָר די עמלקים האָבען בכוונה געענדערט זייער לשון פאַר כנעניש, כדי צו פאַרפירען די אידען, זיי זאָלען מיינען אַז זיי זיינען כנענים. די אידען דערזעהענדיג זייערע מלבושים זיינען ווי פון עמלק, זייער לשון איז כנעניש. זיינען טאַקע מבולבל געוואָרען, האָבען זיי דאַרום סתם געבעטען צו גאָט „אם נתון תתן את העם הזה בידי".

— איז דאָך אין פלוג קשה, פאַרוואָס האָבען די עמלקים אויך שוין ניט געענדערט זייערע קליידער ווי די כנענים, וואָלטען די אידען אינגאַנצען זיי ניט דערקענט און געווען אָנגענומען זיי פאַר כנענים?

— אפילו ווען די עמלקים וואָלטען געווען געקליידעט זיך כנעניש און די בני ישראל וואָלטען זיי געווען אָנגענומען פאַר כנענים און גאָט געבעטען ער זאָל אין זייערע הענט איבערגעבען די כנענים, וואָלט סיי ווי דער רבש"ע געווען זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די אידען כאָטש אין אמת'ן זיינען זיי געווען עמלקים. ווייל געוואוסט האָבען די עמלקים, אַז אויב זיי ענדערען זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך און אייגענאַרטיגע פאָלקסטימליכע קליידונג מעגען זיי לויט זייער געבורט זיין עמלקים, האָבען זיי דעם דין ווי אמת'ע כנענים.

האָבען זיי דאַרום אינגאַנצען ניט געוואָלט אויסטאָן און ענדערען זייער פאָלקס כאַראַקטער און פון דעם לערנען מיר, אַז דער וואָס ענדערט זיין נאַציאָנאַלע שפּראַך פאַר אַ פרעמדער, קליידט זיך אין פרעמדע מלבושים, מעג ער פון געבורט זיין אַ איד, באַלאַנגט ער אָבער אין כאַראַקטער צו דעם פאָלק וועמענס שפּראַך ער רעדט און וועמענס מלבושים ער גיהט געקליידעט. (חידושי הרי״ם).

---

## וישלח ה׳ בעם את הנחשים השרפים וינשכו את העם (כא. ו.)

גאָט האָט אָנגעשיקט אויף דער אידישער מחנה, פאַלשע מענשען, צבועים, לשון־הרע׳ניקעס, רכילות־טרייבער, פאַררעטער, צעשטערער און צעברעכער פון דער אידישער מחנה. דאָס זיינען נחשים בדמות אדם, אין זייערע מיילער און צינגער טראָגען זיי טויטליכען גיפט, וואָס קען אָוועק׳הרג׳ענען מחנות אומשולדיגע מענשען, אַריינברענגען פאַרווירונג, דיסאָרגאַניזאַציע און דעמאָראַליזאַציע צווישען פאָלק. (ר׳ יעקב איזשביצער).

---

## עשה לך שרף (כא. ח.)

„עשה לך שרף״ איז אַ רמז אויף דער ברכה „להדליק נר של חנוכה״. ושים אותו על נס, אויף ברכת „שעשה נסים״. וראה אותו וחי, אויף ברכת שהחיינו. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

## על־כן יאמרו המושלים בואו חשבון (כא. כז.)

די גבורים, וועלכע זיינען מושלים איבער זייער יצר־הרע וועלען זאָגען „בואו חשבון״, לאָמיר מאַכען אַ חשבון הנפש, מפשפש זיין במעשים לאָמיר זעהן דאָס גוטע און שלעכטע אין לעבען, דעם תכלית און צוועק פון מענשליכען לעבען. אָט־די מושלים ביצר־הרע, „תבנה ותכונן״, האָבען אויסזיכטען צו דערגרייכען צו אַ הויכער מענשליכער מדרגה און געבענשט זיין אין זייער לעבען מיט פולשטענדיגער צופרידענהייט. (ר׳ זאב צבי זבאַרישער).

---

כידוע, פלעגט דער רבי ר׳ אלימלך כל ימיו זיין אין תשובה, פייניגען זיין גוף מיט יסורים און תעניתים, כדי צו צעברעכען אַלע תאוות־הגוף. איינמאָל האָט ער אין דער אָנוועזענהייט פון „בעל באר־

משה" פון קאָזשעניץ געזאָגט אויף זיך, אַז ער איז דער ערגסטער מענש אויף דער וועלט.

— מיינט איהר דאָס מיט'ן גאַנצען האַרצען? — האָט איהם ר' משה'לע קאָזשעניצער געפרעגט — איך פאַרשטעה דאָס נישט און קען דאָס מיט'ן שכל ניט משיג זיין!

— וואָס פאַרשטעהט איהר נישט? — האָט איהם דער רבי ר' אלימלך אָפּגעענטפערט — אַז מען שטעכט אין געדיכטען מאַטעריאַל מאַכט דאָס ניט אַזאַ גרויסען שאָדען, גרייכט עס נישט אַזוי טיף און איז ניט אַזוי קענטיג, ווי ווען מען שטעכט אין אַ שיטערער זאַך. גרייכט דאָס טיף און דער שאָדען איז גרויס.

אַזוי איז מיט אַ מענש. אַ פּראָסטער מענש אפילו וואָס טוט אַ גרויסע עבירה, טוט דאָס איהם ניט אַזוי פיל שאָדען און איז אויף איהם נישט אַזוי שטאַרק ניכר, ווי די גרינגסטע עבירה וואָס מאַכט שאָדען און לאָזט אַ טיפען צייכען אויפ'ן צדיק.

---

## ונירם אבד חשבון (כא. ל.)

דער מענש וואָס מאַכט זיין חשבון־הנפש. „אבד" פאַרלירט ער (ונירם לשון רם) זיין גאות. (משמרת איתמר).

# ב ל ק

## **וירא בלק** (כד. ב.)

בלעם הרשע האָט זוכה געווען צו רוח־הקודש — **זאָגט דער מדרש** — כדי די אומות־העולם זאָלען ניט האָבען קיין **פתחון־פה אין** טאָג פון זייער יום־הדין צום רבש״ע „שאתה רחקתנו ולא נתת לנו כמו שנתת לישראל בעולם״. ווען מיר וואָלטען געהאַט נביאים וואָס זאָלען אונז לערנען ווי די אידען, וואָלטען מיר אויך געווען געגאַנגען אין גוטען וועג.

— אדרבא, לויט דעם מאמר, וואָלטען דאָך די אומות־העולם גע־האָט אַ גערעכטע טענה צום רבש״ע. פאַר וואָס ער האָט די אידען געגעבען אַ נביא אמת, משה, וואָס האָט זיי מדריך געווען בדרך הישר און די אומות־העולם האָט ער געגעבען אַ נביא שקר, וועלכער האָט זיי פאַרפירט ?

— לעולם, האָט משה רבנו געוואָלט די אומות־העולם פונקט ווי די אידען לערנען דעם דרך האמונה, ווי די תורה דער־צעהלט, יעדע מכה וואָס משה האָט געבראַכט אויף די מצרים, האָט ער געזאָגט צו פרעה, „למען תדע״, זאָלסט וויסען אַז די מכה וואָס גאָט שיקט אויף די מצרים איז חלילה ניט מחמת אכזריות, נאָר דער עיקר צוועק איז „כי אני ה׳ בקרב הארץ״ — כדי פרעה און די מצרים זאָלען אָוועקוואַרפען זייער געצענדינערישע אמונה און אָנערקענען דעם בורא עולם.

פרעה, די מצריים און די שפּעטערדיגע דורות פון די אומות־העולם האָבען ניט געגלויבט, אַז די מופתים וואָס משה האָט באַוויזען אין מצרים זיינען פון גאָט. זיי האָבען געהאַלטען משה׳ן פאַר אַ גרויסען מכשף וואָס האָט געלערנט די מלאכה פון כישוף אין מצרים און די אַלע מופתים זיינען די אַרבייט פון אַ גרויסען כישוף־מאַכער. האָט זיי דעריבער השי״ת געגעבען אַ נביא בלעם, וואָס האָט אויך באַוויזען מופתים און אין זיינע רייד האָבען די אומות־העולם געגלויבט באמונה

שלמה. אַז די פעלקער וועלען אין יום־הדין טענה'ן, אַז דערפאַר האָ־בען זיי ניט געהאַט קיין אמונה אין משה'ן, ווייל זיי האָבען ניט גע־גלויבט אין קיין מופתים, וועט זיי דער רבש"ע פרעגען: פאַרוואָס האָט איהר געגלויבט אין די מופתים, נבואות, נחשים וקסמים, און אין אַלע ווילדע נאַרישקייטען פון בלעמ'ען? (רבי ר' בונם).

---

ווי קומט וואָס מ'האָט אַ סדרה אַ נאָמען געגעבען נאָך אַ גוי, אַ שונא ישראל?

—„בידוע, שעשו שונא ליעקב" — אַלע גויים האָבען פיינט אידען, נאָר אַ סך באַהאַלטען זייער שנאה, פאַרדעקען זי מיט שעהנע הומאַניטאַרע ווערטער, פאַראַדירען אָפט אַלס גוטע פריינד און מיר ווייסען ניט אַז מיר דאַרפען זיך פאַר זיי היטען. בלק אָבער איז געווען אַן ערליכער גוי, ער האָט עפענטליך געזאָגט, אַז ער האָט פיינט אידען און אויף אַזאַ גוי קען מען שוין אָנרופען אַ סדרה. (ר' מאיר'ל פרע־מישלאַנער).

---

## קום לך אתם (כב. כ.)

השי"ת האָט געזאָגט צו בלעמ'ען, דו קאָנסט געהן אויב דו ווילסט, עס וועט אָבער דערפון גאָר ניט ווערען. דו וועסט גאָר ניט אויפטאָן. „אך את הדבר אשר אדבר אליך אותו תעשה". בלויז דאָס וועסטו דערגרייכען וואָס איך וועל רעדען מיט דיר — מער ניט. (ר' פנחס'ל קאָריצער).

---

## ויקם בלעם בבקר ויחבוש את אתונו (כב. כא.)

בלעם הרשע, — האָט דער רבש"ע געזאָגט צו איהם — מה־דאָך אברהם אָבינו האָט זיך אויפגעהויבען פרי און האָט אַליין איינגעשפּאַנט דעם אייזעל אויסצופירען מיין רצון וואָס איך האָב איהם געהייסען איז פונדעסטוועגען פון דעם גאָר גישט געוואָרען, האָב איך ניט דערלאָזט אַז ער זאָל מקריב זיין יצחק'ן, ווייל איך האָב געוואָלט, אַז פון איהם זאָל אַרויסקומען דאָס אידישע פאָלק — מכל־שכן, ווען דו שטעהסט אויף אינדערפרי אָנצוזאָטלען דיין אייזעל כדי שלעכטס צו טאָן די אידען געגען מיין רצון, וועט דאָך פון דעם געוויס גאָר ניט ווערען. (קאָצקער).

## הן עם לבדד ישכן (כג. ט.)

אַזוי לאַנג קענען די אידען זיך האַלטען אָפּגעזונדערט פון די פעלקער און זיך מיט זיי ניט אַסימילירן „ובגויים לא יתחשב", ווי לאַנג די אידען האָבען קיין שום חשיבות נישט ביי די פעלקער, ווי לאַנג די אומות־העולם רעכענען זיך ניט מיט זיי. (בעש"ט).

דער בעש"ט זייענדיג אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט פרייטאָג אַרויס־געהענדיג פון מקוה באַמערקט דאָס אָנקומען פון צוויי אַראַבער, האָט ער געזאָגט צו זיינע באַגלייטער — לאָמיר זיי אויסמיידען כדי זיי זאָלען מיך ניט אָנרירען ביים דורכגעהן. באַלד האָט ער דערהערט ווי איין אַראַבער זאָגט צום צווייטען: „לאָמיר אַוועקגעהן פון די מצורעים'דיגע אידען, זיי קענען אונז נאָך מטמא זיין!"

אויף דעם האָט בעש"ט באַמערקט: „הן עם לבדד ישכון" דאָס וואָס די אידען קענען פאַרבלייבען אַן „עם לבדד" און זיך ניט אויס־מישען מיט די פעלקער איז נאָר צוליב דעם „ובגויים לא יתחשב" ווייל זיי האָבען ניט קיין חשיבות ביי די גויים, זיי דערווייטערען זיך פון אונז, מיר זיינען ביי זיי פאַררעכענט פאַר מצורעים און בזויים.

## תמות נפשי מות ישרים (כג. י.)

אַ איד אַ משכיל, פאַרברענגענדיג אַמאָל אין שמועס מיט ר' יהושע'לע בעלזער האָט וואוליאונגעריש אַ זאָג געגעבען:

— איך האָף אַז שטאַרבען וועל איך אַ איד.

— לעבען ווי אַ גוי און שטאַרבען ווי אַ איד האָט געהאַפּט אַ גרע־סערער גוי פאַר דיר — האָט איהם ר' יהושע'לע אָפּגעענטפערט — בלעם האָט געבעטען „תמות נפשי מות ישרים", אָבער אַז מען לעבט ווי אַ איד, דאַרף מען גאַר ניט בעטען צו שטאַרבען ווי אַ איד.

## אפס קצהו תראה וכלו לא תראה (כג. יג.)

בלק האָט געזאָגט צו בלעמ'ען, ווען זעהן די אידען צעטיילט אין באַזונדערע טיילען וועסטו קענען זיי שעלטען און דיינע קללות וועלען האָבען אַ ממשות. „וכלו" וועלען די אידען, אָבער, זיין צוזאַ־מען אין אחדות, „לא תראה" וועסטו קיין שלעכטס ביי זיי ניט זעהן און דיינע קללות וועלען אויף זיי קיין שליטה ניט האָבען. (ר' יצחק ־אַדזיוויל'ער).

„אפס קצהו תראה", ביים יחיד קענסטו זעהן אַ פגם, אַ חסרון,

„וכלו" ביים כלל ישראל „לא תראה", קאנסטו קיין חסרון ניט געפינען. אין כלל שטעהען אידען העכער פון אלע אומות. (קאצקער).

---

## לא הביט און ביעקב (כג. כא.)

דער וואס זעהט ניט קיין אומרעכט ביי אידען, זוכט שטענדיג דן זיין אידען לכף זכות, אזא מענש „ה' אלקיו עמו ותרועת מלך בו". (ר' חיים צאנזער).

---

דער בעש"ט האט ניט געקענט סובל זיין קיין מגידים, וואס פלעגען אין זייערע מוסר־דרשות אויסרעכנען אויף אידען כל מיני חטאים. האט איינמאל אזא מגיד מוכיח געזאגט צום בעש"ט: אויך די תורה, ווי מיר געפינען אין פיל ערטער, מוסר'ט די אידען פאר זייערע חטאים.

— וואס פאר א פארגלייך? — האט דער בעש"ט מיט פאר־דראס אפגעענטפערט — דער רבש"ע מעג, עס זיינען זיינע קינדער, אבער א פראסטער בשר־ודם, מיט וועלכע רעכט נעמט ער זיך דאס צו מוסר'ן די קינדער פון גאט?

---

דער בארדיטשיווער האט שטרענג געהאט פארזאגט די גבאים פון זיין בית־המדרש ניט אריינצולאזען קיין מגידים מוכיחים. איינ־מאל איז געקומען צו איהם א מגיד מיט תחנונים און געבעטען איהם, היות ער האט חתונה צו מאכען א בוגרת און ער איז אליין א גרויסער קבצן, זאגט ער דרשות און האפט אזוי ארום צוזאמען צוקלייבען הונ־דערט רובעל פאר נדן, בעט ער דארום דעם בארדיטשיווער, ער זאל איהם דערלויבען דרש'ענען אין זיין בית־המדרש.

— ווערסטו מיר מבטיח זיין, אז דו וועסט ניט מוסר'ן דעם עולם און אויסרעכענען זייערע חטאים?

— מילא, אויב אזוי איז דער רצון פונ'ם רבי'ן, וועל איך אוודאי אויספאלגען!

— האסטו א כתב צו די גבאים, נאר זיי זהיר ונזהר מיט'ן באַ־דינג וואס איך האב דיר געשטעלט.

ווען דער מגיד האט אנגעהויבען זיין דרשה האט ער לכתחילה אויסגעהיט זיך פון מוסר, ווען ער האט זיך אבער צעווארימט, האט ער דעם עולם אנגעהויבען דערלאנגען די אמת'ע פארציע מוסר. דער בארדיטשיווער שטעהענדיג הינטערן טיר פון בית־המדרש איז שנעל אריין אין בית־המדרש, געעפענט דעם ארון־הקודש און אריינגעשריגען:

— רבונו של עולם, גלויב ניט דעם מגיד קיין וואָרט וואָס ער רעדט וועגען דיינע קינדער. דיינע קינדער זיינען דאָס שענסטע, נאָבעלסטע פאָלק אויף דער וועלט. העלף דעם מגיד תתונה מאַכען זיין בוגרת, וועט ער ניט אויסרעדען כל הרעות אויף דיינע קינדער !...

---

## וישא בלעם את עיניו וירא ישראל שוכן לשבטיו (כד. ב.)

„ראה שאין פתחיהם מכוונין זה כנגד זה" (רש"י). דאָס וואָרט „פתח" איז אַ לשון חרטה, ווי ס'שטעהט ביי אַ נדר „פתח חרטה" — אַ טיר צו חרטה. „פתחיהם", מיינט זייערע טירען פון חרטה. „ראה בלעם שאין פתחיהם מכוונין זה כנגד זה" — די חרטות און קנאה ביי אידען איינער אויף דעם אַנדערען זיינען ניט גלייכע. יעדער איד פאַרמאָגט אַזאַ מעלה וואָס דער צווייטער האָט נישט, ממילא איז יעדער מקנא די מעלה פונ'ם צווייטען און האָט חרטה וואָס די מעלה געפינט זיך ניט ביי איהם. בלעם האָט געזעהן, אַז ביים כלל ישראל זיינען פאַראַן אַזוי פיל גוטע מעלות און מדות, „ותהי עליו רוח ד'", עלה בלבו שלא יקללם, האָט ער זיי ניט געקענט שעלטען. (ר' ישראל ריזשינער).

---

„וירא את ישראל שוכן לשבטיו" — בלעם האָט די אידען געזעהן זיצען אין סוכות און אַז דער סכך באַשיצט זיי, אַז קיין אומה ולשון זאָל אויף זיי ניט קענען שולט זיין, האָט ער מיט עקסטאַז אויסגע־שריען: „מה טובו אהליך יעקב, משכנותיך ישראל". (ר' אהרן קאַר־לינער).

---

## נאום הגבר שתום העין אשר מחזה שדי יחזה, נופל וגלוי עינים (כד. ד.)

איז אַזוי דער פירוש. „נאום הגבר" — דער נידעריג קליינער מענש וואָס זאָגט אַז אַלעס איז בדרך הטבע, ניטאָ קיין העכערער כח, וואָס זאָל אַכטונג געבען אויף די מעשים פון די מענשען, אַלעס איז הפקר, איש כל הישר בעיניו יעשה, אַזאַ מענש, אַז ס'טרעפט איהם אַן אומגליק, אַ צרה שלא תבוא, אַ דורכפאַל אין לעבען, „שתום־העין", ווייל ער איז געשלאָגען מיט גייסטיגער בלינדקייט, באַגרייפט נישט די געטליכקייט, גרייכט ניט מיט זיין שכל העכער ווי זיין קאָפּ, ווערט ער דאַרום מאָמענטאַן פאַרצווייפעלט, פאַלט אַריין אין יאוש און רעזיגנאַציע, האָט זיך ניט אויף וועמען סומך צו זיין און געפינט אין ערגעץ נישט קיין טרייסט.

„אשר מחזה שדי יחזה" — דער מענש אָבער פון אַ העכערער מדרגה, וואָס איז במדרגת האדם, האָט פעסטע אמונה, גלויבט אין בורא ומנהיג, גלויבט בהשגחה פרטית אפילו אַז ס'קומען אויף איהם יסורים. „נופל" ער האָט אַ דורכפאַל אין לעבען, ס'טרעפט איהם חלילה אַן אומגליק „וגלוי עינים", — האָט ער אָפענע אויגען, פאַרצווייפעלט ניט, ווערט ניט אַנטמוטיגט, ער גלויבט באמונה שלמה אַז אַלעס איז בהשגחה פרטית, מסתמא דאַרף אַזוי זיין, זיין האַרץ איז האָפע־נונגספול, השי"ת וועט איהם ניט פאַרלאָזען און געפינט אַ טרייסט אין זיין צרה אָדער דורכפאַל אַז „כל מה דעביד רחמנא לטב עביד". (ר' אברהם יעקב סאַדיגורער).

---

ווען אַ מענש פאַרלירט דעם בטחון און האָפענונג איז דאָס אַליין דער גרעסטער עונש. (ר' שמשון אָסטראָפאָליער).

---

פאַראַן מענשען, וואָס ווען זיי געפינען זיך אין אַ קריטישען מצב, זוכען זיי כל'ערליי עצות דורך פאַרשיידענע אופנים זיך צו העלפען. אַז די מענשען זאָלען אויך אין זינען האָבען אַז דער רבונו של עולם קען זיי העלפען אין זייער עת־צרה — דאָס נישט. נאָר ווען פון אַלע עצות און תחבולות ווערט גאָר ניט, זיי ווערען שטאַרק פאַרצווייפעלט און הילפלאָז, דעמאָלט ערשט שרייען זיי צו גאָט „עד אנה תסתיר פניך ממני?" — וואו זיינען זיי פריער געווען? זיי האָבען דאָך פריער ניט געהאַט גאָט אפילו אין דער מחשבה. ס'איז ביי זיי כלו כל הקצין, ערשט דעמאָלט דערמאָנען זיי זיך אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. (ר' ישראל ריזשינער).

---

„ונאום הגבר שתום העין" — טייטשען די חז"ל אַז בלעם איז געווען בלינד אויף איין אויג. די כוונה איז, יעדער מענש דאַרף האָבען צוויי אויגען. מיט איינעם זעהן די גרויסקייט פונ'ם בורא כל העולמות און מיט'ן צווייטען — די אייגענע שפלות און נישטיג־קייט. בלעם האָט אָבער בלויז געזעהן די גדלות השם, ווי דער פסוק זאָגט. „ויודע דעת עליון", אָבער זיין אייגענע שפלות האָט ער ניט געזעהן, קומט ממילא אויס אַז ער איז געווען בלינד אויף איין אויג. (געשכיזער).

---

## מה טובו אוהליך יעקב (כד. ה.)

„אשה" נקראת אהל. איז פון פסוק אַ ראיה צו דעם מאמר חז"ל: „כל השרוי בלא אשה, שרוי בלא טובה וברכה ושמחה". (רבי מלובלין).

## וזרעו במים רבים (כד. ז.)

די אידען זיינען ווי אינמיטען די טיפע וואסערען צווישען די פעלקער, אלעמאל שטעהט אויף אן אנדערע כוואליע, אן אנדער פאלק, וואס וויל די אידען פארפלייצען און אומברענגען. (רמ"ל סאסעווער).

---

„מה בין תלמידיו של אברהם אבינו לתלמידיו של בלעם הרשע?"

— בלעם'ן גופא איז שווער געווען צו דערקענען, ער האט געלערענט תורה, געהאט תלמידים, ביים דאווענען געשטאנען איינגעהילט אין א טלית, גערעדט מיט גאט, נאר פון די מעשים און האנדלונגען פון זיינע תלמידים איז געווען קענטיג דאס שקרנות און רשעות וואס איז געלעגען באהאלטען אין בלעמ'ס הארץ. (ר' ישראל מאדזשיצער).

## לכה איעצך אשר יעשה העם הזה לעמך באחרית הימים (כד. יד.)

מיט זיין בליק אין דער ווייטער צוקונפט האט בלעם געזעהן, אז ווי לאנג די אידען וועלען פעסט זיך האלטען אין אידישקייט, פראקטיצירן דעם „עם לבדד ישכון", ווילען זיך ניט אסימילירען צווישען די אומות־העולם, וועט קיין צעשטערענדער כח ניט זיין ביכולת צו אונטערמינעווען זייער עקזיסטענץ. אדרבה, וואס מערער זיי וועלען פארפאלגט און גע'רודפ'ט ווערען, אלץ פעסטער וועלען זיי אלס פאלק פארבלייבען.

דאס איינציגסטע וואס קען גורם זיין אונטערצוגראבען דעם יסוד פונ'ם אידישען פאלק, אויב זיי וועלען איבעררייסען די מחיצה און אפגעזונדערטקייט צווישען זיי און די אויסערליכע וועלט. האט דארום בלעם געגעבען בלק'ן די עצה — „אשר יעשה העם הזה" — ווען דאס אידישע פאלק וועט אנהויבען נאכטאן „לעמך" — ווי דיין פאלק, זיי וועלען איינפירען דעם דרך החיים לויט די התנהגות פון דיין פאלק, זיי וועלען זיך אסימילירען, איבעררייסען זייער פארבינדונג מיט דעם אייגענארטיגען רעליגיעז־נאציאנאל לעבען, פארווארפען זייער תורה און אמונה. וועסטו דעמאלט קענען פארפירען א מלחמה מיט זיי און דו וועסט האבען די מעגליכקייט זיי שלעכטס צו טאן — און את־דאס וועט געשעהן באחרית הימים. (קאצקער).

---

„באחרית הימים", פאר ביאת הגואל וועט מען פרואווען באוויר־קען דעם „העם הזה" די אידען „לעמך" זיי זאלען אויפפיהרען זיך ווי די גויים איבערנעמען און פראקטיצירען די מנהגים און מדות פון די פעלקער, צווישען וועלכע זיי וועלען לעבען. (רבי ר' בונם).

# פ י נ ח ס

## והנה איש מבני ישראל בא, ויקרב אל אחיו את המדינית לעיני משה ולעיני כל עדת בני ישראל והמה בוכים (כה. ו.)

„נתעלמה ממנו הלכה". (רש"י). אין פלוג איז דאָך קשה. אויב משה האָט פאַרגעסען די הלכה, האָט ער דאָך געקענט - פרעגען ביים רבש"ע, ווי ער האָט געפרעגט וועגען די „בנות צלפחד" אָדער ביים „מקושש עצים"?

נאָר דאָס דערקלערט טאַקע רש"י, „נתעלמה ממנו הלכה", ווייל „והמה בוכים" די אידען זענען אַריינגעפאַלען אין עצבות, אין מרה שחורה, וכידוע אין השכינה שורה מתוך עצבות, האָט דאַרום משה ניט געקענט פרעגען ביי גאָט. „וירא פנחס", אַז די אידען זינקען אין עצבות, נידערגעשלאָגענקייט און רעזיגנאַציע, „ויקם מתוך העדה", האָט ער אַרויסגעריסען זיך פון עצבות וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פאָלק. „ויקח רמ"ח בידו", מיט שמחה האָט ער אָנגעפילט זיינע „רמ"ח" אברים מוסר נפש צו זיין זיך פאַר השי"ת און פאַר זיין רבי'ן, ויבא אחר איש ישראל אל הקובה. (רמ"ל סאַסעווער).

---

### וירא פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן (כה. ז.)

„מה ראה? אמר רב, ראה מעשה ונזכר הלכה". ווי איז דאָס מעג־ליך, אַז משה זאָל אינגאַנצען האָבען פאַרגעסען די הלכה „הבועל ארמית קנאין פוגעין בו" און פינחס זאָל געדענקען?

— לעולם האָט משה גוט געדענקט די הלכה, ווייל ער האָט זי געהערט מפי הקב"ה. נאָר משה, דער גרויסער אוהב ישראל, האָט די הלכה אַנדערש פאַרשטאַנען ווי פינחס.

— הבועל ארמית — האָט משה פאַרשטאַנען — קנאין, די צדיקים, שמקנאים קנאת ד' „פוגעין בו" (פוגעין מלשון פגיעה, ויפגע במקום) בעטען זיי פאַר'ן חוטא, ער זאָל תשובה טאָן. דעריבער ווען משה האָט געהערט וועגען דער מעשה זמרי, האָט ער תיכף אַוועקגע־

שטעלט זיך בעטען ביים רבש״ע, אַז זמרי זאָל תשובה טאָן און גאָט זאָל איהם מוחל זיין.

פינחס דאַגעגען האָט פאַרשטאַנען די הלכה כפשוטה. ווי רש״י טייטשט „קנאין פוגעין בו״. עס קומט איהם מיתה, ווען פינחס האָט געפרעגט משה׳ן „ולא כך למדתנו, קנאין פוגעין בו?״ האָט איהם משה געענטפערט „קריינא דאגרתא איהו ליהוי פרוונקא״, אויב דו פאַרשטייסט די הלכה פשוטה כמשמעה, אַז מען דאַרף זמרי׳ן הרג׳־נען, דאַרפסטו מן־הסתם זיין דער שליח — איך פאַרשטעה די הלכה אַנדערש ווי דו. (אוהב ישראל).

---

## פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן (כה. י.)

„לפי שהיו השבטים מבזים אותו״ — דווקא דאָס וואָס די שבטים האָבען געהאַלטען אין פאַרשרייען פינחס׳ן, אַז ער קומט פון אַ מקום השפל, דאָס גופא איז געווען פאַר איהם דער גרעסטער שבח — אַ מענש פון אַ מקום השפל זאָל זיך דערהויבען צו אַזאַ מדרגה פון מסירת־נפש אין עבודת השם. (ר׳ שמואל שמריה אָסטראָווצער).

---

די שבטים האָבען פינחס׳ן מבזה געווען, איז דערפאַר האָט ער געקענט אַזוי שנעל ביי זיך פועל׳ן צו הרג׳ענען אַ מענש ווייל פון מוטער׳ס צד שטאַמט ער פון גויים און פאַרמאָגט איז זיך רוצח׳יש בלוט. „לפיכך בא הכתוב ויחסו אחר אהרן״, אַז לויט זיין נאַטור און כאַראַקטער איז פינחס געווען געראָטען אין אהרנ׳ען, וועלכער איז אַ בעל־רחמנות, און אַן אוהב שלום ורודף שלום, נאָר די רציחה וואָס פינחס האָט אויסגעפיהרט איז אויסשליסליך געווען צוליב קנאת ה׳ צבאות. (ר׳ אלימלך ליזענסקער).

---

דורך דעם וואָס פינחס האָט מקנא געווען קנאת ה׳ און גע־הרג׳עט זמרי׳ן, „בתוכם״ — האָט ער די דאָזיגע מדה פון קנאות אַריינ־געבראַכט אין אַלע אידען זיי זאָלען ניט קענען סובל זיין קיין עוברי עבירה. (שפת אמת).

---

„אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא״ — דער וואָס רעדט זיך איין, אַז ער טוט בלויז גוטס און זינדיגט נישט, „אין צדיק״, דער איז ניט קיין צדיק. (רמ״ל סאַסעווער).

---

אַ מענש וועלכער האָט קיינמאָל ניט טועם געווען אַ טעם חטא

איז גאָר קיין רבותא ניט אַז ער איז אַ צדיק. אויף אַזאַ אופן וואָלט אפילו „זמרי בן סלוא" אויך געקאָנט זיין אַ צדיק. (אוהב ישראל).

---

כאָטש קנאות איז דער היפוך פון שלום און עס זעהט אויס ווי מחלוקת, דאָך זאָגט די תורה אַז ערליכע קנאות ברענגט גאָר צו שלום. (רמ"ל לענטשנער).

---

„בתוכם" ווי פרום פינחס איז געווען איז ער דאָך געווען אויס־געמישט מיט די אידען, האָט זיך ניט אָפּגעזונדערט פון זיי און ניט געהאַלטען גרויס. (ר' יצחק וואָרקער).

---

די שוהל־גבאים זיינען איינמאָל געקומען צו ר' פינחס'ל קאָרי־צער און געקלאָגט זיך פאַר אים אויף דער חוצפה פונ'ם שטאָט־חזן, וואָס האַלט כסדר אין איין בעטען הוספות און איצט וויל ער זיין שכירות זאָל זיין גלייך מיט'ן רב'ס שכירות.

— און מיר איז דאָס גאָר ניט אַזאַ פלא — האָט זיי ר' פינחס'ל אָפּגעענטפערט, ער איז ניט דער ערשטער וואָס „עושה מעשה זמרי (מלשון זמר — זינגען) ומבקש שכר כפינחס"...

---

ר' פינחס, דער „בעל־הפלאה", פלעגט ביי זיך אין דער היים לעבען בצימצום, פשוט, אָהן רחבות, אָבער אַז ער איז אַרויסגעפאָהרען אונטערוועגענס, האָט ער זיך געפיהרט ברחבת־ידים, האָט ניט גע־קאַרגט קיין הוצאות, ווי ער וואָלט געווען אַ גרויסער עושר.

האָט מען איהם איינמאָל געפרעגט — ווי קומט עס וואָס אין דער היים פיהרט זיך דער רבי בשפלות, באַנוגענדיג זיך בכל שהוא, אונ־טערוועגענס אָבער, פירט זיך דער רבי מיט עשירות'דיגע ברייטקייט.

— איך בין זיך נוהג פונקט ווי פרשת פינחס. ווען פינחס איז אויף זיין אָרט, מען לייענט די סדרה בין המצרים, איז ער בשפלות. ווען אָבער פינחס איז אונטערוועגענס — פינחס לייענט מען אַלע יום־טוב'דיגע מפטירים, לאָזט ער זיך וואוילגעהן און פראַוועט משתה ושמחה ויום־טוב.

---

## צרור את המדינים (כה. יז.)

דער רבש"ע האָט משה'ן געהייסען נקמה נעמען פון מדין פאַר די „נכליהם אשר נכלו לכם", פאַר די זינדיגע מחשבות, פאַרדאַרבענע הרהורים און תאווה'דיגע טראַכטונגען וואָס מדין האָט דורך דער

עבודה־זרה פעור, (שהפקירו בנותיהם לזנות), אַריינגעבראַכט אין דער אידישער מחנה און מבלבל געווען די אידישע מחשבות. (רבי ר׳ אלימלך).

---

## ליצר משפחת היצרי
## לשלם משפחת השלמי (כו. מט.)

די תורה איז דאָ אונז מרמז, אַז „בדרך שאָדם רוצה לילך מוליכין אותו״, פאַרנעמט זיך אַ מענש צו געהן בדרך יצר־הרע, וועלען גאַנצע משפחות איהם מיטהעלפען צו פיהרען איהם אויף דעם שלעכטען וועג. „שלם״, פאַרנעמט זיך אָבער אַ מענש צו געהן בדרך שלימות — „משפחת השלמי״, וועלען גאַנצע משפחות איהם נאָכפאָלגען אויפן דרך השלום. (ר׳ יחיאל מיכל זלאָטשאָווער).

---

## לאלה תחלק האָרץ (כו. נג.)

דער רבש״ע האָט די אידען געהייסען איידער נאָך זיי קומען אַריין אין ארץ־ישראל זאָלען זיי צווישען זיך צוטיילען דאָס לאַנד. ווייל ווי געוועהנליך בעת אַ צעטיילונג קומען פאָר פאַרשיידענע סכסוכים און אַרומרייסענישען. האָט דערפאַר השי״ת געוואָלט, אַז די אַלע מחלוקת׳ן און חילוקי־דיעות צווישען די אידען זאָלען דערליידיגט ווערען אין חוץ־לאָרץ און אין ארץ־ישראל זאָלען זיי קומען בשלום אין לעבען און אַחדות. (ר׳ שמעון שעפּעטאָווקער).

---

## אבינו מת במדבר והוא לא היה בתוך העדה הנועדים על קרח, כי בחטאו מת, ובנים לא היו לו (כז. ג.)

— צו וואָס האָבען די בנות צלפחד דערצעהלט משה׳ן, אַז זייער פאָטער האָט ניט געהאַט קיין זון?

במחלקתו של קרח, אויפ׳ן פסוק, „ויפל משה על פניו״ זאָגט רש״י „מלמד שחשדוהו באשת איש״ און ביי אַ סוטה אויפ׳ן פסוק „ונקתה ונזרעה זרע״ זאָגען די חז״ל, אַז אויב די סוטה איז געפונען געוואָרען אומשולדיג — „אם היתה יולדת נקבות, יולדת זכרים״, נמצא, אַז די אַלע אידען וואָס האָבען אומזיסט חושד געווען משה׳ן אַז ער האָט פאַרקערט מיט זייערע ווייבער, האָבען זייערע פרויען גע־בוירען זכרים. האָבען דאָס גע׳טענה׳ט די בנות צלפחד צו משה׳ן. — „אָבינו מת במדבר״ און ער איז ניט געווען בעדת קרח. „כי

בחטאו מת"; אַ ראיה, אַז ער האָט דיך ניט חושד געווען באשת איש „ובנים לא היו לו", זיין פרוי, אונזער מוטער, האָט ניט געהאַט קיין זכרים נאָר בלויז נקבות. (רבי ר׳ העשל).

---

## ויקרב משה את משפטן לפני ה׳ (כז. ה.)

ווייל משה האָט געפיהלט, אַז ער איז אַ נוגע בדבר, די בנות צלפחד האָבען גע׳טענה׳ט, אַז זייער פאָטער איז ניט געווען פון די „נועדים בעדת קרח" און דערמיט געגעבען אָנצוהערען משה׳ן, אַז ער איז ניט געווען זיין געגנער, האָט ער דעריבער נישט געוואָלט פסק׳ע־נען דעם דין, ווייל ער האָט געהאַלטען זייערע טענות פאַר שוחד. (רמ״ל לענטשנער).

---

## יפקוד ה׳ אלהי הרוחות לכל בשר (כז. טז.)

משה האָט גע׳טענה׳ט צו גאָט, דו ווייסט דאָך אַז דאָס וואָס דער מענש איז ניט קיין עובד ה׳, ער זינדיגט, איז חלילה ניט דיר צו־להכעיס, אָדער דיך צו דערצערענען, נאָר צוליב פרנסה, צוליב פּאַריאָגטקייט און גאַנץ אָפט צוליב נאַכלעסיגקייט. ווייסטו דאָך, „אלהי הרוחות לכל בשר", אַז דער מענש איז ניט מער ווי אַ בשר־ודם, דערפאַר ביזטו אַלס שופט ומנהיג את העולם אויף דעם מענש תמיד מלמד זכות.

— בעט איך דיך, רבונו של עולם, אַז אין אַלע צייטען, אין אַלע דורות וועןן דו וועסט אויסדערוועהלען אַ מנהיג איבער די אידען, „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם", זאָל ער זיך נוהג זיין מיט דער עדת ה׳, מיט דעם אידישען פאָלק פּונקט ווי דו ביזט זיך נוהג מיטן מענשען, געדענקסט תמיד אַז מענשען זיינען ניט מער ווי בשר־ודם׳ס און דו ביזט דערפאַר שטענדיג אויף זיי מלמד זכות. (בערדיטשיווער).

---

„בן חכם ישמח אב" — דער מענש וואָס דינט דעם בורא דורך מלמד זכות זיין אויף אידען דערפרייט ער דעם פאָטער אין הימעל און פאַרשאַפט איהם תענוג ונחת־רוח. (רבי ר׳ בער).

---

„יפקוד ה׳ איש על העדה, אשר יצא לפניהם" — משה רבנו האָט ביי גאָט געבעטען, ער זאָל באַשטימען אַזאַ מנהיג אויף דער עדה, וועלכער זאָל גרייט זיין אויסצוגעהן, זיך מקריב זיין פאַר אידענ׳ס וועגען. (ר״י וואָרקער).

„יפקוד ה׳ אלהי הרוחות״ — משה רבנו האָט גאָט געבעטען, ער זאָל באַשטימען אַ מנהיג „לכל בשר״ מאַכען די אותיות „שבר״ — אַ מענש מיט אַ צעבראָכען האַרץ, ניט קיין בעל־גאווה, אַ מעורב בין הבריות, אַ מענש וואָס זאָל פאַרשטעהן און פילען די נויטען פון דעם פאָלק. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

ווען ר׳ ישראל ריזשינער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין לעמבערג, איז ער פאַרפאָרען צום דעמאָלסטדיגען באַריהמטען לעמ־בערגער רב, ר׳ יעקב אָרענשטיין, בעל מחבר פון „ישועות יעקב״. דער־וואַרטעט האָט ר׳ יעקב אָרענשטיין, אַז דער ריזשינער וועט מיט איהם פאַרפירען אַ שמועס אין דברי־תורה, זאָגען עפּעס אַ חידוש אָדער פּלפּול, ולסוף האָט ער כסדר געהאַלטען איהם אין אויספרעגען וועגען לעמבערגער קהל׳ישע ענינים און פאַר׳ן אָוועקגיין האָט איהם דער ריזשניער סתם אַזוי אַ פרעג געגעבען:

— זאָגט מיר, לעמבערגער רב, פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל מאַכט מען ביי אייך אין לעמבערג דעכער צי געמויערטע בנינים?

— וואָס הייסט פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל? — האָט ר׳ יעקב אָרענשטיין מיט גרויס שטוינונג איבערגעפרעגט די מאָדנע שאלה — פאַרשטייט זיך, פון בלעך.

— נו, טויג דאָס טאַקע נישט — האָט איהם דער ריזשינער כלאחר־יד אָפּגעענטפערט — דאַכאַוועקס און ציגעל זיינען דען ניט ווייכער מאַטעריאַל און אַ בעסערע באַשיצונג?

ווען דער רוזשינער איז אַוועקגעפאָרען פון לעמבערג האָט ר׳ יעקב אָרענשטיין אָפּ׳געחוזקט פון זיין שאלה און נאָכמער פון זיין תשובה. אז מען האָט דאָס דערצעהלט ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער האָט דער רבי ר׳ מאיר׳ל אַזוי געזאָגט:

— דער לעמבערגער רב מעג זיך זיין אַ גרויסער תלמיד־חכם, אָבער וואָס שייך די שאלה און תשובה פון ר׳ ישראל ריזשינער, ווייזט אויס, האָט ער גאָר ניט פאַרשטאַנען. מיט זיין שאלה ותשובה האָט דער ריזשינער אויסגעדרוקט די שאַרפסטע קריטיק געגען ר׳ יעקב אָרענשטיינ׳ס התנהגות לגבי די לעמבערגער קהילה.

כידוע, איז אַ דאַך אַ מגין פאַר׳ן בנין, פונקט ווי דאָס איז אַ שטאָטישער רב דער מגין פון זיין קהילה. שמועסענדיג מיט׳ן לעמבערגער רב וועגען לאָקאַלע קהל׳ישע ענינים, האָט ר׳ ישראל ריזשינער איינגעזעהן, אַז ר׳ יעקב אָרענשטיין באַהאַנדעלט זיין קהלה מיט צופיל שטרענגקייט, האָט ער דערפאַר ברמיזה איהם געגעבען אָנצוהערען, אַז אַ דאַך אויף אַ בנין, אַ רב אין אַ קהילה, מוז ניט

תמיד זיין פון בלעך. באהאנדלען זיין קהלה הארט און שטרענג, נאר ער דארף זיין א מגין בלב נשבר ונדכה — באציען זיך מיט פאטערליכער ליבע צו אלע קהל׳ישע זאכען און מיט ווייכהארציגקייט פון א מוטער, מיטליידען און מיטפיהלען אלץ וואס עס פאסירט אין דער קהילה. און מיט דעם וואס ר׳ יעקב ארענשטיין חוזק׳ט אפ פונ׳ם ריזשינער׳ס שאלה און תשובה, ווייזט אויס, אז דער לעמבערגער רב האט דאס גאר ניט פארשטאנען.

---

„יפקוד ה׳ איש על העדה" — משה האט גאט געבעטען צו באשטימען פאר די אידען אזא מנהיג, וואס זאל זיי מדריך זיין בדרך ה׳, אז זיי זאלען באגרייפען אז זיי האבען א דעה. (שפת אמת).

---

„יפקוד ה׳ אלהי הרוחות", פאר וואס האט משה, תיכף ווי השי״ת האט איהם געזאגט, אז ער וועט ניט אריינגיין אין ארץ־ישראל, גע־בעטען ביי גאט צו באשטימען איינעם „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם"?

— פאר מעשה זמרי האט משה גערעכענט, אז פינחס וועט פארנעמען זיין פלאץ. נאכדעם ווי משה האט געזעהן פינחס׳ס כעס און קנאות, כאטש גאט האט איהם צוגעזאגט „הנני נותן לו את בריתי שלום", האט דאך משה ניט געוואלט, ער זאל פארנעמען זיין פלאץ, ווייל א קנאי קען ניט זיין קיין מנהיג. (קאצקער).

---

## אשר יצא לפניהם (כז. יז.)

א מנהיג וואס זאל געהן אין פאראויס און פיהרען די עדה, זיי זאלען איהם נאכפאלגען. אבער נישט ער זאל זיך אויסדרעהען און זעהן וואס די עדה וויל און נאכגעהן זייער דעה. (חידושי הרי״ם).

---

ר׳ יחיאל מאיר גאסטינינער האט אמאל געפרעגט ר׳ מענדעלע קאצקער פארוואס האט משה געבעטען ביי גאט, ער זאל באשטימען איינעם, „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם", איז משה׳ן גאר איינ־געפאלען, אז השי״ת וועט לאזען זיין פאלק „כצאן אשר אין להם רועה"?

— משה רבינו זעהענדיג דאס חשיבות פון פינחס׳ן ביים אוי־בערשטען — האט איהם דער קאצקער אפגעענטפערט — האט גאט געבעטען, אז ער זאל איהם ניט באשטימען אויף זיין ארט, ווייל פינחס אלס מנהיג טויג ניט פאר די אידען, ער איז א צו־שטרענגער קנאי

און ער האָט גאָט געבעטען „מנה עליהם מנהיג שיהא סבלן, כל אחד ואחד לפי דעתו" — אַ מנהיג אַ סבלן, מיט געדולד, אויסדויער און געלאַסענקייט.

---

## ולא תהיה עדת ה' כצאן אשר אין להם רועה. (כז. יז.)

משה האָט גאָט געבעטען, ער זאָל באַשטימען אַ מנהיג איבער די אידען וואָס זאָל ניט בלינדערהייט נאָכפאָלגען די עדה, נאָר ער זאָל זיין אַ „רואה", אַ זעעוודיגער, קענען זעהן פאָראויס, ער זאָל געהן פאָראויס און די אידען זאָלען איהם נאָכפאָלגען און ער זאָל משפיע זיין אויף זייער הדרכה. (רמ"ל סאָסעווער).

---

„כצאן אשר אין להם רועה" — משה האָט געבעטען ביים רבש"ע, אַז דער נאָכפאָלגער זיינער, דער צוקינפטיגער מנהיג פון די אידען זאָל ניט זיין פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע, נאָר פון דעם פראָסטען המון, פון צווישען די פאַסטוכער זאָל דער אויבערשטער דערהויבען איינעם אַלס מנהיג. (רבי ר' בונם).

---

דער רבי ר' בונם האָט איינמאָל געטראָפען דעם יוד הקדוש זי־צען פאַרזונקען אין מחשבות און האָט יעדע רגע צער'פול אָפּגעזיפצט.

— וואָס זיצט אַזוי דער רבי פאַרטראַכט און זיפצט? — האָט איהם דער רבי ר' בונם געפרעגט.

— איך טראַכט, האָט איהם דער יוד הקדוש אָפּגעענטפערט — נאָך משה איז געווען יהושע, נאָך יהושע — שופטים, נאָך די שופטים — נביאים, נאָך זיי אַנשי כנסת הגדולה, תנאים, אמוראים, פוסקים און נאָך זיי מוכיחים לשם שמים און איצט איז די תקופה פון רביים. זיפץ איך, ווייל איך זעה, אַז אויך דאָס וועט אונטערגעהן און די אידען וועלען בלייבען „כצאן אשר אין להם רועה".

---

דער מאמר חז"ל „דור שבן דוד בא פני הדור כפני הכלב" האָט ר' גרשון העניך ראַדזינער געטייטשט, „ווי וועט זיין צו די הינט אין יענער צייט, אַז זיי וועלען גרייכען צו אַזאַ שפל'דיגער מדרגה, אַז מען וועט זיי פאַרגלייכען צום „פני הדור" אין משיח'ס צייטען.

---

„דור דור ודורשיו, דור דור ושופטיו" — דערפאַר האָט דער רבש"ע געוויזען פריער משה'ן דעם דור, ערשט נאָך דעם שופט —

האָט ר׳ נפתלי ראָפּשיצער געזאָגט — ווייל ווען דער אויבערשטער וואָלט משה׳ן געוויזען אַז אויך נפתלי איז אַ רבי, אַ מנהיג בישראל, וואָלט משה באַלד אַוועקגע׳חלש׳ט. ער וואָלט אויסגעשריען — אַט אַ דער נפתלי פון ראָפּשיץ, אַ רבי, אַ מנהיג ביי אידען? — האָט איהם דעריבער השי״ת געוויזען פריער דעם דור און אין אַזאַ דור, קען אפילו נפתלי ראָפּשיצער זיין אַ רבי — אַזאַ דור, אַזעלכע מנהיגים...

## ויעמידהו לפני אלעזר הכהן ולפני כל העדה (כז. כב.)

לערנען מיר ווי אַזוי אַ מנהיג בישראל דאַרף אויסדערוועהלט ווערען, צוערשט האָט משה אויפ׳ן באַפעל פונ׳ם רבש״ע דערהויבען יהושע׳ן העכער פון אלעזר הכהן. שפעטער איבער דער עדה, נאָך דעם „ויסמוך את ידיו עליו״ און האָט איהם באַשטימט פאַר׳ן מנהיג בישראל. (בערדיטשיווער).

## תשמרו להקריב לי במועדו (כח. ב.)

דער רבש״ע זאָגט צו די אידען, פונקט ווי איך גיב אייך „את אָכלם בעתו״, בעט איך פון אייך „תשמרו״ זייט געהיטען, „להקריב לי״ מקריב צו זיין צו מיר אייער קרבן — תפלה במקום קרבן „במועדו״ אין צייט, תפלה בזמנה, דאַוועגט בהשכמה.

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ יחזקאלע קוזמירער, פאַר וואָס ער איז ניט זהיר אין תפלה בזמנה.

— איך האָב אַ ראיה טאַקע פון מיר גופא אַז תפלה שלא בזמנה איז ניט קיין עבירה. די חז״ל זאָגען: „עבר ושנה נעשה לו כהיתר״ און ביי מיר איז עד היום נאָך אַלץ נישט געוואָרען קיין היתר.

# מטות

## וידבר משה אל ראשי המטות לבני ישראל (ל. ב.)

משה האָט געהייסען די ראשי המטות, די עלטסטע פון די אידען, די מנהיגים, „להטות" זיי זאָלען צונייגען די אויערען און איינהערען זיך „לבני ישראל", וואָס דאָס פאָלק רעדט און וואָס דאָס פאָלק וויל. (ר' אהרן טשערנאָבעלער).

---

„וידבר משה אל ראשי המטות" — אַז זיי זאָלען תמיד מטה דין זיין די אידען לכף זכות. (ר' אברהמ'על׳ע אייגער).

---

## זה הדבר אשר צוה ה' (ל. ב.)

פאַראַן צדיקים, וועלכע מען דאַרף גלויבען, אַז זייערע ווערטער זיינען געזאָגט לויט דעם רצון פון השי"ת. פאַראַן אָבער צדיקים, וואָס אַז מען הערט זייערע ווערטער, דערזעהט מען און מען דערפיהלט ממש, אַז „זה הדבר אשר צוה ה'", אַז זייערע ווערטער זיינען געטליכע. (ר' אלימלך ליזענסקער).

---

ווען ר' נחום טשערנאָבילער האָט דאָס ערשטע מאָל באַזוכט דעם בעש"ט, האָט דער בעש"ט געוואָרענט זיין פרוי צו זיין פאָרזיכטיג מיט'ן אורח, ווייל ער איז אַ גנב.

— דער אורח אַ גנב? — האָט דעם בעש"ט'ס וייב מיט גרויס פאַרוואונדערונג איבערגעפרעגט — ער זעהט דאָך גאָר ניט אויס אַזוי!

— אַט־דאָס איז עס, ער זעהט ניט אויס ווי אַ גנב, אָבער פון מיר וויל ער אַוועק'גנב'ענען דעם גאַנצען גן־עדן מיט'ן עולם־הבא.

---

„איזהו חכם?" דער איז אַ חכם, „המכיר את מקומו", „אַז דאָס אָרט וואו ער וואוינט ווערט דורך איהם באַקאַנט אויף דער וועלט". (ר' נפתלי ראָפשיצער).

## לא יחל דברו, ככל־היוצא מפיו יעשה (ל. ד.)

ווען דו מוסר׳סט אַ צווייטען, פאַרטראַכט זיך פריער און זיי געוואָרענט, ניט צו זיין א „נאה דורש ואינו נאה מקיים״, פאַרשווענד ניט דיינע רייד, זיי פאַרזיכטיג, „ככל היוצא מפיו״, דאָס וואָס קומט אַרויס פונ׳ם מויל, בעת דו מוסר׳סט אַנדערע, „יעשה״ זאָלסטו זעהן צוערשט אַליין צו טאָן און פּראַקטיצירען. (ר׳ אָשר הורוויץ).

---

„לא יחל דברו״ — אפילו דיין שיחת־חולין, זאָלסטו ניט פאַר־שוועכען. (קאָזשעניצער מגיד).

---

„ומותר האדם מן הבהמה אין״ — דער עיקר אונטערשיד צווי־שען מענש און בהמה איז דאָס לשון. אויב אַ מענש איז נזהר און אָפּ־געהיט מיט זיין לשון איז דער הבדל ניכר, איז ער אַ מענש, איז אָבער דער מענש ניט פאָרזיכטיג מיט זיין לשון, זיינע רייד זיינען ווערטלאָז, ער רעדט ניט ווי קיין מענש, „כי הכל הבל״ איז דער גאַנ־צער הבדל נאַריש און נישטיג. „נמשל כבהמות נדמו״, אַזאַ מענש איז גלייך ווי אַ בהמה. (רמ״ל סאָסעווער).

---

„שמחה לאיש במענה פיו״ — דער מענש וואָס פיינינגט זיין מויל, באַהערשט זיך ניט צו רעדען אַזעלכע דיבורים וואָס מען טאָר נישט און מען דאַרף נישט, וועט ער לעבען בשמחה. (ר׳ אלימלך לי־זענסקער).

---

„המהולל בפה עמו״ — אַז אַ מענש היט זיין אייגען מויל און רעדט ניט קיין דברים בטלים, היט זיך צו רעדען לשון הרע, מישט זיך ניט אין יענעמ׳ס עסקים, משובח ומפואר —אַזאַ מענש באַשיינט זיך גופא און ווערט פון יענעם געלויבט. (רמ״מ קאָסאָווער).

---

„איש כי ידור נדר״ — ווען אַ מענש וויל ווערען באַשיינען (פון לשון הידור), לה׳ — זאָל ער באַשיינען דעם אויבערשטען. „לאסור איסר״, וויל אַ מענש אויף ווערען רעדען שלעכטס (איסר לשון סרה), „על נפשו״ זאָל ער רעדען שלעכטס אויף זיך אַליין. (ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער).

---

אויב אַ מענש וויל ווערען לויבען, זאָל ער לויבען דעם בורא עולם. אויב אַ מענש וויל ווערען באַליידיגען און פאַרשעמען זאָל ער באַליידיגען און פאַרשעמען זיך אַליין. (בעש״ט).

דער וואָס וואַרפט אַרויס מיסט אויף דער גאַס, וועלען אַלע תח־בולות אין דער וועלט ניט העלפען צו פאַרמיידען אַז אַ ביסעל מיסט זאָל זיך צו איהם ניט צו קלעפּן. (קאָזשעניצער מגיד).

„ככל היוצא מפיו, יעשה" — דער וואָס היט זיין מויל, איז פאָרזיכטיג, אַז זיינע ווערטער זאָלען ניט געהן לבטלה, איז השי"ת ממלא זיין רצון, אַז וואָס עס געהט אַרויס פון זיין מויל, זאָל דערפילט ווערען. (קאָזשעניצער מגיד).

## אלה החקים אשר צוה ה' את משה בין איש לאשתו בין אָב לבתו בנעוריה בית אָביה (ל. יז.)

אַז אַ פרוי מיט אַ מאַן זאָלען לעבען און זיך נוהג זיין על־פּי חוקי השי"ת ותורתו, וועלען זיי זוכה זיין, אַז די שכינה זאָל זיין ביניהם — דער אויבערשטער וועט זיי היטען און זייער היים וועט זיין גע־בענשט. „בין אָב לבתו", — דער פאָטער זאָל אַכטונג געבען אויף זיין טאָכטער, זי זאָל געהן בדרך הישר. „בנעוריה בית אָביה", — בפרט ווען די טאָכטער איז נאָך יונג, און זי שטעהט אונטער איהר פאָטער'ס רשות, איז אַ חוב אויפ'ן פאָטער זי צו דערציען בדרך התורה. (רמ"ל סאַסעווער).

## החלצו מאתכם (לא. ג.)

משה האָט געוואָרענט די אידען, אַז בעת זיי וועלען מלחמה האַל־טען מיט מדין, זאָלען זיי ניט האָבען אין מחשבה די אייגענע טובה, נאָר „החלצו מאתכם", זיי זאָלען איינגאַנצען זיך אויסטאָן פון פער־זענליכער נגיעה, נאָר זייער איינציגע כוונה אין דער מלחמה מיט מדין זאָל זיין „לתת נקמת ה' במדין". (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

„החלצו מאתכם" — אויב איהר וועט באַזיגען די אייגענע שלעכטע מדות, אויסוואָרצלען דאָס גראָבע חיה'שע פון זיך, דעמאָלט וועט איהר זיין „אנשים לצבא". (ר' ירחמיאל פשיסכיער).

„לתת נקמת ה' במדין" דער וואָס פאַרפירט אַ מלחמה מיט דער ריינסטער כוונה, ניט להנאת עצמו, נאָר אויפריכטיג לה', לשם שמים, וועט ער געוויס מנצח זיין. (בערדיטשיוועער).

## והרמות מכס לד׳ מאת אנשי המלחמה (לא. כח.)

פון די „אנשי המלחמה" האָט מען גענומען מכס לה׳, איינס פון פינף הונדערט, פון די בני ישראל, וועלכע האָבען זיך אין דער מלחמה נישט באַטייליגט, זיינען געזעסען אין דער היים, פון זיי האָט מען גענומען צען מאָל אַזוי פיל — איינס פון פופציג. ווייל זיי איז דאָס פאַרמעגען אַנגעקומען לייכט, אָהן קאַמף, אָהן „מסירת-נפש" —דאַרפען זיי דעריבער אַוועקגעבען מערער. (תולדות יעקב יוסף).

## ומקנה רב היה לבני ראובן ולבני גד (לב. א.)

— וואָס דערצעהלט אונז דאָ די תורה, וואָס פאַר אַ נפקא מינה איז אונז, אויב די בני גד ובני רואבן האָבען פאַרמאָגט אַ סך בהמות און שעפסען?

— אונז דערצעהלט די תורה „ומקנה" (לשון-קונה), אַז די „בני ראובן ובני גד" האָבען זיך איינגעקויפט „רב" (עשה לך רב), פון זייער רבי׳ן משה אַ סך תורה, חכמה, ויראת שמים. (יוד הקדוש).

## האחיכם יבואו למלחמה ואתם תשבו פה (לב. ו.)

אויב די בני גד ובני ראובן האָבען געהאַט בדעה אַריבערצוגעהן דעם ירדן און העלפען די בני ישראל איינצונעמען ארץ-ישראל, פאַר וואָס האָבען זיי באַלד דאָס ניט געזאָגט, נאָך איידער משה האָט זיי געגעבען אַזאַ פאַרציע מוסר אָנצורופען זיי „תרבות אנשים חטאים"?

— ווייזט פון דאַנען אויס, אַז זיי איז ליב געווען משה׳ס מוסר און ס׳איז זיי אַ שאָד געווען איבערצורייסען זיין תוכחה, ביז ער וועט פאַרענדיגען. (שפת אמת).

## ויגשו אליו ויאמרו גדרות צאן נבנה למקננו פה וערים לטפנו (לב. טז.)

— פאַרוואָס האָט זיי משה אָפגעענטפערט פאַרקערט: „בנו לכם ערים לטפכם וגדרות לצאנכם", און וואָס פאַר שייכות האָט דאָ דער „והיוצא מפיכם תעשו"?

די חז"ל זאָגען אַמאָל ווערען מענשען געשפּייזט אין זכות פון די אומשולדיגע בעלי-חיים, בהמות, שעפסען. ווי דער ירושלמי ברענגט די געשיכטע פון אלכסנדר מוקדון.

אַלכסנדר מוקדון איז איינמאָל געקומען אין אַ מדינה און האָט בייגעוואוינט אַ משפט פון צוויי מענשען. איינער האָט ביים צווייטען געקויפט אַ חורבה און דער קונה גראָבענדיג אין דער חורבה האָט געפונען אַ גרויסען אוצר. האָט גע'טענה'ט דער קונה אַז ער האָט בלויז געקויפט די חורבה אָבער ניט וואָס ס'איז אין דער חורבה געווען. דאַרום באַלאַנגט דער אוצר צום מוכר און דער פאַרקויפער האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט פאַרקויפט די חורבה צוזאַמען מיט אַלעמען וואָס עס געפינט זיך אין דער חורבה, באַלאַנגט דעריבער דער אוצר צום קונה.

אויסהערענדיג זייערע טענות האָט דער שופט געפרעגט דעם מוכר, צי ער האָט אַ זוהן און דעם קונה צי ער האָט אַ טאָכטער. ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז ביידע האָבען קינדער ראויים לחופה, האָט דער שופט גע'פסקנ'ט, אַז זיי זאָלען זיך משדך זיין און דער אוצר זאָל אַוועקגעגעבען ווערען צו ביידענס קינדער.

אַלכסנדר מוקדון איז פון דעם פסק־דין שטאַרק נתפעל געוואָרען. „ווען אַזאַ משפט קומט פאָר פאַר מיר — האָט ער געזאָגט — וואָלט איך ביידע בעלי־דינים געהייסען אָפּהאַקען די קעפּ און דעם אוצר צוגענומען פאַר זיך".

— שיינט און וואַרימט די זון אין דיין לאַנד? געהט אַ רעגען און טריפט טוי אין דיין מדינה? — האָט איהם דער שופט געפרעגט.

— אַוודאי — האָט איהם טראַציג געענטפערט אַלכסנדר מוקדון.

— אויב אַזוי — האָט איהם דער שופט געענטפערט — ווערט איהר געשפּייזט נאָר אינ'ם זכות פון די אומשולדיגע בעלי־חיים, די בהמות און שעפּסעלעך.

— זעהען מיר פון דאַנען, ווייל ביים מוכר און קונה זיינען די הערצער געווען פאַראייניגט, זיי האָבען מיט'ן גאַנצען האַרצען געמיינט וואָס זייערע מיילער האָבען גערעדט, זיינען זיי געשפּייזט געוואָרען אין זייער אייגענעם זכות און ניט אין זכות פון די בעלי־חיים.

אָט־דאָס האָט משה געלערנט די בני גד ובני ראובן. זיי האָבען געזאָגט צו משה'ן „גדרות צאן נבנה למקננו פה" און מיר וועלען געשפּייזט ווערען אין זכות פון די בהמות און שעפּסען. האָט זיי משה אָפּגעענטפערט: „לא זו הדרך, בנו לכם ערים לטפכם" — בויט שטעט פאַר אייערע קינדער „והיוצא מפיכם תעשו", אַז איהר וועט נזהר זיין מיט אייערע מיילער, דאָס וואָס אייערע מיילער וועלען רעדען וועט איהר מיינען, מיט'ן גאַנצען האַרצען, וועט איהר געשפּייזט ווערען אין זכות פון אייערע קינדער און נישט אין זכות פון די בעלי־חיים.

(בערדיטשיווער).

# מסעי

## „אלה" מסעי בני ישראל וגו'. „ואלה" מסעיהם למוצאיהם (לג. א.)

דאָס איז דאָך ידוע, אַז וואו ס'שטעהט „אלה" פוסל את הראשונים. „ואלה" מוסיף על הראשונים. איז דער פשט פון די פסוקים אַזוי:

אלה — די דאָזיגע מענשען, וואָס זיינען זיך נוהג ווי דאָס וואָרט „אלה", פוסל את הראשונים, זיי פסל'ן און געפינען חסרונות אין זייערע ערשטע מעשים און באַשליסען אַז מהיום והלאה זאָלען זיי מתקן זיין זייערע וועגען — זיי רייסען איבער מיט זייערע פאַרגאַנגענע צייטען און פאַרנעמען זיך אויף אַ נייעם אידישען דרך. „מסעי בני ישראל", אַזוי דאַרף ציען און זיך נוהג זיין יעדער איד. „ויכתוב משה את מוצאיהם למסעיהם" — ווערען אפילו די ניט זייער גוטע מעשים פון דער פאַרגאַנגענהייט דורך די מעשים טובים פון דער צו־קונפט אַרויסגעצויגען פון זייער חשבון און קריגען אַ תיקון.

„ואלה" — די חוטאים, די זינדיגע, אַנשטאָט וואָס זיי זאָלען חרטה האָבען אויף זייערע פאַרגאַנגענע חטאים און פאַרברעכענס זיינען זיי גאָר נאָך מוסיף אויף זייערע באַגאַנגענע שלעכטע מעשים, זינדיגען מערער. „מסעיהם למוצאיהם" — ווערען זייערע גוטע מעשים וואָס זיי טוען אַמאָל אומגערען, פאַררעכענט פאַר שלעכט און אומ־ווירדיג. (ר' ישראל ריזשינער).

---

„אלה מסעי בני ישראל" — דערפאַר וואָס די אידען האָבען בעת דעם עגל געיובלט און געשריען „אלה אלקיך ישראל" זיינען זיי דערפאַר געשטראָפט געוואָרען מיט „אלה מסעי בני ישראל". (ר' אָשר הורוויץ).

---

„אלה מסעי בני ישראל״ — משה רבינו האָט פאַרשריבען אלע מסעות פון די אידען און פון זיי געמאַכט אַ תורה. (ר׳ צבי אפאטשנער).

---

ווען דער רבי ר׳ ברוך האָט זיך באַזעצט אין מעזשיבוזש, האָט ער דעם פסוק תהלים אויף זיך אַזוי אויסגעטייטשט:

— „זאת מנוחתי עדי עד״, דאָ אין מעזשיבוזש וועל איך אייביג וואוינען. „פה״ דאָ וואו ס׳האָבען געוואוינט מיינע עלטערען „אשב״, וועל איך זיצען „כי אויתיה״ ווייל איך האָב פיינט אַרומצואוואַנדערען און האָב דאָס אָרט ליב. וועט איהר דאָך מיך פרעגען „צדה אברך״ — וואו וועט ברוך נעמען פרנסה? „אברך״. ברוך וועט בענשען די וואָס וועלען קומען צו איהם. דורך דעם וואָס זיי וועלען געהאָלפען ווערען „ואשביעה אביוניה לחם״ — אַז די אָרימעלייט וועלען האָבען ברויט, וועט אויך ממילא ברוך האָבען וואָס צו עסען.

---

## ויסעו ממרה ויבואו אלימה. (לג. ט)

על־פי־רוב טרעפט, ווען אַ איד פאָרט אַרויס אונטערוועגענס, ענדערט ער זיין התנהגות, איז ער ניט אַזאַ זהיר און מדקדק במצוות ווי ער איז אין דער היים. ווען ער קומט צוריק פון אונטערוועגענס, פיהרט ער זיך צוריק אויף ווי פאַר דער נסיעה. האָט דאָס משה פאַרשריבען: אַז די „מוצאיהם״ און „מסעיהם״, די התנהגות און אויפפיהרונג אונטערוועגענס און דאָס צוריק אַהיים קומען דאַרף זיין גלייך על־פי ה׳. (ר׳ אָשר הורוויץ).

---

„ויכתוב משה את מוצאיהם״ — משה האָט פאַרשריבען די וואָגלענישען און וואַנדערונגען פון די אידען עד סוף כל הדורות. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

## ויסעו ממדבר סיני ויחנו בקברות התאוה (לג. טז.)

פאַראַן זיסע און ביטערע קוואַלען וואַסער אין דער תורה. מים מתוקים איז דער האמת „מים מרים איז דער דרך־השקר. אַלע אונזערע תנאים ואמוראים, צדיקים פון משה רבינו׳ס צייטען ביז משיח וועט קומען, האָבען געטרונקען און וועלען טרינקען פון די

מים מתוקים אין דער תורה, זיינען געגאַנגען און וועלען געהן בדרך האמת און אַלע אפיקורסים, כופרים האָבען געטרונקען און וועלען טרינקען פון די „מים המרים", זיינען געגאַנגען און וועלען געהן בדרך השקר.

אָט דאָס איז אונז דער פסוק מרמז: „ויסעו ממרה", די אידען האָבען אַוועקגעצויגען פון די ביטערע קוואַלען פון אפיקורסות און דרך השקר, „ויבאו אלימה" און זיינען געקומען קיין „אלים", וואו די נוטריקון מאַכען „יעקב אָבינו לא מת", וואָס דאָס איז די בחינת האמת. אַז זיי זיינען געקומען צום דרך האמת, „ובאלים שתים־עשרה עינות מים", האָבען זיי טועם געווען פון די אומערשעפּליכע קוואַלען פונ'ם אמת ואמונה פון די צוועלף שבטים, ווי אַזוי צו דינען השם יתברך. „ושבעים תמרים" און האָבען דערגרייכט צו דער מדרגה פון „סוד", וואָס באַטרעפט „שבעים". „ויחנו שם" — ביי דעם האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט, האָבען געצויגען זייער חיות און פאַרפעסטיגט זייער קיום. (דגל מחנה אפרים).

---

נאָך דעם ווי די אידען האָבען פאַרלאָזען דעם מדבר סיני, האָבען זיי אויפ'ן וועג זיך אָפּגעשטעלט מקבר צו זיין זייערע תאוות. (ר' אשר הורוויץ).

---

„קברות התאווה" — דאָרט וואו די חכמה לעבט, דאָרטען איז די תאווה באַגראָבען. (דגל מחנה אפרים).

---

## ויסעו מחרדה ויחנו במקהלות (לג. כה.)

תמיד זאָלסטו דאַווענען בתפילות־הציבור, „במקהלות", מיט אַ פאַרזאַמלונג אידען „ברכו ה'", זאָלסטו לויבען גאָט. (ר' צבי אפּאטשנער).

---

אַפילו אַז ס'דוכט זיך אַז ביחידות וועט מען בעסער דאַווענען, איז אַלץ בעסער צו דאַווענען בציבור. (ר' אָשר סטאָלינער).

---

תפלה, וואָס איז מיט עצבות און געוויין איז גלייך צו אַן אָרימאַן

וואָס פאַרלאַנגט און בעט פונ׳ם מלך מיט גרויס געוויין און בקשה, פונדעסטוועגען גיט איהם דער מלך ניט מעהר ווי נאָר אַ קליינינקייט. תפילה וואָס איז מיט שמחה, איז גלייך צו אַ שר וואָס איז מסדר פאַר דעם מלך זיין שבח מיט שמחה און בעט אגב אַ בקשה. דערפילט דער מלך זיין בקשה און גיט איהם אַ גרויסע מתנה, ווי מען גיט צו שררות. (בעש״ט).

---

„רצון יראיו יעשה" — אָפט בעט אַ מענש ביים רבש״ע זאַכען, כאָטש השי״ת ווייסט, ווען דער מענש וועט האָבען די זאַכען, וועלען זיי איהם ניט ברענגען קיין גוטס, פונדעסטוועגען דערפילט ער דעם רצון פונ׳ם מתפלל. נאָכדעם ווען דער מענש דערגרייכט די אויסגע־בעטענע זאַכען און זיי זיינען איהם לרעה און ער שרייט צום רבש״ע ער זאָל איהם פון די זאַכען באַפרייען „את שועתם ישמע" — הערט דער רבש״ע דאָס געשריי פון מענשען „ויושיעם" און העלפט איהם פון זיי זיך צו באַפרייען. (ר׳ משה אוהעלער).

---

„על זאת יתפלל כל חסיד" — פאַראַן חסידים מיט איינרעדעניש, אַז זיי זיינען גרויסע בעלי־מוח, תלמידי־חכמים און עס פאַסט זיי נישט צו דאַווענען מיט אַ מנין פון אנשים פשוטים. צו די דאָזיגע חסידים זאָגט דוד המלך: „על זאת יתפלל כל חסיד אליך" — תפלה בציבור. „לעת מצוא" ווי די חז״ל זאָגען „אימתי עת רצון? בשעה שהציבור מתפלל"! און אַזוי גרויס איז תפילה בצבור אפילו שלא בכוונה מיט אַ מנין איז ווי שלעכטע סחורה אין אַ גוטער צייט, איידער דאַווענען ביחידות בכוונה. וואָס איז ווי גוטע סחורה אין אַ שלעכטער צייט. (ר׳ ישראל מאָזשיצער).

---

„עת לעשות לה׳" — צו דאַווענען מיט אַ מנין, ווען עס איז אַן עת־רצון, „הפרו תורתך" — מעג מען מפסיק זיין פון לערנען. (ר׳ ישראל מאָדזשיצער).

---

בעיקר דאַרף דאַווענען דער נפש, דער גוף דאַרף ווי אַ סנאָפּ שטרוי זיך נאָכשלעפען, דורך דעם וואָס ער וועט זיך נאָכשלעפען, וועט ער ווערען אַן „עפּעס". (ר׳ העניך מאַלכסנדר).

---

— ממקומו הוא „יפן" ברחמים — איז דען פאראן בעזימער אין הימעל צו קערען?

— נאר מיר בעטען אז גאט זאל פון זיין ארט קערען אויף אונז מיט רחמים. (ר' נפתלי ראפשיצער).

---

די תפילה פון א איד איז זעהר גרויס נאר ווען ער האט ניט קיין גאות דורך דער תפילה. אויב בעת דעם דאווענען האט דער איד א פניה פון גאות איז די תפילה גאר נישט ווערט. (ר' צבי זידיטשויווער).

---

דער בעל־הפלאה האט איינמאל פאררופען צו זיך א מנין. צווישען די אריינגעקומענע איז געווען איינער וועלכער דער בעל־הפלאה האט ניט געוואלט מצרף זיין צום מנין.

— רבי — האט דער באליידיגטער געפרעגט דעם בעל־הפלאה — „חלבנה" איז דאך אויך געווען פון די קטורת?

— טאקע דערפאר — האט דער בעל־הפלאה כלאחר יד אפגע־ענטפערט — „אחד עשר סימנים היו בה"...

---

ויסעו מחרדה — די אידען זיינען אוועק פון פחד און חרדה. „ויחנו במקהלות", ווייל זיי האבען געוואוינט צוזאמען אין שלום און אחדות. (יוד הקדוש).

---

## את שש ערי המקלט (לה. ו.)

די זעקס ערי־מקלט זיינען די זעקס ווערטער פונ'ם פסוק „שמע ישראל ה' אלהינו ה' אחד", „ועליהם תתנו" — די 48 ווערטער וואס זיינען פאראן אין די פרשה „ואהבת" ביז „ובשעריך".

אט־דאס זיינען די זעקס „ערי מקלט", וואס יעדער איד קען זיך באהאלטען און באשיצען אין זיי אויב ער האט געטאן עפעס שלעכטס ניצול צו ווערען פון די מקטריגים וואס פארפאלגען איהם. (אוהב ישראל).

---

„והאלהים יבקש את הנרדף" — השי"ת בעט דעם נרדף, דעם

פאַרפאָלגטען און געֹרודפ׳טען, ער זאָל האָבען געדולד און השי״ת וועט איהם קומען צו הילף. (טשאָרטקאָווער).

---

## ערי מקלט תהיינה לכם (לה. יא.)

דער איד וואָס האָט גע׳הרג׳עט אַ מענש בשוגג און זיין לעבען ווערט דורך דעם פאַרביטערט, זיין געוויסען גיט איהם ניט קיין מנוחה, ער קען זיך אין ערגעץ קיין אָרט ניט געפינען — פאַר איהם האָט השי״ת באַשטימט „ושמתי לך מקום״, אַן „אָרט״ אין די ערי־מקלט, וואו ער וועט געפינען באַרואיגונג.

דער מענש אָבער, וואָס האָט בשוגג גע׳הרג׳עט אַ מענש און מאַכט זיך פון דעם גאַרנישט, זיין געוויסען פלאָגט איהם ניט, לעבט זיך מנוחה׳דיג, פאַר אַזאַ מענש איז ניטאָ קיי אָרט אין די ערי מקלט און זיי זיינען איהם ניט קולט. (חידושי הרי״ם).

# דברים

## אלה הדברים אשר דבר משה (א. א.)

ווען השי״ת האָט געשיקט משה׳ן אַרויסצונעמען די אידען פון מצרים, האָט משה גע׳טענה׳ט, „לא איש דברים אנכי״, אָפּזייענדיג אַזאַ צייט מנהיג ביי אידען, האָבען זיי מיט זייערע האַנדלונגען, מחלוקת׳ן, און שטענדיגען מורמלען, געמאַכט איהם פאַר אַן איש דברים, ווי די תורה זאָגט עדות — אלה הדברים אשר דבר משה. (קאָזשעניצער מגיד).

---

אלה הדברים אשר דבר משה אל כל ישראל — **צו די אידען מיום בריאת** שמים וארץ, ווי לאַנג די וועלט וועט עקזיסטירען און עס וועלען זיין אידען, אויף דער וועלט. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

„אלה״ מאַכען די ראשי תיבות „אבק לשון הרע״, „הדברים״ געגען די רייד פון לשון־הרע האָט משה געוואָרענט **אל כל־ישראל.** (ר׳ צבי אַפּאָטשנער).

---

**„אלה הדברים״.** לפי שהן דברי תוכחות (רש״י) **נאָר ווען משה האָט גערעדט צו די אידען האָט ער זיך באַנוצט מיט דברי תוכחות. ווען ער האָט גערעדט צום אויבערשטען האָט ער כסדר אויף זיי** מלמד־זכות געווען און איז תמיד געווען זייער מליץ טוב. **(בערדי־טשיווער).**

---

**כידוע האָט דער בעש״ט שטאַרק מקפיד געווען אויף די מגידים וואָס פלעגען אין זייערע דרשות האַלטען אין אויסרעכענען די חטאים** פון די אידען און מוסר׳ן זיי מיט די האַרבסטע רייד. **איינמאָל האָט** ער געטראָפען אַזאַ מגיד, **האָט איהם דער בעש״ט געפרעגט:**

**— זאָגט** מיר כ׳בעט אייך, **ווי קאָן דאָס אַ איד ביי זיך פועל׳ן אַוועקצושטעלען זיך אין אַ שוהל אויף דער בימה און בפני כל עם**

ועדה רעדען לשון הרע אויף אידען. ווייסט איר, אז ווען א איד לויפט א גאנצען טאג ארום זוכען פרנסה פאר ווייב און קינדער און אז ס'קומט פארנאכט טוט ער זיך א כאפ "אוי ווערה מיר, כ'וועל פארשפעטיגען מנחה" און שטעלט זיך תיכף דאוונען מנחה, צי ער ווייסט וואס ער דאוונט, צי ער ווייסט נישט, ווייסט איר, אז אלע שרפים ואופנים ציטערען דעמאלט אין הימעל?

---

ווען איינער זיצט במנוחה, אהן דאגות, פארזארגט מיט אלדאס־גוטס, איז גאר קיין רבותא נישט אז ער איז אן ארענטליכער עהרלי־כער מענש. ווען איינער אבער האט א קאפ פול מיט דאגות און צרות, ווערט כסדר פארפאלגט, האט קיין רגע קיין מנוחה ניט, און ער איז אן ערליך ארענטליכער מענש — דאס איז א רבותא.

אזוי איז דאס אידישע פאלק צווישען די אומות העולם, ווען פעלקער גרויסען זיך מיט זייער ערליכקייט, יושר'דיגקייט, אנשטענ־דיגקייט, בעת זיי זיצען אויף זייער ערד אין זייער אייגענעם לאנד, דאס איז גאר קיין רבותא נישט, ווייל וואלטען די פעלקער געלעבט אונטער אונזערע באדינגונגען, ווערענדיג כסדר גע'רודפ'ט, פאר־פאלגט פון גזירות רעות, שחיטות ואין לך יום שקללתו מרובה מחברו, וואלטען אט־די פעלקער שוין לאנג זייער מענשליך פנים פארלארען און זיי וואלטען אין חיות רעות פארוואנדעלט געווארען. (ר' נפתלי ראפשיצער).

---

„לך והחליפם באומה אחרת" — אין פלוג איז דער ענטפער פון הושע הנביא צום אויבערשטען אומפארשטענדליך. ווי קומט עס א נביא זאל אזוי רעדען, הייסען דעם רבש"ע אויסבייטען די אידען אויף אן אנדערער אומה?

— דאס איז דער פירוש פון הושע הנביא'ס ענטפער. ער האט געזאגט צום רבש"ע, זיי מוחל, געה און זעה די התנהגות און מעשים פון די אנדערע פעלקער, אדרבה, שטעל אנטקעגען דאס אידישע פאלק לגבי אנדערע אומות, פרואוו זיי אויסבייטען אויף אן אנדערע אומה, וועסטו זעהן אז ווי גרויס עס זאלען נישט זיין אונזערע חסרונות זיינען מיר נאך אלץ לגבי אנדערע פעלקער צדיקים גמורים און א סך בעסער פון זיי. (ר' ברוך קאסאווער).

---

## בערבה (א. א.)

דאס איז א לשון ערבות — א רמז, אז כל ישראל ערבין זה בזה. (ר' אשר סטאלינער).

## וחצרות (א. א.)

במחלוקתו של קרח (רש"י) דעריבער ווערט מחלוקת של קרח באַצייכענט מיט'ן וואָרט „וחצרות" ווייל קרח ועדתו האָבען געוואָלט צעטיילען די אידען אין באַזונדערע הויפען, אויפשטעלען נייע רבי־לעך צו פּראַווען רב'סטוואָס... (ר' העניך מאלכסנדר).

---

בשעה שתקן שלמה המלך ערובין, ונטילת ידים, יצאה בת־קול ואמרה, „אם חכם לבך, ישמח לבי גם אני" — וואָס פאַר אַן אויסער־געוויינליכע חכמה און לימוד פאַר די צוקינפטיגע דורות איז דאָס פאַראַן אין מתקן זיין עירובין, ונטילת ידים. זיינען זיי דען די הויפּט עיקרים פון דער אידישער אמונה?

— אויב אַ הימלישׁ בת־קול האָט באַגריסט שלמה המלך פאַר די צוויי תיקונים דאַרפען מיר פאַרשטעהן, אַז אוודאי האָט שלמה געהאַט אַ טיפען רעיון און זיי מתקן געווען.

„עירובין" איז פון לשון „מעורב", אויסמישען זיך, התחברות, חבר'שאַפט, „נטילת־ידים" הייסט אָפּוואַשען. אָט־דאָס האָט שלמה מתקן געווען, אַז מיר אידען זאָלען ביכולת זיין זיך צו חבר'ן, אויס־מישען זיך מיט די פעלקער פון דער וועלט און אין איין רגע זאָל מען זיך פון זיי קענען אָפּוואַשען און אָט־דאָס איז ניט בלויז אַ חכמה, נאָר אויך אַ לימוד לדור דורות. (יוד הקדוש).

---

## וחצרות ודי זהב (א. א.)

אַ חסיד האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַר'ן ראַדאָמסקער, אַז ער איז אַ גרויסער אָרימאַן און האָט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכען — ולרש אין כל.

— אויב דו ביזט טאַקע אַזאַ אָרימאַן ווי דו זאָגסט, בעט איך דיך תיכף צו פאַרלאָזען מיין חדר, ווייל איך בין אַ כהן, „עני חשוב כמת"...

אַז דער חסיד האָט געוואָלט אַרויסגעהן, האָט איהם דער ראַדאָמס־קער פאַרהאַלטען:

— דו ביזט דאָך אַ מת־מצוה און צו אַ מת־מצוה מעג מען זיך דאָך מטמא זיין. זאָג זשע מיר, כ'בעט דיך, אַז דו ביזט אַזאַ אָרימאַן וואָס דאַגה'סטו וועגען חתונה מאַכען דיין טאָכטער, האָסטו כאָטש ברויט צום עסען?

— ניט איינמאָל טרעפט זיך אַז איך האָב קיין ברעקעל ברויט ניט אין שטוב.

— דאָס מיינט, ס'טרעפן טעג וואָס דו מאַכסט ניט קיין המוציא?

— אַז ס'טרעפט אַ טאָג כ'האָב קיין ברויט ניט אין שטוב, נעמט מיין פרוי דעם צווייטען טאָג אַ ביסעל סחורה און געהט איבער די הויפען פון די רייכע האַנדלען.

— נו, אויב אַזוי, דאגה ניט, כ'בין דיר מבטיח אַז השי"ת וועט דיר העלפען ווייל אַזוי שטעהט בפירוש אין דער תורה, „וחצרות" די וואָס האַנדלען אין די „הויפען", „ודי זהב", וועלען מצליח זיין, זיי וועלען נתעשר ווערען...

---

אם אין קמח אין תורה — רבונו של עולם, דאָס וואָס דו זעהסט די אידען לערנען ניט דיין תורה, איז דאָס ניט חס־ושלום מחמת שלעכטען ווילען, נאָר גאָר פשוט, ווייל „אין קמח", זיי האָבען ניט קיין פרנסה. גיב זיי פרנסה, וועלען זיי לערנען תורה. (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

---

יאי עניותא לישראל — אויב עניות איז באמת אַזוי שעהן, זיינען מיר מוחל דעם רבש"ע די דאָזיגע שיינקייט. זאָל ער די שיינקייט „לעשות בהם משפט כתוב הדר" דעם דאָזיגען „הדר" געבען צו די אומות־העולם. (ר' שלום בעלזער).

---

## הואיל משה באר את התורה הזאת לאמר (א. ה.)

בשבעים לשון פירשה להם (רש"י) צו וואָס האָט דאָס משה באַ־דאַרפט פאַרטייטשען די תורה אין זיבעציג לשונות?

— משה האָט פאָראויסגעזעהן אַז אין יעדער אומה וועט זיין אַ כח וואָס וועט זיין געגען דער אידישער תורה און כדי צוצוגרייטען די אידען זיי זאָלען קענען זיך דערהאַלטען ביי דער תורה צווישען וואָס פאַר אַן אומה זיי וועלען זיך געפינען, האָט דעריבער משה פאַר־טייטשט די תורה אין אַלע זיבעציג לשונות (אַנטקעגען די שבעים אומות) כדי די אידען זאָלען קענען זיך מתגבר זיין געגען דעם צד שכנגד התורה פון די אומות העולם אין די אַלע לענדער וואו זיי וועלען זיך געפינען אין גלות. (חידושי הרי"ם).

---

## ותקרבון אלי כלכם (א. כב.)

די זאַך וואָס איך וועט זיין שווער צו וויסען, צי זאָלט איר עס יאָ אָדער נישט טאָן, „תקרבון אלי" זאָלט איהר עס דערנענטערען צו

מיר, זאָלט איהר עס באַטראַכטען פונ'ם שטאַנדפונקט פון רצון הבורא, אָהן פערזענליכער נגיעה, וועט איהר וויסען דעם ריינעם אמת. (שפת אמת).

---

## אחינו המסו את לבבנו (א. כח.)

בערבוביא, ילדים דוחפין את הזקנים וזקנים דוחפין את הראשים. משה האָט געשטראָפט די אידען, בעת מתן תורה ווי מען דאַרף זיך שטופען גוט צו הערען און בעסער מקבל צו זיין, זענט איהר געגאַנגען געלאַסען, האָט זיך ניט געיאָגט און ניט געשטופט. ביי די מרגלים, צו זינדיגען, צו טאָן שלעכטס, האָט איהר זיך געשטופט, געיאָגט, מיט זריזות געלאָפען, מיט התלהבות און ברען האָבען קינדער גע־שטויסען עלטערע און עלטערע זייערע ראשים. (חידושי הרי"ם).

---

## והדבר אשר יקשה מכם (א. יז.)

„אויפ'ן וואָרט „אחינו" שטעהט אַ תלישא קטנה, „המסו את לבבנו" — אַ קדמא ואזלא, איז דאָס אַ רמז אַז ווען אין „אחינו" כאַפּט זיך אַריין א תלישא קטנה — אַ קליינער פירוד און ריס „המסו את לבבנו" קדמא ואזלא, ווערט דער פירוד גרעסער און מאַרשירט אין פראָנט פאָראויס. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

## וטפכם אשר אמרתם לבז יהיה (א. לט.)

צו ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער איז אַמאָל געקומען אַן עקרה, איהר נאָמען איז געווען „לאה בת זיסעל" און געבעטען איהם אַז ער זאָל פאַר איהר בעטען ביים רבש"ע זי זאָל האָבען קינדער. גראָד האָט דער פרעמישלאַנער געהאַלטען אַ חומש אין האַנט, האָט ער אַן עפען גע־געבען דאָס חומש און עס האָט זיך אויפגעמישט דער פסוק „וטפכם אשר אמרתם לבז יהיה".

— אָט זעהסטו — האָט דער פרעמישלאַנער מיט'ן פינגער אָנגע־וויזען דער פרוי אויפ'ן פסוק אין חומש — האָסטו אַ בפירוש'ן פסוק אין דער תורה וואָס זאָגט אַז דו וועסט האָבען קינדער. וטפכם אשר אמרתם, קינדער וואָס דו בעטסט — „לבז" צו לאה בת זיסעל. „יהיה", וועט זיין — זי וועט האָבען קינדער.

---

אַ דאָרפסמאַן מיט זיין פרוי זיינען אַמאָל געקומען צום קאָזשעניצער מגיד מיט אַ בקשה ער זאָל בעטען גאָט פאַר זייערט וועגען זיי זאָלען האָבען קינדער.

— לייגט אַוועק אַ פדיון פון 52 גולדען, כמנין „בן".

— איך וועל אייך געבען 10 גולדען — האָט דער דאָרפסמאַן זיך געדונגען.

— 52 גולדען, כמנין בן — ניט ווייניגער.

איז דער דאָרפסמאַן אַוועקגעגאַנגען און געבראַכט צוואַנציג גולדען אין קופּער געלט, אויסגעשפּרייט דאָס אויפ'ן מגיד'ס טיש און געזאָגט:

— רבי, זעהט נאָר וויפיל געלד דאָ איז פאַר אייך אויסגעשפּרייט.

האָט דער מגיד גענומען זיך צייט און איבערגעציילט דאָס אויסגעשפּרייטע קופּער געלד און ס'איז ניט געווען מער ווי 20 גולדען.

— דו וועסט עס ניט מאַכען ביליגער — האָט דער מגיד נאָכ'ן איבערציילען דאָס געלד געזאָגט צום דאָרפסמאַן — ווילסטו האָבען אַ בן־זכר, מוזטו געבען אַ פדיון כמנין „בן", 52 גולדען.

איז דער דאָרפסמאַן שטאַרק אין כעס געוואָרען און האָט אויסגעשריען צו זיין פרוי:

— נעם דאָס געלד און קום. גאָט וועט אונז העלפען אָהן דעם מגיד.

— גערעכט, גערעכט, מיין זוהן! — האָט איהם דער מגיד תיכף אָפּגעענטפערט — האָסט שוין גע'פועל'ט, גאָט וועט דיר בוודאי העלפען, דיין ווייב וועט האָבען אַ בן־זכר.

---

הייליגער מגיד — האָט אַמאָל אַ חסיד אַ קינדערלאָזער מיט האַרץ זיך מתנצל געווען פאַר'ן קאָזשעניצער מגיד — פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ עונש? אַזוי פיל מאָל בין איך געווען ביים מגיד ער זאָל מתפלל זיין צו גאָט, מיין פרוי זאָל מיר געבוירען אַ בן־זכר און דער מגיד פּטר'ט מיך כסדר אָפּ מיט כל'ערליי תירוצים, בעת אַ מתנגד אין אונזער שטעטעל וועלכער איז געווען אַן עקר קרוב פון פופציג יאָר, איז קיינמאָל ניט געפאָרען צום מגיד, האָט זיין פרוי לעצטענס געבוירען איהם אַ בן זכר.

— ווייסטו פאַר וואָס — האָט איהם דער מגיד געענטפערט — ווייל אַלע וועלכע ווילען געהאָלפען ווערען מיט אַ קינד, קומען צו מיר, אָדער צום רבי'ן פון לובלין, האָט השי"ת געוויזען, אַז אויך ער קען מזכה זיין אַן עקר מיט אַ קינד, וועלכער פאָרט ניט צו מיר און ניט צום רבי'ן פון לובלין...

אַן עקרה איז איינמאָל געקומען צו ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער, געוויינט פאַר איהם, ער זאָל פאַר איהר ביי גאָט בעטען זי זאָל האָבען אַ קינד.

אין'ם זעלבען מאָמענט איז אַריינגעקומען אַן אַלטער איד, אַ טרעגער און געקלאָגט זיך פאַר'ן פּרעמישלאַנער, היות אין די יונגע יאָהרען איז ער געווען אַ בעל־כח, האָט געטראָגען אַלע שווערע משאות אויף זיינע אַקסלען, איצט איז ער שוין אַלט, האָט מער קיין כח נישט צו טראָגען קיין שווערע משאות, בעט ער דאַרום דעם רבי'ן, אויב ס'איז מעגליך מ'זאָל פאַר איהם צונויפקלייבען אַ נדבה, ער זאָל קענען קויפען אַ פערד מיט אַ וואָגען אַרויפצולייגען די משאות און פאַרשפּאָרען זיי צו טראָגען אויף זיינע מידע אַקסלען.

האָט דער פּרעמישלאַנער געווענדעט זיך צו דער קינדערלאָזער פרוי און אַזוי געזאָגט:

— ביז אַהער האָסטו געפירט סדר נשים און ער, דער טרעגער האָט געטראָגען. גיב דו איהם איצט געלד צו קויפען אַ פערד און אַ וואָגען, וועט ער פירען און דו וועסט טראָגען...

---

## כי ד' אלהיך ברכך בכל מעשה ידך (ב. ז.)

פון דעם פסוק איז אַ ראיה אַז פּרנסה און הצלחה זיינען מן השמים און קומען אַ מענשען שלא כדרך הטבע. „ידע לכתך את המדבר הגדול הזה", השי"ת האָט געוואוסט אַז די אידען וועלען אין דער מדבר דאַרפען געהן פערציג יאָהר און דאָרטען וועט ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר מסחר און ציען חיונה. אף על פי כן, „לא חסרת דבר" האָט די אידען קיין זאַך ניט געפעלט, זיי האָבען פון אַלץ געהאַט שלא כדרך הטבע, ווייל חיונה, פּרנסה און הצלחה זיינען בידי שמים. (ר' צבי זאַליזיצער).

---

כי ד' אלהיך ברכך בכל מעשה ידך, — לויט דיינע מעשי־ידיך, לויט דיינע האַנדלונגען און צדקה געבען וועט דיך גאָט בענשען. (ר' ברוך קאָסאָוער).

---

## לסיחון מלך האמרי (ג. ב.)

„לסיחון" דערצעהלט מען שיחות חולין „מלך" וועגען צדיקים, „האמורי" מיט יראה און דרך־ארץ, איז דאָס גאַנץ גוט. „לעוג" (לשון לעג — אָפּשפּעטען). דערצעהלט מען שיחות־חולין „מלך" כדי

אַפּצושפּעטען און אָפּצו'חוזק'ן פון צדיקים „הבשן" מינערט מען ניט זייער צדקות נאָר דער דערצעהלער מעג זיך שעמען. (ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער).

---

שיחות חולין של תלמידי חכמים צריכין לימוד — מען דאַרף זיך לערנען צו קענען רעדען שיחות חולין, זיי זאָלען אַרויסקומען פון מויל ווי פון תלמידי חכמים. (יוד הקדוש).

---

## ולמכיר נתתי את הגלעד (ג. טו.)

ווייל די תורה איז ניט געפינטעלט כדי מען זאָל איהר קענען דרש'ענען, לערן איך דעם פּסוק „ולמכיר" און צו דעם וואָס דערקענט גאָט, „נתתי לו" האָב איך געגעבען צו איהם „את הגלעד" — פרייד און צופרידענהייט. (ר' דוד'ל לעלעווער).

# ואתחנן

## ואתחנן אל ד' בעת ההיא (ג. כג.)

די תורה זאָגט ניט וועלכע צייט דאָס איז געווען, איז פון דאַנען אַ רמז אַז אַ איד זאָל קיינמאָל ניט זאָגען איצט האָב איך קיין צייט ניט, קיין געדולד, קיין הרחבת־הדעת, נאָר צו יעדער צייט, אויף יע־דען פלאַץ און ווען מען דאַרף זאָל ער דאַווענען. (ר' נפתלי ראָפ־שיצער).

---

ווען אַ מענש דאַוונט, איז ניט קיין חילוק וואָס ער דאַוונט, נאָר ווי אַזוי ער דאַוונט. פילט ניט דער מענש בשעת התפלה דעם אינעווייניגסטען מוז אויסצוגיסען דאָס הארץ פאַר'ן בורא־עולם, איז גלייכער ער זאָל גאָר נישט דאַווענען. (בעש"ט).

---

מ'האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי מלובלין פאַר וואָס מאַנכע תפילות כאַפּט ער שנעל אָפּ און פאַרשלינגט די ווערטער.

— די ווערטער זיינען מיר ליב און זיס אַז ס'איז מיר פשוט אַ שאָד זיי צו צעקייען, דאַרום כאַפּ איך זיי שנעל אין מויל אַריין און שלינג זיי גלייך אַרונטער...

---

דעם בערדיטשיווער האָט מען אַמאָל געפרעגט: פאַר וואָס ער דאַוונט אַזוי געלאַסען.

— די אותיות זיינען ווי הייסע קוילען איז מיר זיי שווער צו כאַפּען און אַרונטערשלינגען...

---

אויב מען שטעכט אַ מענש מיט אַ מעסער בשעת ער דאַוונט און ער פילט דעם ווייהטאָג — אַזאַ תפלה ווערט ניט גערופען תפלה. (יוד הקדוש).

---

תפלה, בעטען ביים רבש"ע, דאַרף מען זיך אָפּלערנען פון משה רבינו. כי מי לנו גדול פון משה'ן? און אַז גאָט האָט אים געזאָגט „כי

לא תעבור את הירדן הזה" האָט ער כעני בפתח אויסגעשפּרייט זיינע הענט פאַר׳ן כסא־הכבוד און רחמים געבעטען ביים רבש"ע, ניט אין זכות פון זיינע מעשים טובים, נאָר אַ מתנת חנם. מכל־שכן מיר — מה אנו, מה חסדנו, ומה צדקתנו? מיר קומען מיט ליידיגע הענט פאַר׳ן רבש"ע, כי אין בנו מעשים וצדקה, דאַרפען מיר ווי קליינע קינדער בעטען השי"ת — „עשה למען שמך!" (בעש"ט).

---

יהיו לרצון — אַ מענש טאָר קיינמאָל ניט בעטען ביי גאָט, אַז זיין תפלה זאָל צוגעהערט ווערען ווי זיין רצון, נאָר זאָל בעטען, אַז „אמרי פי והגיון לבי" זאָל זיין ווי גאָט וויל, ווי דער רצון הבורא. (בערדיטשיווער).

---

ווען אַ מענש שטעהט און דאַווענט, זאָגט וואָרט איין וואָרט און פאַרענדיגט מיט אַ ברכה, איז ער גלייך צו איינעם וואָס געהט אין אַ פעלד און קלייבט איינציגע בלומען, אַז ער האָט אַ פולע האַנט מיט שיינע שמעקענדיגע בלומען איז ער זיי צוזאַמען מחבר און בינדט זיי צונויף אין איין בינטעל. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

---

תפלה איז געגליכען צו אַ קשת. פונקט ווי אַ קשת וואָס מעהר מען ציהט די שטריק צו זיך, געהט די פייל ווייטער, אַזוי איז אויך ביי תפלה, וואָס מער מען קאָנצענטרירט זיך מיט כוונת הלב בעת דעם דאַווענען, גרייכען די תפילות העכער און זענען בוקע רקיעים. (קאָצקער).

---

וראה אם דרך עוצב בי ונחני בדרך עולם — אויב אַ איד באַפאַלט קודם התפלה אַ מרה שחורה, פאַלט אַריין אין עצבות, ער פילט אַז ער קען נישט דאַווענען בכוונה, זאָל ער פשוט אויפמישען דעם סידור און דאַווענען בדרך עולם, וואָרט אין וואָרט, וואָס די אַנשי כנסת הגדולה האָבען מתקן געווען. (יוד הקדוש).

---

איידער דו שטעלסט זיך דאַווענען — האָט דער קאָצקער געלערנט אַ יונגענמאַן יראת־שמים — זאָלסטו טראַכטען, אפשר וואָלט בעסער געווען צו עסען אומגעדאַווענט. און אַז דו וועלסט אַזוי טאָן און דו פיהלסט אַז דאָס עסען וועט דיר ניט באַקומען, עס לאָזט דיך ניט ווער אַזוי טאָן — טראַכט זשע, ווער לאָזט דיך דאָס ניט טאָן און פאַר וועמען האָסטו דאָס מורא?

— פאַר'ן רבונו של עולם, וואָס האָט באַשאַפן הימעל און ערד, שפּייזט און דערנערט אַ וואָרים אונטער דער ערד ביז די וויזעלטיר, באַשאַפט לעבען און מאַכט טויט און איז ביכולת אין איין רגע די גאַנצע וועלט און אַלע ברואים צו פאַרוואַנדלען אין תהו ובהו — אַז דו פאַרשטעהסט אַזוי, פאַרשטעהסטו דאָך גאָט'ס גדלות און דיין שפלות — שטעל זיך דאַוונען...

---

משה רבנו האָט געבעטען גאָט „בעת ההיא" אויף יענער צייט, אויף דורות שפּעטער, ווען אידען וועלען צוליב צרות, עינויים, גזירות און גלות נישט קענען מתפלל זיין מיט האַרץ און כוונה, „לאמר" זיי וועלען נאָר קענען בלויז זאָגען מיט'ן מויל, אַז אויך זייער תפלה זאָל אָנגענומען ווערען. (רי"ד אַמשינאָווער).

---

רבונו של עולם! — האָט ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער גע'טענה'ט צו גאָט — איך ווייס אַז ווען מ'זאָל אויסקוועטשען אַלע תפילות וואָס דאָס פאָלק ישראל בעט ביי דיר, וועט אַרויסגיין — געלד. דאָס איז זייער עיקר געבעט. זאָל מען אָבער אויסקוועטשען דאָס געלד פאַר וועלכע צוועקען אידען בעטען, וועט אַרויסגיין תורה, מצוות, מעשים טובים. ווייל אייגעטליך צו וואָס דאַרף אַ איד געלד? — חתונה מאַכען זיין טאָכטער צו אַ תלמיד־חכם, געבען קעסט אַן איידעם אַ בן־תורה, דינגען אַ גוטען מלמד פאַר זיינע קינדער צו לערנען זיי גאָטס תורה, הוצאות צו פאָרען צו אַ רבי'ן לערנען חסידות, כהנה וכהנה, וואָס אויף די אַלע זאַכען, פאַרשטעהט זיך איז זעהר נויטיג געלד...

---

ווען דער אַלעקסאַנדערער רבי, ר' ישראל יצחק איז געווען אַ קינד, פלעגט ער שטענדיג אַרומטראָגען זיך מיט אַ סידור אין האַנט. האָט מען איהם איינמאָל געפרעגט:

— ווער האָט דיך אויסגעלערנט דאַוונען, דיין רבי, אָדער דיין טאַטע?

— ביידע נישט — האָט דער קליינער ישראל יצחק אָפּגעענטפערט — דער סידור האָט מיך אויסגעלערנט דאַוונען.

---

נאָך דעם ווי דער חידושי הרי"ם איז באַריהמט געוואָרען אַלס רבי, איז ער צוריקגעקומען אין זיין געבורט־שטאָט, גער. איינמאָל האָט ער באַזוכט דעם מלמד וואָס האָט איהם אַלס קינד געלערנט דעם „אלף־בית". האָבען די אַנדערע מלמדים וואָס האָבען מיט איהם אַלס

קינד געלערנט גמרא ופוסקים געהאַט אויף איהם תרעומות, און איי־נער האָט איהם געפרעגט:

— פאַר וואָס האָט דער רבי צוגעטיילט כבוד דעם אלף־בית־מלמד, ווי ס׳ווייזט אויס שעמט זיך דער רבי מיט די גרעסערע מלמדים?

— חס וחלילה — האָט זיי דער חידושי הרי״ם אָפגעענטפערט — ביי מיר זייט איהר אַלע חשוב. דעם דרדקי מלמד בין איך אָבער מחוייב מעהר כבוד אָפצוגעבען, ווייל איהר האָט מיט מיר געלערנט גמרא און פוסקים, קשיות ותירוצים, דער תנא זאָגט אַזוי און דער תנא זאָגט אַזוי, דער דרדקי מלמד אָבער האָט מיך געלערנט תורת אמת, אָהן קשיות און אָהן תירוצים. תורה וואָס קיינער קען ניט אָפ־פרעגען — „אלף־בית״, וואָס דאָס איז ביי מיר ביז היינט פאַר־בליבען, בין איך דאָך מחוייב דאָרום איהם גיכער צוצוטיילען כבוד ווי אייך, מיינע גמרא מלמדים.

---

דעם מאמר חז״ל „אין שמחה אלא בבשר״ — האָט ר׳ העניך מאלכסנדר געטייטשט — הגם כביכול האָט כמה מלאכים ושרפים, ואופנים וואָס האַלטען אומאויפהערליך אין דינען און לויבען איהם, פונ־דעסטוועגען האָט כביכול פון אַלע ניט קיין שמחה פון זייער עבדות אלא מבשר ודם — פון מענשען.

---

ואתחנן אל ד׳ — דער עיקר און איינציגע כוונה ביים דאַווענען דאַרף זיין אל ד׳. (רמ״ל לענטשנער).

---

אַלע תענוגי העולם הזה זיינען נישטיג און ווערטלאָז אַנטקעגען דעם תענוג פון עבודת־הבורא. (בערדיטשיווער).

---

אַ איד וואָס באַזיצט גרויס אהבת ישראל, האָט מעומק לבו אמת׳־דיג ליב אידען, איז אַט־דאָס די העכסטע מדרגה אין עבודת השם. (ר׳ שמשון אָסטראָפּאָליער).

---

אהבת ד׳ און אהבת ישראל זיינען ביידע איינס. דער וואָס האָט ליב השי״ת האָט אויך ליב זיין פאָלק. די דאָזיגע צוויי אהבות אין איינעם האָבען די אַנשי כנסת הגדולה סומך געווען אין סדר התפילה. הבוחר בעמו ישראל באהבה — „אהבה״ באַטרעפט וויפיל „אחד״. (אוהב ישראל).

---

וויינען איז אַ שלעכטע מדה. „עבדו את ד׳ בשמחה״ — גאָט באַדאַרף מען דינען מיט שמחה. נאָר ווען דאָס געוויין איז מחמת שמחה, איז דאָס אַ מדה גבוהה וטובה. (בעש״ט).

---

תהלים, תחינות ובקשות זיינען גוט, ווען מ׳זאָגט באמת ובלב שלם, ווי אַ קינד וואָס וויינט פאַר׳ן טאַטען. ווען מ׳זאָגט אָבער תחינות און מ׳טראַכט בעת׳ן זאָגען צו וויינען, איז די דאָזיגע מחשבה מבלבל דעם דעת און די תחינות ובקשות זיינען שוין ניט בלב שלם ובשלימות אמתית. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

---

תפלה בשמחה איז פאַר׳ן רבש״ע מעהר חשוב ומקובל ווי תפלה מתוך עצבות ובכיה. (בעש״ט).

---

ונפשי כעפר לכל תהיה — ווען איך דערפיל מיין נישטיגקייט, מיין ערדישקייט, ערשט דעמאָלט פתח לבי בתורתך, פיל איך צו עפע־נען מיין מויל מתפלל צו זיין פאַר׳ן רבונו של עולם. (ר׳ העניך מאלכסנדר).

---

דעם בערדיטשיווער איז אַמאָל אויסגעקומען צו דאַווענען אין זשאָלקאָווער בית־מדרש. ווי זיין דרך התפלה איז געווען האָט ער מתפלל געווען מיט גרויס התלהבות און אימה. נאָכן דאַווענען האָט איהם דער דאָרטיגער גאון הרב ר׳ אברהם אביש געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— בערדיטשיווער רבי, לויט אייער פייערדיג דאַווענען קומט אויס אַז איך דאַווען גאָר נישט.

---

אַ חסיד האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַרן רבי מלובלין, אַז ער האָט שוין פראַקטיצירט כל׳ערליי סייגים וגדרים גובר צו זיין דעם יצר הרע און עד היום איז נאָך ניט פאַראיבער קיין איין טאָג ער זאָל ניט האָבען באַגאַנגען קיין חטא.

— דאָס איז אַ סימן, אַז נאָך אַלע סייגים וגדרים האָסטו נאָך ניט געגרייכט צו התחלת עבודת השם בקדושה ובטהרה.

---

דאַווענען דאַרף מען, לערנען מוז מען. (רמ״מ לענטשנער).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט דעם קאָצקער וואָס צו טאָן, ער זאָל האָבען חשק צו לערנען.

— איך פאַרשטעה ניט, צו אַזאַ גוטע זאַך האָט מען ניט קיין חשק?

---

דאגה בלב איש ישיחנה — דאָס איז תפילה. ולפני ד' ישפוך שיחו, אויב נאָכ'ן דאַוונען זעצט זיך דער פאַרזאָרגטער לערנען, וועפּט פון איהם אויס די דאגה און שמחה פאַרנעמט דאָס פּלאַץ אין זיין האַרץ. (ר' ישראל מאַדזשיצער).

---

תנועות, וואָס אַ מענש מאַכט אַמאָל ביים דאַוונען זיינען ניט דווקא אַ סימן פון התלהבות. — התלהבות קען אויך זיין אינעווייניג און גאָר ניט קענטיג פון עמאַציעס וואָס מען זאָל אָנזעהן אינדרויסען. תנועות ביים דאַוונען זיינען אַ סימן, אַז דער מענש טרינקט זיך אין אַ ים פון מחשבות זרות, אַרבייט ער דאַרום מיט'ן גאַנצען גוף, מיט אַלע כחות זיך פון זיי אַרויסצוראַטעווען, כדי ער זאָל קענען צואשווימען צום ברעג פון דער ריינער מחשבה. (בעש"ט).

---

המתפלל צריך שיתן עיניו למטה — אַריינקוקען אין זיך גופא און זעהן די אייגענע שפלות, דורך דעם וועט זיין תפלה זיין בשמחה און וועט דערגרייכען אין די הויכע הימלען. (ר' ישראל מאַדזשיצער).

---

ואתחנן אל ד' — משה האָט געלערנט די אידען, אַז אונטער די ערגסטע אומשטענדען זאָלען זיי ניט פאַרצווייפלען, זאָלען זיי זיך ניט מייאש זיין נאָר בעטען צו גאָט. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

ווען אַ מענש טרינקט זיך אין וואַסער און ער מאַכט מיט זיינע הענט און פנים כל'ערליי תנועות און הוויות זיך צו ראַטעווען, וועט ווער פון איהם לאַכען אָדער אָפּ'חוזק'ן? אַזוי טאָר מען ניט לאַכען פון קיין מענש בעת ער מאַכט תנועות און הוויות בשעת התפלה, ווייל אויך דער מענש ביים דאַוונען זוכט צו ראַטעווען זיין נפש פון דער־טרונקען ווערען. (בעש"ט).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ר' ישראל ריזשינער, ווי איז גלייכער צו דאַוונען, בקול רם, אָדער תפלה בלחש — האָט איהם דער ריזשינער אָפּגעענטפערט:

דוד המלך האָט געזאָגט: בפי ישרים תתרומם, די ישרים דאַוונען בפי — מיט'ן מויל, שטיל, בלחש. ובשפתי צדיקים תתברך — די צדיקים איז געגוג אַז זיי זיינען מתפלל מיט די ליפּען.

ובלשון חסידים תתרומם — חסידים איז געגוג אַז זיי דאַוועגען מיט דער צונג. ובקרב קדושים תתקדש — די קדושים איז געגוג אַז זיי זיינען מתפלל אין זיך אינעווייניג.

---

דער איד וואָס איז דעם גאַנצען טאָג פאַריאָגט און פאַרהאַוועט, אַז ער פאַרגעסט כמעט אַז עס איז דאָ אַ בורא עולם, נאָר אַז ס'קומט זמן תפלת מנחה, שטעלט ער זיך אין אַ ווינקעל דאַוועגען און פון טיפסטען האַרצען רייסט זיך אַרויס אַ זיפץ אויף זיין שטענדיגער פאַריאָגטקייט און טרדות־הזמן — אָט־דער זיפץ שפּאַלט דורך אַלע הימלען און דערגרייכט צום כסא־הכבוד. (בעש"ט).

---

יעדער איד האָט אין זיין מויל אַ טעלעגראַף וואָס קען דערגרייכען די עולמות העליונים. (ר' אָשר סטאָלינער).

---

אַזוי ווי פון דעם האָלץ וואָס ברענט, געהט נאָר דער רויך אויבען אַרויף אין די גראָבע טיילען, די קוילען, בלייבען אונטען וואָס ווערט פון זיי אַש. אַזוי געהען אויבען אַרויף נאָר די כוונות פון די מתפללים, ווייל זיי זיינען די פּנימיות און דער עיקר התפלה. אָבער די אותיות וואָס זיי זיינען די חיצוניות פון דער תפילה, בלייבען אונטען, ווי אַש פון האָלץ. (ר' דוד לעלעווער).

---

עיקר התפלה איז, אַז דער דיבור זאָל זיין דבוק מיט'ן הארץ. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

דאגה בלב איש ישיחנה — שיחה מיינט תפלה. ווען אַ מענש האָט דאגות, זאָל ער זיך אויסדאַוועגען, ווייל אין דאַוועגען קען מען זיך אויסרעדען אַלץ וואָס עס טוט וועה און וואָס מען באַדאַרף. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען, האָט דער בערדיטשיוועך, ווי זיין שטייגער איז געווען זאָגענדיג ברכות השחר בקול רם, פאַרפעלט די ברכה „שלא עשני גוי". איז דאָס געווען אַ פלא גדול ביים עולם מתפללים און איינער האָט איהם דערויף געמאַכט אויפמערקזאַם; האָט איהם דער באַרדיטשיוועך אַזוי אָפּגעענטפערט:

— ווען איך בין היינט אויפגעשטאַנען פון בעט און אָנגעהויבען מאַכען הכנות צום דאַוועגען, האָב איך פּלוצים דערפיהלט זיך שפּל'דיי־גער ווי דער ערגסטער מענש אויף דער וועלט און האָב באין־אופן ניט

געקענט דאַווענען בשמחה. אַ פאַרצווייפעלטער, פאַרזונקען אין עצבות, האָב איך זיך היין און צוריק אַרומגעדרעהט איבער'ן שטוב, געזוכט ביי זיך אַ מצוה, אַ מדה טובה, אַ נקודה טובה, וואָס זאָל מיך דערמוטיגען, אויפמונטערן צו שטעלען זיך דאַווענען בשמחה. אָפּשטעלענדיג אַ ווײַלע זיך ביים פענסטער, האָב איך דערזעהן פאַרבייגעהן אַ גוי. האָב איך תיכף דערפיהלט דעם גרויסען הפרש צווישען מיר און דעם גוי און ס'איז מיך באַפאַלען אַזאַ שמחה, אַזאַ פרייד, אַז פון גרויס התלהבות און פּאַטאָס, האָב איך הויך אויפ'ן קול, געמאַכט די ברכה „שלא עשני גוי" — דאַרום האָב איך איצט פאַרפעלט די ברכה.

---

כי אתה שומע תפלת כל פה — אפילו די תפלה וואָס איז ניט מעהר ווי בלויז מויל — הערט אויך צו גאָט. (רמ"ל לענטשנער).

---

כל תפלה שאין בה מתפלות פושעי ישראל אינה תפלה, איז דאָך דער מאמר חז"ל קשה — כדי די תפלה זאָל זיין אַ תפלה, מוז מען דווקא מצרף זיין אַ פושע־ישראל, ואם לאו, איז די תפלה קיין תפלה ניט?

— למה הדבר דומה, צו אַ נאַסען בוים. אַליין קען אַ נאַסער בוים ניט ברענען, צוזאַמען מיט ניין טרוקענע ביימער, ברענט אויך דער נאַסער. דאָס מיינען די חז"ל, אַז מיט זייער באַגייסטערונג און עקסטאַז, צינדען זיי אויך אָן און זיינען מעורר אַ פושע־ישראל, זאָל גלייך ווי זיי דאַווענען בכוונה און דביקות — אַזאַ תפלה הייסט תפלה. דאַגעגען אַ תפלה וואָס קומט ניט מעומק הלב, האָט ניט דעם כח אָנצוצינדען אַז אויך אַ פושע־ישראל זאָל מיט־דאַווענען — אַזאַ תפלה איז קיין תפלה נישט. (בעש"ט).

---

ווען אַ מענש איז אַ נצרך, געפינט זיך אין אַ נויט, פון דעסטוועגען ווען ער איז מתפלל, האָט ער ניט אין דער מחשבה זיין בקשה נאָר שבחו של מקום — אַזאַ תפלה איז אמת'ע תפלה. (שפת אמת).

---

מ'האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' חיים צאַנזער — וואָס טוט דער רבי פאַר'ן דאַווענען?

— וואָס הייסט וואָס? — פאַר'ן דאַווענען דאַווען איך.

---

ואתחנן — איך בעט ביים רבש"ע, „בעת ההיא" אין יענער צייט, אין דער לעצטער רגע פון מיין לעבען צו קענען אויסשרייען „ה' אלהים". (קאָצקער).

ואתחנן אל ד׳ — איך בעט ביי גאָט, איך זאָל נאָר רעדן וועגן זאַכען וואָס האָבען אַ שייכות „בעת ההיא״, צום איצטיגען זמן, צום היינט און איך זאָל נישט רעדן וועגן זאַכען פון מאָרגען, ווייל ווער ווייסט וואָס מאָרגען וועט געשעהן, מיינע רייד זאָלען אַמאָל ניט זיין קיין דברים בטלים. רמ״ל סאָסעווער).

---

ואתחנן אל ד׳ בעת ההיא — איידער דו געהסט רעדן פאַר אַן עולם זאָלסטו גאָט בעטען, אַז דאָס שלעכטס וואָס איז צווישען עולם זאָל אונטערדריקט ווערען כדי ס׳זאָל זיין פּלאַץ צווישען דער עדה צו פאַרנעמען דיינע רייד. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

---

## אעברה נא ואראה את הארץ הטובה (ג. כה.)

— אוודאי, פאַרשטעהט זיך אַז „אעברה״, ער וועט אַריינגעהן אין לאַנד „ואראה״ וועט ער עס דאָך זעהן?

— משה האָט מתפלל געווען צו גאָט אַז אויב איהם איז באַשערט אַריינצוקומען אין לאַנד זאָל ער נישט נכשל ווערען ווי די מרגלים און ער זאָל זוכה זיין צו זעהן „את הארץ הטובה״ — דאָס לאַנד פון דער גוטער זייט. (קאָצקער).

---

דער ארץ־ישראל הימעל איז אַנדערש ווי פון אַנדערע לענדער. כאָטש בגשמיות קען דער מענש זעהן ניט קיין שום שינוי, דער אָבער וואָס לעבט אין ארץ־ישראל און גלויבט אין איהר הייליגקייט, קען זעהן דעם הפרש פון די הימלען. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

---

## ויאמר ד׳ אלי רב לך אל־תוסף דבר־אלי (ג. כו.)

משה האָט גע׳טענה׳ט צום רבש״ע, אמת דו האָסט געשוואָרען, איך זאָל ניט אַריינקומען אין ארץ־ישראל, אָבער אַ שבועה קען מען דאָך מתיר זיין. אָט האָסטו דאָך מיר אַליין מתיר שבועה געווען וואָס איך האָב געשוואָרען לחתני יתרו, מעהר זיך ניט צוריקקערען קיין מצרים.

— אמת, האָט איהם השי״ת אָפּגעענטפערט — איך האָב דיר טאַקע מתיר שבועה געווען ווייל „רב לך״, איך בין דיין רבי, אָבער מיר, ווער קען מיר מתיר שבועה זיין. דעריבער משה — אַל תוסף דבר אלי עוד כדבר הזה... (ר׳ שלום בעלזער).

## ואתם הדבקים בד׳ אלהיכם חיים כולכם היום (ד. ד.)

פון דעם פסוק איז געדרונגען אַז ביים פאַרענדיגען פרשת ציצית אין קריאת־שמע דאַרף מען מצרף זיין אמת פון „ויציב" „ואמונה" צו אני ד׳ אלהיכם.

— די אותיות „אתם" מאַכען „אמת", „הדבקים" אַז איהר וועט באַהעפטען ב„ד׳ אלהיכם" — „חיים כלכם היום", וועט איהר דורך דעם זוכה זיין צו אריכות ימים ושנים, ווי דער מדרש זאָגט, „האומר ד׳ אלהיכם אמת בלי הפסק, מאריכין לו ימיו ושנותיו". (ר׳ אשר הורוויץ).

---

ואתם — מאַכען די אותיות „אמת". אַז איהר וועט תמיד האַלטען זיך ביים אמת „הדבקים בד׳" — וועט איהר זיין באַהעפט צו גאָט. (דגל מחנה אפרים).

---

## ומי גוי גדול אשר לו חקים ומשפטים צדיקים (ד. ח.)

אַזוי ווי עס זיינען פאַראַן חוקים בלא טעם, אַזוי זיינען אויך דאָ צדיקים וואָס זייער גאַנצע התנהגות איז בבחינת חק בלא טעם. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

## וההר בער באש עד לב השמים (ד. יא.)

דער באַרג האָט געברענט מיט אַזאַ פייער, „עד לב השמים", ביז ער האָט געמאַכט די בני ישראל אַ הימליש האַרץ. (חידושי הרי״ם).

---

## ונשמרתם מאד לנפשתיכם (ד. א.)

אַזוי ווי כביכול, האָט בשעת מתן־תורה אויפ׳ן באַרג סיני, ניט משנה געוועזען דעם מנהג און ער איז געקומען אין געשטאַלט ווי אין הימעל „כי לא ראיתם כל תמונה", ווייל אין הימעל איז ניטאָ קיין תמונה, אַזוי טאָר אַ מענש ניט משנה זיין און ניט מבטל מאַכען דעם מנהג העולם הזה אָפצוהיטען דאָס געזונט און לעבען פון אייגענעם נפש. (משמרת איתמר).

---

ונשמרתם מאד לנפשותיכם — דער עיקר שמירת הנפש איז מאוד מאוד הוי שפל רוח. (ר׳ אָשר הורוויץ).

אמת'ע שפלות הייסט, אַז מען האַלט זיך באמת פאַר גאַר נישט. אַז מען פאַרשטעהט, דאָס מען פאַרמאָגט גאָר נישט און מען האָט נאָך גאָר נישט געטאָן, דאַרום איז גאָר נישטאָ מיט וואָס זיך גרויס צו האַלטען, דאַרף מען נאָר אַרבייטען מיט זיך צו זיין אַ שפל, איז דאָס אַליין שוין אַ סימן אַז מען האַלט פון זיך, מען באַטראַכט זיך פאַר עפּעס און מען האָט מיט עפּעס וואָס צו שטאָלצירען, נאָר מען זוכט עצות, זיך משפיל צו זיין. אויב אַזוי איז דאָס ממילא שוין נישט קיין אמת'דיגע שיפלות. (שפת אמת).

---

ונשמרתם מאד לנפשותיכם — אַ מענש דאַרף שטאַרק היטען זיין גוף, ווייל ווען דער גוף איז קראַנק איז אויך די נשמה קראַנק. (בעש"ט).

---

ונשמרתם מאד לנפשותיכם — פּייניגען אָפּט דעם גוף מיט סגופים און תעניתים איז אַ צורעדעניש פון יצר הרע כדי דער מח פון מענש זאָל אָפּגעשוואַכט ווערען, וועט ער ממילא ניט קענען עוסק זיין בעבודת השם יתברך. (בערדיטשיווער).

---

ומבשרך אל תתעלם — דו זאָלסט ניט פרעמד זיין און ניט פאַר־מאַכען די אויגען אויף דיין אייגען פלייש, אויף דיין אייגענעם קער־פּער, דו זאָלסט איהם נישט צופיל מאַטערען, ניט צופיל פּייניגען. (ר' נפתלי ראָפּשיצער).

---

## ועשיתם לכם פסל תמונת כל (ד. טז.)

יעדע מצוה דאַרף האָבען אין זיך לעבען און נשמה, אַז ניט איז די מצוה בבחינת „פסל", ווי מיט אַ האַנט געמאַכטע געטשקע. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

## ועשיתם לכם פסל תמונת כל אשר צוך ד' אלהיך (ד. כג)

ווען דו דאַוועגסט, אָדער ביזט עוסק אין אַ מצוה, זאָלסטו ניט מאַכען קיין תנועות אָדער ספּעציעלע באַוועגונגען מיט דיינע הענט, אָפּצונאַרען מענשען אַז זיי זאָלען מיינען אַז דו טוסט דאָס מחמת התלהבות. אַזאַ באַנעמונג איז „ועשיתם לכם פסל תמונת כל" מאַכסטו פאַר זיך אַן עבודה זרה. בעת דו דאַוועגסט און ביזט עוסק אין אַ מצוה „אשר צוך ה' אלהיך" דאַרפסטו דאָס טהון פּשוט אָהן תנועות און נאָכגעמאַכטע התלהבות, דער עיקר לשם שמים. (רמ"ל סאַסעווער).

## ובקשתם משם את ד׳ אלהיך ומצאת (ד. כט).

ווערסטו אין דיין האַרץ פאַרשען און זוכען גאָט, ומצאת — ווערסטו איהם דאָרט געפינען. (חידושי הרי״ם).

---

ובקשתם משם את ד׳ אלהיך — אַז דו ווערסט שרייען און רופען צו גאָט, ומצאת — וועט ער זיך צו דיר אָפרופען. (ר׳ יחיאל מאיר מאָגילניצער).

---

ובקשתם משם — פון דאָרט, פון דיין האַרץ, קאָנסטו זוכען און טאַקע געפינען את ד׳ אלהיך — אויב דו ווערסט איהם נאָר גוט זוכען ביי דיר גופא. (רבי ר׳ בונם).

---

## במצרים לעיניך (ד. לד.)

אָפט איז דאָס שלעכטס און צרות וואָס אויף דיר קומט נאָר „לעיניך" — דיר דוכט זיך אַז עס איז שלעכט פאַר דיר, אָבער באמת איז דאָס גאָר פאַר דיין טובה וועגען. (ר׳ ברוך מעזשיבוזשער).

---

## אתה הראת לדעת (ד. לה.)

דורך צוויי אופנים דערגרייכט מען די מדרגה פון דעת ה׳. די ערשטע מדרגה טאַקע דורך דעת, מיט׳ן שכל און די צווייטע מדרגה, פשוט האָבען אמונה כי ד׳ הוא האלהים — אין עוד מלבדו. (ר׳ יעקב ישראל טשערקאַסער).

---

לדעת כי ד׳ — דברי תורה וואָס מען לערנט, מען הערט, מען זינגט שבת זמירות, דאָס ווערט איינגעזאַפט אינ׳ם מענשען און דער־פיהרט צו מדרגת הדעת כי אין עוד מלבדו. (ר׳ צדוק הכהן).

---

## וידעת היום (ד. לט.)

די איינציגע ידיעה, וואָס איז דאָ צו וויסען אויף דער וועלט איז כי ד׳ האלהים בשמים ממעל ועל האָרץ מתחת. (יוד הקדוש).

---

וידעת היום — אַז בשמים ממעל ועל האָרץ מתחת, איז דאָך דער „אין עוד" אינגאַנצען איבריג. קיין אַנדער אָרט חוץ הימעל און ערד איז דאָך ניט פאַראַן.

— „אין עוד" מיינט מען דעם איד. קיינער ווייסט נישט, קיינער גלויבט נישט, און קיינער באַגרייפט נישט דעם „ה' הוא אלהים בשמים ממעל, ועל הארץ מתחת" — ווי דער איד. (קאָצקער).

## אנכי עמד בין ד' וביניכם (ה. ה.)

דער וואָס האַלט פון זיך — איך בין אַ חכם, איך בין אַ צדיק, איך בין אַן אָדם חשוב, אַ בר מעלות, אַזאַ מענש שטעהט צווישען גאָט און מענש — ביידע האָבען איהם פיינט. (ר' יחיאל מיכל זלאָטשעווער).

אנכי עומד בין ד' וביניכם — דער „אנכי", דער עגאָאיזם, דער „איך" פון מענשען, דאָס וואָס טיילט אָפּ צווישען מענש און דער געטליכקייט, אָט דאָס איז דער „עומד בין ד' וביניכם". (ר' שמואל קוראָווער).

## לא תשא את שם ה' אלהיך לשוא (ה. יא.)

„תשא את שם" מאַכען די סוף תיבות „אמת". איז פון דאַנען געדרונגען אַז ניט בלויז טאָר מען נישט שווערען אַ שבועת שוא, נאָר אפילו אַ שבועת אמת, טאָר מען אויך ניט שווערען. (ר' אָשר הורוויץ).

## את הדברים האלה (ה. יט.)

די ווערטער פון מתן תורה האָבען אַ ווירקונג אויף אַלע צייטען, און אַלע דורות ווען אידען וועלען זיך צונויפזאַמלען „אל כל קהלכם", וועט רוען אויף זיי די שכינה. ווי די חז"ל זאָגען, „עשרה שיושבין ועוסקין בתורה שכינה ביניהם". דאָס איז דער פירוש פון „דבר ד' אל כל קהלכם", דער דיבור פון השי"ת איז געבליבען ביי אַלע קהילות וואו אידען וועלען זיך געפינען אין אַלע צייטען און אַלע דורות. (שפת אמת).

נאָר באופן זה „כאשר צוך ד' אלהיך", עס זאָל ניט זיין געגען גאָט'ס תורה. (בערדיטשיווער).

דער דיבור האָט אַ גרויסען כח צו דערוועקען דעם מענשען. אפילו דער מענש וואָס איהם דוכט זיך אַז ער האָט קיין האַרץ נישט לעבודת השם, זאָל ער רעדען דברי התעוררות ותחינות ובקשות וועט

פאַר איהם גופא ענטדעקט ווערען אַז „נפשו יצאה בדברו" אַז זיין הארץ און נפש זיינען צו גאָט — ווייל דער דיבור גופא איז התגלות הנפש והלב. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

## היום הזה ראינו כי ידבר אלהים את האדם וחי (ה. כא.)

פאַר וואָס האָבען זיי זיך געשראָקען „ועתה למה נמות". זיי האָבען דאָך געזעהן און געהערט און זיינען ניט געשטאָרבען.

— ביז די אידען זיינען געקומען צום באַרג סיני האָבען זיי ניט געקענט משיג זיין, מען זאָל קענען זעהן די געטליכקייט און בלייבען לעבען. נאָך דעם אַז זיי האָבען געזעהן און געהערט האָבען זיי מורא געקראָגען אַז דאָס וועט זיי ברענגען צו גאוות, וואָס איז בבחינת מיתה. ובכדי צו פאַרטרייבען דעם רעיון פון גאוות האָבען זיי אַליין געפרעגט ביי זיך „ועתה", איצט אַז מיר האָבען דאָס אַלץ געזעהן און געהערט „למה נמות" קענען מיר זיין בעלי גאווה. דערויף האָט זיי גאָט געזאָגט: „מי יתן והיה לבבם זה ליראה אותי" — אַז אַלע מצות זאָלען די אידען אַזוי מקיים זיין מחמת יראה און גאוות. (ר' שלום בעלזער).

---

## שמע ישראל (ו. ד.)

מאימתי קורין את שמע — „מאימתי" פון אימה, מיט שרעק, ציטערניש און פאָרכט „קורין את שמע" דאַרף מען לייענען קריאת־שמע. (ר' זושא מהאַניפּאָל).

---

שמע ישראל — הערט אידען אַז בכל יום ויום בת קול יוצאת מהר חורב ומכרזת — ד' אלהינו ד' אחד. (בערדיטשיווער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם בעש"ט, אויב איינער האָט געזאָגט קריאת־שמע בלא כוונה צי מעג ער אַ צווייט מאָל איבערזאָגען בכוונה?

— כידוע על פי דרך החסידות, איז ניטאָ קיין זאַך אין דער וועלט און קיין אַרויסגערעדט וואָרט, אפילו מחשבות חיצוניות וואָס זאָגען ניט האָבען אין זיך קיין ניצוצות הקדושים. אם־כן, אַז מיר זאָלען זאָגען אַז תפלה בלא כוונה דאַרף מען אַ צווייט מאָל איבערזאָגען, לייקענען מיר דאָך אין רעיון, אַז יעדער זאַך און יעדער אַרויסגערעדט וואָרט זיינען דאָ הייליגע ניצוצות.

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ מאיר שלום פּאַריסאָווער, אויף דעם פּסוק „שמע ישראל" זאָגט דער מדרש „שמע" „ע" רבתי, „אחד" „ד" רבתי — אותיות „עד". שמעיד על זכיותיהן של ישראל ולא על חובתן. חוץ מעון שבועת שוא שמעיד גם לחובה, דער פּשט פון מדרש איז באמת אַ גרויסע פליאה.

— דער פשט איז גאָר פשוט — האָט ר׳ מאיר שלום אָפּגעענט־פערט — אויף דעם פּסוק „לא יקום עד אחד לכל עון ולכל חטאת" דרשנ׳ט די גמרא: „אבל קם הוא לשבועה", איז דאָס דער טייטש: לא יקום עד אחד — דער „עד" פון „שמע" און „אחד" קען ניט אויפשטיין און זאָגען עדות אויף די אידען לכל עון ולכל חטאת, ווען די אידען זינדיגען, אבל קם הוא לשבועה — אָבער פאַר שווערען פאַלש קען דער „עד" אויפשטיין און זאָגען עדות.

## ואהבת את ד׳ אלהיך (לה.)

די מאָדערנע חכמים פרעגען ווי אַזוי קען מען דאָס געבען אַ באַ־פעל ליב צו האָבען, ליבע, טענה׳ן זיי, איז דאָך כידוע אַ זאַך וואָס איז אָפּהענגיג אין דער נאַטור פון מענש, אויב אַזוי, ווי אַזוי קען מען דאָס געבען אַ באַפעל ליב צו האָבען?

— טאַקע אין זייער קשיא ליגט דער תירוץ. מיט דעם וואָס השי"ת האָט באַפוילען „ואהבת, מוז דאָס זיין טאַקע אין דער נאַטור פון אידען ליב צו האָבען דעם בורא עולם נאָר מען דאַרף דעם דאָ־זיגען נאַטירליכען געפיל אויפוועקען און דאָס איז די מצוה פון „ואהבת" — דו זאָלסט טאָן אַלע פעולות כדי אויפצואוועקען דעם נאַטירליך פאַרבאָרגענעם געפיל וואָס ליגט אין דעם „ואהבת" — זאָלסט ליב האָבען השי"ת. (שפת אמת).

## והיו הדברים האלה (ו. ו.)

זאָלען צום ערשט די דאָזיגע רייד אשר אנכי מצוך היום על לבבך, ביי דיר אין האַרצען זיין גוט איינגעקריצט. ערשט נאָך דעם ושננתם לבניך, זאָלסטו די רייד לערנען דיינע קינדער. וואָרום נאָר דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב — זאַכען וואָס זייגען טיף אין האַרצען איינגעקריצט, קענען אין האַרצען פון אַ צווייטען אַריינ־דרינגען. (ר׳ מרדכי טשערנאָבילער).

והיו הדברים האלה — זאָלען די דאָזיגע דבורים אשר אנכי

מצוך היום, תמיד ליגען גרייט אויף דיין האַרצען כדי ווען עס וועט זיך מאַכען אַ מינוט וואָס דיין האַרץ וועט זיך עפענען זאָלען זיי קענען גלייך אַריינגעהן אין דיין האַרץ אַריין. (קאָצקער).

---

## ושננתם לבניך (ו. ז.)

— רבי, האָט אַ חסיד אַמאָל מיט האַרץ זיך מתנצל געווען פאַר'ן קאָצקער — איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז מיינע קינדער זאָלען קענען לערנען.

— ווילסטו באמת, דיינע קינדער זאָלען קענען לערנען — האָט איהם דער קאָצקער געענטפערט — לערען פריער דו אַליין, וועלען זיי זיך האָבען פון וועמען אָפּצולערנען. אַזוי איז דער טייטש „ושננתם לבניך". „ושננתם" — אַז דו וועסט לערנען, לבניך — וועלען דיינע קינדער אויך קענען לערנען.

# ע ק ב

## והיה עקב (ז. יב.)

„והיה" איז אַ לשון שמחה. „עקב" איז עצבות, די לעצטע טריט פון מענש, — דער סוף, ווען דער מענש קומט אין די עלטערע יאָהרען, פאַלט ער אָפט אַריין אין עצבות, ווערט מרה־שחורה'דיג, זעהט זיך אַרום אַז דאָס גאַנצע לעבען איז געווען הבל־הבלים. „תשמעון", זאָל דער מענש בעסער זיך צוהערען צו דעם „והיה", וואָס איז שמחה און זיין זהיר ונזהר, ניט צו לאָזען באַהערשען זיך פון מעלאַנכאָלישע שטימונגען, ווייל דאָס וועט איהם דערפיהרען צום סוף, צו די לעצטע טריט זיינע, צום קבר. אויף די עלטערע יאָהרען דאַרף אַ מענש זיין מונטער, פריילּיך און דינען גאָט בשמחה ובאהבה רבה. (ר' ישראל ריזשינער).

---

אַ מענש דאַרף תמיד זיין לוסטיג און פריילּיך אַפילו ווען די פרייליכקייט איז אַ געמאַכטע, אַן ארויפגעצויגענע איז אַלץ בעסער ווי מרה שחורה, ווייל עצבות, טרויער איז אוודאי אַן אַבסאָלוטער שקר. (רבי ר' בונם).

---

והיה עקב תשמעון — „והיה" איז אַ לשון שמחה. ס'וועט זיין אַ שמחה, אַז די אידען וועלען זיך צוהערען צו די משפטים, ושמרתם ועשיתם אותם. (קאָצקער).

---

והיה עקב תשמעון — (עקב — טריט) אויב א מענש וועט זיך צוהערען צו די טריט וואָס ער מאַכט, ושמר ד' — וועט גאָט היטען אַלע זיינע וועגען. (רמ"ל סאָסעווער).

---

והיה עקב תשמעון — דער מענש וואָס גרייכט צו דער מדה פון עניוות, אַז ער האַלט זיך נידריג ווי „עקב" — די פוס־טריט, ברענגט דאָס איהם צו אמת'ע אהבת ישראל און ווערט איהם פאַררע־

כענט גלייך ער וואָלט מקיים געווען אַלע תרי"ג מצוות. (ר' אָשר הורוויץ).

---

והיה עקב תשמעון — דער סוף וועט דאָך זיין איהר וועט מור־זען צוהערען, מען וועט אייך צווינגען צוצוהערען, איז דאָך גלייכער איהר זאָלט באַלד צוהערען מיט'ן גוטען רצון. (רבי ר' בונם).

---

והיה עקב תשמעון — יעדער טריט וואָס אַ מענש מאַכט, דאַרף ער זיך פריער גוט צוהערען, אויב דאָס וואָס ער געהט טאָן איז פאַר'ן רבש"ע. אויב ניט, זאָל ער בעסער ניט געהן און ניט טאָן. (רמ"ל סאַסעווער).

---

## איכה אוכל להורישם (ז. יז.)

טראַכסט ביי זיך רבים הגוים האלה, ווילסטו זיי באַזיגען, איז דאָס די איינציגסטע עצה — לא תירא מהם. (בערדיטשיווער).

---

## ולא תביא תועבה אל ביתך (ז. כו.)

ברענגסטו אַריין אַ בעל־גאווה אין דיין הויז, ביזטו עובר אויף אַ לאו פון „ולא תביא תועבה אל ביתך" ווייל ס'איז דאָ אַ בפירוש'ער פסוק תועבת ד' כל גבה לב. (בערדיטשיווער).

---

## כל המצוה אשר אנכי מצוך היום (ח. א.)

היינט, מאָרגען, איבערמאָרגען, תמיד, איבעראַל, אויף יעדען פלאַץ און אין אַלע ווינקעלעך. (ר' יצחק ווארקער).

---

## כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם (ח. ג.)

נישט צוליב דעם עסען און זיין באַשעפטיגט מיט פרנסה לעבט דער מענש. „כי על־כל־מוצא פי ד'" ער זאָל מקיים זיין די תורה ומצוות און טאָן דעם רצון הבורא, יחיה האָדם. (רמ"ל סאַסעווער).

---

מ'האָט אַמאָל דערצעהלט דעם קאָזשעניצער מגיד וועגען אַ חסיד זיינעם וואָס לעבט אין גרויס דחקות און נויט, האָט קיין שטיקעל ברויט ניט צום עסען, זיצט יומם ולילה על התורה ועל העבודה,

גאַנץ אָפּט טרעפט נאָך מעריב לערנט ער ביז חצות, רעכט אָפּ תיקון חצות, געהט שלאָפען מיט אַ ליידיגען מאָגען אויף איינער פון די בית־המדרש בענק, דער צער פון דעם חסיד — האָט דער דערצעהלער צוגעגעבען — איז אין־לשער, מען מוז אומבאַדינגט זעהן עפּעס צו טאָן פאַר דעם שטילען באַשיידענעם מענשען.

— נו, אוודאי, אוודאי, — האָט דער מגיד אָפּגעענטפערט — דאַרף מען פאַר דעם פרומען מענש זעהן עפּעס צו טאָן. איך וועל תיכף זעהן קומען איהם צו הילף. איך וויל איהם העלפען ניט מחמת רחמנות, להיפוך, איך בין איהם מקנא — שטאַרק מקנא, ווייל רחמנות האָב איך אויף אַ אידען וואָס לערנט ניט, דאַוונט ניט קיין מעריב, ווייסט ניט פון קיין תיקון חצות, געהט שלאָפען מיט אַ פולען מאָגען אויף אַ ווייך אויסגעבעט געלעגער — אויף אַזאַ אידען דאַרף מען טאַקע רחמנות האָבען, אַזאַ איד דאַרף טאַקע נאָר השי״ת אַליין קומען צו הילף.

---

אַל תתן לחית נפש תורך — דו זאָלסט נישט אַוועקגעבען „תורך" דיין תורה צוליב חית נפש, צוליב פּרנסה. (ר' זושא האַניפּאָליער).

---

אַ איד איז אַמאָל געקומען צום רבי'ן ר' בער און געקלאָגט זיך פאַר איהם, אַז ער פאַרדינט ניט אויף קיין ברויט מפּרנס צו זיין דאָס ווייב מיט די קינדער.

— וואָס איז דיין מלאכה?

— איך בין אַ גוטער בעל־חשבון, אַן אויסגעצייכענטער שרייבער, רעד עטליכע לשונות, האָב גרינטלעכע ידיעות אין וועלט־ענינים.

— אַזוי? ביזטו דאָך אַ חכם!

— מ'שטיינס געזאָגט, וואָס איך האָב פון מיין חכמה, אַז איך פאַרדין ניט אויף קיין ברויט.

— דאָס איז טאַקע אַ פּלא גדול. לא לחכמים לחם! ביזטו יאָ אַזאַ חכם פאַרוואָס זוכסטו ניט צו פאַרדינען אויף קיין ברויט?...

---

לא לחכמים לחם — דער רבש״ע זאָגט צו דעם וואָס האַלט זיך פאַר אַ גרויסען חכם, אויב ס'איז יאָ אַזוי, דו האַלטסט זיך פאַר אַזאַ חכם, באַוויז אַדרבה דיין בריה'שאַפט און נעם דיר אַליין עסען. (קאָצקער).

---

אַ בדחן האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַר ר' פּינחס'ל קאָריצער, אַז ער איז אַ גרויסער אביון.

— ווער אויס בדחן, ווערסטו האבען פרנסה.

— וועל איך דאך דאס וואס איך פארדין אויך ניט האבען?

— מאכסט א טעות. די חז"ל זאגען: „כל מזונותיו של אדם קצובים לו מראש־השנה לראש־השנה". מיינט דאס ניט, אז אין הי־מעל ווערט בוכשטעבליך באשטימט וויפיל א מענש זאל במשך דורכ'ן יאר כך וכך פארדינען, נאר וויפיל הנאה א מענש זאל האבען דורכן יאר אין זיין לעבען.

היות פון דיין פנים איז קענטיג, אז האסט גרויס הנאה פון דיין בדחנות, נעמסטו צו דעם גאנצען תענוג, וואס פאר דיר און דיין משפחה איז פאר'ן יאר באשטימט, ממילא בלייבט ניט פאר דיין משפחה פון הנאה צו האבען פון אפצועסען א שטיקעל ברויט צו דער זאט. עצה איך דיך, ווער אויס בדחן, ווערסטו ניט פארשלינגען די גאנצע צייט אין הנאה וואס פאר דיר און דיין משפחה איז פון הימעל באשטימט פארן יאהר און דו ווערסט זעהן אז דו ווערסט האבען פרנסה.

---

## כי ד' אלהיך (ח. ז.)

היות דאס בית שני איז חרוב געווארען בעוון שנאת חנם. „כי" אז די „כנסת ישראל" וועלען זיך האלטען אין אחדות און אהבה „ד' אלהיך מביאך אל ארץ טובה" — וועט גאט זיי צוריק ברענגען אין זייער היים־לאנד. (רבי מלובלין).

---

חנם נמכרתם, דורך שנאת חנם זענט איהר פארקויפט געווארען און דאס בית־המקדש איז חרוב געווארען. „ולא בכסף" און ניט דורך געלד, נאר דורך אייער אויפפיהרען זיך בדרכי התורה, „תגאלו" — וועט איהר אויסגעלייזט ווערען. (תולדות).

---

## שמלתך לא בלתה מעליך ורגלך לא בצקה (ח. ד.)

ווען דער חידושי הרי"ם האט געהערט, אז די ווארשעווער שוס־טער און שניידער ווילען האבען א חזן מיט משוררים, האט ער מיט א שמייכעל געזאגט:

— איצט איז מיר שוין פארענטפערט פאר וואס דער דור־המדבר האט געהאט תאווה פאר פלייש, ציבעלעס, קנאבעל, וכדומה און האט קיין תאווה ניט געהאט צו הערען א חזן מיט משוררים, וויל אין מדבר, זאגט די תורה: „שמלתך לא בלתה מעליך ורגלך לא בצקה",

זיינען דאָך ניט געווען קיין שוסטער און שניידער, בכן איז דאָך ניט געווען ווער ס'זאָל האָבען די תאווה פאַר אַ חזן מיט משוררים...

---

## ואכלת ושבעת וברכת (ח. י.)

ברכות־המזון, דאַרף האָבען גרעסערע כוונה ווי דאָס דאַווענען, ווייל תפילה איז מדרבנן, ברכת המזון מדאורייתא. (ר' בער מעזריטשער).

---

דער חידושי הרי"ם, האָט איינמאָל געהייסען אַן אַלטען קאָצקער חסיד איבערזאָגען עפּעס וואָס ער האָט געהערט פון ר' מענדעלע קאָצקער.

— דער קאָצקער האָט איינמאָל אַזוי געזאָגט: — האָט דער אַלטער קאָצקער חסיד נאָך אַ ווײלע פאַרטראַכטען זיך, געזאָגט: — עס איז אַ פּלא גדול פאַרוואָס אַ מענש ווערט ניט קיין ירא־שמים און אַן אָדם כשר פון ברכת המזון. כידוע איז דאָך דער עיקר הדבר געווען, ווי אברהם־אבינו האָט פאַרשפּרייט די אמונה אין בורא יחיד נאָך דעם ווי מענשען האָבען ביי אים אָפּגעגעסען און האָבען געוואָלט אים באַדאַנקען, האָט ער זיי איבערצייגט אַז דאָס עסען איז ניט זיינס, נאָר קומט פון בורא עולם, אַזוי אַרום האָט זיי אברהם געבראַכט תחת כנפי השכינה. נמצא אַז פון בענשען נאָכ'ן עסען קריגט מען יראת־שמים.

— טאַקע אַ פּלא — האָט דער חידושי הרי"ם צוגעגעבען — מיר איז אָבער נאָך אַ גרעסערער פּלא, פאַר וואָס מענשען ווערען ניט קיין יראי־שמים תיכף בעת דעם עסען. עס איז דאָך אַ בפירוש'ער פּסוק, „ידע שור קונהו וחמור אבוס בעליו" — אויב אַן אָקס און אַן אייזעל דערקענען דעם בעל־הבית בעת דער אכילה, דאַרף דאָך אַ מענש אַוודאי און אַוודאי דערקענען דעם בעל־הבית וואָס איז אַ נותן לחם לכל בשר, ומכין מזון לכל בריותיו.

---

מ'האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי ר' בונם: פאַר וואָס צו ברכת המזון עס זאָל זיין אַ מנין, מוז מען האָבען ניט ווייניגער פון זיבען מענשען זאָלען זיך האָבען געוואַשען צום עסען און צו דאַווענען מיט אַ מנין איז גענוג זעקס מענשען זאָלען דאַווענען.

— ביים דאַווענען באַנוגענט זיך דער רבש"ע מיט איין איד

וויניגער צום מנין. ביים עסען אָבער, וויל דער רבש"ע, אַז נאָך אַ איד זאָל עסען און זאַט ווערען.

---

„ואכלת ושבעת וברכת" מאַכען די ראשי תיבות — „ואם אכלת כזית לחם תברך". „ובמקום שאָכלת ברך עליו תיכף". „ותאמר, ברשות רבותי כאשר תתחילו". (ר' בער מעזריטשער).

---

„ואכלת ושבעת וברכת" — פון די ברכה וואָס דו וועסט בענשען זאָלסטו זאַט ווערען. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

מ'האָט אַמאָל געפרעגט ר' אליעזר זשיקאָווער, פאַרוואָס ווערט ביי ברכת המזון דערמאָנט „אותי ואת ביתי ואת זרעי" און עס ווערט ניט דערמאָנט קיין אידעם.

— אותי ואת כל אשר „לי" — „לי", דאָס מיינט די וואָס זאָגען צו די טעכטער, „הרי את מקודשת לי" — מיינט מען אַן אידעם.

---

## פן תאכל ושבעת ובתים טבים תבנה וישבת (ח. יב.)

רבונו של עולם — האָט ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער גע'טענה'ט צו גאָט — אויב דו ווילסט גוזר זיין אויף די אידען גזירות טובות, זאָלסטו יעדען איד געבען „תאכל ושבעת" — פרנסה בריוח. „ובתים טובים תבנה", אַ שיינע דירה מיט שיינע מעבל. „ובקרך וצאנך ירבון" — עטלעכע בהמה'לעך מיט שעפסען. „וכסף וזהב ירבה לך" — ער זאָל אויך פאַרמאָגען עטליכע טויזענט גולדען. „וכל אשר לך ירבה" — כדי מגדל צו זיין די קינדער בדרך הישר. „ורם לבבך" נאָר אַזוי אַרום קען אַ איד האָבען הרחבת הדעת. „ושכחת את ד' אלהיך" ושכח (לשון שכיחא) און ביי יעדען איד וועט זיין שכיח, דאָס הייסט: געגענוואַרטיג, דער רבש"ע און ער וועט מקיים זיין דעם „שויתי ד' לנגדי תמיד"...

---

## כחי ועצם ידי עשה לי את החיל הזה (ח. יז.)

אַזוי גרינג ווי ס'איז פאַרן אַרימאַן צו באַשולדיגען דעם רבש"ע אין זיין עניות, פונקט אַזוי שווער איז פאַרן עושר צוצוגעבען אַז זיין עשירות איז ניט מכוחו ועצם ידו — פון זיין חכמה און פעאיגקייט, נאָר פון גאָט. (ר' משה'לע קאָזשעניצער).

---

## והיה אם־שכח תשכח את ה׳ אלהיך (ח. יט.)

„והיה״, איז דאָך כידוע אַ לשון שמחה, וואָס פאַר אַ שמחה וועט עס זיין אם שכח תשכח את ד׳ אלהיך?

— פאַראַן צוויי בחינות עוברי עבירה. איינער זינדיגט, ווייל דער יצר הרע איז ביי איהם גרויס און ער קען איהם נישט גובר זיין. זיין עונש איז ניט אַזוי גרויס, ווייל ער זינדיגט נישט להכעיס, צו דערצאָרענען דעם רבש״ע, נאָר צו זעטיגען זיין תאווה. אַנדערע עוברי עבירה אָבער זינדיגען בכוונה, אָפּצושפּעטען פון גאָט׳ס תורה און עפענטליך מורד צו זיין אין די געטליכע געבאָטען. זיי פרייען זיך ווען זיי דערצאָרענען דעם רבש״ע. אויף זיי זאָגט דער פסוק „והיה״ — אויב איהר וועט זיך פרייען וואָס איהר האָט פאַרגעסען אין גאָט — „העדותי״ בכם היום כי אבד תאבדון. (ר׳ ברוך מעזש־בוזשער).

---

„והיה״ איז אַ לשון שמחה. אויב דו וועסט פאַרגעסען דעם „והיה״ די שמחה, וועסט אַרומגעהן מיט עצבות, „תשכח את ד׳ אלהיך״, וועט דיך דאָס עצבות דערפירען דו זאָלסט פאַרגעסען אין דיין גאָט. (ר׳ ישראל ריזשינער).

---

## ממרים הייתם עם ד׳ (ט. ז.)

אין פלוג איז דער אויסדרוק „עם ד׳״ אומפאַרשטענדליך. עס האָט באַדאַרפט שטעהן „כנגד ד׳״?

— פאַראַן מענשען וואָס וויקלען זיך אין אַ פרעמדען טלית, פרעטענדירענדיג פאַר תלמידי חכמים ויראי שמים, האַלטען כסדר אין מוסר׳ן אַנדערע, נעמען זיך מכלומרשט אָן גאָט׳ס קריוודע, זיי זייד נען מכלומר׳שט „מקנא קנאת ד׳ צבאות״. אינ׳ם אמת׳ן זין אָבער, זיינען זיי גופא אינערליך פאַרדאָרבען, ווידערשפּעניגער און לעסטערער, שפּעטען אַליין פון דעם וואָס זיי רעדען און פריידיגען. פאַרבאָרגען פירען זיי זיך להיפוך וואָס זיי רעדען בפומבי. מיט זייער מוסר־זאָגען באַצוועקען זיי צו פאַרגיסען דאָס בלוט פון זייערע חברים און פריינד, זיי דערנידעריגען און מבזה זיין עפענטליך פאַר מענשען — אויף די דאָזיגע צבועים האָט משה אָנגעוויזען. אַליין זענען זיי ממרים, בסתר ווען קיינער זעהט ניט זענען זיי ווידערשפּעניגער און דעגענערירט,

עפענטליך זיינען זיי „עם ד׳״ — רעדען זיי און מוסר׳ן אין גאָט׳ס נאָמען. (ר׳ אָשר הורוויץ).

---

„ממרים הייתם עם ד׳״ — היתכן, ווי קומט צו משה רבינו וועלכער איז געווען אַן „עניו מכל האדם״, אַזעלכע רייד וואָס האָבען אין זיך גאווה?

— אדרבה דורך די רייד איז גאָר קענטיג די ענִיוות פון משה. משה האָט געזאָגט דאָס וואָס די אידען זיינען „ממרים נגד ד׳״, איז דאָס לחלוטין ניט זייער שולד נאָר „מיום דעתי אתכם״ — ווייל איך בין זייער מנהיג. (ר׳ חיים צאַנזער).

---

## ואתפש בשני הלחות ואשלכם מעל שתי ידי ואשברם לעיניכם (ט. יז.)

פאַראַן אַ מדרש וואָס זאָגט, ווען משה האָט צעבראָכען די לוחות הראשונים זיינען אַלע אותיות אַרויסגעפלויגען פון די לוחות, פאַר־בליבען איז אָבער דער דיבור „זכור את יום השבת לקדשו״.

דעריבער זאָגען מיר אין תפלת שחרית של שבת: „ושני לוחות אבנים הוריד בידו וכתוב בהם שמירת שבת״ — אין די צוויי לוחות וואָס משה רבינו האָט אַראָפּגעבראַכט פון הר סיני איז געשריבען אין זיי די מצוה פון שמירת שבת נאָך פון די לוחות הראשונים, ווייל דער דיבור „זכור את יום השבת לקדשו״ איז פאַרבליבען אויף די לוחות אפילו נאָך דעם ווי זיי זיינען צעבראָכען געוואָרען. (ר׳ אהרן סאַדיגורער).

---

## ובתבערה ובמסה, ובקברות התאוה מקציפים הייתם את ד׳ (ט. כב.)

„ובתבערה״, אַפילו ווען דו דינסט דעם רבש״ע מיט ברענענדיגע התלהבות, „ובמסה״, ביזט שוין דורכגעגאַנגען אַ סך נסיונות, „ובקברת התאווה״, האָסט אַלע דיינע תאוות צעבראָכען. פונדעסטוועגען זאָלסטו נאָך גוט אונטערזוכען דיינע מעשים אין עבודת־השם, אויב דאָס אַלץ האָסטו אַמאָל ניט געטאָן צוליב פערזענליכע צוועקען, פניות והנאת עצמו, אָדער צוליב מענשען, אַנשטאָט דער רבש״ע זאָל פון דיינע מעשים און עבודה זיין צופרידען „מקציפים הייתם את ד׳״ — מאַכסטו נאָך גאָט צאָרענדיגער. (רבי ר׳ בער).

## פסל לך שני לוחות אבנים (י. א.)

ביי די לוחות שטעהט „פסל לך", ביי דעם פארבאט פון עבודה זרה שטעהט „לא תעשה לך פסל" איז די תורה דא אונז מרמז אז דער עיקר עבודת השי"ת דארף אויסשליסליך זיין לשם שמים. אויב דער „לך" — דיין הנאת־הגוף און הנאת עצמו איז ביי דיר דאס ערשטע, דער עיקר, איז דאס עבודה־זרה. אויב דער „לך", דיין פאר־געניגען און דיינע כוונות זיינען אבער צום צווייטען א טפל, און דער עיקר איז ביי דיר לשם שמים, קומט פון דעם די לוחות. (ר' ישראל ריזשינער).

---

## קום לך למסע לפני העם (י. יא.)

דער רבש"ע האט מבטיח געווען משה'ן, אז אין יעדער דור וועט זיין א מנהיג בבחינת משה, וואס וועט פארטזעצען די אידישע פירער־שאפט ביז ער וועט דערפירען די אידען צו ויבואו ויירשו את הארץ אשר נשבעתי לאבתם לתת להם. (ר' אהרן קארלינער).

---

## ועתה ישראל מה ד' אלהיך שאל מעמך (י. יב.)

גאט פארלאנגט פון דיר אז דיין מורא זאל זיין ניט ווי א קינד וואס האט מורא פאר'ן פאטער צו גיין בארוויס, ווייל דער פאטער וועט עס שלאגען. נאר ווי א דערוואקסענער וואס פארשטעהט, אז ווען מען גייט בארוויס צעקאליעטשעט מען זיך. דיין מורא זאל זיין פאר'ן שאדען וואס דער חטא קען ברענגען דיין נשמה, נישט בלויז די מורא פאר דער שטראף. (בעש"ט).

---

מה ד' אלהיך שואל מעמך — דו זאלסט תמיד זיין אין דער בחינה פון „מה" — וואס בין איך און ווער בין איך. וועט דאס דיך ברענגען „כי אם ליראה את ד' אלקיך" — ענוה ברענגט צו יראה. (ר' אשר הורוויץ).

---

מה ד' אלהיך — וואס השי"ת טוט, „שאל מעמך" פארלאנגט ער פון דיר אז דו זאלסט עס אויך טאן. „מה הוא רחום, אף אתה רחום". „מה הוא חנון אף אתה חנון". (ר' ברוך מעזשבוזשער).

מה ד' שאל מעמך — וואָס פאַרלאַנגט פון דיר דער רבש"ע, כדי דו זאָלסט דערגרייכען צו דער בחינת יראה, „את" — זאָלסט ניט קיין מורא האָבען פאַר די כל המינים שרעקען וואָס זיינען באַשאַפען דורך די כ"ב אותיות פון „א" ביז „ת". נאָר זאָלסט אַלע מיני יראה אַנקניפּען אין שורש פון „ד' אלהיך" — בלויז מורא האָבען פאַר'ן רבונו של עולם. (תולדות יעקב יוסף).

---

## ואוהב גר (י. יח.)

פאַר וואָס האָט דער רבש"ע אַזוי ליב דעם גר?

— ווייל ער איז אַ מסתפק במועט, ער באַגנוגענט זיך מיט לחם ושמלה. (ר' מיכל זלאָטשעווער).

---

## ובכל נפשכם (יא. יג.)

דער טעם פאַרוואָס אין דער צווייטער פרשה „קריאת שמע" שטעהט ניט „ובכל מאודכם", ווייל די גאַנצע פרשה רעדט בלשון רבים און דאָס געלד פון אַ רבים איז נוגע ווי דאָס אייגענע לעבען. איז דער „ובכל נפשכם" אויך כולל דעם „ובכל מאודכם". (רבי ר'בונם).

---

## ונתתי מטר (יא. יד.)

„מטר" מאַכען די ראשי תיבות „מראה" „טעם" „ריח". (ר' חיים צאַנזער).

---

## וסרתם ועבדתם אלהים אחרים (יא. טז.)

וועט איהר נאָר אָפּקערען פון אידישען וועג און פון אידען, „ועבדתם", וועט איהר סוף־כל־סוף דינען „אלהים אחרים" — פרעמדע עבודה זרות. (יוד הקדוש).

---

## ואבדתם מהרה (יא. יז.)

זאָלסט פאַרלירען דיין גיכקייט, דיין איבערגעאיילטקייט, דיין שנעלקייט. זאָלסט תמיד האַנדלען בדיעה מיושבת, געלאַסען, מיושב'־דיג, באַרעכענט. (בעש"ט).

## וקשרתם אותם לאות על ידכם והיו לטוטפות בין עיניכם (יא. יח.)

דאָס וואָס די חז״ל זאָגען: „ברבותינו הקדושים שאָמרו על עצמן ולא הלכתי ד׳ אמות בלא תפילין״ מיינט דאָס ניט פשוט כמשמעו — אַז זיי האָבען ממש תמיד געטראָגען תפילין, נאָר אַזוי ווי די חז״ל זאָגען „תפילין דמארי עלמא מה כתיב בהו? מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ״, מיינט דאָך דאָס אַז דער רבש״ע האָלט תמיד אין ליבען דאָס פאָלק ישראל און האָט גרויס תענוג פון די וואָס ליבען די אידען. זיינען דאָס מרמז די חז״ל, אַז רבותינו הקדושים, האָבען תמיד גערעדט בשבח בית ישראל, זיינען שטענדיג געווען מליצי יושר פאַר אידען, נמצא, אַז דאָס איז גלייך ווי זיי וואָלטען געטראָגען תפילין „דמארי עלמא״ וואָס דערצעהלען בשבח בית ישראל. (בערדיטשיווער).

---

פושעי ישראל בגופן, קרקפתא דלא מנח תפלין — דורך דעם מאמר האָבען די חז״ל אויסגעדריקט זייער געגנערשאַפט צו דער אַנגענומענער מיינונג, אַז אַ פושע ישראל איז נאָר דער איד, וואָס טוט עבירות צו־להכעיס במזיד. עס איז די מיינונג פון די חז״ל, אַז אַ איד וועלכער איז אַ „שב ואל תעשה״, ער דערפילט ניט זיינע פליכטען אַלס איד, ער טוט ניט קיין מצוות, הגם ער טוט ניט קיין עבירות במזיד, דורך דעם אָבער וואָס ער דערפילט ניט זיינע התחייבות׳ן אַלס איד טוט ער במילא עבירות און איז שוין מיט דעם אַליין אַ גרויסער בעל־עבירה. (ר׳ צדוק הכהן).

---

ר׳ לוי יצחק בערדיטשיווער האָט איינמאָל באַמערקט אין בית־המדרש ווי ביי איין פשוט׳ן איד איז אַרונטערגעפאַלען דער „תפילין של ראש״. שנעל האָט דער איד אויפגעהויבען דעם „של ראש״ און איהם געקושט. האָט ר׳ לוי יצחק דורך דער האַנדלונג פון דעם פשוט׳ן איד אַזוי גע׳טענה׳ט צו גאָט:

— רבונו של עולם! פאַר וואָס ביזטו זיך ניט אַזוי נוהג ווי אַט־דער פראָסטער איד. דו טראָגסט אויך תפילין. אין דיינע „תפילין של ראש״ שטייט געשריבען „ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ״ — דאָס פאָלק ישראל איז דאָך דיין „תפילין של ראש״. אַזוי פיל יאָהרען האָסטו זיי אַרונטערגעלאָזט אויף דער ערד, האָסט זיי אַזוי טיף דער־נידעריגט, דו זעהסט ווי מען טרעט זיי, מען איז מבזה דיין „תפילין

של ראש", און דו הויבסט איהם נישט אויף. טאָ פאַר־וואָס טוסטו נישט מיט דיין פאָלק ישראל, ווי אַט־דער פּראָסטער איד האָט געטאָן אין בית־המדרש?...

---

## ולמדתם את בניכם לדבר בם (יא. יט.)

„גם במעלליו יתנכר נער, אם זך ואם ישר פעלו" (משלי כ.) ווען דאָס קינד איז נאָך יונג זיינען זיינע גייסטיגע פעאיגקייטען שוין קענטיג. מען דאַרף אָבער זיין אַ מבין אויף אַ קינד'ס פעאיגקייט. דער וואָס איז ניט קיין מבין, אויסער וואָס ער העלפט ניט אין דער אַנטוויקלונג פון קינד'ס געניאַליטעט, איז ער נאָך אָפּט גורם צוליב זיין גרינגשעצונג און טאַקטלאָזע מעשים, די גייסטרייכע אוצרות וואָס דאָס קינד פאַרמאָגט אין זיך איינגאַנצען אָפּצוטעמפּען און אויסצוואָרצלען. (רבי ר' בונם).

# ראה

## ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה (יא. כו.)

„ראה", זעה די אַלע מצוות וואָס איך גיב אייך, האָט איהר דעם שכר היינט, בעולם הזה, דאָס זיינען די פירות פון די מצוות. „ברכה" די ברכה קומט דעם מענש בתורת ריוח, אויסער דעם קרן, „וקללה" מאַכען די נוטריקון „והקרן קימת לכם לעולם הבא". (יוד הקדוש).

---

ראה אנכי נותן לפניכם היום — מתחיל בלשון יחיד ומסיים בלשון רבים, די תורה איז געגעבען געוואָרען צו אַלע אידען גלייך, אָבער ניט אַלע אידען פאַרשטעהען און זעהען זי גלייך. (קאָצקער).

---

„ראה" זעה „אנכי" דער איך פון מענש „נותן לפניכם היום ברכה וקללה". „את הברכה" דער מענשליכער „אנכי", זיין גרויסקייט, זיין שטאָלץ, קען זיין אַ ברכה „אשר תשמעו" אויב ער באַנוצט איהם לשם שמים, זייענדיג מקיים די תורה און מצוות. „ואת הקללה", דער מענשליכער אָנכי קען זיין אַ קללה „אם לא תשמעו" אויב דער מענש האַלט זיך סתם אַזוי גרויס, שטאָלצירט מיט'ן אייגענעם איך, הייסט פאַר זיך דרך ארץ האָבען צוליב זיין עשירות אָדער גבורה, אַזאַ מענשליכער „אנכי" איז אַן אמת'ע קללה. (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

---

„ראה" דער מענש דאַרף מיט זיינע אויגען זעהן, „אנכי", דעם רבונו של עולם „נותן לפניכם היום ברכה וקללה" אַז גוטס און שלעכטס איז ניט בדרך הטבע אָדער על פי מקרה נאָר אַלץ קומט פון גאָט. (רמ"ל סאַסעווער).

---

דער דרך העולם איז, ווען מען וויל אַ קינד זאָל האָבען חשק צו לערנען ווייזט מען איהם געלד און אַ קאַנטשיק און מ'זאָגט אַזוי צום קינד:

— הער מיין קינד, באַגערסטו צו לערנען, באַקומסטו דאָס געלד. אויב נישט, קריגסטו געשלאָגען מיט'ן קאַנטשיק.

אַט דאָס האָט משה געזאָגט צו די אידען. „ראה" זעהט און שעמט זיך אַז נאָך פערציג יאָהר זיין אין מדבר, נאָך אַזוי פיל לידען און נסיונות, „אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה", בין איך געצוואונגען פאַרצולייגען פאַר אייך געלד מיט אַ קאַנטשיק. „את הברכה אשר תשמעו" דוכט זיך ס'וואָלט שוין צייט געווען איהר זאָלט פאַרשטיין דאָס די ברכה איז דאָס אַליין וואָס איהר וועט צוהערען. „והקללה" און די קללה „אם לא תשמעו" איז דאָס אַליין וואָס איהר ווילט ניט צוהערען. אַז סוף כל סוף וועט איר דאָך מוזען צוהערען, טאָ פאַר וואָס זאָלט איהר זיין ווי קינדער וואָס מען מוז דראָען מיט'ן קאַנטשיק, מיט דער קללה, כדי איהר זאָלט צוהערען. הערט בעסער צו און זייט מקבל די ברכה. (ר' דוד'ל לעלעווער).

---

## לא תעשון כן לד' אלהיכם (יב. ד.)

פאַר'ן אויבערשטען טוט מען ניט אַזוי. סתם פון געוואוינהייט, פון יוצא וועגען, אָדער ווייל יענער האָט אַזוי געטאָן, טו איך אויך אַזוי — „לא תעשון כן". (קאָצקער).

---

## אחרי ד' אלהיכם תלכו, אותו תיראו ואת מצותיו תשמרו (יג. ה.)

אויב דו וועסט דאָס אַלעס מקיים זיין, וועסטו גרייכען צו דער מדרגה פון „ובו תדבקון" (יוד הקדוש).

---

## ודרשת וחקרת (יג. טו.)

איינמאָל שבת ביים טיש האָט דער „אוהב ישראל" מכבד געווען אַ באַוואוסטען רב מיט תורה זאָגען. תיכף ווי דער רב האָט אָנגעהויבען זאָגען תורה האָט דער „אוהב ישראל" פאַרשטאַנען אַז די תורה איז פון פריער צוגעגרייט געוואָרען כדי אַרויסצואווייזען בקיאות און חריפות. דעם „אוהב ישראל" האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסען און ווען דער רב האָט פאַרענדיגט זיין תורה זאָגען האָט דער „אוהב ישראל" נאָך אַ קורצער הפסקה אַזוי געזאָגט:

— אין דער תורה שטעהט „ודרשת וחקרת", אויב דו דרשנ'סט שעהן ווייל דו האָסט פריער זיך צוגעגרייט און אויסגע'חקרנ'ט. „והנה אמת נכון הדבר" מעג דיין תורה זאָגען זיין אמת און דיין כוונה אמת

„נעשתה התועבה הזאת" איז דאָס ניט קיין לויטער תורת אמת נאָר אַ צוגעגרייטער אויסגעלערענטער שפּיל וואָס איז „תועבה לפני ד'"...

---

## ושרפת באש את העיר (יג. יז.)

וואָס זיינען די הייזער און די מטלטלין שולדיג?

— נאָר אויב אַ גאַנצע שטאָט איז פאַרפירט געוואָרען צו דינען עבודה זרה, איז דאָס אַ באַווייז אַז זיי זיינען אַזוי פאַרטאָן געווען אין געלד און תענוגי העולם הזה, אַז קיין שום העכערע זאַכען איז זיי ניט געלעגען אין זינען. זיינען דאָך די שיינע הייזער, די קאָסטבאַרע מעבל, די טייערע חפצים, וואָס די מענשען האָבען זיך געיאָגט נאָך זיי, געווען שולדיג פאַר די פאַרגרעבטקייט פון די מענ־שען, קומט דעריבער ממילא צו פאַרניכטען די שולדיגע — די שטאָט מיט אַלעמען, וואָס איז אין שטאָט. (רמ"ל לענטשנער).

---

## עשר תעשר (יד. כב.)

דאָס וואָרט „תעשר" איז מרמז אויב דו וועסט געבען איינס פון צעהן מעשר, וועסטו האָבען מזל און דו וועסט נתעשר ווערען. איינס פון „ת" (פיר הונדערט) איז „מ". איינס פון „ע" (זיבעציג) איז „ז". איינס פון „ש" (דריי הונדערט) איז „ל". איינס פון „ר" (צוויי הונדערט) איז „כ", צוזאַמען מאַכט דאָס „מזלך". (ר' שלום בעלזער).

---

## למען תלמד (יד. כג.)

דאָס איז דער עיקר תיקון האָדם — לערנען תורה. דורך לימוד התורה קומט דער מענש צו יראת־שמים און דורך דעם צו דער מדרגה „ליראה את ד' אלהיך כל הימים" און באַגרייפט אַז „מלא כל האָרץ כבודו". אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ קיין זאַך וואָס זאָל ניט האָבען אין זיך אַ ניצוץ חיות פון דער געטליכקייט. (רבי ר' בונם).

---

אַ איד אַ טרוד, וואָס האָט קיין צייט נישט צו לערנען זאָל ער דורכ'ן טאָג כאָטש טראַכטען וועגען לערנען. וועט זיין טראַכטען פאַררעכענט ווערען איהם גלייך ווי ער וואָלט געלערענט. (קאָצקער).

---

תורה מתשת כחו של אָדם — תורה לערנען שוואַכט אָפּ דעם גע־

פיל ביים מענשען צו גלויבען אין זיין חשיבות אַז וואָס ער פאַרמאָגט און וואָס ער האָט דערגרייכט איז „כחו ועוצם ידו עשה לו את החיל הזה". (ר' יחיאל מיכל זלאָטשעווער).

---

אפילו ביים לערנען דאַרף דער מענש אַלעמאָל אַ טראַכט טאָן פאַר וועמען ער לערנט. ווייל אויך לערנענדיג קען מען אַמאָל דער־ווייטערען זיך פון בורא יתברך. (בעש"ט).

---

„שנים שיושבין", צוויי תלמידי חכמים זיצען צוזאַמען ביי איין טיש „ואין ביניהם דברי תורה" און ביידע האָבען ביים טיש גאָר ניט צו זאָגען קיין תורה, „הרי זה מושב לצים" איז דאָס אַ סימן אַז ביים טיש זיינען פריער געזעסען לצים. (ר' יחזקאל'ע קוזמירער).

---

אַ בן־תורה זאָל זיך קיינמאָל ניט גרויס האַלטען לגבי אַן ערליכען פרומען סוחר, ווייל ביי אַ בן־תורה קען געמאָלט זיין אַז זיין תורה לערנען זאָל זיין שלא לשמה, אָבער ווען אַן ערליך פרומער סוחר קומט אַהיים נאָך אַ שווער פאַרהאַרעוועטען טאָג און זיפצט אָפּ — „וועה צו מיר, דער היינטיגער טאָג איז מיר פאַראיבער מיט גאָר נישט, איך האָב גאָר ניט געלערענט", אַזאַ זיפץ איז בוודאי לשמה און ווערט איהם פאַררעכענט גלייך ווי ער וואָלט דעם גאַנצען טאָג געלערענט תורה לשמה. (בעש"ט).

---

אַז אידען האָבען פרנסה האָבען זיי צייט עוסק צו זיין אין תורה ותפלה, ליידען זיי אָבער דחקות, איז „עניות מעבירה את האדם על דעתו ועל דעת קונו". (שפּאָלער זיידע).

---

## ליראה את ד' אלהיך כל הימים (יד. כג.)

„הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" וועגען אַנדערע זאַכען אַז דו וועסט בעטען ביים רבש"ע איז אַ ספק אויב ער וועט דערפילען דיין בקשה. אַז דו וועסט אָבער בעטען יראת שמים, וועט ער בודאי הערען און דיר דאָס געבען. (קאָצקער).

---

דער חידושי הרי"ם האָט געזאָגט: דער רבי ר' בונם האָט געפירט זיין עדה מיט אהבה, דער קאָצקער מיט יראה — און איך פיהר זיי מיט תורה.

יראה אָהן אהבה איז ניט קיין שלמות. אהבה אָהן יראה איז לגמרי גאָר נישט. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

צווייערליי אהבות זיינען פאַראַן: א) אהבה צווישען מאַן און פרוי, זייער אהבה איז בצנעה, בהסתר פאַר דער עפענטליכקייט, ב) אהבה צווישען שוועסטער און ברידער, צווישען אַ מוטער און אַ קינד. זייער אהבה איז בפרהסיא. ברודער און שוועסטער, מוטער און קינד זאָלען אפילו קושען זיך פאַר אַלעמען אין די אויגען איז דאָס אויך ניט קיין חרפה.

איז אָט־דאָס דער פירוש פון פסוק „מי יתנך כאָח לי", זאָל מיין אהבה צו גאָט זיין אויף דערזעלבער מדרגה ווי צווישען ברידער און שוועסטער. אָדער „יונק שדי אמו" ווי אַ מוטער צו איהר זויגלינג. דאָס איז אהבה וואָס איז ניט פאַרבאָרגען, ווערט אומעטום און שטענ־דיג אַרויסגעוויזען אין דער עפענטליכקייט. „אמצאך בשוק אשקך", אפילו קושען זיך אין גאַס „גם לא יבוזו" — ווערט דאָס אויך פון קיינעם נישט באַטראַכט פאַר אַ חרפה. (בעש"ט).

---

דער מענש וועלכער דינט דעם רבש"ע אויס מורא, האָט בלויז זיך אַליין אין זינען, ער האָט מורא פאַר אַ גרעסערער מאַכט. דער אָבער וואָס דינט גאָט מחמת אהבה, פאַרגעסט אינגאַנצען אין זיך. (בערדיטשעווער).

---

„והריחו ביראת ד' ולא למראה עיניו ישפוט" — יראת ד' לאָזט זיך אַזוי לייכט ניט דערקענען ביי אַ מענשען. אויפ'ן „מראה עיניו" קען מען זיך ניט סומך זיין. והריחו ביראת ד', מען דאַרף צו דעם האָבען אַ באַזונדערען חוש־הריח, אַ שאַרפע נאָז, מען דאַרף קענען דערשמעקען ווער עס איז טאַקע באמת אַ ירא שמים. (קאָצקער).

---

„כמה לא חלי ולא מרגיש גברא דמרא סייע" — וועה געבאַך צו דעם איד וואָס איהם דוכט זיך אַז ער דער אייגענער איד און באַמערקט ניט ווי השי"ת האָט זיך פון איהם אָוועקגערוקט. (ר' זושא האַניפאָלער).

---

איך האָב זעהר מורא פאַר אַ קאָזאַק, מכל שכן ווען דער קאָזאַק האַלט נאָך אַ שפּיז אין האַנט. פאַר אַ גאַנצע מחנה קאָזאַקען מיט

שפּיזען אין זייערע הענט האָב איך שטאַרקער מורא. פאַר אַ ספק ספיקא איסור דרבנן האָב איך אָבער נאָך מעהר מורא. (ר׳ ברוך מע־זשיבוזשער).

---

דאַרום זאָגען מיר נאָך דעם גאַנצען דאַוועגען „אדון עולם", ווייל עבודת השם האָט גאָר קיין סוף נישט. וויפיל מיר זאָלען ניט דאַ־ווענען בעטען און לויבען דעם בורא עולם, האַלטען מיר אַלץ ביים אָנפאַנג. (קאָצקער).

---

## ונתת הכסף בכל אשר תאוה נפשך בבקר ובצאן וביין ובשכר — ושמחת אתה וביתך (יד. כו.)

— וואָס פאַר אַ מצוה אָדער עבודת השם איז דאָס אַזוינס. וואָס די תורה האָט געהייסען מען זאָל זיך אַזוי משמח זיין? — האָט אַ חסיד געפרעגט דעם חידושי הרי״ם.

— וואָס פאַרשטעהסטו נישט — האָט איהם דער חידושי הרי״ם געענטפערט — אידען קומען זיך צוזאַמען, מאַכען אַ לחיים, אָט דאָס אַליין איז אַ מצוה און עבודת השם...

---

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונם — פאַר־וואָס ווען חסידים קומען זיך צוזאַמען, פאַרברענגען זיי אין בראַנפען טרינקען, אָבער אַז מתנגדים קומען זיך צוזאַמען פאַרברענגען זיי אין דברי תורה. אדרבה, וועלכער דרך איז אַ ריכטיג חסידישער?

— אוודאי איז אונזער דרך דער אמת חסידישער. מיר זעהען דאָס ביי ר׳ מאיר׳ן. ר׳ מאיר האָט געלערנט תורה פון „אחר" (אלישע בן אבויה), „תוכו אכל וקליפתו זרק". פון דעם זעהען מיר, אַז מען קען פאַרברענגען אין דברי תורה אפילו מיט אַזאַ פערזאָן ווי „אחר", און דאָך זאָל דאָס ניט ברענגען צו קיין התחברות. צוליב וויין אָבער האָבען אונזערע חכמים גוזר געווען „על פתם ושמנם משום יינן, ועל יינן משום בנותיהם". פון דעם קען מען זעהן דעם גרויסען כח פון וויין, אַז ער איז ביכולת אַריינצוברענגען אַזאַ נאָענטע התחברות צווישען פרעמדע מענשע ביז צו דערפיהרען צו חתונה. און אָט דאָס איז אייגענטליך דער צוועק פון יעדער אידישער צוזאַמענקונפט — אַריינצוברענגען התחברות און אחדות.

## למען יברכך ד׳ אלהיך בכל מעשה ידך אשר תעשה (יד. כט.)

די מענשען וואָס האָבען ווייניג, לאָזען זיך קיינמאָל ניט באַנוגענען מיט דעם וואָס זיי האָבען, רק עס פעהלט זיי, די מענשען דאַרפען די ברכה, מיר אָבער פעהלט גאָר ניט, איך דאַרף גאָר ניט, פאַרמאָג גאָר ניט, איז די ברכה ניט פאַר מיר. (ר׳ יחיאל מאיר מאָגילניצער).

---

## לא תקפץ את ידך מאחיך האביון (טו. ז.)

תהלים זאָגען איז זייער גוט. תהלים האָט אָבער נאָך אַ כוונה, אויסער זאָגען מיט׳ן מויל דאַרף מען דאָס געזאָגטע אויסדריקען מיט׳ן האַרץ, דורך געבען צדקה. ווי די נוטריקון פון תהלים מאַכען, „לא תקפוץ ידך מאחיך האביון",ביידע צוזאַמען, זאָגען תהלים און געבען צדקה, האָבען אַ גרויסע פעולה. (ר׳ ישראל רוזשינער).

---

צדקה שאַפט שלום צווישען פאָלק ישראל און זייער פאָטער אין הימעל און ברענגט אַ שפע פון ברכה פאַר דער וועלט. (ר׳ שניאור זלמן).

---

## ורעה עינך באחיך האביון ולא תתן לו (טו. ט.)

פאַראַן מענשען אַז מ׳רעדט זיי אַ נדבה האָבען זיי אַ פאַרטיגען תירוץ — איך האָב אַן אייגענעם קרוב וואָס איך מוז איהם שטיצען און קען דאַרום ניט העלפען קיין פרעמדע. זאָגט אונז די תורה, אַז אויב דו וועסט הערען אַזאַ תירוץ פון אַ מענש, זאָלסטו וויסען „ורעה עינך" אַז בטבע איז דער מענש אַ קמצן, ער האָט אַ שלעכט אויג, ער וויל ניט געבען קיין צדקה מיט׳ן תירוץ „באחיך האביון", אַז ער האָט אַן אָרימען ברודער וועמען ער טענה׳ט ער מוז שטיצען. זאָלסט אָבער וויסען „ולא תתן לו" אַז אויך דעם ברודער גיט ער נישט און שטיצט נישט. ווייל דער וואָס גיט צו אייגענע, גיט אויך פרעמדע, און דער וואָס גיט ניט קיין פרעמדע, גיט אויך ניט קיין אייגענע קרובים און העלפט ניט אפילו זיין אייגענעם ברודער. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

## נתן תתן (טו. י.)

די תורה גיט אַן עצה דעם קמצן אויב ס׳איז איהם שווער צו געבען צדקה, דאָס האַרץ לאָזט איהם ניט, „נתן תתן" זאָל ער איינמאָל

און נאָכאַמאָל געבען „ולא ירע לבבך בתתך לו" ביז דאָס האַרץ וועט זיך צוגעוואוינען צום געבען און ער וועט קענען געבען. (ר' יחיאל מיכל זלאָטשעווער).

---

פאַראַן מענשען וואָס גאָר פּלוצים באַפאַלט זיי אַ וותרנות און זיי גיבען מיט איינמאָל אַ באַדייטענדע סומע געלד פאַר צדקה, און נאָך דעם קען פאַראיבערגעהן חדשים ווי זיי גיבען ניט קיין פּרוטה על שום דבר של צדקה און האַלטען נאָך כסדר אין דערמאָנען זייער איינמאָליגע גרעסערעביישטייערונג. זאָגט אונז די תורה „נתן תתן" געבען זאָלסטו ביסלעכווייז. דרש'ענען די חז"ל „תתן" זאָלסט בעסער געבען „מאה פעמים" איידער אַ גרויסע סומע געלד מיט איינמאָל. (ר' יחיאל מאיר גאָסטאַנינער).

---

פזר נתן לאביונים — איז דאָך אין פּלוג קשה. לא־די וואָס דער אָרימאַן קען נעבאָך ניט געבען קיין צדקה, ווערט ער נאָך געשטראָפט מיט מדת פּזרנות, ער וויל געבען און קען ניט געבען וואָס פאַרשאַפט איהם אומזיסטע האַרצוועהטאָג ?

כידוע זיינען פאַראַן אידען עשירים וואָס גיבען צדקה ניט מחמת מצוות־הבורא נאָר פאַר כבוד וועגען און גיאות, ווי די חז"ל זאָגען: „ישראל קדושים הם, יש שיש לו ואינו רוצה". פאַראַן אידישע גבירים וואָס ווילען ניט געבען קיין צדקה, רק זיי גיבען מחמת כבוד און פּרסום און דאָס איז דאָך ידוע, אַז פון יעדער מצוה ווערט אין הימעל באַשאַפען אַ מלאך. די מצוה וואָס ווערט ניט געטאָן בלב־שלם, ווערט באַשאַפען אַ מלאך אָהן אַ נשמה, אַז דער עושר קומט לאחר מותו פאַר'ן בית־דין של מעלה און מען מאַכט דאָרט דעם סך־הכל פון זיין צדקה, זעהט מען אַז ער האָט געגעבען אָהן האַרץ און אָהן געפיל און די מלאכים וואָס זיינען פון זיין צדקה באַשאַפען געוואָרען זיינען אַלע אָהן נשמות.

טראַכט דאָס בית־דין של מעלה וואָס צו טאָן מיט אַזאַ עושר, גיהנום קומט דאָך איהם נישט, ער האָט דאָך פאָרט געגעבען צדקה וואָס האָט מחיה געווען מענשליכע לעבענס. גן־עדן קומט איהם אויך נישט ווייל די צדקה וואָס ער האָט געגעבען איז דאָך ניט געווען בלבב שלם. פּסק'נט דעריבער דאָס בית דין של מעלה, אַז דער עושר זאָל נאָך אַמאָל געבוירען ווערען אויף דער וועלט און זיין אַן אָרימאַן און זאָל האָבען די „מדת פּזרנות" — ער זאָל מיט'ן גאַנצען האַרצען וועלען געבען און ניט קענען געבען דורך דעם „וצדקתו עומדת לעד", וועט די צדקה זיינע וואָס ער האָט בעת ער איז געווען

א גביר געגעבען אהן הארץ זיין א גאנצע, א פאלקאמענע. דארפען דארום אידען גבירים זיין זהיר ונזהר בעת זיי געבען צדקה, זיי זאלען געבען בלב שלם — מיט געפיל און נשמה כדי זיי זאלען ניט נאך אמאל מגולגל ווערען און זיין ארימעלייט, און ארימעלייט מיט גוטע הערצער דארפען האבען א שטיקעל באפרידיגונג וואס ביים ערשטען גילגול זיינען זיי געווען עשירים. (ר׳ שלום בעלזער).

---

כל מקום שהנחלים הולכים הם שבים ללכת — וויפיל איינער זאל ניט געבען צדקה קומט דאס איהם צוריק, איז איהם השי״ת צוריק ממלא. (ר׳ יהושע׳לע זשיקאווער).

---

כל הנחלים הולכים אל הים והים איננו מלא — אזוי איז דער מענש. וויפיל עשירות דער מענש זאל ניט דערווערבען, וויפיל ער זאל ניט נאכגעבען זיינע תאוות איז ער אלץ ניט געזעטיגט, בלייבט ער אלץ אומבאפרידיגט. (רמ״ל לענטשנער).

---

הרוצה שיעשיר יצפין — אפט דער וואס יאגט זיך נאך עשירות (הרוצה מלשון רץ), אנטלויפט פון איהם דאס עשירות ווי קוועק־זילבער. (ר׳ ישראל מאדזשיצער).

---

השליך משמים ארץ תפארת ישראל — וואס פון אונז איז גע־ווארען. אמאל איז דער רוהם, די שיינקייט פון ישראל געווען, ווען א איד האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע גייסטיגע מעלות. ער איז געווען א בן־תורה, א למדן, א ירא שמים, א בעל מדות, א חסיד. היינט אבער ווערט מען באריהמט ווען מען איז א נגיד, מען האט א סך געלד — אט דאס איז געווארען דער היינטיגער תפארת ישראל. (חידושי הרי״ם).

---

נתן תתן לו — אויב איינער גיט א נדבה צו אן ארימאן און דער ארימאן ווייזט טראציג צוריק די נדבה, ער בעט א גרעסערע נדבה „ולא ירע לבבך בתתך לו״ און דעם נדבן פארדריסט ניט דעם ארימאנ׳ס טראציגקייט, נאר מיט א פרייליך פנים און צופרידען הארץ איז ער איהם מוסיף א גרעסערע נדבה, „כי בגלל הדבר הזה״, אט אזא האנדלונג פון א מענש איז אויסערגעוויינליך, „וברכך ד׳ אלהיך״, פאר אזא ברייט הארציגע נאבעלע באהאנדלונג דעם ארימאן וועט דיך גאט בענשען „בכל מעשיך ובכל משלח ידיך״. (רמ״מ קאסאווער).

ולא ירע לבבך בתתך לו — איז אַ ראיה אַז צדקה איז אינגאַנצען אָפּהענגיג אין מענשליכען האַרץ. (ר׳ יהושע׳לע זשיקאָווער).

---

ר׳ ירחמיאל פשיסכער איז אַמאָל געקומען אין אַ שטאָט אַריין האָט מען איהם דערצעהלט אַז אין שטאָט איז דאָ אַ בכבוד׳יגער איד וואָס איז אַמאָל געווען אַן עושר, נאָר איצט איז ער אַ יורד. האָט דער פשיסכער געשיקט נאָך דעם אָרימען אידען און געגעבען איהם אַ באַדייטענדיגע נדבה. פאַר׳ן אַוועקפאָרען פון שטאָט האָט דער פשיסכער נאָך אַמאָל געשיקט נאָך דעם אָרימען איד און האָט איהם געגעבען נאָך אַ גרעסערע נדבה ווי די ערשטע. האָט דער אָרימער איד געפרעגט ר׳ ירחמיאל פשיסכער:

— זאָל מיר דער רבי מוחל זיין פאַר׳ן פרעגען, פאַרוואָס גיט מיר דער רבי אַ צווייט מאָל אַזאַ גרויסע נדבה?

— די ערשטע נדבה וואָס איך האָב דיר געגעבען איז געווען מחמת רחמנות וואָס יעדעס אידישע האַרץ האָט, בפרט צו אַ יורד. די איצטיגע נדבה גיב איך דיר מקיים צו זיין די מצות עשה מן התורה — „נתן תתן לו".

# שופטים

## שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך (טז. יח.)

שפוט השופטים — דור שופט את שופטיו. שופטים וועלכע משפט'ן און שטראָפען דאָס פאָלק בשעת עס געפינט זיך אין אַן עת־צרה, אַנשטאָט זיי זאָלען דאָס פאָלק טרייסטען, אויף זיי מלמד זכות זיין און מיטהעלפען אין זייער צער — אַזעלכע שופטים דאַרפען אַליין גע'משפט ווערען. (בעש"ט).

---

שופטים ושוטרים תתן לך — ווען דיין חבר באַגעהט אַ פאַרברעכען אָדער אַן אומטאַקטישע טהאַט, זאָלסטו איהם תיכף ניט פאַראורטיילען לכף חוב. צום ערשט משפט דיך אַליין ווי דו וואָלסט אונטער די־זעלבע אומשטענדען געהאַנדעלט „ושפטו את העם משפט צדק" — אַזוי אַרום וועסטו קענען משפט'ן דיין חבר, אויב ער האָט גוט אָדער שלעכט געהאַנדעלט. (ר' אָשר הורוויץ).

---

„הוי דן את כל האדם לכף זכות" — אורטייל קיינמאָל נישט אַ מענש פון די איינצעלנע חסרונים וואָס ער האָט וואָס קיין מענש איז פון זיי ניט פריי, אורטיילען זאָלסטו דעם גאַנצען מין האנושי — דעם מענש בכלל וועסטו דעמאָלט זיכער אורטיילען דעם מענשליכען יחיד לכף זכות. (חידושי הרי"ם).

---

שופטים — מאַך דיין חשבון הנפש און זיי דו אַליין דיין איי־גענער שופט און אויב דו געפינסט אַז דו האָסט געטאָן זאַכען שלא כהוגן, „ושוטרים תתן לך", זאָלסטו אַליין זיין דער שוטר. באַשטראָף דיך אַליין ווי דו וואָלסט באַשטראָפט אַן אַנדערען פאַר דיזעלבע אונ־געערעכטע און שלעכטע מעשים. (משמרת איתמר).

---

אויב אַ מענש גלויבט אַז דורך זיינע מעשים קען ער זאַכען מקלקל זיין, זאָל ער אויך גלויבען אַז ער קען דורך זיינע מעשים זאַכען מתקן זיין. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

שופטים ושוטרים תתן לך, איידער דו פאַראורטיילסט דיין חבר, זאָלסטו פריער זיך אַליין משפּט'ן, אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו. (תולדות).

---

שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך — ס'איז די פליכט פון מענטש אָפּט אַריינצוקוקען אין די אייגענע רמ"ח אברים ושס"ה גידין און זעהן ווי מען זעהט אויס. (ר' יחיאל מאיר גאָסטאַנינער).

---

בכל שעריך — צו יעדער צייט ווען דו פיהלסט צו עפענען דאָס טירל פון מוסר צו פאַראורטיילען אין דיין האַרצען דיין חבר צוליב זיינע אַ שלעכטע האַנדלונג אָדער חסרון — משפּט דיך אַליין אַזוי אַרום ושפטו את העם משפּט צדק. (משמרת איתמר).

---

## לא תכיר פנים (טז. יט.)

מאַך ניט קיין פרעמד פּנים (תכיר־נכרי־פרעמד) זאָלסט אַמאָל צוליב דיינע מעשים הרעים ניט דאַרפען ענדערען דיין פּנים. (רמ"ל סאָסעווער).

---

לא תכיר פנים — זאָלסט ניט חנפ'ענען די פני העיר, „ולא תקח שוחד" און זאָלען די פני העיר ניט דערוואַרטען מען זאָל זיי תמיד בענשען און לויבען. (תולדות).

---

## ולא תקח שוחד (טז. יט.)

— נו, אַז מען וועט מיר געבען אַ רובעל ערליך צו פּסק'ענען — האָט דער בערדיטשיווער געזאָגט — וועל איך צוליב דעם רובעל חס וחלילה מטה־דין זיין. פאַר וואָס האָט די תורה פאַרבאָטען צו נעמען שוחד אפילו צו משפּט'ן אמת?

— נאָר צוליב דעם ווייל שוחד ווערט אַרויסגערעדט ווי צוויי ווערטער, „שהוא־חד", דאָס איז משמע, אַז ווען אַ דיין נעמט „שוחד" פון בעל דין ווערט ער מיט'ן גוזן איינס און קען אויף איהם ניט זעהן קיין חוב אפילו ווען ער וויל.

---

דער רבי ר' בונם געבענדיג איינמאָל אַ יונגענמאַן „היתר הוראה" האָט איהם אַזוי אָנגעזאָגט:

— הער מיך צו יונגערמאַן, איך גיב דיר רבנות, זאָלסטו געדענקען אַז דו וועסט אוועקוואַרפען אַ דרייער בבזיון, וועט דיר אָנקומען צו שווימען אַ רובעל בכבוד...

---

כל דיין שדן דין אמת לאמיתו נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית — היות דער רבונו של עולם ווערט אָנגערופען „אדון עולם", ווערט דאַרום דער דיין וואָס משפט אמת אָנגערופען „מרא דאתרא". (ר' ישראל מאָדזשעצער).

---

ר' יהושע העשל אַפטער, איז איינמאָל אויסגעקומען צוזאַמען מיט עטליכע דיינים צו זיצען ביי אַ דין־תורה אין אַ סכסוך פון צוויי שותפים וועגען גאָר אַ באַדייטענדער סומע געלד. האָט איינער פון די שותפים אַריינגעשפאַרט אַ גאָר נישקשהדיגע סומע געלד די דיינים און זיי האָבען מטה דין געווען אויף זיין צד, דער אַפטער איז אָבער געווען שטאַרק געגען דעם פסק, וואָס די דיינים האָבען געוואָלט אַרויסטראָגען לטובת דעם שותף.

היות דער אַפטער איז געווען שטאַרק פאַר'עקשנ'ט, האָבען די דיינים גע'עצה'ט דעם שותף ער זאָל איבעררעדען מיט'ן אַפטער, זאָל איהם געבען שוחד און אויב ער וויל דווקא בלייבען אַן עומד על דעתו, זאָל ער לפחות ניט זיין געגען פסק, זאָל ער שווייגען.

אַזוי ווי דער בעל־דבר האָט גוט געקאָנט דעם אַפטער און האָט געוואוסט אַז קיין שוחד וועט ער ניט נעמען, איז ער געפאַלען אויף אַן המצאָה. ער האָט גענומען עטליכע הונדערט רובעל און האָט זיי אַריינגעלייגט אין די קעשענע פון אַפטערס אויבער־מאַנטעל וואָס האָט געהאַנגען אויף דער וואַנט.

צומאָרגענס ווען דער אַפטער איז געקומען צו דער פאָרטזעצונג פון דעם דין־תורה, האָט ער פלוצים דערשפירט אַ סימפּאַטישע באַציאונג צום בעל־הטענה צו וועמען ער איז די גאַנצע צייט געווען דאַגעגען, ער האָט דערפילט ווי זיינע רעיונות זיינען אַטראָפירט, ס'פעלט איהם לשון, ער איז געזעסען און געשוויגען. אַז די דיינים האָבען אָנגעהויבען שרייבען דעם פסק, האָט ער געהייסען וואַרטען מטי'ן אַרויסגעבען דעם פסק ביז מאָרגען.

אַ דערשראָקענער און צעטומעלטער איז דער אַפטער אַהיים געקומען. ער האָט געפיהלט אַז עפּעס האָט דאָ אַרום איהם פּאַסירט וואָס ער אַליין קען ניט פאַרשטעהן — ערשט נעכטען איז ער אַזוי זיכער געווען, אַז דער פסק דין וואָס די דיינים ווילען אַרויסגעבען איז ניט לויט דעם דין תורה און גאָר פלוצים האָט ער פאַרגעסען

אַלע זיינע געגען אַרגומענטאַציעס און איז נוטה צו דעם פסק פון די דיינים.

ער האָט דערמאָנט זיך אַז ערגעץ האָט ער געהאַט פאַרצייכענט עטליכע מראה מקומות פון פוסקים ראשונים ואחרונים אויף וועמענס מיינונגען ער האָט געשטיצט זיין געגנערשאַפט. ער האָט אָנגעהויבען זוכען אין די קעשענעס דאָס שטיקעל פּאַפּיר, ביז ער האָט אין זיינע קעשענעס געפונען עטליכע הונדערט רובעל וואָס דער בעל־דין האָט געהאַט אין זיינע קעשענעס פון אויבער־מאַנטעל אַריינגעלייגט אַלס שוחד.

איצט איז דעם אַפּטער אַלץ קלאָר געוואָרען, ער האָט תיכף גע־רופען דעם בעל־דין וואָס אויף זיין צד האָבען די דיינים נוטה געווען און האָט אים אויפגעפאָדערט ער זאָל זיך מודה זיין, אַז דאָס געלד איז זיינס. אַ דערשראָקענער פאַר'ן אַפּטער האָט דער בעל־דין זיך מודה געווען און דער אַפּטער האָט אַזוי געזאָגט:

— איצט איז מיר קלאָר דער פסק פון דער תורה „ולא תקח שוחד כי השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים", — שוחד האָט אין זיך אַזאַ כח אפילו ווען דער רב ווייסט לחלוטין נישט אַז מ'האָט איהם געגעבען שוחד, ער זעהט דאָס געלד ניט פאַר די אויגען נאָר עס ליגט אין זיינע בגדים, מעג ער זיין דער גרעסטער צדיק ווירקט עס אויף זיין שכל, טראַכט ער אַנדערש, פאַרשטעהט ניט דעם אמת. זיינע אויגען ווערען בלינד, זיינע ווערטער און געדאַנקען ווערען פאַרקרימט און אַטראָפירט.

---

צוויי דאָרפסלייט האָבען איינמאָל אָפּגעהאַלטען אַ דין תורה ביי ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער. נאַטירליך אַז איינער האָט געמוזט פאַרשפּילען. האָט דער פאַרשפּילטער דאָרפסמאַן גע'טענה'ט, אַז ער וועט אַנדערש נישט מקבל זיין דעם פסק דין סיידען דער רבי וועט איהם ווייזען אַז עס שטעהט אַזוי בפירוש פאַרשריבען אין דער תורה, אַז ער האָט פאַרשפּילט.

האָט דער רבי ר' מאיר'ל אויפגעמישט אַ חומש און האָט דעם דאָרפסמאַן געוויזען דעם סוף פון די פּרשיות ווי אַמאָל שטעהט דריי „פ" און אַמאָל דריי „ס" און ער האָט זיי פאַר איהם אויפ'ן דאָרפישען לשון אַזוי אויסגעטייטשט:

די דריי „סמכ'ן" מאַכען „סודיעם סאַמע סעביע" (אפילו זאָלסט זיך אַליין משפט'ן) און די דריי „פייען" מאַכען „פלאַטים פּרינציימניע פּאָלאָווענע" (וואָלסטו אויך באַארפט באַצאָלען).

דער דאָרפסמאַן איז נתפעל געוואָרען ווען ער האָט בפירוש

געזעהן דעם פסק דין געשריבען אין דער תורה און האָט מיט צופריי־דענהייט מקיים געווען דעם פסק.

---

אַ איד אַן עושר האָט ניט געוואָלט אויספאָלגען אַ דין־תורה ביי ר׳ חיים צאַנזער. האָט דער צאַנזער אויפגעמישט אין סידור „יהי כבוד״ און האָט דעם עושר אַזוי געזאָגט:

— דו מיינסט אַוודאי, ווייל דו ביסט אַן עושר, קען דיר שוין דער רבש״ע גאָר ניט טאָן. זאָלסטו וויסען אַז השי״ת זאָגט: „מחשבות לבו לדור ודור״ — דאָס וואָס דער עושר טראַכט ביי זיך אַז זיין עשירות וועט איבערגעהן לדור דורות — צו זיינע קינדער און קינדס קינדער, „כי הוא אמר״ ווייל אַזוי זאָגט ער, אַזוי טראַכט ער, „ויהי״ אז אַזוי וועט עס געוויס זיין, זאָג איך דיר „כי הוא צוה ויעמוד״ אַז דער רבש״ע וועט באַפעלען „יעמוד״ („מלשון ותעמוד מלדת״) אַז דיין עשירות זאָל בלייבען שטעהן, קענסטו ווערען אויס נגיד...

---

ווען דער רבי ר׳ העשל איז געווען קראָקער רב האָבען איינמאָל צוויי אידען געהאַט ביי איהם אַ דין תורה וועגען אַ גאָר גרויסער סומע געלד און דער דין תורה האָט זיך פאַרצויגען פאַר עטליכע טעג.

שפּעט אין אָווענט ווען די בעלי־דינים זיינען ארויסגעגאַנגען פון בית־דין שטוב, האָט איינער אַ בעל־דין זיך צוריק געקערט, האָט אויפ׳ן טיש אַוועקגעלייגט הונדערט שפּאָגעל נייע גאָלדענע רענדלעך און געזאָגט צום רבי׳ן ר׳ העשל.

— דאָס גיב איך אייך ניט חלילה בתורת שוחד, נאָר בתורת מתנה כדי לזכות את הזכאי ולחייב את החייב.

האָט דער רבי ר׳ העשל צוגענומען די גאָלדענע רענדלעך און דער בעל־דין איז אַוועקגעגאַנגען בשמחה ובטוב לב.

צומאָרגענס האָט דער רבי ר׳ העשל געהייסען דער רבי׳צען צוגרייטען אַ סעודה און איינלאַדען די זיהן און אײדעמס. די קינדער איז די אומדערוואַרטע סעודה אין אַ פּראָסטען מיטענוואָך געווען אַ פּלא. נאָכ׳ן עסען האָט דער רבי ר׳ העשל אַרויסגענומען די גאָלדענע רענדלאָך, פאַוואָלינקע אָפּגעציילט פון איינס ביז הונדערט. בשעת דאָס ציילען זיינען די קינדער געזעסען מיט פאַרגאַפּטע געשפּאַנטקייט. ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן ציילען, האָט ער אַ ווײלע באַטראַכט די פּנימ׳ער פון די קינדער און האָט בנעימות צו זיי אַזוי געזאָגט:

— קינדער מיינע, איך פאַרשטעה אַז די היינטיגע סעודה איז ביי אייך אַ פּלא גדול, ובפרט דאָס צייל̄ען די רענדלאַך, ווייל איך אייך דעם ענין אויפקלערען.

מסתמא ווייסט איהר וועגען דער דין תורה וואָס קומט פאַר ביי מיר פאַר די לעצטע עטליכע טעג. עס האַנדעלט זיך וועגען גאָר גרויסע סומען געלד. די הונדערט גאָלדענע רענדלאַך אויף מיין בית דין טיש, האָט מיר איינער פון די בעלי דין געגעבען ניט חלילה פאַר קיין שוחד נאָר כדי לזכות את הזכאי ולחייב את החייב, איך האָב די גאָלדענע רענדלאַך צוגענומען און דער בעל־הדין איז אַוועקגעגאַנגען אַ פרייליכער, ער ווייסט ניט פאַר וואָס איך האָב זיי צוגענומען. אַוודאי וועל איך חלילה וחלילה מיין נשמה ניט פאַרקויפען פאַר „אלף אלפים דינרי זהב", איך האָב זיי צוגענומען כדי איך צוזאַמענצורופען איהר זאָלט זיך אָפּלערנען פון אייער טאַטען.

— אויב אייך וועט אויסקומען צו זיין רבנים, מושלים, מנהיגים, ביי אידען, זאָלט איהר זיין זהיר וזהיר, ניט צו זיין להוט נאָך דעם בליאַסק פון גאָלד און מתנות. איהר זאָלט חס־וחלילה קיינמאָל ניט פאַרקויפען אייער נשמה. אייערע אויגען זאָלען ניט בלינד ווערען און אייערע רייד זאָלען ניט פאַרקרימט ווערען — אָט איהר זעהט די הונדערט גאָלדענע רענדלאַך, מאָרגען וועל איך זיי צוריק אָפּגעבען דעם בעל־דין...

---

ולא תקח שוחד — לאָז זיך ניט אָנרעדען פון יצר־הרע זאָלסט מחלל שבת זיין דערפאַר וועט ער דיר געבען שוחד — פּרנסה. (רמ"ל סאַסעווער).

---

## צדק צדק תרדוף (טז. כ.)

פונקט ווי דער יצר־הרע זוכט דעם מענש איבערצורעדען צו רשעות, זוכט אָפט דער יצר־הרע דעם מענש איבערצורעדען צו צדקות, דער מענש זאָל זיין אַ צדיק יותר מדאי און געגען דעם וואָרנט די תורה, „צדק צדק תרדוף" — אַנטלויפען זאָלסטו פון צו זיין אַ צדיק יותר מדאי ,ווייל דאָס איז עצת יצר־הרע. (ר' זאב צבי זבאַרישער).

---

„צדק צדק תרדף" — צו וואָס דאָס טאָפּעלטע לשון „צדק צדק"?

— דאָס איז אַן אזהרה צו די באַהאַלטענע רמאים, צו די דוברי שקר וואָס זוכען אָפט זייערע ליגענס און פאַלשקייטען צו פאַרדעקען אונטער'ן מאַנטעל פון אמת. זיי שווערען „צדיקים אנחנו ולא חטאנו" זיינען אָפט סומך זייערע שקרים און באַטריגערישקייטען אויף ראיות

התורה צו באַווייזען זייער צדקות און גערעכטיגקייט. געגען די דאָזי־גע פאַלשקייט און הפקר׳ישקייט וואָרנט דאָס די תורה. אַז דער צדק מוז זיין אַן אמת׳ער צדק און דער וואָס באַנוצט זיך מיט׳ן צדק צו פאַרדעקען זיין פאַלשקייט, איז דאָס אַ דבר רע, וואָס איז תועבת ד׳. (רמ״ל לענטשנער).

---

„צדק צדק תרדף״ — זאָל ביי דיר ניט זיין דער כלל „אַז דער ציל הייליגט דאָס מיטעל״. נאָר נאָכיאָגען זאָלסטו צדק מיט צדק. די מיטלען וועלכע דו וועסט באַנוצען צו דערגרייכען אַ גערעכטען ציל, זאָל אויך זיין גערעכט. (רבי ר׳ בונם).

---

## ולא תקים לך מצבה (טז. כב.)

מאַך ניט דעם „לך״ די הנאת הגוף און די תענוגי העולם הזה פאַר׳ן עיקר פון לעבען אַז זיי זאָלען נאָך דיר פאַרבלייבען אַ מצבה. (בערדיטשיווער).

---

## והוגד־לך ושמעת (יז. ד.)

מען האָט פאַר דיר געזאָגט דברי־תורה און דו האָסט זיך צוגעהערט, „ודרשת היטב״ און דו האָסט שפּעטער די תורה איבער׳גע׳דרשנ׳ט אין דיין נאָמען, האָסט ניט געזאָגט בשם אומרו, „והנה אמת נכון הדבר״ — כאָטש האָסט די דברי־תורה פּינקטליך אמת׳דיג נאָכגעזאָגט „נעשתה התועבה הזאת בישראל״ — הייסט דאָס אמת׳ע גנבה און איז אַ נבלה בישראל. (ר׳ שלום בעלזער).

---

## ודרשת היטב (יז. ד.)

— דו וועסט גוט דרש׳ענען, „והנה אמת״ מעג דאָס אפילו זיין אמת וואָס דו זאָגסט, אויב אָבער „נכון הדבר״ דו האָסט דיר פריער צוגעגרייט גוט צו זאָגען, שעהן צו דרש׳נען, „נעשתה התועבה הזאת״, איז עס תועבה, האָבען די ווערטער קיין שום ווירקונג נישט אויף די צוהערער און דערגרייכען ניט זייער ציל. (רבי מלובלין).

---

## על פי שנים עדים או שלשה עדים יומת המת. לא יומת על־פי עד אחד. (יז. ו.)

די חז״ל זאָגען, מ׳האָט געפרעגט די חכמה און די נבואה, אַז אַ מענש זינדיגט צי פועל׳ט תשובה. האָבעןביידע געענטפערט אַז ניט. האָט מען געפרעגט די תורה, האָט זי געענטפערט, זאָל דער מענש ברענגען אַ קרבן. האָט מען געפרעגט דעם רבש״ע האָט ער געזאָגט תשובה פועל׳ט.

אָט דאָס איז דער פירוש פון פסוק: „על פי שנים עדים — דורך די צוויי עדות, די חכמה און נבואה, או שלשה, אפילו דער דריטער עדות, די תורה וואָס הייסט ברענגען אַ קרבן, וועט דאַך אויסקומען אַז ווען דאָס בית־המקדש איז ניטאָ, מען קען ניט ברענגען קיין קרבנות איז פאַר׳ן מענש גאָר ניטאָ קיין תיקון אויף זיינע זינד נאָר „יומת המת״, דער זינדיגער, דער חוטא מוז שטאַרבען, „לא יומת על פי עד אחד״ האָט אָבער דער רבונו של עולם, וואָס איז דער יחידו של עולם געזאָגט, אַז דער חוטא זאָל ניט שטאַרבען. זאָל ער תשובה טוען וועלען פאַרגעבען ווערען זיינע חטאים. (ר׳ מאיר׳ל פרעמישלאַנער).

---

## ואמרת אשימה עלי מלך (יז. יד.)

אַז די אידען וועלען אַרונטערנידערען צו אַזאַ נידריגער מדרגה פון פאָדערען איבער זיך אַ מושל, אַ הערשער — שום תשים עליהם מלך. (ר׳ משה׳לע קאָזשעניצער).

---

## שום תשים עליך מלך (יז. טו.)

באַשטים אַ מלך איבער דיר אַליין. זאָלסט קענען זיך אַליין באַהערשען אין דיינע מעשים און דיינע האַנדלונגען. (ר׳ ישעיה׳לע ראַפשיצער).

---

## מקרב אחיך תשים עליך מלך (יז. טו.)

און ווען די תורה וואָלט ניט פאַרזאָגט אַז אַן אייגענעם ברודער זאָל מען באַשטימען פאַר אַ מלך, וואָלט ועמען געקומען אויפ׳ן רעיון אַז אידען זאָלען באַשטימען איבער זיך אַ מלך אַ פרעמדען און ניט מזרע ישראל?

— די תורה וואָרענט געגען באַשטימען אַן עלטסטען, אַ מלך, אַ איד, וואָס האַלט זיך גרויס און איז דערוווייטערט פון די אידישע מאַסען און זייער טאָג טעגליך לעבען איז איהם פרעמד. אַזאַ אידישער מנהיג, אַזאַ אידישער מלך איז גלייך ווי אַ פרעמדער פון אַ פרעמד פאָלק. ער פיהלט זיך פרעמד צו זיינע שוועסטער און ברידער און פרעמדקייט הערשט צווישען איהם און זיין פאָלק. (ר' אשר הורוויץ).

---

## אשי ד' ונחלתו יאכלון (יח. א.)

אַט דאָס טאַקע בעטען מיר ביים רבונו של עולם ביי ברכת המזון: ואל תצריכנו לידי מתנת בשר ודם, כי אם לידך המלאה הפתוחה והרחבה. (ר' ברוך קאָסאָווער).

---

## תמים תהיה עם ד' אלהיך (יח. יג.)

כידוע זיינען די תרי"ג מצוות אַנטקעגען די רמ"ח אברים ושס"ה גידים פון מענשען. אַז אַ מענש פעהלט אַן אבר, איז ער אַ בעל־מום, אַ חסר, אַ קאַליקע. פונקט אַזוי איז אַ מענש אַ חסר, אַ בעל־מום, אויב ער איז ניט מקיים די תרי"ג מצוות. וואָרענט דאַרום די תורה, „תמים תהיה" אַזוי ווי דו ווילסט אוודאי זיין אַ גאַנצער געזונטער מענש אויף אַלע אברים — אַזוי זאָלסטו שטרעבען צו זיין אַ „תמים עם ד' אלהיך" מקיים צו זיין אַלע תרי"ג מצוות. (ר' אברהמ'על.ע אייגער).

---

תמים תהיה — תמימות איז זעהר גוט, נאָר באופן „עם ד' אלהיך", האַלטען זיך אין די וועגען פון גאָט. (ר' יהושע'לע בעלזער).

---

דער רבי מלובלין האָט אַמאָל געזאָגט צו ר' נפתלי ראָפּשיצער, די וועלט האַלט אייך פאַר אַ חכם, די תורה זאָגט דאָך אָבער „תמים תהיה עם ד' אלהיך" — צו זיין אַ תמים עם ד', דאַרף מען טאַקע האָבען די גרעסטע חכמה — האָט איהם דער ראָפּשיצער כלאחר־יד אָפּגעענטפערט.

---

תמים תהיה עם ד' אלהיך. ביי קיין שום אַנדערער מצוה שטעהט ניט „עם ד' אלהיך" נאָר ביי תמימות, ווייל מיט דער דאָזיגער מדה איז זעהר לייכט אָפּצונאַרען מענשען, צו פרעטענדירען פאַר אַ תמים,

דעריבער האָט די תורה געפונען פאַר נויטיג צו וואָרענען אַז אויב דו וועסט זיין אַ „תמים" זאָלסטו זיין ערליך און גאַנץ מיט גאָט. (רבי ר' בונם).

---

די „ת" פון „תמים" איז אין דער ספר תורה געשריבען גרויס, אַז זי קען אריינגעמען די גאַנצע וועלט, חוץ בעלי־גאווה, וואָס זיינען נאָך גרעסער. (קאָצקער).

---

## ואתה לא כן (יח. יד.)

אַ איד טאָר ניט באַשטימען איין דרך אין לעבען, אַז אַזוי און ניט אַנדערש זאָל ער תמיד זיין. ווען ס'איז נויטיג דאַרף אַ איד ענדערען זיין טבע און רגילות. „ואתה" און דו „לא" טאָרסט ניט זאָגען תמיד „כן" אַז אַזוי איז מיין דרך און ניט אַנדערש — „לא כן נתן לך ד' אלהיך" — ניט אַזוי האָט דיך גאָט געהייסען. (רבי ר' בונם).

---

די אומות־העולם קענען ניט באַהערשען די שלעכטע כחות און נייגונגען וואָס זיצען אין זייערע הערצער. דיר אָבער נתן לך ד' אלהיך, האָט השי"ת געגעבען אַ ספעציעלען ווידערשטאַנדס־כח פון „לא כן" — זאָלסט קענען זאָגען איך וויל ניט אַזוי ווי אַלע פעלקער נאָכגעבען די תאווה און די שלעכטע כחות. (רמ"מ אַמשינאָווער).

---

## מי האיש הירא ורך לבב (כ. ח.)

אַ ליידענדער פון מרה שחורה און פון עצבות טאָר ניט געהן אין מלחמה. ער איז מוטלאָז און האָט ניט קיין צוטרוי צו זיך אַליין. (קאָצקער).

# כי תצא

## כי תצא למלחמה (כא. י.)

במלחמת הרשות הכתוב מדבר. (רש"י), דאָס וואָרט הרשות איז פון לשון „ואל תתודע לרשות" — אַן עלטסטער, אַ געוועלטיגער, איז דאָס רש"י מרמז, בעת דו וועסט מקבל זיין וועלכע נשיאות, וועסט ווערען אַ מנהיג, אַן עלטסטער, זאָלסטו צוגעגרייט זיין למלחמה — דו, אַלס עלטסטער מצד אחד און די עדה, די מאַסען פון דער צווייטער זייט. די עדה וועט מיט דיין נשיאות ניט זיין צופרידען און האַלטען דיך בסדר אין איין קריטיקירען. (ר' שמעלקע זביטקאָווער).

---

כי תצא — ווען דו וועסט אַרויסגעהן פון יראת אלהים, אַוועקגעהן פון אידישען דרך, „למלחמה", וועסטו תמיד זיין אומצופרידען און אומרוהיג. וועסט ליידען פון אינערליכען פירוד אין לעבען און מלחמה האַלטען מיט זיך אַליין. (רבי ר' בער).

---

כי תצא למלחמה על־אויביך — פאַר וואָס זאָגט ניט די תורה וואָס מען זאָל טאָן אינ'ם קאַמף געגען שונא, ווי די תורה זאָגט אין פרשת בהעלותך „וכי תבאו למלחמה והרעותם בחצצרות" — זאָל מען בלאָזען מיט חצצרות, וועקען און מונטערען דאָס פאָלק צום קאַמף געגען שונא. „ונזכרתם לפני ד' אלהיכם". אַנשטאָט דעם זאָגט די תורה „וראית בשביה אשת יפת תואר"?

— איז פון דאַנען געדרונגען אַז ס'איז פיל לייכטער צו געווינען אַ מלחמה ווען מען געהט אַרויס צום שונא און מען אַטאַקירט איהם אויף זיין טעריטאָריע, איידער דער שונא קומט אין דיין לאַנד, און דו דאַרפסט איהם אַרויסטרייבען.

כי תצא למלחמה על אויביך — אַז דו ביזט זיך מקדים, דו געהסט אַרויס און אַטאַקירסט דעם שונא אין זיין לאַנד, אויף זיין טעריטאָריע, לאָזט איהם באַלד ניט איבערטרעטען דיין ערד — „ושבית שביו".

כי תבוא מלחמה בארצכם — דו האסט דעם שונא דערלאזט אריינקומען אין דיין לאנד, דעמאלט מוזטו שוין גוט זיין ארגאניזירט, דו מוזט צונויפזאמלען אלע כחות, אנוועגדען אלע מיטלען און פעולות „והרעותם בחצצרות" וועקען מונטערען, רופען דאס פאלק דעם שונא פון לאנד ארויסצוטרייבען. (קאצקער).

---

כי תצא מארץ־ישראל לחוץ לארץ — למלחמה, וועסטו תמיד דארפען אנפיהרען א מלחמה פאר דיין תורה און פאר דיין קיום. (רבי מלובלין).

---

## ושבית שביו (כא. א.)

לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע. (רש"י).

כידוע איז דער דרך יצר־הרע אנצורעדען דעם מענש צו טאן פונקט פארקערט ווי די תורה הייסט. האט דארום די תורה מתיר געמאכט צו נעמען א יפת־תואר וועט דאס גופא זיין א מיטעל כנגד יצר הרע. וויל אויב די תורה הייסט נעמען די יפת־תואר פאר א ווייב וועט שוין דער יצר הרע אנרעדען דעם מענש צו טאן פונקט פאר־קערט — דווקא איהר ניט צו נעמען. (ר' מאיר'ל פרעמישלאנער).

---

ושבית שביו — אינ'ם געראנגעל מיט'ן יצר הרע זאלסטו אנ־ווענדען דיזעלבע מיטלען און דיזעלבע זריזות און עקשנות וואס ער באנוצט געגען דיר כדי דיך צו פאנגען. (בעש"ט).

---

## זולל וסבא (כא. כ.)

דער וואס עסט אפ אזוי פיל צו דער זאט, אז עס טרעפט זיך איהם א סעודת מצוה, קען ער ניט עסען, אזא מענש איז א זולל וסובא. (חידושי הרי"ם).

---

„שינה של שחרית" — פארשלאפענע יוגענד יארען „ויין של צהרים", פראסטע טרינק בראנפענס, „ושיחת הילדים" וואס יונגעלייט מאכען קאליע, — „מוציאין את האדם מן העולם". (קאצקער).

---

## ובערת הרע מקרבך (כא. כא.)

וועסטו אויפריכטיג זיך משתדל זיין אויסצוראטען דאס שלעכטע וואס איז אין דיר „וכל ישראל ישמעו ויראו", וועלען מענשען זיך

צו דיר צוהערען, ווי די חז״ל זאָגען: „כל מי שיש לו יראת שמים דבריו נשמעים״. (ר׳ משה אוהעלער).

---

אַן אַפּיקורס האָט אַמאָל זיך באַריהמט פאַר׳ן רבי׳ן ר׳ בונם, אַז ער האָט שוין עובר געווען אויף כל עבירות שבעולם, חוץ איין עבירה, „המאבד את עצמו לדעת״ האָט ער נאָך נישט עובר געווען.

— אויף די עבירה קאָנסטו ניט עובר זיין — האָט איהם דער רבי ר׳ בונם מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — מחמת דורך באַגעהן די עבירה וועסטו גאַר ערשט באמת מקיים זיין די מצוה פון „ובערת הרע מקרבך״...

---

דעם מאמר חז״ל „נזרקה בו מינות״ — האָט דער רבי ר׳ בונם געטייטשט, אַז פּונקט ווי אַן איינשפּריצונג אינ׳ם מענש האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף׳ן גאַנצען מענשליכען אָרגאַניזם, אַזוי ווירקט אויף׳ן מענש אַ ביסעל מינות, אַפּיקורסות, אַרונטערצופיהרען איהם פון דרך הישר.

---

„ודע מה שתשיב לאפּיקורוס״ — מיינט ניט זאָלסט וויסען וואָס אָפּצוענטפערען אויף אַ קשיא פון אַן אַפּיקורס, נאָר מען מיינט דיך גופא, דער אפּיקורוס וואָס איז אין דיר.

פאַראַן אַ גרויסער חילוק אין קשיות. טייל קשיות קען אַ מענש פאַרענטפערען מיט׳ן שכל און טייל קשיות טאָר אַ מענש זיך ניט סומך זיין אויף זיין שכל, ווייל דעם תירוץ קען דער שכל ניט משיג זיין, מוז דאַרום דער מענש זיך סומך זיין אויף זיין אמונה. דער מענש אָבער וואָס פאַרטראַכט זיך אין אַ קשיא וואָס ער קען ניט פאַרענטפערען ווייל דער תירוץ איז למעלה מן השכל, ברענגט דאָס איהם צו אפּי־קורסות ועל זה נאמר, „כל באיה לא ישובון״... (ר׳ נחמן בראַצ־לאַווער).

---

החופר בור ברשות היחיד ופתחו לרשות הרבים, זה בור האמור בתורה (ב״ק מט.) כידוע ווערט אַן עם הארץ גערופען בור. וואו גע־פינט מען, אַז אַ למדן זאָל גערופען ווערען בור?

— זה החופר בור ברשות היחיד — אַ איד וואָס זיצט אין בית־המדרש און לערנט תורה, „ופתחו לרשות הרבים״ מיט דער מחשבה אויסצונוצען זיין תורה לערנען מכשיל צו זיין דעם רבים — זה בור האמור בתורה... (ר׳ ישראל מאָדזשיצער).

אַ משכיל האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט׳ן ראַדזינער רבי׳ן ר׳ גרשון העניך געפרעגט איהם:

— פאַרוואָס האָבען חסידים אַזוי פיינט די משכילים. זאָגט דאָך אונז די תורה „בנים אתם לד׳ אלהיכם" — זיינען מיר דאָך אַלע קינדער פון איין טאַטען.

— אמת, אמת, — האָט איהם דער ראַדזינער מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — מיר האָבען טאַקע איין טאַטען, מיר האָבען אָבער ניט איין „מותר". ווייל דאָס וואָס ביי אייך איז „מותר" איז ביי אונז „אָסור"...

---

מ׳האָט אַמאָל ר׳ שניאור זלמן, דעם בעל־התניא דערצעהלט וועגען אַ לומד׳ישען יונגענמאַן וועלכער פלעגט אָפט צו איהם אַרייבקומען שמועסען אין לערנען אַז ער איז זיך מתחבר מיט אפיקורסים. האָט איינמאָל דער „בעל־התניא" פאַרפיהרט מיט איהם אַ שמועס ווי געפערליך ס׳איז די התחברות מיט רשעים און אפיקורסים און ווי לייכט זיי קענען משפיע זיין מיט זייערע פאַרדאַרבענע געדאַנקען און שלעכטע מעשים.

— אויב דער רבי מיינט ברמיזה צו געבען מיר אַנצוהערען וועגען מיין חבר׳שאַפט מיט די משכילים, דאַרף דער רבי ניט דאַגה׳ן, אויף מיר וועלען זיי ניט האָבען קיין שום השפעה. אַ ראיה — האָט דער יונגערמאַן מיט אַ שטעכיגען שמייכעל צוגעגעבען — אַט חבר איך מיך שוין יאָהרען מיט׳ן רבינ׳ס חסידים און איך בין נאָך אַלץ ניט קיין חב"דניק, כ׳בין נאָך אַלץ ניט קיין חסיד.

— וואָס פאַר אַ פאַרגלייך? — האָט אים ר׳ שניאור זלמן כלאחר־יד אָפּגעענטפערט — ביי טומאה איז דער דין, אַז אַ דבר טומאה איז מטמא מיט דער בלויזער נגיעה. דאַגעגען ביי קדושה, אויב חולין איז זיך מתחבר מיט תרומה אָדער קדשים קלים מיט קדשי־קדשים ווערט חולין פאַרוואַנדעלט אין קודש אויב עס אַבסאָרבירט אין זיך די קדושה. נגיעה אַליין טויג ניט, האָט קיין פעולה נישט. בפרט ווי איך זעה ביי דיר איז פונקט פאַרקערט: מיט דער קדושה האָסטו מעהר ניט ווי בלויזע נגיעה — קיין נאָענטע התחברות מיט מיינע חסידים האָסטו נישט, זעהסטו דאַגעגען מיט דער טומאה, מיט דיינע אפיקורסים חבר׳סטו זיך און דו ביזט בולע זייערע רעיונות און דו וועסט פריער אָדער שפּעטער ווערען ווי איינער פון זיי...

---

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט דעם חידושי הרי"ם, פאַר וואָס חפשים,

פרייע פון עול תורה ומצוות זיינען אין זייערע מעשים רעים גיכער מצליח ווי פרומע און חסידים?

ווייל די פרייע, דאס וואס זיי טוען איז ביי זיי מית אן אמת —

---

דער רבי ר׳ אלימלך האט אמאל געזעהן אידען פאקען זיך צו א ווייטע נסיעה.

— וואוהין פאהרען אידען אזוי ווייט?

קיין ווארשע — האבען זיי איהם אפגעענטפערט.

— ווען איהר וועט אנקומען אין ווארשע, גריסט, זייט מוחל, מיין טאטען, מיין טאטע איז אייער טאטע, ער הייסט בורא עולם, זיין וואוינונג איז מלא כל הארץ כבודו...

---

דער וואס וויל דינען גאט מיט יראה און אהבה, דארף ראשית כל וויסען פארוואס ער באדארף מורא האבען פאר גאט און פאר וואס ער באדארף איהם ליב האבען. (ר׳ מרדכי טשערנאבעלער).

---

## לא תראה (כב. א.)

זאלסט ניט קוקען אויף די פשוטי העם, אויפ׳ן פראסטען המון, ווי פארשטויסענע, פארלארענע, צוריקגעשטאנענע. „והתעלמת מהם" פון וועמען דו וועסט זיך פארהוילען, דו וועסט ניט וועלען האבען קיין מגע ומשא. „השב תשיבם" —עס איז דיין חוב זאלסט זיי לערנען, דערציען, ברענגען זיי צו דער מדרגה פון „לאחיך", זיי זאלען זיין גלייך ווי דו. (ר׳ משה׳לע קאזשעניצער).

---

## על דבר אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים בדרך בצאתכם ממצרים (כג. ה.)

אפשר זיינען זיי געווען ארימעלייט, זיינען פינאנציעל ניט ביכולת געווען צו געבען עסען און טרינקען די ששים רבוא ישראל, דערפאר „לא יבא עמוני ומואבי בקהל ד׳"?

— אויב דאס זאל טאקע האבען געווען די אורזאך, טא ווי האבען זיי גענומען געלד צו דינגען בלעם בן בעור, ער זאל די אידען שעלטען? ווייזט דאך אויס, אז זיי זיינען ניט געווען קיין ארימעלייט, אויב אזוי איז דאך זייער חטא טאקע גרויס געווען „על דבר אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים". (ראדאמסקער).

## ויתד תהיה לך על אזנך (כג. יד.)

דברי תורה ומוסר וואס דו הערסט מיט דיינע אויערן זאלען ביי דיר איינגעפעסטיגט און אריינגעשטעקט ווערען אין דיין הארץ ווי א „יתד". אפילו „והיה בשבתך חוץ" — דו וועסט אמאל דערוויטערען זיך פון אידישקייט, וועסט אפקערען פון דרך הישר „וחפרת בה" און דו וועסט אין דיר גראבען, וועסטו אויפגראבען די דברי תורה ומוסר וואס דו האסט אמאל געהערט „ושבת וכסית את צאתך" וועסטו תשובה טאן און דאס וועט פארדעקען דיינע באגאנגענע עבירות. (דגל מחנה אפרים).

---

## כי תדור נדר לד' אלהיך (כג. כב.)

הגם דער מענש וועט געבוירען ווערען מיט דער בחירה, פונדעסטוועגען איידער ער ווערט געבוירען באשווערט מען איהם ער זאל אויפפיהרען זיך בדרך הישר און ער נעמט אויף זיך די שבועה ווי א „נדר לד'". לא תאחר לשלמו, זאל דער מענש ניט אפלייגען דעם נדר צו באצאלען שפעטער — „לכשאפנה אשנה", אויף די עלטערע יאהרען וועט ער פרום ווערען. „כי דרש ידרשנו ד'" ס'קען דאך זיין אז דער רבש"ע וועט זיין נשמה אוועקנעמען פריער איידער ער וועט אלט ווערען און ער וועט שטארבען אינגאנצען אהן מצוות און מעשים טובים „והיה בך חטא" — וועט ער דאך ארויפקומען אויף יענער וועלט א חוטא. (רמ"ל סאסעווער).

---

## לא יוסיף פן יוסיף (כה. ג.)

דער מלמד וואס איז צו שטרענג צו זיינע תלמידים, באשטראפט זיי אפט מיט מלקות, איז עובר אויף צוויי לאוין מן התורה. — לא יוסיף. פן יוסיף אליין איז אויך א לא תעשה. (ר"י ווארקער).

---

## ולא ימחה שמו בישראל (כה. ו.)

דער חידושי הרי"ם האט איינמאל געהערט ווי זיינער א חסיד האט דערמאנענדיג דעם נאמען פון אן אפיקורוס צוגעזאגט „ימח שמו".
— זאלסט דאס מעהר ניט זאגען — האט איהם דער חידושי הרי"ם אנגעשריען — דער ירושלמי פסקנ'ט, „מומר שמת בלא בנים אשתו חייבת בחליצה". כידוע איז דאך חליצה במקום יבום און מצות יבום, האט די תורה געבאטען, כדי „שלא ימחה שמו בישראל", קומסטו

און זאָגסט פונקט פאַרקערט ווי די תורה — ימח שמו — זיי זהיר זאָלסט אַזעלכעס מעהר ניט זאָגען.

---

## איפה ואיפה גדולה וקטנה (כה. יד.)

כידוע איז דער רבי ר׳ שמעלקע געווען אַ גרויסער עניו. ווען ער איז אויפגענומען געוואָרען פאַר ניקעלשבורגער רב און די בעלי־בתים האָבען מסכים געווען צו געבען איהם אַ כתב רבנות האָט ער אָנגעבאָטען צו וואַרטען מיט חתמנ׳ען דאָס כתב־יד ביז מוצאי שבת קודש.

ווען די מנהיגי הקהילה פון ניקעלשבורג זיינען מוצאי שבת קודש געקומען הערען זיין תשובה האָט ער באין ברירה׳דיג אָפּגעענטפערט:
— מילא, פאַרפאַלען, איך וועל שוין בעסער זיין ביי אייך רב.

האָבען די קהילה פאַרשטעהער איבערגעפרעגט איהם: וואָס איז די סיבה וואָס איהר האָט אונז געהייסען וואַרטען ביז מוצאי שבת קודש און פאַר וואָס איז אייך אַזוי ניט ניחא דאָס ניקעלשבורגער רבנות?

— איך וועל אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת —האָט דער רבי ר׳ שמעלקע תמימות׳דיג זיי אָפּגעענטפערט — ווען איך בין דאָ אַהער געקומען האָב איך לכתחילה געטראַכט צו ווערען בעדער אין ניקעלשבערג. — אַ בעדער האָב איך געמיינט, האָט ניט צו טאָן מיט קיין מסחר, מיט קיין „אבן ואבן גדולה וקטנה", מיט קיין „אבן שלמה וצדק" און קיין „איפה שלמה וצדק". נאַרט ניט, חנפ׳ט ניט, זיין מלאכה איז באמונה און ערליך.

ערב שבת קודש אַז איך בין געגאַנגען אין מרחץ אַריין צו זעהן די התנהגות פון בעדער, האָב איך געזעהן אַז אויך דער בעדער באַנוצט זיך מיט חניפה און אָפּנאַרעריי. די רייכע בעלי־בתים טראָגט ער אונטער אַ גוט שעפעלע וואַסער, מאַכט באַ׳טעמ׳טער די פאַרע, כאָטש די אָרימע אידען באַצאָהלען איהם דעם זעלבען פרייז, פונדעסטוועגען חנפ׳ט ער די נגידים, האָב איך ביי מיר באַשלאָסען, אויב אַזוי, אַז אפילו אין מרחץ איז דאָ אָפּנאַרעריי, שקר און חניפה — מילא, פאַרפאַלען, וועל איך שוין בעסער זיין רב...

---

## זכור את אשר עשה לך עמלק (כה. יז.)

די תורה דערמאָנט דאָ אויף אַ העכסט איידעלען אופן די אידען

זייער חטא ברפידים, ווען זיי האָבן געפרעגט „היש ד' בקרבנו אם אין".

דאָס איז אַ משל צו אַ מלך, וואָס האָט געהאַט אַ וואונדערשיינעם פּרדס און זיין געליבטער פריינד'ס זוהן האָט דאָרט זיך איינמאָל אריינ־געכאַפּט צו גנב'ענען די געשמאַקע פירות. איז געקומען דער שומר פון פּרדס, דער בייזער הונט, און האָט איהם צעביסען. אַז דער מלך האָט געוואָלט דערמאָנען זיין פריינד'ס זוהן ער זאָל מעהר ניט גנב'ענען, האָט ער איהם אויף אַן איידעלען אופן דעמאָנט: — גע־דענקסטו וואָס דער הונט האָט דיר געטאָן?

אַזוי דערמאָנט דער רבש"ע די אידען זייער חטא ברפידים. ער דערמאָנט זיי אויף אַן איידעלען אופן, „זכור" — געדענקט איהר די סיבה פאַרוואָס דער הונט עמלק האָט אייך געביסען?... (ר' צדוק הכהן).

---

— פאַר וואָס זאָגט די תורה „זכור את אשר עשה לך עמלק" בלשון יחיד — עמלק האָט דאָך געשטערעבט דאָס גאַנצע פאָלק ישראל עוקר צו זיין, האָט באַדאַרפט שטעהן „לכם" בלשון רבים?

— אמת טאַקע, עמלק האָט געצילט דאָס גאַנצע פאָלק ישראל אומצוברענגען. די אידען וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטען פון דער אידישער מחנה, זיינען געגאַנגען באַזונדער, זיינען פון עמלק'ן גע־הרג'עט געוואָרען און די אידען וועלכע האָבן זיך פעסט געהאַלטען איינגעשלאָסען אין דער אידישער מחנה האָט עמלק קיין שלעכטס ניט געקאָנט טאָן, האָט דעריבער די תורה געוואָרענט „זכור את אשר עשה לך עמלק" בלשון יחיד — זאָלסט געדענקען וואָס עמלק האָט געטאָן צו דיר, ווען דו ביזט געווען אַ פּורש מן הציבור. (רבי ר' בונם).

---

ואַל תהי רשע בפני עצמך — יעדער מענש איז באַשאַפען גע־וואָרען אויף דער וועלט עפּעס מתקן צו זיין. נמצא דער מענש דאַרף די וועלט און די וועלט דאַרף דעם מענש, דעריבער דער מענש וואָס פאַרשליסט זיך בחדרי חדרים, פראַוועט התבודדות, איז אַ פּורש מן הצבור, לעבט אָפּגעזונדערט פון מענשען איז אַ „רשע בפני עצמו", ווייל דורך אַזאַ התנהגות קען ער ניט מתקן זיין דעם צוועק פאַר וועלכען ער איז פון בורא עולם אויף דער וועלט באַשאַפען געוואָרען. (ר' ברוך מעזשיבוזשער).

---

## ואתה עיף ויגע (כה. יח.)

ווען עס קומט צום לערנען און דאווענען ביזטו מיד, האסטו קיין צייט נישט, כאפסטו אפ שנעל, איז דאס א סימן „ולא ירא אלהים" — אז דו ביזט ניט קיין ירא אלהים. (ר' דובער מעזריטשער).

---

ואתה עיף ויגע — דו קאנסט זיין מיד פון פראווען תעניתים וסיגופים און פון דעסטוועגן נאך אלץ ניט זיין קיין ירא אלהים. (רבי מלובלין).

---

## לא תשכח (כה. יט.)

אפילו ווען משיח וועט קומען זאלסטו ניט פארגעסען אשר עשה לך עמלק. (ר' שלום בעלזער).

# כי תבוא

## ולקחת מראשית כל פרי האדמה (כו. ב.)

אדם יורד לתוך שדהו ורואה תאנה שבכרה, כורך עליה גמי (רש״י). פאַרוואָס דווקא אַ „גמי״?

ווען דער מענש זעהט זיין פעלד צעוואַקסען, די פּירות צעבליהט קען דאָך זיין אַז ער וועט טראַכטען, אַז „כחו ועוצם ידו״ האָבען דאָס אַלץ געמאַכט. אַ דאַנק זיין אַרבייטען, אַקערען, זייען, פלאַנצען, זייבען די פעלדער באַגרינט מיט תבואה און די בוימער מיט פרוכטבאַרע פּירות און זיין האַרץ וועט מיט שטאָלץ אָנגעפילט ווערען. האָבען דעריבער די חז״ל געהייסען דעם מענש נאָך איידער ער ברענגט זיי־נע בכורים צו גאָט זאָל ער פריער נעמען אַ „גמי״, ווי די ראשי־תיבות מאַכען „גדולים מעשי ד׳״, כדי ער זאָל באַגרייפען אַז די ברכה אין פעלד און אין גאָרטען איז ניט פון זיין אַרבייט און חכמה נאָר „ישא ברכה מאת ד׳״, אַז די וואונדער פון די אַלע געוויקסען איז פון דער ברכה פון גאָט. (רמ״ל סאָסעווער).

---

## ארמי אובד אבי וירד מצרימה (כו. ה.)

פאַראַן אַ מאמר אין ספר „גליא רזיא״ וואָס זאָגט, „בשביל שהביא יעקב אבינו לשון תרגום בתורה (לבן קרא „יגר־שהדותא״ ויעקב קרא לו גלעד) בשביל כך באו ישראל בגלות מצרימה״.

אַ רמז דערויף האָבען מיר אין דעם פסוק אין דער תורה: „וישאו עיניהם ויראו״ — יעקב׳ס קינדער האָבען מיט זייערע ווייט־זעהענדע אויגען געזעהן „והנה ארחת ישמעאלים באה״ אַז אַ גרופּע ישמעאלים קומען קויפען זייערע ברידער „מגלעד״, צוליב דעם וואָרט „גלעד״ וואָס זייער פאָטער יעקב האָט אַריינגעבראַכט אין דער תורה. „להוריד מצרימה״, וואָס דורך דעם וועט זייער ברודער יוסף מוזען נידערען אין גלות מצרים.

און דאָס איז דער פּירוש פון פסוק „ארמי אובד אבי וירד מצרימה״, „ארמי״ תרגום לשון אין דער תורה האָט עס גורם געווען

צום „וירד מצרימה" — גלות מצרים. ווי דער בעל הגדה זאָגט „וירד מצרימה אָנוס על פי הדיבור". יעקב אָבינו איז געצוואונגען געווען צו גיין קיין מצרים „על פי הדיבור" דורך דעם אַראַמעאישען וואָרט וואָס ער האָט אַ פרעמד וואָרט אַריינגעבראַכט אין דער תורה. (רבי ר' העשל).

---

## ושמחת בכל הטוב (כו. יא.)

דו זאָלסט זיך פרייען מיט'ן גוטס, ניט דערפאַר ווייל ס'איז גוט, נאָר דער עיקר „אשר נתן לך ד'" — וואָס גאָט האָט דיר דאָס גוטס געגעבען. (ראַדאָמסקער).

---

פונקט ווי ביי תאווה צו געלד איז ניטאָ קיין פולשטענדיגע צופרידענקייט, וואָס גרעסער עס איז די תאווה נאָך געלד אַלץ גרעסער איז דער חשק פון יצר־הרע — „מי שיש לו מנה רוצה מאתים", אַזוי איז אויך ניטאָ קיין זאַטקייט און צופרידענקייט אין אַלע מיני שמחות. (ר' משה'לע אוהלער).

---

ווען מיר רעדען וועגען שמחה, מיינען מיר ניט שמחה של מצווה. וואָרים דאָס איז דאָך אַ מדריגה בפני עצמה און מען קען ניט פאַר־לאַנגען אַז יעדער איד זאָל זיין אַ בעל מדרגה. וואָס מיר מיינען שמחה, איז נאָר ניט קיין עצבות. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

כל השערים ננעלים חוץ משערי דמעות — ווען זיי פאַרשליסען זיך ווי אַלע אַנדערע טויערען וואָלטען די טרערען ניט געגרייכט אין הימעל אַריין. ווייל טרערען זיינען דער אויסדרוק פון עצבות דאָרום וואָלט זיי שווער געווען דורכצושפּאַרען אַ פאַרשלאָסענעם טויער. דורך שמחה אָבער, קען מען דורכלעכערען און צעשפּאַלטען די פאַרריגעלסטע פאַרשלאָסענסטע טויערען אין הימעל. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

ישמח לב מבקשי ד' — ס'איז די טבע פון אַ מענש, בעת ער זוכט אַ פאַרלאָרענע זאַך זאָל ער בשעת דעם זוכען זיין פול מיט צער און וועהטאָג. אַ פרעהליכער ווערט ער, ווען ער געפינט די אבדה. די „מבקשי ד'", די וואָס זוכען גאָט זיינען פריילעך, האָבען גרויס הנאה באַלד ווען זיי זוכען איהם. (רבי ר' בונם).

---

**אויסער וואָס עצבות ברענגט דעם מענש ניט קיין שום נוצען,** דערנידריגט עס איהם און צוברעכט איהם פיזיש, באַרויבט איהם פון זיין האָפענונג און בטחון און איז איהם מעביר על דעתו ועל דעת קונו. (ר' שניאור זלמן).

---

## וירעו אותנו המצרים (כו. ו.)

**אָט דאָס איז געווען דער גרעסטער אומגליק פאַר די אידען אין** מצרים, וואָס די מצריים האָבען געוואָלט זיין זייערע „ריעים", זייערע פריינד, זיי האָבען געגאַרט זיך מיט זיי מתחבר צו זיין. (ר' יחיאל יעקב קאָזשעניצער).

---

## לא עברתי ממצותיך ולא שכחתי (כו. יג.)

**איך האָב ניט עובר געווען אויף דיינע מצוות „ולא שכחתי"** און דער עיקר — איך האָב נישט פאַרגעסען אין דיר גאָט, בעת איך האָב געטאָן די מצוה. (שפת אמת).

---

תעיתי כשה אבד בקש עבדיך — פאַראַן אַ גרויסער חילוק צווי־שען אַ חוטא וואָס זינדיגט און האָט תיכף חרטה און א חוטא וואָס די זינד פאַרפיהרען איהם און ער פאַרבלאָנדזשעט אויף שלעכטע פאַר־דאָרבענע וועגען. דאָס איז אַ משל צו אַ שעפּסעל וואָס בלאָנדזשעט אַוועק פון פאַסטוך, איז דאָס שעפּסעל ניט ווייט פאַרקראָכען, הערט עס דעם רוף פון פאַסטוך, דערקענט זיין קול און קערט זיך צוריק. פאַרקריכט אָבער דאָס שעפּסעל ווייט אַוועק, הערט עס מעהר ניט דאָס קול פון פאַסטוך, בלאָנדזשעט אויף דאָרענדיגע קרומע וועגען און דער פאַסטוך איז זיך מייאש עס צו זוכען.

דאָס האָט דוד המלך געטענה'ט צו גאָט. „תעיתי כשה אבד" — איך בין ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפּסעל וואָס בין ניט ווייט אַוועק פון דרך הישר. אַ ראיה האָסטו, „בקש עבדך" איך זוך דעם פאַס־טוך, איך וויל צוריק געהן צו איהם „כי מצותיך לא שכחתי", וויל זיין קול הקריאה פון דער תורה ומצוות האָב איך נאָך ניט פאַרגעסען און איך האָב חרטה אויף מיינע זינד און וויל זיך צוריקקעהרען צו גאָט. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

## שמעתי בקול ד׳ אלהי (כו. יד.)

יעדער טאָג אין חודש „אלול״ הער איך דאָס קול פון שופר. (ר׳ אשר הורוויץ).

---

## יפתח ד׳ לך את־אוצרו הטוב (כח. יב.)

אַ חסיד האָט אַמאָל זיך מתנצל געווען פאַר׳ן ראַדאָמסקער וועגען זיין שלעכטען מצב אין מסחר, אַז ער האָט קיין געלד נישט מיט וואָס צו קויפען סחורה.

— טוט מען וואָס אַנדערע סוחרים טוען, מ׳באָרגט זיך סחורה.

— די מערסטע סוחרים ווייסען מיין שלעכטען מצב און ווילען מיר ניט באָרגען.

— אויב אַזוי, זאָגט דאָך בפירוש דער בעל הגדה „ושאינו יודע לשאול״ דער וואָס קען מעהר ניט באָרגען „אַת פתח לו״ ביזטו רבש״ע מחוייב איהם צו העלפען פון דיין אוצר־הסחורה. ווינש איך דיר „יפתח ד׳ לך את אוצרו הטוב מן השמים ויברך את כל מעשה ידך״.

---

## ונתנך ד׳ לראש ולא לזנב (כח. יג.)

ווען גאָט וועט דיך צוליב דיינע שלעכטע מעשים איבערגעבען אין פרעמדע הענד דיך צו באַשטראָפען, וועט ער דיך איבערענטפערען „לראש ולא לזנב״ ווי די חז״ל זאָגען „כל המיצר לישראל״ אַז ער איז אַ זנב „נעשה ראש״. (משמרת איתמר).

---

ונתנך ד׳ לראש — ווען דו וועסט אויסדערוועהלט ווערען פאַר א ראש, פאַר אַן עלטסטען, זאָלסטו זיך ניט האַלטען אין דער מעלה — גאוות׳דיג.. ולא תהיה למטה — זאָלסט זיך אָבער אויך ניט האַלטען צו נידעריג און שפל׳דיג. (ר׳ אַשר הורוויץ).

יעדער וואָס ווערט אויסגעקליבען פאַר אַ מנהיג פאַרמאָגט אַ „רוח אחרת״ — אַ ספּעציפישע אייגענשאַפט וואָס אַנדערע האָבען ניט. ווייל אויב ניט צוליב דעם „רוח אחרת״ פאַר וואָס האָט מען דוקא איהם אויסדערוועהלט און ניט קיין אַנדערען. און דאָס האָט משה געבעטען ביי גאָט. — „איש אשר רוח בו״ דער אידישער מנהיג זאָל זיין אַ מענש מיט אַ „רוח אחרת״ פון די מאַסען וואָס זאָל איהם מאַכען פעאיג „אשר יוציאם ואשר יביאם״ — צו זיין אַ מנהיג בישראל. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

---

ונתנך ד׳ לראש ולא לזנב — אודאי, אַז דו ווערסט זיין אַ ראש, ווערסטו דאָך ממילא ניט זיין קיין זנב. צו וואָס דאַס טאָפּעלטע לשון?

— היות די חז״ל זאָגען „הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים" איז די תורה דאָ אונז מרמז אַז מיר וועלען זיין אַ ראש לראשים. (ר׳ הירש זידיטשויווער).

---

## והיה אם לא תשמע (כח. טו.)

כידוע, איבעראַל וואו ס׳שטעהט „והיה" איז דאָס אַ לשון שמחה. זאָגט אונז די תורה „והיה" — ביי דיר וועט זיין אַ שמחה, ווערסט זיך פרייען, דאָס וואָס דו הערסט ניט „בקול ה׳", ווערסט אָפּשפּעטען און אָפּ׳חוזק׳ן פון גאָטס׳ס מצוות און חוקים — ובאו עליך כל הקללות האלה. (ר׳ אברהם יעקב סאַדיגורער).

---

די חז״ל זאָגען, דעריבער לייענט מען די תוכחה פאַר ראש השנה, כדי עס זאָל זיין „תכלה שנה וקללותיה", די כוונה איז, אויב ס׳איז חס־ושלום נגזר געוואָרען מן־השמים שלעכטס אויף אידען, זאָלען מיר האָבען יוצא געווען מיט׳ן „ונשלמה פרים שפתינו" — מיט׳ן לייענען די קללות. (ראַדאָמסקער).

---

דער חידושי הרי״ם האָט געזאָגט, דאָס וואָס מען פראַוועט נאָך אַ חתונה שבעת ימי המשתה, יעדען טאָג צוויי סעודות, צוזאַמען איז דאָס פערצען סעודות און ביי יעדער סעודה זאָגט מען „שבע ברכות", צוזאַמען איז דאָס „98" ברכות וואָס זיינען אַנטקעגען די „98" קללות אין דער תוכחה פון משנה־תורה.

---

## והיית אך עשוק וגזול כל הימים ואין מושיע (כח. כט.)

— ווערע, ווערע, — האָט ר׳ מענדעלע קאָצקער איינמאָל געזאָגט — איך זעה אַזעלכע שווערע צייטען פאַר אידען, ווען איינער וועט דעם אַנדערען ניט אימשטאַנד זיין צו העלפען אפילו מיט אַ קרעכץ, ווייל ער וועט נעבאַך דאַרפען האָבען דעם קרעכץ פאַר זיך...

---

## הגר אשר בקרבך יעלה עליך מעלה מעלה (כח. מג.)

„הגר אשר בקרבך" — די נשמה וואָס איז אין דיר „יעלה מעלה מעלה" — ואתה און דיין חומר „תרד מטה מטה". (תולדות).

---

## תחת אשר לא עבדת את ד' אלהיך בשמחה ובטוב לבב (כח. מז.)

די גאַנצע תוכחה איז אויסגעגאָסען אויף אַ מענש וואָס געהט תמיד אַרום פאַרכמורעט, בפנים זועפות, לעבט אין עצבות, איז אויף אַלעמען און אויף דער גאַנצער וועלט אַנגעבּרוגז'ט און דינט דעם רבש"ע מיט מרה שחורה און טרויער. (ר' יחיאל מאיר גאָסטאַנינער).

---

די עבירות וואָס דורך זיי וועט קומען די תוכחה האָט די תורה ניט אַרויסגעשריבען, די איינציגע עבירה וואָס די תורה דערמאָנט בפירוש איז „תחת אשר לא עבדת את ד' אלהיך בשמחה". (רבי ר' בונם).

---

עצבות וואָס איז גורם בלבול התפילה קומט מחמת חסרון אמונה, ווייל דער מענש וואָס האָט אמונה שלימה גלויבט אַז בשעת התפילה שטעהט השי"ת נאָהענט צו איהם, הערט יעדען דיבור, וואָס קומט אַרויס פון זיין מויל און פאַרנעמט זיין געבעט — אַזאַ מענש דאַווענט בשמחה ובטוב לב און ווייסט ניט פון קיין עצבות. (ר' נחמן בראַצ־לאַווער).

---

אפילו וויינען פאַר'ן רבונו של עולם דאַרף אויך זיין מתוך שמחה און ניט פון עצבות. ווייל „בכיה" מאַכען די ראשי תיבות „בשמחה יגילון כל היום". (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

מיט איין זאַך בין איך מקנא די חפשים, די פריי געזאַ־נענע אידען, מיט דעם וואָס זיי זיינען תמיד בשמחה, הגם זייער שמחה איז אַ גריינגשעצענדע פון אָפּלאַכערייי און שטותים איז דאָס פונדעסט־וועגען פון אַ גאָר הויכער מדרגה. (ר' ירחמיאל פשיסכער).

---

תחת אשר לא עבדת את ד' אלהיך בשמחה — פונקט ווי אַ מענש בעת ער איז הונגעריג, עסט ער דאָך מיט גרויס חשק און תאווה. אַזוי, מיט אַזאַ תאווה, חשק און שמחה דאַרף אַ מענש דינען דעם רבונו של עולם. (ר' יחיאל מאיר מאָגילניצער).

---

ששון ושמחה ישיגו ונסו יגון ואנחה. — עס איז אַ גרויסע מצוה צו זיין תמיד בשמחה. היות די טבע פון מענש, צוליב אומשטענדען,

באַדינגונגען און פּאַסירונגען אינ׳ם לעבען זיינען אַזעלכע, אַז זיי ברענגען אָפּט צו עצבות און מרה שחורה, דאַרף דעריבער דער מענש מיט אַלע זיינע כחות זיך מתגבר זיין צו דערווייטערען זיך פון עצבות און מרה שחורה. מחמת אַלע קראַנקהייטען קומען צום מענש ווייל ער איז ניט בשמחה. אין ענין שמחה דאַרף דער מענש זיך נוהג זיין ווי די מענשען וואָס זיינען אַזוי מלא שמחה בעת זיי טאַנצען, אַז זיי כאַפּען אַריין אין זייער טאַנץ זייטיגע אפילו פרעמדע מענשען פון גאַס און מאַכען זיי בעל־כרחם טאַנצען.

„ששון ושמחה ישיגו — אַט אַזוי מיט שמחה דאַרף דער מענש תמיד זיין. די שמחה דאַרף זיין ביי איהם אַזאַ איבערפולטע, חדוה׳דיגע, התלהבות׳דיגע, האַרציגע, אַז זי זאָל קענען אַריינכאַפּען, באַהערשען כל הדאגות, מרה שחורה, עצבות און בעל־כרחם מאַכען זיי פריילעך, „ונס יגון ואנחה״ — אַז אַלע פגעי ומקרי הזמן, אַלע יסורים, צרות, יגון ואנחה, זאָלען מוזען אַנטלויפען אָדער אויך זיי זאָלען פריילעך זיין, מיט שמחה אָנגעשטעקט ווערען און מיטטאַנצען פון גרויס שמחה ובטוב לב. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

---

## ובגוים ההם לא תרגיע (כח. סה.)

אויב אידען וועט זיך אויסדוכטען, אַז ווען זיי וועלען זיך אַסימילירן און אויפפיהרען זיך ווי די גוים, וועלען זיי האָבען מנוחה, זאָגט אונז די תורה, אַז אויך דאָס וועט ניט העלפען. די גוים וועלען זיי ניט אָנערקענען ווי זייער גלייכען, זיי וועלען זיי פיינט האָבען און וועלען זיי ניט געבען קיין מנוחה. (רמ״ל סאַסעווער).

# נצבים

## אתם נצבים היום כלכם לפני ד׳ אלהיכם, ראשיכם, שבטיכם, זקניכם ושוטריכם (כט. ט.)

ראש השנה ווערען צוערשט גע׳משפ׳ט די ראשי העדה, די עלטסטע, די מנהיגים. ווייל אויב דאָס פאָלק איז זינדיג זיינען די מנהיגים פאַראַנטוואָרטליך, וואָס זיי האָבען דאָס פאָלק ניט בעסער געלעהרענט און געפיהרט. (ר׳ אשר הורוויץ).

---

אתם נצבים היום — „אתם" מאַכען די אותיות „אבן מקור תזעק", אין די ימים נוראים שרייען אפילו די פאַרשטיינערטע הערצער צו גאָט. (ר׳ יעקב צבי פאַריסאָווער).

---

„אתם" מאַכען די אותיות „אמת". אַז די אידען וועלען זיך האַלטען ביים אמת׳דיג־געטליכען וועג, „נצבים", וועלען זיי עקזיסטירען. (רמ״ל לענטשנער).

---

„אתם" מאַכען די אותיות „אמת", מיט׳ן אמת, נצבים, קענט איהר זיך שטעלען פאַר׳ן רבונו של עולם אין די ימים נוראים. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

אתם נצבים היום — משה האָט אָנגעזאָגט די אידען, אַז זיי וועלען אייביג לעבען און עקזיסטירען „לפני ד׳ אלהיכם" אויב זיי וועלען זיך פעסט האַלטען ביי דער אמונה פון גאָט. (ר׳ אברהם יעקב סאַדיגורער).

---

אתם נצבים — ווען עס וועט זיך האַנדלען וועגען חילול־השם „כלכם" זאָלט איהר אַלע ווי איינער אויפשטעהן און ניט דערלאָזען מחלל זיין שם שמים. (ר׳ ברוך מעזשיבוזשער).

## טפכם נשיכם (כט. י.)

פאַר וואָס שטעהט „טפכם" פאַר „נשיכם"?

ווייזט פון דאַנען אויס, אַז כאָטש אויפ'ן פאָטער איז מוטל צו לערנען זיין זוהן תורה, אָבער מדריך צו זיין די קינדער זאָלען געהן בדרך הישר און אויפוואַקסען אידען איז איינגאַנצען חל אויף דער מוטער. ווייל דער פאָטער איז צוליב פרנסה ניט שטענדיג אין שטוב צו האָבען די השגחה אויף די קינדערס הדרכה וואָס איז זעהר וויכטיג פאַר זייער דערציאונג, זיינען דעריבער „טפכם מוטל על נשיכם" — אויב די קינדער זיינען אויסגעוואַקסען שלעכט און פאַרדאָרבען איז דאָס מערסטענס די מוטער'ס שולד. (רמ"ל סאַסעווער).

---

## מחוטב עציך עד שואב מימיך (כט. י.)

די וואָס האַקען אַרויס עצות פון דער תורה. און די וואָס שעפען פון ים של תורה. (חידושי הרי"ם).

---

## פן יש בכם שרש פורה ראש ולענה (כט. יז.)

פאַראַן אידען וואָס ווילען דינען דעם רבש"ע ניט מיט בלויז אמונה נאָר מיט חקירות און חכמה, דורך דעם זיינען זיי תמיד אין ספקות, אָט־די דאָזיגע אידען זיינען אַמאָל בכוונה און אַמאָל שלא בכוונה דער שורש מגדל עשב מר, מפרה ומרבה רשע בקרבם — פרוכפערען אַן שלעכטס צווישען אידען. (יוד הקדוש).

---

פן יש בכם — אויב אין עבודת הבורא איז ביי אייך פאַראַן דער „פן" — ספיקות און טאָמערס איז אָט־דאָס גופא שורש פורה ראש ולענה. (ר' ירחמיאל פשיסכער).

---

דער רבי ר' בונם שפּאַצירענדיג איינמאָל אונטער'ן שטאָט אין דער באַגלייטונג פון עטליכע זיינע מקורבים, האָט זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען אַ פולע האַנט מיט זאַמד. אַפּגעהענדיג עטליכע טריט איז ער צוריקגעגאַנגען און אויפ'ן זעלבען אָרט אַוועקגעלייגט די האַנט זאַמד און געזאָגט צו זיינע באַגלייטער:

— דער וואָס האָט ניט קיין אמונה אַז דאָס ביסעל זאַמד וואָס ליגט אָט־אָ־דאָ איז באַשטימט געוואָרען פון דער השגחה איז אַן אפיקורוס.

אסור לכתוב על עור בהמה טמאה — ווען אַ מענש לערנט מיט אַ צוויטען איז דאָס גלייך ווי ער וואָלט די תורה אַריינגעשריבען אין תלמיד'ס האַרץ, ווי „כתבם על לוח לבך". דאַרף דאַרום אַ מענש זיין שטאַרק נזהר אַז צו דעם וועמען ער לערנט תורה זאָל ער ניט זיין אין דער בחינה פון דער בהמה טמאה — אַ תלמיד שאינו הגון. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

## והתברך בלבבו לאמר שלום יהיה לי כי בשרירות לבי אלך (כט. יח.)

זאָלסט ניט דערוועגען צו טראַכטען אַז דו וועסט געהן „בשרירות לב" — פריי זיין פון אַלע מצוות, סייגים וגדרים, אַבי אָנצוזאַמלען גרויס עשירות און אַז דו וועסט אַן עושר ווערען וועסטו דורך דעם „למען ספות הרוה את הצמאה" — זאַט מאַכען די הונגעריגע, געבען אַ סך געלד פאַר צדקה מכפר צו זיין דיינע חטאים. וואָרענט דיך די תורה. „לא יאבה ד' סלח לו" — אַזעלכע פון פריער אויסגערעכנטע עבירות כדי שפּעטערדיגע מצוות זאָלען זיי מכפר זיין, וועט גאָט דיר ניט פאַרגעבען — והבדילו ה' לרעה. זיי וועלען פאַרבלייבען עבירות. (רמ"ל סאַסעווער).

---

## על אשר עזבו את ברית ד' אלהי אבותם (כט. כד.)

דאָס וואָס די לעצטע יאָהרען ווערען געמאַכט כסדר'דיגע נייע אַנטדעקונגען ווערט דערמאָנט אין הייליגען „זוהר", אַז אינ'ם זיבעטען יאָהרהונדערט פונ'ם זעקסטען טויזענט יאָהר וועלען געעפענט ווערען די טויערען פון חכמה. וואָלטען די אידען די ווערט געהאַט וואָלט די דערעפענונג פון די הימלישע חכמה געקומען אויפ'ן ריכטיגען אָרט — חכמת התורה הקדושה.

„על אשר עזבו את ברית ד' אלהי אבותם" איז די דערעפענונג פון חכמה אַוועקגעגאַנגען אין די חכמות חיצוניות און ווערען אויסגענוצט צו דערפינען כל'ערליי כלי משחיתים און מחבלים צו פאַראומערן און פאַרפינסטערען דאָס לעבען פון מענשען און וועט סוף־כל־סוף דערפיהרען צו דער פאַרניכטונג פון דער גאַנצער מענשהייט. (רבי ר' בונם).

## לא בשמים היא לאמר (ל. יב.)

אפילו דער שפל שבשפלים און דער גרעסטער עם־הארץ קאן, אויב ער וויל נאר, דערגרייכען צו דער העכסטער מדרגה אין דער תורה פון „ויקחה, וישמיענו ונעשנה". (רבי מלובלין).

---

לא בשמים היא לאמר — אויב דו ווילסט באמת מ'ט'ן גאנצען הארצען באהעפטען זיך מיט דער תורה אפילו ווען זי וואלט געווען אין הימעל אדער מעבר־לים וואלסטו געלאפען איהר זוכען און גריי־כען — איז דאס נאר אפהענגיג אין דיין אמת'ן רצון. (חידושי הרי"ם).

---

רצון יראיו יעשה — דער רבש"ע האט באשאפען דעם רצון, דער מענש דארף נאר ווילען דעם רצון. (חידושי הרי"ם).

---

## בפיך ובלבבך לעשותו (ל. יד.)

כדי די תורה זאל זיין „קרוב אליך" איז אפהענגיג אין דיין מויל און אין דיין הארץ. (שפת אמת).

---

## ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב (ל. טו.)

די תורה זאגט צום מענש „ראה" — זעה, דאס לעבען איז דיר געגעבען געווארען כדי צו טאן גוטס, איז אבער דער מענש קורצזיכטיג און זעהט נישט און ער פיהרט זיך אויף פונקט פארקערט — ער טוט גוטס כדי צו לעבען. (קאצקער).

---

א חסיד האט אמאל זיך מתנצל געווען פאר'ן קאצקער, אז ער האט גרויס חשק צו לערנען, ער וויל קענען גוט לערנען, וואס קומט ארויס, אז זיין זכרון איז א שוואכער, וואס ער לערנט פארגעסט ער. — ווער זאגט דאס אז דו ביזט מחוייב צו זיין א למדן — האט איהם דער קאצקער אפגעענטפערט — און א פראסט פשוט'ער איד טויג נישט? אז עס איז א מצוה פאר א איד צו קענען גוט לערנען דאס געפינט מען נישט אין דער תורה, אבער אז א איד זאל לערנען צו זיין גוט דאס האט דער נביא ישעיה געזאגט: „למדו היטב" זאגט רש"י „היטב — להיטיב". דאס לערנען דארף ניט זיין כדי צו קענען לערנען נאר דער עיקר צו זיין גוט און טאן גוטס.

---

ראה נתתי לפניך את החיים — צום לעבען. איז דאָס אָבער ווייניג פאַר'ן מענש און ער וויל נאָך אויך „את הטוב". (ר' יחיאל מאיר מאָגילניצער).

---

„אָדם לעמל יולד קצר ימים ושבע רוגז" — אָט־דאָס איז כולל אַלע מענשען אויף דער וועלט מקטן ועד גדול. ניטאָ קיין איינציגער מענש אויף דער וועלט, אפילו עשירים ושרים וואָס זאָלען האָבען עולם הזה און זיין פריי פון צרות, יסורים, דאגות, עצבות, יגון ואנחה. יעדער לויט זיין שטאַנד אין לעבען, אפילו דער וואָס אונז דוכט זיך אויס אַז ער האָט אַלע תענוגי עולם הזה, זאָל מען טיפער גוט אַריינקוקען אין זיין לעבען, וועט מען זעהן, אַז ער האָט זיינע צרות — טעג פון כעס, אויפרעגונג און וועהטאָג. ניטאָ קיין פולשטענ־דיגע צופרידענקייט אינ'ם לעבען, ווייל „אָדם לעמל יולד".

מ'זאָגט אַז ס'איז דאָ אַן עולם הזה ועולם הבא, אַז ס'איז דאָ אַן עולם־הבא אין דעם גלויבען מיר, אָבער אין עולם הזה איז אַ ספק צי ס'איז ערגעץ דאָ, ווייל אין דער וועלט וואָס מיר לעבען איז אַן אמת'ער גיהנום. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

## ובחרת בחיים למען תחיה אתה וזרעך (ל. יט.)

אַ מענש דאַרף אויסקלייבען אַזאַ וועג אין לעבען, אַז ער זאָל קענען מיט זיינע מעשים באַריהמען זיך פאַר זיינע חברים. אַ מענש מעג זאָגען צו זיין חבר. איך האָב געלערנט מעהר תורה פאַר דיר, איך גיב מעהר צדקה פאַר דיר און איך בעט צו השי"ת אַז מיינע קינדער זאָלען נאָכפאָלגען מיינע דרכים און דאָס הייסט נישט קיין גיאות. אַ בעל־עבירה ווי פרעך און חוצפה'דיג ער זאָל ניט זיין וועט זיך ניט באַריהמען פאַר זיין חבר אַז ער איז אַ גרעסערער יחסן, דערפאַר ווייל ער איז אַ גרעסערער בעל־עבירה, און מעג ער זיך זיין דער גרעסטער בעל־תאווה, וועט ער זיך ניט ווינשען, אַז זיינע קינדער זאָלען נאָכפאָלגען זיינע דרכים.

דאָס איז דער פירוש פון „ובחרת בחיים" זאָלסט דיר אויסקלייבען אַ וועג אין לעבען וואָס זאָלסט דורך דיינע מעשים קענען זיך באַריה־מען און ווינשען, אַז אויך דיינע קינדער זאָלען זיך אויפפיהרען אין זייער לעבען פונקט ווי דו. (ר' יהושע'לע זשיקאָווער).

# וילך

## וילך משה (לא. א.)

דעם וועג וועלכע משה איז געגאנגען ביים לעבען „וידבר את הדברים האלה אל כל ישראל" — האט ער דעם דאזיגען לעבענס־וועג און התנהגות איינגערעדט און געלערנט כל ישראל. (משמרת איתמר).

---

## הקהל את העם האנשים והנשים והטף (לא. יב.)

האנשים ללמוד, והנשים לשמוע והטף למה באו? כדי לתת שכר למביאהם. (רש"י).

אויב עלטערען זיינען זיך מטריח מיטצובריינגען זייערע קינדער אין בית־המדרש אריין, ווייזען זיי דורך דעם ארויס זייער רצון אז זייערע קינדער זאלען זיך איינהערען אין לערנען תורה, איז זייער שכר, דאס די קינדער וועלען באאיינפלוסט ווערען פון דער תורה און וועלען אויסוואקסען גוטע אידען. (שפת אמת).

---

## ואנכי הסתר אסתיר פני (לא. יח.)

דער רבי ר' בער געהענדיג איינמאל אין גאס אין דער באגלייטונג פון עטליכע זיינע מקורבים האט באמערקט א קליין מיידעלע ליגט באהאלטען אונטער א קלאץ און וויינט.

— וואס וויינסטו קינד מיינס? — האט איהר דער רבי ר' בער געפרעגט.

— איך שפיל זיך מיט מיינע חבר'טעס אין באהעלטעניש, האב איך זיך באהאלטען און זיי קומען מיך ניט זוכען.

אויסהערענדיג דעם קינד'ס כליפענדען ענטפער, האט הויך אויפ'ן קול דער רבי ר' בער זיך צעוויינט.

— וואס וויינט דער רבי, צוליב א קינדערישען שפיל און נאריישען ענטפער פון א קליין מיידעלע? — האבען די מקורבים געפרעגט דעם רבי'ן.

— ווער איז אייך שולדיג אז איהר הערט ניט און פארשטעהט

נישט — האָט זיי דער רבי ר' בער אַ וויינענדיגער אָפּגעענטפערט — איב'ם קינד'ס ענטפער און געוויין הער איך דאָס קלאָגען און יאָמערען פון דער שכינה וואָס שרייט צו אונז „ואנכי הסתר אסתיר פני" — איך האָב זיך באַהאַלטען און קיינער קומט מיך ניט זוכען.

גם כי אלך בגי צלמות לא אירא — מצד עצמי, רבש"ע, בין איך מקבל באהבה אַלע יסורים. עס איז מיר אָבער זעהר ביטער, „כי אתה עמדי", וואָס דו רבש"ע, ביזט מיט מיר און אויך דיר קומט אויס צו ליידען. (ר' ישראל ריזשינער).

## והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות (לא. כא.)

רבונו של עולם! — האָט ר' מענדעלע רימאַנאָווער צוקומענדיג צו דעם פּסוק, גע'טענה'ט צו גאָט — זאָלען ניט צופיל! צופיל זאָלסט מאַכט קאַליע דאָס פלייש אַז מען קען דאָס ניט עסען. אַזוי וועלען צופיל יסורים נישט דערגרייכען דעם ציל, אונז בעסער צו מאַכען, טאָ האָב רחמנות, רבש"ע, זאָלען ניט צופיל!

דער בערדיטשיווער פלעגט זאָגען: רבונו של עולם: לייז אויס דיין פאָלק ישראל, כל זמן זיי זיינען אידען, אַז נישט, וועסטו זיי מוזען אויסלייזען ווען זיי וועלען חלילה זיין גוים.

אידען ציילען לויט דער לבנה, די אומות־העולם — לויט דער זון. קענען די אומות־העולם עקזיסטירען נאָר ווען עס איז זיי ליכטיג, ווען עס געהט זיי גוט נאַציאָנאַל און עקאָנאָמיש, ווערט זיי אַמאָל פינסטער, אַ שונא באַפאַלט זייער לאַנד אָדער זיי ליידען פון עקאָנאָמישער דעפּרעסיע דראָהט זיי די געפאַהר פון פאַרצווייפלונג און רע־זיגנאַציע.

אידען, דאַגעגען, וואָס רעכענען זייער צייט לויט דער לבנה, קענען עקזיסטירען אפילו ווען זיי איז פינסטער ווי די נאַכט — אַז אפילו ווען זיי ליידען נאַציאָנאַל און עקאָנאָמיש, ווערען אונטערדריקט און פאַרשקלאַפט, דאָך לייכטען זיי ווי די לבנה אין דער פינסטערער נאַכט. (שפת אמת).

## וידבר משה את דברי השירה הזאת עד תמם (לא. ל.)

משה־רבנו האָט אומאויפהערליך געהאַלטען אין ווידערהאָלען די שירה צו די אידען ביז זיי האָבען זי געקענט איינגאַנצען. (יוד הקדוש).

# האזינו

## האזינו השמים ואדברה (לב. א.)

אַז מען איז אין הימעל מקבל די תורה ותפלה פון צדיק. **ואדברה** — ווערען זיינע רייד צוגעהערט אויף דער ערד. (ר' אברהם סאַדי־גורער).

---

## יערף כמטר לקחי תזל כטל אמרתי (לב. ב.)

פונקט ווי ניט יעדער רעגען איז אָנגענעם און ליב דער וועלט, אַזוי איז אויך מיט מוסר און תוכחה. די אותיות „מטר" מאַכען: „משאכם", „טרחכם", „ריבכם". „טל" — טוי, איז שטענדיג גוט און ליב און ברענגט תמיד ברכה, ווי די אותיות „טל" מאַכען „טוב לכל". (ר' הלל ראַדזינער).

---

יערף כמטר לקחי — די תורה ווערטער זיינען ווי רעגען, פונקט בעת עס רעגענט זעהט מען דאָך נישט תיכף די פעולה אויף די גראָזען נאָר ערשט שפעטער, ווען די זון שיינט אויף. אַזוי איז דאָס אויך ווען מען לערנט אָדער מען הערט דברי־תורה. כאָטש אויפ'ן מאָמענט דוכט זיך אַז עס האָט קיין ווירקונג נישט, שפעטער אָבער האָט דאָס אַ שטאַרקע השפעה אויפ'ן מענש. (רבי ר' בונם).

---

אַזוי ווי רעגען מאַכט וואַקסען דאָרט וואו עס איז באַאַרבעט און געזייעט און דאָרט וואו עס איז ניט באַאַרבעט, נישט בלויז ברענגט דער רעגען ניט קיין נוצען נאָר פאַרקערט, ער מאַכט נאָך אַ בלאָטע. אַזוי ווירקט די תורה נאָר אויף דעם מענש וואָס פאַרמאָגט איידעלקייט, נשמה'דיגקייט, און אויף אַ פּוסטען ליידיגען מענש ברענגט די תורה נאָך שאָדען. (ר' צבי אַפּאָטשנער).

---

## שחת לו לא בניו מומם (לב. ה.)

אַז דו ווערסט פון דיר אויסוואָרצלען דיין עגאָאיזם און גיאות, דיינע מעשים רעים און שלעכטע געוואוינהייטען און דו ווערסט דער־גרייכען צו דער מדרגה פון „לא" — צו אמת אויפריכטיגער ענווה און הכנעה. „בניו מומם" — וועלען דיינע קינדער זיין פעלערלאָז און פולקאָם. (משמרת איתמר).

---

## דור עקש ופתלתול (לב. ה.)

אויב אַ מענש איז אין זיינע האַנדלונגען בלויז גוט, איז ער אינערלאַך פאַרדאָרבען. בלויז פרום איז ער אַ שטילער באַהאַלטענער גנב. בלויז קלוג איז ער אַ גאַנצער אפיקורוס. (חידושי הרי"ם).

---

עס איז ניטאָ קיין גלייכערע זאַך ווי אַ קרומער לייטער. עס איז ניטאָ קיין קרומערע זאַך ווי אַ גלייך ווערטעל און עס איז ניטאָ קיין גאַנצערע זאַך ווי אַ צעבראָכען אידיש האַרץ. (ר' שניאור זלמן).

---

## וישמן ישרון ויבעט (לב. טו.)

כידוע, זאָגען די חז"ל, עניות קען ברענגען דעם מענש מעביר צו זיין „על דעת קונו", איז אָבער דער נסיון פון עשירות, פון „וישמן ישורון ויבעט" אַ סך גרעסער ווי דער נסיון פון עניות. (ר' יהושע'לע זשיקאָווער).

---

יאָה עניותא לישראל כורדא סומקא לסוסיא חיורא. (חגיגה ט.), אַזוי ווי אַ פערד פוצט מען דאָך ניט אויס, ס'זאָל שטעהן אין שטאַל נאָר ווען מען רייט דערויף אין גאַס, אַזוי איז שענער און בעסער פאַר אידען ווען זיי ווייזען זיך ניט עפענטליך אין גאַס מיט אויסגע־פוצטע עשירות וואָס רופט אָפט אַרויס גרויס פאַרדרוס און קנאה צווישען די פעלקער מיט וועלכע זיי לעבען און איז גאַנץ אָפט די סיבה וואָס איז גורם רדיפות און גזירות רעות. (רמ"ל סאָסעווער).

---

דער קאָצקער האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' פייוועל, דעם משמש זיינעם:

— וואָס איז די טייטש: „לא נתנה תורה אלא לאוכלי המן?"

— די וואָס ס'פעהלט ניט קיין פרנסה ווי די אוכלי המן — האָט ר' פייוועל געענטפערט:

— אויב אַזוי, וואָס איז די טייטש: „וישמן ישורון ויבעט"?

ר' פייוועל האָט ניט געוואוסט וואָס אָפּצוענטפערן.

—אָט־דאָס איז די כוונה פון מאמר חז"ל — האָט איהם דער קאָצקער דערקלערט — די תורה איז ניט געגעבען געוואָרען צו די וואָס זיינען זיך נוהג ווי די אוכלי המן, אַז זיי האָבען אויף היינט, זאָרגען זיי ניט פאַר'ן מאָרגען...

## זכור ימות עולם (לב. ז.)

ווען גאָט האָט באַשאַפען די וועלט, „ויהי כל הארץ שפה אחת ודברים אחדים", די איינציגע שפּראַך וואָס האָט פאַראייניגט אַלע מענשען אין א קשר של אחדות איז געווען לשון־הקודש, אַז די מענשען אין די צייטען פון דור הפלגה האָבען געזינדיגט איז די שפּראַך וואָס האָט דעם כח פון אחדות אַוועקגענומען געוואָרען פון דער מענשהייט און איז איבערגעגעבען געוואָרען צו די אידען. „שאל אביך" פרעג וועגען דעם דיין טאַטען — „ויגדך", „זקניך" — פרעג וועגען דעם דיין זיידען ויאמרו־לך. (שפת אמת).

## צור ילדך תשי (לב. יח.)

השי"ת האָט באַשאַפען דעם מענש במדת השכחה, ער זאָל פאַרגעסען די הבלי עולם הזה, לסוף גאָר „ותשכח אל מחוללך". (קאָצקער).

---

אַ איד האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַר'ן „שפת אמת" אַז דער זכרון ווערט ביי איהם שוואַך, פאַרגעסט אַלץ!

— ס'איז אַ חסד פון דער השגחה און מיר דאַרפען דאַנקען השי"ת האָט איהם דער „שפת אמת" אָפּגעענטפערט — וואָס אונזער זכרון ווערט אויף די עלטערע יאָהרען אָפּגעשוואַכט. מיר זאָלען פאַרגעסען די צרות, ליידען, יסורים וואָס מיר האָבען במשך פון אַלע יאָהרען אין לעבען געליטען און דורכגעטראָגען.

## אסתירה פני מהם (לב. כ.)

אפילו אַ רשע כל ימיו, „אראה מה אחריתם" אויב ער וועט סוף ימיו חוזר בתשובה זיין, וועל איך פאַרבאָרגען מיין פנים און וועל איהם מוחל זיין זיינע חטאים. (ר' נפתלי ראָפּשיצער).

ראיתי רשע עריץ ומתערה כאזרח רענן, ויעבור והנה איננו, ואבקשהו ולא נמצא. — אויב ס'איז „ויעבור והנה איננו", אויב דער רשע איז שוין נישטאָ נאָך וואָס איז דער „ואבקשהו ולא נמצא", צו וואָס האָט איהם דוד המלך אַרומגעזוכט?

— נאָר ווי ס'ווייזט אויס האָט איהם דוד המלך אַרומגעזוכט ווייל זעענדיג די פרישע רשעים וועלכע זיינען אויפגעקומען אויף זיין אָרט האָבען די אַמאָליגע רשעים אויסגעזעהן לגבי זיי ווי צדיקים. (רבי ר' בונם).

---

## כי דור תהפוכות המה (לב. כ.)

כידוע, איז דער רבי ר' בונם אין זיינע יוגענד־יאָהרען געווען אַ סוחר. איינמאָל איז איהם צוליב מסחר אויסגעקומען צו פאַרברענגען אַ שבת אין דאַנציג צוזאַמען מיט אַנדערע סוחרים און ער האָט זיך איינקוואַרטירט אין אַן אַנגעזעהענער סוחר'ישער אכסניא.

פרייטאָג צו־נאַכטס, בעת די סוחרים זיינען געזעסען אַרום טיש און האָבען הנאה געהאַט פון סעודת שבת, האָט איין סוחר „כטוב לב המלך ביין" געהייסען דעם בעל־אכסניא שטעלען צום טיש ווייז פאַרן עולם.

האָט דער בעל־אכסניא געהייסען זיינע צוויי משרתים, וועלכער איינער איז געווען אַ איד, דער צווייטער אַ גוי, אַרונטערגעהן אין ווייז קעלער אַרויפברענגען עטליכע גוטע פלעשער וויין.

ווי דערשטוינט איז דער רבי ר' בונם געוואָרען ווען ער האָט דערזעהן די צוויי משרתים אַרויפקומען פון וויין קעלער. דער איד האָט געהאַלטען דאָס אָנגעצונדענע ליכט אין האַנט און דער גוי האָט געטראָגען די פלעשער וויין.

— איצט פאַרשטעה איך דעם פירוש פון פסוק „כי דור תהפוכות המה" — האָט דער רבי ר' בונם פאַרדראָסיג אָנגעוויזען אויף די צוויי משרתים — ווען דער גוי זאָל האַלטען דאָס אָנגעצונדענע ליכט אין דער האַנט און דער איד די פלעשער וויין, וואָלט דאָס געווען כשר וישר. אַ דור תהפוכות אָבער טוט פונקט להיפוך — דער גוי טראָגט דעם וויין און דער איד דאָס ברענענדע ליכט...

---

## בנים לא אמון בם (לב. כ.)

זאָלסט קיינמאָל ניט גלויבען קיין קינדער. (ר' אשר סטאָלינער).

---

אַ חסיד האָט אַמאָל געקלאָגט זיך פאַר ר׳ יצחק וואָרקער, היות ער איז אַן עושר, גאָט האָט איהם געבענשט מיט אַ גוט הארץ, ער צע־טיילט אַ סך געלד פאַר צדקה און זיין אייגענער פאָטער, וועלכער נויטיגט זיך אין שטיצע, ליידט כמעט דחקות, דערלאָזט איהם ניט דאָס האַרץ, ער זאָל איהם העלפען.

— דאָס איז דערפאַר — האָט איהם דער וואָרקער אָפּגעענטפערט — ווייל ס׳איז געגען די באַשטימטע מענטשליכע נאַטור. דער דרך־הטבע איז, אַז אַ פאָטער זאָל העלפען זיין זוהן, אָבער ניט אַז אַ זוהן זאָל העלפען זיין פאָטער.

---

## ראו עתה (לב. לט.)

דאָס איז אַן אַזהרה, זעה און געדענק איצט און אין אַלע צייטען כי אני — אני ד׳ אלהיכם. (משמרת איתמר).

# ברכה

## וזאת הברכה אשר ברך משה (לג. א.)

אַז יעדער איד זאָל זיין אַן איש אלהים. (רמ"ל לענטשנער).

---

וזאת הברכה — ד' מסיני בא. — דאָס וואָס גאָט האָט די אידען געגעבען די תורה אויפ'ן באַרג סיני, אָט־דאָס איז דער עיקר ברכה, ווייל דורך דער תורה עקזיסטירען הימעל און ערד און דער גאַנצער כלל ישראל. (ר' צבי זאַליצער).

---

די תורה דאַרף באַטראַכט ווערען ווי אַ מקח. אַ סוחר הערט ניט אויף צו האַנדלען אפילו ווען ער איז אַמאָל ניט מצליח אין מסחר. דער סוחר ווייסט, אַז אויפהערענדיג צו האַנדלען וועט ער אינגאַנצען געהן צו גרונד. כך דאַרף זיין מיט תורה, כאָטש מען איז ניט מצליח אין לערנען, דאַרף מען ווייטער אַרבייטען און ניט מיד ווערען. הערט מען אויף תורה לערנען, קען מען ניט עקזיסטירען. (ר' דוד'ל קאָצקער).

---

ווען אַ איד לייענט די תורה, אפילו ער פאַרשטעהט ניט וואָס ער לייענט, פאַררעכענט איהם השי"ת ווי אַ קליין קינד וואָס רעדט אומפאַרשטענדליכע ווערטער, הגם דאָס קינד שטאַמעלט, ברענגט אַרויס קלאַנגען, פאַרשטעהט פונדעסטוועגען דער פאָטער וואָס דאָס קינד וויל און האָט פון זיין אופן רעדען גרויס הנאה. (בעש"ט).

---

וזאת הברכה אשר ברך משה — דער עיקר ברכה וואָס משה האָט געבענשט די אידען, אַז תמיד זאָל זיין מיט זיי אַ צדיק הדור אַן איש אלקים. (רי"ד אַמשינאָוער).

---

משה רבנו האָט געבענשט די אידען, אַז יעדער איד זאָל „לפני מותו" זיין אַן „איש האלהים" — זאָל אין די לעצטע מינוטען פון

זיין לעבען זיך קענען מתדבק זיין אין השי"ת. (ר' משה'לע קאָזשע־ניצער).

---

כאָטש משה רבנו איז געווען אַן איש אלהים, האָט ער פונדעסט־וועגען נישט מסיח דעת געווען פון די אידען און שטענדיג געווען „את בני ישראל" — מיט די אידען. און אָט־דאָס איז געווען אַ ספע־ציעלע ברכה „אשר ברך משה", מיט וועלכע משה איז געבענשט געווען, זייענדיג אַן „איש האלהים", „את בני ישראל" — איז ער אָבער תמיד געווען מיט די אידען. (ר' מאיר'ל פּרעמישלאַנער).

---

## ד' מסיני בא (לג. ב.)

ווען הקדוש ברוך הוא האָט אַרומגעטראָגען זיך מיט דער תורה, האָט איהר אָנגעבאָטען צו יעדער אומה ולשון און קיין איינע האָט די תורה ניט געוואָלט מקבל זיין, האָט דעמאָלט צווישען די אומות גע־הערשט פולשטענדיגע אחדות און איינִיגקייט. ס'איז דעמאָלט אויף דער וועלט לחלוטין ניט געווען קיין שנאה. תיכף נאָר ווי די אידען האָבען אויפ'ן אָנבאָט פון גאָט מקבל צו זיין די תורה אָפּגעענטפערט „נעשה ונשמע" — „אש דת למו" — האָט מאָמענטאַל צווישען די פעלקער אויסגעבראָכען אַ פייער פלאַמיגע שנאה געגען דעם פאָלק ישראל. און אָט דאָס איז די כוונה פון מאמר חז"ל „למה נקרא סיני? — מפני שירדה שנאה לאומות העולם עליו". (בערדיטשיווער).

---

כסף צרוף — אַזוי ווי פייער לייטערט זילבער און איז מבדיל דאָס פּסולת, „כה דברי כאש", אַזוי לייטערט די תורה דאָס מענשליכע האַרץ און איז פון מענש מבדיל אַלע פּסולת'ן. (שפת אמת).

---

אמת גייסטיגער פאַרגעניגען קען מען נאָר האָבען ווען מען באַגרייפט די סודות פון דער תורה. (ר' שניאור זלמן).

---

תורת ד' תמימה — אין דער תורה זיינען פאַראַן חוקים, משפטים און מצוות. „עדות ד' נאמנה" — אַז אַלע צוזאַמען זיינען איין תורה. (רמ"ל לענטשנער).

---

## אף חובב עמים (לג. ג.)

— רבונו של עולם — האָט דער רבי ר' זושא גע'טענה'ט צו גאָט — כאָטש דו ווייזט אַרויס אַזוי פיל ליבע צו די אומות העולם און האָסט אונז איבערגעגעבען אין זייערע הענט אריין, פונדעסטוועגען „כל קדשיו בידך", טרעטען מיר ניט אָפּ פון דיין אמונה. „והם תכו לרגליך", הגם מיר ווערען צוליב דיר געשלאָגען, געיאָגט און געטריבען, פאַרפאָלגט און געפייניגט, דאָך „ישא מדברותיך", טראָגען מיר דיינע הייליגע ווערטער און האַלטען כסדר אין זאָגען: תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב.

## יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל (לג. י.)

אויב דו ווילסט, רבונו של עולם, אַז די אידען זאָלען לערנען דיין תורה און משפטים, זאָלסטו זיי געבען פרנסה. ווייל „אם אין קמח אין תורה". (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

## אשריך ישראל מי כמוך (לג. כט.)

וואויל וועט דיר זיין ישראל, ווען דו וועסט שטאָלצירען מיט דעם „מי כמוך" — ווער איז נאָך גלייך צו דיר. דו ביזט אַ גרויסער מיוחס, אַ בן־מלך, אַ קרוב למלכות און דו וועסט דערפאַר פאַרשטעהן אַז פאַר דיר איז ניט שעהן אַרומצוגעהן פאַר'מרה־שחורה'ט, פאַרצווייפעלט אָדער אַריינפאַלען אין יאוש, אין רעזיגנאַציע דורך די אָפטע רדיפות, יסורים און פורעניות'ן וואָס דו האָסט אויסצושטעהן מצד שלעכט פאַרדאָרבענע און דעגענערירטע מענשען. „ואשר חרב גאותך" דיין שווערד אַנטקעגען דיינע שונאים וועט זיין די גאווה, וואָס דו וועסט מבטל מאַכען די נידעריגערע פון דיר און דו וועסט האָבען אמונה ובטחון אין מלך מלכי המלכים „עם נושע בד'" אַז סוף־כל־סוף וועט דיר גאָט קומען צו הילף און ווי אַ פאָטער רחמנות האָבען אויף זיינע קינדער. (ר' משה קאָברינער).

## וימת שם משה עבד ד' (לד. ה.)

צו וואָס די ווידערהאָלונג און דערמאָנונג אַז משה איז געוועזן אַן עבד ד'. מיר ווייסען דאָך דאָס שוין פון פריער?

— אויפ'ן פסוק „זאת הארץ אשר נשבעתי לאבותם" זאָגט רש"י, גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן „לך והודע לאבות שאני רוצה לקיים השבועה". אָט־דאָס דערצעהלט אונז די תורה, אַז משה איז ניט בלויז געווען אַן עבד ד' ביים לעבען, נאָר אפילו לאחר מותו, האָט ער מקיים געווען די מצוות וואָס גאָט האָט איהם געבאָטען. (אוהב ישראל).

---

„מי גבר יחיה ולא יראה מות" — האָט דער קאָצקער געטייטשט בלשון בתמיה — וועלכער מענש אין דער וועלט לעבט שטענדיג און מיידט אויס דעם טויט? ...

---

למה תמות בלא עתך? — על־פי רוב האָבען מענשען קיינמאָל נישט קיין צייט. ווען מ'רעדט צו זיי וועגען אַ וויכטיגען ענין בפרט נאָך ווען עס האַנדעלט זיך וועגען געלד ענינים, ענטפערען זיי שנעל — זיי זיינען שטאַרק באַשעפטיגט, האָבען אפילו קיין צייט נישט אויס־צוהערען. אָט די מענשען דאַרף מען פרעגען „למה תמות בלא עתך" און אַז דער מלאך המות וועט קומען וועלען זיי פאַר איהם יאָ צייט האָבען? אַזוי אַרום שטאַרבען מענשען תמיד פאַר זייער צייט. (ר' ברוך מעזשיבוזשער).

---

## ולא ידע איש את קבורתו עד היום הזה (לד. ו.)

ווייל ער איז באַגראָבען געוואָרען אינ'ם האַרץ פון יעדען איד. (ר"מ אַמשינאָווער).

---

עס האָט אַ חסיד אַמאָל געפרעגט ביי ר' הלל ראַדישיצער, די תורה דערצעהלט אונז וועגען פטירת משה, וואו ער איז געשטאָרבען, וועלכען אָרט מען האָט איהם מקבר געווען און נאָך דעם זאָגט די תורה „ולא ידע איש את קבורתו"?

— דאָס לערנט אונז די תורה דרך האמונה. הגם מיר ווייסען דאָס פלאַץ פון משה'ס קבר, מיר ווייסען אַלע סימנים, פונדעסטוועגען אַז די תורה זאָגט אונז „ולא ידע איש את קבורתו" מוזען מיר אַזוי גלויבען, אַז מיר ווייסען ניט פון משה'ס קבר כלל וכלל...

---

## ויהושע בן־נון מלא רוח חכמה כי סמך משה את ידיו עליו (לד. ט.)

פאַראַן מנהיגים וואָס רופען זיך בשם „רבי". לא־די זיי קענען

זיך גופא ניט פיהרען מכל־שכן זיי קענען אנדערע ניט פיהרען און זיי נעמען זיך די גדולה צו זיין מנהיגים. זיינען זיי ניט אזוי פיל שולדיג אין דעם ווייל דער יצר־הרע פון פיהרערשאפט איז ביים מענש זייער גרויס. גיכער שולדיג זיינען די וואס זיינען מוסמך, די דאזיגע מענשען וואס גיבען זיי תוקף ועוז צו רופען זיך „רבי" — זיי זיינען עתיד ליתן דין וחשבון. (ר' נחמן בראצלאווער).

---

עס איז א גרויסע סכנה צו זיין מפורסם און צו זיין א מנהיג. בפרט נאך ווען איינער איז ניט ראוי צו דעם און קליידט זיך אין א טלית שאינה שלו. אן איש מפורסם און מנהיג קען אין איין טאג באגעהן מעהר טעותים, וועה טאן מענשען און עובר זיין אויף מעהר מצוות וויפיל אן איש פשוט אין א גאנץ יאהר. (ר' נחמן בראצלאווער).

---

ר' אורי סטרעליסקער, באקאנט אין דער חסידישער וועלט אלס „דער שרף" האט זיך נוהג געווען אין זיין לימוד החסידות, דער עיקר יעדער גרויסער רב, יחסן, אנגעזעענער גביר, וואס איז געקומען צו איהם לערנען דעם דרך החסידות, האט ער ראשית־כל געהייסען בכבודו ובעצמו געהן אין מארק אריין מיט צוויי גרויסע הילצערנע וואסער קאנען און ברענגען פון מארק־ברונעם צוויי קאנען וואסער אין בית־המדרש אריין פאר דעם כיור.

---

## ולא קם נביא עוד בישראל כמשה (לד. י.)

א נביא וויפיל ער זאל בעטען ביי גאט פאר די אידען, זאל פאר איהם אלץ זיין וויניג און כסדר האלטען אין בעטען „עוד" — נאך און נאך. אזא נביא „לא קם בישראל". (ר' ישעיה'לע ראפשיצער).

---

## לכל־האותות והמופתים אשר עשה משה לעיני כל ישראל (לד. יא.)

כדי יעדער איד זאל מיט די אייגענע אויגען זעהן און איבערצייגט זיין אז „בראשית ברא אלהים" — אז השי"ת האט באשאפען הימעל און ערד און אלץ אויף דער וועלט. (ר' אשר הורוויץ).

---

## לעיני כל ישראל (לד. יב.)

די ראשי תיבות פון „לעיני כל ישראל" מאכען „כלי" וואס באַ־דייטען „כהנים", „לויים", „ישראלים". (משמרת איתמר).

---

„לעיני כל ישראל" — צוליב די עיני העדה, די אידען וואס וועלען לערנען די תורה וואס ווערט גערופען ראשית — ברא אלהים, האָט גאָט באַשאַפען את השמים ואת הארץ. (ר' שמריה אָסטראָווצער).

---

די תורה ענדיגט זיך מיט אַ „ל", הויבט זיך אָן מיט אַ „ב", צוזאַמען מאַכט דאָס „לב", היות די חז"ל זאָגען „רחמנא לבא בעי" איז „לב" כולל די גאַנצע תורה. (רבי מלובלין).

---

פונקט ווי אַן עלטערער מענש איז מצמצם זיין חכמה, ער פּאַסט צו זיין שכל צום פאַרשטאַנד פון אַ קליין קינד כדי דאָס קינד זאָל קענען תופס זיין און בענעמען דעם רעיון און געדאַנק וואָס ווערט איהם דערקלערט: פונקט ווי אַ לעהרער, ווען ער דערקלערט זיין תלמיד אַן ענין, מעג דער רעיון זיין אַ שווערער און טיפער, באַמיהט זיך דער לערער אַראָפּצוברענגען זיין שכל, זיין פאַרשטאַנד פון דער הויכער מדרגה צו דער מדרגה און פאַרשטאַנד פון תלמיד כדי דער תלמיד זאָל איהם קענען תופס זיין און פאַרנעמען, אַזוי האָט השי"ת מצמצם געווען זיינע כחות, האָט איינגעצוימט זיין אומענדליכע שעפערישע ענערגיע בעת בריאת העולם כדי צו באַשאַפען די וועלט און האָט די כחות פון צמצום אַריינגעגעבען אינ'ם מענשליכען הארץ. (תולדות).

---

עיקר תפילה איז בלב. אַ מענש קען אַמאָל מתפלל זיין מיט אהבה און יראה און גרויסער התלהבות אָהן שום באַוועגונג אַז אַנדערע מענשען זאָל זיך אויסדוכטען, אַז ער איז מתפלל אָהן שום דביקות, אָבער אין אמת'ן איז דאָס ניט אַזוי. דער מענש קען מיט גרויס אהבה און יראה מתפלל זיין מיט זיין נשמה און הארץ און די דאָזיגע תפילה איז פיל בעסער און גרייכט גיכער צום בורא יתברך, ווי תפילה וואָס ווערט אויסערליך געזעהן דורך באַוועגונגען פון די אברים. (בעש"ט).

---

בשעת התפילה דאַרף אַ מענש האָבען אין מחשבה אַז קיינער, חוץ איהם און השי"ת איז ניטאָ. ער דאַרף זיך אַזוי מבטל זיין, אַז

ער אַליין זאָל זיך ניט פיהלען. אויב ער דאַווענט און הערט אַ צווייטען דאַווענען איז דאָס תפילה בלא כוונה. (רבי נחמן בראַצלאַווער).

---

וכשאתה מתפלל אל תעש תפלתך קבע אלא רחמים ותחנונים — בעת דעם דאַווענען טאָר אַ מענש זיך ניט איינ'עקשנ'ען און פאַרלאַנגען פון השי"ת אַז ער מוז דערפילען זיין בקשה. דאָס איז גלייך ווי ער וואָלט געפאָדערט אַ זאַך בחזקה, וואָס איז פונקט ווי גזלה. אַ מענש דאַרף בעטען ביים רבש"ע ברחמים ובתחנונים וועט גאָט דערפילען זיין בקשה איז גוט, ואם לאו — לאו. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

---

## חזק־ונתחזק!

אַז דו וועסט זיך שטאַרק אָנשטרענגען צו דערגרייכען אַ ציל אָדער מדרגה איינ'ם לעבען „ונתחזק", וועט מען דיך מן השמים שטאַרקען און דיר מיטהעלפען. (ר' זאב זבאַריזשער).

# ימים טובים

## ראש השנה

„וידבר משה את מועדי ה׳ אל בני ישראל״ — משה רבינו האָט די ימים טובים אַריינגערעדט אין די הערצער פון די אידען. (רבי ר׳ בונם).

---

ערב יום טוב איז יעדער איד מחויב צו זיין אַ מרבה בצדקה, מחמת צדקה איז גורם שמחה און הרחבה, פיהרט דעם מענש אַרויס פון זיין וואָכעדיגקייט און דערהויבט איהם צו יום־טוב׳דיגקייט. (ר׳ נחמן בראַצלאַווער).

---

ר׳ יחיאל מאיר גאָסטאַנינער פלעגט זיך נוהג זיין, יעדען ראש־חודש נאָכ׳ן דאַווענען טרינקען בראַנפען און זיך משמח זיין מיט די מתפללים. האָט מען איהם איינמאָל געפרעגט דעם טעם וועגען זיין התנהגות, האָט ער אַזוי געענטפערט:

— ווען עס קומט אַ נייער חודש, זיינען אידען פאַר׳דאגה׳ט, זיי שרעקען זיך, ווער ווייסט וואָס דער נייער חודש וועט ברענגען? האָט דוד המלך גע׳עצה׳ט „נדחי ישראל יכנס״ מאַכען די ראשי תיבות „יין״. ווען אידישע הערצער זיינען פאַראומערט, איז אַ גלעזעל משקה מסוגל אויפצומונטערען און צו דערפרישען די פאַרביטערטע און פאַר־שטויסענע אידישע הערצער.

---

„ההופכי הצור אגם מים״ — רבונו של עולם, האָט דער „אוהב ישראל״ געבעטען ביי גאָט — „ההופכי״, אַז דו ווּעסט איבערקערען דעם „הצור״, וועט עס מאַכען „רוצה״, וועלען די ראשי תיבות מאַכען „ראה והתקין צורת הלבנה״, די אידען וואָס לעבען מיט׳ן חשבון פון דער לבנה. וועלען דעמאָלט מקויים ווערען די ראשי תיבות פון די ווערטער „אגם״ „אָבדו גוים מאַרצו״, „מים״ „מגדול ישועות מלכו״.

---

חודש אלול איז פאַר אונז ווי פאַר אַ מיליטער מאַן פאַר׳ן געהן

אין מלחמה אריין. מיר האבען צייט פארצובריייטען אונזערע כלי־זיין, מאכען די נויטיגע הכנות פיר וואכען פאר ראש־השנה. (רבי אלימלך).

---

ימים נוראים האט דער בעש"ט מזהיר געווען דעם עולם מתפללים, זיי זאלען זיך ניט סומך זיין אויף דעם בעל־תפלה, אז ער וועט אויס־בעטען פאר זייערע חטאים א גוט יאר. ער האט זיי געגעבען א משל:

— איינמאל איז דער מלך פון די חיות אין וואלד אין כעס גע־ווארען, האבען די חיות זיך פארזאמעלט און גע'עצה'ט, ווער עס זאל געהן איבערבעטען דעם מלך. האט דער פוקס זיך אפגערופען: אזוי ווי איך בין קלוג און קען דריי טויזענט משלים, וועל איך געהן.

אז אלע האבען מסכים געווען אז דער פוקס זאל זיין דער שליח ציבור, האט דער פוקס חרטה געקראגען. ער האט פארגעסען — האט ער גע'טענה'ט — זיין גאנצע חכמה און אלע משלים און גלויבט דעריבער, אז יעדער באזונדער זאל אליין געהן צום מלך איהם איבער־בעטען.

— פונקט אזוי, האט דער בעש"ט געזאגט, איז מיט די בעלי־תפילות ימים נוראים, קיינער דארף זיך ניט סומך זיין אז זיי וועלען פאר זייערטוועגען איבערבעטען דעם מלך. נאר יעדער באזונדער דארף זיך משתדל זיין בפני עצמו איבערצובעטען דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא.

---

## אם כבנים ואם כעבדים

ווען צווישען אידען הערשט שלום און אחדות זיינען זיי בנים למקום, ווען צווישען זיי הערשט פירוד, צעשפליטערונג און מחלוקת, זיינען זיי בבחינת עבדים. (רמ"ל לענטשנער).

---

## באין מליץ יושר

דער מענש וואס ווייסט אז ער איז א זינדיגער און בעט ביים רבונו של עולם מחילה וסליחה אויף זיינע חטאים, אט דאס גופא וואס ער האלט זיך פאר „אין" — פאר גאר נישט, איז פאר איהם א מליץ יושר. (בערדיטשיווער).

---

## אני ישנה ולבי ער

פונקט אזוי ווי ווען א מענש שלאפט, קלאפט זיין הארץ, אזוי איז אין יעדען מענש אינסטינקטיוו פאראן א פארבארגענע נקודה, וואס

איז דער קווינטעסענץ פון מענשליכען לעבען, וואס איז אפט מעורר, קלאפט, וועקט, און רופט פון שלאף און אט דאס איז דער „קול דודי דופק". (רבי ר' בער).

---

דער טייטש פון ווארט „חרטה" איז אויסקריצען. חרטה איז נאר דאן אמת, ווען דאס שלעכטע ווערט אינגאנצען אויסגעקריצט פון הארצען און ווערט אינגאנצען אויסגעמעקט. (ר' יחיאל מאיר גאסטינינער).

---

## הבא לטהר מסייעין אותו, הבא לטמא פותחין לו

דער מענש וואס קומט צום שכל אז אלע ערדישע תאוות, גשמיות'דיגע תענוגים באצוועקען בלויז צו פארבלענדען די אויגען פון מענש כדי איהם ארונטערצופיהרען פון דרך הישר, צו פאראומרייניגען זיין גוף און נשמה, און דער מענש פארלאזט דארום דעם פארדארבענעם עולם־הזה'דיגען דרך און געהט בדרך־האמת. היות, די חז"ל זאגען „אמת יש לו רגלים", דעריבער „הבא לטהר" דער וואס קומט זיך רייניגען פון קערפערליכע תאווה'דיגע אומרייניגקייטען, „מסייעין אותו" — העלפט מען איהם מיט די פיס פון אמת, ער זאל געהן בדרך הישר און ווערען אן אמת ערליכער איד.

„הבא לטמא" — דאגעגען דער מענש וואס לאזט זיך אריין אין הולטייעווען זעטיגט זיין תאווה מיט קערפערליכע תענוגים, לאזט זיך ארונטער אין תהום פון עולם־השקר, פאראומרייניגט זיין גוף און נשמה. היות די חז"ל זאגען „שקר אין לו רגלים", קען ער דאך ניט געהן, „פותחין לו", עפענט מען פאר איהם דעם תהום פון שלעכטיגקייט און פארדארבענקייט אויב ער וויל, קען ער ארונטערשלייכען אין פינסטערען תהום פון עולם־הזה'דיגער תאווה און טיף דארט איינזינקען. (רבי מלובלין).

---

דער דרך פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער איז כידוע תמיד געווען מלמד זכות צו זיין אויף אידען, ער האט אפט אידישע חסרונים אויסגעטייטשט פאר מעלות. איינמאל ראש־השנה האט ער דעם שארף מוסר'דיגען פסוק אין ישעיה „הוי גוי חוטא" אויף אזא מליץ יושר'דיגען אופן אויסגעטייטשט.

—„הוי גוי חוטא", אידען זיינען א פאלק וואס פארפעלען און דערוויטערען זיך פון אלע תאוות רעות שבעולם. „עם כבד עון" — א פאלק וואס איז זעהר שווער צו זינדיגען. „זרע מרעים" קינדער וואס זיינען צו יעדען איינעם פריינד. „בנים משחיתים", קינדער

וואָס פאַרדאַרבען זייער נפש כדי צו טאָן דעם רצון הבורא, „עזבו את ד'" — ווען זיי פאַרלאָזען אַמאָל דעם רבונו של עולם, „נאצו את קדוש ישראל" — זיי דערצאָרענען אַמאָל הקדוש ברוך הוא, „נזורו אָחור" — האָבען זיי תיכף חרטה, קערען זיך באַלד צוריק צום אויבערשטען און טוען תשובה.

## כל המרחם על הבריות מרחמים עליו מן השמים

ווען איין מענש איז זיך מרחם אויפ'ן צווייטען, האָט אויך איהם רחמנות, טוט איהם טובות, האָט מען אויך אין הימעל אויף איהם רחמנות. ווייל די מליצי יושר טענה'ן פאַר'ן כסא הכבוד, אויב אַ בשר ודם האָט רחמנות אויף אַ מענש, דאַרף דאָך השי"ת וואָס איז מלא רחמים אוודאי זיך אויף איהם מרחם זיין. (טשאַרטקאָווער).

## כי זוכר כל הנשכחות אתה הוא מעולם

הקב"ה געדענקט דאָס וואָס דער מענש פאַרגעסט און געדענקט ניט דאָס וואָס דער מענש פאַרגעסט נישט.

למשל, אַז אַ מענש טוט אַ גוטע זאַך, געהט אַרום כסדר און באַריהמט זיך, האַלט אומאויפהערליך אין דערצעהלען וועגען דאָס גוטע וואָס ער האָט געטאָן, געדענקט דאָס ניט דער רבונו של עולם, ווייל הקב"ה „זוכר כל הנשכחות" — גוטס וואָס דער מענש האָט געטאָן און האָט תיכף פאַרגעסען. דאַגעגען אַז דער מענש טוט גוטס, פאַרגעסט דאָס מאָמענטאַל, רעדט ניט און דערצעהלט ניט קיינעם וועגען דעם, איז הקב"ה „זוכר כל הנשכחות" — געדענקט דאָס דער רבונו של עולם. (רבי מלובלין).

## כל השערים ננעלים חוץ משערי דמעות

פונדעסטוועגען קומען אויך די טרערען אָן גאַנץ שווער דורכצוגעהן די פאַרשלאָסענע טויערען פון הימעל, ווייל זיי קומען פון עצבות, מתוך שמחה אָבער, קענען זיי דורכלעכערען אַלע פאַרשלאָסענע און פאַרריגעלטע טויערען. (רמ"ל סאַסעווער).

## למשפטיך יעמדו היום כי הכל עבדיך

—רבונו של עולם — האָט ר' לוי יצחק בערדיטשיווער גע־טענה'ט צו גאָט — דיין פאָלק ישראל שטעהט תמיד פאַר'ן משפט

העולם. אַלע צרות, יסורים, עינויים, גזירות, פאַרפאָלגונגען און דער־נידעריגונגען וואָס זיי לײַדען, איז דאָס אַלץ צוליב „כי הכל עבדיך" — ווײַל זיי זײַנען דײַנע קנעכט, האָבען אמונה נאָר אין דיר.

## אַל תשליכנו לעת זקנה

ניט בלויז פיזיש וואָס די זקנה איז גורם אַז דער קערפּער זאָל אָפּגעשוואַכט ווערען, נאָר אויך רוחניות'דיג, גײַסטיג „אַל תשליכנו לעת זקנה". (דגל מחנה אפרים).

## שערי דמעות לא ננעלו

פאַראַן טרערען פון תשובה, איינער וויינט אויף זײַנע חטאים, טרערען בײַם דאַווענען „לפני ה' ישפוך שיחו". איינער בעט בײַם רבש"ע ער זאָל מצליח זײַן צו קענען געבען צדקה. אַט די דאָזיגע דרײַ טויערען פון טרערען — תשובה, תפלה, צדקה, ווערען קיינמאָל ניט פאַרשלאָסען און האָבען דעם כח פון מעבירין את רוע הגזירה. (ר' ישראל מאָדזשיצער).

## אחת שאלתי מאת ה'

דאָס וואָס איז איינס — די נשמה, „אותה אבקש", מעהר בעט איך גאָר נישט. (ר' ישראל ריזשינער).

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי'ן מלובלין פאַרוואָס ער שטעהט שפּעט אויף פון שלאָף.

— ווײַל איך האָב ביז שפּעט אין דער נאַכט געלערנט.

— פאַר וואָס געהט דער רבי נישט פריה שלאָפען, כדי אויפצו־שטעהן באשמורת הבקר און לערנען?

— דײַן עצה וואָלט געווען גוט — האָט איהם דער רבי מלובלין אָפּגעענטפערט, ווען איך זאָל זײַן זיכער, אַז איך געה בײַנאַכט שלאָפען, זאָג איך „בידך אַפקיד רוחי" און איך בין גאָר ניט אַזוי זיכער ווי דו, אַז צומאָרגענס וועל איך אָפּקריגען מײַן פקדון, עס קען דאָך זײַן אַז ניט, דערפאַר פאַרשטעהסטו, לערן איך יעדע נאַכט שפּעט אַרײַנצוכאַפּען נאָך עטליכע שעה תורה.

## סתרו יושר

אויב דער יושרביים רבש"ע איז פאַרבאָרגען, „עצתו אמונה", איז מיין עצה זאָלסט האָבען אמונה אין אַלץ, אַז וואָס השי"ת טוט, איז אמת ויושר. (ר' אורי סטרעליסקער).

---

ואתה — אתה ראשון ואתה אחרון און דו, רבש"ע, האָסט זיך גאָר ניט געענדערט, איז דאָס גאָר קיין חידוש נישט, מחמת „ואתה הוא" ווייל דו ביזט אַן אל חי וקים, „ושנותיך לא יתמו" — דיינע יאָהרען האָבען ניט קיין ענדע. דער חידוש איז נאָר „בני עבדיך ישכונו" וואָס דיינע קינדער, די אידען, האָבען פון די אָבות צייטען עד היום זיך ניט געענדערט „וזרעם לפניך יכון" און זייערע קינדער זיינען ביז היינט פאַרבליבען דיינע געטרייע דינער. (ר' מאיר'ל פרעמישלאַנער).

---

## כי עמך הסליחה למען תורא

ווען דער רבונו של עולם וואָלט דעם חוטא ניט מוחל געווען זיינע עונות וואָלט יעדער מענש וואָס האָט געטאָן אַ חטא געטראַכט ביי זיך — סיי ווי בין איך אַ חוטא, מיינע עבירות וועלען ניט פאַרגעבען ווערען, מיין חלק עולם הבא האָב איך סיי ווי פאַרשפּילט, לאָמיך כאָטש הנאה האָבען פון די תענוגי עולם הזה און וואָלט דאַן אומאויפהערליך געהאַלטען אין זינדיגען.

היות דורך תשובה און מעשים טובים איז דער אויבערשטער מוחל דעם מענש זיינע עבירות, קען יעדער מענש נאָך דעם ווי ער האָט געזינדיגט תשובה טאָן און מדרגה'ווייז ווערען אַן אמת'ער ירא־שמים, אָט־דאָס זאָגט דוד המלך „כי עמך הסליחה" מיט דיר, רבש"ע, איז די פאַרגעבונג, דו ביזט דעם חוטא מוחל זיינע עבירות „למען תורא" — כדי ער זאָל ווייטער מורא האָבען צו זינדיגען. (רבי מלובלין).

---

יעדער מענש דאַרף תמיד האָבען אין מחשבה אַז אַ צווייטער מענש געהט מיט איהם שטענדיג צוזאַמען, פאָלגט איהם נאָך וואוהין ער געהט און שטעהט, לאָזט קיין רגע פון איהם ניט אַרונטער קיין אויג. בשעת ער וועט עפּעס געהן טאָן, זאָל ער זעהן, אַז ער זאָל ניט דאַרפען זיין פּנים צודעקען מיט חרפּה פאַר'ן צווייטען מענש וואָס באַגלייט איהם, ער זאָל ניט דאַרפען זוכען אַ פּלאַץ וואו זיך צו באַהאַלטען —

אַז אַ מענש וועט אַרומגעהן מיט אַזאַ מחשבה, וועט ער קיינמאָל ניט זינדיגען. (רבי אלימלך).

---

נאָך דעם ווי דער רבי אלימלך האָט איינמאָל אויסגערעכנט אַלע זיינע חטאים וואָס ער איז פון זיין יוגענד אָן באַגאַנגען, האָט ער שטאַרק אָנגעהויבען ביטערען — נפשי, נפשי, נשמה מיינע, לויט דעם גרויסען חשבון חטאים ביזטו ניט ראוי צו עולם הבא. פונדעסטוועגען — האָט ער זיך אַליין געטרייסט — אפילו דו ביזט ניט ווערט עולם הבא וועט אָבער דער רבש"ע מיט דיר טאָן אַ חסד ווייל די גמרא זאָגט אין סוטה, הקב"ה איז מקיים די גאַנצע תורה. ער איז אַ מלביש ערומים, מנחם אבלים, טוט צדקה. איז דאָך קשה — עולם הבא איז דאָך ניט שייך קיין אכילה ושתיה, וועלכע צדקה קען דאָרט כביכול טאָן?

מיינט דאָס אַז דער רבש"ע וועט טאָן צדקה, צו געבען עולם הבא צו די מענשען וואָס זיינען ניט ראוי צו האָבען עולם הבא.

---

ווען די עסטרייכישע רעגירונג האָט דעם לאַנד געגעבען אַ נייע קאָנסטיטוציע, געבענדיג צו די אידען גרעסערע פרייהייטען, האָט ר' שלום בעלזער דאָס אויפגענומען מיט טיפען טרויער און צער.

— פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבען מיר דערפאַהרונג — האָט ער געזאָגט — און דאָס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז דאָרט וואו אידען געניסען פרייהייט, פיהלען ניט אימת־המלכות און טראָגען ניטט דעם עול מלכות המדינה, זיינען זיי אויך פריי פון עול־מלכות שמים, דאָס איז דער פירוש „מלכותם תכון מלכותך" — דורך דעם עול און אימה פון ערדישען מלכות, ווערט אויפגעהאַלטען דער עול מלכות שמים און ווען די אידען פיהלען זיך פריי אַלס בירגער אין לאַנד, וואַרפען זיי אַרונטער פון זיך דעם עול מלכות שמים און ווערען פרייע אידען.

---

## תקיעת שופר

„תקיעת שופר חכמה ואינה מלאכה" — גלאַט בלאָזען שופר איז קיין מלאכה נישט, דער עיקר חכמה איז די כוונה פונ'ם שופר בלאָזען. (ר'מ"ל לענטשנער).

---

ראש־השנה פאַר די תקיעות פלעגט דער יוד הקדוש זיך נוהג זיין אַריינצורופען אין זיין חדר מיוחד חסידים וואָס קענען שופר

בלאָזען, דערקלערען זיי די סודות און טיפע באַדייטונג פונ׳ם שופר בלאָזען און ווער ס׳איז וואוילגעפעלען אין זיינע אויגען, האָט ער אויס־דערוועהלט צו זיין דער בעל־תוקע.

דער רבי ר׳ בונם זייענדיג נאָך גאָר אַ יונגערמאַן האָט געהאַט גרויס חשק צו הערען פונ׳ם יוד הקדוש׳ס מויל וועגען דער באַדייטונג פון תקיעת שופר. אַז ס׳איז געקומען די צייט ווען דער יוד הקדוש האָט פאַררופען צו זיך אין חדר מיוחד אַלע וואָס קענען שופר בלאָזען, איז דער רבי ר׳ בונם אויך אַריינגעגאַנגען.

נאָכ׳ן דערקלערען די מצוה פון שופר בלאָזען און די טיפע באַדייטונג האָט דער יוד הקדוש דערקענט, אַז דער יונגערמאַן, דער רבי ר׳ בונם האָט מעהר פון אַלע פאַרזאַמעלטע פאַרשטאַנען, האָט ער איהם צוגערופען און באַשטימט איהם פאַר׳ן בעל תוקע.

— איך זאָל שופר בלאָזען? — האָט דער רבי ר׳ בונם אַ דער־שראָקענער אָפּגעענטפערט — איך בין ניט ראוי לאותה איצטלא און וועל זיך מודה זיין פאַר׳ן רבי׳ן, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געבלאָזען קיין שופר.

— פאַר וואָס ביזטו אַריינגעקומען אין מיין חדר אָהן רשות? — האָט דער יוד הקדוש פאַרדראָסיג געפרעגט דעם רבי׳ן ר׳ בונם — בעת איך האָב אויסדריקליך גערופען נאָר די וואָס קענען שופר בלאָזען. ווייסטו אַז דאָס הייסט גניבת הדעת?

— אַזאַ רמאות און גניבת הדעת געפינען מיר אויך ביי משה רבינו — האָט דער רבי ר׳ בונם געזוכט זיך צו פאַרענטפערען — ווען גאָט האָט געזאָגט משה׳ן ער זאָל געהן זאָגען פרעה׳ן, אַרויסצו־שיקען די אידען פון מצרים, האָט משה געפרעגט דעם רבש״ע „והיה כי יאמרו אלי בני ישראל מה שמו מה אומר אליהם״ נאָך דעם, אַז דער רבש״ע האָט איהם געזאָגט „אהיה אשר אהיה״, האָט משה ערשט געזאָגט „שלח נא ביד תשלח״ מחמת ער איז ניט מסוגל צו אַזאַ שלי־חות — „כי אני ערל שפתים״.

— טאַקע אמת ווי דו זאָגסט — האָט דער יוד הקדוש געהאַל־טען זיך אין בייזערען — זאָגט טאַקע באַלד דער פסוק „ויחר אף ה׳ במשה״, גאָט האָט פאַרדראָסען אויף משה׳ן.

אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך — האָט דער רבי ר׳ בונם תיכף אָפּגעענטפערט — די צייטען זיינען ניט געווען דיזעלבע. „ויחר אף ה׳ במשה״, איז דאָך געווען פאַר פסח, מילא פאַר פסח מאַכט זיך מען ווערט אין כעס, אָבער פאַר תקיעת שופר איז געוויס ניט די צייט פון פאַרדראָס און אַוודאי ניט די צייט פון כעס׳ן זיך...

## ובשופר גדול יתקע

אויב דער בעל תוקע איז אַ צדיק, אַ ירא־שמים, אַ גדול בתורה, הגם די תקיעות, די קולות וואָס קומען אַרויס פונ'ם שופר זיינען שוואַכע, ציטערנדיגע און אָפּגעהאַקטע, פונדעסטוועגען „מלאכים יחפזון וחיל ורעדה יאחזון" און דורך זיינע קולות לאָזען זיי וויסען אַלע הימלען: — „הנה יום הדין". (קאָצקער).

---

דער צדיק דאַרף גיכער ליב האָבען דעם רשע ווי דעם פרומען. ווייל דעם רשע מען זאָל דערווייטערען וועט ער פאַרלוירען ווערען אין זיין רשעות, דעם פרומען אַרויסווייזען נאָענטע התקרבות, וועט ער דורך דעם קריגען גאוות. (בערדיטשיווער).

---

— „רבונו של עולם", — האָט ר' לוי יצחק בערדיטשיווער איינ־מאָל גע'טענה'ט צו גאָט. דער דרך העולם פון סוחרים איז, אַז ווען זיי האָבען ניט קיין געלד צום האַנדלען אָדער דאָס געלד ווערט ווערטלאָז פיהרען זיי זייער מסחר בדרך חלופין. למשל, איין מדינה האָט אַ סך ווייץ, די אַנדערע מדינה פעהלט ווייץ, זי פאַרמאָגט אָבער אַנדערע פּראָדוקטען וואָס די ערשטע מדינה האָט ניט, בייטען זיךביידע מדינות מיט זייערע פּראָדוקטען און ביידע האָבען וואָס זיי נויטיגען זיך.

אַזוי דאַרפסטו, רבונו של עולם, זיך אויך נוהג זיין מיט דיין פאָלק ישראל. די אידען נויטיגען זיך שטאַרק אין דיינע פּראָדוקטען, מחילה, סליחה וכפרה, קיין געלד — מצוות ומעשים טובים, אייגצוהאַנדלען די דאָזיגע אַרטיקלען פאַרמאָגען זיי נישט. זיי האָבען אָבער אַנדערע אַרטיקלען לרוב וואָס הייסען חטא, עון ופשע, אַזעלכע סחורות וואָס דו, רבש"ע, פאַרמאָגסט לחלוטין ניט אין הימעל. דו נויטיגסט זיך אָבער אין זיי, ווייל אָהן זיי פאַרלירסטו דיינע מדות, „נושא עון ועובר על פשע".

היות אונזער סחורה איז עובר לסוחר — אַלע מענשען כאַפּען איהר און האַנדלען מיט איהר טאָג טעגליך, יעדע שעה, יעדע רגע, ולהיפוך איז מיט דיין סחורה, קיינער אין הימעל דאַרף ניט דיין סחורה — ווייל ווער דאַרף אין הימעל סליחה, מחילה וכפרה? ווי דער דרך העולם פון סוחרים בייטען זיי זיך מיט די סחורות און אַזוי ווי אונזער סחורה, חטא, עון ופשע, איז מעהר עובר לסוחר ווי דיינע, דאַרפסטו רבש"ע ווי עס פיהרט זיך צווישען סוחרים אונז צוצאָהלען, לכן זיי דו אונז מוסיף צו אונזער סחורה בני, חיי ומזוני, וועלען מיר

מסכים זיין צום סוחר׳שען אויסבייט און דער מסחר וועט געשלאָסען
ווערען...

---

רבונו של עולם — האָט ר׳ יחזקאלע קוזמירער אַמאָל געטענה׳ט
צו גאָט — אמת הדבר אַז מיר זיינען גרויסע בעלי חובות, מיר זיינען
דיר אַ סך שולדיג. דאַרפסטו זיך נוהג זיין מיט אונז ווי ס׳איז דער
דרך העולם צווישן סוחרים. ווען אַ סוחר זעהט אַז זיין קונה, וואָס איז
איהם אַ בעל־חוב, שטעהט שלעכט און האַלט ביים באַנקראָטירען, לאָזט
ער איהם ניט פאַלען, ער אונטערשטיצט איהם כדי ער זאָל זיך
אַרויפכאַפּען צוריק אין מסחר ער זאָל ביכולת זיין איהם צוריק צו צאָ־
לען דעם חוב. כך דאַרפסטו רבש״ע זיך נוהג זיין מיט אונז אידען.

מיר זיינען צו דיר גרויסע בעלי־חובות, „כתבנו בספר החיים״
גיב אונז קרעדיט אין דיין „ספר החיים״, אַ פריש ביסעל חיים און
דאָס דאַרפסטו טאָן ניט אַזוי פיל פאַר אונזערט וועגען ווי פאַר דיינעט־
וועגען „למענך אלהים חיים״. „למענך״ — כדי מיר זאָלען קענען
דיר אָפּצאָלען דיינע חובות מיט תשובה, מצוות ומעשים טובים.

---

„עננו״ — אַ מענש באַדאַרף בעטען ביים רבש״ע ענטפער מיר
מיט די אמת׳ע הילף „באמת ישעך״ — וואָס דו ווייסט, אַז זי קען מיר
העלפען. (ר׳ מאָטעלע טשערנאָבעלער).

---

„ה׳ אלהי שוועתי אליך״, — דורך דעם וואָס איך שריי און
בעט צו גאָט „ותרפאני״ — דאָס אַליין איז מיר צו רפואה. (רבי ר׳
ברוך מעזשיבוזשער).

---

אַ גאַנץ יאָר כאַפּט מען שנעל אַריין דאָס דאַווענען. „אם יום״
אויב אפילו איין טאָג אין יאָר יום כפור, „או יומיים״ אָדער די צוויי
טעג ראש־השנה „יעמוד״ דאַווענט מען לענגער. „לא יוקם״ בלייבט
מען ניט שטעהן פעסט ביי די תפילות „כי כספו הוא״ ווייל אפילו
דעמאָלט האָט דער מענש ניט אין מחשבה צו דערהויבען זיך גייסטיג
דורך די תפלות נאָר האָט דער עיקר אין זינען — געלד און פרנסה.
(רבי ר׳ בונם).

---

השי״ת גיט דעם רשע כח צו טאָן שלעכטס געגען זיין רצון און
אָט־דאָס איז דער גרעסטער פּלא פון דער בריאה און איהרע סודות
ווי עס ווערט דעם מענש געגעבען די מעגליכקייטען אויסצונוצען זייי־

נע כחות וואָס ער קריגט פון דער השגחה געגען דער השגחה, אזא סבלנות קען בלויז השי"ת אַליין האָבען און דער מענשליכער שכל קען דאָס ניט משיג זיין. (שפת אמת).

---

אמר הקב"ה פתחו לי פתח אחד של תשובה כחודו של מחט, ואני אפתח לכם כפתחו של אולם. — עס איז טאַקע געוועג די דער־עפענונג פון אַ קליינעם „פתח" אָבער זיין זאָל ער „כחודו של מחט" — ווי אַ נאָדעל שאַרף, דורכשטעכען דורך אין דורך. (קאָצקער).

---

ר' נפתלי ראָפּשיצער זייענדיג ראש־השנה ביים רבי'ן מלובלין האָט פאַרשפּעטיגט צו געהן צו תשליך מיט'ן רבי'ן. ווען דער רבי מלובלין איז צוריקגעגאַנגען פון תשליך איז ר' נפתלי ערשט גע־גאַנגען צו תשליך.

— וואוהין געהסטו? — האָט דער רבי מלובלין געפרעגט ר' נפתלי'ן?

— איך געה אויפהויבען דאָס וואָס דער רבי האָט ביים תשליך אַוועקגעוואָרפען...

---

די ראשי־תיבות פון „שופר" מאַכען „שורש פורה ראש ולענה". אפילו דער איד וואָס איז אינגאַנצען אונטער דער השפעה פון דער סטרא אחרא, קען ער בעת תקיעת שופר אַרויפכאַפּען זיך אויפ'ן דרך הישר. (יוד הקדוש).

# יום כפור

## והסר שטן מלפנינו ומאחרינו

אין פלוג איז דאָך קשה, פאַר וואָס בעטען מיר ניט „והסר שטן סתם" — דער שטן זאָל פון אַלע אונזערע זייטען אָפּגעטאָן ווערען, ניט דווקא „מלפנינו ומאחרינו"?

— כידוע, זאָגען די חז"ל, אַז „יום כפורים" און „יום הפורים" האָבען אין זיך אַ סך עהנליכקייטען ניט בלויז אין זייערע נעמען, נאָר אויך אין זייער תוכן, איבערהויפּט איז דער עהנליכקייט בנוגע דעם שטן המקטרג.

יום הפורים, ווען אידען זיינען זיך משמח, עסען און טרינקען, קומט דער שטן און טענה'ט פאַר'ן רבונו של עולם: — זעהסט היינט דיינע אידעלאַך, ראשם ורובם זיינען זיי אַריינגעטאָן אין דער אכילה ושתיה, טאַנצען און שפּרינגען און אין דיין תורה האָבען זיי אינגאַנצען פאַרגעסען.

דאָס זעלבע פּאַסירט ערב יום כיפור. כידוע זאָגען די חז"ל „כל האוכל ושותה בתשיעי כאילו מתענה תשיעי ועשירי". קומט דער שטן ערב יום־כיפור פאַר'ן רבונו של עולם און איז אַזוי מקטרג: — דו זעהסט היינט דיינע אידעלאַך ווי לוסטיג, פריילעך זיי זיינען, זיי עסען און טרינקען און האָבען אינגאַנצען פאַרגעסען אינ'ם אָנקומענ־דיגן יום הקדוש ונורא. דערויף ענטפערט אים דער רבש"ע, פאַר וואָס וואַרטסטו ניט ביז מאָרגען און דו וועסט זעהן מיינע אידען, אנשים, ונשים, וטף, וועלען אַ גאַנצען טאָג פאַרברענגען אין זייערע בתי־תפילות. זיי וועלען זאָגען שירות ותשבחות, תשובה טוען, בעטען סליחה, מחילה, וכפרה — ווידער בלייבט דער שטן אָהן לשון און האָט ניט וואָס אָפּצוענטפערען.

אָט דאָס בעטען מיר ביים רבונו של עולם. „והסר שטן מלפנינו ומאחרינו" — השי"ת זאָל פון אונז אָפּטהון דעם שטן וואָס קומט געגען אונז מקטרג זיין פורים און איהם אָנווייזען אויפן טאָג פון פאַר פורים — אסתר תענית. „ומאחרינו" — השי"ת זאָל פון אונז

אָפּטוהן דעם שטן המקטרג ערב יום כיפור און אָנווייזען איהם אויף דעם טאָג „מאחרינו”, אויף יום־הכפורים. (באַרדיטשיווער).

---

ערב יום כפור האָבען חסידים אַרומגערינגעלט ר׳ ברוך מעזשי־בושער און געבעטען אים, ער זאָל זיי מבטיח זיין אויפ׳ן נייעם יאָהר גוטס.

—גלויבט מיר — האָט ער זיי מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — איך אַליין האָב אויך ליב גוטס. ווען אויף דער וועלט זאָל זיין גוטס, וואָלט איך אַוודאי אייך דאָס צוגעזאָגט. „אך טעמו” — פאַרזוכט, „וראו” וועט איר זעהן „כי טוב”, אויב אויף דער וועלט איז פאַראַן גוטס איז דאָס נאָר „ד’” — דער רבונו של עולם, מער ניט.

---

## כי ביום הזה

דער טאָג גופא, יכפר עליכם איז מכפר אייערע זינד. אָבער אויף אייך אַליין איז מוטל „לטהר אתכם מכל חטאותיכם”. (ר׳ שלום בעלזער).

---

אַ דאָרפסמאַן איז אַמאָל ערב יום כפור גאַנץ פרי געקומען צו ר׳ מאיר׳ל פּרעמישלאַנער מיט אַ כפרה־האָן אונטערן פאַלע, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו קרייען.

— ווייסטו וואָס דער האָן שרייט? — האָט אים דער רבי ר׳ מאיר׳ל געפרעגט.

— ניין! — האָט אים דער ישוב׳ניק אָפּגעענטפערט.

— וועל איך דיר זאָגען וואָס דיין כפרה האָן שרייט צו דיר. ער זאָגט צו דיר אַזוי: „אני הגבר”, איך האָן, „ראה עני”, זעה מיין אומגליק און בראָך, „בשבט עברתו” אַ געבונדענער, „אותי נהג וילך”, מיך נעמט מיין בעל־הבית און פירט מיך צום שוחט „חשך ולא אור”, גאַנץ פרי ווען עס איז נאָך פינסטער. „אך בי ישוב” און ער טראַכט זיך אַז זיין גאַנצע תשובה איז בלויז אין מיר אָבהענגיג דורך דעם וואָס ער האָט מיט מיר געשלאָגען כפרה און וועט מיך לאָזען שעכטען האָט ער שוין אַלץ יוצא געווען און דאַרף שוין מער קיין תשובה ניט טאָן. זאָל ער וויסען „יהפוך ידו כל היום”, זאָל ער אפילו מיט מיר דעם גאַנצען טאָג אַרומדרעהען איבער זיין קאָפּ און שלאָגען מיט מיר כפרה, וועט אים גאָר ניט העלפען אויב ער אַליין, דער בעל־הבית וועט ניט מיט׳ן גאַנצען האַרצען תשובה טאָן און חרטה האָבען אויף זיינע באַגאַנגענע חטאים עונות ופשעים.

## על חטא שחטאנו לפניך ביצר הרע

און וועלכע עבירה איז דאָס ניט צוליב דעם יצר־הרע?

— כידוע איז דער יצר־הרע באַשאַפֿן געוואָרן בלויז אָנצורעדען דעם מענש צו זינדיגען, אָבער ער אַליין באַטייליגט זיך ניט אין דער עבירה. אָפטמאָל טרעפט אָבער, רעדט דער יצר־הרע איין דעם מענש, אַז דאָס וואָס ער הייסט אים טאָן, איז גאָר אַ מצוה, אַזוי אַרום ווערט דער יצר־הרע אַן אמת'ער שותף צו דער עבירה. שלאָגען מיר דערפאַר באַזונדער על־חטא ביצר הרע, וואָס מיר האָבען געזינ־דיגט בשותפות מיט'ן יצר־הרע. (ראַדאָמסקער).

---

## ובכן תן פחדך

„פחדך" באַטרעפט „112" פונקט וויפיל עס באַטרעפט „געלט". וואָלטען אידען אין די ימים נוראים ביים דאַווענען אין זינען געהאַט געלט בלויז ביים „תן פחדך" וואָלט נאָך ניט אַזוי שלעכט געווען. זיי האָבען אָבער ביים גאַנצען דאַווענען אין זינען געלט. ובכן געלט, פחדך געלט, אפילו לעשות רצונך בלבב שלם, איז אויך צוליב געלט. (ר' נפתלי ראָפשיצער).

---

יום כפור האָט אַ איד אַן עושר, אַ קמצן, וועלכער האָט געדאַ־ווענט אין בית־המדרש מיט ר' חיים צאַנזער שטאַרק געליטען פון דורשט. האָט מען געפרעגט ר' חיים צאַנזער, צי מעג מען אים געבען אַ טרונק וואַסער.

— על פי דין מעג מען אים געבען אַ לעפעל וואַסער.

אַז דער דורשט איז ביים איד ניט געשטילט געוואָרען און מען האָט ווידער געפרעגט דעם צאַנזער וואָס צו טאָן.

— זאָגט אים — האָט ר' חיים צאַנזער געזאָגט — אַז אויב ער וועט פאַר יעדען לעפעל וואַסער וואָס מען וועט אים געבען צו טרינ־קען באַצאָלען הונדערט גילדען, מעג ער טרינקען מעהר...

ווען דער איד האָט געהערט וואָס דער צאַנזער האָט געזאָגט האָט ער זיך באַרוהיגט און האָט מער ניט געוואָלט טרינקען.

---

כל־נדרי נאַכט האָט ר' שלום בעלזער נאָכגעפרעגט זיך אויב צווישען די מתפללים געפינט זיך אַ בראָדער שניידער. האָט מען אויפגעזוכט דעם שניידער און געברענגט פאַר'ן בעלזער.

— זאָג מיר — האָט אים ר' שלום בעלזער געפרעגט — וואָס איז דער טייטש פון פסוק „אם עונינו ענו בנו"?

— אַ פּלא, דער רבי זאָל ניט וויסען דעם פּשט — האָט דער בראָדער שניידער תמימות'דיג אָבגעענטפערט — „אם עונינו" אויב אפילו מיר האָבען געזינדיגט „ענו בנו" (אנו בני) זיינען מיר דייגע קינדער.

---

אַ דאָרפסמאַן האָט אַ מאָל געבעטען ר' מאיר'ל פּרימישלאַנער ער זאָל מתפּלל זיין פאַר זיינעם אַ בעל חוב, אַ גוי, וואָס איז נוטה למות, ווייל טאָמער שטאַרבט ער וועט זיין חוב בלייבען פאַרפאַלען.

— איצט פאַרשטעה איך דעם פּשט פון פּסוק „רפאה נפשי כי חטאתי לך", מיר בעטען ביי גאָט ער זאָל אונז היילען ווייל מיר האָבען געזינדיגט. איז מיר דער פּשט געווען קשה — אַז מיר האָבען געזינדיגט, פאַר וואָס זאָל ער אונז היטען?

— איצט פון דעם איד'ס בקשה פאַרשטעה איך שוין דעם פּשט פון פּסוק. אַז מיר האָבען געזינדיגט זיינען מיר דאָך גרויסע בעלי חובות, אַז מיר וועלען זיין געזונט און שטאַרק איז דאָ אַ האָפענונג, פריער אָדער שפּעטער וועלען מיר אונזערע חובות אָבצאָלען, מיר וועלען תשובה טאָן. אויב מיר זאָלען חלילה בעת אַ קראַנקהייט שטאַרבען, ווער וועט דעם רבש"ע אָבצאָלען אונזערע חובות?...

---

אַ דאָרפסמאַן, וועלכער פלעגט די ימים נוראים דאַווענען אין בית־המדרש פון בעש"ט האָט איינמאָל יום כפּור מיטגעברענגט זיין דערוואַקסענעם יונג וועלכער האָט קיין צורת אלף ניט געקענט. זייענדיג דער פאַסטוך פון זיין פאָטער'ס שעפּסען און בהמות האָט דער דאָרפס־יונג שטענדיג מיט זיך אַרומגעטראָגען אַ פייפערל מיט וועלכען ער פלעגט זיצענדיג אין פעלד אויספייפען פאַרשידענע מעלאָדיעס.

דעם גאַנצען פרימאָרגען איז דער דאָרפס־יונג אַ פאַרגאַפטער געזעסען מיט אויסגעשטאַרטע אויגען פון גרויס באַוואונדערונג נאָכגעפאָלגט דאָס כוונה'דיגע האַרציגע דאַווענען פון עולם. זיין האַרץ האָט געוויינט אין אים, אַלע דאַווענען, בעטען, וויינען פון סידורים, מחזורים און ער קען אַפילו קיין צורת אות נישט. האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין פייפערל.

— טאַטע — האָט ער בעת תפלת מוסף מיט האַרץ געווענדט זיך צו זיין פאָטער — איך האָב אין קעשענע מיין פייפערל, איך וועל געבען אַ פייף.

— זאָלסט דאָס ניט דערוועגען צו טוען — האָט אים דער פאָטער אָנגעשריען — דאָ איז ניט אין פעלד, דאָ איז גאָט'ס הויז.

האָט דער דאָרפס־יונג געשוויגען. די הייליגע יום־כפור׳דיגע אַט־מאָספערע וואָס האָט געהערשט אין בית־המדרש האָט אים אַלץ פאַר־כאַפּט, שטום אָן ווערטער האָט זיין גאַנצער גוף מיטגעדאַווענט מיט׳ן עולם.

בעת תפילת מנחה האָט דער דאָרפס־יונג דערפילט אַז דער רצון צו פאַראייניגען זיך מיט דער הייליגער עדה אידען אויסצו־דריקען אויף וועלכען אופן מיט׳ן מויל, רייסט זיך פון זיין גאַנצען קערפּער און ער האָט אַ צווייט מאָל געווענדעט זיך צו זיין טאַטען.

—דערלויב מיר טאַטע צו געבען איין פייף מיט מיין פייפערל.

האָט אים דער פאָטער גוט אָנגעשאָלטען און שטרענג מזהיר גע־ווען, אויב ער וועט דערוועגען אַרויסצונעמען דאָס פייפערל פון קעשענע, וועט ער אים דורס זיין.

בעת תפלת נעילה, ווען דער הייליגער עקסטאַז פון די מתפללים האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, האָט דער דאָרפס־יונג דערפילט אַז ער ווערט ממש צושפּאָרט. ער האָט ניט געקענט איינזיצען, זיין גאַנצער גוף האָט שטיל געיאָמערט, ער האָט געפילט, אויב ער וועט כאָטש ניט געבען איין פייף וועט ער אויף שטיקער צוזעצט ווערען. האָט ער אַ ריס געגעבען זיך פון זיין פאָטער, אַ כאַפּ געטאָן זיין פיי־פערל און מיט׳ן גאַנצען כח געגעבען אַזאַ שניידענדען פייף, אַז דער גאַנצער עולם מתפללים איז אויפ׳ן מאָמענט ווי פאַרגליווערט געוואָרען.

און איידער דער עולם איז געקומען צו זיך, איז דער בעש״ט צוגעגאַנגען צום דאָרפס־יונג, האָט אים ווי אַ פאָטער אַ קינד ליב־לעך אָנגענומען ביים האַנט און אוועקגעזעצט אים ביי זיין שטענדער.

נאָכ׳ן דאַווענען האָט דער בעש״ט דערצעהלט דעם עולם, אַז ער האָט בחוש געפילט די יסורים וואָס דער דאָרפס־פּאָסטוך לעבט אי־בער דעם גאַנצען יום־הקדוש, ווען ער האָט געזעהן און געהערט די תפלות ישראל און ער האָט ניט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט. ווי אַ פייער האָט דער ניצוץ הקדוש צוברענט זיך אין זיין האַרץ און געריסען זיך פון אים אַרויסצופלאַקערען צו פאַראייניגען זיך מיט דער עדה הקדושה. היות דאָס איינציגע וואָס ער האָט געקענט באַנוצען אַרויסצוברענגען אַ קול פון זיין מויל, איז געווען זיין פיי־פערל פון פעלד, האָט ער דאַרום געבעטען זיין פאָטער, ער זאָל אים דערלויבען צו געבען אַ פייף. וואָס מער זיין פאָטער האָט אים געשטערט, אַלץ גרעסער איז ביי אים געווען די תשוקה ממש עד כלות נפש. מיט זיין פייף אינמיטען תפלות נעילה וואָס איז געקומען אָן שום פניה פון זיין אויפריכטיג תמימות׳דיג האַרץ, האָט ער דורכ־

געשטורעמט אַלע עולמי עולמות און האָט אַרויפגעבראַכט אַלע תפילות תחת כסא הכבוד.

---

דער באַרדיטשעווער האָט איינמאָל מוצאי יום כפור דערציילט זיינע חסידים ווי ער האָט ביי דער עבודה יום כפור געהאַט אַ גרויסען ויכוח מיט'ן מקטרג: דער מקטרג האָט גע'טענה'ט: — פאַר וואָס פאַרלאַנגסטו פאַר די אידען אַזוי פיל מערער ווי ס'קומט זיי לויט דעם שכל. למשל איינער גנב'עט איין רובעל דאַרף ער אָבגעבען אַ רובעל, און אַ איד טאָמער טוט ער צדקה פאַר אַ רובעל פאַרלאַנגסטו מ'זאָל אים כאָטש גליקליך מאַכען. לויט דעם שכל דאַרף מען אים געבען פון הימעל ניט מער וויפיל ער האָט געגעבען.

האָב איך אים אַזוי געענטפערט: דאָס איז נאָר גערעדט געוואָרען ביי אַ גנב וואָס האָט בשעת דעם גנב'ענען געהאַט איין מחשבה ניט מצער צו זיין דעם נגנב, נאָר האָט זיך מתכוון געווען ממלא צו זיין די תאווה זיינע. אַזאַ גנב דאַרף טאַקע מער ניט צוריקצאָלען ווי איין רובעל. דאַגעגען דער איד וואָס גיט אַן אָרימאַן אַ רובעל צדקה איז דאָך זיין רצון צו דערהאַלטען דאָס לעבען פון אָרימאַן, דאַרף מען דעריבער פון הימעל זיין לעבען דערהאַלטען — געבען אים וואָס עס פעלט אים, בני, חיי ומזוני.

---

מ'האָט אַ מאָל געפרעגט דעם חידושי הרי"ם — פאַר וואָס האָט דער שלחן ערוך ניט קיין „הלכות תשובה" ווי דער רמב"ם?

— ווייל דער רמב"ם האָט געשריבען הלכות אַפילו אויף דינים וואָס זיינען ניט נוהג בזמן הזה; אָבער דער שולחן ערוך האָט געשריבען די דינים און הלכות וואָס זיינען נאָר נוהג בזמן הזה וכידוע טוט מען בזמן הזה ניט קיין תשובה...

---

## כי אתה סלחן לישראל ומחלן לשבטי ישורון

צו וואָס זיינען נויטיג די סוף־אותיות „נון". עס האָט דאָך געקאָנט שטעהן „סולח ומוחל"?

אויף דעם פסוק „רובץ תחת משאו עזוב תעזוב עמו", דרש'נט די גמרא עס שטעהט „רובץ" ולא „רבצן" איז אַזוי דער חילוק: „רבצן" מיינט „הרגיל בכך במי שדרכו לרבוץ תמיד פטורין ממצות עזוב תעזוב" — אַ מענש וואָס זיין שטייגער איז תמיד צו פאַלען אונטער זיין משא איז מען פטור פון דער מצוה עזוב תעזוב. „רובץ" מיינט אַ צופאַל, אַ טרעף, אַזאַ מענש איז מען מחויב צו העלפען.

איז אָט דערזעלבער חילוק צווישען די ווערטער „סלחן ומחלן" און „סולח ומוחל". ווען עס זאָל שטעהן „סולח ומוחל", וואָלט דער טייטש געווען, אַז השם יתברך איז מוחל אַ מענש זיינע עבירות נאָר ווען ער זינדיגט אַ מאָל דורך אַ צופאַל, אָבער אַז אַ מענש זינדיגט כסדר, אַפילו ער טוט צום סוף תשובה איז אים השי"ת ניט מוחל. שטעהט דעריבער „סלחן ומחלן" מיט סוף "נון", מיר זאָלען וויסען אַז אַפילו אַ מענש זינדיגט אַ סך, ווייל ער איז נעבאַך געוואָרען אַ רגיל בכך, אויב ער איז אָבער אַ חוזר בתשובה שלימה, האָט פון טיפען האַרצען חרטה אויף זיינע מעשים הרעים איז אים השי"ת מוחל אַלע זיינע עבירות. (ר' ישראל ריזשנער).

---

## כי ימינך פשוטה לקבל שבים

אַזוי ווי אויפ'ן וועג שטעהן אָנווייזונגען אין פאָרם פון אַ האַנט מיט אַ ציינ פינגער וואוהין צו געהן און צו פאָהרען, אַזוי ווייזט דער רבש"ע דעם וועג צו די זינדיגע זיי זאָלען תשובה טאָן, האַלט כסדר אין רופען זיי „שובו בנים שובבים". (ר' ישעיה ראָפשיצער).

---

## אם ישוב מיד תקבלו

יעדע זאַך האָט זיך איר צייט אין איר סעזאָן. זאַכען וועלכע מען וויל פאַרקויפען ניט אין צייט און ניט אין סעזאָן קומט אָן שווער. ניטאָ קיין סך קונים און דער קונה וואָס איז שוין גרייט צו קויפען איז איבערקלייבעריש, ער קווענקעלט זיך, דינגט זיך וועגען מקח — דער מוכר דאַרף אים איינרעדען, פשוט בעטען אים צו קויפען.

אַנדערש איז אָבער סעזאָן צייט. דאַמאָלסט איז דער קונה ניט מקפיד, אַלץ איז סחורה ס'פעלען ניט קיין קונים, אַלץ ווערט אויס־פאַרקויפט. מ'קוקט אפילו ניט צופיל אויף די קוואַליטעט פון דער סחורה. „תשובה" איז אַזאַ גאַנגבאַרע סחורה אין סעזאָן טאָג יום כפור אין הימעל. מען איז אין הימעל גאָר ניט מקפיד אויף די סחורה תשובה „אם ישוב", אויב איינער טוט נאָר תשובה, „מיד תקבלו", ס'איז די צייט, אין סעזאָן ווערט יעדע תשובה אָנגענומען... (ר' יצחק וואַרקער).

---

בידוע פלעגט ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער די ימים נוראים אַליין דאַווענען פאַר'ן עמוד. איינמאָל יום כפור ביי נאַכט, ווען ר' לוי יצחק האָט אָנגעהויבען זאָגען „סלח נא לעון העם הזה", איז ער פאַר'ן אויסרייען „ויאמר ה' סלחתי כדבריך" אַוועקגעגאַנגען

פונ'ם עמוד, איז צוגעגאַנגען צו אַ איד וואָס איז מיט'ן קאָפּ אָנגע־לעהנט געווען אויף אַ שטענדער און שטיל געוויינט.

— פאַר וואָס וויינסטו און קלאָגסט אַזוי, מיין זוהן?

— פאַר וואָס זאָל איך ניט וויינען? — האָט דער איד אַ צובראָ־כענער אָבגעענטפערט דעם באַרדיטשעווער — איך בין געזעסען אין אַ דאָרף, געמאַכט אַ בכבוד'יג לעבען, מקיים געווען מצות „הכנסת אורחים". ווער ס'איז אין מיין הויז אַריין אַ הונגעריגער איז אַרויס־געגאַנגען אַ זאַטער. מיין פרוי איז נאָך פרימער געווען פאַר מיר, זי פלעגט אַרויסגעהן אויפ'ן וועג, אויפזוכען דורכגעהענדע הונגעריגע אָרימעלייט, אַריינברענגען זיי אין שטוב, געבען זיי צו עסען און טרינקען און אַ נאַכט־לעגער. געהט ער (מיט'ן פינגער האָט ער אָנגעוויזען אויפ'ן הימעל) נעמט פון מיר אַוועק מיין טייערע פרוי. איז דאָס נאָך פאַר אים וועניג, פאַרברענט ער מיר מיין הויז מיט אַלע מטלטלים. בין איך געבליבען מיט זעקס קליינע קינדער בעירום ובחוסר כל. האָב איך געהאַט אַ גרויסען קרבן־מנחה סידור, וואָס דאָרט איז געשטאַנען כסדר פיוט מיט אַלע יוצרות, מען האָט גאָר ניט באַדאַרפט מישען, איז אָט דער סידור אויך פאַרברענט געוואָרען האָב איך אפילו ניט אין וואָס צו דאַווענען. נו, פרעג איך אייך רבי, קען איך אים דאָס אַלץ מוחל זיין?

האָט דער באַרדיטשעווער געהייסען אויפזוכען אַ סידור ווי דער דאָרפס־איד האָט געהאַט. אַז מ'האָט דעם סידור געבערענגט, האָט דער באַרדיטשעווער געלאָסען געמישט דעם סידור, נאָכ'ן איבערמישען דעם גאַנצען סידור, האָט ער אים געפרעגט:

— איז דער סידור דערזעלבער וואָס דו האָסט געהאַט, איצט ביסטו אים שוין מוחל?

— מילא, ס'איז דאָך היינט יום כפור, איך בין אים מוחל.

— דו הערסט רבונו של עולם וואָס דער איד זאָגט? — איז דער באַרדיטשעווער צוריקגעגאַנגען צום עמוד און אויסגעשריען — ס'איז היינט יום כפור, ער איז דיר מוחל, „ויאמר ה'", זאָג־זשע אויך דו צו אונז „סלחתי"! ...

---

איינמאָל יום כפור נאַכט פאַר „כל נדרי", איז דער קאזשעניצער מגיד געשטאַנען אַ לענגערע צייט אונאויפהערליך אויפ'ן קול גע־האַלטען אין וויינען און גאָר ניט געזאָגט. אויפ'ן עולם חסידים איז געפאַלען אַ גרויסע אימה — מסתמא האָט דער שטן מקטרג געקראָגען די אויבערהאַנד. פלוצים האָט דער מגיד אומגעקערט זיין פנים צום עולם און געפרעגט זיך:

— געפינט זיך אפשר צווישען עולם מתפללים אַ איד פון פּאָ־לאַווא. האָט זיך אָבגעזוכט אַ איד וואָס האָט געוואוינט אין אַ דאָרף נאָענט פון פּאָלאַווא און דער מגיד האָט אים געפרעגט:

— קאָנסטו דעם פּאָלאַווער פּריץ מיט זיין הונט?

— איך קען דעם פּריץ און אויך זיין הונט וואָס איז גרויס ווי אַ קאַלב, בילט קיינמאָל ניט און בייסט ניט.

— ווייסטו אפשר וואו דער פּריץ האָט גענומען זיין הונט?

— מ׳דערצעהלט אַז דער פּריץ איז אַמאָל געפאָרען אין מרחקים שפּילען אין קאָרטען. אויפ׳ן וועג האָט ער געקויפט דעם הונט פאַר 1200 גילדען, האָט ספּעציעל פאַר אים אויפגעשטעלט אַביידעל, האָט אים געשפּייזט מיט די טייערסטע מאכלים. איינמאָל האָט דער הונט אומגעריכט פאַרן פּריץ אַרויסגעכאַפּט פון זיין האַנט אַ שטיק פליישׁ, האָט דער פּריץ אויפ׳ן מאָמענט זיך שטאַרק דערשראָקען, איז אין כעס געוואָרען אויפ׳ן הונט, האָט ער צובראָכען זיין ביידעל, גוט אים אָנ־געשלאָגען און פאַרטריבען אים. דרעהט זיך אַרום דער הונט אין שטאָט אַ פאַרלאָזטער.

ווי דער איד האָט פאַרענדיקט דערצעהלען די מעשה האָט דער קאָזשעניצער מגיד מיט גרויס שמחה זיך אויסגעדרעהט צום עמוד, מיט גרויס חדוה אויסגעשריען בקול רם:

— נו, האָסט געהערט מלאך מיכאל! איצט מעג מען שוין זאָגען „כל־נדרי״.

מוצאי יום כפור האָבען חסידים געבעטען דעם מגיד, ער זאָל זיי דערצעהלען וואָס ס׳האָט פּאַסירט פאַר כל־נדרי. האָט זיי דער מגיד אַזוי דערצעהלט:

— פאַר כל־נדרי איז געוואָרען אַ שטאַרקער קטרוג אין הימעל אויף אידען. אין דער שטאָט מעכיוו אין שכנות פון קראָקאָ האָט געוואוינט אַ איד, אַן אָרימאַן, וואָס האָט געהאַט חתונה צו מאַכען אַ טאָכטער, אַ בוגרת. האָט די ווייב זיינע געצוואונגען אים ער זאָל זיך לאָזען איבער דער מדינה בעטלען נדבות כדי חתונה צו מאַכען זייער טאָכטער. בטבע איז דער אָרימאַן געוועזן אַ גרויסער בושת פּנים, ער האָט זיך ניט געקאָנט מכניע זיין צו בעטען ביי אַ בשר ודם אַ נדבה, איז ער געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און האָט, פאַרשטעהט זיך, קיין סך געלד ניט געזאַמעלט, ביז ער איז אָנגעקומען קיין פּאָלאַווא.

אין פּאָלאַווא האָט ער כמעט גאָר ניט געזאַמעלט. ווען ער איז אַרויס פון שטאָט אויף זיין וויטערדיגען וועג, האָט ער זיך הויך אויפ׳ן קול צעיאָמערט אויף זיין ביטערע מערכה. פּלוצלונג איז אָנגעפאָרען דער פּאָלאַווער פּריץ מיט זיינע שרים. דער פּריץ האָט געהערט דעם איד׳ס געוויין און האָט אים געפרעגט די סבה פון זיין וויינען

און ווען דער אָרימער איד האָט אים אַלעס דערצעהלט, האָט אים דער פּריץ געפרעגט, וויפיל געלט ער דאַרף האָבען חתונה צו מאַכען זיין טאָכטער.

— הונדערט רענדלאַך. האָט דער פּריץ תיכף אָנגעשריבען אַ קוויטעל צום קאַסירער פון פולאַוועך הויף ער זאָל דעם אידען אויס־צאָלען הונדערט רענדלאַך. דער איד האָט אפילו געמיינט, אַז דער פּריץ חוזק'ט פון אים, פונדעסטוועגען איז ער צוריקגעגאַנגען קיין פולאַווע און ווי איבערראַשט איז ער געוואָרען, ווען דער קאַסירער האָט אים טאַקע אויסגעצאָלט די הונדערט רענדלאַך.

איז צוליב דעם אין הימעל געוואָרען אַ שטאַרקער קטרוג אויף אידען. — סטייטש אין אַזוי פיל אידישע שטעט האָט דער אָרימאַן ניט געקענט צונויפזאַמלען גענוג געלט חתונה צו מאַכען זיין טאָכ־טער, און דאָ איז געקומען אַ גוי און האָט אים מיט איינמאָל גע־האָלפען. הנשמע כזאת? וואו איז דער אידישער רחמנות, דער „וכי ימוך אחיך"? דער שטן מקטרג איז צוליב דעם געוואָרען שטאַרק און איך האָב ניט געקאָנט זאָגען קיין כל־נדרי.

ווי כ'האָב געהערט די מעשה פון איד וועגען פּריץ מיט זיין הונט האָב איך געזאָגט צום אידישען מליץ יושר, צום מלאך מיכאל, אַז דעם פּריצ'ס געבען די הונדערט רענדלאַך דעם אָרימען איד איז ניט געווען מטעם רחמנות, אָדער צדקה, נאָר פּשוט'ע הולטאַייסטווא, וואָס דאָס מין געלד האָט בכלל ביי אים קיין באַטרעף נישט, אַ ראיה, אָט האָט ער להבדיל אויף אַ הונט אויסגעגעבען אַזאַ באַדייטענדע סומע געלד און שפּעטער צוליב אַ קאַפּריז אים פאַרטריבען.

אַז דער מלאך מיכאל האָט די מעשה פון איד און מיין טענה אי־בערדערצעהלט פאַר דער פמליא של מעלה, האָבען זיי תיכף אנערקענט מיין טענה פאַר גערעכט, דער מקטרג איז אַנטלאָפען און ערשט דאמאָלט האָב איך געקענט זאָגען „כל־נדרי".

---

ר' ישראל ריזשינער איז איינמאָל געקומען צו גאַסט צו ר' ברוך מעזשיביזשער. האָט דער מעזשיביזשער געהייסען מכין זיין אַ גרויסע סעודה לכבוד דעם גאַסט. דער ריזשינער פלעגט זייער ווייניג עסען, ביי דער סעודה האָט ער באַמערקט אַז אויך דער רבי ר' ברוך עסט זייער ווייניג, איז בלויז טועם עפּעס פון יעדען מאכל. דער ריזשינער וויסענדיג אַז דעם מעזשיביזשער'ס התנהגות אין ענין אכילה איז כאחד האנשים, איז אים די איצטיגע אויפפירונג פון מעזשיבעזשער געווען אַ גרויסער פלא און ער האָט אים געפרעגט:

— פאַר וואָס עסט איר היינט אַזוי ווייניג. איר האלט דאָך מיט דער מיינונג אַז דאָס עסען איז במקום קרבנות, יעדער ביסען איז נחשב פאַר אַ באַזונדערען קרבן, אָבער מיט אייער היינטיג ווייניג

עסען מינערט איר דאָך די טעגליכע קרבנות און דאָס איז אַ הפסד־גדול.

האָט אים דער מעזשיביזשער מיט אַ שמייכל אַזוי אָפּגעענט־פערט.

— שבת קודש, כידוע איז אַ שטענדיגער גאַסט, קומט איינמאָל אין יעדער וואָך און מיר זיינען אים מכבד במאכל ובמשתה. יום טוב, וואָס קומט צוגאַסט עטליכע מאָל אין יאָר, הייסט דער שבת קודש לגבי דעם יום טוב דער בעל־הבית און יום טוב דער אורח. מאַכט זיך אַ מאָל אַז דער אורח, יום טוב, קומט צום בעל־הבית, שבת, איז דער בעל־הבית מכבד דעם אורח מיט אַ ספּעציעלען מאכל אָדער משקה.

מאַכט זיך אָבער אַמאָל אַז צום בעל־הבית קומט אַן אורח וואָס איז גרעסער פאַר'ן בעל־הבית — יום כפור געפאַלט אין שבת קודש, מיט וואָס קען דער בעל־הבית, שבת, מכבד זיין דעם אורח הגון יום כפור? וואָס פאַר אַ חשיבות משטיינס געזאָגט האָט פאַר אַזאַ גרויסען אורח נאָך אַ מאכל אָדער משקה? איז אים דער בעל־הבית מכבד מיט דעם וואָס ער גופא איז זיך אינגאַנצען מבטל לכבוד דעם אורח. ד. ה. הגם די התנהגות פון בעל־הבית איז צו עסען און צו טרינקען, נאָר לכבוד דעם אורח'ס וועגען ווייל דער אורח עסט ניט, עסט דער בעל־הבית אליין אויך נישט.

---

## כי הנה כחומר ביד היוצר

פון ליים מאַכט מען ציגעל. מיט ציגעל קען מען בויען פּאַלאַצען, און מען קאָן בויען תפיסות. „כן אנחנו בידך", אַזוי רבונו של עולם זיינען מיר אין דיין האַנט. מיר זיינען דאָס ליים, דו קאָנסט, ווען דו ווילסט אויפשטעלען פון אונז אַ הערליכען בנין, וואָס זאָל באַשיינען די וועלט און דו קאָנסט אויב דו ווילסט מאַכען פון אונז תפיסות, מיר זאָלען זיין צו שאַנד און שפּאָט בין האומות — ווי דו ווילסט אַזוי קאָנסטו פון אונז מאַכען. (ר' זישא האניפּאָלער).

# סוכות

## בסוכות תשבו שבעת ימים למען ידעו דורותיכם

דאָס וואָס מיר זיצען אין סוכה אין חודש תשרי לזכר יציאת מצרים און ניט אין ניסן, איז געדרונגען פונ'ם אויבענדערמאָנטען פסוק.

פון דעם פסוק זעהען מיר, אַז זיצען אין סוכה דאַרף מען האָבען דעת, ניט סתם זיצען, נאָר וויסען און באַגרייפען די באַדייטונג פון „לישב בסוכה". ניסן צייט איז דאָס אונמעגליך. מען דאַרף צוגרייטען פאַר פסח, דער קאָפּ איז פאַרדרעהט, מען איז פאַריאָגט, פאַרהאַוועט און ווי דער שטייגער אין געלאָף פונ'ם לעבען זינדיגט מען „ואין אדם חוטא אלא אם כן נכנס בו רוח שטות" איז דאָך שוין ניט מעגליך קיין דעת.

נאָך יום כפור אָבער ווען אונזערע עונות ווערען פאַרגעבען, דער קאָפּ איז קלאָר, די מחשבות לויטער ריין, דאַמאָלט האָבען מיר דעת און היות סוכות איז „ראשון לחשבון עונות" באַגרייפען מיר די גרויסע באַדייטונג פון דער מצוה לישב בסוכה, האָט דערפאַר די תורה געהייסען אונז מאַכען סוכות אף שלא בזמנו... (חידושי הרי"ם).

---

## ולקחתם לכם ביום הראשון — ראשון לחשבון עונות

אויב אין די ימים נוראים קען זיין אַז די תשובה פון אידען איז מיראה, אַז ס'קומט סוכות און אידען לויפען מקיים זיין מצות סוכה זעהט מען אַז די תשובה איז מאהבה און ביי תשובה מאהבה זאָגען די חז"ל ווערען די פריערדיגע עבירות פאַררעכענט פאַר זכיות, ממילא חשבונ'ט מען איבער די עונות אויף זכיות (באַרדיטשעווער).

---

אויב אַ איד טוט תשובה אים יום־כפור און פילט זיך אַזוי שפל־דיג אַז ער קען אין ערגעץ זיך ניט געפינען קיין אָרט, מאַכט אים השי"ת אַן אָרט אין „צל סוכה" — אונטער'ן שאָטען פון דער שכינה און באַשיצט אים פון אַלעם שלעכטען. (שפת אמת).

---

זיצענדיג אין סוכה, געשיצט פון די „ענני הכבוד", האָט מען צייט אָפּצוגעבען זיך אַ חשבון פון די עונות, באַרעכענען זיך ווי מען האָלט אין דער וועלט ווייל אַ גאַנץ יאָר האָט מען דאָך קיין צייט ניט און מען לעבט אָן חשבון. (חידושי הרי"ם).

---

## כל האזרח בישראל ישבו בסוכות

אפילו דער איד וואָס איז ניט מדקדק במצוות נאָר איז מקבל אויף זיך אַז מהיום והלאה וועט ער דינען השי"ת בכל לבבו ובכל נפשו, זאָגט אים צו דער פּסוק „ישבו בסוכות" — ער וועט זוכה זיין צו זיצען בסוכת עורו של לויתן. (ר' צבי פּאַריסאָוער).

---

מצות סוכה — האָט געזאָגט דער רבי ר' בונם — איז ביי מיר די באַליבטסטע מצוה, ווייל אין דער מצוה קען איך אינגאַנצען אריינ־געהן מיט מיינע קליידער און מיינע שיך.

---

## המצטער פטור מן הסוכה

כידוע איז סוכה אַן ענין ביטול. דער מענש איז זיך מבטל, פאַר־לאָזט זיין דירת קבע, איז מבטל אַלע זיינע באַקוועמליכקייטען, ציט זיך אַריין אין דער דירת עראי מקיים צו זיין מצות סוכה. דער מענש אָבער וואָס איז אַ מצטער, איז דאָך אַ סימן אַז ער באַזיצט ניט אין זיך דעם כח הביטול ווייל ווען ער וואָלט זיך מבטל געווען, וואָלט ער דאָך ניט געווען קיין מצטער, איז דאַרום אַזאַ מענש פּטור מן הסוכה. (קאָצקער).

---

## ושמחת בחגך

אַפילו בעת צרה זאָלסטו יום טוב מקבל זיין בשמחה ובאהבה און זיך משמח זיין. (ר' אהרן קאַרלינער).

---

גרויס איז מצות סוכה, ווייל זי איז אַ שמירה פאַר אַ גאַנץ יאָר. (ר' וואָלף סטריקאָווער).

---

דעם ערשטען טאָג סוכות האָט זיך צווישען חסידים אין ראַפּשיץ פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ר' נפתלי ראַפּשיצער האָט די ערשטע נאַכט סוכות געהאַט גילוי אליהו.

ווען דער קלאַנג האָט דערגרייכט דעם רבין ר' נפתלי, האָט עס

אים שטאַרק פאַרדראָסען, היות ער איז געווען אַן איש אמת, האָט ער ניט געקענט סובל זיין, אַז צווישען עולם חסידים זאָלען זיך פאַרשפּרייטען פאַנטאַסטישע אויסטראַכטענישען, האָט ער בין מנחה למעריב צוגע־רופען עטליכע פון זיינע מקורבים און האָט זיי געזאָגט: „איר זאָלט וויסען אַז דער קלאַנג וואָס האָט זיך צווישען חסידים פאַרשפּרייט אַז איך האָב געהאַט די ערשטע נאַכט סוכות גילוי אליהו, איז אַ שקר מוחלט. ראשית ווי קום איך זוכה זיין צו גילוי אליהו?, השנית ווי קומט עס צו אַייך איר זאָלט גלויבען אויף מיר אַזאַ זאַך?"

— ס'טייטש רבי — האָט איינער פון די מקורבים אים אָפּגע־ענטפערט — ס'איז דאָך פאַראַן אַן עד נאמן וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם רבינ'ס סוכה און האָט קלאָר געהערט ווי דער רבי האָט מיט וועמען געשמועסט אין סוכה און אַז דער רבי איז אַליין געווען אין סוכה, מיט וועמען דען האָט דער רבי געקענט שמועסען אויב ניט מיט אליהו הנביא?

— שוטים! — האָט ר' נפתלי ראָפּשיצער מיט אַ שמייכעל אים אָפּגעענטפערט — די נאַכט איז געווען אַ פראָסטיגע. איך האָב איינגאַנצען געציטערט פון קעלט, האָב איך צו זיך אַליין גערעדט. נפתלי, ווי לייגט מען זיך דאָ שלאָפען? מען קען דאָך דאָ פּשוט פאַר־פרוירען ווערען, און אָט דאָס הייסט ביי אייך גילוי אליהו...

---

אַ חסיד האָט אַ מאָל זיך מתנצל געווען פאַר'ן רבין ר' בונם אַז ער האָט געפאַסט אַזוי פיל תעניתים ווי ס'ווערט געבראַכט אין די ספרים הקדושים כדי זוכה צו זיין צו גילוי אליהו און עד־היום האָט אליהו הנביא זיך צו אים ניט באַוויזען. האָט אים דער רבי ר' בונם געענטפערט מיט פאָלגענדער מעשה.

דער בעל שם טוב הקדוש האָט אַ מאָל באַדאַרפט מאַכען אַ ווייטע נסיעה. אָפּפאָרענדיג אַ שטיקעל צייט האָט דער בעש"ט איינ־געזעהן אַז ער וועט ניט גרייכען דאָס פּלאַץ אין דער באַשטימטער צייט וואָס ער דאַרף, האָט ער גאָט געבעטען ער זאָל האָבען קפיצת־הדרך און טאַקע באַלד האָבען די פערד ווי פייל פונ'ם בויגען געלאָזט זיך לויפען, זיינען געפלויגען ווי פויגלען אין די לופטען.

פאָרענדיג יאָרען אויף דעם וועג זיינען די פערד געוואוינט גע־ווען אָבצורוען זיך ביי די פאַרבייפאָרענדע קרעטשמעס און קריגען עסען, און דאָ פּלוצים לויפען זיי אַזוי שנעל פאַרביי די קרעטשמעס, רוען ניט, זיינען ניט הונגעריג, און פילען אפילו ניט די משא פון וואָגען. ניט אַנדערש האָבען די פערד נאָך אַ ישוב הדעת באַשלאָסען

ביי זיך, אַז זיי זיינען פֿאַרוואַנדעלט געוואָרען אין מענשען און אַזוי ווי מענשען עסען ביינאַכט ווען זיי קומען אין דער אכסניא וועלען זיי זיך אָברוען און עסען ווען זיי וועלען גרייכען די אכסניא.

אַז די פערד זיינען אויך די אכסניא ווי די פּאַסאַזשירען פלעגען תמיד אָבשטעלען זיך עפּעס טועם צו זיין דורכגעפלויגען, איז דאָס געוועזן פאַר זיי אַ גאָר גרויסע פּלא, ניט אַנדערש האָבען זיי באַשלאָסען, אַז זיי זענען מלאכים און מלאכים דאַרפען ניט עסען.

ווען דער בעש"ט האָט דערגרייכט דאָס באַשטימטע פּלאַץ און מען האָט די פערד אַריינגעשטעלט אין אַ שטאַל, אָנגעשאָטען פאַר זיי אַ פולע קאָרעטע האָבער, האָבען די פערד פאַרגעסען אַז זיי זענען מלאכים, זענען צוגעפאַלען צו דער קאָרעטע האָבער ווי פשוטע פערד און האָבען געגעסען ווי פערד.

כך, אַזוי איז מיט דעם מענש וואָס פאַסט און פייניגט זיך, זוכה צו זיין צו גילוי אליהו. בעת דעם פאַסטען גלויבט דער מענש, אַז ער האָט שוין דערגרייכט די מדרגה פון א מלאך, ווען דער יום הצום געהט פאַרביי, כאַפּט ער זיך צו צום עסען אַפילו ניט ווי קיין מענש... אלזא זאָלסטו וויסען אַז דער עיקר זענען ניט די תעניתים און סיגופים, ווען דיר דוכט זיך אַז דו האָסט שוין ביי די מדרגה פון אַ מלאך. נאָר בעת דו זיצסט ביי דער קאָרעטע,ביים עסען. און ווי עס ווייזט אויס האָסטו נאָך צו אַזאַ מדרגה ביים עסען ניט דערגרייכט...

---

## „אל תבואני רגל גאוה"

די ראשי תיבות פון דעם פסוק מאַכען „אתרג". דער „אתרוג" בעט ביי גאָט ער זאָל ניט אַריינפאַלען אין אַזעלכע הענט, וואָס קויפען אים ניט לשם מצוה, נאָר כדי צו באַרימען זיך, אַז אויך זיי זענען פון די „מהדרין". (רמ"ל סאפיווער).

---

ר' מרדכי נישכיזער פאָרענדיג איינמאָל פאַר די ימים נוראים קיין בראָד צו באַזאָרגען זיך מיט אַן אתרוג, האָט אויפ'ן וועג באַגעגענט שטעהן אַ איד ביי איין ליידיגען וואָגען און וויינען.

— וואָס וויינט איר ר' איד? — האָט אים דער נישכיזער געפרעגט.

— מיין פערד'ל, מיין פרנסה געבער איז מיר אויפ'ן וועג אוועקגעפאַלען.

— וואָס דאַרף קאָסטן אַן אַנדער פערדל?

— פופציג גילדען!

— דאָ האָט איר פופציג גילדען, קויפט זיך אַן אַנדער פערד און וויינט נישט!

— רבי, וואָס טוט איר — איז דעם נישכיזער'ס משמש אויפ־געשפרונגען — אז איר גיט אַוועק דאָס גאַנצע געלד, מיט וואָס וועט איר קויפען אַן אתרוג?

— שוטה — האָט אים דער נישכיזער מיט אַ שמייכעל אָבגע־ענטפערט — פאַרשטעהסטו נישט, אַז די מצוה פון צדקה איז מהודר'־דיגער ווי די מצוה פון „ולקחתם לכם פרי עץ הדר"...

## עשה למען פארך

„פאַרך" מיינט מען תפילין, ווי ס'שטעהט אין פסוק „פאַרך חגור עליך" — דיינע תפילין געהסטו אָנגעטאָן. דאָס בעטען מיר צום רבש"ע: „העלף אונז צוליב דיינע תפילין, וואָס דו טראָגסט, וואָס אין זיי שטעהט געשריבען „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ". (ר' ישראל ריזשינער).

## הושענא!

מיר בעטען ביים רבונו של עולם, היות אין דער תורה שטעהט געשריבען וועגען מצות השבת אבדה „והיה עמך עד דרוש אחיך אותו" און אַזוי ווי מיר זענען אין פינסטערען גלות ווי פאַרלאָרענע, קיינער וויל אונז ניט העלפען, בעטען מיר ביי גאָט „הושענא למענך דורשינו" — זוך דו אונז צו העלפען. (ר' ישעיהלע ראפשיצער).

---

„אנא ה'" — איך בעט דיך רבש"ע, „הושיעה נא" העלף איך בעט דיך, אַז איך זאָל דיך קענען בעטען. (ר' מאיר שלום פאַריסאָווער).

## הושענא שלש שעות

די גמרא אין שבת דערצעהלט, ווען דער רבש"ע האָט געזאָגט צו יצחק'ן „בניך חטאו" האָט אים יצחק אָבגעענטפערט — „בני ולא בניך?" כמה שנותיו של אדם — שבעים שנה. און יצחק האָט דעם רבונו של עולם געמאַכט אַזאַ חשבון:

— רעכען אַרונטער די ערשטע צוואנציג יאָר וואָס דו שטראָפסט ניט פאַר זיי, בלייבט פופציג יאָר. אַ העלפט יאָרען רעכען אַרונטער וואָס מען שלאָפט, פאַרבלייבט פינף און צוואנציג. נעם אַרונטער אַ העלפט יאָרען די צייט פון דאַווענען און עסען בלייבט צוועלף און אַ

האלב יאָר — „אם אתה סובל את כולם מוטב, ואם לאו פלגא עלי ופלגא עלך".

היות מיר רעכענען א מעת לעת פיר און צוואנציג שעה, נעמען מיר אַרונטער צוועלף שעה פון דער נאַכט, זעקס שעה פון דאַווענען און עסען פאַרבלייבט זעקס שעה — „פלגא עלי ופלגא עלך", פאַר־בלייבט פאַר'ן מענש ניט מער ווי דריי שעה און אויף דריי שעה בעטען מיר אין הושענות צו גאָט — „הושענא שלש שעות". (רבי מלובלין).

---

## הושענא שלש שעות

פונקט ווי ס'קומט איינעם אָן שווער אַרויפצודראפּען זיך אויף אַ גלאַטער אייזערנער וואַנט, אַזוי שווער וועט זיין די לעצטע צייטען פאַר דער גאולה אָנצוהאַלטען זיך אין אידישקייט. (ר' ישראל ריז־שינער).

---

## שמיני עצרת

דעם באַוואוסטען מאמר חז"ל (שבת ל"א.) וועגען דעם געצענ־דינער וואָס איז געקומען צו הלל, ער זאָל אים מגייר זיין און אויס־לערנען „כל התורה כולה על רגל אחת", האָט ר' ישראל ריזשינער אויסגעטייטשט:

דער גר האָט פאַרלאַנגט פון הלל, ער זאָל אים לערנען די תורה און גאָר באַזונדערס זאָל ער אים דערקלערען די טעמים פון די שלש רגלים, פסח, שבועות, סוכות. האָט אים הלל אָנגעוויזען אַז די טעמים פון די שלש רגלים זענען בפירוש געשריבען אין דער תורה, אָבער „על רגל אחת" אויף „שמיני עצרת" איז אין דער תורה ניטאָ קיין טעם. האָט דאָס דער גר פאַרלאַנגט פון הלל און ער האָט גע־זאָגט: אַלע ימים טובים ווייס איך די טעמים מן התורה, וואָס איז דער טעם פון דעם רגל אחת פון שמיני עצרת?

דערויף האָט אים הלל אָבגעענטפערט — „מה דעלך סני לחברך לא תעביד".

דער טעם פון דעם רגל אחת שמיני עצרת איז „לכם" — פאַר די אידענס וועגען. אַז די אידען וועלען האָבען אחדות, צווישען זיי וועט הערשען אהבה וריעות, וועט אָט דאָס זיין אַ יום טוב...

---

שמיני עצרת ביי נאַכט און שמחת תורה האָט דער רבי אלימלך ניט דערלאָזט די חסידים טרינקען קיין שטאַרקע משקה ביז נאָך די

הקפות, כדי די שמחה פון די הקפות זאָל ניט קומען פון שתית משקה נאָר פון קדושת הלבֿ, מאהבת תורה ומיראת שמים.

---

ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער האָט נאָך אין דער יוגענד גע׳שמ׳ט פאַר אַ גרויסען עילוי. ווען ער איז געוואָרען דער איידעם פון אַ גרויסען גביר, האָט דער שווער מיט אים שטאָלצירט. געווען איז אַ מנהג אין דער שטאָט, אַז שמחת תורה ביינאַכט האָט מען דעם חשוב׳סטען מענש פון שטאָט צוגעטיילט דעם כבוד צו זאָגען „אתה הראית". דעם ערשטען שמחת תורה נאָך דער חתונה, האָט קהל צוגעטיילט דעם כבוד ר׳ לוי יצחק׳ן. פאַרשטעהט זיך אַז דער שווער האָט גרויס הנאה געהאַט און געפילט זיך שטאָלץ מיט דעם חשוב׳ן איידעם.

ווען דער באַרדיטשעווער איז צוגעגאַנגען צום עמוד, איז ער אַ ווייל געבליבען שטעהן פאַרטראַכט, האָט עטליכע מאָל געפּרואווט נעמען דעם טלית אין האַנט צו זאָגען אתה הראית און יעדעס מאָל האָט ער דעם טלית צוריקגעלייגט.

קהל איז געוואָרען אומגעדולדיג, צווישען עולם איז געוואָרען אַ שושקעריי, האָבען די ראשי הקהל צוגעשיקט דעם שמש, ער זאָל אים זאָגען משום טרחה דצבורא זאָל ער ניט מעכב זיין און זאָל אָן ווייטערדיגע הכנות זאָגען „אתה הראית".

האָט דער באַרדיטשעווער ווידער גענומען דעם טלית אין האַנט און ווידער האָט ער אים צוריק אַוועקגעלייגט, אַזוי עטליכע מאָל כסדר. צווישען עולם איז ענטשטאַנען אַ מהומה — ער איז שיכור, אָדער חלילה חסר־דעה, האָבען מענשען געשריען. דער באַרדיטשעווער האָט זיך צו די אַלע געשרייען ניט צוגעהערט, לסוף האָט ער מיט כעס אַוועקגעלייגט דעם טלית אויפ׳ן עמוד און בקול רם געזאָגט:

— „נו, אויב דו ביסט אַ למדן, אַ חסיד, נאַדיר דעם טלית און זאָג דו אתה הראית".

דעם באַרדיטשעווערס שווער האָט פון דעם געהאַט גרויס עגמת־נפש — אַזאַ פאַרשעמונג בפני כל עם ועדה. ביז נאַכ׳ן דאַווענען האָט ער מיט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, ווען זיי זענען אַ היים געקומען האָט דער שווער מיט גרויס פאַרדראָס און מיט טרערען אין די אויגען געפרעגט אים:

— היתכן, וואָס האָסטו געטאָן? פאַר וואָס האָסטו מיך אַזוי פאַרשעמט? דער פחות שבפחותים וואָלט דאָך אַזוי ניט געטאָן. האָסט מיך פאַרשעמט, דיך האָסטו געמאַכט ללעג ולקלס.

— איך בין מוכן דעם שווער צו דערצעהלען דעם גאַנצען אמת — האָט אים דער באַרדיטשעווער תמימות׳דיג אָפּגעענטפערט —

אדרבה, זאָל דער שווער זאָגען צי איך האָב געקענט אַנדערש טאָן. ס'איז לחלוטין ניט געווען מיין שולד. תיכף ווי איך בין צוגעקומען צום עמוד זאָגען „אתה הראית", האָט זיך צו מיר משתתף געווען דער יצר־הרע, ער וויל צוזאַמען מיט מיר זאָגען „אתה הראית". האָב איך אים געפרעגט: ווער ביזטו? ביזטו ראוי והגון צו אַזאַ שותפות'דיג צוגעטיילטען כבוד פון קהל?

— און ווער ביסטו? ביסטו ראוי והגון? —האָט ער מיך חוצפה'דיג צוריק געפרעגט.

— איך בין אַ למדן, יום ולילה זיץ איך על התורה ועל העבודה.

— נו, בין איך אויך אַ למדן, זיץ צוזאַמען מיט דיר און לערן.

— וואו האָסטו געלערנט ש"ס ופוסקים? — האָב איך אים געפרעגט.

— און וואו האָסטו געלערנט ש"ם ופוסקים? — האָט ער מיך צוריקגעפרעגט.

— ביי דעם און דעם גאון — האָב איך אים געזאָגט.

— האָב איך צוזאַמען מיט דיר דאָרט געלערנט.

— איך בין אָבער אַ חסיד — האָב איך אים געזאָגט.

— איך בין אויך אַ חסיד — האָט ער חוצפה'דיג אָבגעענטפערט.

— וואו האָסטו געלערנט חסידות, צו וועלכען רבי'ן ביסטו געפאָרען.

— ווידער האָט ער מיר דיזעלבע שאלה מיך צוריק געפרעגט און אַז איך האָב אים געזאָגט אַז דרכי חסידות האָב איך געלערנט ביים מגיד פון מעזריטש, האָט ער מיר אָבגעענטפערט.

— אויך דאָרטען בין איך געווען מיט דיר. בין איך דאָך אַ למדן, אַ חסיד, אַ יחסן ווי דו, וויל איך דאַרום זאָגען מיט דיר „אתה הראית".

האָב איך געזעהן אַז דער מנוול און חוצפה'ניק וויל באין אופן ניט אָבטרעטען, האָב איך אַוועקגעלייגט דעם טלית און געזאָגט צו אים — אויב דו ביסט אַ למדן, אַ חסיד, נאדיר דעם טלית און זאָג דו „אתה הראית". אדרבה, זאָגט אַליין שווער ווי אַנדערש האָב איך געקענט טאָן? וואָלט איר מסכים געווען אַז איך זאָל צוזאַמען מיט אַזאַ מנוול זאָגען אתה הראית, איר אויף מיין פּלאַץ וואָלט דען אַנדערש געטאָן? — אַדרבה זאָגט אַליין!...

---

ואין לנו שיור רק התורה — אויב אונז איז מער ניט פאַרבליבען ווי די תורה, פאַרמאָגען מיר שין אַלעס — פעלט אונז גאָר ניט. (יוד הקדוש).

שמחת תורה האָט ר׳ ישראל ריזשינער מיט אַ גרויסע ספר תורה אין האַנט געהאַלטען אונאויפהערליך אין טאַנצען. האָט איינער פון די מקורבים געפרעגט אים:

— רבי, איז אייך די תורה אַ מאָל ניט צו שווער?

— ניין. אז מען האַלט זי שוין, איז זי בישט צו שווער — האָט דער ריזשינער כלאחר יד אָבגעענטפערט....

---

ניטאָ קיין איד וואָס זאָל ניט האָבען קיין חלק אין דער תורה, און אַז עס קומט שמחת תורה זענען אַלע אידען עולה לתורה בכדי די נקודה טובה פון יעדען איד זאָל איפּסניי נתחדש ווערען. (ר׳ נחמן בראסלאווער).

---

שמחת תורה מאַכען לומדי תורה אַ סיום והתחלת התורה. די וואָס קענען ניט לערנען און ווילען זיך משמח זיין מיט די תורה האָבען געשאַפען אַ מנהג, שמחת תורה אויסצוקלייבען נייע גבאים. איז דאָס אויך תורה, ווייל מנהג ישראל תורה. (ר׳ אברהם יעקב סאדי־גורער).

---

דאָס וואָרט „בראשית" מאַכט „ברא", דער רבונו של עולם האָט באַשאַפען „שי"ת" מאכען די ראשי תיבות „שמחת תורת ישראל". (ר׳ דוד שלמה טולטשינער).

---

ווער עס לערנט תורה אויפ׳ן קול איז מאריך ימים און זיין לימוד האָט אַ קיום. מחמת דער דבור בקול רם, איז מעורר די כוונה. יעדער אבער באַזונדער איז מקבל שפע פון דעם למוד בקול רם און דאָס גאַנצע מענשליכע וועזען ווערט אָנגעפילט פון גרויס נחת. (ר׳ נחמן בראַ־טיסלאַווער).

---

ר׳ נפתלי ראפשיצער פלעגט שמחת תורה אָפט איבערדערצעה־לען דעם קלוגען ענטפער וואָס אַ פראָסטער איד, אַ טרעגער, האָט אים איינמאָל געגעבען ווען ער האָט אים געזעהן ווי גוואלדיג ער איז זיך דאָס משמח שמחת תורה מיט דער תורה און ער, ר׳ נפתלי האָט אים צוגערופען און געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר אַזוי די שמחה? האָסטו אַזוי פיל תורה געלערנט דאָס פאַרגאַנגענע יאָר וואָס דו זינגסט און טאַנצסט אַזוי מיט דער תורה?

— רבי — האָט דער טרעגער קורץ און שאַרף אָבגעענטפערט
— און אַז מיין ברודער מאַכט אַ שמחה דאַרף איך מיך נישט פרעהען?...

---

שמחת תורה ווען די חסידים האָבען געטאַנצט מיט די הקפות, האָט ר׳ שמעלקע ניקאָלשבורגער אָפגעזיפצט און געזאָגט:

— אָט צוליב דעם וויל איך ניט שטאַרבען. ווייל אויף יענער וועלט ווי וועט מען נעמען אַזעלכע גייסטיגע יום טובים ווי ראש־השנה און יום כפור, און אַזעלכע האַרציג זיסע יום טובים, ווי פסח, שבועות, סוכות, בפרט אַזאַ לעבעדיג חדוה׳דיגען יום טוב, ווי שמחת תורה...

# חנוכה

## כשנכנסו יונים להיכל וטמאו כל השמנים

— באהערשענדיג ארץ־ישראל האבען די יונים מיט זייער העלע־ניסטישער לערע טמא געמאכט דעם אידישען מח און די אידישע מחשבות. אין א אידענס מח איז א היכל, זיינע מחשבות שמנים... (חידושי הרי"ם).

---

## להעבירם מעל חוקי רצונך

אט דאס איז געווען דער עיקר כוונה און ציל פון די יוונים בימי חשמונאים, די אידען זאלען נישט אויספאלגען דעם רצון פון רבש"ע, אבצוהיטען די חוקי התורה. (חידושי הרי"ם).

---

## מסרת גבורים ביד חלשים

לויט דער געשיכטע זענען דאך די חשמונאים געווען גבורים, פאר וואס ווערען זיי גערופען חלשים?

— נאר מען מיינט ניט פיזישע חלשים, נאר חלשים בדעה. כידוע זענען די צאל חשמונאים לגבי די יונים געווען גאר א קליינע. ביי זיך אין געדאנק האבען זיי געוואוסט, אז מיט זייערע אייגענע כחות, אן דער הילף פון דער השגחה, איז פשוט שלא כדרך הטבע, זיי זאלען די יונים מנצח זיין. אז די חשמונאים האבען באזיגט די יונים, האבען זיי געוואוסט, אז זייער נצחון איז ניט געקומען מחמת זייער גבורה אדער מיליטערישער שטארקייט, נאר דורך דער הילף פון דער השגחה העליונה. (באַרדיטשיווער).

---

בימים ההם — די נסים פון יענער צייט, פאסירען אויך בזמן הזה. (שפת אמת).

---

„למשיח" — מאכען די ראשי תיבות „מצוה להדליק שמונת ימי חנוכה". (ר' חיים צאנזער).

יעדער איד פאַרמאָגט אין זיך אַ פאַרבאָרגענע נקודה פנימית, וואָס איז גלייך ווי דאָס געפונענע קריגעל בוימעל אין בית־המקדש אונבאַרירבאַר הייליג פון פרעמדע טומאה הענט. (שפת אמת).

---

מען האָט אַ מאָל געפרעגט דעם באַרדיטשעווער, — פאַרוואָס האָט מען צום אנדענקונג פון נס פורים באַשטימט אַ יום משתה ושמחה און לזכרון נס חנוכה האָט מען באַשטימט להודות ולהלל?

— ווייל גזירות המן הרשע איז געווען „להרוג ולאבד את כל היהודים" האָט דאָס מעורר געווען די אידען צו אמת אויפריכטיגע תשובה און האָט ממילא דערפירט צו אידישע אחדות און עבודת השם באמת ובלב שלם. אַז דער נס איז געשען, דאָס וואָס המן הרשע האָט געטראַכט צו טאָן די אידען איז געפאַלען אויף זיין קאָפּ, זענען די אידען איבערצייגט געווען, אַז דאָס וואָס גאָט האָט זיי געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט איז געווען צוליב אהבת ישראל, גאָט פאַרלאָזט ניט די אידען בעת צרה, דעריבער האָבען זיי באַשטימט לזכרון דעם נס פורים אַ יום משתה ושמחה.

בימי החשמונאים איז דאָך דער עיקר גזרה געווען געגען די אידישע תורה און אמונה „להעבירם מעל חקי רצונך" און ווען דער נס איז געשען, השי"ת האָט איבערגעגעבן „רבים ביד מעטים, וטמאים ביד טהורים", האָבען די אידען געפילט אַז דער נס איז זיי געשען ניט מחמת השי"ת האָט ליב די אידען נאָר צוליב די תורה וואָס גאָט האָט ליב, האָבען זיי דעריבער באַשטימט לזכרון די ימי חנוכה להודות ולהלל.

---

ר' נחום משטעפינעשט, דעם ריזשינער'ס זוהן, איז איינמאָל חנוכה ביינאַכט אומדערוואַרטעט אַריינגעקומען אין זיין בית המדרש און געטראָפען חסידים זיצען און שפילען דאמינאָס. זיינען די חסידים געבליבען פאַרשעמט — אַזאַ שפעטע שעה האָבען זיי ניט דערוואַרטעט דעם רבי'ן אין בית המדרש. האָט רבי נחום באַמערקט זייער פאַר־לעגענהייט, איז ער צוגעגאַנגען און זיי אַזוי געזאָגט:

— איר שפילט דאָמינאָס, ווייסט איר כאָטש די כללים פון דאָ־מינע שפילען? לאָמיר אייך זאָגען די הויפּט כללים. מען גיט איינס כדי צו כאַפּען צוויי. קיין צוויי געגנג מיט איינמאָל טאָר מען ניט געהן. מען געהט נאָר אַרויף, אַרונטער טאָר מען ניט געהן. קומט מען נאָר אַרויף, געהט מען שוין וואוהין מען וויל...

---

## ר׳ לוי יצחק באַרדיטשיווער וועגען קאָרטען שפּילען

דער עיקר גזירת היוונים איז דאָך כידוע געווען געגען די אידישע אמונה און געגען די אידישע תורה, איז דאַרום אַ מצוה גדולה און אַ חוב פון יעדען איד, די טעג פון חנוכה צו פייערען מיט תורה־לערנען. בעוונותינו הרבים, זעהן מיר אָבער לעצטענס ווי אחינו בני ישראל פאַרברענגען די דאָזיגע טעג אין קאָרטען שפּילען. גרינג־שעצענד איז דאָס אין זייערע אויגען. זיי ווייסען ניט אַז יעדער קאָרט איז בודאי אַ קליפּה. וויפיל מכשולים זענען פאַראַן אין קאָרטען שפּילען. מען פאַרלירט זיך, מען פאַרגעסט אין גאָט, דאָס געווינענע געלד איז — גזל — בכן בעט איך אייך ליבע ברידער מיינע, זאָל קאָרטען שפּילען ניט זיין גרינג אין אייערע אויגען. וויסען זאָלט איהר, אַז קאָרטען שפּילען איז פאַרפירעריש, עס צוברעכט דעם מענש פיזיש, צוטרייסעלט זיינע נערוועז, פאַרטעמפּט זיין מח און פירט ביס־לעכווייז אַרונטער דעם מענש פון דרך הישר.

---

— ווייסט איהר וואָס קאָרטען זענען? — האָט דער אַלכסנדערער רבי אַ מאָל געפרעגט.

— אָפּגעמאָלטע, נאָכגעמאַכטע מענשען זענען קאָרטען...

# פורים

## משנכנס אדר מרבים בשמחה

„בשמחה" זענען פינף אותיות. ווען אַ מענש איז געבענשט מיט די פינף ברכות בני, חיי, מזוני, עושר וכבוד, אריכות ימים ושנים — אַזאַ מענש לעבט אין שטענדיגער שמחה. (ר' משה'לע קאזשניצער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר' מאיר שלום פאַריסאָווער : די חז"ל זאָגען „כל המועדים יהיו בטלים וימי הפורים לא בטלים" — פורים וואָס איז אַ יום טוב מדרבנן איז גרעסער ווי די ימים טובים וואָס ווערען דערמאָנט אין דער תורה און אויב אַ יום טוב מדרבנן איז גרעסער ווי די ימים טובים מדאורייתא איז דאָך חנוכה אויך אַ יום טוב מדרבנן?

— מען דאַרף פאַרשטעהן די כוונה פון דעם מאמר חז"ל — האָט דער פאַריסאָווער אָפּגעענטפערט — כידוע זענען אַלע ימים טובים וואָס ווערען דערמאָנט אין דער תורה, באַגרינדעט אויף נסים ונפלאות, חוץ לדרך הטבע, פסח, די עשר מכות, יציאת מצרים, קריעת ים סוף, סוכות לזכרון די ענני־הכבוד, שבועות וואָס הקב"ה האָט בכבודו ובעצמו אַנטפּלעקט זיך אויפ'ן באַרג סיני, דאָס פאָלק האָט געהערט די קולות און געזעהן די ניסים. אַפילו חנוכה וואָס אין פלוג דוכט זיך, אַז אַלעס איז פאָרגעקומען נאַטירלעך, זענען די פאַסירונגען דאָך געווען חוץ לדרך הטבע. „מסרת גבורים ביד חלשים ורבים ביד מעטים". בלויז פורים, הגם עס האָבען פאַסירט נסים, זענען זיי אָבער אַלע פאָרגעקומען על פי דרך הטבע.

און אָט דאָס איז די כוונה פון מאמר חז"ל : ווען אַלע מועדים וואָס זענען אויסשליסלעך באַגרינדעט אויף נסים וועלען בטל ווערען ווייל די דורות וועלען ניט זיין ראוי אַז עס זאָל זיי געטאָן ווערען נסים חוץ לדרך הטבע, וועט אָבער דער נס פורים וואָס איז פאָרגעקומען בימי מרדכי ואסתר על פי דרך הטבע קיינמאָל ניט בטל ווערען אפילו אין די צייטען ווען די אידען וועלען ניט זיין ראוי אַז עס זאָל זיי געטאָן ווערען נסים וועט אָבער השי"ת טאָן מיט זיי נסים על פי דרך הטבע וואָס וועט זיי תמיד ראַטעווען פון כליה און אונטערגאַנג...

## ישנו עם אחד

המן הרשע האט גע'טענה'ט צו אחשורושן, אז דאס וואס די אידען האלטען אז זיי זענען דער עיקר „יש" אויף דער וועלט, די וועלט און אלעס אין דער וועלט עקזיסטירט נאר צוליב זיי, איז דאס זייערס אן איינרעדעניש אבל למלך אין שוה להניחם. (שפת אמת).

---

ישנו עם אחד — המן האט געזאגט צו אחשורוש'ן, לויט דער אידישער אמונה דארפען די אידען זיין פאראייניגט. דער גרעסטער כלל אין זייער תורה איז „ואהבת לרעך כמוך". האבען זיי אבער געבראכען דעם דאזיגען געבאט און זיינען „מפוזר ומפורד", צושפליטערט און צופיצעלט צווישען זיך אין פארשידענע פארטייען און פראקציעס „בין העמים" — „ויתערבו בגוים וילמדו מעשיהם". יעדע פארטיי זוכט נאכצוקאפירען און אימיטירען אונזערע מעשים, „ודתיהם שונות מכל עם", (שונות לשון לימוד), זיי האבען זיך אבגעלערענט פון אונזערע חוקים און מנהגים. „ואת דתי המלך", דעם דת, די תורה פון מלך מלכי עולמים „אינם עושים" ווילען זיי ניט טאן און היטען. דעריבער „ולמלך אין שוה להניחם" — דארף דער קעניג אחשורוש פאר זיי גאר ניט מורא האבען און מעג זיי פאראורטיילען להשמיד להרוג ולאבד. (רמ"ל סאסיוועה).

---

ישנו עם אחד — ווען די אידען זיינען אן עם אחד. צווישען זיי הערשט אחדות, „מפוזר ומפורד בין העמים", זענען די פעלקער צווישען זיך צושפליטערט און צוטיילט. (ר' משהלע קאזשניצער).

---

## ודתיהם שונות מכל-עם

המן האט גע'טענה'ט צו אחשורוש'ן, א מאדנע פאלק זענען דאס די אידען. כמעט פון יעדער פאלק האבען זיי א יום טוב. פסח פון פרעה מלך מצרים. חנוכה פון מלך פון יון. „ואת דתי המלך אינם עושים", אז זיי זאלען אויך מאכען א יום טוב אין דיין אנדענקונג, דאס טוען זיי נישט. איז דעריבער מיין עצה, זאלסט זעהן אז די אידען זאלען אויך אין דיין אנדענקונג מאכען א יום טוב, א יום משתה ושמחה. (רמ"ל סאסיוועה).

---

איש יהודי היה בשושן הבירה. אל תקרי יהודי אלא יחידו. (מדרש) אין פסוק שטעהט דאך אבער פארט יהודי?

— פונקט ווי מען קען ניט זיין קיין איד, אויב מען גלויבט ניט

באמונה שלמה בלב ונפש אין אחד, אַזוי באַגרייפט קיינער ניט דעם יחיד ומיוחד, נאָר אַ איד. (רבי ר׳ אלימלך).

## אל גנזי המלך ביהודים לאבדם

המנ׳ס כוונה איז געווען אויסצוראָטען און פאַרניכטען די אוצרות פון מלך עליון — די אידען. (רמ״ל סאסיווער).

## לך כנוס את כל היהודים

המן האָט באַשולדיגט די אידען אַז זיי זענען מפוזר ומפורד — צווישען זיי הערשט שטענדיגע מחלוקת, פירוד הלבבות און דיסהאַר־מאָניע, האָט דאַרום אסתר, דאָס ערשטע געהייסען מרדכי׳ן פאַרזאַמ־לען אַלע אידען צו פאַראייניגען און אַריינברענגען צווישען זיי אחדות און שלום. (ר׳ דוד לעליווער).

## ובבואה לפני המלך

ווען מען קומט פאַר דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא, „לא בקשה דבר", פאַרלאַנגט מען שוין גאָר נישט. די וועלט מיט גאַנץ עולם הזה האָט דאמאָלט קיין שום ווערט נישט. (ר׳ ישראל ריזשנער).

## כי אם החרש תחרישי

אויב דו רבש״ע וועסט אַזוי שווייגען „בעת הזאת", וועסט ניט אויסלייזען די אידען פון פינסטערען גלות, „רוח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר" — וועט איינער ווערען אַ פּראָשעניע שרייבער, איינער אַן אינזשעניר, אַ דאָקטאָר, אַן אַדוואָקאַט. „ואת" און די תורה פון „א" ביז „ת" „ובית אביך" און די אבות חלילה וחלילה „תאבדו" וועלען פאַרגעסען און פאַרלאָרען ווערען „ומי יודע" און ווער ווייסט רבונו של עולם, „אם לעת כזאת" אויב דו וועסט אין אַזאַ צייט ניט קומען צו הילף די אידען און זיי אויסלייזען „הגעת למלכות" אויב דו וועסט האָבען וועמען אויסצולייזען ווייל אין מלך בלא עם. (טריסקער מגיד).

הקורא את המגילה למפרע — דער וואָס לייענט די מגילה מיט׳ן רעיון אַז המן איז געווען פריער, אַ מאָל, אין די אוראַלטע צייטען,

אָבער ניט איצט. לא יצא — פאַרשטעהט ניט און איז ניט יוצא מיט די מגילה לייענען. (ר' צבי הירש זאליזצער).

## ויעבר מרדכי ויעש

צוויי זאַכען דאַרף אַ מענש תמיד געדענקען. אַז די וועלט איז ניט מער ווי „לעבור" — איבערצופאָרען און אַז דער עיקר אויף דער וועלט וואָס דער מענש דאַרף טאָן איז „ויעש" מקיים זיין די מצוות ומעשים טובים. (ר' אהרן קאַרלינער).

## הצילני נא מיד

די ראשי תיבות פון די דריי ווערטער מאַכען „המן". איז פון דאַנען אַ רמז אַז יעקב אבינו האָט געבעטען ביים רבש"ע אויף מפלת המן בימי מרדכי ואסתר, דערפאַר זינגען מיר פורים „שושנת יעקב". (ר' צבי זידיטשיווער).

## כי כן צוה המלך

אחשורש האָט מרדכי'ן געבאָטען, אַז „לא יכרע ולא ישתחוה" — ער זאָל זיך ניט בוקען פאַר המנ'ן. אַז מ'האָט אָבער געפרעגט מרדכי'ן, פאַר וואָס ער בוקט זיך ניט פאַר המנ'ן, האָט ער ניט געזאָגט אַז אחשורש האָט אים ניט געהייסען — כי הגיד להם אשר הוא יהודי... (רמ"ל סאסיווער).

## קימו וקבלו היהודים

קיימו מה שקבלו כבר בסיני (שבת) אַזוי ווי בעת קבלת התורה זענען די אידען געווען געזונטע, האָבען פאַרמאָגט פון כל טוב, מביזת מצרים, ומביזת הים, האָבען ניט געהאַט קיין דאגות פרנסה און עול שיעבוד הגלות, ערשט דאַמאָלט האָבען זיי מקבל געווען די תורה מסיני. אַזוי בין איך דיר מבטיח — האָט ר' אהרן טשערנאָבילער געזאָגט צו גאָט — ווען אַלע אידען וועלען זיין געזונטע ווי בערן און שטאַרקע ווי לייבען, זיי וועלען ניט האָבען קיין דאגת הפרנסה און פריי זיין פון גלות ווי אין די צייטען פון קבלת־התורה, אַז אויך זיי וועלען מקבל זיין און מקיים זיין די תורה ווי די אידען אין מדבר ביים באַרג סיני.

## כי מרדכי היהודי משנה למלך אחשורש וגדול ליהודים

כאָטש מרדכי איז געווען משנה למלך, האָט ער זיך פון דעסטוועגען ניט גרויס געהאַלטען לגבי זיינע ברידער. אין געגענטייל איז ער געווען אַ „רצוי לרוב אחיו״ — האָט זיך מיט אַלעמען גע׳חבר׳ט, ווי זיין נאָמען „מרדכי״ באַדייט. כאָטש ער איז געווען „מר״ „ורב״ „ושר״ פון דעסטוועגען איז ער געווען „דכי״, דכא ושפל בעיניו — ודובר שלום לכל זרעו. (ר׳ שלום בעלזער).

## דורש טוב לעמו ודובר שלום לכל זרעו

מרדכי איז באמת געווען אַן אויסנאַם פון אַן עסקן און האָט זיך נוהג געווען להיפוך פון אַלע אַנדערע עוסקים בצרכי צבור. דער שטייגער פון אַן עוסק בצרכי צבור איז, אז ער איז אַ „דובר שלום לעמו״, פאַר׳ן פאָלק איז ער אַ דובר שלום, ער רעדט שיינע רעדעס, מאַכט גרויסע הבטחות. וואָס שייך אָבער זיין בני בית „דורש טוב לכל זרעו״, זעהט ער שוין אַז זיין בני בית, זיין פרוי און קינדער זאָלען האָבען פון אַלדאָסגוטס. דורך זיין שתדלנות, קהל׳ישע עסקים זאָרגט ער שוין פאַר זיינע קינדער און פאַר זיין משפחה. (ר״מ רומאנאווער).

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ ברוך מעזשיביזשער: וואו געפינט זיך ערגעץ אַ רמז אין דער תורה, אַז פורים דאַרף מען מאַכען אַ סעודה, עסען און טרינקען?

— אַ בפירוש׳ער פסוק אין דער תורה — האָט דער רבי ר׳ ברוך כלאחר יד אָבגעענטפערט — „ויעש אברהם משתה גדול ביום הגמל את יצחק״, מאַכען די אותיות „הגמל״ „מגלה״. איז פון דאַנען אַ רמז אַז אברהם האָט אינ׳ם טאָג פון דער מגילה, פורים, געמאַכט אַ גרויסע סעודה.

## בראותם יחד תכלת מרדכי

מרדכי איז דאָך געווען געקליידעט „בלבוש מלכות תכלת וחור ועטרת זהב גדולה״, טאָ, פאַר וואָס ווערט אין „שושנת יעקב״ בלויז דערמאָנט „תכלת״?

— ווען די איינוואוינער פון שושן האָבען פון דערווייטענס געזעהן אַ רייטער, רייטענדיג אויפ׳ן קעניג׳ס פערד, איז צווישען זיי און די אידען ענטשטאַנען אַ פלוגתא. די שושנ׳ער האָבען גע׳טענה׳ט אַז

דאָס רייט המן, די אידען האָבען גע׳טענה׳ט אַז דאָס רייט מרדכי. אַז דער רייטער האָט זיך דערנעענטערט און די אידען האָבען דער־זעהן די ציצית פון תכלת וואָס האָבען פון מרדכי׳ס קליידער אַרונטער־געהאַנגען — צהלה ושמחה, זיינען זיי דערפרייט געוואָרען. (ר׳ מאיר׳ל פרימישלאנער).

---

שושן פורים האָט ר׳ צבי זידיטשעווער ניט געהאַלטען פאַר קיין יום טוב. האָט אים איינמאָל אַ חסיד געפרעגט:

— ילמדנו רבינו, איז נח געווען אַ צדיק אָדער ניט?

— אַ שאלה, די תורה זאָגט דאָך בפירוש עדות — נח איש צדיק.

— אויב אַזוי פאַר וואָס האַלט ניט דער רבי שושן פורים פאַר קיין יום טוב, עס שטעהט דאָך בפירוש אין דער מגילה „ונוח בחמשה עשר בו״...

# פסח

ערב פסח, פאַר דער שקיעה, איז ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער אַרויסגעגאַנגען אין גאַס און אויפגעזוכט אַ גוי וואָס שמוגעלט אויסלענדישע סחורה איבער'ן רוסישען גרענעץ.

— האָסטו אפשר אויסלענדישע זיידענס? — האָט אים ר' לוי יצחק געפרעגט.

— געוויס. וויפיל איילען זיידענס ווילסטו?

— וויפיל איילען סחורה האָסטו?

— וויפיל דו ווילסט קען איך דיר געבען.

— איך וועל קומען שפּעטער — האָט אים דער באַרדיטשעווער צוגעזאָגט, און איז שנעל אַוועק זוכען אַ איד. דעם ערשטען איד וואָס ער האָט געטראָפען האָט ער געפרעגט אים.

— האָסטו אפשר ביי דיר אין שטוב אַ שטיקעל חמץ?

— חמץ? — ערב פסח בין השמשות חמץ? חס וחלילה, איך האָב אַלץ מבער געווען.

האָט ר' לוי יצחק אויפגעהויבעןביידע הענט צום הימעל און אויף זיין מליץ־יושר'דיגען שטייגער גע'טענה'ט צו גאָט:

— רבונו של עולם, זעה נאָר דעם חילוק צווישען דיינע אונטערטאַנער און די אונטערטאַנער פון די אומות העולם. דער רוסישער קיסר איז אַ מלך אדיר, ער האָט חיילות מיט תפיסות, האַלט שטענדיג באַוואַפענטע וועכטער ביי די גרענעצען וואָס היטען טאָג און נאַכט מען זאָל נישט אַריינשמוגלען קיין אויסלענדישע סחורות, פונדעסטוועגען קריגט מען אויסלענדישע סחורות וויפיל נאָר מען וויל. און אַז דו גאָט האָסט אַריינגעשריבען אין דיין תורה איין און איינציגען פסוק „לא יראה לך חמץ", האָסט נישט איינגעשטעלט אין ערגעץ נישט קיין גרענעץ, האָסט נישט אַוועקגעשטעלט קיין באַוואַפענטע וועכטער און קאָנסט אין ערגעץ נישט געפינען קיין ברעקעל חמץ — פרעג איך דיך רבש"ע וועלכע אונטערטאַנער זיינען געטרייער און פאָלגען גיכער

אויס דעם באַפעל פון קיסר דיינע אידען, צי די אונטערטאנער פון די אומות העולם ? ...

---

ר׳ נפתלי ראָפשיצער איז איינמאָל שבת הגדול נאך זיין דרשה אַ היים געקומען אַ שטאַרק מידער. האָט אים זיין פרוי געפרעגט :

— וואָס ביסטו דאָס היינט מידער ווי אַלע מאָל ?

— אַזוי ווי מצות איז היינטיגעס יאָר טייערער, האָב איך גע־רעדט וועגען די גרויסע מצוה פון מעות חיטין, צו העלפען די נויט־ליידענדע אידען זאָלען האָבען מצות און וויין פאַר פסח.

— האָסטו עפעס גע׳פועל׳ט מיט דיין דרשה ?

— אַ העלפט האָב איך שוין גע׳פועל׳ט. די אָרימעלייט זענען גרייט צו נעמען... — האָט איר ר׳ נפתלי מיט אַ שמייכעל אָבגע־ענטפערט.

---

דער רבי מלובלין האָט פאַר פסח ניט געקאָנט מער צוזעהן די שווערע אַרבייט פון דער רביצין, ווי זי האָט מיט די לעצטע כחות געפּראַצעוועט צו שייערען, סקראַבען די כלים און אין דער שטוב.

— גלויב מיר — האָט ער געזאָגט צו איר — אַז אין שטוב איז שוין אַלץ כשר לויט די דינים פון שלחן ערוך. גענוג דיר שוין גע־האַרעוועט.

— נו אודאי, — האָט זי אים פאַרדראָסיג אָבגעענטפערט — ווען איך זאָל זיך צוהערען צו דיר מיט דיין שלחן ערוך וואָלטען מיר געגעסען חמץ אין פסח...

---

ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער איז אַמאָל ערב פסח פאַרבייגע־גאַנגען די אידישע גאַס און ער האָט געזעהן, ווי אידישע פרויען שטעהן פאַרשמייעטע, סקראַבען טישען, שייערען כלים, האָט ער גע־זאָגט, איצט פאַרשטעה איך די כוונה פון די „יהי רצונ׳ס" וואָס מ׳זאָגט ראש השנה אינמיטען שופר בלאָזען : „המלאכים היוצאים מקשר"ק", די נוטריקון פון קשר"ק מאַכען — „קראַצען, שייערען, רייבען, קאַ־שערען" ...

---

די חומרות פון פסח זענען גלייך צו כלה מתנות. מערער כלה מתנות דער חתן קויפט, אַלץ מער ווערט ער געלויבט. (רבי ר׳ בונם).

---

די ערשטע נאַכט פּסח רופט מען די סדר נאַכט, מיר זאָלען ווי־סען אַז אויך נסים פּאַסירען און האָבען אַ סדר. (שפת אמת).

---

## קדש

„קדש" — אַ איד וואָס וויל זיך הייליגען דורך עבודת השם יתברך „ורחץ", זאָל ער ראשית כל גוט אויסוואַשען זיין האַרץ און זיך אַזוי נוהג זיין. „כרפס", אַז עס קומט צו אים אַ איד, אַן אָרימאַן, „יחץ", זאָל ער די מצוה פון הכנסת אורחים צוטיילען אין צוויי העלפ־טען (כר—ופת), ראשית זאָל ער באַזאָרגען דעם איד מיט אַ קישען און אַ בעט צום איבערנעכטיגען און שפּעטער זאָל ער אים געבען ברויט צום עסען. „מגיד" — בסבר פנים יפות זאָל ער אים איינלאַ־דענען צום טיש, „רחצה", זאָל אים הייסען וואַשען, „מוציא", געבען אים צום עסען און טרינקען, „שלחן עורך", און לאָזען אים עסען און טרינקען און זיך וואוילגעהן. (ר' מאיר'ל פּרעמישלאנער).

---

בעת ר' דוד'ל טאלנער האָט פּסח ביים סדר אָנגעהויבען זאָגען די הגדה האָט ער צו די חסידים אַרום טיש אַזוי געזאָגט: — אַ כלל גדול לערנט אונז דער בעל הגדה. די נוטריקין פון „כרפס" מאַכען „כלל ראשון פה סתום" — דאָס ערשטע פאַרמאַך דיין מויל פון צופיעל רעדען. „יחץ מגיד" דאָס וואָס דו ווילסט זאָגען, זאָלסטו אויך זאָגען בלויז אַ העלפט...

---

פּסח ביים סדר האָט ר' מענדעלע קאָצקער טיילענדיג „כורך" צו אַלע מסובין פאַרטיילט זיין זוהן משה. האָט איינער פון די מקורבים אים דאַרויף אויפמערקזאַם געמאַכט. האָט אים דער קאָצקער כלאחר יד אָבגעענטפערט:

— ווייסט איר ניט אַז קרח („כורך") האָט געקריגט אויף משה'ן?...

---

אַ חסיד האָט אַ מאָל געפרעגט ר' יהושעלע דזשיקאָווער, פאַר וואָס תפילין מוזען האָבען אַרבע פרשיות, ציצית, אַרבע ציצית, לולב אַרבע מינים, כוסות, אַרבע כוסות און מצות אָבצוריכטען דעם סדר לייגט מען נאָר דריי.

— טאַקע דערפאַר צוברעכט מען די מיטעלסטע מצה אויף צוויי העלפטען כדי עס זאָל זיין פיר — האָט ר' יהושע תיכף ומיד אָב־געענטפערט.

ר׳ יחזקאלע קוזמירער האָט געזאָגט: אַ איד איז פונקט ווי אַ מצה טייגעל. כל זמן מען וועלגערט עס, איז עס יום טוב׳דיג, הערט מען עס אויף צו וועלגערען, ווערט עס חמצ׳דיג...

---

אַ חסיד האָט אַ מאָל געפרעגט ר׳ שלמה ראדאמסקער פאַר וואָס ווערט דער יום טוב פסח אין דער תורה אָנגערופען „חג המצות״ און מיר רופען דעם יום טוב „פסח״?

— די תורה רופט דעם יום טוב חג המצות צו דערציילען דעם שבח פון די אידען „ולא יכלו להתמהמה״ — זיי האָבען תיכף ומיד געטאָן דעם ציווי של הקב״ה. רופען מיר דעם יום טוב פסח, צו דערציילען דעם שבח של הקב״ה „על שם שפסח הקב״ה על בתי בני ישראל במצרים, בנגפו את מצרים ואת בתינו הציל״.

---

## כל דכפין

יעדער איד וואָס ווייסט זיין חסרון, „ייתי וייכול״ — זאָל ער זעהן דעם חסרון מתקן צו זיין. (ר׳ אהרן קאַרלינער).

---

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי ר׳ שלמה דוד ראדזימינער, וואו געפינט מען אַ רמז מן התורה, אַז אַפילו דער וואָס ווייסט די געשיכטע פון יציאת מצרים, איז ער דאָך מחויב צו דערציילען וועגען יציאת מצרים.

— אַ בפירוש׳ער פסוק: „ויספר משה לחותנו״, כאָטש משה האָט געוואוסט אַז יתרו האָט געהערט און ווייסט אַלץ וועגען יציאת מצרים פון דעסטוועגען האָט משה דערציילט אים די גאַנצע געשיכטע.

---

דער טעם פאַר וואָס חנוכה און פורים מאַכט מען די ברכה „שעשה נסים לאבותינו״ און פסח, אַ יום טוב פון לויטער נסים ניט, איז ווייל חנוכה און פורים זענען די נסים געווען על פי דרך הטבע. פסח אָבער זענען די נסים געווען למעלה מן הטבע און אויף נסים למעלה מן הטבע ומן הזמן מאַכט מען ניט קיין ברכה. (באַרדיטשעווער).

---

## חכם מה הוא אומר

„חכם״ — דער חכם „מה הוא״ וואָס ער איז „אומר״ זאָגט ער. „רשע״, דער רשע „מה הוא״, וואָס ער איז „אומר״ זאָגט ער — פון די רייד פון אַ מענש איז קענטיג וואָס ער איז, אַ חכם, אַ רשע, אַ תם, אַ שאינו יודע לשאול. (ר׳ ישראל ריזשנער).

## תם מה הוא אומר

„טאַם, טאַם!" (הייסט אויף גוי'ש דאָרט), האָט דער באַרדיטשעווער מיט אויפגעהויבענע אויגען צום הימעל געזאָגט — „מה" הקדוש ברוך הוא, „אומר", וואָס זאָגט ער צו אונזער עבודה?

דאָס וואָס די חז"ל זאָגען, אברהם תקן „שחרית" האָבען זיי געמיינט אַז אברהם האָט מתקן געווען „ווי די נוטריקון פון „שחרית" מאַכען „חכם", „רשע", „תם", „שאינו יודע לשאול". (ר' צדוק הכהן).

ושאינו יודע לשאול את פתח לו. — דער וואָס ווייסט ניט ווי אַזוי תפלה צו טאָן און אויב דו ווייסט, איז דיין חוב, זאָלסט אָריינ־ברענגען ליכט אין זיין האַרץ, זאָלסט אים לערנען כדי ער זאָל וויסען ווי אַזוי גאָט צו דינען. (ר' נחמן בראַצלאַווער).

## כל ימי חייך להביא לימות המשיח

דיין גאַנץ לעבען דאַרפסטו אַרומגעהן מיט דער מחשבה צו דערלעבען זוכה צו זיין ימי המשיח. (ר' שלמה ראַדאָמסקער).

## צא ולמד

ווילסטו לערנען, מוזטו פריער אַרויסגעהן מעניני עולם הזה. (ר' אהרן קאַרלינער).

## כל שלא אמר שלשה דברים

עס האָט דאָך באַדאַרפט שטעהן „שלא עשה" ווייל זאָגען וואָס מען דאַרף טאָן קען מען דאָך ניט יוצא זיין מיט יאָ אָדער ניט זאָגען?

— לערנען מיר פון דאַנען, אַז איידער אַ מענש געהט עפּעס טאָן זאָל ער פריער בעטען ביי השי"ת, אַז דאָס וואָס ער געהט טאָן זאָל זיין כהוגן און דער וואָס טוט ניט אַזוי — לא יצא ידי חובתו. (ר' זאב צבי זבאַרישער).

## ברוך שומר הבטחתו לישראל

אַז אַ פּראָסטער בשר ודם האַלט זיין הבטחה, פאַר וואָס זאָל דער רבש"ע ניט האַלטען זיין צוזאָג?

— געזאָגט האָט דער רבש"ע צו אברהמ'ען: „ידוע תדע כי גר יהיה זרעך ואחרי כן יצאו ברכוש גדול". ער האָט אים אָבער ניט

געזאָגט ווער דאָס וועט זיין פון די קינדער, יצחק אדער ישמעאל, דאַנ־קען מיר השי"ת וואָס ער האָט געהאַלטען זיין הבטחה — לישראל.

---

## ורב כמה שנאמר, רבבה כצמח השדה נתתיך

די חז"ל זאָגען אַז אַ מלאך איז ממונה אויף יעדער סאָרט גראָז צו שלאָגען די גראָזען זיי זאָלען וואַקסען — פאַר וואָס קומט עס די גראָ־זען צו שלאָגען?

— היות די טבע פון גראָזען זיינען צו וואַקסען שנעל און זייער הויך שלא כדרך הטבע, שלאָגט זיי דער מלאך, זיי זאָלען ניט וואַקסען אַזוי שנעל.

— דאָס זעלבע פאַסירט מיט די רבנים אין אונזערע דורות. „ורב" תיכף ווי איינער ווערט נאָר אַ רב „כמה שנאמר", הויבט ער שנעל אָן וואַקסען. „רבבה כצמח השדה", ווי די גראָזען אין פעלד, שלא כדרך הטבע, באַטיטעלט זיך מיט גרויסע טיטלען. פאַר אַזאַ התנהגות, וואָס איז שלא כדרך הטבע, דאַרף מען אַזעלכע רבנים קריטיקירען כדי זיי זאָלען זיך לערנען דערווערבען זייער גרויסקייט בהדרגה, נאַטירליך, ניט איבערנאַכט גרויס ווערען, וואָס דאָס איז שלא כדרך הטבע. (ר"ש יאראסלאַווער).

---

מען האָט איינמאָל דעם רבי'ן ר' בונם געפרעגט זיין מיינונג וועגען די צוקונפטיגע רביים, האָט ער מיט אַ שמייכעל אָבגעענט־פערט אַז דער בעל הגדה האָט לאַנג שוין פאָראויסגעזאָגט וואָס פאַר אַ רביים עס וועלען זיין לעתיד.

— „רבבה", עס וועלען זיין רבי'לאך „כצמח השדה", „יאַק מאַק" (ווי מאָן — פויליש).

— זיי וועלען זיין פיל ווי מאָן אָדער קליין ווי מאָן? — האָט מען אים געפרעגט.

— זיי וועלען זיין ביידע — פיל און קליינטשיק...

---

אוכל נפש, וואָס די תורה האָט יעדער יום טוב מתיר געמאַכט, ווערט דערמאָנט ביי שביעי של פסח. איז דאָס אַ רמז אויף דעם מאמר חז"ל: „קשין מזונותיו של אדם כקריעת ים סוף". (ר' צבי זידיט־שעווער).

---

אַ איד האָט אַ מאָל געקלאָגט זיך פאַר ר' מענדעלע קאצקער, אַז זיין לעבען איז אים פאַרביטערט.

— ווייסטו ניט אַז פּסח ביים סדר מוז מען האָבען מרור, אַן מרור איז מען ניט יוצא און מרור מוז מען צוקייען?

## דנת מלך גרר בחלום הלילה

דער מעזריטשער מגיד האָט איינמאָל געשיקט ר' זוסיא אני־פּאָלער אין אַ קליין שטעטל אין דער ליטע, ער זאָל שטראָפען די בעלי בתים פאַר וואָס זיי האָבען ניט צוריק אויפגעבויט זייער אָבגעברענטע מקוה. איז ר' זוסיא אָנגעקומען פרייטאָג אין שטעטל. שבת נאָך קריאת התורה האָט ער געהייסען דעם שמש אויסרופען, אַז נאָך מיטאָג וועט ער האַלטען אַ דרוש גדול ונפלא אין בית־המדרש.

האָט די מודעה פון דעם פרעמדען אורח געמאַכט אַ גרויסען רושם אין שטעטעל און צו דער דרשה זענען געקומען אַלע לומדישע אידען מיט'ן רב. איז ר' זוסיא אַרויפגעגאַנגען אויף דער בימה און האָט אַזוי געזאָגט:

— רבותי, איך בין געקומען אייך שטראָפען פאַר וואָס איר האָט ניט צוריק אויפגעבויט אייער אָבגעברענטע מקוה. וועט איר דאָך פרעגען, ווער בין איך דאָס אייך צו שטראָפען, זאָלט איר וויסען, אַז איך בין אַ גרויסער למדן און גאון און יעדער וואָס האָט אַן עניין חמור און ווייסט ניט דעם פשט קען מיך פרעגען און איך וועל אים תיכף פאַרענטפערען. דאָס איז מיין דרשה, מער האָב איך ניט וואָס צו זאָגען, האָט מיר אַ גוטען שבת.

האָט צווישען בית־המדרש עולם אויסגעבראָכען אַ טומעל. הנשמע כזאת, אַ חוצפה פון אַ פרעמדען, איז מודיע ער וועט האַלטען אַ דרוש גדול ונפלא און לסוף דערציילט ער, אַז ער איז אַ גרויסער למדן און גאון — מען דאַרף אים ניט שווייגען!

האָט דער שטעטעלדיגער רב באַרואיגט די צעהיצטע געמיטער, ווייל מעגליך אַז דער אורח איז טאַקע אַ גרויסער למדן און כדי צו אי־בערצייגען זיך, וויל איך אים טאַקע פרעגען וועגען דעם עניין חמור, ווי איר ווייסט, איך מאַטער זיך שוין עטליכע וואָכען צו געפינען אַ הלכה פּסוקה, און לאָמיר הערען זיין תשובה.

האָט דער רב געווענדעט זיך צום פרעמדען.

— היות איר האָט געזאָגט, אַז איר זייט אַ למדן און גאון און איר האָט פאַרזיכערט, אַז איר קאָנט פאַרענטפערען יעדען גע־פרעגטען עניין חמור, וויל איך טאַקע אייך פרעגען אַ האַרבע שאלה.

עס האָט אין שטעטעל ביי אונז פּאַסירט, אַז אַ פאַרהייראַטער מאַן איז אַוועקגעגאַנגען למרחקים. צוועלף חדשים פון דעם טאָג וואָס ער

האָט פאַרלאָזט זיין בגי בית, האָט זיין פרוי געבוירען אַ קינד. טענה'ט דער מאַן אַז דאָס קינד איז ניט זייגס און ער וויל גט'ן זיין פרוי. די פרוי וויינט און קלאָגט, אַז זי האָט מיט קיין צווייטען מאַן ניט געהאַט צו טאָן, נאָר זי איז געווען מעוברת צוועלף חדשים. אויב מיר זאָלען זאָגען אַז אַ פרוי קען זיין מעוברת צוועלף חדשים, איז דאָס קינד אַ כשר קינד און דער מאַן קען ניט גט'ן זיין פרוי. אָבער ווען מיר זאָגען אַז אַ קינד קען זיך ניט אויפהאַלטען אין דער מוטער'ס לייב קיין צוועלף חדשים, איז דאָס קינד פון אַ פרעמדען מאַן און די פרוי דאַרף קריגען אַ גט.

האָט דער רבי ר' זוסיא מיט אַ שמייכעל אויסגעהערט דעם רב און אָבגעענטפערט, אַז דער פסק הלכה איז גאָר ניט אַזוי שווער, דעם פסק געפינט מען אין דער הגדה של פסח.

— אין דער הגדה של פסח? — האָט דער רב מיט התפעלות געפרעגט.

האָט ר' זוסיא אויפגעמישט אין דער הגדה דעם פזמון „ובכן ויהי בחצי הלילה" און אָנגעוויזען אויפ'ן חרוז „דנת מלך גרר בחלום הלילה" אַזוי דערקלערט.

דער דאָזיגער חרוז איז באַגרינדעט אויפ'ן מאמר המדרש, אַז אונזער מוטער שרה איז אַוועקגענומען געוואָרען צום מלך גרר, אבימלך אין דער נאַכט פון פסח. אויב מיר זאָלען זאָגען, אַז אַ קינד קען זיך ניט אויפהאַלטען במעי אמו צוועלף חדשים, פאַר וואָס האָט השי"ת געשטראָפט אבימלך'ן מיט נגעים גדולים בזו הלילה של פסח, ווייל בידוע איז דאָך יצחק געבוירען געוואָרען פסח, קומט דאָך אויס פון דעם טאָג וואָס שרה איז גענומען געוואָרען צו אבימלך'ן ביז יצחק'ס געבורט, האָט גענומען צוועלף חדשים, טאָ ווי אַזוי האָבען די ליצני הדור גאָר געקענט גלויבען, אַז „מאבימלך נתעברה שרה" און פאַר וואָס האָט גאָט געשטראָפט אבימלך'ן?

— איז טאַקע פון דאַנען געדרונגען, אַז אַ קינד קען זיך אויפ־האַלטען במעי אמו צוועלף חדשים, האָבען דערפאַר די ליצני הדור גע'חוזק'ט „מאבימלך נתעברה שרה", דאַרום האָט דער רבש"ע גע־בראַכט נגעים גדולים אויף אבימלך'ן, ווייל ער האָט גורם געווען אַז די ליצני הדור זאָלען האָבען וואָס צו רעדען. פון דעם זעהען מיר, אַז אַ פרוי וואָס איז מעוברת צוועלף חדשים, איז דאָס קינד אַ כשר קינד און דער מאַן טאָר די פרוי ניט גט'ן און אָט צוליב דעם האָט מיך דאָ געשיקט מיין רבי דער מעזריטשער מגיד...

---

## באמערקונג פון מחבר.

אין חודש אדר תש"ג במקום דירתי, לאנדאן קאנאדע, איז אין ענגלישען געריכט פארגעקומען אזא פראצעס. א יונגער לאנדאנער אפיציער איז פון די קאנאדער רעגירונג אין צייט פון דער מלחמה אריבערגעשיקט געווארען מעבר לים, קיין ענגלאנד. צוועלף חדשים נאכ'ן פארלאזען זיין היים, האט זיין פרוי געבוירען א קינד. האט דער אפיציער גע'טענה'ט אז דאס קינד איז ניט זיינס, ווייל עס קען ניט זיין אז א פרוי זאל טראגען צוועלף חדשים און האט דעריבער פאר־לאנגט דורכ'ן געריכט א גט.

דאגעגען האט די פרוי גע'טענה'ט פאר'ן געריכט, אז זי איז געווען טריי איר מאן פון דעם טאג וואס ער האט זי פארלאזט, האט ניט פארקערט מיט קיין פרעמדען מאן. עדות און משפחה פוןביידע צדדים האבען פאר'ן געריכט באשטעטיגט די פרוי'ס ארענטליכע אויפפירונג. האט דאס געריכט ארויסגערופען דאקטוירים ספעציא־ליסטען, זיי זאלען דערקלערען אויב ס'איז מעגליך א פרוי זאל זיין מעוברת צוועלף חדשים. הגם ניט אלע דאקטוירים האבען פון וויסענ־שאפטליך ביאלאגישען שטאנדפונקט צוגעגעבען אז דאס קען פאסירען, האבען אבער די מערסטע דאקטוירים דערקלערט אז עס קען זיך טרע־פען אז א קינד זאל זיך אויפהאלטען במעי אמו צוועלף חדשים און דאס געריכט האט אויף דעם סמך אבגעזאגט דעם מאן צו גט'ן זיין פרוי, דערקלערענדיג אז דאס קינד איז זיינס.

---

## חד גדיא חד גדיא

א מגיד אדער דרשן „דזבין אבא בתרי זוזא" וואס דרשנ'ט ברבים פאר געלד. ער איז מוכן צו פארקויפען דעם אבינו שבשמים פאר צוויי גילדען, דרשנ'ט ער מערסטענס תמיד דאס זעלבע חד גדיא, חד גדיא, דיזעלבע דרשות, דיזעלבע רעדעס און דיזעלבע מליצות. (ר' דוד שלמה טולטשינער).

# ל״ג בעומר

אַ מאָדערנער יונגערמאַן האָט אַ מאָל אין אַ שמועס מיט ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער אָנגעצייגט אים אַז אויך גרויסע תנאים האָבען אָפט געמאַכט טעותים. אָט האָט אַזאַ תנא ווי רבי עקיבא אַ טעות געמאַכט אין בר כוכבא, האָט אים באַצייכענט פאַר משיח, האָט נאָכ־געטראָגען אים די קליידער, גע׳דרשנ׳ט אויף אים „דרך כוכב מיעקב״.

— איך וועל דיר אָבענטפערען מיט אַ משל — האָט אים דער באַרדיטשעווער געזאָגט.

— אַ קיסר האָט געהאַט אַ בן־יחיד וואָס האָט אים געליבט ווי די אויגען אין קאָפּ. פּלוצלונג איז דער בן־יחיד געפערליך קראַנק געוואָרען. האָט מען געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים, זייערע מעדי־צינען האָבען אָבער גאָר ניט געהאָלפען. האָט מען געזעצט אַ קאָנ־סיליום פון פינף דאָקטוירים, האָט איינער פאָרגעשלאָגען, מען זאָל אויסשמירען אַ לײַלאַך מיט אַזאַ שאַרפען זאַלב, איינוויקלען אין דעם דעם חולה, אַזוי זאָל ער ליגען די גאַנצע נאַכט, וועט דאָס אָבטויטען די גיפטיגע באַצילען און אויסקורירען אים פון זיין חולאת.

דער צווייטער דאָקטאָר האָט אָבער שאַרף פּראָטעסטירט געגען אַזאַ רפואה. דער חולה איז שטאַרק אָבגעשוואַכט — האָט ער גע׳טענה׳ט — און וועט ניט קענען אויסהאַלטען די גרויסע שמערצען וואָס דער זאַלב וועט אים פאַרשאַפען.

דעם דריטען דאָקטאר איז די רפואה שטאַרק געפעלען און כדי דער קראַנקער זאָל איבער נאַכט קענען איבערטראָגען די שמער־צען, האָט ער געהייסען, מען זאָל אים געבען אַ דאָזע שלאָף געטראַנק. אויף דעם האָט דער פירטער דאָקטאר אָנגעצייגט אַז דער קראַנקער האָט אַ שוואַך האַרץ, געבען אים אַ דאָזע שלאָף געטראַנק קען ער אויף אייביג פאַרשלאָפען.

האָט דער פינפטער דאָקטאר געגעבען די בעסטע עצה. — אַלע זיינען מודה, אַז דאָס לײַלאַך מיט׳ן זאַלב איז די איינציגסטע רפואה פאַר׳ן חולה, געבען שלאָף געטראַנק צו לינדערען די שמערצען פון חולה איז אויך אַ גוטע עצה, ניט מער, ס׳איז דאָ אַ געפאַר אַז דורך

דעם וואָס מען וועט דעם חולה געבען אַ דאָזע שלאָף געטראַנק קען ער אויף אייביג איינשלאָפען. איז דאַרום מיין עצה, מען זאָל דעם קראַנקען געבען שלאָף געטראַנק אין זייער קליינע פּאָרציעס, ער וועט אָבשלאָפען אַ צוויי שעה און וועט זיך אויפכאַפּען פון די שמערצען, זאָל מען אים צוריק איינשלעפען פאַר צוויי שעה, אַזוי אַרום וועט ער אי־בערקומען די נאַכט בשלום און דער חולה וועט האָבען אַ רפואה שלמה.

דער רבונו של עולם איז דער קיסר. דאָס פאָלק ישראל, גאָט'ס בן יחיד, איז קראַנק. אַלע רפואות וואָס גרויסע הייליגע דאָקטוירים האָבען פאַרשריבען אויסצוקורירען דאָס קראַנקע אידישע פאָלק העלפט נישט. האָט דער רבש״ע פאַררופען די פמליא של מעלה פאַר אַ קאָנ־סיליום און ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, מ'זאָל דאָס פאָלק ישראל אַריינ־וואַרפען אין פינסטערען גלות אַזוי אַרום וועט דאָס פאָלק אויסקורירט ווערען פון זיין חולאת.

היות דאָס אידישע פאָלק איז פיזיש שוואַך, איז דאָך דאָ אַ געפאַר, אַז ס'וועט ניט קענען אויסהאַלטען די צרות, רדיפות, פאַרפאָלגונגען, ווערט דאָס פאָלק אָפט איינגעשלעפערט אין ביטערען יאוש, אין אַפּאַ־טיע, און כדי דאָס פאָלק זאָל ניט אויסגעהן אין יאוש, ווערט דאָס דורך די השגחה, פון צייט צו צייט, אויפגעוועקט מיט אַ תקוה — אַ מאָל מיט אַ פאַלשען משיח, אַ מאָל מיט אַן אַנדערע האָפענונג, כדי גרינגער צו קענען אַריבערטראָגען דאָס פינסטערע נאַכטיגע גלות לעבען, ביז די אמת'ע דערלייזונג וועט קומען.

צוליב דעם פאַרבלענדט אָפט די השגחה די אויגען אַפילו פון גרויסע געטליכע מענשען זיי זאָלען אַ טעות האָבען אין דער צייט פון דער האָפענונג און אַזאַ טעות האָט אויך געהאַט דער גרויסער תנא רבי עקיבא בעת דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא.

# שבועות

## יום המיוחס אין יחוס עצמו

מען האָט אַ מאָל פאַר שבועות געפרעגט ר' ישראל ריזשענער פאַר וואָס רופט מען יום ב' סיון יום המיוחס. אמת די וועלט זאָגט אַ טעם אַז לויט די חשבון התקופות פאַלט דער טאָג אויס יום כפור, וואָס פאַר אַ יחוס איז דאָס, ווען מען איז נאָענט פון מיוחס און אַליין איז מען ווייט פון מיוחס. אָט טענה'ט איר דאָך כסדר, הגם איר זייט אַ יחסן, האַלט איר פונדעסטוועגען פון יחוס עצמו?

— אודאי האַלט איך יחוס עצמו איז דער עיקר און איך וועל דאָס דערקלערען מיט אַ משל:

— אַ מלך האָט געהייסען פאַר זיך אויפבויען אַ קונסטבאַרען פאַלאַץ. ווען דער בנין איז פאַרטיג געוואָרען, האָט דער מלך אויס־געקליבען די בעסטע פיר מאָלער פון זיין מדינה און געהייסען יעדען מאָלער באַזונדער אויפמאָלען אַ קונסט בילד אויף אַ וואַנט.

האָבען דריי מאָלער תיכף גענומען זיך צו דער אַרבייט. זיי האָבען אויסגעמאָלט וואונדערבאַרע אַרטיסטישע קונסט־בילדער אויף די דריי ווענט. ווען זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען, האָט דער פירטער מאָלער וואָס האָט די גאַנצע צייט גאָר ניט געטאָן נאָר נאָכגעפאָלגט די אַרבייט פון די דריי — געמאַכט מיט אַזאַ קאָליר פאַרב די פירטע וואַנט אויסקוקען ווי אַ ליכטיגער שפיגעל, וואָס האָט ממש אינגאַנצען אָבגעשפיגעלט די פראַכטפולע קונסט בילדער פון די דריי ווענט.

אַז דער מלך האָט באַטראַכט די אַרטיסטישע מאָלערייען פון די דריי ווענט איז ער גאָר נתפעל געוואָרען, ער האָט זיך גאָר ניט געקענט אָנזעטיגען פון די געמאָלענע שיינקייטען און געהאַלטען אין באַוואונדערען די באַגאַבטקייט פון די טאַלאַנטפולע מאָלער. ווען אָבער ער האָט דערזעהן די פירטע וואַנט איז ער מעהר ענטציקט געוואָרען, די אָבשפיגלונג פון די פירטע וואַנט איז פאַר אים געווען דער גרעס־טער וואונדער.

כך איז מיט יחוס. יחוס אבות איז טאַקע זייער אַ גוטע זאַך. דער עיקר איז אָבער יחוס עצמו. אויב דער יחסן איז זיך נוהג

בקדושה וטהרה, פראַקטיצירט דעם זעלבען דרך ווי זיינע אבות הקדושים, ווערט ער ווי יענע טייערע שפּיגעל־וואַנט וואָס שפּיגעלט זיך אין אים אָפּ דאָס לעבען און התנהגות פון זיינע אבות, און אַט אַזאַ מענש הייסט באמת אַ יחסן און אַט דאָס מיינט יחוס עצמו...

## אותיות התורה

די אותיות פון דער תורה, וואָס מיט זיי האָט דער בורא באַשאַפען די וועלט זענען בעולם הזה גלייך ווי סוחרים. מאַנכע האַנדלען מיט די סוחרים לשמה, ערליך, אויפריכטיג, אמת׳דיג ובדרך הישר, און מאַנכע האַנדלען מיט די סוחרים שלא לשמה — פאַלש, באַטריגעריש, ליגנעריש און גזלנ׳יש. (בעש״ט).

די תורה איז אין זיך כולל אַלע נקודות טובות פון דעם כלל ישראל. (ר׳ נחמן בראַצלעווער).

עמי־הארצים פרייען זיך שמחת תורה וואָס זיי האָבען געענדיגט די תורה, אידען לומדים פרייען זיך שבועות ווען זיי זענען מקבל און הויבען אָן די תורה. (ר׳ גרשון העניך ראדזינער).

היו נכונים ליום השלישי — די הכנה גופא איז געווען אַ העלפט פון קבלת התורה. דערפאַר זאָגען מיר „אלו קרבנו לפני הר סיני", און בלויז געגעבען אונז די הכנה, „ולא נתן לנו את התורה דינו". (קאָצקער).

אַלע מאָל זאָל אַ מענש זאָגען תורה אין די ראַמען פון זיין מדרגה און ניט העכער פון זיין השגה. (ר׳ נחמן בראַצלעווער).

שבועות, האָט ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אויסגעטענה׳ט זיך מיט׳ן רבונו של עולם.

— רבונו של עולם, האָסט זיך מיט אונז מתחתן געווען, ווייל מיר זיינען דיר ליב. „והייתם לי סגולה", מיר זענען מיוחסים, קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב. האָסט זיך פאַר אונז פאָרגעשטעלט אַז דו ביסט אַן עושר, ביסט רייך מיט געלד, „לי הכסף ולי הזהב נאום ד׳" — הייסט דאָס אַז מיר האָבען מיט דיר געטאָן אַ געלד שידוך. בעט איך דיך טאָקע זאָלסט אָנהאַלטען און מסלק זיין ווי דו האָסט

דיך בעת דעם שידוך מיט אונז מתחייב געווען. ווייל צו לעבען אין גלות און עקזיסטירען דארף דאס פאלק ישראל א גרויסען נדן...

---

א יונגע פרוי איז אמאל געקומען צום קאזשעניצער מגיד מיט א געוויין אז דער מאן האט געווארפען אן אומחן אויף איר, האט זי פיינט געקראגען, שרייט זי איז מיאוס.

—אפשר ביסטו טאקע שולדיג פאר וואס דיין מאן האט דיך פיינט געקראגען, ביסט אפשר טאקע מיאוס געווארען?

— וועה איז צו מיר און צו מיין לעבען — האט די יונגע פרוי הויך אויפ'ן קול זיך צעוויינט — ווען איך בין מיט מיין מאן געגאנגען אונטער דער חופה, האט ער געזאגט צו מיר, אז איך בין די שענסטע און געליבטסטע אין זיינע אויגען און איצט בין איך ביי אים מיאוס געווארען.

האט דער קאזשעניצער מגיד אויפגעהויבעןביידע הענט צום הי־מעל און אויסגעשריען:

— רבונו של עולם! ווען די אידען האבען געזאגט „נעשה ונשמע" האסטו זיי אנגעטאן קרוינען אויף די קעפ, האסט זיי גערופען גוי קדוש, עם סגולה, אז נאר זיי האסטו אויסדערוועהלט פון אלע אומות און יעצט זענען מיר ביי דיר נמאס געווארען, האסט אן אומחן אויף אונז געווארפען — צור ישראל, קומה בעזרת ישראל!

---

„הקב"ה כפה על ישראל הר כגיגות", אפילו נאך דעם ווי די אי־דען האבען בפה אחד אויסגעשריען „נעשה ונשמע", כדי זיי זאלען ווי־סען, אז אפילו דער איד וואס האט ניט קיין חשק צו לערנען און מקיים זיין די תורה, זאל זיך אים אויסדוכטען אז א הויכער בארג הענגט איבער זיין קאפ און ער מוז בעל כרחו לערנען און היטען די תורה. (בעש"ט).

---

## ובאו כלם בברית יחד, נעשה ונשמע אמרו כאחד

בעת מתן תורה האבען די אידען אויף יעדער „מצות עשה" געזאגט „הן" און אויף יעדער „לא תעשה" „לא". היות „אנכי" „לא יהיה" בדיבור אחד נאמרו, האבען דאך די אידען ניט געוואוסט וואס צו זאגען, „הן" או „לא" „ופתחו וענו ד' אחד". (ר' שלום בעלזער).

---

## וידבר את הדברים האלה

הקדוש ברוך הוא האָט די אַלע זאַכען פון בראשית ביז מתן תורה גערעדט „לאמר" — כדי צו מאַכען הכנות ער זאָל קענען זאָגען „אנכי ד' אלקיך". (ר' ישראל ריזשענער).

---

## וירא העם וינועו ויעמדו מרחוק

מען קען זעהן, מען קען זיך שאָקלען און דאָך שטעהן פונ־דערווייטענס. (קאָצקער).

---

צוליב דעם וואָס די מלאכים האָבען זיך גרויס געהאַלטען, פרעגענדיג משה'ן „מה לילוד אשה בינינו", האָבען די אידען זוכה געוועזן מקבל צו זיין די תורה מן השמים. (רבי ר' אלימלך).

---

## תורה מחזרת אחר אכסניא שלה

אַזוי ווי די ערשטע אכסניא של תורה איז געוועזן אויף דעם ענוה'דיגען הר סיני און איז געגעבען געוואָרען דורך דעם גרעסטען מענשליכען ענו — משה. אַזוי זוכט די תורה שטענדיג צו מאַכען איר אכסניא צווישען ענוים. (ר' ישראל מאדזשיצער).

---

## אשר בחר בנו מכל העמים

מילא דאָס איז גאָר קיין חידוש נישט. השי"ת וואָס מיט אים איז די חכמה והמדע, ער ווייסט די מעלות וחסרונות פון יעדען פאָלק האָט ער אונז אויסדערוועהלט פאַר זיין עם סגולה ווייל ער ווייסט די מעלות ומדרגות ישראל.

אַ גרויס חידוש אָבער איז, פון וואַנען האָבען די אידען געוואוסט די מעלות ושבח השי"ת ותורתו, וואָס זיי האָבען אים אויס־געקליבען פאַר זייער גאָט? (תולדות).

---

די וועלט זאָגט, „אַ ספר אָן אַן הקדמה איז ווי אַ גוף אָן אַ נשמה" מאַכען דעריבער אַלע מחברים הקדמות צו זייערע ספרים. לכן האָט השי"ת אויך געמאַכט אַן הקדמה צו זיין ספר — דרך־ארץ קדמה לתורה. (קאָצקער).

---

דער „תפארת שלמה", דער ראדאָמסקער, איז אַ מאָל פאַר שבועות געקומען צום קוזמירער מיט דער דעה צו פאַרבלייבען דאָרט יום טוב. האָט דער קוזמירער רבי אים אַזוי געזאָגט:

אויף דעם פסוק „וירד משה מן ההר אל העם" זאָגט רש"י „מלמד שלא היה משה פונה לעסקיו אלא מן ההר אל העם". איז דאָך אין פלוג קשה. וואָס פאַר אַנדערע עסקים אָדער מסחרים האָט דאָס משה רבינו געהאַט? איז ער געווען אַ האָלץ סוחר, אַ וואָלד סוחר, אָדער האָט ער געפירט אַנדערע מסחרים?

— דער תירוץ איז, בשעת משה רבינו האָט געדאַרפט אַרבייטען פאַר אידענ'ס וועגען, זיי מקרב צו זיין צום אויבערשטען, האָט ער דאַמאָלט זיין אייגענע עבודת הבורא ניט אין זינען געהאַט, נאָר בעיקר אַכטונג געגעבען אויף די אידען. אויב אַזוי האָט געטאָן משה רבינו, זייט־זשע איר אַזוי גוט און פאָרט אַ היים פאַר יום טוב און גיט אַכטונג אויף די אידען זיי זאָלען מקבל זיין די תורה באהבה, ביראה ובשמחה.

---

## רד העד בעם פן יהרסו

די אידען האָבען דאָך איינמאָל שוין געהערט אַזאַ אזהרה „לא תגע בו יד כי סקול יסקלנו". נאָך וואָס האָט מען זיי באַדאַרפט ווידער אַ מאָל מזהיר זיין?

— דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו משה'ן, טאָמער וועלען זיך געפינען אידען וואָס וועלען זיך וועלען מוסר נפש זיין על קדושת השם און דוקא דערנענטערען זיך צום באַרג, זאָל ער זיי וואָרענען „אל יהרסו לעלות" בלשון איסור און פון אַן איסור וועלען זיי זיכער זיך האַלטען פונדערווייטענס. (קאָצקער).

---

## אסרו חג בעבותים

גלייך ווי אַ שניידער, וואָס נייט מיט נאָדעל און פאָדים, אויב דער פאָדים האָט ניט ביים ברעג קיין קניפּעל, האָט דאָס נייען קיין ממשות נישט, ווייל דער פאָדים ציט זיך דורך, האָט זיך ניט ביי וואָס אָנצוהאַלטען. פונקט אַזוי דאַרף יעדער מענש דעם לעצטען טאָג פון יעדער יום טוב אין זיך אָנקניפּען — אָנהאַלטען די יום־טוב'דיגע אַטמאָספערע אַז זי זאָל זיך פון אים ניט אָבשיידען. (קאָצקער).

# תשעה באב

דער מנהג ביי חסידים צו מאַכען אַ סיום אין די ניין טעג — האָט דער חידושי הרי"ם דערקלערט — איז מתקן צו זיין דעם חטא פון שנאת חנם צוליב וועלכען דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרען.

די חז"ל זאָגען „צורבא מרבנן דשלים מסכת עבידנא יומא טבא לרבנן" — ענדיגט ווער אַ מסכת, זאָל ער מאַכען אַ סעודת מריעים, פאַרברענגען בחברותא און אָט דאָס איז להיפוך שנאת חנם, צוליב וועלכען דאָס בית־המקדש אין אונזער לאַנד זענען פאַרוויסט געוואָרען.

---

דער באַרדיטשעווער איז איינמאָל תשעה־באב אַרומגעגאַנגען מאַכען אַ נדבה אויף אַ דבר של מצוה. אַריינקומענדיג אין שטוב צו אַן עושר, האָט ער געטראָפען דעם עושר מיט זיין בני בית זיצען אַרום טיש און עסען געבראָטענע עופות. האָט דער באַרדיטשעווער געזאָגט צו זיי:

— אַז איר עסט איצט די הענער און היינער, ווי וועט איר נעמען כפרות ערב יום כפור...

---

אקמצא ובר קמצא חרוב ירושלים — קמצא איז דאָך דאָ אינגאַנצען אונשולדיג געווען, פאַר וואָס דערמאָנען די חז"ל זיין נאָמען צוזאַמען מיט בר קמצא וואָס דורך אים איז חרוב געוואָרען ירושלים?

— אַלס אוהב־נאמן פון דעם וואָס האָט געמאַכט די סעודה האָט קמצא ניט באַדאַרפט וואַרטען ביז מען וועט אים איינלאַדענען, ער האָט באַדאַרפט אַליין קומען און ווייל ער האָט אַזוי ניט געטאָן און דורך דעם איז אַרויסגעקומען דער אונגליקליכער טעות וואָס האָט גורם געווען חורבן ירושלים און חורבן בית־המקדש, איז דאַרום קמצא פונקט אַזוי שולדיג אין די חורבנות ווי בר קמצא. (ר"י וואָרקער).

---

צייט דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרען און די אידען זענען פאַרטריבען געוואָרען בײן האומות זענען די אידען געוואָרען „כקוף בפני אדם" — ווי אַ מאַלפע פאַר אַ מענש. פונקט ווי אַ מאַלפע אימיטירט אַלע באַוועגונגען און האַנדלונגען וואָס זי זעהט פון מענש פונקט אַזוי אימיטירען די אידען די וועגען, האַנדלונגען, התנהגות'ן פון די אומות צווישען וועלכע זיי וואוינען און לעבען. (ר' ברוך מעזשיביזשער).

---

הוי גוי חטא — ווען אַ פֿאָלק זינדיגט געגען די אידען, פֿאַר־פֿאָלגט און פּייניגט זיי. „עם" איז דאָס תמיד מחמת די אידען וואָס ווערען גערופען „עם לבדד ישכון". „כבד עון" ווייל זיי זענען פֿול מיט חטאים. (תולדות).

---

אַז אַ יום טוב פֿון די שלש רגלים פֿלעגט אויסקומען מוצש"ק האָט ר' נפתלי ראָפּשיצער צוגעאיילט דאָס זינגען זמירות ביי שלש סעודות, צוגעיאָגט דאָס בענשען, האַלטענדיג דעם כוס פֿון ברכת המזון האָט ער געזאָגט:

— שבת, שבת, דו ביסט טאַקע אַן אורח הגון, אַ שאָד דיין אַוועקגעהן, עס וואַרט אָבער אין דרויסען אַ גאָר חשוב'ער גאַסט וואָס קומט בלויז דריי מאָל אין יאָר, מוזטו דאַרום מיר מוחל זיין און אַוועקגעהן און אַריינלאָזען דעם אורח, דעם יום טוב.

איז אויסגעפאַלען תשעה באב מוצש"ק, פֿלעגט דער ראָפּשיצער מאריך זיין ביי שלש סעודות, כסדר געהאַלטען אין זינגען זמירות, זאָגענדיג:

— שבת, דו ביסט ביי מיר אַן אורח יקר ונכבד, אַ שאָד דיין אַוועקגעהן. תשעה באב, דו קאָנסט וואַרטען אין דרויסען, הלואי וואָלסטו קיינמאָל ניט געקומען, ביסט ביי מיר ניט קיין יחסן און אודאי ניט פֿון די אורחים חשובים.

---

תשעה באב בעת קינות זאָגען אין קאָזשניצער מגיד'ס בית־המדרש זענען אַריינגעקומען אַ חברה יונגע קונדסים און האָבען אָנגעהויבען וואַרפֿען דעם עולם מתפללים אויסגעטועגע שיך מיט שיש־קעס, ווי ס'איז דער מנהג אין טייל מקומות. זענען מאַנכע חסידים געוואָרען אין כעס אויף דער חוצפה און הפקרות פֿון די יונגע ווייסע חברה'ניקעס און האָבען זיי אָנגעהויבען אַרויסטרייבען פֿון בית־המדרש. האָט דער מגיד זיך אָנגעבייזערט אויף די וואָס האָבען די יונגוואַרג געטריבען און געזאָגט צו זיי:

— אויב דעם רבונו של עולם איז ניט ניחא אונזער התנהגות אין תשעה באב, האָט ער אַ ברירה, זאָל ער אים אינגאַנצען צונעמען פֿון אונז...

---

ווען איך וואָלט געווען בכח, וואָלט איך בטל געמאַכט אַלע תעניתים חוץ יום כפור און תשעה באב, ווייל יום כפור, ווער דאַרף אין אַזאַ הייליגען טאָג עסען, און תשעה באב — ווער קען דען אין אַזאַ טרויעריגען טאָג עסען? (אוהב ישראל).

# שבת נחמו

## נחמו נחמו עמי

דאָס וואָס דער רבונו של עולם רופט אונז ניט „עם סתם", נאָר „עמי" — מיין פאָלק, דאָס אַליין איז אַ טרייסט פאַר אונז. (ר' משה'לע קאזשניצער).

---

שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה — אַ מענש וואָס איז ניט פאַרטאָן אין טרדות עולם הזה, איז ניט פאַרשקלאָפט צו די תענוגי הגשמיות, באַטראַכט די וועלט מיט אָפענע ליכטיגע אויגען — דער מענש זעהט „מי ברא אלה". (רבי ר' בונם).

---

מלכות בית דוד איז איצט אַן אלמנה, ציון פאַר'יתומ'ט, דער וואָס וועט זיך מרחם זיין אויף דעם יתום ואלמנה וועט זוכה זיין צו זעהן בנחמת ציון ובמלכות בית דוד על מכונה. (באַרדיטשעווער).

---

דער ערשטער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען כדי שפעטער זאָל אויפגעבויט ווערען דאָס צווייטע בית־המקדש. דאָס בית שני איז חרוב געוואָרען כדי לעתיד זאָל אויפגעבויט ווערען דאָס בית שלישי, וואָס וועט זיין הוד והדר און וועט שוין אייביג עקזיסטירען. (ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער).

# רשימה פון חסידישע ספרים געניצט פאַר דער דאָזיגער ארבייט

### א

אמרי אלימלך: הר׳ אלימלך גראָדזיסקער
איזור אליהו: לקוטים ושיחות צדיקים
אוהל אלימלך: הר׳ אלימלך ליזענסקער
אגרא דכלה: הר׳ צבי אלימלך דינאָווער
אגרת הקודש: הר׳ מנחם מענדעל וויטעבסקער
אביר הרועים: תולדות הר׳ מסאָכאָטשאָוו
אור למאיר: הר׳ זאב וואָלף זשיטאָמער
אור המאיר: תולדות הר׳ מאיר פרימישלאַנער
אמת ואמונה: להר׳ מנחם מענדל קאָצקער
אוהב ישראל: הר׳ יהושע העשל אַפּטער
אוהל יהושע: הר׳ יהושע זשוקאָווער
אור לשמים: הר׳ מאיר אַפּטער
אבני נזר: הר׳ אברהם סאָכאָטשאָווער
אוהל נפתלי: הר׳ נפתלי ראָפשיצער
אמרי צדיקים: לקוטים ושיחות צדיקים
אמנות צדיקים: לקוטים ושיחות צדיקים
אמרי קדוש השלם: הר׳ אורי (הררץ) סטער־ליסקער
אוהל שלמה
אוהל תורה: להר׳ מנחם מענדעל קאָצקער

### ב

בית אהרן: הר׳ אהרן קאַרלינער
בוצינא דנהורא: הר׳ ברוך מעזריביזשער
בית דוד
בארות המים: הר׳ צבי הכהן רימאָנאָווער
בכי הרי״ם
בית יעקב: הר׳ יעקב איזשביצער
בית ישראל: הר׳ ישראל ריזשנער
בית פנחס
בית צדיקים.

### ג

גליא רזיא: הר׳ אברהם אהלוב

### ד

דברי אמת: הר׳ יעקב יצחק לובלינער
דרך אמונה ומעשה רב
דור דעה: הרב יקותיאל אריה קאמעלהאר
דבש השדה
דברי הרי״ם
דברי חיים: הר׳ חיים צאַנזער
דרך חסידים: להר׳ דוב בער מעזריטשער
דורש טוב
דברי יחזקאל: הר׳ יחזקאל שינאווער
דברי ישראל: הר׳ ישראל מאָדזשיצער
דברי מאיר: הר׳ מאיר׳ל פרימישלאַנער
דגל מחנה אפרים: הר׳ משה חיים אפרים סאדילקאָווער
דרך צדיקים
דברי קדושים
דעת קדושים
דובר שלום: הר׳ שלום בעלזער.

### ה

הבאר
התגלות הצדיקים
היחס מטשארנאבל.

### ו

והיה ברכה: הר׳ צבי אלימלך דינאווער.

### ז

זכרון אליעזר
זאת זכרון: הר׳ יעקב יצחק „חוזה״ מלובלין.

זכרון זאת: הר׳ יעקב יצחק „חוזה" מלובלין
זהר זהב
זכרון שמואל: הר׳ שמואל שמריה׳ אסטראָווצער
זכרון צדיק
זרע קודש: הר׳ נפתלי צבי ראפשיצער.

ח

חמדה גנוזה: הר׳ צבי הירש מייזלער
חנוכת התורה: הר׳ העשל קראָקאָווער
חידושי הרמ״ל: להר׳ משה ליב סאָסיווער
חשבה לטובה: הר׳ חנוך-העניך מאלכסנדר
חסד לאברהם: הר׳ אברהם „מלאך" טריסקער
חיי מוהר״ן: הר׳ נחמן בראסלאווער
חמדת צבי: הר׳ צבי הירש הלוי הורוויץ

י

יכבד אב: הר׳ משה מנחם וואלדמאן
יד אבישלום
יסוד התורה
ישמח ישראל: הר׳ ירחמיאל ישראל יצחק מאלכסנדר
ישמח משה: הר׳ משה טייטעלבוים
יכהן פאר: הר׳ צבי העניך בענדינער
ישראל קדושים: הר׳ צדוק הכהן.

כ

כנסת ישראל: להר׳ ישראל ריזשנער
כתר שם טוב: הר׳ ישראל בעל שם טוב
כתבים: הר׳ פנחס קאריצער.

ל

לקוטי אמרים: הר׳ אברהם מעזריטשער
לקוטי אמרים: הר׳ ברוך קאָסאָווער
לקוטי הרמ״ל: הר׳ משה ליב סאָסיווער
לקוטים קדשים
לקוטי מגדים
לקוטי מוהר״ן: הר׳ נחמן בראסלאווער
לקוטי תורה: הר׳ משה ליב סאָסיווער
לקוטי תורה: הר׳ מרדכי טשערנאָבלער.

מ

משמרת איתמר: הר׳ איתמר וואָלגעלערנטער
מעשה הגדולים
מלאכי השרת: הר׳ צדוק הכהן
מרגניתא דר׳ מאיר: הר׳ מאיר׳ל פרימישלאַנער
מלין חדתין
מקור חיים: שיחות וסיפורים יקרים מר׳ חיים צאַנזער
מקדש מעט
מעדני מלך: הר׳ אשר הורוויץ
מעלת ספורים
מאיר עינים: הר׳ מנחם נחום טשערנאָבלער
מאיר עיני הגולה: הר׳ ישכר אַלטער פאַביניצער
מבחר פנינים
מים רבים
מגיד תעלומה: הר׳ צבי אלימלך דינאָווער

נ

נפלאות אלימלך
נועם אלימלך: הר׳ אלימלך ליזענסקער
נפלאות הרב מלובלין
נפלאות היהודי: חידושי הר׳ יעקב יצחק פשיסכער
נפלאות המגיד מקאזניץ
נפלאות הרבי מבאַרדיטשיוו
מפלאות התפארת שלמה מראַדאָמסק
נפלאות הרב ר׳ בונם פשיסכער
נפלאות הצדיקים
נזר הקדש
נוצר חסד: הר׳ יצחק יהודה קאמארנער
נפלאות חדשות
נפלאות ישראל מריזין
נחמד מזהב: הר׳ יחזקאל קאַזמירער
נפת צופים: הר׳ פנחס קאריצער.

ס

ספר הזכירות
ספורי מעשיות
ספורים נפלאים ומאמרים יקרים
ספרן של צדיקים.

ע

עשר אורות
עוללות אפרים: הר׳ אפרים לינטשיצער
עין התכלת: הר׳ גרשון העניך ראדזינער
עמוד העבודה
עמוד התורה: הר׳ ברוך קאָסאָווער
עבודת ישראל: הר׳ ישראל קאזניצער מגיד
עטרת ישועה
עשר עטרות
עשר צחצחות
עשר קדושות
עירין קדישין: הר׳ ישראל ריזשנער.

פ

פרי הארץ: הר׳ מנחם מענדעל טריסקער
פרדס יוסף
פרי צדיק: הר׳ צדוק הכהן
פתגמין קדישין

צ

ציף הרי״ם
צדקת הצדיק: הר׳ צדוק הכהן
צרור החיים
צוואת בעל שם.

ק

קונטרס אחרון
קדושת הלוי: הר׳ לוי יצחק באַרדיטשיווער
קול יהודה
קהלת משה: הר׳ משה קאזשניצער
קול שמחה: הר׳ שמחה בונם פשיסכער

ר

רשפי אש: הר׳ מרדכי נישכיצער
רזין דאורייתא: הר׳ זאב זבאַריזער
רב פנינים
רמתים צופים: הר׳ שמואל שינאָווער.

ש

שפת אמת: הר׳ יהודה אריה ליב מגור
שפת אמת לקוטים: הר׳ יהודה אריה ליב מגור
שמן הטוב: הר׳ שמואל שמעלקי ניקעלש־בורגער
שושנת העמקים: הר׳ יעקב ישראל טשער־קאסער
שיחות חיים
שארית יצחק
שבחי מוהר״ן: הר׳ נחמן בראסלאַווער
שיחות מוהר״ן: הר׳ נחמן בראַסלאַווער
שיח מלאכי השרת: הר׳ צדוק הכהן
שם משמואל: הר׳ שמואל ב״ר אברהם סאָכאָטשיווער
שבט מיהודה: הר׳ אברהם איגר מלובלין
שפתי צדיקים
שבחי צדיקים
שיח שרפי קודש

ת

תולדות אדם: הר׳ יהושע אסטראָווער
תפארת בנים
תפארת הצדיקים: הר׳ שלמה גבריאל ראָזענטאַל
תפארת היהודי
תולדות הרי״ם: הר׳ יצחק מאיר נכד הרי״ם
תפארת חיים: לקוטים מהר׳ חיים מאיר יחיאל מאָגלניצער
תולדות יעקב יוסף: הר׳ יעקב יוסף מפולנאי
תפארת ישראל: הר׳ ישראל טשארטקאָווער
תניא: הר׳ שניאור זלמן ליאדירער
תהלים שפת אמת: הר׳ יהודה אריה ליב מגור
תולדות שמחה
תפארת שלמה: הר׳ שלמה הכהן ראדאָמסקער

פון זעלבען מחבר

# פון אונזער גייסטיגער חריפות

ערשטער טייל

## געדאַנקען און שטימונגען

צווייטער טייל

## אַנעקדאָטען און שיחות חולין פון גאונים וצדיקים

